איזיק הירש ווייס

# די גרינדער און בויער פון יודענטום

(דור דור ודורשיו)

אדער

## די געשיכטע פון דער תורה שבעל פה

ערשטע סעריע:

## פון גאר דער ערשטער צייט ביז חורבן בית שני

אין צוויי ביכער

בוד ב.

איבערזעצט פון

א. א. רובענטשיק

ארויסגעגעבען פון פערלאג אידיש, ניו־יארק.

תרפ"א — 1920.

# זיבעצעהנטעם קאַפּיטעל.

## הלל הבבלי, מנחם און שמאי.

דער טרויעריגער צושטאַנד<br>
פאַר הלל'ן. הלל'ס אָפּשטאַמונג<br>
און געבורטסלאַנד.

די בעסערע קרעפטען פון פאָלק זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרען אונ־
טער הירודוס'עס יאָך. די איבערקעהרענים, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט
אין דעם גאַנצען לעבען פון פאָלק, האָט שטאַרק געווירקט צו שלעכטען
אין דעם ענין פון שטודירען די תורה. פון דער ערסטער מינוט אָן, זינט
ער איז ארויף אויפ'ן טראָן, איז געשאַפען געוואָרען אַן אַטמאָספערע פון
אונזיכערהייט. זייער רוה האָט זיך געפעהלט. צאַרנדיגע טעג זיינען
אָנגעשטאַנען פאַר די געלערנטע. שמעיה און אבטליון, מיט זייער ענער־
גיע, האָבען נאָך ווי עס איז געקאָנט פאַרהיטען די געפאַהר. אָבער, מיט
זייער טויט איז דער לעצטער שיין פון זיכערקייט פארשוואונדען. דאָס
ליכט פון דער תורה האָט שוין ניט געשיינט מעהר, אַזוי ווי אַמאָל, און די
פינסטערנים האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו פיהלען. די דאָזיגע פינסטער־
נים איז נאָך אין צווייען פאַרשטאַרקט געוואָרען דורך דעם קאַמפּף פון
פאַרשיידענע מיינונגען, וואָס האָט ביי די פרושים גופא אויסגעבראָכען
צווישען די געלערנטע. דער סוף פון דעם אלעם איז געווען, אַז עס איז
געקומען אַ צייט, ווען דאָס שטודירען די תורה איז אין גאַנצען פאַרנאַכ־
לעסיגט געוואָרען, און די תורה שבעל פה האָט שיר ניט געהאַלטען ביים
פאַרגעסען ווערען. ווי דורך אַ וואונדער, פונקט ווי אַ זאַפטיגער בוים,
וואָס וואַקסט אויס אין אַ ווילדערנים, איז אַט אין דער צייט אויפגעשטאַ־
נען אַ גרויסער מאַן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט סיי מיט זיין ווי־
סענשאַפט, סיי מיט זיין עהרווירדיגען כאַראַקטער, און ער האָט דערגרייכט

צו דער הויכער מדרגה פון א פארזיצער אין סנהדרין. דער מאן איז געווען הלל הבבלי אדער, ווי מען האט איהם אנדערש גערופען, הלל הזקן. ער האט געוואקסען פון זעהר א געהויבענער משפחה ביי אידען. זיין פאטער האט געשטאמט פון דעם שבט בנימין, און זיין מוטערס יחוס האט זיך געצויגען אזש פון דעם בעריהמטען ישי פון בית לחם, דעם קיניג דוד'ס פאטער. זי האט געשטאמט פון שפטיה'ן, דעם קיניג דוד'ס א זוהן, וואס איז ביי איהם געבארען געווארען פון זיין פרוי אביטל (כתובות ס"ב, ירושלמי: כלאים, פרק ט', הלכה ג'). הלל איז געבארען געווארען אין בבל, און דעריבער האט מען איהם גערופען הלל הבבלי (פסחים ס"ו, סוכה כ'). די צייט, ווען ער איז געבארען געווארען, לאזט זיך ניט בעשטימען גענוי. דאס איז געווען אן ערך די לעצטע צייט פון דעם זיבעטען יאהרהונדערט אין דעם פערטען טויזענט (א).

**דער צושטאנד פון**
**דער תורה אין בבל.**

ווי עס ווערט דערצעהלט, האט הלל אין בבל געהאט א ברודער, א סוחר, מיט'ן נאמען שבנה. יענער האט הלל'ן געוואלט צונעהמען פאר א שותף אין זיין געשעפט, אבער הלל האט נאר חשק געהאט צום לערנען, און דעריבער האט ער זיך פון שותפות ענטזאגט (סוטה כ"א). ער האט פארלאזען זיין ברודער און איז אוועק קין ירושלים, כדי צו הערען תורה פון שמעיה און אבטליון. דערפון זעהט מען, אז אין יענער צייט זיינען אין בבל קיין גרויסע ישיבות ניט געווען. פריהער, אין דער צייט פון גלות, האט די תורה דוקא אין בבל געפונען א פרוכטבארען באדען. אין ארץ ישראל איז די תורה צוריקגעבראכט געווארען און זי איז דארטען אויף דאס נייע פארפלאנצט געווארען דוקא דורך די מענשען פון בבל, וואס האבען זיך אומגעקעהרט אהינצו. אז גאט האט געהאלפען, די אידען זיינען אויסגעלייזט געווארען פון גלות. דאס איז אבער אלץ געוועזען אמאל. איצטער זיינען געווען גאנץ אנדערע צייטען. אין דעם פראצעס פון שטודירען די תורה האט זיך אלצדינג געענדערט. די נייע פארמען, וואס דער דאזיגער פראצעס האט אנגענומען, האבען איהם געמאכט אפ־הענגיג פון ארץ ישראל. דער גרעסטער טייל הלכות און דרש'ען זיינען אין ארץ ישראל געבארען געווארען; זייערע אלע תקנות און גזירות זיינען ארויסגערופען געווארען דורך אזעלכע פאסירונגען, וואס זיינען פארגעקומען ביי זיי אין ארץ ישראל; נאר די דארטיגע אומשטענדען

האבען דיקטירט זייער נויטיגקייט. אחוץ דעם, איז כל זמן דער בית המקדש איז געשטאנען, האט דאך איטליכער איד מיט'ן גאנצען הארצען געגלויבט אין דעם גרונד־פרינציפ, אז „פון ציון דארף די תורה ארויסקו־מען" (כי מציון תצא תורה). קיין שום דרש, קיין שום גדר אדער הלכה האט ניט געהאט קיין צווינגענדע קראפט, כל זמן דאס איז ניט אפגע־שטימט געווארען און ניט אנגענומען געווארען ענדגילטיג פון דעם גרוי־סען בית דין, וואס איז געזעסען אין דעם שטיינערנעם זאל (לשכת הגזית) (1). עס איז דעריבער פארשטענדליך, אז אין בבל איז דאמאלסט ניט געווען און עס האט ניט געקאנט זיין קיין צענטער אויף צו שטודירען די תורה. און עס איז טאקי פון יענער צייט צו אונז ניט דערגאנגען קיין ברעקעל ידיעה וועגען וועלכע עס איז אויפטואונגען פון די בבל'ער אידען אין דעם ענין פון דרשנ'ען די תורה. מיר ווייסען, אז די בבל'ער אידען האבען זיך אין יעדער הינזיכט געפיהרט זעהר אידישליך: זיי פלעגען אפהיטען שטרענג, מיט אלע פיצעווקעס, די דינים פון שבת; זיי פלעגען ארײנשיקען זייערע שקלים אין ירושלים; זיי פלעגען צושיקען אהינצו קרבנות און פארשיידענע נדבות. אבער, אז זיי זיינען געווען שטארק אריינגעטאן אין לערנען די תורה, אזא זאך ווערט ערגעץ ניט דערמאהנט. פארקעהרט, אז זיי האבען אין יענער צייט אין בבל קנאפ וואס די תורה געלערנט, אויף דעם האבען מיר יע א שטיקעל בעוויז. דאס איז די מעשה מיט איזאטעס'ן (זוטוס, ווי ער ווערט אנגערופען אין מדרש רבה, בראשית, פרשה מ"ו), דעם קיניג פון אדיאבען, וואס האט צוזאמען מיט זיין מוטער אנגענומען דעם אידישען גלויבען. עס ווערט דערצעהלט, אז ער האט זיינע קינדער אוועקגעשיקט לערנען תורה אין ירושלים (יוסיפון: „אידישע אלטערטימער," בוך 20, קאפ. 2 און 3), כאטש אפילו בבל וואלט פאר איהם געווען נעהענטער. פון דערזעלביגער מעשה זעהט זיך ארויס אויך א געוויסע מיינונגס־פארשיידענהייט צווישען די בבל'ער אידען און די ירושלים'ער. ווי עס ווערט דארטען דערצעהלט, האט איזאטעס גע־האט א רבי'ן, וואס האט מיט איהם געלערנט אידישקייט. דאס איז גע־ווען א איד פון זיין לאנד, מיט'ן נאמען חנניה. ביים תלמיד מיט'ן רבי'ן איז פארגעקומען א ישוב הדעת וועגען דעם, וואס ער זאל טאן מכח מהל זיין זיך. חנניה האט דעם קיניג ערלויבט ניט גע'מהל'טערהייט אנצו־נעהמען דעם אידישען גלויבען. ער האט געזאגט, אז ניט קיין גע'מהל'טער מעג אויך גאט דינען, אבי נאר ער זאל זיין איבערגעגעבען צו דער רעליגיאן מיט'ן גאנצען הארצען. ניט אזוי איז געווען די מיינונג פון איינעם א געלערנטען מיט'ן נאמען אלעזר, וואס האט געשטאמט פון דער פרא־

ווינץ גליל אין ארץ ישראל. ער האָט דעם קיניג געזאָגט, אַז עס איז נאָך ווייניג צו וויסען, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט; עס איז נאָך ניט גענוג צו לערנען גאַנץ תורה: מען דאַרף אויך אָפּהיטען די מצוות, און זיין אַ גע'מהל'טער — דאָס איז אַזאַ פליכט, פון וועלכער קיינער קאָן זיך בשום אופן ניט בעפרייען. מען זעהט, אַז פאַר דעם בבל'ער אידען איז די אַקטיווע טאַט געווען ניט אַזוי וויכטיג. געוויס האָבען די בבל'ער אידען ביי די מצוות, וואָס פאָדערן אַן אַקטיווע טאַט, ניט אַזוי אָפּגעהיט שטרענג אַלע דעטאַלען, אַזוי ווי די אידען פון ירושלים. דאָס איז אַ שטיקעל בעוויז, אַז אויך טעאָרעטיש האָבען זיי זיך אין בבל ניט אַזוי פיעל געגריבעלט אין דער תורה, זיי האָבען זיך ניט אַזוי אינטערעסירט מיט די אַלע דעטאַלען, וואָס די סופרים האָבען פון דער תורה אַרויסגעדרונגען, ווי דאָס איז געווען ביי די ירושלים'ער אידען אין מאָדע. ווער וויים, אפשר איז טאַקי די גלייכגילטיגקייט פון די בבל'ער אידען צו געוויסע פאָרמאַליטעטען פון דער רעליגיאָן געוועזען די אורזאַכע, פאַר וואָס די ארץ-ישראל'ער אידען האָבען זיי פיינט געהאַט, און וואו נאָר עס געקומען צו רייד וועגען אַ וועלכער עס איז שטיפעריי אָדער אונאַנשטענדיגקייט, פלעגען זיי דאָס אָנהענגען רק אַן די בבל'ער (יומא ס"ו. מנחות צ"ט און ק'). עס איז יעדענפאַלס קלאָר, אַז די בבל'ער אידען זיינען אין יענער צייט ביי די ארץ-ישראל'ער פאַררעכענט געווען פאַר גאַנץ קנאַפּע למדנים. נאָר אויף אַזאַ אופן קענען מיר ערקלערען דאָס, וואָס בשעת הלל האָט מיט זיינע דרש'ען געוואָלט אויפווייזען די בני בתירה, אַז שבת איז ניט קיין אָפּהאַלט פאַר'ן קרבן פסח, האָבען זיי זיך וועגען איהם אַזוי אויסגעדריקט: מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, קאָן מען דען ערוואַרטען עפּעס רעכטס פון אַ בבל'ער? (ירושלמי: פסחים, פרק ו', הלכה א'). ניט אומזיסט האָט דער תלמוד בבלי (פסחים ס"ו) דעמדאָזיגען זאַץ פון דער ברייתא אַרויסגעוואָרפען, און ער זוכט צו בעווייזען (סוכה כ'), ווי גרוים די בבל'ער זיינען געשטאַנען אין למדות, אַז צו יעדער צייט זיינען זיי געווען די, וואָס האָבען אַריינגעבראַכט די תורה אין ארץ ישראל! קענטיג, די מעשה איז געווען פונקט פאַרקעהרט, און ביי די ארץ ישראל אידען איז דאָס געווען אַ בעוואוסטע זאַך. די שפּעטערדיגע, אָננעהמענדיג זיך פאַר דעם כבוד פון די בבל'ער, ווילען דאָס אָפּלייקענען. אָבער וואָס איז די פּעולה פון זייער אָפּלייקענען, ווען די פאַקטען ריידען געגען זיי? וואָס העלפט עס, ווען זיי ווייזען אָן, אַז צו עזרא'ס צייט האָבען זיי אין ארץ ישראל די תורה געהאַט פאַרגעסען, און עזרא האָט זי פון בבל צוריקגעבראַכט? מיט דערמיט איז נאָך גאָר ניט

בעוויזען, אז אויך די ווייטערדיגע ענטוויקלונג, וואס די תורה האט דורכ־
געמאכט פאר דער צייט פון עזרא'ן ביז הלל'ן, האט געפונען א פלאץ אין
בבל. עס נוצט אויך וועניג, ווען זיי נעהמען זיך איבער מיט הלל'ן, וואס
ער איז געוועזען פון בבל. אמת, ער האט טאקי אויף דאס נייע געגרינדעט
די תורה אין ארץ ישראל, נאכדעם ווי זי איז דארטען פארגעסען געווא־
רען. אבער, עס איז דאך קלאר, אז ער אליין האט זיין גאנצע תורה און
וויסענשאפט ניט געבראכט מיט זיך פון דער היים, ווארום ער איז צוערסט
אוועק קין ארץ ישראל מיט'ן צוועק צו שטודירען דארטען די תורה.
אויף אזאן אופן האט הלל ניט אריבערגעבראכט די תורה פון בבל אין
ארץ ישראל. פארקעהרט, נאכדעם ווי ער איז געוועזען אין ארץ ישראל און
האט דארטען געלערנט די תורה, האט ער זיך אומגעקעהרט אויף א צייט
אין בבל און האט אהינצו געבראכט די תורה. אפשר איז ער גאר גע־
וועזען דער ערסטער, וואס האט ארויסגערופען ביי די בבל'ער אן אינטערעס
צו דער תורה, און פון דאן אן ערסט האבען זיי אנגעהויבען צו לערנען.
אין א צייט ארום, בעת דער לעצטער מלחמה מיט די רוימער, זיינען איי־
ניגע געלערנטע פון ארץ ישראל, בכדי צו ראטעווען זייער לעבען, אנטלא־
פען קין בבל אדער קין מעסאפאטאמיען (ארם), וואס איז נאהענט צו בבל;
איינער פון זיי, רבי יהודה בן בתירה, האט זיך בעזעצט אין דער שטאדט
נציבין, אין מעסאפאטאמיען, און געווים זיינען נאך אנדערע געלערנטע
פון ארץ ישראל אהינצו געקומען. נאכ'ן חורבן האבען זיך ווידער איי־
ניגע געלערנטע פון ארץ ישראל בעזעצט אין דידאזיגע לענדער, צ. ב.,
חנניה, רבי יהושע'ס א ברודערס א זוהן. אלזא, דאס וואס מען האט זיך
אין בבל גענומען שטודירען די תורה, איז נאר צו פארדאנקען די פאר־
שיידענע געלערנטע, וואס זיינען אהינצו געקומען פון ארץ ישראל, אנהויבענדיג פון הלל'ן.

**הלל'ס אויסערגעוועהנליכער חשק**
**צום לערנען. א בעזונדער ערקלערונג**
**וועגען דעם צוועק פון זיין אוועקגעהן**
**קין ארץ ישראל.**

די צייט, וואס הלל האט אין ארץ ישראל פארבראכט אלס א תלמיד,
האט ער זיך זעהר פיעל אנגעליטען. ער האט געלעבט אין דחקות אין
האט געמוזט פשוט געהן ארבעטען מיט די הענט, כדי צו פארדינען זיין
לעבענסמיטעל. ער פלעגט זיך פארדינגען אויף ארבעט פון טאג און פלעגט

קריגען זעהר וועניג בעצאָהלט. אַזוי ווי ער איז אָבער געווען זעהר בע־
שיידען און זיינע בעדערפעניסען זיינען געווען קליין, פּלעגט איהם זיין
קליינער פאַרדינסט ניט נאָר סטייען אויף אַלצדינג, נאָר ער פּלעגט נאָך
דערפון עפּעס אָפּשפּאָרען. פון דעם אָפּגעשפּאָרטען פאַרדינסט פּלעגט ער
דעם וועכטער ביים טיר פון שמעיה און אבטליון'ס בית המדרש איינצאָה־
לען דעם האַלבען טרפעיק איינטריטגעלט, ווי עס האָט געקומט לויט דער
איינגעפיהרטער נאָרם. איין טאָג האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז הלל האָט
גאָרנישט פאַרדינט, און ער האָט ניט געהאַט צו בעצאָהלען דאָס איינ־
טריטגעלט אין בית המדרש. דאָס האָט איהם אָבער ניט אָפּגעהאַלטען
פון צו הערען די לעקציע. אַנשטאָט אריינצוגעהן אין בית המדרש, איז
ער אַרויפגעקראָכען אויבען און האָט זיך אַוועקגעלעגט איבער'ן פענסטער,
וואָס איז געוועזען אין דאַך פון בית המדרש, כדי ער זאָל פון דאָרטען
קענען הערען, וואָס די רביים וועלען זאָגען פאַר די תלמידים. איבער
נאַכט איז אָנגעפאַלען אַ גרויסער שנעי, אַזוי אַז זיין גאַנצער קערפּער איז
פאַרשאָטען געוואָרען אויף דריי איילען די הויך. אין דער פריה האָבען
זיך אַלע געוואונדערט, וואָס עס איז עפּעס פינסטער אין בית המדרש,
און עס ווערט גאָר ניט ליכטיג, אַזוי ווי אַלע טאָג. זיי האָבען נאָכגעזעהען
און האָבען אויסגעפונען, אַז איבער'ן פענסטער אין דאַך ליגט עפּעס אַ
מענש, און זיין קערפּער איז אין גאַנצען פאַרשאָטען מיט שנעי. מען האָט
איהם גלייך אַרונטערגענומען פון דאָרטען, און מען האָט דערזעהען, אַז
דאָס איז הלל. מען האָט איהם אַרומגעוואַשען, אויסגעריבען מיט עפּעס
און אַוועקגעזעצט אַנוואַרימען זיך אַנטקעגען אַ פייער. דאָס איז געווען
גראָד שבת, און זיי האָבען געזאָגט: צוליעב אַזאַ מאַן איז כדאי צו מחלל
שבת זיין (יומא ל"ה). אָט אַזוי גרויס איז געווען זיין דאָרשט נאָך דער
תורה. דאָס, וואָס הלל האָט אַזוי ליעב געהאַט די תורה, האָט איהם ניט
געשטערט צו אינטערעסירען זיך אויך מיט אַלע אַנדערע וויסענשאַפטען.
מען האָט אויף איהם געזאָגט, אַז ער האָט ניט דורכגעלאָזען קיין איין
איינציגע וויסענשאַפט אין דער וועלט, וואָס ער זאָל זי ניט לערנען. ער
האָט געלערנט פרעמדע שפּראַכען און אַלערליי וויסענשאַפטען, און דאָס
איז ביי איהם אַלץ געווען נאָר צוליעב דעם עצם פּראָצעס פון לערנען און
וויסען (מסכתא סופרים, פּרק ט"ז). אויף דעמזעלביגען וועג האָט ער
געפיהרט זיינע תלמידים. ער האָט זיי ערצויגען אין אַזאַ גייסט, אַז זיי
זאָלען זיך הויפּטזעכליך אינטערעסירען מיט דער תורה און פונדעסטוועגען
זאָלען זיי אויך די אַנדערע וויסענשאַפטען ניט אַוועקוואַרפען אַן אַ זייט
(סוכה כ"ח. בבא בתרא קל"ד). ווי גרויס עס איז ביי איהם געווען די

ליעבשאפט צו דער תורה. דאס זעהט מען בעזונדערס פון דעם, וואס ביי איהם איז רעכט געווען צו פארלאזען זיין היים און אוועקגעהן קין ארץ ישראל אין אזא צייט, ווען דארטען איז געווען אזוי אומרוהיג און די לאגע איז געווען העכסט אונזיכער. עס האט איהם קיין זאך ניט אפגע־האלטען, ווייל ער האט געזעהען, אז אין בבל קאן ער ניט שטילען זיין דארשט. ער האט אפילו יע געשטודירט דארטען די תורה, צי איינער אליין, צי אין חבר'שאפט מיט נאך וועלכע עס איז געלערנטע פון זיין געבורטסלאנד, אבער ער האט געוואוסט, אז דא וועט ער אין קענטעניס פון דער תורה קיינמאל ניט דערגרייכען צו אזא הויכער מדרגה, ווי עס האבען אין יענער צייט דערגרייכט די געלערנטע פון ארץ ישראל. וואס זייער מיינונג איז אין אלע פראגען געווען די ענטשיידענדע. ווי ווייט ער איז ניט געגאנגען אין דרשנ'ען די תורה, וואס פאר א הלכות ער האט ניט אפגעלערנט מיט זיינע דרש'ען, איז ער אלץ ניט געווען זיכער, אז דאס שטימט מיט דער הלכה, וואס איז אנגענומען געווארען פון דעם גרויסען בית דין אין ירושלים און וואס איז דארטען אויך דורכגעפיהרט געווארען אין דער פראקטיק. אט דאס האט איהם געטריבען צו געהן אין ארץ ישראל. אין תלמוד ווערען אנגעוויזען דריי בעזונדערע הלכות, צוליעב וועלכע הלל איז אומישנע געקומען פון בבל. איינע איז געווען וועגען דער ריינקייט און אומריינקייט פון א קרעציגען, וואס דער כהן האט איהם בעטראכט (ספרא, תזריע, פרק ט'); די צווייטע הלכה איז וועגען דעם, צי מען מעג פסח עסען מצה, וואס איז געמאכט געווארען פון נייע תבואה; די דריטע הלכה איז וועגען דעם קרבן חגיגה, וואס ווערט געבראכט אלס א צוגאב צום קרבן פסח (ירושלמי: פסחים, פרק ו', הלכה א'). וועגען די דאזיגע דריי פראגען האט ער אפגעלערנט מיט א דרש הלכות, נאר ער איז ביי זיך ניט געווען זיכער, און אין בבל האט זיך ניט געפונען קיין מענש, וואס וואלט איהם געקאנט ארויסנעה־מען פון צווייפעל: זיי האבען קיינער ניט געוואוסט, וואס פאר א בע־שלום עס האט וועגען דעם אנגענומען דער גרויסער בית דין, וואס איז געזעסען אין דער לשכת הגזית, און ווי אזוי מען האט זיך אין דעם פרט פאקטיש נוהג געווען אין ירושלים. ווען זיי זאגען, אז צוליעב די דאזיגע דריי ספקות איז הלל אוועק פון בבל, האבען זיי זיך דא געווים אויסגע־דריקט ניט אזוי פינקטליך. ער האט געווים געהאט נאך פארשיידענע ספקות פון פריהער, נאר ער האט אלץ ניט געקאנט ביי זיך פועל'ען צו־ליעב דעם צו פארלאזען זיין געבורטסלאנד. ערסט ווען ביי איהם זיינען נאך צוגעקומען די צווייפעלס וועגען די דאזיגע דריי פראגען, דאן האט

איהם אנגענומען א חשק צו געהן קיין ירושלים, און ער איז טאקי אוועק. ער האט זיך ניט געגארט אין דער האפענונג. עס האט זיך אויסגעלאזען, אז זיינע דרש'ען האבען געשטימט מיט דער אנגענומענער הלכה, און אז ער איז געקומען, האט ער אויף זיינע דרש'ען געקראגען א בעשטעטיגונג (דערזעלביגער ארט אין ירושלמי). אין אזא סארט פערלעגענהייט פלעגען אפטמאל ארייגפאלען די געלערנטע, וואס זיינען געזעסען אין בבל. פארגלייכענדיג איין פאל מיט אן אנדערען, אן עהנליכען פאל, פלעגען זיי אפלערנען פארשיידענע זאכען. זיי האט זיך געדוכט, אז זייערע דרש'ען זיינען ריכטיג און זיי שטעהען אויף אזא פעסטען באדען, אז קיינע שטורמווינטען אין דער וועלט וועלען זיי ניט ריהרען פון ארט. און פונדעסטוועגען זיינען זיי אפטמאל געווען געצוואונגען אפצוזאגען זיך פון זייער מיינונג, איינווארפען דאס גאנצע געביידע פון זייערע אנאלאגיעס און דרש'ען, ווייל זיי האבען ניט געשטימט מיט דעם בעשלוס פון דעם גרויסען בית דין אין ירושלים, און די הלכה, וואס יענע האבען דארטען אנגענומען, איז געווען פונקט דער היפוך פון דעם, וואס די האבען דא אפגעלערנט מיט א דרש. אין א שפעטערדיגער עפאכע, נאהענט צו דער צייט פון דעם חורבן אדער באלד נאכ'ן חורבן, האט אזא זאך פאסירט מיט איינעם פון די געלערנטע, וואס האט זיך בעזעצט אין דער שטאדט נציבין. דאס איז געווען דער פריהער דערמאנטער רבי יהודה בן בתירה. שטיצענדיג זיך אויף א דרש, וואס ער האט אויסגעפונען מיט'ן מעטאד פון קל וחמר, האט ער אפגעלערנט א הלכה, אז א פרוי, וואס איז ניט קיין כהנ'ס א טאכטער, ווען זי איז פארקנאסט געווארען צו א כהן, מעג זי שוין גלייך עסען תרומה. איינער א געלערנטער פון זיינע פריינד, מיט'ן נאמען יוחנן בן בג בג, האט פארוואונדערטערהייט געשיקט אנפרעגען ביי איהם: וואס איז דאס? מען זאגט עפעס פון־דיינטוועגען, אז ניט קיין כהנ'ס א טאכטער, וואס איז פארקנאסט געווארען צו א כהן, מעג עסען תרומה! רבי יהודה האט איהם אויף דערויף אזוי געענטפערט: איך האב דיך געהאלטען פאר איינעם, וואס איז געניט אין אלע פארבארגעניסען פון דער תורה. לסוף לאזט זיך אוים, אז דו פארשטעהסט זיך אפילו ניט אויף א פשוט'ען קל וחומר! און ער האט איהם ערקלערט זיין דרש מיט'ן קל וחומר. ער האט אבער דערנאך אליין צוגעגעבען: נאר וואס קאן איך העלפען? זיי האבען דארטען גע'פסקנ'ט, אז די פרוי טאר בשום אופן ניט עסען קיין תרומה, כל זמן זי איז ניט געשטאנען אונטער דער חופה. די ארץ ישראל'ער, וואס האבען אזוי גע'פסקנ'ט, האבען זיך דא געשטיצט אויף א פסוק (במדבר י"ח), וועלכער זאגט „יעדער איינער א י ן ד י י ן

**הויז** (2) מעג עס עסען" (קידושין י'. ירושלמי: כתובות, **פרק ה',** הלכה ד'. תוספתא: כתובות, פרק ה'. ספרי: קרח, פיסקא קי"ז). **רבי** יהודה בן בתירה האט זיך דא געפונען אין דערזעלביגער לאגע, אין וועל־כער הלל האט זיך אמאל געפונען, מעהר ניט, איהם האט ניט אזוי אפ־געגאלטען, ווי הלל'ן: יענער האט גראד צוגעטראפען די הלכה און האט געקראגען אויף זיין דרש א בעשטעטיגונג, און רבי יהודה, כאטש אפילו מעארעטיש האט ער ניט געהאט קיין שום גרונד צו בעטראכטען זיין דרש פאר אפגעפרעגט און ער איז ביי זיך געבליבען גערעכט, פונדעסטוועגען האט ער זיך פון איהם פארט געמוזט אפזאגען, ווייל אין זיין צייט האט מען זיך אין ארץ ישראל נוהג געווען דוקא פארקעהרט, ווי זיין דרש האט געוויזען. אין דער אמת'ען, האט זיין דרש געשטימט גראד מיט דער אמאליגער, אלטער הלכה. ווארום פון אנהויב איז ביי זיי געווען אנגע־נומען, אז ניט קיין כהנ'ס א טאכטער, וואס איז פארקנאסט צו א כהן, מעג יע עסען תרומה, ווי זיי האבען דאס געהאט אפגעלערנט פון א פסוק. דער בית דין פון א שפעטערדיגער צייט האט בעשלאסען פארקעהרט, און אט דער פארקעהרטער בעשלוס איז אויך אפגעלערנט געווארען פון רעמזעלביגען פסוק (דערזעלביגער ארט אין ספרי און ירושלמי). געגען א בעשלוס פון דעם ארץ־ישראל'ער בית דין האט רבי יהודה בן בתירה'ס דרש זעלבסטפארשטענדליך ניט געהאט קיין ממשות (ב). מיר זעהען דא, אין וואס פאר א שווערער לאגע עס האבען זיך געפונען די דרשנים פון בבל: זיי האבען גארנישט ניט געקאנט בעשליסען, וואס זאל האבען א פראקטישע בעדייטונג, און זייערע אלע הלכות האבען קיין קיום ניט גע־האט, אויב דער בית דין פון ירושלים האט אויף דעם ניט געגעבען זיין צושטימונג. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואס הלל האט פאר־געצויגען צו בעזעצען זיך אין ירושלים און לערנען תורה פון שמעיה און **אבטליון.**

**הלל'ס ערפאלג אין ירושלים.**

**זיינע ערסטע אויפטואונגען.**

מיר ווייסען ניט גענוי, ווען און ווי לאנג הלל איז געווען **ביי זיינע** רביים א תלמיד. עס זעהט אויס, אז ער האט זיך אין מיטען **אומגעקעהרט** צוריק אין זיין לאנד. צום ערסטען מאל איז ער געקומען, ווייל ער האט געפיהלט א **בעדערפענים צו** לערנען תורה ביי שמעיה און אבטליון. **דאן**

איז ער זיכער געקומען אליין, ניט די געלערנטע פון ארץ ישראל האבען איהם איינגעלאדען, ווייל זיי האבען ביי איהם געדארפט פרעגען א הלכה (ווי מען קאן מיינען נאך דעם ראב"ד'ס ערקלערונג אין דעם אנפאנג פון זיין פירוש אויפ'ן ספרא), ווארום דאן האט ער דאך פון זיי געהערט די הלכה, ניט זיי פון איהם. אין א צייט ארום האט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין בבל. דאס איז געוויס געווען דאן, בעת הירודוס האט די גע־לערנטע פערפאלגט. שפעטער, אז עס איז געווארען שטילער, איז ער ווידער געקומען אין ירושלים. דאס איז געווען פסח צייט, ווען אלע אידען זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין ירושלים, כדי צו שעכטען דעם קרבן פסח. צווישען די אנגעקומענע איז געוועזען אויך הלל.

אין יענעם יאהר איז דער פערצעהנטער טאג אין ניסן גראד אויס־געפאלען שבת. די בני בתירה, וואס זיי זיינען געווען די פארזיצער פון סנהדרין, האבען ניט געוואוסט, צי דער קרבן פסח וועגט אריבער די הייליגקייט פון שבת אדער ניט? איינער פון די תלמידים האט זיך אויפ־געהויבען און האט געזאגט, אז א געוויסער מאן מיט'ן נאמען הלל הבבלי, וואס איז געווען א תלמיד ביי שמעיה און אבטליון, איז געקומען פון בבל, און ער וויים דעם דין, צי דער קרבן פסח וועגט אריבער דעם שבת? די בני בתירה האבען זיך אפילו א ביסעל א קרים געטאן, זאגענדיג: קאן מען דען ערווארטען עפעס רעכטס פון א בבל'ער? פונדעסטוועגען הא־בען זיי איהם געשיקט רופען. אז ער איז געקומען, האבען זיי צו איהם געזאגט: האסטו ווען געהערט, ווי מען דארף טאן, ווען דער פערצעהנטער פאלט אויס שבת: צי די מצוה פון קרבן פסח וועגט אריבער דעם שבת אדער ניט? זאגט ער צו זיי: צי דען איז ביי אונז דער קרבן פסח דער איינציגער, וואס וועגט אריבער דעם שבת? ווענעג שבת'דיגע קרבנות האבען מיר א גאנץ יאהר? אלע שבת ווערען דאך קרבנות געבראכט. און ער האט זיך גענומען זיי אויפווייזען מיט דעם מעטאד פון צוגלייכען (היקש), ווי אויך מיט די מעטאדס פון קל וחומר און גזירה שוה. אבער אויף זיינע אלע בעווייזען האבען זיי געהאט נאר איין ענטפער: מיר האבען שוין פריהער געזאגט „קאן מען ערווארטען עפעס רעכטס פון א בבל'ער?" ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ער איז מיט זיי אפגעזעסען און האט מיט זיי וועגען דעם אפגעקנעלט א גאנצען טאג, האבען זיי אלץ זיין מיינונג ניט אנגענומען, ביז ער האט זיך פאר זיי געשווארען „זאל אויף מיר קומען א שטראף, אויב איך האב דאס ניט געהערט פון שמעיה און אבטליון". ווי זיי האבען דאס דערהערט, האבען זיי זיך בערוהיגט, און זיי האבען איהם געמאכט פאר'ן פארזיצער אין סנהדרין (פסחים ס"ו,

ירושלמי: פסחים, פרק ו׳, הלכה א׳). דערפון זעהט מען, אז אין דעם ענין פון דרשנ׳ען די תורה זיינען די בני בתירה ניט געגאנגען אין דער ריכטונג, וואס שמעיה און אבטליון האבען אנגעצייכענט: זיי האבען זיך ניט געוואלט פארלאזען אויף לאגישע סברות; אזעלכע ראיות, ווי די דרש׳ען מיט דער הילף פון די בעוואוסטע מעטאדם, זיינען פאר זיי ניט געווען איבערצייגענד. זיי האבען זיך צוגעהערט צו הלל׳ס רייד ערסט דאן, ווען ער האט זיי געזאגט, אז ער האט עס בקבלה פון שמעיה און אבטליון. עס איז קלאר, אז אין דעם פונקט זיינען ביי די פרושים גופא ניט אלעמענס מיינונגען געווען גלייך: די נייע ריכטונג, וואס הלל׳ס רביים האבען איינגעשטעלט אין דעם ענין פון דרשנ׳ען די תורה, האט געהאט איהרע געגנער. אבער, ווי מיר זעהען ארויס פון דערזעלביגער מעשה, האבען פיעלע פון די געגנער, וואס האבען ניט אנגענומען די ריכטונג פון שמעיה און אבטליון, געמוזט אנערקענען, אז דער איינציגער פועל יוצא פון זייער געגנערשאפט איז געווען דאס, וואס די תורה איז ביז צו א געוויסער מדרגה פארגעסען געווארען. אז זיי האבען דאס דערזעהען, האבען זיי געוויס געוואלט פאר׳דאג׳ען אויף שפעטער, אז די אונוויסענ־הייט זאל זיך ניט פארשטארקען נאך ווייטער. נאר אויף אזאן אופן קענען מיר זיך פארשטעלען, וואס ביי זיי איז דאס צוגעגאנגען אזוי גיך: זיי האבען גלייך בעשלאסען ארונטערצוזעצען די בני בתירה פון זייער אמט, און זיי האבען הלל׳ן אוועקגעזעצט אויף זייער פלאץ. און אפשר האבען די בני בתירה אליין איינגעזעהען, אז זייער געגנערשאפט האט קיין ממשות ניט, און דעריבער האבען זיי אפגעטראטען דעם פלאץ צו א מאן, וואס האט זיך געטויגט בעסער פון זיי. עס איז טאקי זעהר וואהר־שיינליך, אז מען האט די בני בתירה גאר ניט אראפגעווארפען פון פאר־זיצערשאפט, נאר זיי אליין האבען מיט׳ן גוטען ווילען און גערן אפגעליי־דיגט דעם פלאץ פאר הלל׳ן. ווענינגסטענס, אזא לעגענדע איז אומגעגאנ־גען אין פאלק. דאס זעהט מען אויך פון די ווערטער, וואס רבי האט אמאל געזאגט אויף זיך אליין: אלץ, וואס איימיצער וועט פון מיר פאר־לאנגען, וועל איך פון־זיינטוועגען טאן, אחוץ אזא זאך, וואס די בני בתירה האבען אמאל צוליעב מיין זיידען הלל געטאן: זיי האבען זיך אפ־געזאגט פון פארזיצערשאפט און האבען אוועקגעזעצט הלל׳ן אויף זייער פלאץ. ווי דאס איז, איין זאך איז קלאר: הלל׳ס פארנעהמען דעם פלאץ פון א פארזיצער האט געבראכט דערצו, אז דאס דרשנ׳ען די תורה איז פארברייטערט געווארען און עס האט דערגרייכט צו אן אנדער מדרגה, ווי פריהער. טאקי דא אויפ׳ן ארט גופא איז הלל׳ן אויסגעקומען צו פאר־

ענטפערן נאך א צווייטע פראגע, וועלכע איז געווען פארבונדען מיט דער ערסטער. זיי האבען ביי איהם געפרעגט: וואס זאל מען אבער טאן מיט די, וואס האבען פארזאמט צו ברענגען אהערצו ערב שבת זייערע חלפים? זאגט ער צו זיי: וועגען אזא פאל האב איך געהערט א הלכה, אבער איך האב זי פארגעסען. נאר דאס מאכט ניט אויס. איהר מעגט זיך שווין אויף די אידען פארלאזען: אויב זיי זיינען אליין קיין נביאים ניט, זיינען זייערע עלטערן געווען נביאים. אויף מארגען האט דער עולם געבראכט די קרבנות. די חלפים זיינען געווען אריינגעשטעקט אין די וואל ביי די שאף אדער אנגעבונדען אן די הערנער ביי די ציגעלאך. אז הלל האט עס דערזעהען, האט ער זיך דערמאהנט די פארגעסענע הלכה און האט געזאגט, אז אזוי האט ער טאקי געהערט פון שמעיה און אבטליון. אט דער כלל, פון וועלכען מיר דערוויסען זיך דא, איז געווען איינער פון די וויכטיגסטע באזיסען פון דער תורה שבעל פה. וואס האט אייגענט־ליך ביי אט דער געלעגענהייט הלל געטאן? ער האט זיך ניט געמישט און האט געוואלט וויסען, וואס דער עולם וועט טאן, כדי צו קענען דער־נאך שטיצען זיך אויף'ן מנהג. אט דעמזעלביגען כלל האבען די געלערנ־טע פון שטענדיג אן געהאט פאר זייערע אויגען. וויפיעל געזעצען, דינים און הלכות זיינען פאראן, וואס מיר וויסען ניט, פונוואנען זיי האבען זיך גענומען, און די פארצייטיגע געלערנטע האבען דאס אויך ניט גע־וואוסט. זיי האבען געוואוסט נאר, אז אזוי איז דער מנהג. דעמדאזיגען כלל געפינען מיר ביי זיי אויסגעדריקט אין אזא פארם: ווען בית דין איז עפעס ניט שמייף ביי זיך וועגען א וועלכער עס איז הלכה און מען וויים ניט, וואס איז מיט איהר דער מעהר, דאן גיה, זעה, ווי דער עולם איז זיך נוהג, און אזוי זאלסטו טאן (ירושלמי: פאה, פרק ז', הלכה ו') (ג)..

ווי מיר זעהען ארויס פון דער דערצעהלטער געשיכטע, האבען די בני בתירה דאס לערנען די תורה זעהר פארנאכלעסיגט. הלל, וואס האט עס אליין געזעהען מיט זיינע אויגען, האט עס נאטירליך שארפער גע־פיהלט, איידער מיר קענען דאס היינט פיהלען. ער האט זיי שטארק געזידעלט דערפאר זאגענדיג: ווער איז אייך שולדיג, וואס איהר האט געדארפט אנקומען צו מיר, דעם בבל'ער? איז דאס דען ניט אייער אייגענע שולד, וואס איהר האט ניט געשטודירט ביי די צוויי וועלטבע־ריהמטע געלערנטע, שמעיה און אבטליון, וואס האבען געלעבט צווישען אייך? מיט אזעלכע אפענע רייד האט ער זיי גע'מוסר'ט — ווי דאס ווערט אנגעמערקט דייטליך אין דער דערצעהלונג — באלד נאכדעם, ווי

זיי האבען איהם געמאכט פאר א פארזיצער. וויבאלד ער איז איבער זיי געווארען דער עלטסטער, האט ער עס בעטראכט פאר זיין פליכט צו ער־קלערען זיי זיינע פלענער אויף ווייטער, אנוויייזענדיג זיי גלייכצייטיג די פעהלערן, וואס זיי האבען פ א ר איהם בעגאנגען. דער, וואס איז בערופען צו היילען די וואונדען פון א געמיינדע, מוז אויך פאר אלעמען אויפדעקען, אין וואס עס בעשטעהט די קראנקהייט און ווי אזוי מען זאל איהרע סימפטאמען דערקענען. דעריבער, כאטש אפילו ער איז פון דער נאטור געווען זעהר א ווייכער און בעשיידענער מענש און האט פון זיך גאר ניט געהאלטען, פונדעסטוועגען האט ער דאס מאל ניט געקאנט פארשווייגען און האט געמוזט אויסריידען זיין הארץ. ער האט זיי מיט גאנץ שארפע ווערטער געזידעלט פאר זייער אונוויסענהייט און פאר דער נאכלעסיגקייט, וואס האט געבראכט צו דער אונוויסענהייט. ווער וויים? בשעת ער האט זיי אויפגעווארפען דעם פעהלער און ער האט זיך פארגע־נומען דעם פעהלער צו פארריכטען, וואלט ער אפשר ניט געהאט דעם מוט צו ריידען אין אזא שארפען טאן, ווען ער וואלט זיך ניט דערמאהנט זיין גלייכווערטעל, וואס איז ביי איהם שטענדיג געווען אויפ'ן צונג: דא, וואו עס איז ניטא קיין מענשען, סטארע זיך דו כאטש זיין א מענש (אבות, פרק ב', משנה ה') (ד). אין דער אמת'ען האט זיי אין יענער צייט טאקי געפעהלט דער ריכטיגער מאן אויף צו ענטוויקלען און בע־פעסטיגען די תורה.

**הלל אין דער פארשטעלונג פון**
**דער נאכוועלט, זיינע אפאריזמען,**
**זיין כאראקטער און זיינע איבערצייגונגען.**

זעהר א הויכע מיינונג האט די נאכוועלט געהאט וועגען הלל'ן. מען האט אויף איהם געזאגט, אז ער איז פאר זיין דור געווען דאסזעלביגע, וואס עזרא איז אמאל אין זיין צייט געווען:ביידע זיינען זיי געווען די גרינדער פון דער תורה, יעדערער אין זיין דור (סוכה כ'). פונקט ווי זיין גרויסע געלעהרזאמקייט, אזוי איז אויך זיין הויכע מאראל געווען צו בעוואונדערן. ער איז געווען צווישען די תנאים דער ערסטער, ווער עס האט אפען און קלאר ארויסגעזאגט דעם געדאנק, אז דער הויפט־צוועק פון דער רעליגיאן זיינען די פליכטען, וואס די מענשען דארפען ערפילען איינער אנטקעגען דעם צווייטען, און די פארשיידענע רעליגיעזע אקטען זיינען ניט מעהר, ווי מיטלען צו דערגרייכען דעמדאזיגען צוועק. דערי־

בער האט ער די מענשענליעבע ערקלערט פאר דעם וויכטיגסטען פרינ־
ציפ פון דער אידישער רעליגיאן. אמאל איז צו איהם געקומען א גוי
און האט געוואלט מגייר זיין זיך. ער האט אבער געוואוסט, אז עס וועט
איהם זיין זעהר שווער אויסצולערנען אלע פרטים פון דער אידישער רע־
ליגיאן, ווייל זי ענטהאלט אין זיך א מאסע געזעצען. דעריבער האט ער
געוואלט וויסען נאר דעם רעכטען עיקר פון דער אידישער רעליגיאן,
און ער האט פארלאנגט, אז הלל זאל דאס איהם אויסלערנען אויף איין
פוס. הלל האט איהם גוטמוטיג און פריינדליך אויפגענומען און האט
צו איהם געזאגט : רעכט, איך וועל דיר דאס אויסלערנען אויף איין פוס.
דער רעכטער עיקר פון דער אידישער רעליגיאן איז אט וואס : דאס,
וואס דו ווילסט ניט, אז דער צווייטער זאל טאן אנטקעגען דיר, זאלסטו
אנטקעגען דעם צווייטען ניט טאן. דאס איבעריגע איז ניט מעהר, ווי
א פירוש אויף דעם. דאס געה און לערן (שבת ל״א). דערזעלביגער גייסט
פון מענשענליעבע שיינט ארויס פון אלע זיינע לעהרזאצען און אפאריז־
מען. די מענשענליעבע איז פאר איהם געוועזען דער מאסשטאב אויף
צו בעאורטיילען דעם צווייטענס האנדלונגען : ער פארזאגט, מען זאל
קיינמאל ניט אורטיילען דעם אנדערען צו שלעכטען, כל זמן מען איז
אין יענעמס לאגע אליין ניט געוועזען (אבות, פרק ב׳, משנה ד׳). צו
די מענשען, מיט וועלכע ער האט געהאט צו טאן, האט ער שטענדיג גע־
רעדט געלאסען און מילד ; וויפיעל יענע האבען איהם ניט דערעסען מיט
זייערע רייד, האט ער זיך אויף זיי גיט געבייזערט (שבת ל״א), ווייל די
ליעבע איז געווען זיין וועגווייזער אין זיינע בעציהונגען צו אנדערע
מענשען. בעזונדערס ווייט איז ער געגאנגען אין אפהיטען די פליכטען
פון מענשענליעבע אנטקעגען ארימע לייט. שטיצענדיג א ארימאן, פלעגט
ער זיך ניט בענוגענען מיט דעם נאר, צו געבען איהם דאס וויכטיגסטע,
אהן וואס א מענש קאן ניט אויסקומען. אויב דאס איז געווען אזא ארי־
מאן, וואס האט זיך אויפגעהאדעוועט אין רייכקייט און איז געוועהנט
געווארען צו א וועלכען עס איז לוקסוס, פלעגט ער איהם אויך דעם לוקסוס
פארשאפען (כתובות ס״ז. ירושלמי : פאה, פרק ח׳, הלכה ז׳). א צוויי־
טע מעלה זיינע, וואס איז געווען א לייבליכע שוועסטער צו זיין מענשענ־
ליעבע, איז געווען זיין אויסערגעוועהנליכע בעשיידענהייט, אדער עניוות.
מיט דערדאזיגער מעלה האט ער זיך אזוי אויסגעצייכענט, אז ער האט אין
דעם פרט פאר אלעמען געקאנט דינען אלס מוסטער. דעריבער איז ביי
זיי געווארען א שפריכווארט : שטענדיג זאל זיך א מענש האלטען ביי זיך
קליין, פונקט אזוי ווי הלל (שבת ל׳). ניט קיין קלענערע קראפט האט

ער ארויסגעוויזען אין זיין זעלטענער גערולדזאמקייט. וועגען דעם האָ־
בען זיך אין פאָלק ארומגעטראָגען פארשיידענע לעגענדעס: צי פון
שלעכטסקייט, צי פון נארישקייט האָבען מענשען געזוכט אמאָל ארויס־
צוברענגען איהם פון געדולד, אָבער וואָס זיי האָבען זיך מיט איהם ניט
צומאַטערט, האָבען זיי אַלץ ניט געקאָנט בייקומען זיין רוהיגקייט און
קאַלטבלוטיגקייט (שבת ל"א). אין זיין בעציהונג צו גאָט איז זיין בע־
שיידענהייט געגאַנגען נאָך ווייטער: ער האָט זיך קיינמאָל ניט געקלאָגט
און איז שטענדיג געוועזען שטייף ביי זיך אין דעם בטחון אויף גאָט. ווי
שטאַרק עס איז ביי איהם געוועזען דער בטחון, דאָס זעהט מען פון איין
ווערטעל, מיט וועלכען ער האָט זיך שטענדיג אַרומגעטראָגען. ער פלעגט
רק זאָגען: געלויבט איז גאָט היינט און אַלע טאָג! קוים האָט ער נאָר
געהאָט מיט וואָס דורכצולעבען זיך דעם היינטיגען טאָג, האָט ער וועגען
דעם מאָרגען ניט אָנגעהויבען צו דאג'ענען: פאָר מאָרגען זאָל גאָט זאָר־
גען (ביצה ט"ז). אַמאָל איז ער געוועזען אין וועג, ניט ווייט פון זיין
שטאָדט און האָט דערהערט, אַז פון דאָרטען טראָגט זיך אַ געשריי. ער
האָט זיך אָבער ניט אָנגעהויבען צו שרעקען, טאָמער האָט עפּעס פּאַסירט
אין זיין הויז: ער האָט זיך פאַרלאָזען אויף גאָט (ברכות ס'). ווי גרויס
עס איז געוועזען זיין בטחון, אַזוי גרויס און שטאַרק איז געוועזען אויך זיין
מורא פאַר גאָט; דאָס איז אָבער געוועזען אַן אַנדער סאָרט מורא: אונטער
דעם מאַנטעל פון מורא האָט ער אין האַרצען געטראָגען אַ געפיהל פון
ריינער ליעבע. ער האָט עס דעריבער געהאַלטען פאַר אונווירדיג און העס־
ליך, אַז די רעליגיעזע בעגייסטערונג זאָל זיך אויסדריקען אין אַ לייכט־
זיניגער פרעהליכקייט, אַט אַזוי, ווי מענשען מאַכען זיך אַמאָל לוסטיג
צווישען זיך, אין אַ קאָמפּאַניע פון אייגענע מענשען. ביי איהם איז
געוועזען אַ חק, אַז אין דער רעליגיעזער פרעהליכקייט טאָר ניט זיין פאַר־
מישט קיין שום פאַרשייטקייט און לייכטזיניגקייט, נאָר עס דאַרף זיין
אַן ערנסטע פרעהליכקייט, דורכגעדרונגען מיט דעם בעוואוסטזיין פון
הייליגקייט (ירושלמי: סוכה, פרק ה', הלכה ד'). אין זיינע זיטענלעה־
רענדע משלים, וואו ער פריידיגט מאָראַל און גערעכטיגקייט, מאָלט ער
פאַר אונז שטענדיג וואונדערשענע און הערליכע בילדער, וואָס לאָזען
איבער נאָך זיך אַ טיפען איינדרוק אין דעם הערערס נשמה. שילדערנדיג
דעם ליעבעסבונד צווישען גאָט און זיין פאָלק ישראל, מאָלט ער אונז אַ
צויבערהאפטעס בילד. ער שטעלט זיך פאָר, אַז גאָט זאָגט אַזוי צו זיין
פאָלק: אין דעם אָרט, וואָס איך האָב ליעב, אהינצו ברענגען מיך מיינע
פיס. אַז דו וועסט מיין הויז בעזוכען, וועל איך ברענגען מיין ברכה צו

דיר אין הויז אריין. ווען דו וועסט אבער מיין הויז ניט בעזוכען, וועל איך אויך צו דיר ניט אריינקומען (סוכה נ"ג. תוספתא: סוכה, פרק ד'). פונקט אזוי מאלעריש שילדערט ער די געטליכע גערעכטיגקייט. ער האט אמאל געזעהען א מענשליכען קאפ שווימענדיג איבער'ן וואסער. זאגט ער צו איהם: דערפאר, וואס דו האסט איימיצען דערטרונקען, האט מען דיך דערטרונקען. נאר דיינע דערטרינקער וועלען אויך סוף כל סוף דערטרונקען ווערען (אבות, פרק ב', משנה ו'). אפשר האט ער גע־האט דערביי אין זינען די פאסירונגען, וואס פלעגען פארקומען טאג טעג־ליך אין זיין צייט, אונטער הירודוס'עס הערשאפט, וואו מערדערייען און בלוט־פארגיסונגען זיינען געווען גאנץ געוועהנליכע ערשיינונגען פון אל־טעגליכען לעבען. בעטראכטען מיר די אלע זיטענלעהרען, וואס זיינען פון איהם דערגאנגען צו אונז, דאן זעהען מיר, אז ער האט פארגעצויגען די געקינסטעלטע אין לאקאנישע שפראך, וואו דער געדאנק ווערט אויס־געדריקט פארשטעלט, אזוי אז דאס קומט אויס כמעט ווי א רעטעניש. איינמאל, בשעת ער האט זיך געזעגענט מיט זיינע תלמידים, האבען יענע געפרעגט ביי איהם, וואוהין געהט ער? ענטפערט ער זיי: איך געה טאן א געפעליגקייט איינעם, אן אורח, וואס שטעהט איין ביי מיר אין הויז. אז ער האט זיי עטליכע טעג נאכאנאנד געגעבען דעמזעלביגען ענטפער, האבען זיי איהם אנגעקוקט פארוואונדערט און האבען געזאגט: ניט שוין זשע האסטו אלע טאג אן אורח אין הויז? ענטפערט ער זיי: געוויס! איז דען די נשמה, וואס זיצט נעבאך ביי מיר, אין מיין גוף, ניט געגליכען צו אן אורח? היינט איז זי דא, און מארגען איז זי פונ־דאנען אוועק (מדרש רבה: ויקרא, פרשה ל"ד). און וואס איז דאס גע־ווען פאר א געפעליגקייט, וואס ער האט זיין נשמה געטאן? ער האט געשטרעבט ווי ווייט מעגליך צו פארפאלקאמען זי. דער געדאנק, וואס ליגט אין דידאזיגע ווערטער, ווערט ביי איהם אין אן אנדער ארט אויס־געדריקט אין א גייסטרייכען אפאריזם, וואו ער מאכט דעם מענשען אויפ־מערקזאם אויף זיין פליכט צו זיין אייגענער נשמה: ער זאל איהר טאן די געפעליגקייט און פארפאלקאמען זי, ווייל אויב דער אייגענטימער וועט עס ניט טאן פאר זיך אליין, ווער זשע וועט עס פון־זיינטוועגען טאן? דעם מענשענס אייגענע אנשטרענגונג איז דא אויך ניט גענוג, בפרט נאך די אנשטרענגונג פון אנדערע. ווען דער אייגענטימער אליין זאל פאר־זאמען צו טאן דאס, קאן דערווייילע אריבער די צייט, און ווער ווייס, צי ער וועט מארגען נאך פארמעגען דיזעלביגע קראפט, אזוי ווי היינט. ער דריקט עס אויס אין א קורצען אפאריזם, עהנליך צו א רעטעניש. ער

זאָגט: אויב ניט איך אַליין, איז ווער זשע פאַר מיר? און אַז איך ביז אַליין דאָ, איז וואָס בין איך? און אויב ניט איצטער, איז ווען זשע? (אבות, פּרק א', משנה י"ד). דער לעצטער זאַץ איז נאָכ'ן אינהאַלט נאָך אידענטיש מיט אַ געוויסען זאַץ פון אַן אַנדער אַפאָריזם, וואָס מען רעכענט, אַז יענער אַפאָריזם שטאַמט אויך פון הלל'ן: זאָלסט ניט זאָגען „אַז איך וועל צייט האָבען, וועל איך לערנען", ווארום טאָמער וועסטו גאָר קיינמאָל קיין צייט ניט האָבען (אבות, פּרק ב', משנה ד'). פּונקט ווי ער ווייזט אַן אויף דעם מענשענס פליכטען צו זיין נשמה, אַזוי גיט ער אונז אויך אַ פאָרשטעלונג פון דעם מענשענס פליכטען צום גוף. ער האָט געהאַלטען, אַז דאָס איז אויך דעם מענשענס אַ פליכט ניט צו פאַרנאַכלעסיגען זיין קערפּער, נאָר זעהען צו ענטוויקלען און קרעפטיגען איהם. דער בעשאַפער, וואָס האָט געגעבען דעם מענשען דעם קערפּער, פאַרלאַנגט, אַז מיר זאָלען איהם האָדעווען, מיר זאָלען איהם אין יעדער צייט אָפּהיטען. אָט דעם געדאַנק האָט ער אויך איינגעפּאַסט אין אַ קורצען ענטפער צו זיינע תלמידים. איינמאָל, בשעת ער האָט זיך מיט זיי געזעגענט, און זיי האָבען געפרעגט, וואוהין געהט ער, האָט ער געענטפערט: איך געה פאַרדינען אַ מצוה. פרעגען זיי: וואָס פאַר אַ מצוה? זאָגט ער: איך געה אין באָד אַריין אויסוואַשען זיך. זאָגען זיי צו איהם: איז דאָס דען אַ מצוה? זאָגט ער צו זיי: געוויס! דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען נאָך גאָטס בילד. ווי אַזוי זשע זאָל ער דאָס געטליכע בילד ניט אָפּהיטען אין ריינקייט און זויבערקייט? (מדרש רבה: ויקרא, פּרשה ל"ד). דאָס מיינט ניט נאַטירליך, אַז ער האָט זיך געיאָגט נאָך קערפּערליכע פאַרגעניגענס. מיר האָבען דאָך שוין פריהער געזעהען, אַז פון קינדהייט אויף איז ער געוועהנט געווען אין אַלצדינג צו בענוגענען זיך מיט אַ ביסעל. ער האָט אויך שטרענג געוואָרענט געגען דעם יאָגען זיך נאָך קערפּערליכע פאַרגעניגענס, געגען דעם שטרעבען אָנצוזאַמלען וואָס מעהר גיטער, פרויען, דינסטען און קנעכט (אבות, פּרק ב', משנה ז').

פון אַלץ, וואָס הלל האָט אוועקגעשטעלט פאַר זיך פאַר אַ ציל, איז ביי איהם דער רעכטער עיקר געווען צו פאַרשפּרייטען די תורה. דעריבער האָט ער געזאָגט: דער, וואָס לערנט ניט די תורה, איז ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט איהם; ווער עס זוכט ניט צו פאַרגרעסערן זיינע קענטעניסען אין דער תורה, יענעמס לעבען ווערט פאַרקירצט (3). ווער עס לערנט ניט דעם אַנדערען, יענער איז ווערט, מען זאָל איהם הרג'ענען (אבות, פּרק א', משנה י"ג). דאָ ווייזט ער אָן אויף צוויי בעזונדערע זאַכען, וואָס יעדערער, ווער עס שטודירט די תורה, דאַרף שטענדיג האָ־

בען אין זינען: ערסטענס, ער טאָר קיינמאָל ניט זאָגען, אז ער האָט שוין פיעל געלערנט און דאָס איז פאַר איהם גענוג. עס דאַרף איהם קיינמאָל ניט מיאוס ווערען צו לערנען, ווייל די תורה האָט ניט קיין גרעניץ, איהר מאָס איז לענגער פון דער ערד. ווען איימיצער הערט אויף צו א געוויסער צייט צו לערנען די תורה, איז אַלץ איינס, ווי ער הערט אויף צו לעבען, ווארום די תורה — דאָס איז דער אינהאַלט פון אונזער לעבען, און דורך איהר נאָר ווערען אונזערע יאָהרען פאַרלענגערט. צווייטענס, דער, וואָס שטודירט די תורה, איז נאָך ניט יוצא דערמיט, וואָס ער לערנט אַליין. אפילו ווען ער זאָל דאָס טאָן אָהן אַן אויפהער. ער איז אויך מחויב צו לערנען די תורה מיט אַנדערע. ווער עס טוט עס ניט, יענער האָט זיך פאַרזינדיגט אַנטקעגען דעם געזעץ, און ער האָט דאָס ציל פון זיין לעבען פאַרשפילט. ווארום נאָר די תורה און די וויסענשאַפט ברענגען דעם מענשען צו גאָטספאַרכטיגקייט. אָהן וויסענשאַפט איז ניטאָ קיין פרומקייט און גאָטספאַרכטיגקייט. אַ גראָבער יונג קאָן זיך ניט שרעקען פאַר אַ זינד, און אַן עם־הארץ קאָן ניט זיין פרום (אבות, פרק ב׳, משנה ה׳). ער האָט אויך געוואָרענט אָט די, וואָס טוען אַלצדינג, אָבער ניט פון גאָטס וועגען. ער האָט געזאָגט וועגען זיי: ווער עס בענוצט זיך מיט דער קרוין (4), יענער געהט אַוועק פון דער וועלט; וועמעס נאָמען עס ווערט דערהויבען, יענעמס נאָמען געהט אונטער (אבות, פרק א׳, משנה י״ג). ווילענדיג, אַז די וויסענשאַפט זאָל זיך אַלץ מעהרען און די תורה זאָל וואָס ווייטער פאַרגרעסערט ווערען, האָט ער אויפמערקזאַם געמאַכט די קענער אויף דער נויטיגקייט צו פאַרפלאַנצען און פאַרשפרייטען די תורה. ער פלעגט צו זיי שטענדיג טענ׳ען אַזוי: אין אַ צייט, ווען יעדערער האַלט פ אַ ר זיך זיין קענטעניס, דאַן זאָלסטו זעהען צו פאַרשפרייטען. פאַרקעהרט, ווען אַלע פאַרשפרייטען זייער קענטעניס, דאַן מעגסטו זיך האַלטען דאָס דייניגע פ אַ ר זיך (ברכות ס״ג, ירושלמי: ברכות, פרק ט׳, הלכה ה׳. תוספתא: ברכות, פרק ז׳). ווער זעהט דען ניט די עהנליכקייט צווישען אָט דעם אַפאָריזם זיינעם און אַן אַנדערען, וועלכען מיר האָבען פריהער ציטירט: דאָ, וואו עס איז ניטאָ קיין מענשען, סטאַרע זיך דו כאָטש זיין אַ מענש (אבות, פרק ב׳, משנה ה׳). ער האָט טאַקי גערעכענט, אַז מען דאַרף שטענדיג נעהמען אין בעטראַכט די אומשטענדען פון דעם מאָמענט, ווארום ניט אַלע צייטען זיינען גלייך אין דעם ענין פון פאַרשפרייטען די תורה. ער האָט דעריבער געזאָגט: ווען דו זעהסט, אַז די תורה איז ביי דעם עולם בעליעבט, דאַן פאַרשפרייט זי וואָס מעהר; אויב דו לעבסט אָבער אין אַ דור, ווען די תורה איז ניט בעליעבט ביי

דעם עולם, דאן האלט זיך אפ (די פריהער אנגעוויזענע ערטער). דאס מיינט, כדי ניט מאכען די תורה צו וואכעדיג. ווען מען זאל זיך טיפער אריינטראכטען אין דעם מאמר, קאן מען פון איהם פיעל קאנסעקווענצען ארויסדרינגען. בכלל אבער זעהט מען, אז די שטימונג פון פאלק, זיינע זיטען און שטרעבונגען זיינען אין איטליכען מאמענט פאר איהם געווען א וויכ־טיגער פאקטאר, און דעריבער האט ער אין אן אנדער ארט פארזאגט: זאלסט פון דעם גאנצען עולם ניט אפשטעהן (אבות, פרק ב׳, משנה ד׳). לערנענדיג תורה מיט אנדערע, האט הלל געזוכט צו זיין טאלעראנט צו דעם אנדערענס מיינונג. ער איז ניט געווען פון יענע איינגעשפארטע, וואס קענען ניט ליידען קיין פרעמדע מיינונג און ווענדען אן די שארפסטע ווערטער אויף צו מאכען צו נישט יענעמס געדאנק. ער איז שטענדיג געווען פרידליך געשטימט און האט געזוכט מיט יעדערען אויסצוקומען מיט גוטען. אפילו ווען ער האט געוואלט אויפווייזען די ריכטיגקייט פון זיין מיינונג אנטקעגען איימיצענס אן אנדערענס מיינונג, האט ער אלץ גערעדט געלאסען. וועגען דער מעלה פון פרידענסליעבע רעדט ער אין א בעזונדער מאמר, וואו ער זאגט: דו זאלסט זיין פון אהרנ׳ס תלמידים: זאלסט האלט האבען פרידען, זאלסט שטרעבען צו פרידען, זאלסט זיין פריינדליך צו מענשען און זאלסט זיי דערנעהענטערן צו דער תורה (אבות, פרק א׳, משנה י״ב). דידאזיגע מעלה הלל׳ס שפיגעלט זיך אפ אין פיעלע לעגענדעס, וואס ווערען דערצעהלט וועגען איהם. מיר וועלען זיך דא אפשטעלען אויף איין מעשה, וואו הלל האט ווידער אן עסק מיט א גוי. אמאל איז צו איהם געקומען א גוי און האט געוואלט מגייר זיין זיך. ער האט אבער אויסגענומען א תנאי, אז ער וועט גלויבען נאר אין דער געשריבענער תורה, ניט אין דער תורה שבעל פה. הלל האט זיך אויף איהם ניט געבייזערט: ער האט איהם גלייך אריינגענומען און האט איהם מגייר געווען. דערנאך האט ער מיט איהם אנגעהויבען לערנען די אידישע רעליגיאן. ער האט זיך אבער דערביי געקליגט ביסלאכווייז צו איבער־צייגען איהם, אז דאס, וואס ער וויל אויסשליסען די תורה שבעל פה, האט ניט קיין זין. ער האט איהם בעוויזען, אז עס איז אונמעגליך צו לערנען וואס פון דעם צווייטען, אויב דער תלמיד זאל זיך ניט פאר־לאזען אויפ׳ן לעהרער און זאל ניט האבען צו איהם קיין פולען צוטרוי. און וויבאלד ער מוז יע גלויבען דעם לעהרער, האט ער שוין קיין אנדער ברירה ניט, ווי אננעהמען פאר ריכטיג אלצדינג, וואס יענער וועט איהם לערנען. אויף אזאן אופן האט שוין דער גוי אליין פארשטאנען, אז ער מוז הלל׳ן, זיין לעהרער, גלויבען אויך אין דעם פרט, אז די געשריבענע

תורה קאָן אַנדערס ניט אויסגעטייטשט ווערען, סיידען נאָר מיט דער הילף פון דער תורה שבעל פה (שבת ל"א). דער געדאַנק, וואָס ליגט אין דער לעגענדע, אַט דאָס איז, אויף וואָס ער גיט אָנצוהערענים אין די פריהער ציטירטע ווערטער: זאָלסט זיין פריינדליך צו מענשען און זאָלסט זיי דערנעהענטערן צו דער תורה. עס איז קיין שום ספק ניט, אַז הלל'ס מאַלעראַנץ — אַט דאָס איז געווען דער רעאַלער באַדען, אויף וועלכען עס האָט געקאָנט אויסוואַקסען אַזאַ מין לעגענדע. הלל איז געווען בעוואוסט, ווי אַ מאַן, וועלכער איז קיינמאָל ניט געגאַנגען מיט רוגזה אַנטקעגען די, וואָס האָבען געצווייפעלט אין דער תורה שבעל פה, נאָר ער האָט געזוכט אַן עצה צו ווירקען אויף זיי מיט גוטען און איבערצייגען זיי. אין דעם פּרט איז זיין טאַקטיק געווען גרונד־פאַרשיידען פון יענער טאַקטיק, וועל־כע זיינע פאַרגענגער פלעגען אָנווענדען אין זייער קאַמפּף געגען די צדוקים. אַט דאָס איז געווען די פּאַקטישע גרונדלאַגע פון דער לעגענדע. די לע־גענדע, ווי דער שטייגער איז, האָט די זאַך צוגעפּאַרבט; זי האָט זי בע־צירט מיט פאַנטאַסטישע קווייטען און געקינסטעלטע מאָלערייען. אויף אַזאַן אופן איז אַרויסגעקומען די דערצעהלטע געשיכטע. מיר זעהען אַרויס דערפון, אַז הלל האָט זיך מיט די צדוקים בעגאַנגען ניט אַזוי, ווי די אַמאָליגע האָבען זיך מיט זיי בעגאַנגען. יענע האָבען אַנטקעגען די צדוקים געפיהרט אַ פאַרביטערטען קאַמפּף און זיי האָבען דעריבער גאָר־נישט ניט אויפגעטאָן אין דעם זין פון איבערצייגען זיי און געווינען זיי אויף זייער זייט. אדרבה, דער קאַמפּף און די קריגערייען האָבען נאָך מעהר פאַרשטאַרקט זייער ווידערשטאַנד. אפילו בעת שמעון בן שטח האָט די צדוקים בעזיגט, האָט זיך איהם אַלץ נאָך ניט איינגעגעבען זיי צו בעקעהרען. הלל אָבער האָט זיך ניט אָנגעוואָרפען מיט גוואַלד אויף די, וואָס האָבען די תורה שבעל פה ניט געוואָלט אַנערקענען. ער האָט זיי נאָר צוגעצויגען מיט גוטע רייד און אויף אַזאַן אופן האָט ער זיי צו דער תורה דערנעהענטערט. עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, וואָס הלל האָט זיך גאָר קיינמאָל ניט נאָכגעפרעגט אויף דעם, וואָס איז צו איהם געקו־מען לערנען, ווער ער איז און וואָס ער איז פאַר אַ מענש. ער האָט יעדערען צוגעצויגען צום לערנען די תורה. ער האָט געזאָגט: פיעלע זינדיגע זיי־נען געווען צווישען די אידען, וואָס זיינען צוגעצויגען געוואָרען צום לער־נען די תורה, און פון זיי זיינען אַרויסגעקומען עהרליכע און פרומע אידען, טאַקי צדיקים (אבות דרבי נתן, פרק ב'). אַט מחמת דעם, ווייל הלל איז געגאַנגען מיט אַ פערנינפטיגען וועג און זיין איינפלוס אַלס פאַלקס־פיהרער האָט קיינער ניט געפיהלט ווי אַ יאָך, זיינען די צדוקים אין זיין

צייט אזוי ווי פארשוואונדען געווארען, און מען הערט פון זיי גאר ניט ביז מיט א דור שפעטער. ווער ווייס, וויפיעל פון זיי הלל האט אריבער־געצויגען אויף דער זייט פון די פרושים? יעדענפאלס, קיין קריגערייען זיינען ניט פארגעקומען, ווייל הלל האט זיי ניט פערפאלגט אזוי, ווי זיינע פארגענגער האבען געטאן. ערסט אין א צווייטען דור, אין דער צייט פון זיינע תלמידים און די תלמידים׳ס תלמידים, ווען צווישען די פרושים גופא איז געווארען א גרויסע שפאלטונג און זיי זיינען צוטיילט געווארען אין צוויי בעזונדערע לאגערס, אט דאן האבען זיך אויך די צדוקים אויפ־געכאפט און האבען געלאזט פון זיך הערען, פונקט ווי אמאל. אז הלל האט ניט געוואלט ארויפצווינגען אויף אנדערע זיין מיינונג, דאס ווערט אויסגעדריקט דייטליך אין איינעם פון זיינע אפאריזמען, וואו ער זאגט: זאלסט ניט זאגען עפעס אזוינס, וואס יענער קאן ניט אננעהמען, פאר־לאזענדיג זיך אויף דעם, אז סוף כל סוף וועט עס יע אנגענומען ווערען (אבות, פרק ב׳, משנה ד׳) (5). ער מיינט דא צו זאגען, אז עס איז ניט כדאי ארויסצוזאגען א מיינונג, אויב, נאך איהר אינהאלט נאך, מוז זי ביים הערער ארויסרופען א געגנערשאפט. מען דארף זיך ניט פארלאזען אויף דעם, אז אויב ער וועט עס איצטער ניט אננעהמען, וועט ער דאס אננעהמען שפעטער. מען דארף ניט מיינען, אז עס מאכט ניט אויס, ווען ער וועט עס אפילו לכתחלה אננעהמען איבער גוואלד, אבי צום סוף וועט ער דערפון זיין צופרידען. געגען אזא גאנג ווארענט אונז הלל. אין אלע צייטען איז געוועזען זיין עובדא ניט צו צווינגען דעם אנדערען, ער זאל אננעהמען זיין מיינונג. ווי א געוויסענהאפטער לעהרער, האט ער שטענדיג געזוכט אן עצה, ווי אזוי יענעם צו איבערצייגען, אויפווייזענדיג די ריכטיגקייט פון זיין מיינונג מיט לאגישע ראיות. די געדולדזאמקייט אנטקעגען די תלמידים, די ניט־אויפרעגבארקייט און געלאסענקייט, — אט דאס זיינען ביי איהם געווען די נויטיגסטע מעלות, וואס א לעהרער האט אין זיך געמוזט האבען. פארקעהרט, די שעדליכסטע זאך ביי א לעהרער איז אין זיינע אויגען געוועזען די אויפרעגבארקייט און די רוגזה. אונטער אלערליי מעגליכע אומשטענדען האט ער זיך געהיט ניט צו פאר־לירען די קאלטבלוטיגקייט און די געדולד. מיט דידאזיגע מעלות האט ער געוואונען די הערצער פון זיינע תלמידים. מיט דערמיט האט ער ביי זיי אויסגעפיהרט די מאדע פון שעמען זיך עפעס צו פרעגען, אט די מיאוסע מאדע, וואס איז דא ביי פיעלע תלמידים: זיי שעמען זיך צו פרעגען, טאמער וועט מען פון זיי לאכען. וואס לייכטער דער לעהרער ווערט אויפ־גערעגט, אלץ שעמענדיגער ווערען דורך דעם די תלמידים. אויף אפצו־

געוועהנען די תלמידים פון שעמען זיך האט זיך טאקי געפאדערט הלל'ס געדולדזאמקייט און זיין אויסערגעוועהנליכער טאקט. ער האט זעהר גע־ווארענט געגען די, וואס טוען פארקעהרט. ער האט געזאגט: א שע־מענדיגער קאן זיך ניט אויסלערנען, און א כעסן טויג ניט פאר א לעהרער (אבות, פרק ב', משנה ה'). אפשר איז דערדאזיגער מאמר געצילט גע־וועז דירעקט געגען דעם געלערנטען שמאי. ווארום יענער איז געווען א גרויסער כעסן, ווי עס דערצעהלען וועגען איהם אלע די, וואס בעשרייבען זיין לעבען. וועגען דעם וועט אונז נאך אויסקומען צו ריידען אביסעל ווייטער.

**הלל'ס קאלעגע, מנחם.**

נאכדעם ווי הלל האט פארנומען אין סנהדרין דעם העכסטען פאסט פון א פארזיצער (נשיא), איז צום צווייטען פאסט אונטער'ן טיטעל „הויפט פון געריכט" (אב בית דין) דערהויבען געווארען א געוויסער געלערנטער מיט'ן נאמען מנחם. יוסיפון דערצעהלט עפעס פון איינעם א מנחם, וואס איז געווען פון די אסיים. בעת הירודוס איז נאך געוועזען א אינ־געל, האט איהם אט דער מנחם פארויסגעזאגט, אז ער וועט ווען עס איז ווערען קיניג. אז די נבואה איז מקוים געווארען, האט זיך הירודוס אן איהם דערמאהנט, האט איהם געשיקט רופען צו זיך און האט פארלאנגט, ער זאל איהם זאגען, ווי לאנג ער וועט קיניגען. מנחמ'ס ענטפער האט דער קיניג פארשטאנען אזוי, אז ער גיט איהם גוטע האפענונגען אויף ווייטער. ער האט מנחמ'ען אפגעגעבען גרויס כבוד, האט איהם געדריקט די האנט און האט זיך מיט איהם פריינדליך געזעגענט („אידישע אלטערטימער," בוך 15, קאפ. 10). אפשר איז טאקי דערזעלביגער מנחם געווארען אב בית דין, און אפשר איז דאס געווען אן אנדערער. קיין לעבענסבעשרייבונג האבען מיר ניט ניט פון דעם, ניט פון יענעם. מיר ווייסען נאר, אז אין א קורצער צייט ארום האט מנחם פארלאזען זיין אמט אין סנהדרין. ער איז ערגעץ אוועק מיט אכציג פאר פון זיינע תלמידים, און זיי האבען פון דעם קיניג געקראגען געשאנקען. וואוהין איז ער אוועק? וואס האט ער דערנאכדעם געטאן? וואס איז געווען זיין שטרעבען? דאס אלץ איז צו אונז ניט דערגאנגען. ביי די געלערנטע פון א שפעטערדיגען דור געפינען מיר יע וועגען דעם פארשיידענע השערות. איינע ווילען האבען, אז ער האט אנגענומען עפעס א שטעלע ביים קיניג (חגיגה ט"ז). אנדערע זאגען, אז ער איז אוועק אין אן אנדער

ריכטונג, ד. ה. ער איז אראפּ פון וועג. נאָך אַ מיינונג איז דאָ, אַז ער איז ארויסגעטראַטען ניט מיט׳ן גוטען ווילען (ירושלמי: חגיגה, פּרק ב׳, הלכה ב׳). פון די אַלע השערות בעקומען מיר ניט קיין קלאָרען בעגריף וועגען דעם, וואוהין ער איז אַוועק און אויף וואָס פאַר אַ געביט ער איז דערנאָכדעם געווען טעטיג. איינס אָבער זעהט זיך אַן פון אַלעמענס רייד: אַז מנחם און זיינע תלמידים האָבען זיך אָפּגעטיילט פון די גע־לערנטע און זיי האָבען זיך עפּעס אויסגעקליבען אַ נייעם סאָרט לעבען, ניט ווי אַמאָל. מעגליך, אַז מנחם מיט זיינע תלמידים זיינען אויך געווען פון יענע געגנער, וועלכע האָבען ניט געוואָלט אַנערקענען די נייע און ברייטערע מעטאָדס פון דרשנ׳ען די תורה, וואָס זיינען אָנגענומען גע־וואָרען אין שמעיה און אבטליונ׳ס בית מדרש.

**הלל׳ס צווייטער קאָלעגע,**
**שמאי.**

אַז מנחם איז ארויסגעטראַטען, האָט שמאי פאַרנומען זיין פּלאַץ. ער האָט געהאַט אַ בייזען כאַראַקטער און פלעגט זעהר לייכט אריינקומען אין כעס. גערולדזאַמקייט און געלאַסענקייט — דאָס איז געווען ניט אין זיין נאַטור (שבת ל״א). ווען דער עולם האָט איהם אַ ביסעל דער־עסען, האָט ער דאָס ניט געקאָנט פאַרלייַדען, און ער פלעגט גלייך ארויס פון גערולד. אמת, זיין אויפערגבאַרקייט איז ניט געווען אַ סימן פון האַרטהערציגקייט אָדער פון שלעכטסקייט. כאָטש אפילו ער האָט געהאַט אַ טבע צו ווערען גיך אויפגערעגט, פונדעסטוועגען איז זיין האַרץ געווען גוט צו אַנדערע מענשען, און מיט זיינע תלמידים האָט ער זיך אויך גע־האַלטען גאַנץ פּראָסט (בבא בתרא קל״ד) (ה). אָבער נאָך אַלעמען קאָן מען דאָס פאַרט ניט אָפּלייקענען, אַז צוליעב דער קלענסטער אורזאַכע פלעגט ער אריינקומען אין כעס. אַז צו איהם איז געקומען דערזעלביגער גוי, וואָס האָט זיך געוואָלט מגייר זיין, און האָט געשטעלט אַ פאָדערונג, וואָס איז, נאָך זיין מיינונג נאָך, געווען אומערפילבאַר, האָט ער איהם פשוט ארויסגעטריבען מיט אַ שטעקען. ווען איימיצער פלעגט איהם שטעלען אַן אומזיניגע אָדער אונפּאַסיגע פראַגע, פלעגט ער יענעם גלייך אָפּזידלען (שבת ל״א). זיין אייגענע האַנדלונג איז דאָ געווען דער היפוך פון דעם, וואָס ער האָט געפּרעדיגט; ווארום ער האָט אַנדערע דוקא גע־הייסען היטען זיך פון אַזעלכע זאַכען, ווי אָנשטעלען אויף יענעם אַ בייז פּנים. ער האָט בפירוש געזאָגט: זאָלסט יעדערען אויפנעהמען מיט אַ

פריינדליכער מינע (אבות, פרק א׳, משנה ט״ו). אזא אינקאנסעקווענץ
פון זיין זייט דארף אונז ניט וואונדערן. זיין אויפרעגבארקייט האט אין
דער אמת׳ען גאר ניט געשטאמט פון שלעכטסקייט. דאס איז ביי איהם
געווען נאר א שוואכקייט. ער האט פון דער נאטור געהאט אזא טעמ־
פעראמענט, און עס האט איהם געפעהלט די קראפט זיך אליין צו בעהער־
שען. ער האט אהן שום ספק אליין געוואוסט, אז ער האט אין זיך אזא
מין פעהלער, ער האט טאקי געפיהלט די גרויסע שעדליכקייט פון דעמ־
דאזיגען פעהלער, און דעריבער האט ער אנדערע געווארענט, אז זיי זא־
לען זיך דערפון היטען. אויך זיין פרומקייט איז געווען ניט אין דער
מאס. ער האט אויף זיך אליין און אויף אנדערע אנגעווארפען א שווערע
לאסט פון אלערליי גזירות און שטרענגהייטען. עס איז רעכט געווען,
אז ער האט אמאל יום כפור ניט געוואלט געבען עסען זיינעם א קליין
קינד (יומא ע״ז). אז זיינע א שנור האט סוכות געבארען א אינגעל, האט
ער אויפגעבראכען דאס דאך איבער׳ן בעט און האט אנגעלעגט סכך, כדי
צו מזכה זיין דעם אייניקעל מיט א סוכה (סוכה כ״ח). איבערהויפט פון
אלע זיינע מנהגים זעהט מען, אז ער איז געווען א גרויסער פעדאנט אין
דעם ענין פון אפהיטען די מצוות (ביצה ט״ז). זיין נייגונג צו מאכען
אלץ גרעסערע שווערינקייטען, צוגעבענדיג רק נייע גזירות און פארשריפ־
טען האט זיך נאך פיעל בולט׳ער ארויסגעוויזען שפעטער ביי זיינע
תלמידים, ד. ה. ביי די געלערנטע, וואס זיינען ערצויגען געווארען אין
זיין בית מדרש. כמעט אין אלע הלכות זוכען זיי אלץ צו מאכען די זאך
שטרענגער און הארבער. דא זעהט מען טאקי, אז דאס עפעלע פאלט ניט
ווייט פון זיין בוים. וואס האט מיט שמאי׳ען אין לעבען פאסירט? ווע־
גען דעם זיינען צו אונז ניט דערגאנגען קיינע ידיעות. א סימן, אז ער
איז ביי זיינע צייטגענאסען געווען ניט איבעריגס בעליעבט. די שפעטער־
דיגע דורות האבען אז איהם ניט אנגעהאנגען אזעלכע לעגענדעס, ווי זיי
האבען אנגעהאנגען אן הלל׳ן, וואס יעדער שטריך פון זיין כאראקטער
איז פארהערליכט געווארען אין א לעגענדארישען בילד. פון זיין פער־
העלטנים צו הלל׳ן, פון די דיסקוסיעס צווישען זיי ביידען, פון זיינע
לעהרזאצען אין ענינים פון הלכה, איבער וועלכע עס שוועבט א בעזונדער
גייסט, — פון דעם אלעם קענען מיר דערקענען זיין שיטה אין לערנען
און דאס רוב אויך זיין כאראקטער. עס איז קלאר, אז די ביידע געלערנ־
טע, שמאי און הלל, האבען ווייט אויסגעצויגען די גרעניצען פון דער תורה
שבעל פה. בעזונדערס האט זיך אין דעם פרט אויסגעצייכענט הלל,
וועלכער האט אין דעם ענין פון דרשנ׳ען די תורה אריינגעטראגען א נייעם

גייסט. איןביידענס נעמען ווערען דערמאַהנט הלכות און דרש'ען, אָבער ניט פיעל. זייערע לעהרזאַצען זיינען געווים אַריינגעפאַלען אין איין רוב־ריק מיט די לעהרזאַצען פון זייערע תלמידים, און פון די לעצטע האָבען מיר גראַד אַ גרויסע צאַהל הלכות און אַ געוויסע צאַהל דרש'ען. איידער מיר וועלען נעהמען בעטראַכטען די איינצעלהייטען פון זייערע לעהר־זאַצען, הלכות און דרש'ען, כדי דורך דעם צו פאַרשטעהן דעם חילוק צווי־שען די ביידע ריכטונגען, מוזען מיר זיך נאָך אַמאָל אָפּשטעלען אויף די רעזולטאַטען פון הלל'ס קאָנפליקט מיט די בני בתירה, ווייל דאָס איז פאַר הלל'ן געוועזן אַ וויכטיגע אורזאַכע אויף צו פאַרברייטערן דאָס געביט פון דרשנ'ען די תורה און מיט דערמיט האָבען זיך אָנגעהויבען די מחלקות צווישען די געלערנטע אין דער צייט פון שמאי און הלל און נאָך זיי.

---

## אכצעהנטעס קאפיטעל.

### הלל׳ס און שמאי׳ס ריכטונגען אין דרש און הלכה.
### עקביא בן מהללאל.

קבלה און דרש.
הלל׳ס אויפגאבע.

פון הלל׳ס קאנפליקט מיט די בני בתירה איז קענטיג, אז דאס דרשנ׳ען די תורה איז אין יענער צייט געשטאנען נידעריג. נאכ׳ן שכל נאר און נאר די כללים פון דרש זיינען הלל׳ס ראיות געווען גאנץ שטאר־קע, און נאכ׳ן זין פון דער געשריבענער תורה האט מען אזוי טאקי גע־מוזט טייטשען. פונדעסטוועגען האבען די בני בתירה ניט געוואלט צו־הערען זיך צו זיינע ראיות, און זיי האבען זיך ניט בערוהיגט, ביז ער האט זיי ניט געזאגט, אז אזוי האט ער געהאט בקבלה פון זיינע רביים. ווי מען וויים פון ערפאהרונג, איז דאס אלע מאל א שלעכטער סימן, ווען מענשען פארלאזען זיך אהן שום קריטיק און אנאליז אויף דער טראדי־ציע און נעהמען אן פאר אן אקסיאם יעדער ווארט פון זייערע פארגענגער אפילו דא, וואו עס זיינען פאראן צווינגענדע בעווייזען געגען דעם. דאס איז א סימן, אז דער פארשונגס־גייסט איז פאראליזירט, און עס פעהלט דאס וויסענשאפטליכע שטרעבען. מיר וועלען ניט זאגען פונדעסטוועגען, אז דאס, וואס די בני בתירה האבען ניט געוואוסט פון דער הלכה, איז מחמת דעם, ווייל זיי זיינען פונקט ווי די צדוקים, געווען געניינט אויס־צוטייטשען די ווערטער פון דער תורה נאר אין דעם בוכשטאבליכען זין (ז. די פאררעדע צום פירוש „בית הבחירה" אויף פרקי אבות, פון מנחם בן שלמה מאירי). זיי זיינען ניט נאר געווען אמת׳ע פרושים, נאר זיי הא־בען נאר די טענדענץ פון די פרושים דערפיהרט ביז צו דעם לעצטען עקסטרעם. זיי האבען פעדאנטיש, מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט, אפגעהיט אלצדינג, וואס זיי האבען געהאט בקבלה פון די אמאליגע גע־

לערנטע, און דוקא ווייל זיי האבען אזוי שטארק געהאלטען פון דער טראַ־
דיציע, איז אויף אַנצונעהמען אַ געוויסע הלכה פאר זיי געווען געגוג, אז
זי זאל זיין געגרינדעט אויף אַ קבלה פון די אמאליגע געלערנטע. צי די־
זעלביגע הלכה קאָן נאָך אָפּגעלערנט ווערען אויך מיט אַ דרש פון אַ פּסוק
אָדער ניט, — דאָס האט זיי קנאפּ וואס אינטערעסירט. דער גאנצער
ענין פון דרשנ׳ען אויף אַ ברייטערען מאסשטאב די תורה — וואס איז
שמעיה און אבטליונ׳ס בית מדרש איז אוועקגעלעגט געווארען אויף דעם
דער פונדאמענט און דורך הלל׳ן האט עס דערגרייכט זיין העכערע ענט־
וויקלונג — אט דער עצם ענין איז לכתחלה ארויסגערופען געווארען דורך
דער געגנערשאפט פון די צדוקים. יענע פלעגען קומען מיט טענות צו
די פּרושים, אז די אלע קבלות, מיט וועלכע זיי האבען זיך ארומגעטראָגען,
זיינען אין גאנצען אן אויסגעטראכטע מעשה. דעריבער האבען די פּרושים
געוואלט ווייזען, אז די קבלות האבען זייער ווארצעל און פונדאמענט
אין דער געשריבענער תורה, און אזא זאך האבען זיי נאר געקאָנט אויפ־
ווייזען, דרשנ׳ענדיג די תורה אויף זייער שטייגער, מיט דער הילף פון
די מעטאדס. אפשר האבען זיי געהאפט, אז דורך דעם וועלען אויך די
צדוקים קומען צום שכל און זיי וועלען זיך בערוהיגען. בכדי צו דער־
גרייכען דעמדאָזיגען צוועק, האט זיך הלל די ערסטע זאך גענומען אריינ־
געבען אַ גייסט זיינע תלמידים און אנדערע לערנער, אז ביים שטודירען
די תורה זאלען זיי הויפּטזעכליך דאס האבען אין זינען: אויסצוגעפינען
און דערגעהן, ווי אזוי די מעהרסטע הלכות זיינען געגרינדעט אויף דער
תורה. מיט דערמיט האבען זיי געזאלט פארשטאָפּען די מיילער די
צדוקים, אז זיי זאלען ניט האבען, וואס צו ריידען געגען דער תורה שבעל
פה. מיט רעכט האבען די שפּעטערדיגע דורות הלל׳ס ווירקונג פארגליכען
מיט דער ווירקונג, וואס עזרא האט אמאל דערוויזען אין זיין צייט (סוכה
כ). הלל האט אבער פאר זיך געהאט אַ שווערערע אויפגאבע, איידער
עזרא. פארריכטען אין אַ פארטיגען גרויסען בנין די שפּאלטען און גאנץ
מאכען דאס צובראכענע איז אלע מאל שווערער, איידער נייערהויט אויס־
בויען דעם גאנצען בנין, פון פונדאמענט ביז צו דעם אויבערסטען גארן.

די כללים, ווי אזוי
צו דרשנ׳ען די תורה.

אויף צו בעגרינדען די הלכות האט זיך הלל בענוצט מיט בעשטימטע
כללים, נאך וועלכע די תורה ווערט גע׳דרשנ׳ט. עהנליכע כללים האבען

נאָך געהאַט גאָר די פּאַרצייטיגע, און דאָס פּלעגט זיי העלפן אויסטייטשן די תורה. דידאָזיגע כּללים האָבן געהייסן ביי זיי „מדות", און דאָס זיינען די יסודות, אויף וועלכע די דרש'ן זיינען געגרינדעט. זיבן אַזעלכע כּללים האָט אויפגעשטעלט הלל, און ער האָט זיי אָנגערופן מיט ספּעציפישע נעמען (א). אָט דאָס זיינען זיינע זיבן מעטאָדס, אָדער „מדות": פון אַ לייכטערן פאַל אויף אַ האַרבערן (קל וחומר); דאָסזעלביגע וואָרט ביי פאַרשיידענע ענינים (גזירה שוה); אַן ערקלערונג ביי איין ענין, וואָס ווערט אויסגענוצט פאַר אַנדערע ענינים (בנין אב); אַ ספּעציפישע באַצייכענונג, וואָס קומט נאָך אַן אַלגעמיינער באַצייכענונג (כלל ופרט); צוויי פּסוקים, וואָס באַהאַנדלען דעמזעלביגן ענין (שני כתובים); אַן ענליכע ראיה פון אַן אַנדער אָרט (כיוצא בו במקום אחר); אַ זאַך, וואָס פאַרשטעהט זיך פון דעם ענין גופא (דבר הלמד מענינו) (ב) (1). איינער פון די שפּעטערדיגע, רבי ישמעאל, האָט אויפגעשטעלט דרייצעהן כּללים אויף צו דרשנ'ען די תורה, און דאָס איז די געוועהנליכע צאָהל, וואָס איז אָנגענומען ביי די בעלי התלמוד (סנהדרין פ"ו). אויף וואָס די מעטאָדס גופא זיינען געגרינדעט, וועגען דעם ווערט גאָרנישט געזאָגט ניט אין תלמוד, ניט אין די אַנדערע ע ל ט ע ר ע ווערק פון דער תורה שבעל פה. די גאונים אין זייערע ענטפערס אויף פאַרשיידענע שאלות זאָגען, אַז די מעטאָדס האָט משה אַראָפּגעבראַכט פון באַרג סיני („ספר כריתות" פון רבי שמשון מקינון, אָפּטיילונג „בתי מדות," בית א', ט'). אַז דערדאָזיגער מיינונג האָבן זיך אָנגעכאַפּט אויך פיעלע פון די מפרשים, וואָס זיינען געווען נאָך דער צייט פון די גאונים (ג). זיי האָבן ניט אַ קלער געטאָן אַפילו, צי קאָן גאָר אַזוינס געמאָלט זיין: אַז די בעלי הגמרא און פריהער פון זיי נאָך די תנאים פון דער משנה האָבן געהאַלטען די מעטאָדס פאַר אַ הלכה למשה מסיני און פונדעסטוועגען האָבן זיי ערגעץ ניט געגעבן אויף דעם קיין ברעקעל אָנצוהערענים? אַז דער דין פון שוואַרצע רצועות צו תפילין איז אַ הלכה למשה מסיני, —אויף דעם האָבן זיי געפונען פּלאַץ צו פאַרעפענטליכען דאָס, און אויף אַן ענליכער ערקלערונג וועגען די מעטאָדס האָט ביי זיי אין דער גרויסער און ברייטער תלמוד'ישער ליטעראַטור שוין ניט געסטייעט קיין פּלאַץ, כּאַטש אַפילו דאָ האַנדעלט זיך דאָך וועגען דעם וויכטיגסטען באַזיס, אויף וועלכען די גאַנצע תורה שבעל פה איז געבויט! יע, ווען מיר זאָלען נעהמען אין באַטראַכט נאָר די קווינטעסענץ פון די מעטאָדס, דאַן קענען מיר זייער אוראַלטען יחוס ניט אָפּלייקענען. ביי די מעהרסטע פון זיי ליגט אין דעם רעכטען מיטעלפּונקט עפּעס אַ לאָגישע סברה, וואָס

דער שכל איז מחייב, און זינט די תורה איז געשריבען געווארען, איז דער שכל געווען דער אינסטרומענט, וואס האט איהר אינהאלט געהאלפען דערגעהן. אבער די מעטאדס, ווי ארגאנישע געזעצען, וואס זיינען איינ־געפאסט אין א בעשטימטער צאהל, אונטער ספעציפישע נעמען, — דאס איז שוין עפעס אנדערס. עס איז קלאר, אז הלל אדער זיינע רביים, בעטראכטענדיג די דרש'ען אויף דער תורה, וואס זיינען ביז זיי בעקאנט געווארען, האבען גענומען אנאליזירען, אויף וואס פאר אן אופן און אין וואס פאר א ריכטונג ביי די דרשנים האט דא געארבעט דער מח. זיי האבען אויסגעפונען, אז די דרש'ען באזירען אויף א בעשטימטע גע־דאנקענגאנג, וועלכער לאזט זיך אונטערברענגען אונטער אזעלכע און אזעלכע כללים. כדי צו מאכען לייכטער די זאך פאר די וויטערדיגע דרשנים, האבען זיי דידאזיגע כללים אין א געוויסען סדר צוזאמענגע־שטעלט, געגעבען זיי פאסענדע נעמען, און ביי זיי איז אויסגעקומען, אז די צאהל זייערע האט אנגעטראפען זיבען. אז דאס פארשען און דרשנ'ען האט זיך מיט דער צייט ווייטער ענטוויקעלט, זיינען צוגעקומען נאך פארשיידענע כללים, און יעדערער פון די כללים איז אויסגעצויגען גע־ווארען אין דער לענג און אין דער ברייט, אזוי אז ער איז ארוים פון די ראהמען, און וועלכע ער איז פריהער געווען איינגעשלאסען. דעריבער זעהען מיר, אז וואס ווייטער זיי זיינען אוועקגעגאנגען אין דרשנ'ען די תורה, אלץ מעהרער און מעהרער האט זיך דער כאראקטער פון די דרש'ען געענדערט. בעזונדערס ווייט און אויף א גאנץ מאדנעם אופן זיינען זיי פארקראכען אן א זייט מיט דעם מעטאד פון גזירה שוה. אין עצם איז דערדאזיגער מעטאד א גאנץ בערעכטיגטער כלל, וואס זיין לאגיק ליגט אין דער נאטור פון דער מענשליכער שפראך; ווארום אי די ווערטער זיינען דיזעלביגע, איז דאך דאס דער בעסטער בעווייז, אז דא האנדעלט זיך וועגען גלייכע ענינים, און דאס איז אייגענטליך דער רעכטער עיקר פון א גזירה שוה. דאך אבער פאדערט דער דאזיגער מעטאד גרויס פארזיכטיגקייט. מיט קיינעם פון די אנדערע מעטאדס קאן מען זיך ניט אזוי לייכט פארפלאנטערן און אריינפאלען אין טעות'ן, ווי מיט דעם מעטאד פון גזירה שוה (ירושלמי: פסחים, פרק ו, הלכה א'), ווארום גלייכע ווערטער בעגעגענען זיך זעהר אפט אין דער תורה. דעריבער האבען נאך די אמאליגע געלערנטע גע'פסקנ'ט, אז קיינער טאר ניט עפעס א נייע זאך אפלערנען אליין מיט א גזירה שוה. אין יעדער צייט איז נאר דער העכסטער בית דין בערעכטיגט דערצו (ספר „קנאת האמת" פון ר' ת. חגיז, שורש ב'), ווייל די, וואס זיצען אין אזא בית דין, זיינען דאך

געוועהנליך די גרעסטע מענשען אין זייער דור, און אויב זיי האבען דעם דרש אנגענומען, קאן מען זיך שוין פארלאזען, אז מסתמא האבען זיי ניט אריבערגעטראטען דעם גרעניץ. אבער, די געלערנטע פון די שפעטערדיגע דורות האבען אפגעלאזען דאס באנד. דאן האט מען אויסגעקוועטשט אזעלכע גזירות שוות, וואס האבען אין זיך ניט קיין ברעקעל לאגיק; אויף אזאן אופן זיינען ארויסגעקומען אזעלכע דרש'ען, וועלכע דער פשוט'ער זין פון די ווערטער שליסט אויס.

אחוץ די מעטאדס, וואס זיינען צוזאמענגעשטעלט אין א גרופע, האבען זיי געהאט נאך איינציגע, אין גרונד ריכטיגע כללים, וועלכע האבען זיי געהאלפען אויסטייטשען די תורה. דיזאזיגע כללים ווערען איינציג־ווייז דערמאהנט אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה; אויף איינציגע פון זיי געפינען מיר געוויסע אנדייטונגען אפילו ביי גאר די עלטערע (ד). אבער דאס, וואס איז געשעהען מיט דעם מעטאד פון גזירה שוה, האט פאסירט ביי זיי אויך מיט אלע איבעריגע מעטאדס און כללים, בעזונדערס מיט די כללים פון „רבוי" און „מיעוט", ד. ה. מיט די סימנים, נאך וועלכע זיי פלעגען צום געזעץ פון דער תורה וואס עס איז צוגעבען אדער, פארקעהרט, זיי פלעגען פון דעם געזעץ וואס עס איז אויסשליסען (ה). איינער פון אזעלכע מעטאדס, וואס זיינען ניט אריינגעגאנגען אין חשבון, איז געווען דער „היקש", ד. ה. דאס צוגלייכען איין ענין צו דעם אנדערען. אין זיין לעקציע, וואס ער האט געהאלטען פאר די בני בתירה (פסחים ס"ו, ירושלמי: פסחים, פרק ו', הלכה א'), האט הלל אנגעווענדט אויך א היקש. ער האט אבער צווישען זיינע מעטאדס דעם היקש ניט גע־רעכענט בעזונדער, ווייל ער געהט שוין אריין אין דעם כלל פון „דבר הלמד מענינו" („ספר כריתות", אפטיילונג „בתי מדות", בית ב', י"ג—י"ד). דער היקש, וואס הלל האט דאן אנגעווענדט, איז געווען גאנץ לאגיש. ער האט אנגעוויזען אויף דעם, אז דער קרבן פסח איז אין איין פרט גע־גליכען צו דעם קרבן תמיד: סיי דער, סיי יענער איז א קרבן צבור, ד. ה. א קרבן, וואס ווערט געבראכט פון דער גאנצער געמיינדע. היינט וויבאלד מיר ווייסען, אז פאר'ן קרבן תמיד, וואס די גאנצע געמיינדע איז מחויב צו ברענגען, איז דער שבת ניט קיין מניעה, איז די סברה מחייב, אז אזוי איז אויך דער דין ביי דעם קרבן פסח, וואס דאס איז אויך א קרבן צבור. פיעלע דרש'ען זיינען געגרינדעט אויף אזעלכע לא־גישע גלייכונגען, וואס שטימען מיט'ן פשוט'ען זין פון די ווערטער אין דער תורה (ו). מיט דער צייט אבער האט מען דעם מעטאד אנגעהויבען אנצוואווענדען אפילו אויף גרונד־פארשיידענע ענינים, אפטמאל דירעקטע

קאנטראסטען, וואס עס איז ניטא קיין שום לאגישער גרונד פאר זייער גלייכקייט. אויב נאר זיי ווערען דערמאהנט אין דער תורה אין דעמזעל־ביגען זאץ, האט מען זיי אויף דעם סמך שוין צוגעגליכען איינעם צו דעם אנדערען. צ. ב. ווען זיי ווילען אויפווייזען, אז מען קאן מקדש זיין א פרוי דורך איבערגעבען איהר א שריפטליכען אקט וועגען דעם (שטר), ברענגען זיי אויף דעם א ראיה פון דעם פסוק „און זי וועט ארויס פון זיין הויז און זי וועט געהן און וועט ווערען אן אנדער מאנס פרוי" (ויצאה מביתו והלכה והיתה לאיש אחר. דברים כ"ד). וויבאלד אין דעמזעלביגען פסוק רעדט זיך אי וועגען שיידען זיך מיט א מאן, אי וועגען גענומען ווערען צו א מאן, איז פונדאנען געדרונגען, אז פונקט ווי דאס שיידען זיך ווערט בעווירקט דורך א שריפטליכען אקט (דער גט), אזוי אויך דאס נעהמען זיך קאן בעווירקט ווערען דורך א שריפטליכען אקט (קידושין ה'. ירושלמי: קידושין, פרק א', הלכה א'. ספרי: כי תצא, פיסקא רס"ח) (ז). שפעטער איז מען אוועקגעגאנגען נאך ווייטער. מען האט אנגעהויבען צוצוגלייכען פארשיידענע ענינים איינעם צו דעם אנדערען אפילו ווען די ביידע ענינים ווערען אין דער תורה דערמאהנט אין גאר בעזונדערע פסוקים, אבי נאר דידאזיגע פסוקים שטעהען נאהענט איינער לעבען דעם אנדערען דאס האט געהייסען דרשנ'ען „סמוכים", — א מעטאד. פון וועלכען די עלטערע געלערנטע האבען קיין שום אהנונג ניט געהאט (ח). דעמזעלביגען מזל האבען געהאט אויך די איבעריגע מע־טאדס. ניט נאר זיי זיינען אפגעריסען געווארען פון זייער אורשפרינג־ליכען לאגישען באזיס, נאר מען האט זיי געלאזט פרוכפערן זיך און מעה־רען זיך; אזוי אז עס זיינען פון זיי ארויסגעקומען נייע מעטאדס, וואס די פארצייטיגע האבען זיך גאר ניט געקאנט פארשטעלען. מעהר, ווי אלע אנדערע מעטאדס, זיינען פון זייער לאגישען אינהאלט אויסגעליידיגט געווארען די כללים פון רבוי און מיעוט. אין עצם האבען אויך דידאזיגע כללים א לאגישע גרונדלאגע. עס איז קלאר, אז ווען עס געפינט זיך וואו אין דער תורה עפעס אן איבעריגער זאץ, אן ערקלערונג, וואס פארשטעהט זיך פון זיך אליין, איז דאס ניט געזאגט געווארען צופעליג, גלאט אין דער וועלט אריין, אהן א בעזונדער מיין. בפרט נאך ווען מיר האבען צו טאן מיט סטאטוטען און געזעצען: דא, ווען עס געפינט זיך עפעס אן איבעריגער טייל, זוכט יעדער קאמענטאטאר אויסצוגעפינען עפעס א בעזונדער מיין: וואס דער געזעצגעבער האט מיט דערמיט געוואלט זאגען? כדי צו אילוסטרירען דאס, לאמיר נעהמען, צ. ב., דאס געזעץ פון דער תורה, וואס הייסט ברענגען א קרבן, ווען איינער האט ניט

וויסענדיגערהויט געבראָכען אַ פליכט, וואָס ער האָט אויף זיך אליין גע־
נומען מיט אַ שבועה (ויקרא, קאַפּ. ה'). דער פּסוק זאָגט דאָרטען: ווען
אַ פּערזאָן וועט ארויסריידען מיט די ליפּען אַ שבועה אויף צו טאָן שלעכטס
אָדער גוטס, אַלצדינג, וואָס דער מענש וועט ארויסריידען מיט אַ שבועה,
און ער וועט ניט וויסענדיגערהויט געגען דעם זינדיגען... איז זאָל ער
ברענגען אַ שולד־אָפּפער צו גאָט. וואָס בעלאַנגט צו די ווערטער „אויף צו
טאָן שלעכטס אָדער גוטס", קאָן מען זיי אַנדערס ניט פאַרשטעהן, סיידען
נאָר אין דעם זין, ווי זיי ווערען אויסגעטייטשט אין תלמוד און אין
ספרא, דהיינו: אַז ער האָט געשוואָרען צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס איז
אונאַנגענעהם אָדער אַנגענעהם, צי איהם אַליין אָדער אַנדערע. אָבער וואָס
האָט דער פּסוק געמיינט מיט דעם צוזאַץ „אַלצדינג, וואָס דער מענש וועט
ארויסריידען מיט אַ שבועה"? עס איז קלאָר, אַז מיט דערמיט האָט דער
פּסוק געמיינט צוצוגעבען אויך אַזעלכע פאַרפּליכטונגען, ביי וועלכע עס
איז גאָר ניטאָ דער עלעמענט פון „אונאַנגענעהם" אָדער „אַנגענעהם" פאַר
וועמען עס איז. אי, פאַר וואָס האָט דער פּסוק דאָ אויסגעטייטשט
פריהער „אויף צו טאָן שלעכטס אָדער גוטס"? איז דאָס מחמת דעם,
ווייל לכתחלה האָט דער פּסוק אַנגעכאַפּט דעם מעהר געוועהנליכען פאַל.
אַזאַ מין פּירוש — דאָס איז דער ריכטיגער פּשט פון דעם פּסוק, און דאָ
ווערט אַנגעווענדעט דער מעטאָד פון רבוי. אויך געוויסע סימנים פון
מיעוט זיינען אין אַלגעמיין נאַטירליכע אייגענשאַפטען פון דער מענש־
ליכער שפּראַך. זיי זיינען בעזונדערס וויכטיג ביי דער אויסלעגונג פון
סטאַטוטען און געזעצען, וואו דער געזעצגעבער דריקט זיך אויס פּינקטליך:
אויב ער רעכענט אויס געוויסע פּרטים בעזונדער, מיינט ער דערמיט
אויסצושליסען אַנדערע פּרטים, וועלכע זיינען ניט אויסגערעכענט. אין
דער שפּראַך זיינען דאָך פאַראַן אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבען ניט בעצם
קיין אַנדער בעדייטונג, ווי נאָר אויסצושליסען אָדער אויסצוטיילען וואָס
עס איז פון עטליכע זאַכען, צ. ב. אַזעלכע ווערטער, ווי „נאָר" (אך, רק),
און דאָסגלייכען. עס איז אַלזאָ גאַנץ קלאָר, אַז געוויסע סימנים פון
רבוי און מיעוט זיינען אין גרונד נאַטירליכע אייגענשאַפטען פון דער
שפּראַך. מיט דער צייט אָבער זיינען אויף דעם באָדען פון רבוי און
מיעוט אויסגעוואַקסען אַזעלכע דרש'ען, וואָס מיר קענען זיי גאָר ניט
בעגרייפען (ט). פון די הויפּט־כללים זיינען ביי זיי ארויסגעקומען ניי־
געבאָרענע כללים, וועלכע זיינען אויך אַנערקענט געוואָרען פאַר מעטאָדס
אויף צו דרשנ'ען מיט זייער הילף די תורה. אָט זיינען די ניי־געבאָרענע
כללים: ווען צוויי סימנים פון רבוי געהען איינער נאָך דעם אַנדערען,

בעקומען זיי א פארקעהרטע בעדייטונג. — עס איז א סימן אויף אויס־שליסען. דאסגלייכען ווען צוויי סימנים פון מיעוט געהען איינער נאך דעם אנדערען, איז דאס א סימן אויף צוגעבען (ספרא: ויקרא דנדבה, פרשה י'. די הלכה, וואס ווערט דארטען אפגעלערנט מיט דעמדאזיגען מעטאד, ווערט געבראכט אויך איז מנחות ע"ד). די ניי־געבארענע כללים האבען שוין ניט די לאגישע גרונדלאגע, וואס זייערע אורפאטערס, די הויפט־כללים, האבען לכתחלה געהאט. קורץ, ווען מיר בעטראכטען די אלע כללים און מעטאדס פון דרשנ'ען די תורה, וואס די שפעטערדיגע געלערנטע האבען אנגעווענדט, דאן זעהען מיר, אז זיי שטאמען אלע פון דיזעלביגע מעטאדס, מיט וועלכע די עלטערע דורות האבען זיך נאך בענוצט. די שפעטערדיגע האבען זיי נאר אויסגעברייט. דידאזיגע אויס־ברייטונג איז אבער געגאנגען אזוי וייט, אז די מעטאדס האבען פאר־לארען זייער אורשפרינגליכען כאראקטער, און זייער אורשפרונג איז ניט צו דערקענען.

פירושים און אסמכתות.

איינינע פון די געלערנטע, וואס זיינען געווען נאך דער צייט פון דעם תלמוד, האבען זיך אינטערעסירט מיט דער פראגע, ווי אזוי די בעלי התלמוד גופא האבען געקוקט אויף יענע געקינסטעלטע פירושים, וואו זיי געהען אוועק ווייט פון דעם פשוט'ען זין פון די ווערטער? האבען זיי געהאלטען, אז דער פסוק האט טאקי מיט אן אמת אזוי געמיינט, ווי זיי טייטשען? די, וואס שטעלען די פראגע, געפינען ניט קיין אנדער עצה, ווי אזוי צו פארענטפערן דאס, סיידען זאגען, אז איז אזעלכע פאלען זיינען די בעלי התלמוד גאר ניט אויסען געווען צו פארטייטשען דעם פסוק: די אלע דרש'ען, וואס זיינען ווייט פון דעם פשט, זיינען ביי זיי געווען ניט מעהר, ווי אן אנצעפענים, אדער, ווי מען רופט עס אן, אן אסמכתא (י). בעטראכטען מיר אבער נעהענטער די שפראך פון די בעלי התלמוד, דאן מוזען מיר זאגען, אז די מעשה איז ניט אזוי געווען. ביי זייערע דרש'ען אין ענינים פון הלכה בענוצען זיי אפט אזעלכע אויסדרו־קען: „וואס לאזט אונז דער פסוק דא וויסען?" „דער פסוק קומט צו לאזען דיך וויסען"; „דעריבער ווערט געזאגט"; „פונוואנען נעהמסטו זיך דאס?" „צוליעב וואס איז דאס געזאגט געווארען?" און אנדערע עהנליכע אויסדרוקען. לעגט זיך עס דען אויפ'ן שכל, אז זיי האבען דא נאר געזוכט אן וואס אנצוצעפען זיך? דאס רוב זיינען נאך די

געלערנטע ניט איינינג צווישען זיך און זיי האמפערן זיך שטארק וועגען דעם: יעדערער דרשנ'ט דעם פסוק אויף אן אנדער אופן. אמאל דרשנ'ט איינער פונקט פארקעהרט, ווי דער אנדערער. איז א סברה צו זאגען, אז דער גאנצער דרש איז ביי זיי געוועזן ניט מעהר, ווי א מין אנצעפענים? אויב אזוי, איז וואס פאר א זינען האט פאר זיי געהאט דאס האמפערן זיך? וואס האט דא יעדערען אויסגעמאכט, צי דער פסוק וועט גע'דרשנ'ט ווערען אויף אזאן אופן אדער אויף אן אנדער אופן? אין פיעלע ערטער, דא, וואו די תנאים פון דער משנה דערמאהנען א געוויסע הלכה אין צוזאמענהאנג מיט דעם דרש, אויף וועלכען זי שטיצט זיך, בעגעגענען מיר ביי זיי דעם טיפּישען אויסדרוק „אט אויף דעם סמך האט מען געזאגט" (מכאן אמרו). דער מיין פון דידאזיגע ווערטער איז קלאר: פון דעם און דעם דרש אויפ'ן פסוק איז ארויסגעקומען אזא און אזא הלכה. דער דרש, הייסט עס, איז געוועזן דער אויסגאנגספונקט פון דער הלכה: וואלט ניט גע'דרשנ'ט געווארען דער פסוק אויף אזאן אופן, וואלט אזא מין הלכה ניט אנגענומען געווארען. מיר זעהען אלזא, אז דער דרש איז פאר זיי געוועזן ניט קיין אסמכתא, נאר דער אמת'ער טייטש פון דעם פסוק. אין אזא פאל, וואו די געלערנטע נעהמען דעם דרש זייערען ניט ערנסט און בעטראכטען איהם נאר, ווי אן אסמכתא, שעמען זיי זיך ניט דאס צו זאגען בפירוש. זיי דריקען זיך אמאל אוים אזוי: אט דא האבען די געלערנטע פאר דעם און דעם ענין אין דער תורה געפונען, אויף וואס אנצושפארען זיך. אדער זיי זאגען: אויף דעם און דעם ענין איז דא פאראן אין דער תורה א רמז. עס איז אלזא קלאר, אז דא, וואו זיי זאגען דאס נים, האלטען זיי טאקי דעם דרש פאר דעם אמת'ען טייטש פון דעם פסוק: יעדער דרשן האט גערעכענט, אז דער פסוק האט אזוי מיט אן אמת געמיינט. דאס דארף אונז נים וואונדערן, כאטש אפילו די דרש'ען, וועו מיר זאלען זיי בעטראכטען אלס פירושים, קומען אונז פאר דאס רוב ווילד. מיר דארפען ניט מעסטען זייערע דרש־מעטאדס און זייערע דאמאלסטיגע בעגריפען וועגען פשט מיט דער מאס פון אונזערע היינטיגע בעגריפען, פארגלייכענ־דיג עס מיט דעם, וואס מיר פארשטעהען איצטער אונטער דעם פשוט'ען זין פון די ווערטער אין דער ביבעל. די פארשטעלונג וועגען פשט ענדערט זיך אין אפהענגיגקייט פון פארשיידענע אומשטענדען. זעהר פיעל ווענדט זיך אן דעם, ווי ווייט דער פארטייטשער קען גוט די שפראך, אין וועלכער דאס עלטערע ווערק איז פערפאסט; ווי ווייט ער האט די אלע ידיעות, וואס זיינען נויטיג אויף צו פארשטעהן גוט

דעם אינהאלט; ווי אזוי ער פערהאלט זיך צו די ענינים, וואס ווערען דארטען בעהאנדעלט; דער עיקר אבער, ווי ווייט ער איז נאך זיין מדרגה אין בילדונג פעהיג צו פארשטעהן די צייט און דעם ארט, וואו דאס ווערק איז פערפאסט געווארען. אז די אלע אומשטענדען ענדערן זיך, בעקומט אויך אן אנדער אויסזעהן דער פשוט'ער טייטש פון דעם ווערק. ווען מיר זאלען פארגלייכען די פירושים פון פארשיידענע קאמענטאטארען פון אמאל ביז היינט, וועלען מיר געפינען צווישען זיי א גרויסען אונטערשייד אין דעם, ווי אזוי די און יענע האבען פארשטאנען דעם פשוט'ען זין פון די ווערטער אין דער ביבעל. דאס רוב בעמערקען מיר אט וואס: דאס, וואס מען האט אין איין דור געהאלטען פאר דעם פראסטען פשט, האט ביי דעם צווייטען דור אויסגעזעהען ווילד. אפילו די קאמענטאטא־רען, וואס האבען געלעבט אין איין צייט, זיינען אויך ניט אלע מאל געווען אייניג וועגען דעם, וואס איז דער פראסטער פשט, ווייל די אינדיווי־דועלע אייגענשאפטען פון דעם קאמענטאטאר ווירקען אויך מיט, אז ער זאל אין די ווערטער, וואס ער פארטייטשט, ארייינלעגען אזא אינהאלט אדער אן אנדערען. אזוי איז געווען ביי די תנאים. רבי ישמעאל האט ניט געוואלט וויסען פון רבי עקיבא'ס פשטים, און יענער, פארקעהרט, האט פון רבי ישמעאל'ס ניט געוואלט וויסען. דאסזעלביגע האט אויך צווישען אנדערע תנאים פאסירט: ביי זיי פלעגען ארויסקומען אפט מחלוקות וועגען דעם טייטש פון א פסוק, און זיי פלעגען אפילו אמאל אויפ־ווארפען איינער דעם אנדערען: ביזוואנען וועסטו אלץ פארדרעהען און פארקרימען די פסוקים? איינער פון די שפעטערדיגע, רבא, האט ביי א געוויסער געלעגענהייט אזוי געזאגט: כאטש אפילו אין דער גאנצער תורה איז ביי אונז שטענדיג א כלל, אז דער פראסטער פשט פארלירט ניט קיינמאל זיין בעדייטונג, פונדעסטוועגען אט האבען מיר דא א פאל, וואו עס קומט א גזירה שוה און מאכט דעם פראסטען פשט פון דעם פסוק צו נישט (יבמות כ"ד). נאך דער טעאריע קומט אויס, אז ווי די תורה זאל ניט גע'דרשנ'ט ווערען, פארלירט ניט דער פראסטער פשט זיין בעדייטונג. טאמער טרעפט אמאל יע, אז א דרש, געגרינדעט אויף וועלכען עס איז פון די מעטאדס, מאכט דעם פראסטען פשט פון א פסוק צו נישט, ווערט עס בעזונדער אנגעוויזען, ווי אן אויסנאהמספאל. אין דער לעצטער עפאכע פון תלמוד האבען זיי יע געהאט א שטיקעל אהנונג, אז די דרש'ען פון די געלערנטע אין דער געשטאלט, וואס זיי האבען אנגענומען נאך א לאנגען ענטוויקלונגס־פראצעס, זיינען ניט דער אמת'ער פראסטער פשט פון די פסוקים. ווי עס ווערט דערצעהלט,

האט רב כהנא( דאס איז געווען דער צווייטער רב כהנא) אויף זיך אליין געזאגט, אז כאטש אפילו ער איז צו אכצעהן יאהר שוין קלאר געווען גאנץ ש"ס, האט ער פונדעסטוועגען ניט געוואוסט פון דעם כלל, אז דער פראסטער פשט פון א פסוק פארלירט ניט קיינמאל זיין בעדייטונג, ביז ער האט עס ניט געהערט פון זיין חבר, מר, דעם זוהן פון רבינא (שבת ס"ג). יע, פאראן ביי זיי דרש'ען, וועלכע זיי האבען ניט געהאלטען פאר פאל־שטענדיגע, און אויף אזוינע האבען זיי אליין געזאגט, אז דאס איז ניט מעהר, ווי אן אסמכתא. אמאל ווייזען זיי אן אין דער תורה א ר מ ז אויף א געוויסער הלכה (קידושין פ' און אנדערע ערטער). אמאל בענוצען זיי א דרש, ווי א ווארטשפיל, אויף אנצוהענגען א געוויסע מאראל אן א פסוק (כתובות קי"א). אין א געוועהנליכען שמועס צווישען זיך בענו־צען זיי אפטמאל א ביבלישען אויסדרוק אין אן אנדער זין, ניט ווי זיי פארשטעהען דעם אויסדרוק אין דער ביבעל (חולין ו' און קל"ג). אמאל טייטשען זיי אוים א פסוק, ווי א משל אנטקעגען א געוויסער הלכה (ערכין ח'). אין די אנגעוויזענע ערטער זאגען זיי בפירוש, אז דער דרש איז ניט דער אמת'ער טייטש פון די ווערטער. זיי שטעלען אליין די פראגע: ווי זשע איז דער פראסטער פשט פון דעם פסוק? און זיי ענטפערן אויף דער פראגע, ערקלערענדיג דעם „פראסטען פשט". בעטראכטען מיר אבער דעמדאזיגען פירוש זייערען, וואס זיי רופען איהם אן „פראס־טער פשט", דאן זעהען מיר, אז ער שיידט זיך ניט אפ אויף א האר פון פיעלע אנדערע דרש'ען פון דעם געוועהנליכען שניט. די שפעטערדיגע קאמענטאטארען, נ א ך דער צייט פון דעם תלמוד, ווען זיי האבען געוואלט אויסגעפינען דעם פשט, איז גאר קיינמאל ניט ארויף אויפ'ן זינען, אז איימיצער זאל וועלען טייטשען דידאזיגע פסוקים נאך יענע פירושים פון תלמוד, וואס ווערען ביי זיי אנגערופען „דער פראסטער פשט". אט דאס איז, וואס מיר האבען פריהער געזאגט: דרשנ'ענדיג אויף זייער שטייגער די פסוקים מיט דער הילף פון די מעטאדם, האבען זיי געהאלטען, אז דאס איז טאקי דער טייטש פון דעם פסוק.

דרייערליי קאטעגאריעס
פון דרש.

דעם טערמין „מדרש" בעגעגענען מיר נאך אין דער ביבעל, וואו עס ווערט דערמאהנט א ווערק מיט'ן נאמען „מדרש הנביא עדו" (דברי הימים ב', קאפ. י"ג) און אויך א ווערק מיט'ן נאמען „מדרש ספר

המלכים" (דברי הימים ב׳, קאפ. כ"ד). דעם פראצעס פון ארגומענטירען אדער אויפווייזען עפעס פלעגען זיי בעצייכענען מיט׳ן צייטווארט „דרש"; צ. ב., ווי זיי דריקען זיך דארטען אויס (סנהדרין פ"ו): „כך דרשתי וכך דרשו חברי" (אזא מיינונג האב איך ארויסגעזאגט, און אזא מיינונג האבען מיינע קאלעגען ארויסגעזאגט). די, וואס פלעגען דרשנ׳ען די תורה, האט מען גערופען „דרשנים". אזוי פלעגט מען זיי אנרופען, ווען מען פלעגט וועלען בעזונדערס כאראקטעריזירען זיי, אלס ספעציאליסטען אין דרשנ׳ען די תורה. דער געוועהנליכער טיטעל, וואס זיי האבען געהאט, אלס געלערנטע, איז געווען „זקנים" (ספרי: שלח, פיסקא קט"ו; אויך פיעלע ערטער אין תלמוד). בעזונדערס אפט ווערט דער טיטעל זקן פארבונדען מיט די נעמען פון הלל און שמאי: זיי ווערען געוועהנליך אנגערופען הלל הזקן, שמאי הזקן. דאס איז ניט מחמת דעם, ווייל זיי זיינען געווען עלטערע מענשען. מען איז אויך ניט אויסען געווען דערמיט אפצושיידען זיי פון אנדערע געלערנטע מיט דיזעלביגע נעמען. פשוט, דער טיטעל זקן איז געווען דער ביינאמען פון א געלערנטען. וואס בעלאנגט צו דעם אווטאריטעט פון די דרש׳ען און זייער רעכטגילטיגקייט, האבען מיר שוין פריהער אמאל ערקלערט, אז סיי די אלטע, איבערגענומענע דרש׳ען, סיי די ניי־אויסגעפונענע האבען די שפעטערדיגע פארבונדען מיט דער קבלה, ווייל זיי האבען געגלויבט, אז זיי שטימען יעדענפאלס מיט דער אורשפרינגליכער כונה פון דעם, וואס האט געגעבען די תורה. דא, וואו זיי זיינען זיך ביים אויסטייטשען די תורה פאנאנדערגעגאנגען אין זייערע מיינונגען, פלעגט דער העכסטער בית דין ענטשיידען (סנהדרין פ"ו). די ענטשיידונג פלעגט דערגרייכט ווערען אויף א פשוט׳ען אופן: די מיטגלידער פון דעם גרויסען בית דין פלעגען אפשטימען די פראגע צווישען זיך, און מיט א מעהרהייט פון שטימען פלעגט אנגענומען ווערען אז ענדגילטיגער בעשלוס. צו אזא מיטעל פלעגט מען אנקומען נאר דאן, ווען זיי האבען וועגען דעם ענין ניט געהאט קיין קבלה, און זיי האבען זיך געמוזט פארלאזען אויף זייער אייגענעם שכל (סנהדרין פ"ח). די הלכה, וואס איז אויף דעם סמך פון איימיצענס א דרש אויף אזאן אופן אנגענומען געווארען, פלעגט געהן אויף׳ן נאמען פון יענעם געלערנ־טען, וועמעס דרש עס איז אנערקענט געווארען. ווען איימיצער האט דערוויזען צו געפינען אז אויסגלייך צווישען צוויי ווידערשפרעכענדע פסוקים און פארענטפערן דעם ווידערשפרוך צווישען זיי, האבען איהם די שפעטערדיגע דערפאר געקרוינט מיט׳ן נאמען „דער אויפבויער פון דער תורה" (בניה דאוריתא. ירושלמי: יומא, פרק ג׳, הלכה ה׳). דאס,

וואס האט זיי געטריבען צו דרשנ'ען די תורה, איז געווען די נויטיגקייט אויסצופארשען די דעטאלען, אדער „דקדוקים". די רעזולטאטען פון אזעלכע אויספארשונגען פלעגען זיי אנרופען אמאל „דקדוקי סופרים". אויסדריקענדיג דערמיט זייער שייכות צום סוביעקט, צו דעם אויספאר־שער, אדער זיי פלעגען זיי אנרופען „דקדוקי תורה". אנווייזענדיג דערמיט דעם אביעקט פון דער אויספארשונג. עס זיינען פאראן דרייערליי קאטעגאריעס פון דרש. גאר די עלטסטע קאטעגאריע — דאס זיינען די פירושים אין ענגערען זין פון דעםווארט, וואס זיי ערקלערען פשוט די בעדייטונג פון די ווערטער אין דער תורה. צ. ב., אז דאס „ודברת בם" (און דו זאלסט ווענען דעם ריידען), וואס שטעהט אין דער פרשה פון קריאת שמע, מיינט, מען זאל דיזאזיגע פרשה אלע טאג אפזאגען. כדי דערמיט אויסצודריקען די אונטערטעניגקייט צו דער געטליכער מאכט. אדער אז „ולקחתם לכם ביום הראשון" (און איהר זאלט זיך נעהמען דעם ערסטען טאג) מיינט, מען זאל טאקי אונמיטעלבאר אננעהמען דעם אתרוג מיט'ן האנט; און נאך פיעלע עהנליכע פירושים. מען דארף אבער ניט מיינען, אז אלע דרש'ען, וואס געהען איף אזא שניט, שטאמען פון דער עלטסטער עפאכע. אין איינינע פאלען זיינען די אויסטייטשונגען שפעטער גראד צונעפאסט געווארען צו א געווויסען עניין. אזוי איז געווען מיט איינעם פון די פירושים, וואס מיר האבען נאר וואס געבראכט פאר א ביישפיל. נאר די עלטסטע האבען געווים ניט אויסגעטייטשט די ווערטער „ודברת בם" אין דעם זין פון אפזאגען די פרשה פון קריאת שמע, ווארום מען זעהט פון דעם גאנצען עניין, אז דארטען רעדט זיך נאר ווענען לערנען די תורה. די מצוה פון זאגען קריאת שמע שטאמט נאך פון די ערסטע מיטגלידער פון דער כנסת הגדולה. זיי האבען עס דאן אהן שום ספק איינגעפיהרט, ווי א תקנה, כדי איינצואווארצלען ביים פאלק דעם גלויבען אין דעם איין־איינציגען גאט און דאס פליכט־געפיהל אנטקעגען די מצוות. אין א צייט ארום זיינען געקומען דרשנים און האבען אויסגעטייטשט אין אזא זין דעם פסוק. די צווייטע קאטעגא־ריע פון דרש איז די, וואו זיי לערנען עפעס אפ פון דעם פסוק מיט א סברה. צ. ב., ווען די תורה בעהאנדעלט א פאל, וואו איינער האט דעם אנדערען בע'גזל'ט און דער בע'גזל'טער איז געשטארבען, ניט איבערלא־זענדיג נאך זיך קיין יורש (במדבר, קאפ. ה'), ערקלערען זיי, אז דאס הייסט, דער בע'גזל'טער איז געווען א גר (בבא קמא ק"ט. ספרי: נשא. פיסקא ד'), ווייל אנדערס, ווי ביי א גר, האבען זיי זיך בשום אופן ניט געקאנט פארשטעלען די מעגליכקייט פון אזא פאל: אז נאך א געשטאר־

בענעם זאל גאר קיין יורש ניט בלייבען. צו דערזעלביגער קאטעגאריע געהערען אויך פארשיידענע דרש'ען, וואס זיינען געבויט אויף די מעטאדס, בעזונדערס אויף א קל וחומר אדער א קאמפראמיס צווישען צוויי ווידער־שפרעכענדע פסוקים. צו דער דריטער קאטעגאריע געהערען אזעלכע דרש'ען, וואו זיי געפינען א ראיה אויף דעם, וואס זיי ווילען אפלערנען, עפעס אין א װעלכען עס איז קנייטש פון א ווארט. צ. ב., ווען די תורה זאגט, אז דער, וואס האט ניט ווילענדיגערהויט געטאן א י י נ ע פון די אלע זאכען, וואס מען טאר ניט, איז מחויב צו ברענגען אזא און אזא קרבן (ויקרא, קאפ. ד'), ערקלערען זיי, אז אין דעם ווארט „איינע" ליגט דא א בעזונדער כונה: אז נאר, אויב ער האט אפגעטאן די גאנצע זאך, איז ער מחויב צו ברענגען א קרבן, ניט אויב ער האט געטאן נאר א טייל (שבת צ"ב) (יא). אט די דריי קאטעגאריעס שליסען איין זיך אײן אלערליי אויסטייטשונגען און דרש'ען, און זיי אלע געהען אריין אין דער אלגעמיינער רובריק פון מדרש (יב) אדער מדרש תורה (קידושין מ"ט). אמאל רופען זיי דאס אז סתם „תורה" אהן דעם צוגאב „מדרש" (קידושין מ"ט. ירושלמי: פסחים, פרק ו', הלכה א' און מועד קטן, פרק ג', הלכה ז'). דער צוועק פון דעם מדרש (2) איז צו בעגרינדען די הלכות, אויפוויזענדיג, אז זיי זיינען געדרונגען פון דער געשריבענער תורה. ווי מיר האבען דאס געזעהען ביי הלל'ן, בעת ער איז געקומען פון בבל אין ארץ־ישראל: ער האט צוגעטראפען מיט זיין דרש די הלכה און האט געקראגען אויף דעם א בעשטעטיגונג (ירושלמי: פסחים, פרק ו', הלכה א'). מיר געפינען אויך, אז איינער האט געהאט בקבלה א געוויסע הלכה, נאר זי איז איהם געוועזען ניט קלאר, ווייל ער האט ניט געוואוסט דעם גרונד איהרען, און ער האט זיך ניט געקאנט אפליבען פון דעם דרשן, ווען יענער האט די הלכה אפגעלערנט מיט א דרש און האט צוגעטראפען אקוראט אזוי, ווי דער האט געהערט (ספרא: ויקרא דנדבה, פרשה ד'. און אנדערע ערטער. ספרי: בהעלותך, פיסקא ע"ה. תוספתא: זבחים, פרק א'). פונקט ווי זיי פלעגען צופאסען זייערע דרש'ען צו הלכות, וואס זיי האבען פון פריהער געהאט, אזוי האבען זיי מיט די דרש'ען אפגעלערנט פון דער תורה נייע הלכות. דאס איז געווען גאנץ נאטירליך. וויבאלד זיי האבען געוואלט אלע הלכות בעגרינדען מיט ראיות פון דער תורה, האבען זיי צוליעב דעם שוין געמוזט אויסברייטען די מעטאדס פון דרש, און זיי האבען זעהר און זעהר איבערגעכאפט אין דעם פרט די מאס. נארהארב די מעטאדס פון דרש זיינען אויס־געצויגען געווארען אזוי ווייט, איז שוין געווען אונפארמיידליך, אז מען

זאָל מיט זיי אָפּלערנען אויך נייע זאַכען. זיי האָבען דאָך ניט געקאָנט אוועקשטעלען קיין גרעניץ, אַז ביזאָהער זאָל מען געהן מיט די אויס־געברייטע מעטאָדס פון דרש און ווייטער ניט: קוים זיינען די מעטאָדס ערקלערט געוואָרען פאַר גילטיג אויף צו בעגרינדען מיט זיי די אַלטע הלכות, האָבען זיי שוין ממילא אויך דאַן געמוזט אַנערקענען זייער גילטיגקייט, ווען נייע שלוספאָלגערונגען זיינען דורך זיי אַרויסגעקומען.

**דרש'ען און הלכות**
**פון הלל און שמאי.**
**דער אונטערשייד צווי־**
**שען זיי ביידען.**

אַז הלל איז געוואָרען דער פאָרזיצער פון סנהדרין, האָט ער געגרינ־דעט ישיבות צום לערנען, און פאַר דער טעטיגקייט פון די דרשנים האָט זיך געעפענט אַ ברייט פעלד. ווי מיר האָבען געזעהען, איז הלל שוין געווען פאַרטאַן אין דרשנ'ען די תורה, בעת ער איז געוועזען אין בבל, נאָך איידער ער איז אָנגעקומען אין דער ישיבה פון שמעיה און אבטליון. זיינע רביים, וואָס זיינען געווען גרויסע דרשנים, האָבען איהם צוגעגעבען נאָך מעהר חשק צו דעם. אגב, האָט ער טאַקי אין דעם געזעהען אַ גרויסע נויטיגקייט פאַר זיין צייט. פון איין זייט איז נויטיג געווען צו בעווייזען, אַז דאָס, וואָס די זקנים האָבען געלערנט, איז ניט — ווי די צדוקים האָבען געהאַלטען — עפּעס אַ נייע תורה, וואָס יענע האָבען אַליין אויס־געטראַכט פון קאָפּ, נאָר עס איז אַלצדינג געגרינדעט אויף דער געשרי־בענער תורה. פון דער אַנדער זייט איז אין דעם ענין פון דרשנ'ען די תורה נויטיג געווען אַ בעזונדער אָנשטרענגונג, דוקא ווייל איינינע פון די פּרושים זיינען אין דעם געווען אָפּגעלאָזען, ווי עס האָט געוויזען דער פאַל מיט די בני בתירה, וועמען הלל האָט פירגעהאַלטען פאַר זייער נאַכלעסיגקייט. אָט די אַלע פאַקטען, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם בע־וואוסטען פאַקט, וואָס הלל האָט צוגעצעהלט, צוזאַמענגעשטעלט און פאָר־מולירט די מעטאָדס, נאָך וועלכע די תורה ווערט גע'דרשנ'ט, דאָס אַלץ איז דער בעסטער בעווייז, אַז נאָכדעם, ווי הלל איז געוואָרען דער נשיא, האָט ער זיך זעהר שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם ענין פון דרשנ'ען די תורה, און פון דאַמאַלסט אַז האָט מען אָנגעהויבען נאָך מעהר צו פאַרברייטערן די ספערע פון דרש. פונדעסטוועגען האָבען מיר פון הלל'ן און פון שמאי'ען גאַנץ ווענינ דרש'ען, וואָס געהען דירעקט אויף זייערע נעמען.

דאס איז אבער גאר קיין בעוויז נִיט. אז פון זיי זיינען איבערהויפט ווייניג דרש'ען געבליבען. עס איז קיין שום ספק ניט, אז פיעלע פון די אנאנימע דרש'ען, וועלכע מיר האבען, שטאמען פון זיי, בעזונדערס פון הלל'ן. זיבען דרש'ען ווערען אונז איבערגעגעבען אין הלל'ס נאמען; אין שמאי'ס נאמען — פיער. נאכ'ן כאראקטער פון הלל'ס דרש'ען זעהט אוים, אז ער האט געזוכט צו דערגעהן מיט'ן שכל דעם רעכטען עיקר: וואס די תורה האט אין עצם געמיינט? ער טייטשט אוים אזוי, ווי עס דיקטירט איהם זיין לאגיק (יג), אפילו דא, וואו דאס שטימט ניט גענוי מיט דער בוכשטאבליכער בעדייטונג פון די ווערטער (יד). ער פלעגט טייטשען אויך בוכשטאבליך, אבער נאר דאן, ווען אזוי האט אויך געוויזען די לאגיק (יה). פאר זיך פערזענליך, ווען ער פלעגט מקיים זיין א וועלכע עס איז מצוה, פלעגט ער יע אמאל וועלען יוצא זיין אויך אנט־קעגען דעם אות פון געזעץ; דעריבער פלעגט ער אמאל אפהיטען עפעס אזוינס, וואס דאס געזעץ — אין זיין אנגענומענער אויסטייטשונג — האט גאר ניט געפאדערט. אבער דאס הייסט ניט, אז אזוי איז געוועזען זיין שטייגער ביים אויסטייטשען די געזעצען פון דער תורה. דאס הייסט נאר, אז צו זיך פערזענליך האט ער אין דער הינזיכט פון אפהיטען די מצוות געשטעלט גרעסערע פאדערונגען (יו). פון שמאי'ס דרש'ען ווייזט אוים, אז ער פלעגט אויסטייטשען בוכשטאבליך די ווערטער אפילו דא, וואו די לאגיק פון דעם געזעץ האט ניט געצוואונגען אזוי צו טייטשען (יז). דערפון זעהט מען, אז נאר הלל איז אוועקגעגאנגען מיט דעם נייעם וועג, וועלכען שמעיה און אבטליון האבען דורכגעטראטען אין דעם עניין פון דרשנ'ען די תורה, און דאס האט איהם געגעבען די מעגליכקייט פרייער צו בעוועגען זיך אין דער ספערע פון דרש. שמאי אבער איז געגאנגען מיט זיין אייגענעם וועג, און די ברייטע מעגליכקייטען, וואס הלל האט פאר זיך געהאט, זיינען פאר איהם געווען אויסגעשלאסען. דיזאזיגע פארשיידענהייט פון די ריכטונגען האט זיך שוין אין דער צייט פון די בני בתירה צווישען די פרושים געפיהלט. עס איז געווען ווי א וואסער, וואס האט זיך קוים דורכגעריסען א וועג. וואס ווייטער האט זיך דער אנטאגאניזם געשטארקט; ער איז געווארען, ווי א קוואל, וואס האלט אין איין שטייגען. פון די טעארעטיישע שטרייטען אין די ענינים פון דרש זיינען ארויסגעקומען מחלקות אין די ענינים פון הלכה. וואס גרעסער עס איז געווארען די צאהל פון הלל'ס תלמידים און שמאי'ס תלמידים, אלץ ווייטער האבען זיך געמעהרט די מחלקות, און די תורה איז כמעט ווי פערוואנדעלט געווארען אין צוויי בעזונדערע תורות.

די צאהל פון די הלכות, וואס ווערען איבערגעגעבען אין דעם נאמען פון הלל און שמאי, איז גאנץ קליין. פון הלל'ן האבען מיר אכט הלכות, און עס ווערט ניט דערמאהנט, אז איימיצער פון די געלערנטע אין זיין צייט איז מיט וועלכער עס איז פון זיינע הלכות ניט געווען איינשטימיג. פון שמאי'ען האבען מיר פינף הלכות, געגען וועלכע מיר האבען אויך ערגעץ ניט אנגעטראפען קיין אפאנענטען. אחוץ דעם ווערען דערמאהנט פינף הלכות, אין וועלכע הלל מיט שמאי'ען זיינען זיך פאנאנדערגעגאנ־גען (יח). פון דידאזיגע שטרייטיגע הלכות און מעהר נאך פון די מחלקות צווישען זייערע תלמידים זעהט מען, ווי ווייט הלל איז אין זיינע לערנונגען געגאנגען אין אן אנדער ריכטונג, איידער שמאי. אמת, זייערע אייגענע ווערטער זיינען צו ווינציג, מען זאל קענען פון זיי וואס שליסען. מיר קענען אבער אורטיילען וועגען דעמס און וועגען יענעמס ריכטונג אין לערנען נאך די רעזולטאטען פון זייער לעהרטעטיגקייט, ווי זיי זיינען אויסגעוואקסען און זיינען צייטיג געווארען ביי זייערע תלמידים. בפרט נאך, אז א היבשע צאהל פון די הלכות, וואס ווערען געבראכט אין דעם נאמען פון שמאי'ס שולע און הלל'ס שולע (בית שמאי און בית הלל), שטאמט נאך פון יענער צייט, ווען הלל און שמאי אליין זיינען געווען זייערע אנפיהרער. מיט איין האנט האט זיך הלל געהאלטען פעסט אן דער טראדיציע. אין דער אנדער האנט אבער האט ער געהאלטען דאס קריטעריאום פון אנאליז, מיט וועלכען ער איז צוגעטראטען צו דער טראַ־דיציע. ער האט געפארשט און געזוכט צו ענטדעקען די ווירקענדע פאק־טארען, וואס זיינען געווען די אורזאכען פון יענע הלכות, וועלכע ער האט געהאט בקבלה: ווען, ווי אזוי און צו וואס פאר א צוועק זיי זיינען געגרינדעט געווארען? צי זיינען די מאטיווען נאך גילטיג אדער ניט? אט אזוי איז ער מיט זיין קריטיק דורכגעגאנגען איבער די אלטע הלכות, צוגלידערנדיג און לייטערנדיג זיי. האט ער וואו אנגעטראפען א נייע סיטואציע און דער שכל האט געוויזען, אז דא מוז מען אפטרעטען פון דער אלטער הלכה, האט ער זיך פאר אזא זאך ניט אפגעשראקען. אנדערש איז געווען שמאי. ער האט פאר קיין פאל ניט געוואלט אפטרעטען פון דער טראדיציע. ווען איהם איז אויסגעקומען צו בעטראכטען א נייעם ענין, האט ער נאר געזוכט אן עצה, ווי אזוי אנצופאסען אויף איהם די אלטע הלכה, וואס האט עפעס צו דעם ענין א שייכות, כאטש אפילו דיביידע ענינים זיינען ניט געווען גאנץ גלייך איינער צו דעם אנדערען. הלל פלעגט מיט זיין לאגיק געפינען דעם אונטערשייד צווישען עהנליכע ענינים, וואס זעהען אויס גלייך, אבער זיי זיינען אין עצם ניט גלייך

איינער צו דעם אנדערען. שמאי, פארקעהרט, פלעגט צוגלייכען איין ענין צו דעם אנדערען, ווען זיי האבען נאר געהאט א וועלכע עס איז אויסערליכע עהנליכקייט צווישען זיך, כאטש אפילו זיי זיינען אין עצם געווען ניט גלייך. מיט זיין שארפען שכל און מיט זיין קונציגער דיאלעקטיק פלעגט ער מיט גוואלד צונויפצעפען אזעלכע ענינים, וועלכע זיינען געווען ווייט איינער פון דעם אנדערען. ביידע, אי הלל אי שמאי, האבען זיך פארנומען מיט דעם אנאליז פון אלטע הלכות. מעהר ניט, פאר הלל'ן איז זיין אנאליז געווען דער מאסשטאב אויף צו בעשטימען זיין בעציהונג צו דער הלכה: צי אננעהמען זי אדער ניט; פאר שמאי'ען, פארקעהרט, איז די הלכה געווען דער מאסשטאב אויף צו בעשטימען די ריכטיגקייט פון זיין אנאליז און פארשונג. אויב מיר ווילען וויסען, וואס פאר א מיינונג די שפעטערדיגע האבען געהאט וועגען שמאי'ען און זיין כאראקטער, פאר וואס פאר א סארט געלערנטען זיי האבען איהם געהאלטען, איז גענוג אראפצונעהמען א בילד פון אן אנדערען, וועמען זיי, די שפעטערדיגע, האבען פארגליכען מיט שמאי'ען. אט דער אנדערער — דאס איז רבי אליעזר בן הורקנוס, אויף וועמען זיי האבען געזאגט, אז ער איז געווען א שמאי'איט (שמותי). ניט אלס שמאי'ס א תלמיד, האט מען איהם אזא נאמען בעגעבען, ווארום ער איז גאר ניט געווען זיינער קיין תלמיד. ער האט געקראגען דאס צונעמענים, וויל ער איז אין זיין אויפפיהרונג געווען א קאפיע פון שמאי'ען. פון אלץ, וואס איז בעוואוסט וועגען רבי אליעזר בן הורקנוס, זעהט מען, אז אין לערנען איז ער געגאנגען פונקט מיט אזא וועג, ווי מיר האבען דאס געשילדערט ביי שמאי'ען. רבי אליעזר איז אויך ניט אפגעטראטען אויף א האר פון דער טראדיציע. ער האט קיינמאל ניט געזאגט עפעס אזוינס, וואס ער האט ניט געהערט פון זיינע רביים (סוכה כ"ז), ד. ה. ווען עס פלעגט קומען צו עפעס א נייעם ענין, און ער האט ניט געוואוסט, וואס פאר א מיינונג די פארגעננער האבען וועגען דעם געהאט, פלעגט ער זאגען „איך ווייס ניט", און ער האט ניט געוואלט שטעלען אויף זיך. אויך ער האט ליעב געהאט צוגלייכען איין זאך צו דער אנדערער (יבמות ק"ח), אבער ניט אפטיילען איינס פון דאס אנדערע. ער פלעגט ניט ערלויבען זיינע תלמידים צו בעטראכטען דעם גרונד פון אן אלטער הלכה, סיידען נאר מיט'ן צוועק צו בעווייזען איהר ריכטיגקייט (נגעים, פרק י"א, משנה ז'; ספרא: תזריע, פרק ו' און פרק ט"ז). נאך איינציגע זאכען ווערען דערצעהלט וועגען איהם, און אלע געהען זיי זיך צונויף אין איין פונקט, אז די טראדיציע איז פאר איהם געווען דער איינציגער וועגווייזער, און

דאס איז געווען זייז שטייגער אין לערנען. נאר דער קאפיע קענען מיר אלזא אורטיילען ווענען דעם אריגינאל. דאס אונטערוואַרפען זיך אונטער דער אבסאלוטער הערשאפט פון דער טראדיציע, ניט נאכקוקענדיג, צי די אומשטענדען זיינען אומעטום גלייך אדער ניט, ברענגט מיט זיך דאס רוב אלץ נייע און נייע שטרענגהייטען. ווירקט מען אין דער פאר־קעהרטער ריכטונג, דאן איז אויך דער רעזולטאט פונקט פארקעהרט. אט דער כלל האט זיך ארויסגעוויזען ריכטיג ביי הלל'ן, ביי שמאי'ען און ביי זייערע תלמידים. שמאי'ען און זיין שולע האט זיך דאס רוב איינ־געגעבען אויסצוגעפינען רק נייע שטרענגהייטען, הלל'ן און זיין שולע — פארקעהרט. די זיכערסטע סימנים, וועלכע בעווייזען, ווי ווייט שמאי האט ניט געוואלט אפטרעטען אויף א האר פון דער טראדיציע, אזוי אז ער האט זיך געהאלטען פאר דער אנגענומענער הלכה אפילו דא, וואו דער פאל איז גאר ניט געווען גלייך צו יענעם, מיט וועלכען די אלטע הלכה האט אייגענטליך געהאט צו טאן, — די בעסטע אילוסטראציע צו דעם זיינען די פארשיידענע מעשיות, וואס מען דערצעהלט זיך אז וועגען איהם. מען האט אויף שמאי'ען געזאגט, אז ער האט זיין קליינעם איינגעל יום־כפור ניט געוואלט געבען עסען, נאר די געלערנטע האבען אויף איהם גוזר געווען, און ער האט איהם געמוזט געבען עסען מיט זיין אייגענער האנט (תוספתא : יום הכפורים, פרק ד—ה) (יט). ער האט זיך דא געוויס געשטיצט אויף דער הלכה, נאך וועלכער מען איז מחויב איינצוגעוועהנען קינדער בייצייטען אין מצוות. ער האט אבער ניט געמאכט קיין אונטערשייד צווישען א גרעסערען קינד און א קלענערען, צווישען א געוועהנליכער מצוה און פאסטען א תענית. אפשר האט זיי טאקי אט דער אינצידענט מיט שמאי'ען בעוואויגען ארויסצוגעבען די הלכה : קינדער הייסט מען ניט פאסטען יום כפור, נאר מיט א יאהר אדער מיט צוויי יאהר פריהער הויבט מען זיי אן איינצוגעוועהנען (יומא פ"ב). נאך אין א פאל האט ער ארויסגעוויזען אזא פעדאנטיזם אין דעם עניז פון איינגעוועהנען קינדער אין מצוות : אז זיינע א שנור האט סוכות געבארען א זוהן, האט ער אויפגעבראכען דאס דאך איבער'ן בעט און האט אנגעלעגט סכך, כדי צו מזכה זיין דעם קליינעם מיט א סוכה (סוכה כ"ח). אזעלכע פאקטען ריידען פאר זיך אליין. ווער עס קוקט נאר מיט אפענע אויגען, יענער זעהט, ווי ווייט שמאי האט אויסגעמיידט אפצוטרעטען פון אן אנגענומענעם כלל אפילו אין אזא פאל, וואו דער גרונדמאטיוו פון דעמדאזיגען כלל האט ניט עקזיסטירט. דיזעלביגע טענדענץ ווייזט ער ארויס אין זיינע הלכות. ביי דער הלכה, נאך וועל־

כער א פערטעל קב ביינער פון א טויטען קערפער מאכט אומריין אנדערע זאכען. וואס געפינען זיך מיט איהם אונטער איין דאך. האט שמאי ערקלערט. אז עס מאכט ניט אוים. ווען דער פערטעל קב ענטהאלט אין זיך אפילו איין איינציגען ביין (3) (עדיות, פרק א׳, משנה ז׳). ער האט זיך געשטיצט אויף דער אלטער הלכה. נאך וועלכער א פערטעל קב ביינער מאכט אומריין. אזוי ווי ער האט פון זיין הלכה פאר קיין פאל ניט געוואלט אפווייכען. האט ער גע׳פסקנ׳ט. אז עס מאכט ניט אוים. פון וואס עס זאל ניט בעשטעהן די מאס. אפילו פון איין איינציגען ביין. אין אן אנדער פאל. ביי דעם ענין פון פרויען-אומריינקייט. איז ער אויף זיין וועג דוקא געקומען צו א מילדערער אויסטייטשונג. ער האט געזאגט, אז די אומריינקייט פון א פרוי ווירקט נאר פון ד ע ם מאמענט אן. ווען זי האט זיך דערוואוסט פון איהר אומריינקייט ; עס ווערען אבער ניט אומריין די זאכען. מיט וועלכע זי איז פריהער פאר דעם אין בעריה־רונג געקומען (נדה, פרק א׳, משנה א׳). ביי זיי איז פון פריהער געווים געווען אנגענומען א הלכה. אז א פרוי ווערט ניט גערעכענט פאר אומריין. כל זמן זי האט ניט געזעהען קיין סימנים פון אומריינקייט. נאך דער תורה נאך. איז טאקי מיט אן אמת אזוי דער דין. אי. וואס עס איז יע דא א גרונד אנצונעהמען. אז די אומריינקייט איז ענטשטאנען נאך פריהער. איידער זי איז בעמערקט געווארען. — דאס איז דאך שוין ווידער א סברה. מיט וועלכער שמאי האט זיך ניט גערעכענט. אנדערש איז געווען הלל. ער פלעגט מיט זיין לאגיק צוגלידערן און לייטערן די אלטע הלכות. אפטיילענדיג איין פאל פון דעם צווייטען און די איצטיגע צייט פון דער פריהערדיגער. ער פלעגט אויפמערקזאם בעטראכטען דעם מא־טיוו פון דער הלכה און אויף דעם סמך פון דערדאזיגער בעטראכטונג פלעגט ער זי ערקלערען פאר גילטיג אדער אונגילטיג. דאס זעהט מען פון זיינע הלכות. בעזונדערס פון די. וועלכע זיינען איבערגעגעבען גע־ווארען און ערקלערט געווארען אין דעם נאמען פון בית הלל. וועגען וואס אונז וועט נאך אויסקומען ווייטער צו ריידען.

**הלל׳ס תקנות.**
**די בעציהונגען צווישען הלל׳ן**
**און שמאי׳ען.**

דערזעלביגער קריטישער גייסט דריקט זיך אוים אויך אין הלל׳ס תקנות. וויפיעל תקנות ער האט איינגעפיהרט, דאס ווייסען מיר ניט בע־

שטימט. מיר ווייסען נאָר פון צוויי תקנות, ביי וועלכע עס ווערט בפירוש געזאָגט, אַז הלל איז געווען זייער איניציאַטאָר. איינע פון זיי איז דער פּרוזבול. דאָס איז אַן אויסמיידונגס־מיטעל אַנטקעגען דעם בעוואוסטען געזעץ פון דער תורה, נאָך וועלכען מיט דעם יאָהר פון שמיטה ווערט בטל ומבוטל איטליכער חוב, וואָס איינעם קומט פון דעם אַנדערען. די תורה האָט געוואָלט אויך פאַרוואָרענען, אַז צוליעב דעם זאָל מען זיך פונדעסטוועגען ניט אָפּהאַלטען פון לייהען איינער דעם אַנדערען, ווען עס קומט נאָהענט צו שמיטה. זי זאָגט (דברים, קאַפּ. ט"ו): היט זיך, אַז אַזאַ בייזער געדאַנק זאָל דיר גאָר אויפ'ן זינען ניט אַרויף... הלל האָט אָבער געזעהען, אַז צוליעב שמיטה האַלט זיך דער עולם פּאָרט אָפּ פון לייהען געלט איינער דעם אַנדערען און מיט דערמיט זיינען זיי עובר אויף דעם געזעץ פון דער תורה, וואָס הייסט, אַז מען זאָל יע לייהען. דעריבער האָט ער איינגעפיהרט די תקנה פון פּרוזבול (שביעית, פּרק י', משנה ג'), כאָטש פּאַקטיש ווערט דורך דעם אָפּגעשאַפט דאָס געזעץ פון דער תורה וועגען פריי לאָזען אין דעם יאָהר פון שמיטה די חובות. דער פּרוזבול, — דאָס איז אַ שריפטליכע ערקלערונג, וואָס ווערט געמאַכט אין אַזאַ נוסח: איך, די און די, דיינים פון דער און דער שטאָדט, גיב איך איבער אַלע חובות, וואָס איך האָב ביי לייטען, אַז איך זאָל זיי קענען איינמאַהנען, ווען איך וועל וועלען. דאָס ווערט בעשטעטיגט מיט דער אונטערשריפט פון די דיינים אָדער פון די עדות (שביעית, פּרק י', משנה ד') (כ). פון דערדאָזיגער תקנה הלל'ס איז קענטיג, אַז זיין גאַנצע שטרעבונג איז געווען אַריינצודרינגען טיפער אין די אינעוועניגסטע כונות פון דער תורה, דערגעהן דעם רעכטען גרונד זייערען. ער האָט געהאַלטען, אַז מיט איהרע געזעצען איז די תורה נאָר אויסען צו פאַרשטאַרקען ביים פאָלק דאָס בעוואוסטזיין פון זייערע מאָראַלישע פליכטען איינער צום אַנדערען. ער האָט געזעהען, אַז דאָס געזעץ וועגען פריילאָזען די חובות קומט אין קאָנ־פליקט מיט אַן אַנדער געזעץ, וואָס הייסט, מען זאָל לייהען אַן אָרימאַן. בעת ער נויטיגט זיך, און מען קאָן דאָס ניט אויספיהרען, אַז זיי זאָלען אָפּהיטען דאָס ערסטע געזעץ, ניט ברעכענדיג דאָס צווייטע, וואָס דורך דעם ליידט שטאַרק דאָס רחמנות־געפיהל און די מאָראַל. אַזוי ווי אונטער די אומשטענדען פון זיין צייט איז דאָס צווייטע געווען וויכטיגער, איידער דאָס ערסטע, האָט הלל ניט געציטערט צו בעזייטיגען דאָס ערסטע, כדי דאָס צווייטע, וואָס איז פיעל וויכטיגער, זאָל האָבען אַ קיום. די אַנדער תקנה, וואָס געהט אויף הלל'ס נאָמען, איז וועגען אויסלייזען אַ שטאָדטיגעם הויז. דאָס געזעץ פון דער תורה בעשטימט, אַז ווען איימיצער

האט פארקויפט זיין הויז, וואס געפינט זיך אין אן ארומגעצאמטער שטאדט (א שטאדט, וואס איז ארומגערינגעלט מיט א מויער), איז ער אין א משך פון א יאהר צייט בערעכטיגט אויסצוקויפען דאס הויז צוריק. האט ער דורכגעלאזען א גאנץ יאהר, דאן איז פארפאלען: דאס הויז בלייבט דעם קויפערס אויף אייביג (ויקרא כ"ה). אין דעם לעצטען טאג פ'ון דעם צוועלפטען חדש, ווען דער פארקויפער פלעגט זיך געוועהנליך אנ־שטרענגען אויסצוקויפען, פלעגט זיך דער קויפער פון איהם מיט א כיוון בעהאלטען, כדי דערווייל זאל אריבער דאס יאהר, און יענער זאל פאר־לירען דאס רעכט אויסצוקויפען. כדי צו פארהיטען אזוינס, האט הלל איינגעפיהרט, אז דער פארקויפער וואס וויל אויסקויפען צוריק זיין הויז, קאן אריינטראגען דאס געלט אין שאצקאמער, און דאס בערעכטיגט איהם שוין אפילו אויפצוברעכען די טיר און פארנעהמען צוריק זיין הויז. דעם קויפער בלייבט נאר דאס איינציגע — צו בעקומען צוריק דאס געלט (ערכין ל"א). ווענגען די איבעריגע תקנות, פון וועלכע הלל איז געווען דער איניציאטאר, ווערט אונז גארנישט דערצעהלט. מען דארף רעכע־נען, אז פון הלל'ן און פון זיינע צייטגענאסען שטאמט אויך א געוויסע תקנה ווענגען דעם כהן גדול, וואס דארף אפריכטען יום כפור די עבודה: זיי האבען איינגעפיהרט, מען זאל צוגרייטען צו איהם א שטעלפערטרע־טער אויפ'ן פאל, טאמער וועט זיך מיט איהם טרעפען א סבה: ער וועט אומריין ווערען אין וועט ניט קענען טאן די עבודה (יומא ב'). דאס געזעץ איז ארויסגעגעבען געווארען צוליעב אזא צופאל, וואס האט טאקי איינמאל פאסירט. דאס איז געווען מיט'ן כהן גדול מתתיהו, דעם זוהן פון טעאפיל. דורך א נאכט־צופאל, וואס האט זיך געטראפען גראד אין דער נאכט פון יום כפור, איז ער אומריין געווארען, און דער כהן יוסף, דער זוהן פון אילם, האט אנשטאט איהם געטאן די עבודה. אט צוליעב דעם איז איינגעפיהרט געווארען, אז מען זאל אלע יאהר פאר יום כפור צוגרייטען א שטעלפערטרעטער צום כהן גדול (ירושלמי: יומא, פרק א', הלכה א'; תוספתא: יום הכפורים, פרק א'. גרעץ: „געשיכטע דער יודען," באנד 3, קאפ. 9). דער נאר וואס דערמאהנטער כהן גדול איז געוועזען אין אמט אין דער צייט, ווען הלל איז געווען דער נשיא (אן ערך אין דעם יאהר דריי טויזענט זיבען הונדערט זעקס און פופציג, נאך דער אידישער צייט־רעכענונג). עס איז דעריבער ניטא וואס צו צווייפלען, אז דורך הלל'ן און זיין בית דין איז די תקנה ארויסגעגעבען געווארען. געוויס זיינען דאמאלסט אויך איינגעפיהרט געווארען די איבעריגע תקנות פון דעמזעלביגען מין, דהיינו: אז דער כהן גדול זאל די גאנצע נאכט

פון יום כפור זיין וואכעדיג, ער זאָל זיצען און לערנען, אָדער אַנדערע זאָלען מיט איהם פאַרברענגען אין דברי תורה, כדי ארויסצושלאָגען איהם פון שלאָף; אז ער זאָל ערב יום כפור וועניג עסען, אַלץ כדי ער זאָל ניט איינשלאָפען און ער זאָל זיך אויסהיטען פון אַ נאַכט-צופאַל (יומא י"ח און י"ט). פון דעם צופאַל מיט'ן כהן גדול מתתיהו זעהט אויס, אז פריי־הער איז ביי זיי ניט געווען אַזאַ מנהג, דער כהן גדול זאָל יום-כפור'דיגע נאַכט ניט שלאָפען. ביי די אַלע תקנות, וואָס הלל האָט איינגעפיהרט, ווערט ערגעץ ניט דערמאָהנט, אַז שמאי האָט עפּעס געהאַט געגען דעם. מיט די אומשטענדען פון דעם מאָמענט האָט זיך אויך שמאי גערעכענט. ער זאָגט עס אַליין בפירוש ביי פאָלגענדער געלעגענהייט. די אידישע ערד־אַרבעטער האָבען זיך אין יענער צייט גענומען געוויסע פרייהייטען אין דער הינזיכט פון בעאַרבעטען די פעלדער אין שמיטה. זיי פלעגען אַקערן זייערע פעלדער אין שמיטה, צוגרייטענדיג זיי פאַר דעם קומענדיגען יאָהר. און זיי פלעגען דאָס טאָן ניט אַבי ווי, נאָר טאַקי אויפ'ן בעסטען אופן. שמאי האָט אויף דעם געקוקט קרום. ער האָט געזאָגט: ווען עס וואָלט געווען אַ גערעכטע צייט, וואָלט איך גוזר געווען, אַז מען זאָל ניט טאָרען זעיען אַ פעלד, וואָס איז אויסגעבעסערט געוואָרען אין שמיטה (תוספתא: שביעית, פרק ג'). מיט וואָס איז דאָס דאָן פאַר שמאי'ען די צייט ניט געווען גינסטיג אויף ארויסצוגעבען אַזאַ גזירה? עס ווייזט אויס, אַז די אורזאַכע איז געווען אָט וואָס. די לאַסט פון די שטייערן, וואָס הירודוס האָט אויף די אידען ארויפגעלעגט, איז געווען זעהר שווער: ער האָט ביי זיי אָוועקגענומען זייער גאַנצע פּראָצע. כדי צו קענען ארויסקוועטשען וואָס מעהר שטייערן, האָט ער די אַרבעטס-פערהעלטניסען ניט אָפּגעלאָ־זען פון אויג. ער האָט געוואָלט, אַז דער קוואַל פון זייער פּרנסה זאָל ניט אָפּגעהאַקט ווערען, כדי עס זאָל זיין ביי זיי, וואָס צו רויבען. דעריי־בער האָט ער געזוכט צו בעזייטיגען אַלערליי געזעצען און מנהגים, וואָס האָבען זיי געשטערט אין דער לאַנדווירטשאַפטליכער טעטיגקייט, זייער הויפּט-בעשעפטיגונג אין יענער צייט. אַפּשאָפען אין גאַנצען דאָס גע־זעץ פון שמיטה האָט ער פונדעסטוועגען מורא געהאַט: דאָס וואָלט שוין ארויסגערופען אַ צו שטאַרקע אויפרעגונג ביים פאָלק און צווישען די געלערנטע. איינס אָבער האָט ער אָהן שום ספק מיט זיין קיניגליכער מאַכט יע דורכגעפיהרט: אַז אַלע אַרבעטען, וואָס זיינען נויטיג פאַר דעם קומענדיגען יאָהר, זאָלען אין דעם יאָהר פון שמיטה געטאָן ווערען. אָט דאָס האָט שמאי געמיינט, ווען ער האָט געזאָגט, אַז עס איז ניט קיין גערעכטע צייט אויף איינצופיהרען אַזאַ גזירה. אַז די רעגירונג האָט זיי

געצוואונגען צו אקערן זייערע פעלדער אין שמיטה, דאס האט ניט איין מאל פאסירט, און אונטער אזעלכע אומשטענדען האבען דאס די געלערנטע שטענדיג ערלויבט (כא).

ביי די אלע תקנות, וועגען וועלכע מיר האבען פריהער גערעדט, האט אויך שמאי געהאלטען מיט הלל'ן. ביי איין גזירה — וועגען דער אומריינקייט פון די הענט (4) — ווערט בפירוש געזאגט, אז דאס איז געווען די אויפטואונג פון זיי ביידען (שבת י"ד). עס איז קיין שום ספק ניט, אז אין אלגעמיין האבען זיי געלעבט גוט צווישען זיך, כאטש אפילו זיי זיינען זיך אין די מיינונגען פאנאנדערגעגאנגען. דאך ווערט דערצעהלט וועגען איין אינצידענט צווישען זיי, פון וועלכען מען זעהט, אז אין אנדערם מאל פלעגט שמאי ארויסגעהן אנטקעגען הלל'ן מיט עקשנות און פלעגט וועלען אויספיהרען דאס זייניגע מיט גוואלד. מען האט ביי זיי אמאל געפרעגט א שאלה: ווען מען קלייבט אין א קארב וויינטרויבען אויף צו מאכען פון זיי וויין און ווערען פייכט פון זייער אייגענעם זאפט, וואס שלאגט זיך דורך זיי דורך, צי ווערען זיי דורך דעם פעהיג אנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט? (5). אויף דער פראגע האט שמאי געענטפערט „יע", הלל האט געזאגט „ניין". זאגט הלל צו שמאי'ען: וויבאלד נאך דיר קומט אויס, אז די וויינטרויבען מוז מען קלייבען דוקא אין א ריינער כלי, פאר וואס זשע מעג מען אייל־בערטען קלייבען אין אן אומריינער כלי? זאגט צו איהם שמאי: אויב דו וועסט מיר אפולע דערעסען, וועל איך גוזר זיין דיזעלביגע זאך אויך אויף איילבערטען. אט אין דעם אינצידענט טרעט פאר אונז ארוים הלל מיט זיין געלאסענקייט און שמאי מיט זיין אויפגערעגטקייט. הלל האט געוואלט די זאך בעקלערען, אפוועגען אלצדינג אויף דער וואגשאל פון לאגיק, שמאי האט גענומען מיט רוגזה און ווילקיר. אין יענעם טאג אבער האט די אויפגערעגטקייט בעזיגט די געדולדיזאמקייט: יענעם טאג האט זיך הלל געמוזט בייגען פאר שמאי'ען (שבת י"ז). עס ווערט נאך אפילו צוגעגעבען, אז שמאי'ס תלמידים האבען זיך אוועקגעשטעלט מיט א שווערד אין בית המדרש און האבען געזאגט: ווער עס וויל אריינקומען, זאל אריינקומען, אבער קיינער טאר ניט ארויסגעהן! און יענער טאג איז פאר די אידען געווען אזא שווערער, פונקט ווי דער טאג, ווען דער עגל איז געמאכט געווארען... אזוי ווערט דערצעהלט אין דעם תלמוד בבלי. נאכ'ן ירושלמי אבער און נאך דער תוספתא קומט אויס, אז די מעשה מיט'ן שווערד האט פאסירט גאר אן אנדערם מאל, ביי די בעוואוסטע אכצעהן גזירות, וואס זיי האבען שפעטער ארויסגעגעבען. ווי דאס איז,

צוליעב דעם כבוד פון אונזערע פארצייטיגע געלערנטע, מיר זאלען ניט דארפען שטעלען אין חשד זייער אויפריכטיגקייט, וועלען מיר אננעהמען, אז ניט ווייל ער האט זיך דערשראקען פאר שמאי'ס גוואלדטעטיגע מיט־לען, האט זיך הלל דאס מאל אונטערגעגעבען און האט זיך אפגעזאגט פון זיין מיינונג. זיי האבען דא געווים געהאנדעלט געזעצליך: ווי ביי זיי האט זיך שטענדיג געפיהרט, אזוי האבען זיי אויך אין דעם טאג די פער־האנדעלטע פראגען געבראכט צו אן אפשטימונג. נאר אזוי ווי אויף יענער פארזאמלונג איז גראד געוועזען א מעהרהייט, וואס האט געהאלטען מיט שמאי'ען, האט דעריבער הלל אין יענעם טאג געמוזט בויגען דעם קאפ אנטקעגען שמאי'ען.

די בעציהונג פון
שמאי'ס תלמידים צו הלל'ן.

אויב שמאי'ס אויפרעגבארקייט האט הלל'ן גענוג געקאסט, איז נאך פיעל מעהר הארץ־וועהטאג האט איהם פארשאפט די אינטאלעראנץ פון שמאי'ס תלמידים. די בעסטע מעלות הלל'ס, זיין פרידענסליעבע און זיין אויסערגעוועהנליכע עניוות, האבען איהם אין זייערע אויגען דוקא גע־שאדט. פאראן אזעלכע מענשען, וואס קענען ניט אפשאצען ביי דעם אנ־דערען אזוינע איידעלע זיטען און זעלטענע מעלות. ווען איימיצער האלט זיך אנטקעגען זיי פראסט און זוכט מיט זיי שטענדיג אויסצוקומען מיט גוטען, מיינען זיי, אז יענער טוט עס, ניט ווייל ער איז בעשיידען און האט פיינט צו קריגען זיך, נאר ווייל ער פיהלט זיינע אייגענע פעהלערן און זיין שוואכקייט, און ער איז טאקי מיט אן אמת ביי זיך זעהר געפאלען. אזוי איז געוועזען די מעשה מיט שמאי'ס תלמידים. זעהענדיג, אז הלל איז צו אלעמען גוט: ווען מען טרעט איהם אן גראב, מאכט ער דערפון ניט קיין וועזען; ער הערט זיך צו צו דעם אנדערענס מיינונג און לאזט אמאל איבער דאס זייניגע, — זעהענדיג דאס אלץ, האבען עס שמאי'ס תלמידים גאר ניט אנגעהאנגען אז זיין בעשיידענקייט און זיין פרידענסליבע. זיי האבען גערעכענט, אז דעריבער איז ביי הלל'ן רעכט אלצדינג צו פארטראגען, ווייל ער פיהלט זיין שוואכקייט און ער ווייס ביי זיך, אז ער קאן ניט פערטיידיגען זיין שטאנדפונקט אנטקעגען דעם שטאנד־פונקט פון זיינע געגנער. דעריבער פלעגען זיי זיך אפטמאל אויף איהם אנזעצען און פלעגען איהם דערגעהן די יאהרען. קוים האבען זיי נאר בעמערקט, אז ער וויל זיך ניט קריגען און ער זוכט עפעס אן עצה, ווי

אזוי צו בערוהיגען זיי, האבען זיי שוין געטראכט ביי זיך: אהא! מיר האבען איהם בייגעקומען! איינמאל האט הלל אום יום טוב געבראכט זיינעם א קרבן אין דער עזרה און האט זיך אויף איהם אנגעלעהנט. דאס האט געזאלט זיין א קרבן עולה. האבען זיך שמאי'ס תלמידים ארום איהם ארומגעקליבען, און זיי האבען זיך צו איהם גענומען... זאגט ער צו זיי: דאס איז דאך גאר א נ ק ב ה, און איך וויל זי פארנוצען פאר א קרבן שלמים (6). זיינען זיי פון איהם אפגעטראטען (ביצה כ'. ירושלמי: חגיגה, פרק ב', הלכה ג'. תוספתא: חגיגה, פרק ב'). פון דרכי שלום וועגען האט דא הלל דעם אמת פארבויגען, ווארום דאס איז געווען ניט קיין זי, און ער האט גאר ניט געהאט בדעה צו ברענגען עס פאר א קרבן שלמים. ביי שמאי'ס תלמידים אבער איז אויסגעקומען, אז וויבאלד הלל האט דא געזוכט צו פארענטפערן זיך אנטקעגען זיי, הייסט עס, אז ער האט זיך כמעט ווי אונטערגעגעבען. זיי האבען זיך געוואלט איינשמועסען, אז אין דער פראגע וועגען דעם אנלעהנען זיך האט זיך שוין הלל אפגעזאגט פון זיין מיינונג און האט זיך אנגעשלאסען אן זייער מיינונג, ווייל שמאי'ס ארגומענטען זיינען געווען צו שטארק, ער זאל קענען אנטקעגען זייביישטעהן. זיי האבען געמיינט, אז זיי זיינען שוין מיט הלל'ן פארטיג געווארען, און זיי האבען געהאט בדעה צו ערקלערען זייער מיינונג פאר אן ענדגילטיגע אנגענומענע הלכה. שמאי'ס תלמידים וואלטען שוין נאך א האר זייער פלאן דורכגעפיהרט, ווען צוויי־שען זיי וואלט זיך ניט געפונען איינער, וואס איז ניט געווען אזוי אומ־געלומפערט, ווי זיינע חברים. אט דער איינער — דאס איז געווען בבא בן בוטי — האט פארשטאנען, אז הלל'ס פארענטפערן זיך איז געווען נאר צוליעב זיין ענייות און ווייל ער האט זיך מיט זיי ניט געוואלט קריי־גען. ער האט געוואוסט, אז דער דין איז טאקי אין דער אמת'ען, אזוי ווי הלל האט געזאגט. ער האט זיך איינגעשטעלט פאר'ן אמת, און הלל'ס מיינונג איז ענדגילטיג אנערקענט געווארען פאר אן אנגענומענע הלכה.

הלל'ס טאקטיק פון צופאסען
זיך. דער בית דין של כהנים.
וועגען דעם טויט פון הלל און שמאי.

נאר אין דעם פרט פון ענייות איז הלל דערגאנגען ביז צו דעם לעצ־טען עקסטרעם. אין אלע איבעריגע זיטען און האנדלונגען איז ער שטענ־דיג געגאנגען מיט'ן מיטעלוועג און האט ניט ליעב געהאט די איבער־

מעסיגע פרומקייט, וואָס ווייס ניט פון קיין גרעניץ. ביי אַלע האַנדלונ־גען זיינע האָט ער זיך שטענדיג געהיט ניט אָפּצושטעהן פון אַ מנהג, וואָס איז אָנגענומען ביים גאַנצען פאָלק. ער האַלט עס פאַר זעהר אַ גוטע מדה, ווי ער דריקט עס אויס בילדליך און שען אין דידאַזיגע ווער־טער: ווען דו זעהסט ארום זיך נאַקעטע, זאָלסטו זיך ניט בעווייזען קיין אָנגעטאָנער; ווען דו זעהסט אַרום זיך שטעהענדיגע, זאָלען זיי דיך ניט זעהען זיצענדיג; ווען דו זעהט אַרום זיך לאַכענדיגע, זאָלען זיי דיך ניט זעהען וויינענדיג, ווארום עס שטעהט געשריבען „עס איז פאַראַן אַ צייט אויף צו לאַכען" (תוספתא: ברכות, פּרק ב'). ער פאַרזאָגט דאָ די מענ־שען צו פיהרען זיך שטענדיג אַזוי, ווי עס פיהרען זיך די אַרומיגע פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער מען לעבט (דערזעלביגער גערדאַנק ווערט אויסגעדריקט אין מסכת דרך ארץ זוטא, פּרק ה'). עס איז זעהר וואַהר־שיינליך, אַז מיט די ווערטער „אל תפרוש מן הצבור" (זאָלסט פון דעם עולם ניט אָפּשטעהן), וואָס הלל זאָגט אין אַן אַנדער אָרט (אבות, פּרק ב'), מיינט ער אויך דיזעלביגע זאַך: מען זאָל זיך ניט פיהרען אַנדערש, ווי עס פיהרען זיך די אַרומיגע מענשען, צווישען וועלכע מען לעבט. אויב אַזוי, דאַן האָט ניט דער אויסדרוק „אל תפרוש מן הצבור" קיין שייכות צו זייער אויסדרוק „הפורש מ ד ר כ י הצבור" (ווער עס שיידט זיך אָפּ פון דעם עולמ'ס וועגען), וואָס דאָס געהט שוין אויף איינעם, וואָס ער טיילט זיך אָפּ פון דער געמיינדע, אָננעהמענדיג אַן אַנדער שטעלונג צו געוויסע פראַגען פון גלויבען און רעליגיאָן. נעהמענדיג אין בעטראַכט די אַלע מעלות, מיט וועלכע הלל איז געווען בעריהמט, איז גאַר ניט קיין וואונדער, וואָס דאָס גאַנצע אידישע פאָלק איז געווען אויף זיין זייט. דאָס האָט שוין אויך מיטגעווירקט, אַז הירודוס האָט איהם געמוזט לאָזען צורוה, ווארום מיר געפינען ערגעץ ניט קיין ברעקעל אָנווייז אויף דעם, אַז הירודוס האָט זיך ווען עס איז צו איהם געצעפּעט. פאַרשטעהט זיך, הלל פון זיין זייט האָט זיך געהיט ניט אויפצורייצען דעמדראָזיגען טיראַן. איין זאַך, וואָס הירודוס האָט אָפּגעטאָן, האָט הלל'ן געוויס שטאַרק פאַרדראָסען. זינט זיי זיינען געקומען פון גלות, האָבען זיי גע־פיהרט אַן אָפּשטאַמונגס־בוך (ספר יוחסין), וואו עס איז געווען פאַרשרי־בען דער סדר היחוס פון בעוואוסטע פאַמיליעס. דאָס דאָזיגע אָפּשטאַ־מונגס־בוך האָט הירודוס געלאָזט פאַרברענען (יאסט: „געשיכטע דעם יודענטומס אונד זיינער סעקטען", באנד 1, זייט 324, אַנמערקונג, 1, וואו ער בערופט זיך אויף מ. זאקס: „בייטרעגע צור שפּראַך־און־אַלטער־טומס־פאָרשונג," צווייטער טייל, זייטען 158—156). הלל'ן האָט עס

נאך מעהר געמוזט פארדריסען דערפאר, ווייל דא איז פארברענט געווארען אויך דער סדר היחוס פון זיין אייגענער פאמיליע, וואס האט זיך געצויגען פון דוד המלך. אפשר אין יענער צייט האט עס הלל פערפאסט זיין משנה (קידושין ע"ה) וועגען די צעהן מדרגות פון יחוס, וואס זיינען געווען צווישען די אנגעקומענע פון בבל. די דאזיגע משנה איז אפשר אן אויסצוג פון דעם פארברענטען אפשטאמונגס־בוך. אט די רשעת, וואס הירודוס האט אפגעטאן, איז געווען די אורזאכע פון א נייער תקנה. פריהער, ווען דאס אפשטאמונגסבוך איז געלעגען אין בית המקדש, האט מען וועגען יעדער פאמיליע אין דעם בוך געקאנט אויסגעפינען ריכטיגע ידיעות, און עס איז פארשפארט געווען וועגען איימיצענס יחוס צו מאכען א וועלכע עס איז אויספארשונג. אבער זינט הירודוס האט גע'פטר'ט דאס בוך, האט מען, אנשטאט צו נאכזעהען אין בוך, געמוזט מאכען אן אויספארשונג. דעריבער האט מען פון יענער צייט אן איינגעפיהרט א בעזונדער בית דין אויף צו רעווידירען דעם יחוס פון די כהנים. דערדאזיגער בית דין איז געזעסען אין א בעזונדער ארט (כב), הינטער דעם ארט, וואס איז געווען פארהאנגען מיט'ן פרוכת. ער איז בעשטאנען פון כהנים, ווייל זיי נאר האבען געקאנט וויסען, ווער עס זיינען געווען אט די, וואס האבען זיך גערעכענט פאר כהנים. דעריבער האט זיך דער בית דין גערופען „בית דין של כהנים". געוויס האט ער אויך פערהאנדעלט אנדערע פראגען, וואס האבען געהאט צו טאן מיט די פונקציעס פון די כהנים און מיט די דינים וועגען זיי.

וואס בעלאנגט צו הלל'ס טויט, איז צו אונז נאר דערגאנגען איין זאץ פון דעם הספד, וואס זיי האבען אויף איהם געמאכט: „אה, דו פרומער! אה, דו בעשיידענער! דו ביסט געווען עזרא'ס א תלמיד (סוטה מ"ח. ירושלמי: סוטה, פרק ט', הלכה י"ג. תוספתא: סוטה, פרק י"ג). אין די עטליכע ווערטער ווערט געשילדערט די גאנצע גרויסקייט פון זיין כאראקטער און פון זיינע אויפטואונגען. דא ווערט אנגעוויזען אויף זיין פרומקייט און אויף זיין בעשיידענקייט. אין פרומקייט איז ער פון קיינעם ניט אפגעשטאנען, אין בעשיידענקייט אבער האט ער ניט געהאט צו זיך קיין גלייכען צווישען די געלערנטע פון זיין צייט. זיי האבען איהם געגליכען צו עזרא'ן, ווייל זיי האבען געהאלטען, אז ער האט אומגעקעהרט די תורה צו איהר אמאליגען צושטאנד, פונקט ווי עזרא האט עס אין זיין צייט געטאן. ער איז געשטארבען אן ערך זעכציג יאהר פאר'ן חורבן בית המקדש. וועגען שמאי'ס טויט ווערט גארנישט דערצעהלט: נאר פון צוויי אנדערע זאכען, וואס ווערען דער־

צעהלט, זעהט מען, אַז שמאַי איז געשטאָרבען פריהער פאַר הלל׳ן. צו־ערסט, דער פריהער געבראַכטער אינצידענט צווישען הלל׳ן און שמאַי׳ס תלמידים, ווען הלל׳ס מיינונג איז סוף כל סוף ערקלערט געוואָרען פאַר אַן אַנגענומענע הלכה. שמאַי אַליין פיגורירט דאָ גאָר ניט אין דער גאַנצער געשיכטע. קענטיג, ער איז שוין דאַן ניט געווען. די צווייטע זאַך איז דאָס, וואָס עס ווערט דערצעהלט וועגען אַ געוויסען געלערנטען מיט׳ן נאָמען עקביא בן מהללאל, אַז מען האָט איהם געוואָלט מאַכען פאַר דעם „הויפּט פון געריכט“. צווישען די אַלע השערות, וואָס מיר האָבען וועגען דער לעבענסצייט פון דעמדאָזיגען געלערנטען, איז פאַראַן איינע, וואָס לעגט זיך מעהר אויפ׳ן שכל, און נאָך יענער השערה קומט אויס, אַז אין די לעצטע יאָהרען פון הלל׳ן האָט ער נאָך געלעבט. עס איז דעריבער וואַהרשיינליך, אַז נאָך פאַר הלל׳ן זיינענדיג איז שמאַי געשטאָרבען, און זיי האָבען געזוכט, ווער מען צו מאַכען פאַר דעם „הויפּט פון געריכט“ אויף זיין אָרט (פראַנקעל: „דרכי המשנה,“ זייט 57).

עקביא בן מהללאל.

עקביא בן מהללאל איז געווען אַ געלערנטער, וואָס האָט זיך אויס־געצייכענט מיט זעהר וויכטיגע מעלות. מען האָט אויף איהם געזאָגט, אַז צווישען די אידען, וואָס זיינען געווען איינגעשלאָסען אין אַ פול גע־פּאַקטער עזרה, האָט זיך קיינמאָל ניט געפונען נאָך איינער אַזאַ געלערנ־טער און אַזאַ אויסגעהיטער פון זינד, אַזוי ווי ער. ער האָט געלעבט פאַר׳ן חורבן. דאָס איז געווען דער דור נאָכ׳ן טויט פון שמעיה און אבטליון. וועגען די ביידע געלערנטע דריקט ער זיך אויס שאַרף, ניט ווי עס פּאַסט פאַר אַ תלמיד, ווען ער רעדט וועגען זיינע רביים. אַ סימן, אַז ער איז ביי זיי אין בית מדרש קיינמאָל ניט געווען קיין איינגעהער. מעהר ווי פינף הלכות ווערען ניט דערמאָהנט אין זיין נאָמען. ווי קומט עס, וואָס אחוץ דידאָזיגע עטליכע הלכות, איז פון איהם גאָרנישט געבליבען, כאָטש אפילו זיי האָבען אַזוי שטאַרק געהאַלטען פון זיין געלעהרזאַמקייט? איז דאָס ניט קיין חידוש? דער תירוץ איז: די געלערנטע פון זיין צייט זיינען פון איהם ניט געווען צופרידען. איינינגע ווילען האָבען, אַז זיינע געגנאָסען האָבען אויף איהם אַרויפגעלעגט אַ באַיקאָט (נדוי) דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט די העזה אויסצודריקען זיך גראָב וועגען שמעיה און אבטליון. ווען זיי וואָלטען ניט אויסען געווען צו דערצעהלען די מעשה פאַר די קומענדיגע דורות, בכדי מען זאָל זיך אָראָפּנעהמען פון איהם

א מוסר, וואלטען אויך די עטליכע הלכות צו אונז ניט דערגאנגען. ווי עס ווערט דערצעהלט, האבען זיי איהם געלאזט וויסען, אז ווען ער זאגט זיך נאר אפ אין פיער פונקטען פון זיין מיינונג, דאן וועלען זיי איהם מאכען פאר דעם „הויפט פון געריכט." האט ער זיי געענטפערט: עס איז מיר ליעבער א גאנץ לעבען צו בלייבען פארעכענט פאר א נאר, איידער אפילו אויף איין שטונדע ווערען א זינדיגער אנטקעגען גאט. אין זיין צואה, וואס ער האט איבערגעלאזען זיין זוהן, האט ער ערקלערט דעם מאטיוו, פאר וואס ער האט ניט געוואלט אפזאגען זיך אין די פיער פונקטען פון זיין מיינונג. אז ער האט געהאלטען ביים שטארבען, האט ער אזוי געזאגט צו זיין זוהן: דו זאלסט זיך יע אפזאגען פון די פיער פונקטען. פרעגט איהם דער זוהן: פאר וואס זשע האסטו זיך אליין ניט אפגעזאגט פון דיין מיינונג? ענטפערט ער איהם: איך האב מיין מיינונג געהערט פון פיעלע; זיי האבען זייער מיינונג אויך געהערט פון פיעלע. איך האב זיך איינגעשטעלט פאר דער מיינונג, וואס איך האב געהערט; זיי האבען זיך איינגעשטעלט פאר דער מיינונג, וואס זיי האבען געהערט. ביי דיר איז דאס אבער ניט גלייך: איין מיינונג האסטו געהערט נאר פון מיר, ד. ה. פון א יחיד; די אנדער מיינונג האסטו געהערט פון פיעלע. איז גלייכער אוועקצולאזען די מיינונג פון א יחיד און פאלגען דער מיינונג פון די פיעלע (די אלע ידיעות זיינען ענטהאלטען אין די צוויי משניות: ו' און ז' פון עדיות, פרק ה'. דארטען ווערען געבראכט פיער הלכות פון עקביא בן מהללאל. די פינפטע געפינט זיך אין נגעים, פרק א', משנה ד'. פון דער פינפטער הלכה האבען זיי ניט פארלאנגט ער זאל זיך אפזאגען, ווייל זי האט נאר א רייך טעארעטישע בעדייטונג: ער זאגט דארטען ניט, צו דאס און דאס טאר מען ניט אדער דאס און דאס מעג מען. זעה: ברכות י"ט; נדה י"ט; בכורות כ"ה; נגעים, פרק ה', משנה ג'. זעה אויך: פראנקל „דרכי המשנה," זייט 56). דערפון זעהט מען, אז אין די איינגערע יאהרען איז עקביא מיט זיינע מיינונגען ניט געווען איינער אליין: וועגען דידאזיגע הלכות איז געווען א מחלוקת, און סיי פון איין צד, סיי פון דעם אנדער צד האבען זיך אין דער מחלוקת פיעלע בעטייליגט. אויב עס איז ריכטיג, אז עקביא בן מהללאל האט געלעבט אין איין צייט מיט שמאי'ען און מיט הלל'ן, איז פונדאנען געדרונגען, אז פאר זיי נאך האט זיך אנגעהויבען די שפאלטונג צווישען די פרושים. אזוי ווי מיר ווייסען אבער, אז אויף דער עלטער איז עקביא בן מהללאל מיט זיינע מיינונגען געבליבען איינער אליין און פון די איבעריגע געלערנטע אין יענער צייט האט קיינער מיט איהם ניט געהאלטען,

איז א סימן, אז אין זיינע יאָהרען זיינען אַנגעוועטנדט געוואָרען בעזונ־
דערע מיטלען אויף אויסצוגלייכען די פאַרשיידענע מיינונגען צווישען די
פרושים און שאַפען ווידער אַן איינינקייט. אפשר איז דאָס געווען די
אויפטואונג פון בבא בן בוטי, דעמזעלביגען, וועד עס האָט זיך איינגע־
שטעלט איינמאָל פאַר הלל'ס מיינונג, און איהם האָט זיך איינגעגעבען
צו פערוואַנדלען זי אין אַן ענדגילטיגער אַנגענומענער הלכה. דאָס איז
אָבער נאָך אַלץ ניט געווען קיין גאַנצע און פאָלשטענדיגע איינינקייט. ווי
מען זעהט עס פון די ווייטערדיגע מחלקות, וואָס האָבען צווישען שמאי'ס
תלמידים און הלל'ס תלמידים קיינמאָל ניט אויפגעהערט. דאָס ביסעלע,
וואָס מיר האָבען דאָ איבערגעגעבען, דאָס איז אַלץ, וואָס מיר ווייסען
פון עקביא'ס לעבען. אָבער דאָס איז גענוג אויף צו געבען אַ פאָרשטע־
לונג וועגען זיין כאַראַקטער און זיין מאָראַל. ניט פיעל זיינען פאַראַן
אַזוינע, ווי ער, וואָס לאָבען זיך אויס פון איינפלוס און כבוד, און זיי
ציהען פאָר צו בלייבען בעסער אין דער נידער, איידער אָפּפערן זייערע
מיינונגען און איבערצייגונגען. מיט דערדאָזיגער האַנדלונג זיינער שטימט
איינער פון די זיטענלעהרענדע אַפאָריזמען, וואָס ווערט איבערגעגעבען
אין זיין נאָמען (אבות, פרק ג', משנה א'): האָב נאָר אין זינען דריי
זאַכען, וועט דיר קיינמאָל ניט איינפאַלען צו זינדיגען. דו געדענק:
פונוואַנען דו שטאַמסט, וואו דו קומסט אַהין און פאָר וועמען דו וועסט
דאַרפען אָפּגעבען דין וחשבון. ווען איינער איז דורכגעדרונגען מיט
אַזעלכע געדאַנקען, איז וואָס פאַר אַ ווערדע קענען כבוד און איינפלוס
האָבען אין זיינע אויגען? מעהר נאָך, ווי מיט זיין בעשיידענקייט און
גאַטספאָרכטיגקייט, האָט ער זיך אויסגעצייכענט מיט זיין געפיהל פון יושר
און גערעכטיגקייט. דאָס זעהט מען אויך פון אַן ענטפער, וואָס ער האָט
געגעבען זיין זוהן פאַר'ן טויט. יענער האָט פאַרלאַנגט, ער זאָל פאַר
איהם פאַרוואָרפען אַ וואָרט ביי זיינע פריינד, זיי זאָלען זיך פון איהם
ניט דערווייטערן. עקביא האָט דערפון ניט געוואָלט וויסען. ער האָט
געהאַלטען, אַז עס איז ניט קיין יושר צו פאַרלאַנגען פון אַנדערע, זיי זאָ־
לען צוליעב דעם פאָטערס זכות מקרב זיין דעם זוהן: יעדערער, וועד
עס וויל, אַז אַנדערע זאָלען צו איהם זיין גוט, מוז דאָס אַליין מיט זיינע
אייגענע מעלות פאַרדינען. דעריבער האָט ער געזאָגט צו זיין זוהן: אַז
דיינע אייגענע האַנדלונגען וועט זיך דאָס ווענדען, צי זיי זאָלען דיך מקרב
זיין אָדער זיי זאָלען זיך מוזען פון דיר דערווייטערן.

די צופאַלענע
אייניגקייט.

מיר האָבען פאַר אונז אַ פעריאָד פון אַן ערך אַ האַלבען יאָהרהונדערט. זינט די ענטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה האָט אָנגענומען אַ נייע ריכטונג. פאַר דער צייט האָט זיך אַלצדינג געענדערט. דאָס פעסטע באַנד, וואָס האָט פריהער צוזאַמענגעהאַלטען די פרושים און האָט זיי פאַראייניגט. אין אַ קערפּערשאַפט מיט איין גייסט און מיט איין שטרעבען, איז בּיסלאַכווייז אָפּגעשוואַכט געוואָרען. דאָס, וואָס די אָנפיהרער האָבען געשטרעבט צו בעפעסטיגען די לעהרע פון די פרושים און פאַראַליזירען די געגנערשאַפט פון די צדוקים, האָט ניט געבראַכט דעם גע־ווינשטען רעזולטאַט. די מיטלען, וואָס זיי האָבען אָנגעווענדט, האָבען צווישען די פרושים גופא געפונען אויך געגנער. צווייערליי מיטלען זיינען דאָס געווען. פון איין זייט, האָבען זיי די ספערע פון דרש פאַרברייטערט אויף אַזאַ אופן, ווי מען האָט קיינמאָל פאַרצייטען דערפון ניט געוואוסט. פון דער אַנדער זייט, האָבען זיי גענומען אַנאַליזירען די הלכות פון זייערע פאָרגענגער, כדי אויסצוגעפינען זייער גרונד און זייער מאָטיוו. אויף די ביידע וועגען האָבען זיי אָנגעטראָפען געגנער, און דער רעזולטאַט איז געווען פונקט דער היפוך פון דעם, וואָס זיי האָבען געוואָלט. זיי האָבען געוואָלט אויסגלייכען די פאַרשיידענע מיינונגען, און דורך דעם גראָד זיי־נען ארויסגעקומען מחלקות. די תלמידים פון שמאי און הלל האָבען די צאָהל פון די מחלקות וואָס ווייטער פאַרגרעסערט. די מחלקות זיינען געוואָרען ניט עפּעס אַן איבערגעהענדיגע ערשיינונג, נאָר אַ שטענדיגע זאַך, ווארום פון דאַמאָלסט אַן האָבען זיי קיינמאָל ניט אויפגעהערט, און גאָט ווייס, ביז וואַנען און ווי לאַנג זיי וועלען נאָך אָנהאַלטען.

---

## ניינצעהנטעם קאפיטעל.

### בית שמאי און בית הלל.

די בעזונדערע שולעס
און זייער ווירקונג.

שמאי און הלל האבען געגרינדעט צוויי בעזונדערע שולעס אויף צו דרשנ'ען די תורה און לערנען הלכות, און מיט דערמיט האבען זיי די ענטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה געבראכט א טרעפ ווייטער. אז דאס דרשנ'ען די תורה און דאס גריבלען זיך אין די הלכות איז בעדייטענד פארברייטערט געווארען, דאס האבען מיר שוין פריהער געזעהען. זיי האבען געהאלטען אין איין דרשנ'ען די תורה, כדי צו בעגרינדען דערמיט די הלכות; אין דערזעלבינער צייט האבען זיי זיך געגריבעלט אין די הלכות גופא, מיט דער קונסט פון זייער דיאלעקטיק ערקלערענדיג זיי אויף פארשיידענע אופנים. הלל פלעגט פאר איינס אנאליזירען און פארשען, כדי צו דערגעהן דעם גרונד פון יעדער הלכה, און נאך דעם, וואס ער פלעגט אויסגעפינען מיט'ן שכל, פלעגט ער בעשליסען, צי די הלכה דארף בלייבען אין קראפט אדער אפגעשאפט ווערען. פאר שמאי'ען איז איטליכע אלטע הלכה געווען אן אונפארגענגליכעם געזעץ. מיט דער קונסט פון זיין דיאלעקטיק האט ער נאר געזוכט אויפצואווייזען די גילטינקייט פון דער אלטער הלכה פאר אלערליי פאלען, אונטער אלערליי מעגליכע אומשטענדען. דאס ווייזט זיך ארויס אין אלצדינג, וואס ווערט איבערגעגעבען אין זייערע נעמען. נאך קלערער און דייטליכער זעהט מען דאס פון די מחלקות צווישען הלל'ס שולע (בית הלל) און שמאי'ס שולע (בית שמאי), וואס ביי א גרויסען טייל פון זיי קאן מען רעכענען, אז זיי זיינען פארגעקומען נאך פאר דער צייט פון זייערע גרינדער. פריהער פאר יענער צייט זיינען אין אלגעמיין ניט געווען קיין מחלקות ביי אידען.

מיר ווייסען אויך די אורזאכע, פאר וואס עפעס פון יענער צייט אן איז דאס באנד פון אייניגקייט צווישען זיי לייז געווארען. ווי א וואסער, וואס רייסט זיך דורך דורך א שפאלט, איז געווען דער אנהויב פון די מחלקות, און אין א פלייצענדען שטראם איז דאס ביי די תלמידים פער־יואנדעלט געווארען. אלס א רעזולטאט פון זייערע מחלקות זיינען די הלכות פארברייטערט געווארען גאר אהן א ברעג. דא האבען מיר פאר אונזערע אויגען פונקט דיזעלביגע ערשיינונג, ווי ביי דער געגנערשאפט צווישען די פרושים און צדוקים. פונקט ווי יענע געגנערשאפט איז גע־ווען די אורזאכע פון פיעלע נייע דינים, און דורך דעם זיינען פארברייי־טערט געווארען און פארמעהרט געווארען די הלכות, אזוי איז אויך גע־יוען מיט די מחלקות צווישען בית שמאי און בית הלל: פון דעם זיינען ארויסגעקומען נייע געזעצען, וואס די פארצייטיגע האבען זיך גארניט געקאנט פארשטעלען.

בעוואוסטע תלמידים פון הלל און שמאי.

פון הלל׳ס תלמידים, וואס זיינען ביי זיין טיש געזעסען, ווערען צוויי דערמאהנט מיט די נעמען. יונתן בן עוזיאל ווערט דערמאהנט ווי דער גרעסטער צווישען זיינע תלמידים, און רבי יוחנן בן זכאי — ווי דער קלענסטער פון זיי. דעם ערסטען, יונתן בן עוזיאל, האבען זיי געלויבט ביז אין הימעל אריין, זיי האבען פארגעשטעלט זעהר גרויס זיין גע־לעהרזאמקייט (סוכה כ"ח). פונדעסטוועגען ווערט אונז קיין שום הלכה אין זיין נאמען ניט איבערגעגעבען; אין איין ארט נאר ווערט דערצעהלט ווע־גען איהם א מעשה, פון וועלכער מען קאן אפלערנען א געוויסע הלכה (בבא בתרא קל"ג). זיי האלטען איהם אויך (מגילה ג׳) פאר דעם פער־פאסער פון דער ארמ׳ישער איבערזעצונג אויף די ספרי נביאים (תרגום יונתן). צי דערדאזיגער תרגום אין דער געשטאלט, אין וועלכער מיר הא־בען איהם איצטער, שטאמט טאקי ווירקליך פון איהם, דאס איז א היבשע פראגע (ז. צונץ: „גאטעסדיענסטליכע פארטרעגע", קאפ. 5. אויך גייגער: „אורשריפט דער ביבעל", זייט 164. ז. אויך וועגען דעם וויי־טער, אין דעם צוויי און צוואנציגסטען קאפיטעל). דעם קלענסטען פון זיינע תלמידים, רבי יוחנן בן זכאי, האט הלל אליין אנגערופען דער פא־טער פון וויסענשאפט און דער פאטער פון די קומענדיגע דורות (ירושלמי: נדרים, פרק ה׳, הלכה ו׳). און ער איז טאקי געווען דער פאטער פון די קומענדיגע דורות, ווארום ע ר האט דאס איבערגעבליבענע פון דעם

אידישען פאָלק געראַטעוועט פון אונטערגאַנג. נאָך אַ געלערנטער פון יענער צייט, וואָס ווערט דערמאָהנט מיט'ן נאָמען, איז געווען הלל'ס אַ תלמיד. דאָס איז יוחנן בן החרוני (א). קיין הלכות ווערען אין זיין נאָמען ניט איבערגעגעבען. עס ווערט נאָר דערצעהלט אַ מעשה, אַז אַמאָל זיינען די געלערנטע פון שמאי'ס שולע און פון הלל'ס שולע געקומען גע־וואָהר ווערען איהם. זיי האָבען איהם געטראָפען זיצענדיג ביים טיש אין סוכה אויף אַזאַן אופן, אַז זיין קאָפּ און דער גרעסטער טייל פון זיין קערפּער האָט זיך געפונען אין סוכה, דער טיש אָבער איז געשטאַנען אין הויז (1). האָבען צו איהם די געלערנטע פון בית שמאי געזאָגט: אויב דו האָסט זיך שטענדיג אַזוי נוהג געווען, האָסטו קיינמאָל אין לעבען ניט מקיים געווען די מצוה פון סוכה (די משנה אין סוכה כ"ח). דער־פון זעהט מען, אַז יוחנן בן החרוני האָט ניט געהערט צו די בית שמאי. נאָך אין אַן אָרט ווערט דערצעהלט, אַז רבי צדוק האָט איהם אַמאָל גע־שיקט פייכטע איילבערטען, האָט ער זיי ניט געוואָלט נעהמען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז די איילבערטען זיינען מסתמא ניט געהאַלטען געוואָרען אַזוי, ווי בית הלל האָט געפאָדערט, און דעריבער האָט ער מורא געהאַט, טאָמער זיינען זיי אומריין געוואָרען. ער האָט גערעכענט, אַז רבי צדוק האָט זיך אודאי נוהג געווען אַזוי, ווי בית שמאי האַלט, ווייל ער איז געווען איינער פון זיי. ער האָט זיך בערוהיגט ערסט דאַן, ווען רבי צדוק האָט איהם פאַרזיכערט, אַז כאָטש אַפילו ער איז אַ תלמיד פון בית שמאי, פונדעסטוועגען איז ער זיך פאַקטיש נוהג צו טאָן אַזוי, ווי בית הלל הייסט (יבמות ט"ו. תוספתא: סוכה, פרק ב'). מיר זעהען דער־פון, אַז יוחנן בן החרוני האָט געהערט צו די בית הלל און רבי צדוק — צו די בית שמאי. פון שמאי'ס תלמידים ווערען פיער אָנגערופען מיט די נעמען. איינער פון זיי איז אָט דער רבי צדוק, וועגען וועמען מיר האָבען נאָר וואָס גערעדט. ווי מיר האָבען בעוויזען, איז ער געווען פון שמאי'ס תלמידים. פונדעסטוועגען איז ער געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון הלל'ס שולע, ווי דאָס איז קלאָר פון די פּאַסירונגען, וואָס ווערען דער־צעהלט וועגען איהם. דער צווייטער איז געווען בבא בן בוטי, אַן אויסער־געוועהנליך פרומער און אַ זעהר געעהרטער מאַן, וועמעס מיינונגען עס זיינען ביים פאָלק געווען אָנגענומען. הירודוס האָט אויסגע'הרג'עט דעם גרעסטען טייל פון זיין משפחה („אידישע אַלטערטימער"). איהם אַליין האָט ער בלינד געמאַכט. דערנאָך ערסט, נאָכדעם ווי ער האָט ביי דעם מאַן אוועקגענומען פון זיינע אויגען דעם ליכטיגען שיין, פלעגט הירודוס קומען צו געהן שטילערהייט צו איהם אין הויז אריין, פלעגט זיך פאַרשטע־

לען פּאַר אַ זייטיגען מענשען, און ער האָט אויף אַזאַן אופן געוואָלט אויספּילצען פון איהם, וואָס ער דענקט וועגען איהם, הירודוס׳ן, און זיין רעגירונג. ווען הירודוס האָט זיך פון בבא בן בוטי׳ס רייד איבערצייגט, אַז ניט מיט אַ וועלכער עס איז טאָט, ניט אַפילו מיט רייד האָט יענער גאָר ניט געהאַט בדעה צו שעדיגען איהם, דאַן איז ער צו איהם מיט אַמאָל געוואָרען גוט. אפשר האָט ער טאַקי ביי זיך אין הארצען חרטה געהאַט אויף דאָס שלעכטס, וואָס ער האָט איהם געטאָן. פון יענער צייט אַן פלעגט ער זיך מיט בבא בן בוטי׳ן וועגען איינינע זאַכען אָפטמאָל מישב זיין (בבא בתרא ג׳ און ד׳). אַזאַ גאָטספאַרכטיגער מאַן, ווי בבא בן בוטי, האָט זיך אַרויסגעכאַפּט נאָר איינער פון פיעלע: ער האָט שטענדיג געציטערט, טאָמער האָט ער אין וואָס עס איז עובר געווען אויף גאָטס געבאָט (די משנה אין כריתות כ״ה) (ב). זיי דערצעהלען זיך אַן וואונדער וועגען זיין פרומקייט און זיין געדולדזאַמקייט (נדרים ס״ו). קיין בעזונדערע הלכות זיינען פון איהם ניטאַ, אַחוץ איין קבלה, וואָס ער האָט איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון שמאי הזקן (גיטין נ״ז). כאָטש אַפילו ער איז געווען פון שמאי׳ס תלמידים, פונדעסטוועגען האָט ער זיך אין אַלצדינג נוהג געווען אַזוי, ווי בית הלל האָט געהייסען, און ער האָט נאָך אַליין מיטגעווירקט דערצו, אַז הלל׳ס מיינונג זאָל ערקלערט ווערען פאַר אַן ענדגילטיגע, אָנגענומענע הלכה (ז. פריהער, זייט 473). דער דריטער פון שמאי׳ס תלמידים, וואָס ווערען אָנגערופען מיט די נעמען, איז דוסתאי פון דעם שטעדטעל יתמה. ער ברענגט אין שמאי׳ס נאָמען אַ געוויסע הלכה, מיט וועלכער ער שלאָגט אָפּ די מיינונג פון זיינע קאָ־לעגען פון שמאי׳ס שולע און ער שטיצט אונטער די מיינונג פון בית הלל (ערלה, פרק ב׳, משנה ה׳). דער פערטער פון די דערמאָהנטע תלמידים איז יועזר פון דעם טעמפּעל־באַרג (יועזר איש הבירה). ער איז געווען פון שמאי׳ס תלמידים און האָט געלעבט אין איין צייט מיט רבי גמליאל הזקן, וואָס יענער איז געווען דער פאַרשטעהער פון בית הלל. ער ברענגט אין רבי גמליאל׳ס נאָמען אַ געוויסע הלכה, וואָס ער אַליין איז מיט איהר געווען איינשטימיג און האָט זי אָנגענומען (ערלה, פרק ב׳, משנה י״ב).

**הלכות פון בית**
**שמאי און בית הלל.**

צווישען די הלכות, וואָס ווערען געבראַכט אין דעם נאָמען פון בית שמאי און בית הלל, זיינען פאַראַן אַזעלכע, וואָס מען קאַן רעכענען, אַז

זיי זיינען ענטשטאַנען נאָך אין דער צייט, ווען שמאי און הלל האָבען געלעבט, אָדער וועניגסטענס באַלד נאָך זייער טויט. דער גרעסטער טייל פון דידאָזיגע הלכות איז ענטשטאַנען אין דעם משך פון דער צייט נאָכ'ן טויט פון די ביידע פאַרשטעהער ביז צום חורבן בית המקדש. אַז דער בית המקדש איז חרב געוואָרען, דאַן איז שוין דער נאָמען פון בית שמאי אין גאַנצען אַרונטער: אַלע געלערנטע האָבען זיך דאַמאָלסט פאַרייניגט אין איין געגאָסענשאַפט, אָבער נאָר מיט'ן צוועק צו זיכערן די פער־זענליכע פרייהייט פון יעדען איינציגען אין דעם ענין פון דרשנ'ען די תורה; צו קיין איינינקייט אין דעם אופן פון לערנען די תורה זיינען זיי אויך דאַן ניט געקומען, און פון דאַמאָלסט אַן ערסט האָבען זיך די בתי מדרשים געמעהרט.

די מיינונגס־פאַרשיידענהייט צווישען די ביידע שולעס איז געווען אַ שטערונג פאַר דער נאָרמאַלער ענטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה. די שפּעטערדיגע האָבען זיך זעהר געקלאָגט אויף דערדאָזיגער ענדערונג, וואָס די צייט האָט מיט זיך געבראַכט: אַמאָל איז ביי אידען ניט געווען קיין שום מחלקות; אָבער זינט עס זיינען אַנגעשטאַנען די תלמידים פון שמאי און הלל, וואָס זיינען ניט געווען גענוג דיסציפּלינירט, האָבען זיך די מחלקות געמעהרט, און די תורה איז אַזוי ווי פערוואַנדעלט געוואָרען אין צוויי בעזונדערע תורות (סנהדרין פ"ח. ירושלמי: סנהדרין, פרק א', הלכה ד'. תוספתא: סנהדרין, פרק ז'. אויך אין אַנדערע ערטער). פון דאַמאָלסט אַן זיינען שטענדיג געווען מחלקות. זיי האָבען ניט אויפ־געהערט אויך דאַן, ווען די בעזונדערע שולעס פון שמאי און הלל האָבען שוין ניט עקזיסטירט מעהר. דער צוועק איז ביי זיי אַלעמען געווען איינער: צו בעפעסטיגען די רעליגיאָן אין דעם גייסט פון די פּרושים און מאַכען אַ גדר צו דער תורה. אָבער די מיטלען און וועגען, ווי אַזוי צו דערגרייכען דעם צוועק, זיינען ביי זיי געווען פאַרשיידען. ווען מיר זאָלען נעהענטער בעטראַכטען דעם אינהאַלט פון זייערע מחלקות, קענען מיר לייכט דערקענען דעם כאַראַקטער פון זייערע לעהר־סיסטעמען.

די צאָהל פון זייערע לעהרזאַצען אין אַלגעמיין טרעפט אַן דרייהונדערט און זעכצעהן. זיי קענען איינגעטיילט ווערען אין דריי פאַרשיידענע גרופּעס: הלכות, אויסטייטשונגען (2) און גזירות. די צאָהל פון די הלכות איז צוויי הונדערט איין און צוואַנציג. די צאָהל פון די אויסטייטשונגען איז ניין און צוואַנציג. די צאָהל פון די גזירות איז זעקס און זעכציג. נאָך די סדרים (3) פון ש"ם ווערען זיי איינגעטיילט אַזוי: 1) ס ד ר ז ר ע י ם. אין גאַנצען ווערען דאָרטען געבראַכט זעקס און זעכציג

מאמרים פון זיי. מחלקות צווישען זיי קומען פאר ביי פינף און דרייסיג הלכות (ג), ביי זיבען אויסטייטשונגען (ד) און ביי זעכצעהן גזירות (ה). פון דעם איז פאראן זיבען פאלען ביי הלכות און דריי פאלען ביי אויס־טייטשונגען, וואו בית שמאי פארגרינגערט. אויסערדעם איז פאראן איין פאל, וואו די בית הלל האבען זיך אפגעזאגט פון זייער מיינונג און זיינען צוגעשטאנען צו בית שמאי'ס מיינונג (ו). אין אלע איבעריגע פאלען זיינען די פארגרינגערער די בית הלל. 2) ס ד ר מ ו ע ד. אין גאנצען ווערען געבראכט זיבען און זיבעציג מאמרים פון זיי. מחלקות קומען פאר ביי צוויי און פופציג הלכות (ז), ביי אכט אויסטייטשונגען (ח) און ביי זיבעצעהן גזירות (ט). פון דעם איז פאראן נאר זעקס פאלען ביי הלכות און איין פאל ביי אן אויסטייטשונג, וואו בית שמאי פארגרינגערט. 3) ס ד ר נ ש י ם. אין גאנצען ווערען געבראכט זיבען און פופציג מאמרים פון זיי. מחלקות קומען פאר ביי פיער און פערציג הלכות (י), ביי פינף אויסטייטשונגען (יא) און ביי אכט גזירות (יב). פון דעם איז פאראן צוועלף פאלען ביי הלכות, דריי פאלען ביי אויסטייטשונגען און צוויי פאלען ביי גזירות, וואו בית שמאי פארגרינגערט. אויסערדעם האבען זיך אין פיער פאלען די בית הלל אפגעזאגט פון זייער מיינונג און זיינען צוגעשטאנען צו בית שמאי'ס מיינונג. 4) ס ד ר נ ז י ק י ן. מחלקות קומען פאר ביי עלף הלכות (יג), ביי צוויי אויסטייטשונגען (יד) און ביי זעקס גזירות (יה). פון דעם איז פאראן זעקס פאלען ביי הלכות און פינף פאלען ביי גזירות, וואו בית שמאי פארגרינגערט. אין דעם זעקסטען פאל פון די גזירות האבען זיך די בית הלל אפגעזאגט פון זייער מיינונג און זיינען צוגעשטאנען צו בית שמאי'ס מיינונג. 5) ס ד ר ק ד ש י ם. אין גאנצען ווערען געבראכט פופצעהן מאמרים פון זיי. מחלקות קומען פאר ביי זיבען הלכות (יו), ביי זיבען אויסטייטשונגען (יז) און ביי איין גזירה (יח). ביי דער גזירה און אין צוויי פאלען ביי די הלכות זיינען די בית שמאי די פארגרינגערער. 6) ס ד ר ט ה ר ו ת. מחלקות קומען פאר ביי פינף און זעכציג הלכות (יט) און ביי אכצעהן גזירות (כ). פון דעם איז פאראן נאר זיבען פאלען ביי הלכות, וואו בית שמאי פארגרינגערט. ביי איינער פון די הלכות און ביי איינער פון די גזירות האבען זיך די בית הלל אפגעזאגט פון זייער מיינונג און זיינען צוגעשטאנען צו בית שמאי'ס מיינונג. אלזא, צווישען אזוי פיעל הלכות, ביי וועלכע בית שמאי און בית הלל געהען זיך פאנאנדער, געפינען זיך סך הכל פינף און פופציג ערטער, וואו די בית שמאי פארגרינגערן און די בית הלל, פארקעהרט, מאכען שווערער. ביי די גזירות זיינען אזעלכע

פאלען פאראן זעהר ווייניג. די מעהרסטע פון די פאלען, וואו בית הלל איז דער מחמיר, קומען פאר ביי הלכות און אויסטייטשונגען. אין די־דאזיגע אויסגאהמספאלען איז ביי די בית הלל די חומרא דאס רוב געווען א לאגישע קאנסעקווענץ פון א וועלכער עס איז מיינונג אדער א דרש, וואס זיי האבען אנגענומען אין אן אנדער ארט. צ. ב. איינע פון בית הלל׳ס חומרות איז ביי דעם ענין פון גט׳ען זיך. ווען איינער האט אנגע־שריבען א גט פאר זיין פרוי, נאר איידער דער גט איז איהר איבערגעגע־בען געווארען, האבען זיי נאך א צייט געוואוינט זעלבאנאנד אין איין צימער, קאן ער זיך מיט אזא אלטען גט ניט בענוצען (גיטין ע״ט). נאך מעהר, ווען איינער האט אפילו, ווי געהעריג, שוין אפגע׳גט זיין פרוי, נאר דערנאך האט ער מיט איהר אין א גאסטהויז גענעכטיגט זעלבאנאנד אין איין צימער, דארף ער איהר געבען אויף דאס נייע א גט (גיטין פ״א). די בית הלל זיינען דא נאר געווען קאנסעקווענט, ווארום זיי האבען אפ־געלערנט מיט א דרש אין אן אנדער ארט (גיטין צ׳), אז א מאן מעג גט׳ען זיין פרוי פאר דער קלענסטער אורזאכע, אפילו ווען זי האט איהם איבערגעפיהרט א געקעכץ. וויבאלד זיי האבען גארנישט ניט געהאט געגען דעם, אז דער מאן זאל אזוי לייכט אננעהמען א בעשלוס צו גט׳ען זיין פרוי, האבען זיי שוין ממילא ניט געקאנט האלטען פאר אויסגעשלא־סען, אז פונקט אזוי לייכט זאל דער מאן ענדערן זיין בעשלוס. דעריי־בער אין אזא פאל, וואו דער מאן מיט דער פרוי האבען דערנאכדעם גע־נעכטיגט זעלבאנאנד אין איין צימער, האבען די בית הלל געמוזט פארקלע־רען אויף דעם, אפשר איז ער דערווייל אפגעגאנגען פון כעס, איהם האט ווידער אנגענומען א חשק צו איהר, און זיי האבען געלעבט, ווי מאן און ווייב (ז. פירוש תוספות יום טוב אויף גיטין, פרק ח׳, משנה ד׳. אויך ירושלמי: גיטין, פרק ח׳, הלכה ד׳). ביי די איבעריגע גזירות, וואס זיי האבען איינגעפיהרט פון פארזיכטיגקייט וועגען, קאן מען אויך געפינען אן עהנליכע לאגישע גרונדלאגע, ווען מען זאל זיי נאר גוט בעטראכטען. אין די מעהרסטע פון די אנגעוויזענע פאלען, וואו בית הלל איז דער מחמיר, זיינען גאר די שפעטערדיגע געלערנטע וועגען דעם עצם פאקט פון דער מחלוקת ניט אייניג. אנדערע פון זיי לייקענען דאס אפ: זיי זא־גען, אז אין דעם און דעם פונקט איז צווישען בית שמאי און בית הלל גאר קיין מחלוקת ניט געווען אדער אז זיי, וועניגסטענס, האבען פון אזא מחלוקת גארנישט געהערט (כא).

### דער אונטערשייד צווישען בית שמאי און בית הלל.

ווען דער פארשער זאל זיך אוועקשטעלען פאר א ציל אויסצוגעפינען ביי יעדערער פון דיביידע שולעס א ספעציפישעס, שטרענג אויסגעהאלטענם סיסטעם, וועט געוויס זיין אומזיסט זיין טירחא, און די צייט, וואס ער וועט אויף דעם פטר'ן, וועט זיין ארויסגעווארפען. מיר האבען דא צו טאן מיט איינפאכע מענשען, וואס האבען גאר ניט געוואוסט פון דער קונסט צו בויען שטרענג אויסגעהאלטענע לעהר־סיסטעמען. זיי זיינען זיך געגאנגען מיט זייער וועג, ניט פארקלערענדיג אויף אויבער־שכל. דאס איינציגע, וואס מען קאן ווירקליך ניט אפלייקענען, איז, אז יעדערע פון די ביידע שולעס האט אין לערנען געהאט עפעס א בעזונדער טענדענץ. אזא סך הכל קאן מען יע ארויסציהען פון זייערע אלע מחלקות. בית הלל'ס טענדענץ דריקט זיך אוים דייטליך אין פיעלע פון זייערע אייגענע ווערטער, וואס זיינען צו אונז דערגאנגען. ווען ז י י זאגען ארויס א מיינונג, גיבען זיי נאך צו וויפיעל מאל אן ערקלערונג אויף צו בעגרינדען די מיינונג. נאך מעהר, אפטמאל בעגרינדען זיי אויך די מיינונג פון זייערע געגנער, און מען האט אפילו געזאגט (עירובין י"ג), אז אט דערפאר טאקי האבען זיי זוכה געווען, אז אומעטום, וואו בית שמאי און בית הלל געהען זיך פאנאנדער אין א וועלכער עס איז הלכה, זאל בלייבען אזוי, ווי בית הלל זאגט (כב). די בית הלל האבען זעהר ניט געוואלט, אז די תורה זאל פאר איהרע פאלגער ווערען א צו שווערע לאסט. זיי האבען געזוכט אן עצה, ווי אזוי צו פארגרינגערן, צוליעב דעם אלגעמיינעם נוץ, די לאסט פון די מצוות. (כג). אויף די וועגען, וואס הלל האט פאר זיי דורכגעטראטען, דארטען זיינען אויך זייערע טריט קענטיג געווען. הלל'ס גוטע מדות: זיין פריינדליכקייט און זיין שטרעבען די מענשען צו בערוהיגען, — אט דיזעלביגע מדות בלישצען ארוים פון צווישען זייערע לערנונגען. ביי פיעלע פון זייערע הלכות זעהט מען, אז זיי האבען אנגענומען דעם בעשלוס זייערען איינציג נאר אוים מיטלייד מיט די מענשען, פאר וועמען דערפון האט געזאלט ארויסקומען א טובה (כד). בעטראכטענדיג די געזעצען פון דער תורה, האבען זיי שטענדיג בעזונדערס געהאט פאר די אויגען דעם גייסטיגען אינהאלט פון דידאזיגע געזעצען און זייער מאראלישען צוועק. דאס זעהט מען למשל ארוים פון זייער קוק אויף דעם באנד פון פאמיליענלעבען. זיי האבען גערעכענט, אז נאר די ליעבע און דער פרייער ווילען דארפען האלטען מאן און ווייב

געבוירענעם איינעם צום אנדערען. נאכ'ן געזעץ פון דער תורה האט א פאטער געהאט דאס רעכט צו לאזען איינעם מקדש זיין דורך איהם זיין טאכטער, סיי א קליינע, סיי א גרעסערע (קידושין מ"א). אזעלכע קידושין, וואס דער פאטער האט פון זיין טאכטערס וועגען אנגענומען, זיינען גע־ווען גילטיג. די טאכטער האט געגען דעם ניט געקאנט פראטעסטירען. געגען איהר ווילען האט דער פאטער פאר איהר געקאנט אננעהמען די קידושין, און זי האט ווילענדיג־ניט־ווילענדיג געמוזט רעכענען זיך פאר יענעמס ווייב. אזוי וועניגסטענס האבען די בעלי התלמוד געלערנט דעם פשט אין דער תורה. אין פאל, ווען א קליין מיידעל האט ניט געהאט קיין פאטער, האבען די געלערנטע דער מוטער איהרער און איהרע ברידער געגעבען דאסזעלביגע רעכט אנצונעהמען. פון־איהרטוועגען קידושין, צי מיט איהר וויסען, צי אהן איהר וויסען. די תקנה איז געמאכט געווארען פון איהר טובה וועגען. אין יענער צייט איז ביי זיי אין לאנד געווען דער מנהג חתונה צו מאכען די טעכטער קליינערהייט. דעריבער, כדי די קליינע, וואס האט ניט קיין פאטער, זאל ניט אויסען בלייבען, האבען זיי דער מוטער און די ברידער געגעבען דאס רעכט חתונה צו מאכען איהר. פונדעסטוועגען האבען יענע ניט געהאט אזא מאכט, ווי דער פא־טער. די, וועמען די מוטער אדער די ברידער האבען פאר איימיצען אויס־געגעבען, האט געהאט דאס רעכט צו פראטעסטירען און זאגען, אז זי וויל ניט דעם מאן: דאן זיינען די קידושין געווען בטל. דאס אלץ איז אין דער צייט פון בית שמאי און בית הלל געווען א בעוואוסטע און אנגענו־מענע הלכה (יבמות ק"ז). ביי זיי איז אבער דאמאלסט געשטאנען א פראגע וועגען אט וואס: צי האט די פארקנאסטע דאס רעכט צו פרא־טעסטירען נאר, כל זמן זי איז נאך ניט געשטאנען אונטער דער חופה, אדער זי קאן אפילו נאך דער חופה אויך פראטעסטירען? עס איז ביי זיי געווען אויך א פראגע: ווי איז דער דין, ווען זי האט געגען דעם מאן גופא ניט פראטעסטירט, נאר ער איז דערנאכדעם געשטארבען, און עס איז אויסגעקומען, אז זיין ברודער האט איהר געדארפט מייבם זיין: צי קאן זי אויך דאן נאך אויסנוצען איהר רעכט אויף צו פראטעסטירען אין בעצוג צו דעם שוואגער? עס איז אויך ניט געווען פון פריהער בעשטימט, צי מוז זי פראטעסטירען דוקא נאר פאר דעם מאן אין די אויגען אדער עס איז רעכט אונטער די אויגען? צי מוז די פראטעסט־ערקלערונג אפגעגעבען ווערען דוקא ביי בית דין אדער עס איז רעכט ניט ביי בית דין? אט אויף די אלע פראגען האבען די בית הלל געגעבען אזא ענטפער, פון וועלכען מען זעהט, אז זיי האבען געזוכט ווי ווייט מעג־

ליך צו בעזייטיגען יעטוועדען מוז און צוואנג אין בעצוג צום פאמיליענ־
לעבען. דעריבער האבען זיי געמאכט פאר א געזעץ: אז אפילו ווען זי
איז שוין געשטאנען אונטער דער חופה, נאר דער מאן איז איהר ניט צום
הארצען, קאן זי פראטעסטירען און מאכען די חופה און די קידושין צו
גארנישט; אז ניט נאר געגען דעם מאן, נאר אפילו געגען דעם שוואגער,
וואס וויל איהר נאך דעם מאנס טויט מייבם זיין, קאן זי אויך פראטעס־
טירען. פארקלערענדיג ווייטער אויף דעם, טאמער וועט זי ניט האבען
דעם מוט און זי וועט זיך שעמען צו זאגען דעם מאן אין די אויגען, אז
זי בראקירט מיט איהם, אדער זי וועט זיך שעמען צו געהן צו בית דין
און דעריבער וועט זי ניט ווילענדיג נעהמען אויף זיך דאס יאך פון דעם
מוז, ד. ה. זי וועט איבער גוואלד מרוצה ווערען אפצולעבען מיט'ן מאן
איהרע יאהרען, כאטש אפילו איהר הארץ ציהט ניט צו איהם, — אט
צוליעב דעם האבען זיי געמאכט פאר א געזעץ, אז זי קאן פראטעסטירען
אפילו ניט פאר דעם מאן אין די אויגען און אויך ניט ביי בית דין (דער־
זעלביגער דף אין יבמות). דערזעלביגער גייסט לאזט זיך פיהלען אויך
אין בית הלל'ס טעאריע וועגען גט'ען זיך. בית שמאי ערלויבט ניט דעם
מאן צו גט'ען זיין פרוי, סיידען ער האט אויף איהר געפונען א חטא, אז
זי פיהרט זיך ניט אנשטענדיג. אז ניט, האט ער בשום אופן קיין רעכט
ניט צו גט'ען איהר. אפילו ווען דער מאן האט זיך ארומגעזעהען, נאכ־
דעם ווי ער האט די פרוי אריינגענומען צו זיך אין הויז, אז זי האט אין
זיך אזעלכע גייסטיגע אדער קערפערליכע אייגענשאפטען, צוליעב וועלכע
ער קאן איהר ניט ליעב האבען, אפילו ווען ער פיהלט ביי זיך, אז אין
איהר געזעלשאפט וועט ער קיינמאל ניט האבען קיין פארגעניגען און וועט
קיינמאל ניט געניסען קיין הויזפרידען, טאר ער איהר פונדעסטוועגען פון
זיין הויז ניט פאריאגען: ער מוז מיט איהר לעבען און אננעהמען אלצ־
דינג פאר גוט, כאטש אפילו ער פיהלט אין הארצען, אז עס איז שלעכט.
די בית שמאי האבען אזוי בעשלאסען, ווייל זיי האבען געוויס געגלויבט,
אז די געטליכע פארבעשטימונג בעציהט זיך אויף יעדער איינצעלנער
פערזאן און אויך אויף יעדער איינצעלנעם אקט, וואס ווער עס איז טוט;
ווארום פון לאנג אן איז ביים פאלק געווען איינגעווארצעלט דער גלויבען,
אז נאך מיט פערציג טעג פריהער, איידער דאס קינד ווערט בעשאפען,
ווערט שוין אויפ'ן הימעל אנגע'חתמ'עט, ווער עס זאל זיין זיין פאר
(סנהדרין כ"ב). אלזא, דאס פאמיליענבאנד איז ביי זיי אין די אויגען
געווען עפעס אזוינס, וואס מען האט אויפ'ן הימעל פארבונדען; און אזא
באנד נאטירליך טארען די מענשען ניט אויפלייזען, סיידען נאר אין אזא

פאַל, וואו די תורה און די רעליגיאָן הייסט עס בפירוש. דידאָזיגע טעאָריע איז אָבער גאָר ניט געווען מסוגל אויף צו זיכערן דעם מענשענס גליק בכלל און דעם הויזפרידען בפרט. אזא מין טעאָריע, ווען זי ווערט דורכ־געפיהרט פּראַקטיש אין לעבען, קאָן דוקא זעהר לייכט ברענגען צו אַ דע־מאָראַליזאַציע. ניט אזוי האָבען די בית הלל געהאַלטען. זיי האָבען אזוי געררעכענט: מיט איהרע געזעצען איז די תורה נאָר אויסען צו שטיצען די מאָראַל און די ריינקייט פון לעבען. עס איז דעריבער גאַנץ אויסגעשלאָ־סען, אַז די תורה האָט געזאָלט געבען אַ געזעץ, וואָס זאָל אונטער געוויסע אומשטענדען זיין געפעהרליך און שעדליך פאַר דער מאָראַל. דאָס געזעץ וועגען גט'ען זיך קאָן זיין שעדליך פאַר דער מאָראַל, ווען מען זאָל זיין ווירקונג בעשרענקען אזוי, ווי די בית שמאי האָבען דאָס בעשרענקט. פאַרקעהרט, דאָס געזעץ קאָן זיין זעהר ניצליך סיי פאַר דער מאָראַל, סיי פאַר'ן הויזפרידען און פאַר דעם גליק פון די מענשען אין אַלגעמיין. ווען דעם מאַן זאָל געגעבען ווערען דאָס רעכט צו גט'ען זיך מיט זיין פרוי צוליעב וואָס פאַר אַן אורזאַכע עס זאָל ניט זיין: אויב ער געפינט אין איהר נאָר עפּעס אזוינס, וואָס איז ניט נאָך זיין גוסט און נאָך זיין וואונש, און וואָס קאָן איהם מאַכען פיהלען צו איהר אַ האָס אַנשטאָט ליעבע. דעמזעלביגען מאַסשטאַב פון מיטליד און גנענדיגקייט האָבען זיי אַנגעווענדט אויך דאָ, וואו דאָס געזעץ האָט געהייסען ארויפלעגען אויף איימיצען אַ שטראָף: זיי האָבען געזוכט ווי ווייט מעגליך די שטראָף צו פאַרקלענערן (כה). וויבאַלד אַז ד אָ ס זיינען געווען זייערע גרונד־פּרינציפּען, איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז זיי האָבען ניט אזוי לייכט גע־קאָנט ביי זיך פּועל'ען איינצופיהרען נייע גזירות, און וואו נאָר זיי האָבען געזעהען די קלענסטע מעגליכקייט אויסצוקומען אָהן דעם, פּלעגען זיי ניט פאַרקלערען אויף אַלערליי מעגליכע איינפאַלען און פּלעגען זיך אָפּהאַל־טען פון מאַכען גזירות (כו). אַן אַנדערס מאָל זיינען זיי אין דערדאָזיגער ריכטונג געגאַנגען נאָך אַ ביסעל ווייטער; זיי האָבען ערלויבט אמאָל אנצואווענדען אַ קונץ אויף צו אויסדרעהען זיך פון אַ געוויסען איסור (ז. תוספות: פּסחים, אַנהויב פון דף ל"ז). אָט דאָס איז געווען זייער גאַנג, מיט וועלכען די בית הלל האָבען זיך אויסגעצייכענט. בית שמאי'ס איז געווען פונקט דער היפוך פון דעם.

אַ גרויסע צאָהל מחלקות צווישען בית שמאי און בית הלל זיינען פאַרגעקומען אויפ'ן באַדען פון אַלטע הלכות, וואָסביידע האָבען זיך גע־שטעלט די אויפגאַבע אויסצוטייטשען זיי. דער צוועק פון דעם אויס־טייטשען איז געווען: צו ערקלערען דעם עצם מיין פון דער הלכה, דעם

גרונד איהרען און די דעטאַלען (כז); צו בעשרענקען די קראַפט פון דער הלכה, מאַכענדיג איהר ווירקונג אָפּהענגיג פון געוויסע בעדינגונגען (כח); אָדער, פאַרקעהרט, צו פאַרברייטערן די ווירקונג פון דער הלכה (כט). בעטראַכטען מיר נעהענטער זייערע לעהרזאַצען, דאַן זעהען מיר, אז אַט די קאַטעגאָריעס שליסען אין זיך איין דעם גרעסטען טייל פון זייערע מחלקות אין ענינים פון הלכה. ביים אויסטייטשען און ערקלערען די אַלטע הלכות האָט יעדערע פון דיביידע שולעס ארויסגעוויזען פונקט די־זעלביגע טענדענץ, ווי ביים אויסטייטשען די ווערטער פון דער תורה. אין זייערע פירושים אויף דער תורה האָבען זיך די בית שמאי געהאַלטען געבונדען דורך דעם געשריבענעם טעקסט, אין זיין בוכשטאַבליכער בעדיי־טונג, דאַן וועט די בית הלל פלעגען זיך אריינטראַכטען טיפער אין דעם זין פון די ווערטער און פלעגען צולעגען דערביי זייער אייגענעם שכל און לאָגיק (ל). מיט דיזעלביגע אייגענשאַפטען צייכענען זיך אוים זייערע אויסטייטשונגען אויף די הלכות, וואָס זיי האָבען פון די פריהער־דיגע געהאַט בקבלה. די אויפפאַסונג פון בית שמאי און בית הלל איז דאָ געווען פאַרשיידען. די בית שמאי האָבען יעטווועדע הלכה, וואָס זיי האָ־בען נאָר געהאַט בקבלה, בעטראַכט פאַר עפּעס אזוינס, וואָס איז אויף שטענדיג פאַרקלאַפּט, אזוי אז מען טאָר דאָ בשום אופן גאָרנישט ניט איבערמאַכען, כאָטש אפילו די לאָגיק בעווייזט, אז עס בעט זיך דאָ יע וואָס עס איז איבערצומאַכען. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אז די־דאָזיגע טענדענץ פון די בית שמאי האָט אויך געווירקט אויף זיי אין דעם פּרט, אז זיי זאָלען זיך ניט אָפּהאַלטען פון ארויסגעבען איין געבאָט נאָך דעם אנדערען, איינפיהרען איין גזירה נאָך דער אַנדערער. דעריבער טאַקי זיינען די בית שמאי שטענדיג געווען פון די, וואָס האָבען אַלצדינג געוואָלט מאַכען שטרענגער. די בית הלל, פאַרקעהרט, שטיצענדיג זיך אויף זייער אייגענעם שכל און לאָגיק, האָבען ניט דורכגעלאָזען קיין מעג־ליכקייט אָפּצוטיילען איין ענין פון דעם אנדערען, און דעריבער האָבען זיי דאָס רוב געקאָנט אַ בויג טאָן די זאַך אין דער זייט פון פאַרגרינגערן.

די צייט פון די
ביידע שולעס און
זייערע מחלקות.

ווי לאַנג האָבען בית שמאי און בית הלל עקזיסטירט, ווי בעזונדערע שולעס? מיר קענען דאָס ניט אָנווייזען גענוי, ווייל מיר ווייסען ניט,

אין וואסער צייט שמאי איז געוואָרען אב בית דין און  ווען  זיין בית מדרש איז געגרינדעט געוואָרען? אָבער איין זאך ווייסען מיר קלאָר: אז די אָפּגעטיילטקייט פון די ביידע שולעס איינע פון דער אַנ־דערער האָט זיך געצויגען ניט לענגער, ווי ביז צו דער צייט פון רבי יוחנן בן זכאי. ווען מיר געפינען אפילו אויך נאָכ׳ן חורבן אייניגע סימנים אויף דעם, אז עס האָבען נאָך עקזיסטירט דאָן געלערנטע פון שמאי׳ס שולע, איז דאָס גאָר קיין בעווייז ניט, אז די שולעס גופא האָבען נאָך דאָן עקזיסטירט אין פולען זין פון דעם וואָרט, ווי צוויי קאָנקורירענדע אַנ־שטאַלטען. ווען א געוויסער פערבאַנד האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירען, הייסט עס נאָך ניט אונבעדינגט, אז אין איין אויגענבליק האָבען זיינע געוועזענע מיטגלידער אויפגעהערט צו עקזיסטירען אָדער זיי האָבען אַלע גלייך אומגעביטען זייער מיינונג. געווים האָבען זיך נאָכ׳ן חורבן נאָך געפונען איינצעלנע מענשען, וואָס האָבען זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זייערע אַמאָליגע מיינונגען, אָבער צוליעב דעם אַליין קענען מיר אויף זיי דעם נאָמען „שולע“ ניט אָנווענדען. און מיר זעהען טאַקי, אז ווען די שפּע־טערדיגע פון די בעלי התלמוד ווילען מאַכען א פּאַראַלעל צווישען די „ערסטע“ דורות און די „לעצטע“ דורות, ווייזען זיי אָן אויף די בית שמאי, ווי אויף די פאָרשטעהער פון די „ערסטע“, דאָן ווען אזא, ווי רבי דוסא, שטעלען זיי שוין ארויס, ווי א פאָרשטעהער פון די „לעצטע“ דורות (גיטין פ״א), כאָטש אפילו דערדאָזיגער רבי דוסא בן הורקנוס האָט גע־לעבט א געוויסע צייט פאַר׳ן חורבן און נאָך איהם (יבמות ט״ז). אמת, ביי אייניגע געצעהלטע פון די מחלוקות, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישען בית שמאי און בית הלל, זעהט אוים נאָכ׳ן אינהאַלט, אזוי ווי זיי וואָל־טען ענטשטאַנען אין דער צייט פון נאָכ׳ן חורבן. דאָס איז אָבער נאָך אַלץ קיין בעווייז ניט, אז די שולעס האָבען טאַקי עקזיסטירט נאָכ׳ן חורבן. וואָרום ווען מיר זאָלען אין די עטליכע פאַלען בעטראַכטען דעם רעכטען עצם פון דער הלכה, וועלען מיר דאָ גאָר ניט געפינען עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אונז צווינגען צו זאָגען, אז די מחלוקת האָט געמוזט פאָרקומען דוקא נאָך אין דער צייט, ווען עס איז שוין ניט געווען דער בית המקדש. פאַרקעהרט, א קאָנקרעטען פאַל, וואו אזא מחלוקת האָט געזאָלט האָבען א פּלאַץ, קאָן מען זיך פאָרשטעלען אויך אין דער צייט, ווען דער בית המקדש איז געשטאַנען. מעהר ניט, די געלערנטע, וואָס זיינען געווען נאָכ׳ן חורבן, האָבען, אויף צו אילוסטרירען די מחלוקות, גענומען א פּאַל, וואָס האָט זיך בעסער געפּאַסט צו די אומשטענדען פון זייער צייט. מיר האָבען דאָ צוויי מחלוקות פון דעמדאָזיגען מין. די ערסטע: ווען איימי־

צער האט הײנטיגע צײטען פרוכט און עס קומט דער מאמענט, ווען מען דארף אויסראמען דעם מעשר פון הויז, איז בית שמאי זאגט, אז ער מוז די פרוכט אויסבײטען אויף געלט, און בית הלל זאגט, אז עס איז אלץ אײנס: צי דאס וועט ליגען אין געלט אדער אין פרוכט (מעשר שני, פרק ה׳, משנה ז׳; ז. דארטען דעם פירוש תוספות יום טוב) (4). דא איז די עצם מחלוקת געווען נאך פריהער, בעת דער בית המקדש איז געשטאנען. עס פלעגט טרעפען פון צײט צו צײט, אז אפילו די, וואס האבען געוואוינט ניט זעהר ווײט פון ירושלים, האבען ניט געקאנט ברענגען אהינצו דעם מעשר שני צוליעב די מלחמות אדער ווײל די וועגען זײנען געווען אין א שלעכטען צושטאנד. צווישען בית שמאי און בית הלל איז געווען א מחלוקת וועגען דעם, צי רעכענט זיך דאס אין אזא פאל, אז מען וואוינט ווײט פון ירושלים אדער ניט. די שפעטערדיגע, וואס האבען איבערגענומען די הלכה, האבען זי פאר־מולירט אין אזא נוסח, ווי עס האט זיך בעסער געפאסט פאר זײער צײט (לא). דיזעלביגע זאך בעמערקען מיר בײ פיעלע פון די מחלקות, וואס די שפעטערדיגע גיבען איבער אין זײער נאמען. פון אויבען אויף דוכט זיך, אז זײ גיבען אונז איבער די ווערטער פון בית שמאי און בית הלל אין אריגינאל, פונקט ווי יענע האבען זיך אויסגעדריקט. אין דער אמת׳ען אבער גיבען זײ איבער דעם אינהאלט מיט אײגענע ווערטער, וועל־כע זײ לעגען ארײן אין די מײלער פון בית שמאי און בית הלל (לב). אט איז א צווײטע מחלוקת פון דעמזעלביגען מין.
בית שמאי זאגט: ווען אײמיצער האט אויף זיך גענומען א נדר בזה הלשון „איך זאג צו א מ ר ח ש ת,“ דארף דאס בלײבען, ביז אליהו הנביא וועט קומען (5). בית הלל זאגט אבער: עס איז געווען אזא גע־שיר אין בית המקדש, וואס האט געהײסען מרחשת (מנחות ס״ג). נאך דער אויסערליכער פארם קאן מען מײנען — און מען האט טאקי אזוי געמײנט (פראנקל: „דרכי המשנה“, ז. 54) — אז דאס איז געזאגט גע־ווארען נאכ׳ן חורבן בית המקדש. נאכ׳ן אינהאלט נאך אבער פאסט זיך די מחלוקת גראד פאר דער צײט, ווען דער בית המקדש איז געשטאנען. דאן טאקי קאן מען זיך פארשטעלען אזא פאל, אז אײמיצער, וואס האט אויף זיך גענומען א נדר מיט די ווערטער „איך זאג צו א מרחשת“, קומט פרעגען א שאלה, ווי אזוי ער זאל דעם נדר מקיים זײן. די בית שמאי זײנען געווען אין ספק: צי מרחשת איז אײגענטליך דער נאמען פון א גע־וויסען געבעק, וואס ווערט בענוצט פאר א שפײז־אפפער, און ווײל אט דאס שפײז־אפפער ווערט געבאקט אין א טיפער פאן, איז צוליעב דעם

נאָר ווערט שוין די פּאַן אויך אָנגערופן מרחשת, אָדער מרחשת איז טאַקי אין עצם דער נאָמען פון דער פאַן גופא. ווייבאַלד די בעדייטונג פון דעם וואָרט מרחשת איז פאַר זיי געווען ניט קלאָר, האָבן זיי שוין ממילא ניט געקאָנט געבן קיין קלאָרן ענטפער אויף דער שאלה: צו וואָס פאַר א נדבה אַזאַ מין נדר פאַרפליכט, און זיי האָבן די פראַגע געלאָזן אָפן. פאַר די בית הלל אָבער איז געווען קלאָר, אַז מרחשת איז דער נאָמען פון דער פּאַן, און דעריבער האָבן זיי געהאַלטן, אַז דער נדר פאַרפליכט צו שענקען אַזאַ פּאַן פאַר׳ן בית המקדש. אַלזאָ, וואָס צווינגט אונז צו זאָגן, אַז אָט די מחלוקת איז פאָרגעקומען אין דער צייט פון נאָכ׳ן חורבן? דאָך נאָר די אויסערליכע פאָרם פון דעם זאַץ: די בית הלל האָבן געזאָגט „עס איז ג ע ו ו ע ן אַזאַ געשיר אין בית המקדש“. אָבער, פאַר וואָס זאָלן מיר ניט זאָגן, אַז דער נוסח איז אין א שפּעטערער צייט אַזוי רעדאַקטירט געוואָרן? עס איז זיכער אַזוי. יעדער רעד. ווער עס איז געניט אין דער שפּראַך פון די ערסטע תנאים, פאַרשטעהט, אַז דער נוסח, אין וועלכן אונזער תלמוד בבלי האָט איינגעפּאַסט דידאָזיגע מחלוקת, איז ניט דער אָריגינאַל: עס איז אויף איהם קענטיג דער שטעמפּעל, וואָס די שפּעטערדיגע צייט האָט אויף איהם אַרויפגעדריקט. אין דער אמת׳ן האָט גאָר אָט די מחלוקת איבערגעגעבן איינער פון בית שמאי׳ס תלמידים, וואָס האָבן געלעבט נאָכ׳ן חורבן, און מען האָט עס אָנגענומען פאַר דער מיינונג פון בית שמאי. דעריבער, וואָס איז שייך צו דער עקזיסטענץ פון די ביידע שולעס, קאָן מען דערפון קיין שום ראיה ניט ברענגען. עס איז איבערהויפּט שווער פאַרצושטעלען זיך קאָנקרעט, אין וואָס אייגענטליך עס האָט זיך אויסגעדריקט די בעזונדער עקזיסטענץ פון ביידע שולעס נאָכ׳ן טויט פון שמאי און הלל? הלל׳ס שולע האָט פאַרטגעזעצט איהר רעאַלע עקזיסטענץ: די נשיאים, די עלטסטע פון סנהדרין און די אָנגעזעהענסטע צווישען די געלערנטע זיינען אַרויסגעקומען פון הלל׳ן. אָבער וואָס איז נאָכ׳ן טויט פון איהר הויפּט מיט שמאי׳ס שולע געוואָרען? אויב זיי האָבן געהאַט א בעזונדער בית המדרש, האָט דאָך געמוזט זיין איינער, ווער עס איז געשטאַנען אַן דער שפּיץ. פאַר וואָס זשע ווערט ערגעץ נים דערמאָהנט, ווער עס איז נאָך שמאי׳ס טויט געוועזען דער הויפּט? דעריבער מוזען מיר אָננעהמען, אַז קיין בעזונדער בית מדרש האָבען זיי גאָר ניט געהאַט; מעהר ניט, א גרויסע צאָהל פון שמאי׳ס תלמידים האָבען נאָך געלעבט א לאַנגע צייט נאָך זיין טויט, און מען האָט זיי אָנגערופן בית שמאי. ביי אייניגע הלכות קענען מיר נאָכ׳ן אינהאַלט דערקענען, צי זיי

שטאמען פון יענער צייט, ווען שמאי און הלל אליין זיינען נאך געווען. אדער ניט. דא, וואו עס קומט פאר א מחלוקת צווישען בית שמאי און בית הלל און מיר ווייסען, אז שמאי אליין האט געהאלטען, אזוי ווי בית הלל, אדער ער האט וועגען דער פראגע געהאט גאר א בעזונדער מיינונג, ניט ווי די זאגען און ניט ווי יענע, דארטען איז קלאר, אז די מחלוקת איז שפעטער ענטשטאנען. אזא פאל האבען מיר ביי זייער מחלוקת וועגען דעם, ווי איז דער דין, ווען א שטיקעל פון אן אומריינעם זויער־טייג איז פארמישט געווארען מיט א שטיק זיסען טייג, וועלכער האט דורך דעם איינגעזייערט: צי ווערט דא דער גאנצער טייג אומריין? דא איז געווען א פראגע וועגען דער פראפארציע פון אומריינעם שטאף, וואס מאכט אומריין דאס גאנצע (6). קומט צו געהן איינער פון שמאי'ס תלמידים און זאגט עדות, אז וועדליג ווי ער האט אליין געהערט פון זיין רבי'ן, האט יענער בעשטימט דיזעלביגע פראפארציע, ווי בית הלל (ערלה, פרק ב', משניות ד' און ה'). דא איז זיכער די מחלוקת ערסט שפעטער ענטשטאנען. אין אנדערע עטליכע ערטער, וואו בית שמאי און בית הלל האמפערן זיך צווישען זיך, ווערט סתם דערצעהלט, אז שמאי אליין האט וועגען דעם געהאט גאר א בעזונדער מיינונג (עדיות, פרק א', משניות ז', ח', י' און י"א). אפשר האט דא אויך פאסירט דיזעלביגע מעשה, ווי אין דעם פריהער דערמאהנטען פאל: ניט וויסענדיג זייער רבי'ס מיינונג וועגען דער פראגע, זיינען די תלמידים געקומען צו אן אנדער שלום. איינער פון זיי האט אבער יע געוואוסט שמאי'ס מיינונג, האט ער זי מיטגעטיילט זיינע קאלעגען. מיר געפינען נאך א מחלוקת צווישען בית שמאי און בית הלל, ביי וועלכער הלל אליין ווערט דער־מאהנט (מעשרות, פרק ד', משנה ב'. תוספתא: מעשר ראשון, פרק ג'). עס ווערט ניט געזאגט, אז הלל האט געהאלטען, ווי די אדער ווי יענע. עס ווערט נאר געזאגט, אז הלל „פאר זיך אליין" האט זיך אזוי און אזוי נוהג געווען. דאס הייסט אייגענטליך, אז ער האט זיך אפגעשטעלט איי־נער אליין מיט זיין מיינונג. מיט דערמיט ווערט דא אנגעוויזען דייט־ליך, אז נאך אין זיין צייט איז די פראגע בעהאנדעלט געווארען, און דאן האבען גראד זיינע קאלעגען און זיינע תלמידים זיין מיינונג ניט אנגע־נומען. ביי דער מחלוקת וועגען דעם אנלעהנען זיך אויפ'ן קרבן אום יום טוב (ז. פריהער, זייט 473) זעהט מען גאנץ קלאר, אז דאס איז פארגעקומען נאך אין דער צייט, ווען הלל האט געלעבט. ביי איין מחלוקת, וואו די בית הלל האבען זיך אפגעזאגט פון זייער מיינונג און האבען מסכים געווען מיט די בית שמאי, זעהט עס אויס, אז דאס איז

טאקי געווען אין דער צייט פון הלל און שמאי. עס האנדעלט זיך דאר־
טען וועגען אזא פאל: ווען מאן און ווייב, וואס האבען געלעבט גוט צווי־
שען זיך, זיינען אין א רוהיגער צייט ארויסגעפאהרען אין א ווייטער
מדינה, איבער'ן ים, און דערנאך האט זיך די פרוי אומגעקעהרט צוריק
און האט דערצעהלט, אז איהר מאן איז דארטען געשטארבען. בית הלל
זאגט, אז כאטש אפילו אין אזא פאל איז די פרוי בעגלויבט, אז זי איז
אן אלמנה, און זי מעג חתונה האבען מיט אן אנדערען, פונדעסטוועגען
קאן זי די כתובה ניט איינמאהנען, וויבאלד זי האט ניט קיין עדות. בית
שמאי זאגט, אז קוים מעג זי חתונה האבען, קאן זי אויך איינמאהנען די
כתובה (יבמות קט"ז). זיי שטיצען זיך דא אויף דעם אנגענומענעם
טעקסט פון דער כתובה, וואו עס ווערט געשריבען, אז ו ו ע ן ד י
פ ר ו י ה א ט ח ת ו נ ה מ י ט א ן א נ ד ע ר ע ן, דארף מען
איהר אויסצאהלען די סומע. פאר וואס זשע האבען די בית הלל ניט
אויסגעטייטשט אין אזא זין די ווערטער פון דער כתובה? ווייל זיי הא־
בען הלל'ן ניט געהערט אויסטייטשען די כתובה. דערנאכדעם האט זיך
געמאכט, אז ביי אן אנדער געלעגענהייט האט הלל יע אויסגעטייטשט
דעם טעקסט פון א כתובה. עס ווייזט אויס, אז כל זמן הלל אליין האט ניט
אויסגעטייטשט די ווערטער פון דער כתובה, האבען אויך זיינע תלמידים
ניט געוואלט אויסטייטשען זיי, און עס איז געווען א מחלוקות צווישען
בית שמאי און בית הלל. אז הלל האט זיך אין אן אנדער פאל מישב
געווען און האט זיך געשטיצט אויף דעם טעקסט פון דער כתובה, האבען
שוין זיינע תלמידים אנגענומען אויך די אויסטייטשונג פון די בית שמאי
און זיינען צוגעשטאנען צו זייער מיינונג (ירושלמי: כתובות, פרק ד',
הלכה ח'. תוספתא: כתובות, פרק ד'. ז. אויך תוספות: יבמות, אנהויב
פון דף קי"ז). דאסגלייכען מיט זייער מחלוקת וועגען דעם, צי איינער
איז פריי פון א נדר, וואס איז אויסגעדריקט געווארען אין דער פארם פון
א שבועה, אויב ער איז געווען געצוואונגען צו שווערען זיך, כדי צו שי־
צען זיין אייגענטום פון מערדער, פון רויבער אדער פון שטייער־מאהנערס.
בית שמאי זאגט, אז שווערען זיך און ניט האלטען די שבועה טאר מען
ניט, אפילו ווען מען איז דערצו געצוואונגען. בית הלל זאגט, אז אונטער
אזעלכע אומשטענדען מעג מען זיך אפילו שווערען און ניט האלטען די
שבועה (נדרים כ"ז און כ"ח) (7). אט די מחלוקת איז אויך פארגע־
קומען אין דער צייט פון שמאי און הלל, און זי איז ארויסגערופען גע־
ווארען דורך א מעשה, וואס איז דאמאלסט געשעהען. הירודוס האט גע־
זעהען, אז אין הארצען איז דאס פאלק ניט מיט איהם, האט ער ארויסגע־

געבען א בעפעהל, אז יעדערער זאל שווערען טרייהייט צום קיניג און, ווער עס וועט זיך ענטזאגען צו שווערען, זאל געשטראפירט ווערען מיט געלט אדער ער זאל בעשטראפט ווערען קערפערליך. שמאי'ען, הלל'ן און די אסיים האט הירודוס ניט געצוואונגען צו שווערען, ווייל ער האט געוואוסט, אז זיי זיינען בטבע פרידליכע מענשען, און ער קאן זיך פאר־לאזען אויף דעם. ביי זעקס טויזענט מאן האבען זיך ענטזאגט צו שווע־רען, און ער האט זיי געשטראפירט מיט געלט („אידישע אלטערטימער". בוך 15, קאפ. 10 און בוך 17, קאפ. 2). געוויס האט אט די געשיכטע ביי זיי ארויסגערופען די פראגע וועגען א געצוואונגענער שבועה, און זיי זיינען זיך אין זייערע מיינונגען פאנאנדערגעגאנגען. די, וואס האבען ניט געוואלט שווערען, האבען געהאלטען מיט די בית שמאי, וועלכע האבען געזאגט, אז שווערען און ניט מקיים זיין טאר מען ניט. ביי איי־ניגע פון זייערע מחלקות ווערען דערמאהנט „די זקנים פון בית שמאי" און „די זקנים פון בית הלל" (סוכה כ"ח. מנחות מ"א. תוספתא: ראש השנה, פרק ב־ד. ז. אויך „דרכי המשנה", זייט 53). זיי מיינען דא אבער ניט שמאי'ען אליין אדער הלל'ן אליין, נאר איינצעלנע געלערנטע פון דיביידע שולעס ווערען אנגערופען זקנים.

דער אביעקט פון
זייערע מחלקות.

מערקווירדיג, אז צווישען אזוי פיעל מחלקות, וואס זיי האבען געה־האט, געפינען מיר אין גאנצען נאר אכט מחלקות ביי די געזעצען וועגען מיינם און דיינם און ניט מעהר, ווי פיער מחלקות, ביי די דינים וועגען קרבנות (לג). דאס איז מחמת דעם, ווייל די קרבנות זיינען געלעגען אין גאנצען אין די הענט פון די כהנים, און יענע האבען שוין געוואוסט אלע איינצעלהייטען, ווי אזוי דאס דארף צוגעהן, ווייל זיי האבען דאך טאג טעגליך מיט דערמיט געהאט צו טאן. דאס, וואס ביי די שפעטער־דיגע זיינען יע פארגעקומען מחלקות וועגען די דינים פון קרבנות, איז נאר מחמת דעם, ווייל נאכ'ן חורבן זיינען די קרבנות בטל געווארען, און דער־ריבער זיינען די דינים פארגעסען געווארען. די רעגולירונג פון געלט־סכסוכים האט געהערט צו דער קאמפעטענץ פון די געריכטהייזער, און די געלערנטע דרשנים האבען זיך פארלאזען אויף די ריכטער, אז זיי וועה־לען שוין וויסען, ווי אזוי צו משפט'ען. צוליעב דערזעלביגער אורזאכע געפינען מיר ביי זיי ניט קיין שום מחלקות ניט וועגען דעם רעגלאמענט

פון דעם סנהדרין, ניט וועגן די בעשטראפונגען פאר פארשיידענע זינד. איבערהויפט זעהען מיר, אז זייערע מחלוקות האבען גרעסטענטיילס צו טאן מיט עפעס אזוינס, וואס קעהרט זיך אן מיט דעם איינצעלנעם אי־דען, ד. ה. אלץ מיט אזעלכע דינים, וואס זייער אפהיטונג ליגט אין די הענט פון יעדער איינציגען. עס איז אויך ניט געווען צווישען זיי קיין מחלוקת ניט וועגען לייענען די מגילה, ניט וועגען דער מגילה גופא, ניט וועגען א פרוי אונטער דעם חשד פון אונטרייהייט (סוטה), ניט וועגען אויסזאץ־קראנקהייטען (נגעים) און ניט וועגען תעניתים („דרכי המשנה", זייט 55).

**די פערזענליכע בעציהונגען**
**צווישען די בית שמאי און די בית הלל.**
**די זעלאטען און די געגענזייטיגע פארביטערונג.**

כאטש אפילו די בית שמאי און די בית הלל זיינען זיך פאנאנדער־געגאנגען אין זייערע מיינונגען, פונדעסטוועגען האבען זיי אין הארצען ניט געטראגען קיין כעס איינער אנטקעגען דעם אנדערען, און זיי זיינען געווען בעפריינדעט צווישען זיך. זיי האבען מקיים געווען דאס, וואס שטעהט געשריבען „און דעם אמת און דעם פרידען זאלט איהר ליעב האבען" (יבמות י"ד). די בית הלל זיינען אין דעם פרט נאך געגאנגען א ביסעל ווייטער: זיי פלעגען אמאל פארשווייגען און איבערלאזען דאס זייעריגע (ערובין י"ג). אט אזוי האבען זיי צווישען זיך געלעבט גוט ביז א צייט. די לעצטע פאסירונגען פאר'ן חורבן, וואס האבען געבראכט מיט זיך נייע צרות פאר דעם אידישען פאלק, האבען אויך געווירקט צו שלעכ־טען אויף די ביזאהער פריידליכע בעציהונגען צווישען די בית שמאי און בית הלל. נענוג האט זיך דאס פאלק אנגעליטען פאר דער צייט פון הירודוס'ן און זיינע זיהן. אבער די מאס פון די צרות איז נאך אלץ ניט געווען פאר פול, ביז די רוימער האבען די זעלבסטשטענדיגקייט פון דעם אידישען שטאאט ענדליך אויסגעריסען מיט'ן ווארצעל: זיי האבען איהם אין גאנצען אנעקטירט, געמאכט פאר א טייל פון דער רוימישער אימ־פעריע. דאס לאנד יהודה איז פערוואנדעלט געווארען אין א רוימישער פראווינץ, וואו אלע רעגירונגס־ענינים זיינען געלעגען אין די הענט פון דעם רוימישען פערוואלטער. ער האט ארויפגעלעגט אלערליי צינזען און שטייערן. ע ר איז געווען דער ריכטער אין קרימינעלע פראצעסען. ער האט געהאט די מאכט צו קאנטראלירען די האנדלונגען פון דעם סנהדרין.

אזעלכע נייע איינפיהרונגען האבען ארויסגערופען א נייע אויפרעגונג. עס איז ענטשטאנען א נייע סעקטע פון פארקאכטע גלויבענס־קעמפפער, די זעלאטען, אדער קנאים. אט די קנאים האבען געפיהלט א ברענענדיגען האס געגען די רוימער. דער דעוויז, וואס זיי האבען ארויסגעשטעלט אויף זייער פאהן, האט געהייסען: „דאס קיניגרייך איז נאר גאטס, און די אידען האבען ניט קיין אנדער קיניג, אויסער איהם. אז וועה איז צו דעם מענשען, וועלכער מאכט אן אנדער מענשען פאר א האר איבער זיך און בויגט איין זיין אקסעל אויף צו טראגען א יאך פון אזא, וואס איז ניט מעהר ווי א שטיק פלייש און בלוט" („אידישע אלטערטימער", בוך 18, קאפ. 1. זעה אויך גרעץ: „געשיכטע דער יודען", באנד 3, קאפ. 10).
די גרינדער פון דערדאזיגער סעקטע זיינען געווען יהודה הגלילי און צדוק. די סעקטע איז פון טאג צו טאג געווארען אלץ שטארקער. זי האט דאס איהריגע געטאן בעהאלטענערהייט און אויך אפען. מיר זיינען דא ניט מחויב צו דערצעהלען אלצדינג וועגען איהר גרויסקייט און העלדישקייט. עס איז אבער פאר אונז וויכטיג דא צו נעהמען אין בעטראכט דעם איינפלוס, וואס זי האט געהאט אויף די ביידע שולעס, פון שמאי און הלל. וואס פאר א ווייכע מענשען די בית הלל זיינען ניט געווען, ווי זיי האבען ניט געקאנט אלצדינג פארשווייגען, זיינען זיי דאך געווען זעהר אויפגערעגט איבער די־דאזיגע האנדלונגען און די בעלעסטיגענדע פאדערונגען פון די רוימער. די רוימער האבען בערויבט און בע'גזל'ט דאס אידישע פאלק, אוועקנעהמענדיג ביי זיי זייער גאנצע פראצע. זיי האבען ארויפגעלעגט אויף יעדערען א קאפ־שטייער און אחוץ דעם נאך אלערליי אפצאהלונגען אויף די תבואות פון די פעלדער, אויף זייערע הייזער און אויף זייער גאנצען פארמעגענס. ווי אזוי זשע האבען די בית הלל געקאנט גלייכגילטיג צוזעהען אזעלכע רציחות? און זיי זיינען טאקי ניט געווען גלייכגילטיג. צוליעב די אלע בעלעסטיגענדע פאדערונגען פון די רוימער האבען די געלערנטע ארויסגעגעבען נייע געזעצען, וואס זייער צוועק איז געווען צו פאר'מיאוס'ען און מאכען ביי דעם עולם פארהאסט יעדער איינציגען, וועלכער עס וועט אנבאטען זיין דינסט צו די רוימער אויף צו העלפען זיי איינמאהנען די צינזען, די אפצאהלונגען און די שטייערן. זיי האבען געזאגט וועגען אזעלכע בעאמטע און שטייער־מאהנערס, אז אפילו ווען זיי זאלען וועלען טאן תשובה, איז דאס פאר זיי שווער צו דערוויי־זען (בבא קמא צ"ד). זיי האבען אויף זיי געקוקט, ווי אויף גזלנים און רויבער (סנהדרין כ"ה). זיי האבען גוזר געווען, אז ביי דידאזיגע בעאמטע און שטייער־מאהנערס טאר מען ניט אויסבייטען קיין געלט און מען

טאָר ביי זיי אפילו ניט נעהמען אויף צדקה, אויב נאָר זיי נעהמען אַרויס דאָס געלט פון דעם קעסטעל אָדער פון דעם בייטעל, וואו זיי האַלטען די איינגעמאַהנטע צינזען און שטייערן (בבא קמא קי"ג) (8). מיר געפי־נען ניט אין דער משנה, אז ווער עס איז זאָל זיך אַרויסזאָגען געגען די־דאָזיגע געזעצען. געוויס האָבען אין דעם פּרט סיי די בית שמאי, סיי די בית הלל געהאַט דיזעלביגע מיינונג. אָבער ביי די בית הלל איז שוין דאָס געלעגען אין זייער נאַטור צו פאַרשווייגען און איבערלאָזען דאָס זיי־עריגע. דעריבער האָבען זיי זיך אונטער דעם לעסטיגען יאָך געלאָזט בויגען. פיהלענדיג און פאַרשטעהענדיג, אז זיי זיינען ניט בכח צו שטע־לען זיך אנטקעגען די רוימער, האָבען זיי נאָר געהאָפט צו גאָט און האָבען געשוויגען. אנדערש זיינען געווען די בית שמאי. זיי זיינען אָפען אַרויס־געטראָטען געגען דער רעגירונג, און זיי האָבען געוויס געהאַלטען מיט די קנאים. צוליעב דעם איז די שפּאַלטונג צווישען דיביידע שולעס גע־וואָרען אַלץ גרעסער, די בעציהונגען צווישען זיי זיינען פאַרשאַרפט גע־וואָרען, און דאָס האָט אפילו אין זייערע מחלקות וועגען ריין־רעליגיעזע פראַגען אריינגעטראָגען דעם עלעמענט פון פאַרביטערטקייט. אַט אַזוי האָבען זיי זיך אַמאָל צוקאָכט ביי א מחלוקת, ווען זיי האָבען זיך אַלע אין איינעם פאַרזאַמעלט אין דעם הויז פון חנניה בן חזקיהו בן גרון (שבת י"ג און י"ד). אויף יענער פאַרזאַמלונג זיינען זיי זיך וועגען אַכצעהן פראַגען פאַנאַנדערגעגאַנגען, ביי אַכצעהן פראַגען האָבען די בית שמאי אנטקעגען די בית הלל געהאַט די מעהרהייט פון שטימען, און אַכצעהן גזירות האָבען זיי איינשטימיג אָנגענומען (9). דאָס מאָל זיינען זיי מיט גרויס כעס אַרויסגעטראָטען איינע אנטקעגען די אַנדערע. די בית שמאי זיינען מיט געוועהר אין די הענט אָנגעפאַלען אויף די בית הלל, און עס איז שפּעטער געזאָגט געוואָרען, אז יענער טאָג איז פאַר די אידען געווען פונקט אַזאַ שווערער, ווי דער טאָג, ווען דער עגל איז געמאַכט געוואָרען. וועגען דער ניצליכקייט פון אַזוי פיעל גזירות, וואָס זיי האָבען יענעם טאָג איינגעפיהרט, זיינען ביי די געלערנטע פון די שפּעטערדיגע דורות ניט אַלעמענס מיינונגען געווען גלייך. איינער פון די געלערנטע, רבי אליעזר בן הורקנוס, האָט זיי געלויבט דערפאַר, זאָגענדיג, אז אין יענעם טאָג האָבען זיי געמאַכט פאַר פול די מאָס. ער האָט געמיינט צו זאָגען, אז זיי האָבען גוט געטאָן, וואָס זיי האָבען מיט א פולער האַנט איינגע־פיהרט נייע גזירות. אַן אַנדער געלערנטער, רבי יהושע, האָט זייער אויפטו געשענדט. ער האָט געזאָגט, אז יענעם טאָג האָבען זיי איבער־געכאַפּט די מאָס: זיי האָבען אָנגעשטעלט צאַמען איינעם אַרום דעם

אנדערען; זיי האבען אנגעווארפען גזירות איינע איבער די אנדערע, מעהר, וויפיעל דער עולם האט געקאנט פארטראגען, און אנמאכענדיג צו פיעל גזירות, האבען זיי די געפאהר נאך מעהר פארגרעסערט (שבת קנ"ג. ירושלמי: שבת, פרק א', הלכה ד'. תוספתא: שבת, פרק א'). אין וואס אייגענטליך עס זיינען בעשטאנען די אכצעהן גזירות, וועגען וועלכע זיי האבען זיך דאמאלסט אזוי פיעל געהאמפערט און געקריגט, — דאס האבען שוין אפילו די עלטערע געלערנטע אויף בעשטימט ניט געוואוסט. די מעשה האט געקאנט פאסירען נאר אין דעם לעצטען דור פאר'ן חורבן, ווען די אמאליגע פרידליכע און ברידערליכע בעציהונגען צווישען זיי זיינען געווארען אויס. ווי מיר האבען געזעהען, זיינען די ערסטע צייט, באלד ווי די שולעס זיינען געגרינדעט געווארען, די בעציהונגען צווישען די און יענע געוועזען ניט נאר פרידליך, נאר פריינדליך. אין א צייט ארום אבער זיינען זיי זיך פאנאנדערגעגאנגען אין אזא וויכטיגען פונקט, ווי זייער שטעלונג צו דער רוימישער רעגירונג. די בית שמאי זיינען ארויסגעטראטען געגען דער רעגירונג, און זיי האבען געהאלטען מיט די קנאים. די בית הלל האבען זיך אונטערגעווארפען אונטער דעם יאך פון די רוימער און האבען זיך געהיט פון אן אויפשטאנד. די מיינונגס-פארשיידענהייט וועגען אזא מין פראגע האט שוין ארויסגערופען א געוויסע פיינדשאפט צווישען זיי, און דידאזיגע פיינדשאפט האט זיך ממילא אריבערגעטראגען אויך אויף זייערע מחלקות וועגען ריין-רעליגיעזע פראגען. איצטער פארשטעהען מיר די אורזאכע, פארוואס עפעס אויף יענער פארזאמלונג זיינען די געלערנטע פון דיביידע שולעס מיט אזא כעס ארויסגעטראטען איינע אנטקעגען די אנדערע. אויף אזאן אופן קענען מיר אויך וויסען, אז ערך אין וועלכער צייט עס איז געוועזען די פארזאמלונג. עס האט געמוזט זיין ניט לאנג נאכדעם, ווי דער קיניג אגריפא דער ערסטער איז געשטארבען. די קנאים האבען זיך דאן אנגעשטרענגט צו פארייניגען זיך, כדי מיט מעהר קראפט ארויסצוטרעטען געגען די רוימער. אפילו ווען מיר זאלען אננעהמען, אזוי ווי גרעץ זאגט („געשיכטע דער יודען", באנד 3, נאטע 26), אז יענע פארזאמלונג איז פארגעקומען ניט אין דער צייט פון חנניה בן חזקיהו אליין, נאר אין דער צייט פון זיין זוהן אלעזר— וואס ער איז געוועזען איינער פון די פיהרער ביי די קנאים—, יעדענפאלס דאס איז זיכער, אז זינט די בית שמאי האבען זיך געלאזט בעאיינפלוסען פון די קנאים און זיי האבען זיי אנגעהויבען צו שטיצען, איז דער פריידען צווישען זיי און די בית הלל געשטערט געווארען, און ער איז סוף כל סוף פערוואנדעלט געווארען אין א געגענזייטיגער פיינדשאפט מיט טאג־

טעגליכע רייסערייען (לד). כדי צו פֿאַרשטעהן די בעציהונגען צווישען דיביידע שולעס, האָבען מיר געמוזט פֿאַרלויפֿען מיט עטליכע טריט ווייטער אין דעם גאַנג פֿון דער געשיכטע. איצטער ווען מיר זיך אַ לאָז טאָן צוריק, כדי צו בעטראַכטען כסדר די איינצעלנע פּאַסירונגען פֿון נאָך הלל׳ס טויט אַן אונ ווייטער.

---

## צוואנציגטעם קאַפּיטעל.

### די נשיאים: שמעון, גמליאל, שמעון, און די געלערנטע פון זייער צייט.

שמעון און זיין זוהן רבן גמליאל.
די אלגעמיינע לאַגע אין זייער צייט.
אַ קאָנטראָל איבער די תקנות און גזירות.

נאָך הלל'ס טויט איז זיין זוהן שמעון געוואָרען דער נשיא. וועגען זיינע לעבענספּאַסירונגען ווייסען מיר גאָרנישט. עס ווערען ניט דער־מאָהנט אויך אין זיין נאָמען קיינע הלכות. נאָך איהם איז אַרויף אויף זיין פּלאַץ אלס נשיא זיין זוהן, רבן גמליאל הזקן. די ערסטע צייט, וואָס ער איז געוועזען אין אמט, איז די אידישע לאַגע געוועזען זעהר שלעכט: די רוימישע אַדמיניסטראַטאָרען האָבען שרעקליך געדריקט דאָס פאָלק, און זייער ווילקיר איז געווען אונערטרעגליך. אויף דער אידישער פּסי־כאָלאָגיע האָבען די צרות אין אַלע צייטען און אין אַלע דורות געווירקט אין איין ריכטונג: יעדער מאָל, ווען זיי האָבען געפיהלט איבער זיך די בייטש פון דעם אונטערדריקער, אין וועמעס הענט עס איז געווען זייער שיקזאַל, און זיי האָבען פאַרלאָרען די האָפענונג אויף אַ וועלכער עס איז מענשליכער הילף, האָבען זיי געווענדט זייער בליק צום הימעל און האָ־בען געהאָפט, אַז וואונדערליכע צייכענס וועלען ערשיינען, נסים וועלען אויף דער וועלט געשעהען: גאָט וועט אַראָפּשיקען זיינעם אַ שליח, און ער וועט זיי אויסלייזען פון דעם שטאַרקערענס הענט. אַזוי איז געווען אויך אין דער צייט פון רבן גמליאל הזקן. די מאָס פון זייערע צרות איז געוועזען פאַר פול; האָבען זיי געהאָפט אויף דעם טאָג, ווען עס וועט קו־מען דער אויסלייזער, און אין דערדאָזיגער האָפענונג זיינען געווען פאַר־טאָן זייערע געדאַנקען. דאמאָלסט איז ביי אידען געבאָרען געוואָרען די קריסטליכע סעקטע, וואָס איהרע אָנהעננער האָבען קאָנצענטרירט זייער

האפענונג אויף ישוע'ן פון דער שטאָדט נצרת, דעם גרינדער פון דער סעקטע, און זיי האָבען געגלויבט, אז ער איז דאָס דער ערוואַרטער משיח. פאול, איינער פון די, וואָס האָבען פאַרשפּרייט זיין לעהרע צווישען די פעלקער, איז געווען פון די אידישע געלערנטע, און זיין אורשפּרינגליכער נאָמען איז געווען שאול. ער האָט זיך געריבען אַרום רבן גמליאל'ן און איז געווען איינער פון זיינע תלמידים. ער אַליין בריהמט זיך („די אויפ־טואונגען פון די אַפּאָסטעלס", קאַפּ. 22, פּערז 3), אז ער איז געזעסען איין טיש ביי רבן גמליאל'ן. שפּעטער, בעת איינינע פון דער קריסטליכער סעקטע זיינען געבראַכט געוואָרען צום געריכט אויף צו גע'משפּט ווערען. איז איינער פון די ריכטער געווען רבן גמליאל („די אויפטואונגען פון די אַפּאָסטעלס", קאַפּ. 5). אין יענער צייט איז דער סנהדרין פאַרטריבען גע־וואָרען פון דעם פּלאַץ ביים טעמפּעל, וואו ער האָט געהאַט זיינע זיצונגען. און ער האָט זיך פאַרקליבען אין א באַראַק. פּראָצעסען, וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט טויט־שטראָף, זיינען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון זיין קאָמפּעטענץ (שבת ט"ו). אין רבן גמליאל'ס צייט איז אַרויס א שרעק־ליכע גזירה געגען די אידען. דער רוימישער קיסר טיבעריאוס איז גע־שטאָרבען, און קאַליגולאַ (קאַיוס) איז געוואָרען קיסר. יענער איז געווען א גרויסער בעל גאוה און האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אז ער איז א גאָט. ער האָט געהייסען די אידען אַוועקשטעלען אין טעמפּעל זיין בילד. די נאַכריכט איז אָנגעקומען אין ירושלים ערב דעם ערסטען טאָג סוכות, און זייער פרעהליכע שטימונג איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין טרויער. צווי־שען די געלערנטע איז דאַמאָלסט געווען איינער, וואָס מען האָט איהם גערופען שמעון הצדיק. זאָגט ער צו אַלעמען: נישט־קשה! געהט, מאַכט יום טוב מיט א פרעהליכען האַרצען. דאָס, וואָס דער קיסר האָט בדעה, וועט קיינמאָל נישט אויסגעפיהרט ווערען. און אַזוי איז געווען: איידער קאַליגולאַ האָט נאָך צייט געהאַט דורכצופיהרען זיין גזירה, איז ער גע'־הרג'עט געוואָרען, און זיינע פּלענער זיינען צוקראַכען געוואָרען (מגילת תענית, פּרק י"א). נאָך זיין טויט איז קלוידיאוס געוואָרען קיסר. אגריפּאַ. הירודוס'עס אן אייניקעל, וואָס האָט זעהר פיעל מיטגעווירקט צו דערצו, אז קלוידיאוס זאָל ווערען קיסר, איז אָט ביי דעם נייעם קיסר געווען אַזוי בעליעבט, אז ער האָט איהם געמאַכט פאַר א קיניג איבער'ן לאַנד יהודה. אגריפּאַ איז געווען א געוויסענהאַפטער און פערנינפטיגער קיניג. די צייט. וואָס ער האָט רעגירט, איז געווען גוט פאַר די אידען. פונדעסטוועגען האָט איינער פון די געלערנטע מיט'ן נאָמען שמעון — דאָס איז געווים געווען דער פריהער דערמאָהנטער שמעון הצדיק — איהם גראָב אָנגעטראָטען:

ער האָט עפענטליך פאַר אַלעמען ערקלערט, אַז אַגריפּאַ איז ניט ווערט
צו שטעלען אַ פוס אין בית המקדש, ווייל ער איז ניט פון די אמת'ע
גאָטספאַרכטיגע. דער געלערנטער האָט געהאַט אויף אַגריפּאַ'ן אַ פאַר־
דראָס דערפאַר, וואָס ער האָט אין דער שטאָדט קסרין אויסגעבויט טעאַ־
טערס אויפ'ן רוימישען שטייגער. אחוץ דעם האָט ער איהם געהאַסט
נאָך דערפאַר, ווייל ער האָט געשטאַמט פון די אדומים („אידישע אַלטער־
טימער", בוך 19, קאַפּ. 7). די איבעריגע געלערנטע האָבען זיך אָבער
צו אַגריפּאַ'ן אַנדערס בעצויגען. איינמאָל האָט ער געלייענט פאַר'ן עולם
פון דער תורה די פרשה וועגען אַ קיניג און, אַז ער איז געקומען צו די
ווערטער „פון צווישען דיינע ברידער זאָלסטו זיך מאַכען אַ קיניג; דו
טאָרסט ניט מאַכען איבער זיך פאַר אַ קיניג אַ פרעמדען", האָט ער אָנ־
געהויבען צו וויינען, ווארום ער האָט זיך דערמאָהנט אָן זיין אָפּשטאַמונג.
די געלערנטע האָבען איהם בערוהיגט און האָבען געזאָגט: „האָב ניט קיין
מורא, אַגריפּאַ! דו ביסט אונזערער אַ ברודער, דו ביסט אונזערער אַ
ברודער" (סוטה מ"א). אָט די פּאַסירונגען שטעלען ארויס אין דעם ליכ־
טיגען שיין די מיינונגען פון די דאַמאָלסטיגע געלערנטע. אַגריפּאַ האָט
געבויט טעאַטערס נאָך דעם מוסטער פון אַנדערע פעלקער, און די גע־
לערנטע זיינען ניט אַרויסגעטראָטען געגען דעם. אפילו דער זעלביגער
שמעון, וואָס איז לכתחלה געוועזען אַ געגנער, האָט אויך דערנאָך זיין
מיינונג געענדערט: אויפ'ן קיניגס בעפעהל איז ער אַרויסגערופען געוואָ־
רען קיין קסרין, וואו ער האָט מיט זיינע אויגען געזעהען, וואָס עס געהט
אָן אין די טעאַטערס. ער האָט דאַמאָלסט אַליין מודה געווען, אַז ער
האָט אַ טעות געהאַט, ווען ער האָט געמיינט, אַז אַזעלכע מנהגים זיינען
געגען דער אידישער רעליגיאָן. דערפון זעהט מען, אַז ווען זיי האָבען
אַזאַ זאַך גע'אסר'ט, האָבען זיי ניט געקוקט אויף דעם איסור, ווי אויף
עפּעס אַזוינס, וואָס די נאַטור פון דער זאַך גופא איז דאָס מחייב: צו
אסר'ן וואָס אָדער ניט, דאָס האָט זיך ביי זיי שטענדיג געווענדעט אָן די
אומשטענדען פון דעם אָרט און פון דער צייט. זייער אינטערעס אין
דעם דערווייטערן זיך פון אַנדערע אָדער דערנעהענטערן זיך צו זיי איז
שטענדיג געווען אָפּהענגיג פון זייער לאַגע צווישען אַנדערע פעלקער. מיט
דערמיט ערקלערט זיך, וואָס אייניגע גזירות, וועלכע זיינען שוין געווען
אַמאָל איינגעפיהרט, איז זיי אויסגעקומען דערנאָך איינצופיהרען צום
צווייטען מאָל און צום דריטען מאָל אין פאַרשיידענע צייטען, ווי מיר
האָבען דאָס געזעהען ביי די גזירות וועגען דער אומריינקייט פון דעם
אויסלענדישען באָדען. וועגען דער עמפּפענגליכקייט פון גלעזערנע כלים

אנטקעגען אומריינקייט און וועגן דעם איסור צו לערנען די גריכישע למודים. ביים איינפיהרען א גזירה איז ביי זיי געווען א כלל, אז אויב דער גרעסטער טייל פון דעם עולם קאן דאס ניט אויסהאלטען, טאר מען אזא גזירה אויף דעם עולם ניט ארויפלעגען (עבודה זרה ל"ו און אנדערע דארטען אנגעמערקטע ערטער. תוספתא: סנהדרין, פרק ב'). אט צוליעב דעם טאקי האבען זיי איינגעפיהרט אזא מין קאנטראל איבער די גזירות: קיין שום תקנה אדער גזירה זאל ניט האבען קיין בינדענדע קראפט, סיי־דען דער נשיא האט אויף דעם געגעבען זיין צושטימונג. אמאל האט זיך געמאכט, אז רבן גמליאל איז אוועק אין סיריען, וואו ער האט געדארפט עפעס בעזארגען ביי דער אדמיניסטראציע, און ער האט זיך דארטען פארזאמט. דערווייל האט זיך אונטערגערוקט די צייט, ווען מען האט געדארפט ערקלערען דאס יאהר פאר אן עיבור. האבען זיינע קאלעגען אזוינס ערקלערט מיט א תנאי: דאס יאהר איז אן עיבור, אויב דער נשיא, רבן גמליאל, וועט אויף דעם מסכים זיין (סנהדרין י"א. עדיות, פרק ז'. משנה ז'). אזא מין קאנטראל איז טאקי אין יענער צייט געווען נויטיג. זינט עס זיינען איןביידע שולעס צוגעקומען מעהר תלמידים, האבען זיך געמעהרט די מחלקות. די בית שמאי האבען אנגעמאכט גזירות גאר אהן א שיעור. דאס פאלק האט מיט זיי ניט געהאלטען, ווייל זיי האבען ניט געקאנט פארטראגען די לאסט פון אזוי פיעל גזירות. דעריבער האבען זיי איינגעפיהרט, אז מען טאר ניט ארויפלעגען אויף דעם עולם קיין גזירות, סיידען נאר מיט דער צושטימונג פון דעם נשיא. א ספעציעלע בעשטי־מונג איז נאך געווען וועגען דעם, אז מען טאר ניט ערקלערען דאס יאהר פאר אן עיבור און מען טאר ניט בעזארגען קיין קהל'שע אינטערעסען, סיידען נאר מיט א תנאי: אויב דער נשיא וועט אויף דעם מסכים זיין. צוליעב וואס איז דאס נויטיג? — כדי דער עולם זאל דאס אננעהמען (תוספתא: סנהדרין, פרק ב') (א).

תקנות פון רבן
גמליאל הזקן.

פאלגענדע תקנות ווערען גערעכענט פאר רבן גמליאל'ס אויפטו־אונגען: א) די אויפפאסער, וואס זיינען אום שבת געקומען צו געהן עדות זאגען, אז זיי האבען געזעהען דעם מולד, האבען פריהער דעם גאנצען טאג זיך ניט געטארט ריהרען פון ארט. זיי האבען זיך געמעגט בעוועגען נאר אויף א שטח פון פיער איילען. האט רבן גמליאל מתקן געווען, אז זיי

זאָלען זיך מעגען בעווענען אויף אַ שטח פון צוויי־טויזענט איילען אין יעדער ריכטונג (ראש השנה כ"ג) (1). ב) ער האָט בעשטימט, אַז עס איז פאַר אַ פרוי גענוג צו האָבען איין עדות, וועלכער בעשטעטיגט איהר מאַנס טויט, אַז זי זאָל מעגען חתונה האָבען (יבמות קט"ו). ג) ווען איי־מיצער האָט זיין פרוי געשיקט אַ גט דורך אַ שליח, האָט ער פריהער ביי אַ בית דין פון דריי דיינים געקאָנט מבטל זיין דעם גט אפילו ניט פאַר דעם שליח אין די אויגען. האָט רבן גמליאל מתקן געווען, אַז ער קאָן ניט מבטל זיין דעם גט, סיידען נאָר פאַר דעם שליח אין די אויגען (גיטין ל"ב). ד) ער האָט מתקן געווען, אַז אויב דער מאַן, צי די פרוי צי זייביידע האָבען צו עטליכע נעמען אָדער אַ צונעמענים, מוזען אין דעם גט איינ־געשריבען ווערען אַלע נעמען און צונעמעניסען, סיי דעם מאַנס, סיי דער פרויס (גיטין ל"ד). ה) ער האָט מתקן געווען, אַז ווען אַ פרוי קומט אויפ־מאָהנען איהר כתובה פון דעם פאַרמעגענס, וואָס איהר געשטאָרבענער מאַן האָט איבערגעלאָזען, קענען די יתומים פון איהר פאָדערן וואָס פאַר אַ נדר זיי ווילען, אַלס אַ גאַראַנטיע, אַז זי האָט נאָך ניט געקראָגען די כתובה (דערזעלביגער אָרט אין תלמוד) (2). ו) ער האָט מתקן געווען, אַז די עדות מוזען זיך חתמ'ענען אויפ'ן גט גופא, און עס איז ניט גענוג, ווען די עדות זאָלען נאָר בעשטעטיגען, אַז פאַר זיי אין די אויגען האָט דער מאַן איבערגעגעבען דער פרוי דעם גט (גיטין ל"ד און ל"ו). ביי די אַלע תקנות ווערט געזאָגט, אַז דאָס איז איינגעפיהרט געוואָרען „מפני תקון העולם", (ווערטליך: „כדי די וועלט אויסצובעסערן"), ד. ה. צוליעב דעם נוצען פון דער געזעלשאַפט. מיר זעהען אַלזאָ, אַז ווען דער נוצען פון דער געזעלשאַפט האָט עס געפאָדערט, איז רבן גמליאל אָפּגעטראָטען פון דער טראַדיציע, אפילו דאָ, וואו די טראַדיציע האָט זיך געשטיצט אויף דער תורה. דעריבער האָט ער, פאַרלאָזענדיג זיך אויף איין עדות, געגעבען אַ פרוי, וועלכע מען האָט געהאַלטען פאַר אַ פאַרהייראַטע, דאָס רעכט צו חתונה האָבען, כאָטש אפילו די תורה האָט געזאָגט, אַז נאָר דורך צוויי עדות קאָן וואָס עס איז בעשטעטיגט ווערען. דעריבער האָט ער מתקן געווען, אַז דאָס, וואָס דער מאַן האָט אונטער די אויגען אוועק־גענומען ביי זיין שליח די פאָלמאַכט צו איבערגעבען זיין פרוי דעם גט, העלפט ניט אויף צו מאַכען דעם גט פאַר אונגילטיג, כאָטש אפילו נאָכ'ן דין נאָך איז דער גט דורך דעם געוואָרען אונגילטיג. דאָסגלייכען שטימט ניט מיט דער טראַדיציע זיין תקנה וועגען די עדות, וואָס האָבען שבת דערהיט דעם מולד. נאָך דער טראַדיציע האָבען זיי געמעגט בעוועגען זיך נאָר אויף אַ שטח פון פיער איילען. אויף וואָס זעהענדיג האָט זיי רבן

גמליאל ערלויבט צו בעוועגען זיך אויף א שטח פון צוויי טויזענט איילען? מעהר ניט, ווייל ער האט זיך אריינגעטראכט אין דעם גרונדגעדאנק פון דער תורה און האט פארשטאנען, אז איהר צוועק איז „די וועלט אויס־צובעסערן". דעריבער, ווען די געזעלשאפטליכע לאגע האט געוויזען, אז מען מוז געהן א שריט ווייטער, איידער די תורה איז געגאנגען, צו ווייל די אומשטענדען זיינען אנדערע, צי ווייל די צייטען האבען זיך געענדערט, האט זיך רבן גמליאל, פונקט ווי זיין זיידע הלל, פאר אזא שריט ניט אפגעשראקען. עס איז פאראן נאך אייניגע תקנות, ביי וועלכע עס ווערט אנגעוויזען דערזעלביגער גרונד „מפני תקון העולם" (זעה צ. ב. גיטין מ' און מ"ה); פונדעסטוועגען איז קיין ראיה ניט, אז זיי שטאמען אלע פון דעמזעלביגען בית דין אונטער רבן גמליאל הזקן: מעגליך, אז יענע תקנות זיינען איינגעפיהרט געווארען ערסט נאכ'ן חורבן. איינע אזא תקנה איז אבער פאראן, וואס האט געהאט א זין נאר אין דער צייט, ווען דער בית המקדש איז געשטאנען, און אויף אט דער קענען מיר רעכנען, אז זי שטאמט טאקי אפשר פון רבן גמליאל'ן. אט איז דידאזיגע תקנה: ווען איינער האט פארקויפט זיין פעלד צו א גוי און דערנאך האט פון איהם אפגעקויפט צוריק דאס פעלד א איד, דארף דער קויפער ברענגען ביכורים „מפני תקון העולם" (גיטין מ"ז) (3). מען קאן אפשר רעכענען, אז פון רבן גמליאל'ן שטאמען אויך יענע תקנות, וואס זייער צוועק איז צו בעזייטיגען די פיינדשאפט צווישען אידען און גויים, דהיינו: פון דרכי שלום וועגען איז מען זיך נוהג צו לאזען די גוי'אישע ארימע לייט געניסען פון לקט, שכחה און פאה (גיטין נ"ט) (4). מען שטיצט אונטער זייערע הענט (5), ווען זיי בעארבעטען זייערע פעלדער אין דעם יאהר פון שמיטה, מען בעגריסט זיך מיט זיי, מען שפייזט זייערע ארימע לייט, מען בעזוכט זייערע קראנקע און מען איז מקבר זייערע טויטע (גיטין ס"א. ז. גרעץ). עס איז דא א גרונד צו רעכענען, אז דאס שטאמט אלץ פון רבן גמליאל'ן, ווייל מיר ווייסען, אז דער קיניג אגריפא, וואס איז געווען זיינער א פריינד, האט אויך געזוכט מיטלען, ווי אזוי אויפ־צוהאלטען דעם שלום צווישען אידען און גויים, און ער האט אויך די גויים געטאן אלערליי טובות („אידישע אלטערטימער", בוך 19, קאפ. 7). גראד אין יענער צייט האבען זיך די גריכען, וואס האבען צווישען זיי געלעבט, בעקלאגט, אז די אידען, אויסטייליענדיג פון זייער קאסע די טעג־ליכע שטיצע פאר ארימע לייט, קוקען זיך גאר ניט אום אויף די גוי'אישע ארימע לייט („די אויפטואונגען פון די אפאסטעלם", קאפ. 6). אט דע־ריבער, כדי צו פארמיידען די פיינדשאפט, האבען זיי מתקן געווען, אז

מען זאָל שפּייזען אויך זייערע אָרימע לייט. אָפּטמאָל ווערט אין תלמוד דערמאָהנט סתם רבן גמליאל, כאָטש עס ווערט געמיינט רבן גמליאל הזקן. אָט ווערט דערצעהלט אזא מעשה. אמאָל איז רבן גמליאל געזעסען אויף דער עסטראַדע פון טעמפּעל־באַרג. יוחנן, דער שרייבער, איז געשטאַנען אַנטקעגען איהם, און דריי אָפּגעשניטענע בריוו־בויגענס זיינען געלעגען אָנגעגרייט פאַר איהם. זאָגט צו איהם רבן גמליאל: נעהם איין בריוו און שרייב: צו אונזערע ברידער פון דעם אויבערסטען דרום־לאַנד און צו אונזערע ברידער פון דעם אונטערסטען גליל. אייער וואוילשטאַנד זאָל אייביג שטייגען! מיר לאָזען אייך וויסען, אז עס איז געקומען די צייט אויסצוראַמען פון הויז דעם מעשר (6) און אַז. וו... דערנאָך זאָגט ער צו איהם: שרייב אויך: צו אונזערע ברידער אין בבל, צו אונזערע ברידער אין מדי און אין אַלע איבעריגע גלות־לענדער, אייער וואוילשטאַנד זאָל אייביג שטייגען. מיר לאָזען אייך וויסען, אז אזוי ווי די יונגע טויבען זיינען נאָך שוואַך, די שעפּעלאַך זיינען נאָך קליין און עס איז נאָך ניט געקומען די צייט פון פריהלינג, איז מיר און מיינע קאָלעגען געפעלען געווארען צו מאַכען אַן עיבור, און מיר האָבען צוגעגעבען צו היינטיגען יאָהר דרייסיג טעג (סנהדרין י"א. תוספתא: סנהדרין, פרק ב'. ירושלמי: סנהדרין, פרק א', הלכה ב' און מעשר שני, פרק ה', הלכה ד'). וויבאַלד דאָ ווערט אַרויסגעשטעלט פאַר א מאָטיוו אויף צו מאַכען אַן עיבור אָט דאָס, וואָס עס איז נאָך צו פריה צו מאַכען פסח, ווייל די יונגע טויבען זיינען נאָך שוואַך און די שעפּעלאַך זיינען נאָך קליין, איז א סימן, אז דאָס איז געווען ניט דער רבן גמליאל, וואָס נאָכ'ן חורבן, נאָר טאַקי דער ערסטער רבן גמליאל, אָט דער, וועלכער עס ווערט אָנגערופען געוועהנליך רבן גמליאל הזקן (ב); ווארום נאָר דאַן, ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, האָט מען צו פסח צו געדאַרפט האָבען שאָף אויף דעם קרבן פסח און טויבען אויף די קרבנות פאַר געוועזענע קינפּעטערינס (7). ניט מעהר ווי דריי הלכות ווערען אין רבן גמליאל'ס נאָמען אונז איבערגעגעבען (ערלה, פרק ב', משנה י"ב. פסחים קט"ז. בכורות ל"ח) (ג). עס ווערען דערמאָהנט אויך איינינע שאלות, וואָס ער האָט גע'פּסקנ'ט, און אין אַלע איז זיין טענדענץ צו פאַרגרינגערן (פסחים ע"ד און פ"ח. תוספתא: עבודה זרה, פרק ג'). עס זיינען צו אונז נאָר דערגאַנגען איי־ניגע מנהגים, וואָס זיינען ביי זיין פאַמיליע געווען אָנגענומען (שקלים: פרק ג', משנה ג' און פרק ו', משנה א'). מערקווירדיג, אז כאָטש אין אַלגעמיין איז זיין טענדענץ געווען צו פאַרגרינגערן, אָבער אין די ענינים פון טומאה איז ער דוקא געווען א מחמיר (בכורות ל"ח). ער האָט אמאָל

געהייסען דעם כהן, וואס האט בעשפריצט אן אומריינעם מיט ריינינגונגס־וואסער, ער זאל זיך אפקעהרען אויף הינטען, כדי עס זאל זיך נאך אויף איהם ניט א שפריץ טאן צוריק דאס וואסער פון דעם אומריינעם, און ער זאל ניט אומריין ווערען דורך דעם (תוספתא: פרה, פרק י"א—י"ב). נאך דער טראדיציע נאך, איז דאס געווען א גאנץ איבעריגע פארזיכ־טיגקייט, ווארום דאס ריינינגונגס־וואסער, וואס איז געווען אין גע־ברויך אויף צו בעשפריצען אן אומריינעם, קאן קיינעם ניט אומריין מא־כען (פרה, פרק י"ב, משנה ד'). אט אין די אלע ערטער ווערט דער נאמען רבן גמליאל דערמאהנט אהן דעם טיטעל „הזקן“, אבער אזוי ווי דא רעדט זיך אלץ וועגען אזעלכע אקטען, וואס האבען געהאט א שייכות צום גאטעסדינסט אין בית המקדש, איז קלאר, אז דאס האט געקאנט זיין נאר רבן גמליאל הזקן און ניט קיין אנדערער (ד). פון ר' גמליאל הזקן איז נאך, אחוץ דעם, פארבליבען דער זיטענלעהרענדער אפאריזם (אבות, פרק א): לערן ביי א רבי'ן און מייד אוים אלערליי ספקות. זאלסט זיך ניט מאכען א מאדע אפצושיידען דעם מעשר, שאצענדיג אויפ'ן קוק (אהן א מאס). ער איז געווען דער ערסטער, וועמען מען האט אנגעהויבען צו רופען מיט'ן עהרען־טיטעל „רבן“, און מיר ווייסען ניט, צוליעב וואס פאר אן אורזאכע דאס איז געשעהען (ה). אפשר איז דא גאר ניט געווען קיין בעזונדער אורזאכע. מעהר ניט, ווייל ער איז ביי אלעמען געווען בעליעבט און זעהר געאכט, פלעגען זיי אהן דעם עהרען־טיטעל „רבן“ קיינמאל זיין נאמען ניט ארויסריידען. פון דאמאלסט אן איז שוין דער עפיטעט „רבן“ צוגעלעגט געווארען, ווי א ספעציפישער טיטעל, צו די נע־מען פון אלע נשיאים. ווי ווייט רבן גמליאל איז ביי זיי געוועזען גע־עהרט, דאס זעהט מען דערפון, וואס זיי האבען געזאגט נאך זיין טויט: זינט רבן גמליאל הזקן איז געשטארבען, האט זיך אפגעטאן דער כבוד פון דער תורה; זינט ער איז געשטארבען, האט זיך געפעהלט די ריינ־קייט און די אפגעהיטקייט (סוטה מ"ט). דאס אלץ בעווייזט, אז ער האט פארדינט דעם כבוד, מיט וועלכען זיי פלעגען זיין נאמען דער־מאהנען.

**רבן שמעון, דער זוהן פון**
**רבן גמליאל הזקן.**

פונקט ווי דער כבוד פון דער תורה האט זיך אפגעטאן נאך רבן גמליאל'ס טויט, אזוי האט זיך דאן אויך געפעהלט די רוהיגקייט פון

דעם פאָלק. אגריפּא׳ס רעגירונג, וואָס איז געווען אין יעדער הינזיכט ערפאָלגרייך, איז געווען ניט אויף לאַנגע יאָהר. נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעקיניגט פינף יאָהר, איז אגריפּא געשטאָרבען, און דאַן האָבען זיך אויף זיי ווידער א שאָט געטאָן צרות איינע נאָך דער אַנדערער. די רוי־מישע אַדמיניסטראַטאָרען האָבען בערויבט דאָס פאָלק, און גוואַלד־גע־שרייען האָבען זיך געהערט איבער׳ן גאַנצען לאַנד. דער האָס פון די אָרומיגע פעלקער איז וואָס ווייטער געשטיגען. אָט דער שרעקליכער צושטאַנד האָט גורם געווען, אז זיי האָבען שוין ניט געקאָנט מעהר אויס־האַלטען די ווילקיר און די רויבערייען. און כמעט ביי דעם גרעסטען טייל פון פאָלק האָט זיך אַנגעצונדען דער כעס, אזוי אז זיי זיינען געווען גע־גרייט צו שטעלען זיך, ווי איין מאַן, אַנטקעגען די אונטערדריקער. אַנ־שטאָט וואָס פריהער זיינען די קנאים געווען ניט מעהר ווי א קליין הויי־פעלע מענשען, זיינען איצטער צו זיי צוגעשטאַנען דער גרעסטער טייל פון דעם פאָלק. און דאָס איז גאָר ניט קיין וואונדער. ווען פאַר זייערע אויגען זיינען צעהנדליגער טויזענטער אומשולדיגע מענשען גע׳הרג׳עט געוואָרען און פיעלע זיינען פאַרקויפט געוואָרען פאַר קנעכט, איז ווער זשע האָט עס געקאָנט צוזעהען אַזעלכע רציחות, און דאָס האַרץ זאָל ביי איהם ניט ווערען צוקאָכט? ביזאָהער האָבען מיר געזעהען, אז וואָס פאַר א צרות זיי האָבען ניט געהאָט אויסצושטעהן, האָבען יעדענפאַלס די נשיאים ביי זיך פאַרשטיקט די וואונדען, און זיי האָבען געליטען, ווייל זיי האָבען געמוזט. איצטער אַבער האָט זיך שוין אפילו דער נשיא ניט געקאָנט מעהר איינהאַלטען. אַן ערך אכצעהן יאָהר פאַר׳ן חורבן איז רבן שמעון, דער זוהן פון רבן גמליאל הזקן, געוואָרען דער נשיא ביי די אידען (יוסיפון׳ס אווטאָביאָגראַפיע, פּאַראַגראַף 38), און ער אַליין האָט אַנגעפיהרט דעם לעצטען און גרויסען אויפשטאַנד געגען די רוימער. די גרויסע פאַרזאַמלונג פון די געלערנטע אין דעם הויז פון חנניה בן חזקיה (ז. פריהער, זייט 500) איז פאַרגעקומען אין יענער צייט, ווען ר׳ שמעון בן גמליאל הזקן איז געווען דער נשיא. אויף יענער פאַרזאַמלונג האָבען די בית שמאי געקראָגען די אויבערהאַנט: זיי זיינען געווען מעהרער אין צאָהל פאַר זייערע געגנער, און דאָס איז גאָר ניט געווען קיין צופאַל. די מעהרסטע פון די פונקטען, וואָס זיינען דיסקוטירט געוואָרען אויף יענער פאַרזאַמלונג, זיינען אַליין געווען מיטלען געגען יעטוועדער נאָהענ־טער בעציהונג צווישען אידען און גויים; מיט זייערע גזירות זיינען זיי נאָר אויסען געווען צו דערווייטערן די אידען פון די גויים. און אין דעם פּרט האָבען פיעלע פון די בית הלל מסכים געווען מיט די בית שמאי.

וואס דארף מען מעהר, אז אפילו דער נשיא, רבן שמעון, וואס ער איז געווען דער הויפט פון די בית הלל, האט אויך אין דערינען געהאלטען מיט די בית שמאי. מיר פארשטעהען דעריבער, פאר וואס די בית שמאי האבען אויף יענער פארזאמלונג אנטקעגען די בית הלל געקראגען די מעהרהייט. די בית שמאי האבען שוין פאר איינס געוואלט איינפיהרען דאמאלסט אויך אנדערע גזירות, וואס האבען גאר ניט געהאט קיין שייכות צום דערווייטערן די אידען פון די גויים. אנטקעגען אזעלכע גזירות האבען זיך די בית הלל שוין איינגעשטעלט, און דעריבער איז וועגען יענע די פראגע געבליבען אפען. די אמטליכע עסקים האט ר׳ שמעון געפיהרט אין דעמזעלבינען גייסט, ווי זיינע עלטערן, פון וועמעס ריכטונג ער איז ניט אפגעטראטען אויף א האר. פונקט ווי זיין זיידע הלל האט איינגע־פיהרט די תקנה פון פרוזבול, אפשאפענדיג א געזעץ פון דער תורה צו־ליעב די בעדערפעניסען פון זיין צייט; פונקט ווי זיין פאטער ר׳ גמליאל האט ניט מורא געהאט אפצושאפען אנגענומענע דינים, כאטש אפילו מען האט זיי געהאלטען אין איין מדרגה מיט די געזעצען פון דער תורה, פונקט אזוי האט צייטענווייז אויך ר׳ שמעון געהאנדעלט. אמאל האט געטראפען, אז טויבען זיינען אין ירושלים געווארען זעהר טייער: א פאר טויבען האט געקאסט א דינר גאלד. האט ר׳ שמעון בן גמליאל גע־זאגט: איך שווער, אז איך וועל זיך ניט לעגען שלאפען ביי נאכט, וואו דער פרייז פון א פאר טויבען וועט זיך ניט שטעלען אויף א דינר זילבער. ער איז געקומען צו א זיצונג פון סנהדרין און האט ארויסגעגעבען א תקנה: ווען א פרוי איז שולדיג קרבנות פאר פינף ג ע ו ו י ס ע גע־בורטען, ברענגט זי נאר איין קרבן, און מיט דערמיט איז זי יוצא: דאס איבעריגע איז אויף איהר ניט קיין חוב, און זי מעג שוין עסען דאס פלייש פון א קרבן (8). דאס האט גלייך דעם פרייז אויף טויבען ארונ־טערגעזעצט. ער האט דא אלזא איינגעפיהרט א תקנה, וואס איז איי־גענטליך געגען דעם געזעץ פון דער תורה. ער האט אבער געזעהען, אז צוליעב דעם גרויסען יקרות אויף טויבען האבען זיי זיך אין גאנצען אפ־געהאלטען פון ברענגען די דאזיגע קרבנות, האט ער דעריבער פארגריני־גערט, ארונטערלאזענדיג פון דעם, וואס דאס געזעץ האט געפאדערט (כריתות ח׳. זעה דארטען פירוש רש״י). אין זיינע בעציהונגען צו די צדוקים האט ער זיך אויך געהאלטען פאר דערזעלביגער טאקטיק, ווי הלל: ער האט ערקלערט, אז עס איז ניטא קיין גרונד צו רעכענען די צדוקים פאר גויים: זיי זיינען אידען אין יעדער הינזיכט, כאטש אפילו זיי אנערקענען ניט די קבלות (די ערסטע משנה אין עירובין, פרק ו׳. ז.

דאַרטען פּירוש רש"י). ער האָט זיך אַנגעשלאָסען אַן דער מיינונג פון זיינע עלטערן אויך אין דערינגע, אַז מען טאָר ניט אַרויפלעגען אויף דעם עולם אַזעלכע גזירות, וואָס דער גרעסטער טייל פון דעם עולם קאָן דאָס ניט אויסהאַלטען (תוספתא: סנהדרין, פּרק ב'). קיין הלכות ווערען אין דעם נאָמען פון ר' שמעון בן גמליאל הזקן ניט דערמאָהנט, אָבער עס איז מעגליך, אַז צווישען די הלכות, ביי וועלכע עס ווערט דערמאָהנט סתם ר' שמעון בן גמליאל (9), געפינען זיך אויך אַזעלכע, וואָס שטאַמען פון איהם, פּונקט ווי מיר האָבען פריהער געזעהען, אַז ביי געוויסע ענינים ווערט דערמאָהנט סתם רבן גמליאל און אין דער אמת'ען געהט עס אויף רבן גמליאל הזקן. וועגען ר' שמעון בן גמליאל הזקן ווערען דערצעהלט אויך אייניגע לעגענדעס (סוכה נ"ג. עבודה זרה כ'), מיר קען נען אָבער פון זיי גאַרנישט ניט אַרויסנעהמען, וואָס זאָל זיין ניצליך פאַר אונזער צוועק. איין זיטענלעהרענדער אפאָריזם איז פאַרבליבען פון איהם: מיינע גאַנצע ערציהונגס־יאָהרען האָב איך פאַרבראַכט צווישען געלערנטע, און איך האָב אויסגעפונען, אַז עס איז ניטאָ פאַר דעם מענ־שען קיין געזינטערע זאַך, ווי שווייגען. ניט די טעאָריע איז דער עיקר, נאָר די פּראַקטיק. דאָס צופיעל ריידען ברענגט דעם מענשען צו זינד (אבות, פּרק א'). די ווערטער „ניט די טעאָריע איז דער עיקר, נאָר די פּראַקטיק" זיינען, ווייזט אויס, געצילט געגען די מיינונגען פון דער קריסטליכער סעקטע, וועלכע האָט אונטער פּאול'ס איינפלוס די פּראַק־טישע בעדייטונג פון דער תורה געמאַכט צו נישט. נאָך פּאול'ס לעהרע, האָט נאָך די תורה נאָר אַ רייז־טעאָרעטישע בעדייטונג, אָבער ניט קיין פּראַקטישע. עהנליכע מיינונגען זיינען אויך געווען פאַרברייט צווישען אַ טייל פון די אַלעקסאַנדרי'ער אידען, און פילאָן האָט אויף זיי דערפאַר פאַריבעל געהאַט (ז. זיין ווערק „וועגען אברהמ'ען", אַפּטיילונג זעכצעהן). אַט אַנטקעגען דעם האָט עס ר' שמעון בן גמליאל געזאָגט, אַז ניט די טעאָריע, נאָר די פּראַקטיק איז וויכטיג. אין וועלכען יאָהר ער איז גע־שטאָרבען, וועגען דעם ווייסען מיר גאַרנישט. די לעגענדע, וואו עס ווערט דערצעהלט, אַז די רעגירונג האָט איהם געלאָזט הרג'ענען, האָט ניט קיין פאַקטישע גרונדלאַגע (ו). איין זאַך איז קלאָר: אַז ער איז געשטאָרבען פאַר'ן חורבן. כל זמן ער איז געשטאַנען אַן דער שפּיץ, איז זיין וואָרט ביים גאַנצען פאָלק געווען הייליג. אפילו זיינע געגנער האָבען איהם זעהר געעהרט, און זיי האָבען איהם געלויבט, ווי אַ מענשען מיט פיעל וויסענ־שאַפט, מוט און פּראַקטישען פאַרשטאַנד: ווען מען וואָלט שטענדיג גע־פאָלגט זיין עצה, וואָלט פאַר די אידען געווען אַ בעסערע אויסזיכט און אַ

האפענונג, אז זיי זאלן קענען ביישטעהן אנטקעגען די רוימער (יוסיפוס'ס אויטאביאגראפיע, פאראגראף 38).

**בעוואוסטע געלערנטע**

**פון יענער צייט.**

די גאנצע צייט, וואס פריהער ר' גמליאל און דערנאך זיין זוהן ר' שמעון זיינען געווען די נשיאים, האבען זיך די שולעס פון שמאי און הלל ביידע געהאלטען. פון די געלערנטע, וואס האבען געהערט צו דער אדער צו יענער פון די ביידע שולעס, ווערען נאר עטליכע דערמאהנט. איינער פון זיי איז געווען ר' חנינא, דער אויפזעהער איבער די כהנים (סגן הכהנים). פון אנהויב — אפשר איז דאס געווען נאך אין ר' גמליאל'ס צייט — איז ער געווען פון די פרידליך געשטימטע. ער האט פארזאגט, מען זאל גאט בעטען פאר דעם וואוילשטאנד פון דער רעגירונג, ווייל ווען ניט זי, וואלט איינער דעם אנדערען לעבעדיגערהייט איינגעשלונגען (אבות, פרק ג', משנה ב'). אבער די צייטען האבען זיך געענדערט, און ער האט אויך זיין מיינונג געענדערט. זינט די ווילקיר פון די רוימער האט אריבערגעשטייגט די העכסטע מאס, איז ער זיי געווארען א דם שונא, און ער איז צוגעשטאנען צו די קנאים, מיט וועמען אויך דער נשיא, ר' שמעון האט געהאלטען. ר' חנינא האט געזידעלט די רייכע און די אריסטאקראטען פון יהודה, וואס האבען אראפגעווארפען פון זיך דאס יאך פון דעם רבונו של עולם און האבען איבער זיך געמאכט פאר א קיניג א בשר ודם (אבות דרבי נתן, פרק כ'). פון דידאזיגע ווערטער זעהט מען, אז ער האט אנגענומען דעם גרונד־פרינציפ פון די קנאים, וואס זיי האבען גע'טענ'עט, אז די אידען טארען ניט זיין אונטערטעניג צו א קיניג, א בשר ודם, ווייל גאט, דער האר זייערער, איז איבער זיי דער קיניג, און אז וועה איז צו יענעם מענשען, ווער עס מאכט אן אנדער מענשען פאר א האר איבער זיך און ער בויגט זיך אונטער דעם יאך פון א בשר ודם! די שפעטערדיגע דערצעהלען וועגען דעם, ווי אזוי ר' חנינא און זיין פאמיליע פלעגען זיך נוהג זיין אין בית המקדש (שקלים, פרק ו, משנה א'). דערפון זעהט מען, אז בשעת דער בית המקדש איז נאך געשטאנען, האט שוין ר' חנינא געהאט דערוואקסענע קינדער („דרכי המשנה", זייט 59). ער האט אבער זיכער געלעבט אויך נאכ'ן חורבן. נאכדעם ווי דער בית המקדש איז חרב געווארען, האט ער געזאגט, אז וועמען עס קומט אויס צו טובל זיין זיך תשעה באב פון זיין אומריינקייט,

זאל יענער דאס דורכלאזען דעם טאג, ווארום גאטס הויז האט עס יע־
דענפאלס פארדינט, אז מען זאל צוליעב איהם איינמאל אין יאהר מעגען
פארפעהלען א טבילה (תענית י"ג). ער האט אונז איבערגעגעבען פיעלע
דינים וועגען דעם ריטואל פון די קרבנות, ווי אזוי די כהנים פלעגען זיך
נוהג זיין בשעת מעשה. ער אליין פיגורירט דערביי דאס רוב, ווי אז
עדות (ז. פסחים י"ד; יומא ל"ט; זבחים ק"ג; מנחות ס"ג; שקלים, פרק
ד', הלכה ב'; עדיות, פרק ב', משנה ב' און משנה ג'; פרה, פרק ג',
משנה א'; נגעים, פרק א', משנה ד'). ער דערצעהלט אויך א מעשה, אז
זיין פאטער פלעגט פון מזבח גופא ארונטערנעהמען צוריק א קרבן, ווען
מען האט זיך ארומגעזעהען, אז ער האט אין זיך עפעס א בראק (תוספתא:
זבחים, פרק ט') (10). אין איין פאל פארענטפערט ר' חנינא מיט זיין
עדות זאגען א פראגע פון ציוויל־רעכט. ער דערצעהלט אזא מעשה. אין
א קליין דארף ארום ירושלים האט געוואוינט אן אלטער מאן, וועלכער
פלעגט פארלייהען געלט צו די דארפסלייט; ער, דער מלוה, פלעגט מיט
זיין האנט אנשרייבען דעם שטר חוב, און אנדערע פלעגען חתמ'ענען;
אז די געלערנטע איז געקומען צו דער האנט אזא פאל, האבען זיי דאס
ערקלערט פאר ערלויבט (עדיות, פרק ב', משנה ג'). דער אנגענומענער
מנהג איז, אהן שום ספק, געוועזען פארקעהרט: אז דער, וואר עס לייהט
דאס געלט, יענער שרייבט דעם שטר חוב, און אויב ער אליין איז ניט
קיין געניטער שרייבער, דאן ווערט אין זיין אויפטראג דער שטר חוב
געשריבען ביי בית דין (ז). אזוי איז טאקי די סברה מחייב: אז דער,
וואס נעהמט אויף זיך א געוויסע פארפליכטונג אדער ער זאגט זיך אפ
פון א וועלכען עס איז רעכט, יענער דארף דאס מיט זיין האנטשריפט
בעשטעטיגען. דא איז אבער די מעשה געווען אין א דארף, וואו עס האט
זיך ניט געפונען קיין בית דין. דער אלטער האט ניט געהאט קיין אנדער
ברירה: ער האט געמוזט שרייבען אליין, און אין אזא פאל האבען די
געלערנטע געמוזט אפווייכען פון דעם אנגענומענעם מנהג. אט דאס
האט דא ר' חנינא מיט זיין עדות זאגען בעשטעטיגט. דער עיקר אבער האט
זיך ר' חנינא, ווי מיר האבען געזעהען, אינטערעסירט צו איבערלא־
זען אונז אן אנדענקונג וועגען די מנהגים פון גאטעסדינסט אין בית
המקדש. ער איז געווען ניט דער איינציגער, וואס האט זיך מיט דעם
אינטערעסירט. אין איין צייט מיט איהם האט געלעבט אן אנדער גע־
לערנטער מיט'ן נאמען שמעון איש המצפה, א צייטגענאסע פון ר'
גמליאל הזקן, און יענער האט זיך אויך מיט דעם אינטערעסירט: ער
האט צוזאמענגעקליבען און האט סיסטעמאטיזירט די הלכות וועגען דעם

יום־כפור׳דיגען גאַטעסדינסט אין בית המקדש. אַנדערע ווילען האָבען, אַז ער האָט צוזאַמענגעשטעלט די הלכות וועגען דעם קרבן תמיד. אפשר האָט ער טאַקי אי די, אי יענע הלכות צוזאַמענגעשטעלט (יומא י״ד). מיט אַזעלכע זאַכען האָבען זיי זיך אָפּגעגעבען נאָך נאָכ׳ן חורבן. כל זמן דער בית המקדש איז געשטאַנען, איז אין דעם ניט געווען קיין שום נויטיג־קייט; דאַמאָלסט איז די געלערנטע ניט אויסגעקומען גאָר צו פאַרנעה־מען זיך מיט די דינים וועגען קרבנות, ווייל דאָס האָט אין גאַנצען געהערט צו דער קאָמפּעטענץ פון די כהנים. עס איז אלזא געווים, אַז אַט דער שמעון איש המצפה האָט געלעבט נאָכ׳ן חורבן. פון דער אַנדער זייט ווייסען מיר אָבער, אַז ער האָט אויך געלעבט אין איין צייט מיט ר׳ גמליאל הזקן, ווארום עס ווערט דערצעהלט אַ מעשה, אַז ער האָט עפּעס געפרעגט וועגען אַ געוויסער הלכה ביי ר׳ גמליאל׳ן, און יענער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו ענטפערן; איז געקומען נחום דער שרייבער און האָט איבערגעגעבען וועגען דעם ענין אַ הלכה, וואָס ער האָט געהערט פון זיין רבי׳ן מיאשה, יענער האָט עס געהערט פון זיין פאָטער, דער פאָטער יענעמס האָט עס געהערט פון די „זוגות“ (ז. פריהער, זייט 281) און די „זוגות“ האָבען דאָס געהערט פון די נביאים, ווי אַ הלכה למשה מסיני (פאה, פרק ב׳, משנה ו׳); נאָך איינער, וואָס האָט אויך איבערגעגעבען די מנהגים פון גאָטעסדינסט אין בית המקדש, איז געווען אבא יוסי בן חנן (תוספתא: יום הכפורים, פרק א׳; סוכה, פרק ד׳). ער האָט זעהר געזידעלט די כהנים גדולים פון זיין צייט (פסחים נ״ז. תוספתא: מנחות, פרק י״ג). דערפון זעהט מען, אַז אויך ער האָט געלעבט אין דער צייט, ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, און אַ צייט נאָך דעם. נאָך איין מאמר איז פון איהם פאַראַן, אָבער ניט אין די ענינים פון הלכה (תוספתא: סוף פון מסכת עירובין) (ח). זיינער אַ חבר אָדער אפשר אַ תלמיד איז געווען אבא שאול בן בטנית (פסחים נ״ז). ער איז געווען אַ קרעמער אין ירושלים (תוספתא: ביצה, פרק ג׳) און האָט זיך געפיהרט, ווי איי־נער פון גאָר די פרימסטע. אין דער הינזיכט פון רוהען די טעג פון יום טוב האָט ער אויף זיך אָנגעצויגען איבעריגע שטרענגהייטען. אין דער הינזיכט פון האנדלען ארענטליך און געוויסענהאפט איז ער אויך געגאַנגען פיעל ווייטער, ווי עס פאָדערט דער דין (ביצה כ״ט). ער האָט אָבער גראָד ניט געציטערט צו טאָן אום שבת געוויסע זאַכען, וועלכע זיינען גע־ווען נויטיג, כדי אויסצוהיטען זיך פון אומריינקייט (שבת קנ״ז). מעהר, ווי אַט דאָס, ווערט וועגען איהם ניט דערצעהלט. פון זיינע לעבענס־פּאַ־סירונגען ווייסען מיר גאָרנישט. מיר ווייסען אפילו ניט, צי ער האָט

איבערגעלעבט דעם חורבן אדער ניט. אחוץ די, ווערן דערמאהנט מיט די נעמען נאך איינציגע געלערנטע פון יענער צייט: יהודה בן פטירי (תוספתא: סוטה, פרק ה׳ און פרק ו׳), יהודה בן יעקב פון בית גוברין און יעקב בן יצחק פון בית גופנין (תוספתא: אהלות, פרק י״ח), בן בוכרי (שקלים, פרק א׳, הלכה ג׳), שמעון הצנוע (תוספתא: כלים, בבא קמא, פרק א׳) און נאך אנדערע, פון וועמען מיר האבן אבער זעהר ווינ־ ציג מאמרים, אזוי אז פאר אונזער צוועק איז ניט וויכטיג צו דערמאהנען זיי דא. צווישען די געלערנטע, וואס האבן געלעבט אין דעם לעצטען דור פאר׳ן חורבן, געפינען זיך נאך אזוינע, וואס האבן דוקא פיעל ניצ־ ליכס אויפגעטאן פאר׳ן פאלק, אבער זייער טעטיגקייט האבן זיי ערסט נאכ׳ן חורבן ענטוויקעלט. אזעלכע געלערנטע צו דערמאהנען איז ניט דא דער ארט: זייער ארט איז אין דעם ערסטען דור נאכ׳ן חורבן, ווען זיי האבן ארויסגעוויזען זייער טעטיגקייט. דא ווילען מיר נאך דער־ מאהנען עטליכע געלערנטע, וואס האבן געהאט א בעזונדער פונקציע, און אויך איינציגע פון די כהנים, וואס האבן זיך אויסגעצייכענט מיט זייער געלעהרזאמקייט און מיט זייער פרומקייט.

### די „דייני גזירות“

צוויי געלערנטע ווערן דערמאהנט, וואס האבן געהאט עפעס גאר א בעזונדער אמט. איינעם האט מען גערופען אדמון, דעם אנדערען חנן. זיי האבן געלעבט אין מיטען פון דעם לעצטען יאהרהונדערט פאר׳ן חורבן. נאכ׳ן אמט זייערען, ווערען זיי אנגערופען „דייני גזירות“ (כתובות ק״ד) אדער „דייני גזילות“ (כתובות ק״ה. אויך ירושלמי: כתובות, פרק י״ג, הלכה א׳). וואס פאר א מין ריכטער זיינען דאס גע־ וועזען? דער תלמוד ירושלמי ערקלערט, אז מען האט זיי גערופען „דייני גזילות“, ווייל זייער עובדא איז געווען צו בעשטראפען פאר גזילות. דער תלמוד בבלי ערקלערט, אז מען האט זיי גערופען אי „דייני גזילות“, אי „דייני גזירות“, ווייל זיי פלעגען ארויסגעבען גזירות, כדי צו פארהיטען פון גזילות. אפשר זאלען מיר זאגען, אז דאס איז געווען א מין פאלי־ ציי־געריכט? אויב אזוי, איז זייער פונקציע געווען נאר אויסצוגלייכען קליינע סכסוכים און גאנץ געוועהנליכע קריגערייען, שטראפירען פאר קליינע בעשעדיגונגען און דאסגלייכען. זייער צוועק איז געווען איינצור־ שטעלען א נארמאלען פערקעהר צווישען איין מענשען מיט דעם אנדע־ רען, בעזייטיגען אלצדינג, וואס קאן שטערען דעם געזעלשאפטליכען פריי־

דען. וועגען אזעלכע זאכען איז ניט געווען קיין געזעץ, וואס האט גע־
זאלט זיין אויסגעארבעט אין אלע דעטאלען. עס זיינען נאר געווען אל־
געמיינע כללים. די דעטאלען האט דאס געזעץ איבערגעלאזען פאר דעם
ריכטער. ער זאל זיי אין יעדער איינצעלנעם פאל בעשטימען נאך זיין איי־
גענעם פארשטאנד, וועדליג ווי ביי איהם קומט אויס נאך די אומשטענ־
דען פון דעם ארט און פון דער צייט. ער פלעגט דעריבער אמאל ארויפ־
לעגען אויף איינעם א געוויסע פליכט ניט אויף דעם סמך פון דעם גע־
זעץ, נאר אין די אינטערעסען פון דעם געזעלשאפטליכען פרידען. מען
האט זיי אלזא גערופען „דייני גזירות". ווייל די פראצעסען, מיט וועלכע
זיי האבען געהאט צו טאן, פלעגען זיך דאס רוב ענדיגען מיט דעם, וואס
זיי פלעגען מיט זייער אייגענער מאכט ארויפלעגען אויף איינעם א גזירה.
אזוי אונגעפעהר ווערט די זאך ערקלערט אין „דרכי המשנה" (זייט 61).
מיר דארפען דא אבער נעהמען אין בעטראכט אט וואס. אין דעם נאמען
פון די אנגערופענע „דייני גזירות" ווערען איבערגעגעבען בעשטימטע מיי־
נונגען וועגען פארשיידענע יורידישע פראגען, און צווישען די אלע
פראגען, וואס ווערען פון זיי בעריהרט, געפינט זיך ניט קיין
איין איינציגע, וואס זאל האבען א שייכות צו גזילות אדער צו
אנדערע גרעסערע אדער קלענערע בעשעדיגונגען, פאר וועלכע עס
קומט וועמען א שטראף. דאס זיינען אלץ פראגען וועגען איי־
גענטומס־רעכט, וועגען מיינס און דיינס און וויטער גארנישט. זיי אור־
טיילען וועגען דעם מיט זייער אייגענער לאגיק, שטיצען זיך אבער אויך
טיילווייז אויף די גרונדפרינציפען פון די אנגענומענע הלכות. די אלע
יורידישע פראגען געהערען צו דער קאטעגאריע פון ציוויל־רעכט, ניט
פון שטראפרעכט אדער פאליציי־רעכט. די ראלע פון די „דייני גזירות"
(אדער „דייני גזילות", אדער גאר „גוזרי גזירות", ווי זיי ווערען אמאל
אנגערופען) ווערט אונז ערסט קלאר פון אן אנדער זאך, וואס ווערט
דערצעהלט וועגען זיי: די „גוזרי גזירות" אין ירושלים פלעגען בעקומען
זייער געהאלט פון דער שקלים־קאסע (כתובות ק"ה. שקלים, פרק ד' הלכה
ב'). דערפון זעהט מען, אז זיי זיינען געווען אנגעשטעלט פון דער גע־
מיינדע צו זיצען שטענדיג אין א בעשטימטען ארט און משפט'ען די מענ־
שען, וואס האבען געהאט פרעטענזיעס איינער אנטקעגען דעם צווייטען.
דערפאר האבען זיי פון דער געמיינדע געקראגען געהאלט. פון די, וואס
קומען צו א דין תורה, טאר דער דיין נאכ'ן דין ניט נעהמען קיין שום גע־
צאהלט (11). אבער דא, אין דעם פאל, וויבאלד זיי זיינען געווען אנגע־
שטעלט פון דער געמיינדע און זיי האבען אפגעגעבען אויף דעם זייער

גאַנצע צייט, האָבען זיי ניט געציטערט צו נעהמען דערפאַר גע־צאָהלט, און דאָס איז טאַקי געווען געזעצליך (ז. תוספות אויף כתובות קה, עמוד א׳, דריטען זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „גוזרי גזירות"). די דיינים פון אַזאַ בית דין, וואָס די גאַנצע געמיינדע האָט אַנערקענט זייער אויטאָריטעט, האָבען געהאַט די מאַכט צו צווינגען יעדערען, ער זאָל קומען צו זיי אויף א דין תורה און ער זאָל פאָלגען דעם פסק דין, וואָס זיי וועלען אַרויסבערענגען (סנהדרין כ"ג). פאַר דעם פסק דין פון אַזאַ בית דין, וואָס האָט געהאַט א צווינגענדע קראַפט, איז ביי זיי געווען א ספּעציפישער נאָמען. אין ארץ ישראל פלעגען זיי אַזעלכע אַקטען אָנרופען „גזרי דיינים" (ריכטערליכע ענטשיידונגען) אָדער „גזלי דיינים". אין בבל פלעגען זיי דאָס אָנרופען „אישרי דיינים" (ריכטערליכע בעשטעטיגונגען) אָדער „אשלי דיינים" (ירושלמי: בבא מציעא, פרק א׳, הלכה ח׳ און מועד קטן, פרק ג׳, הלכה ג׳). צווישען „גזרי" און „גזלי", פונקט ווי צווישען „אישרי" און „אשלי", איז ניט געווען קיין שום אונטערשייד אין דער בעדייטונג. סיי אין ארץ ישראל, סיי אין בבל זיינען געווען פאַרשיידענע דיאַלעקטען, און זיי פלעגען זעהר אָפט פאַרבייטען א „ר" אויף א „ל". דעריבער, פונקט ווי אין בבל האָבען איינינגע איבערגעדרעהט דאָס וואָרט „אישרי" אויף „אשלי", אַזוי איז אויך אין ארץ ישראל פון „גזרי" ביי איינינגע געוואָרען „גזלי". אַלזאָ, אַט די דאָזיגע, פון דער געמיינדע אָנגע־שטעלטע, דיינים, וואָס זייערע אורטיילען, די „גזרי דיינים" אָדער „גזלי דיינים" האָבען געהאַט א צווינגענדע קראַפט, האָבען זיך גערופען „דייני גזירות" אָדער „דייני גזילות" (12).

פון חנן׳ען זיינען געבליבען צוויי הלכות. איינע פון זיי איז: ווען דער מאַן איז אַוועק אין א ווייטער מדינה, איבער׳ן ים, און זיין פרוי פאַר־לאַנגט, מען זאָל איהר פון זיין פאַרמעגענס געבען אויף דער הוצאה, איז זי ניט מחויב צו שווערען, אז זי האָט פון דעם פאַרמעגענס גאַרנישט פאַר־נומען. ווען מען האָט זיך אָבער דערנאָכדעם דערוואוסט, אז דער מאַן איז געשטאָרבען, און זי קומט מאָהנען די כתובה, דאַן קומט איהר א שבועה (כתובות ק"ד און ק"ה). דאָס איז נאָר אַן ערגענצונג צו יענער הלכה, נאָך וועלכער די פרוי קאָן אנדערס ניט איינמאָהנען די כתובה פון דעם פאַרמעגענס, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר די יתומים, סיידען נאָר מיט א שבועה (כתובות פ"ז). קענטיג, אין חנן׳ס צייט האָט מען נאָך ניט אויפגעהערט צו געבען אין אַזאַ פאַל דער פרוי א שבועה. אין ר׳ גמליאל׳ס צייט איז שוין געווען אוים מאָדע צו געבען אַ שבועה (גיטין ל"ד). דערפון קענען מיר שליסען, אז חנן איז געווען פריהער פאַר ר׳

גמליאל׳ן. חנן האט די זאך בעטראכט פון א לאגישען שטאנדפונקט. ביי איהם איז אויסגעקומען, אז כל זמן די פרוי פארלאנגט נאר, מען זאל איהר געבען צום לעבען, קומט איהר קיין שבועה ניט, ווייל עס איז דאך איבערהויפט ניטא קיין בעשטימטע נארם, וויפיעל א מענש דארף האבען צום לעבען, און דעריבער איז דא ניטא וואס צו פארקלערען אויף דעם, טאמער האט זי עפעס פון זיין פארמעגענס פארנומען. ביי דער כתובה, פארקעהרט, וואו עס האנדעלט זיך וועגען א בעשטימטער סומע, האט ער יע אויף אזא זאך פארקלערט. די צווייטע הלכה חנג׳ס איז: ווען איימיצער איז אוועק אין א ווייטער מדינה, איבער׳ן ים, און אן אנדערער האט פאר דער צייט געשפייזט זיין פרוי, האט דער אנדערער פארלארען זיין געלט (כתובת ק״ז). דער אלגעמיינער פרינציפ, אויף וועלכען די הלכה איז געגרינדעט, איז פאלגענדער: ווען איימיצער האט ניט געבעטענערהויט, אויף זיין אייגענער איניציאטיווע, בעצאהלט דעם אנדערענס א חוב, איז יענער ניט מחויב צו אומקעהרען איהם דאס. און אט דעמזעלבינגען פרינציפ געפינען מיר אינדירעקט איינגעשלאסען אין א גאנץ אנדער הלכה, ביי דעם ענין פון א נדר: ווען איימיצער איז דורך א נדר געבונדען, אז ער טאר א געוויסען מענשען קיין שום געפעליגקייט ניט טאן, מעג ער פונדעסטוועגען פאר יענעם מענשען געבען א שקל און ער מעג אויך בעצאהלען יענעמס א חוב (נדרים ל״ג) (13). מיר ווייסען ניט, וועלכע פון די ביידע הלכות איז די ערסטע און וועלכע איז די צווייטע, וואס שטיצט זיך אויף דער ערסטער: צי חנג׳ס הלכה איז געווען פריהער אדער פארקעהרט. ווי דאס איז, מיר זעהען, אז די „דייני גזירות" פלעגען אורטיילען ניט, ווי זיי איז גלאט אין דער וועלט אריין איינגעפאלען אין זינען, נאר רעכענענדיג זיך מיט די גרונד־פרינציפען פון דער תורה שבעל פה. מען זעהט עס נאך דייטליכער, ווען מען נעהמט אין בעטראכט די זיבען ערקלערונגען, וואס אדמון האט ארויסגעגעבען (כתובות ק״ח—ק״י). זיי שטיצען זיך אלע אויף די גרונד־פרינציפען פון דער תורה. ווען איימיצער זאגט, אז די „דייני גזירות" זיינען געווען מענשען פון פאלק, וואס האבען ניט געהערט צו דעם קלאס פון די געלערנטע (יאסט: „געשיכטע דעם יודענטומס אונד זיינער סעקטען", בוך 2, קאפ. 15), האט ער א טעות. עס ווערען דערמאהנט נאך צוויי געלערנטע מיט׳ן טיטעל „גוזרי גזירות". איינער פון זיי איז חנן פון מצרים (חנן המצרי), פון וועמען מיר האבען נאר איין איינציגע הלכה (יומא ס״ג און אנדערע דארטען אנגעמערקטע ערטער). דער צווייטער איז נחום פון מדי (נחום המדי). וועגען איהם האבען די שפעטערדיגע

געצווייפעלט, צי ער איז ווירקליך געווען פון די „דייני גזירות", און זיי האבען טאקי געהאט א גרונד דערינען צו צווייפלען. נחום האט ניט גע־קאנט זיין אין איין בית דין מיט אדמון און חנן, ווייל דידאזיגע צוויי גע־לערנטע זיינען געווען פריהער פאר ר' גמליאל'ן; נחום אבער, ווי מיר ווילען דאס באלד זעהען, האט נאך געלעבט א געוויסע צייט נאכ'ן חורבן. פונדעסטוועגען איז ניט אויסגעשלאסען, אז ער איז יע געווען פון די „דייני גזירות" — אין א וועלכער עס איז שפעטערער צייט, אפשר גאר די לעצטע צייט פאר'ן חורבן. זעקס הלכות האבען מיר פון איהם (שבת כ', בבא בתרא ע"ח. עבודה זרה ז'). אויף דריי פון זיי האבען איהם די איבעריגע געלערנטע געזאגט, אז דאס איז קיינמאל ניט גענומען געווא־רען ערנסט און דאס איז גאר ניט פארעפענטליכט געווארען. נאך פיער הלכות — אלע וועגען פראגען פון ציוויל־רעכט — קאן מען רעכענען פאר זיינע, כאטש עס ווערט ניט געזאגט בפירוש,אז זיי שטאמען אלע פון איהם (תוספתא: בבא בתרא, פרק ט'). עס ווערט נאך דערצעהלט א מעשה וועגען נזירים, וואס זיינען אנגעקומען פון די גלות־לענדער אין ירושלים און האבען דערוויסט דעם בית המקדש א חרב'ען. זיי האבען זיך געווענדט צו נחום המדי. זאגט ער צו זיי: ווי וואלט געווען, ווען איהר וואלט פריהער געוואוסט, אז דער בית המקדש וועט חרב ווערען? וואלט איהר אויף זיך גענומען נזירות? ענטפערן זיי: ניין. אויף דעם סמך האט ער זיי פון זייער נזירות בעפרייט, און אויך דא זיינען די אי־בעריגע געלערנטע פון זיין צייט מיט איהם ניט געווען איינשטימיג (נזיר ל"ב). איינער פון די געלערנטע, נחומ'ס א לאנדסמאן, האט בעשולדיגט די געלערנטע פון ארץ ישראל אין פארטייליכקייט: נאך זיין מיינונג, האבען זיי ניט פארגונען, אז א געלערנטער פון אן אנדער לאנד זאל ארויסווייזען זיין קענטעניס; דעריבער האבען זיי אויף אלצדינג, וואס ער האט געזאגט, געווארפען אן אום־חן. (עבודה זרה ז').

**בעוואוסטע כהנים**
**פון יענער צייט.**

פון די כהנים פון יענער צייט איז דא כדאי צו דערמאהנען דרייען: יהושע בן גמלא. ער איז געווארען כהן גדול עטליכע יאהר פאר'ן חורבן און האט געקראגען זיין אמט דורך שוחד. ער איז פארקנאסט געווארען מיט איינער מרתא, דער טאכטער פון בייתוס, וואס זי איז גע־

ווען א כהנ'ס אַן אַלמנה. זי האָט געגעבען דעם קיניג שוחד א האַלבע סאָה (דריי קבין) דינר'ס, האָט ער יהושע'ן געמאַכט פאַר א כהן גדול. דערנאָך האָבען זיי חופּה געהאַט, און זי איז געוואָרען זיין פרוי (יבמות ס"א). אַט דער יהושע בן גמלא האָט איינגעפיהרט א וויכטיגע תקנה, וואָס איז געווען זעהר ניצליך פאַר'ן פאָלק, און מיט דערמיט האָט ער זיך געמאַכט א נאָמען און האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך אַן אייביגע אָנ־דענקונג. ער האָט איינגעפיהרט, אַז מען זאָל ניט נאָר אין יעדער פּראָווינץ, נאָר טאַקי אין יעדער שטאָדט אוועקזעצען מלמדים אויף צו לערנען מיט קינדער און מען זאָל מיט די קינדער אָנהויבען צו לערנען, ווי נאָר זיי ווערען אַלט וואָסערע זעקס־זיבען יאָהר (בבא בתרא כ"א). וואָרום ער האָט געזעהען, אַז די ערציהונג פון די קינדער איז ביים פאָלק געווען זעהר פאַרנאַכלעסיגט, און דאָס האָט געבראַכט צו דערצו, אַז דער גרעס־טער טייל פון דער בעפעלקערונג איז געווען ניט דיסציפּלינירט. עס איז טאַקי דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס זיי האָבען זיך פון איין זייט אַזוי לייכט געלאָזט איבעררעדען פון די אויפהעצער, וועלכע האָבען זיי גערופען צושטעהן צו א בונט, און פון דער אַנדער זייט זיינען זיי געווען אַזוי לייכטגלויביג, אַז זיי האָבען זיך געלאָזט פאַרבלענדען די אויגען פון די פאַלשע משיחים, וואָס האָבען זיך בעוויזען פון צייט צו צייט, וואָס פלעגען ריידען אין גאָטס נאָמען און נביאות זאָגען, אַז דורך זיי וועלען די אידען געהאָלפען ווערען. ביי דעם לעצטען אויפשטאַנד איז יהושע געווען פון די געלאָסענע און פון די נאָכגיביגע. ער איז געווען א געגנער פון די קנאים. ער איז ארונטערגעזעצט געוואָרען פון זיין אַמט, אַלס כהן גדול; ער איז אָבער געווען אין סנהדרין און איז ניט געווען פון די, וואָס האָבען געראַטען פיהרען מיט די רוימער מלחמה (יוסיפון: „די אידישע מלחמות", בוך 4, קאַפּיטלען 3 און 5). ער איז געווען זעהר רייך און האָט פיעל געשענקט אויף צו פאַרשענערן די אויסשטאַטונג פון דעם טעמ־פעל (יומא ל"ז). כאָטש אפילו ער איז געווען א געלערנטער און איז געזעסען אין סנהדרין, פונדעסטוועגען ווערט קיין הלכה ערגעץ ניט דער־מאָהנט אין זיין נאָמען. ז כ ר י ה ב ן ה ק צ ב. ער איז אויך געווען א כהן. האָט געלעבט אין דער לעצטער צייט, ווען דער בית המקדש איז נאָך געשטאַנען, און אויך נאָכדעם. אין די עטליכע ווערטער, וואָס זיינען פון איהם פאַרבליבען, פיגורירט ער, ווי אַן עדות, וועלכער בעשטעטיגט צוויי זאַכען (כתובות כ"ז. עדיות, פּרק ח', משנה ב'). אויך צוויי הלכות ווערען געבראַכט אין זיין נאָמען (בבא בתרא קי"א. תוספתא: מגילה, פּרק א' און בבא בתרא, פּרק ז'). ער איז דער ערסטער, אין וועמעס

נאמען עס ווערט געבראכט א דרש (סוטה כ"ז), וואס איז געבויט אויף איין איינציגען אות, און דערדאזיגער אות ווערט אנגענומען פאר א סימן פון „רבוי" (14). זכריה בן אבקולס. ער האט געהאלטען מיט די קנאים און איז געווען פון די, וואס האבען געראטען פיהרען מלחמה (יוסיפון). זיין שולד געגען זיין אייגענעם פאלק, ווי איינער פון די, וואס האבען מיטגעווירקט צו זיין שאדען, ווערט אין א געוויסער לעגענדע געשילדערט אין א מילדערער פארם: די זאך ווערט פארגע־שטעלט דארטען אזוי, אז צוליעב זיין איבערמעסיגער פרומקייט איז דאס אומגליק געשעהען (גיטין נ"ו). איין הלכה האבען מיר פון איהם (תוספתא: שבת, פרק ט"ז—י"ז), און דארטען טרעט ער ארויס אנט־קעגען בית שמאי און בית הלל גאר מיט א בעזונדער מיינונג: ניט ווי די זאגען, ניט ווי יענע זאגען. דערפון קענען מיר שליסען, אז עס זיינען אין יענער צייט געווען געלערנטע, וואס האבען ניט געהערט צו קיין איי־נער פון די ביידע שולעס. געוויס איז דער זכריה אין דעם פרט געווען ניט דער איינציגער. אט דאס איז געווען איינע פון די אורזאכען, פאר וואס דאמאלסט, בעת זיי האבען זיך פארזאמעלט אין דעם הויז פון חנניה בן חזקיה, האבען די בית שמאי אנטקעגען די בית הלל געקראגען די מעהרהייט. אויף יענער פארזאמלונג האבען זיי פערהאנדעלט וועגען אזעלכע גזירות, פאר וועלכע די אומשטענדען פון יענער צייט האבען גע־שאפען א נויטיגקייט. דער צוועק פון די גזירות איז געווען צו מאכען גרעסער דעם צווישענשייד, וואס טיילט אפ די אידען פון די גויים. ווי־באלד די גזירות האבען געהאט אזא צוועק, האבען דא די בית שמאי לייכט געקראגען די אונטערשטיצונג אויך פון אזעלכע געלערנטע, וואס האבען גאר ניט געהערט צו זייער שולע (ז. פריהער, זייט 511).

די אונטערסטע
שורה.

דער גרעסטער טייל פון יענע געלערנטע, וואס האבען אין דעם ערס־טען דור נאכ'ן חורבן א ראלע געשפילט, זיינען די לעצטע יאהרען, ווען דער בית המקדש איז נאך געשטאנען, געווען אין גרויס פערלעגענהייט: מיט זייער גאנצער קלוגשאפט האבען זיי זיך ניט געקאנט געבען קיין עצה, ווי אזוי ארויסצוהעלפען דעם פאלק פון די צרות. די האבען גע־הייסען מלחמה האלטען, די האבען געראטען צו שליסען פרידען, און

אלעמענס כונה איז געווען גוט. אבער פון אלע מענשליכע עצות האט זיך גארנישט ניט אויסגעלאזען, ווייל גאט האט אנדערש געוואלט: ער האט געפונען פאר בעסער צו צושפרייטען די אידען צווישען די פעלקער (פסחים פ"ו). עס איז בעשערט געווען, אז ירושלים זאל פערוואנדעלט ווערען אין אן איינגעפאלענער רואינע, אז דער בית המקדש זאל מיט'ן פייער אוועקגעהן, אז דאס לאנד זאל ווערען וויסט, ווי דאס פאסירט נאך אן איבערקעהרעניס, וואס פרעמדע האבען אנגעמאכט. די אלע שטורמס אין די שווערע צייטען האבען געבראכען זייער שטאלץ און אויסגעריסען ביי זיי מיט'ן ווארצעל די האפענונג אויף פאליטישער פרייהייט. זיי האבען אבער ניט געהאט בכח אויסצולעשען פון זייער הארצען די ליעבשאפט צו דער ירושה, וואס זיי האבען געהאט פון זייערע אורעלטערן. די קאטאסטראפע האט ניט נאר ניט אפגעשוואכט, נאר האט נאך מעהר פארשטארקט זייער גלויבען אין דעם אמת'ען גאט. דער חשק צו שטודירען גאטס תורה איז ניט אפגעפאלען ביי זיי: פארקעהרט, עס האט נאך ביי זיי אנגעשפארט מיט א צווייענדיגער קראפט. פונקט ווי עס וואלט אויסגעוואקסען א גרינער בוים אין א ווילדערניס, אזוי האט ביי זיי פון אונטער די חורבות פון ירושלים און דעם בית המקדש ארויסגעשפראצט דאס שטארקע שטרעבען צום שטודירען די תורה און די מצוות. דאס איבערגעבליבענע הייפעלע געלערנטע, וואס האבען זיך געראטעוועט, — זיי זיינען געווען דער ליכטשטראהל, וואס האט געוויזען דעם פאלק א וועג אין די צייטען פון פיין און נויט. אט די איבערגעבליבענע געלערנטע האבען מיט געניטע הענט געפיהרט נאך זיך די געראטעוועטע רעסטען פון פאלק. אזוי ווי זייער הויפט-טעטיגקייט איז געווען נאכ'ן חורבן, ווען מיר זיי אפגעבען אן ארט דארטען, וואו זייערע אויפטרעטונגען האבען געלאזען נאך זיך אן אנדענקונג. דא וועלען מיר אונזער בליק און אונזער אויפמערקזאמקייט ווענדען נאר אויף דעם אלגעמיינעם צושטאנד פון דער תורה שבעל פה: ווי ווייט זי איז ביז יענער צייט אויסגעוואקסען און ווי ווייט איהרע צווייגען האבען זיך פאנאנדערגעלאזען. דידאזיגע לאנגע און ברייטע טעמא שטעלט מיט זיך פאר א בעזונדער אפטיילונג, וועלכע פארנעהמט ביי אונז די ווייטערדיגע קאפיטלען. אונזערע ביזאהעריגע בעטראכטונגען ווילען מיר שליסען מיט א קורצען איבערבליק איבער די וויכטיגסטע פאקטארען, וואס אונטער זייער ווירקונג איז די תורה שבעל פה פארברייטערט געווארען אין דעם משך פון דעם לאנגען פעריאד, וועלכען מיר זיינען ביזאהער דורכגעגאנגען. דידאזיגע פארברייטערונג איז א רעזולטאט פון פיעלע און פארשיידענע

אורזאכען. זעהר פיעל האבען דא געווירקט די אויסערליכע פאסירונגען, וואס דאס פאלק האט איבערגעלעבט פאר דער גאנצער צייט, זינט זיי האבען זיך אומגעקעהרט פון גלות בבל. די וויכטיגסטע אורזאכע איז געוועז דאס, וואס פון צייט צו צייט האט מען זיי געוואלט צווינגען אפ־צוגעוועהנען זיך פון זייערע זיטען און אפזאגען זיך פון זייער רעליגיאן. דער צוואנג, וואס איין צד ווענדט אן אנטקעגען דעם אנדערען, רופט שטענדיג ארויס אן עקשנות פון דעם אנדער צד. אין פולער קראפט האט זיך די ריכטיגקייט פון דעמדאזיגען כלל ביי די אידען ארויסגעוויזען. וואס מעהר זייערע געגנער האבען געשטרעבט אפצורייסען זיי פון זייער רעליגיאן, אלץ פעסטער און מיט מעהר קראפט האבען זיי זיך פאר איהר געהאלטען, און דאס איז געוועזען אן אורזאכע אויף איינצופיהרען וואס מעהר שוצמיטלען, אדער „גדרים“, אנמאכען געזעצען און געבאטען איינע איבער די אנדערע. פיעלע נייע געזעצען זיינען איינגעפיהרט געווארען, כדי צו דערווייטערן די אידען פון אנדערע פעלקער. אין אנדערעס מאל, פארקעהרט, האבען זיי געמוזט איינפיהרען עפעס א געזעץ, כדי צו יוצא זיין אנטקעגען די אנדערע פעלקער. דאס זיינען אלץ געוועזען אויסערליכע אורזאכען. נאך מעהרער פון די זיינען געוועזען די אינעוועניגסטע אורזא־כען. וויפיעל געזעצען און דינים זיינען פאראן, וואס די אדער יענע איינצעלנע פאסירונג האט זיי ארויסגערופען! די געגנערשאפט פון די צדוקים האט זעהר פיעל מיטגעווירקט צו דערצו, אז עס זאלען אנגענומען ווערען נייע געזעצען. נאך מעהר האבען דא געווירקט די מחלקות צווי־שען די פרושים גופא, וואס די געלערנטע פון זיי האבען געפיהרט איינע אנטקעגען די אנדערע: דאס איז געוועזען פונקט ווי א קוואל, וואס שטויסט פון זיך ארויס אלע ווייلע א פרישען שטראם וואסער. אויף איין פונקט מוזען מיר זיך דא נאך אמאל אפשטעלען, ווייל דאס איז געוועזען די וויכ־טיגסטע אורזאכע, וואס האט געבראכט צו דער פארברייטערונג פון דער תורה שבעל פה. מיר מיינען די מעטאדס פון דרש, וואס זיינען ביי זיי אין א משך פון צייט אויסגעוואקסען און זיי האבען זיי געמוזט וואס מעהר אויסברייטען, כדי צו מאכען, אז די אנגענומענע הלכות זאלען שטימען מיט דער תורה. די אויסברייטונג איז געגאנגען אלץ ווייטער אין דערזעלביגער מאס, אין וועלכער עס האבען זיך געמעהרט די הלכות און זייערע קאנסעקווענצען. ווען מיר זעהען, אז אין די לעצטע יאהרען פון דעם בית המקדש האבען זיי שוין איינצעלנע אותיות גע׳דרשנ׳ט, פארשטעהען מיר, אז די צאהל פון די הלכות איז שוין דאמאלסט ביי זיי געוועזען גענוג גרויס, און אויף צו בעגרינדען זיי האבען זיי געמוזט אנקומען

צו דער הילף פון אזא מיטעל, ווי דרשנ׳ען איינצעלנע אותיות. אבער פונקט אין דערזעלביגער מאס, ווי די אויסגעברייטע מעטאדס פון דרש זיינען זיי צוניץ געקומען אויף צו בעגרינדען די אנגענומענע הלכות. אזוי האט עס זיי אויך געטריבען ארויסצודרינגען אויך נייע הלכות מיט זייער הילף. אט אויף אזאן אופן איז די תורה שבעל פה טראטביי טראט געגאנגען אלץ ווייטער און ווייטער. אויב מיר ווילען אפשאצען ריכטיג, צו וואס פאר א הויכער מדרגה די תורה שבעל פה האט ביז די לעצטע יאהרען פון דעם בית המקדש דערגרייכט, דארפען מיר בערעכענען, וואס פאר א גרויסע צאהל הלכות עס געהט אויף די נעמען פון פארשיידענע געלערנטע, וועלכע האבען געלעבט ביז יענער צייט; מיר דארפען בע־זונדערס נעהמען אין בעטראכט אלצדינג, וואס איז געזאגט געווארען אין דעם נאמען פון שמעון בן שטח און זיינע קאלעגען, שמעיה און אבטליון, שמאי און הלל, די שולעס פון שמאי און הלל און די געלערנטע פון זייער צייט, אדמון און חנן, ר׳ גמליאל הזקן און די איבעריגע גע־לערנטע, וואס ווערען אנגערופען מיט די נעמען. פון דער אנדער זייט, ווען מיר זאלען בעטראכטען אויפמערקזאם יענע הלכות, תקנות און דינים, וואס ווערען געבראכט אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה אנאנים, געפינען מיר אויך צווישען זיי אין א גאנץ היבשער צאהל אזוינע, אויף וועלכע מיר קענען זאגען בעשטימט, אז זיי שטאמען נאך פון פאר׳ן חורבן אדער יעדענפאלס פון א צייט ניט שפעטער, ווי דער חורבן. ביי איייניגע זעהט מען דאס קלאר פון זייער אינהאלט און פון זייער שפראך; ביי א טייל פון זיי האבען מיר אויף דעם אן אנדער סימן: אט דאס, וואס די געלערנטע פון דעם ערסטען דור נאכ׳ן חורבן דעפינירען זיי און ערקלערען זייער בעדייטונג, אדער זיי שטיצען זיך אויף זיי, כדי צו בע־גרינדען נייע הלכות. ביי איייניגע הלכות ווערט בפירוש געזאגט, אז אמאל האט מען געהאלטען אזוי און אזוי, נאר שפעטער איז די הלכה געענדערט געווארען: צי מחמת דעם, ווייל זיי האבען אויסגעפונען א נייעם דרש, צי ווייל זיי האבען געפונען פאר נויטיג צו מאכען א נייעם „גדר", אדער די אורזאכע, וואס האט אמאל ארויסגערופען יענע הלכה, איז געווארען אויס („דרכי המשנה", זייט 142) (ט). ווען מיר זאלען די אלע איינצעל־הייטען נעהמען אין בעטראכט, קענען מיר זיך פארשטעלען, אויף וואס פאר א הויכער מדרגה די תורה שבעל פה איז געשטאנען אין דער צייט, ווען דער בית המקדש איז חרב געווארען. דאס איז אלץ נאר געערדט, וואס איז שייך צו הלכה, יענעם פראקטישען טייל פון דער תורה, וועלכער פאדערט בעשטימטע אקטען. עס איז אבער פאראן נאך א וויכטיגער

טייל, וועלכער האט אויך דערגרייכט צו א הויכער מדרגה. דאס זיינען די גלויבונגען און די אנשויאונגען. כדי אפצושאצען די הויך פון זייער ענט־וויקלונג, וועלען מיר אין די ווייטערדיגע קאפיטלען נעהענטער בעטראכטען דיביידע טיילען אין זייערע אלגעמיינע פארמען און זייערע דעטאלען.

# איין און צוואנציגסטער קאפיטעל.

## דער צושטאנד פון דער תורה שבעל פה אין דעם לעצטען פעריאד פון דעם בית המקדש.

די העכסטע און די נידעריגערע
אינסטאנצען פון בית דין.
זייערע פונקציעס און זייער
מיטגלידערשאפט.

די טרעגער פון דער תורה בכלל זיינען אין איטליכען דור געווען די געלערנטע. די העכסטע אינסטאנץ אבער איז שטענדיג געווען דער גרויסער בית דין אין ירושלים, וועמעס ענטשיידונגען עס זיינען געווען מאסגעבענד פאר אלע אידען. זינט די אידען זיינען געווארען א פאלק, האבען זיי שטענדיג געהאט איבער זיך ריכטער, וואס זייער פונקציע איז געווען ניט בלויז צו משפט'ען אדער אויסגלייכען סכסוכים, נאר אויך צו לייזען אלגעמיינע געזעלשאפטליכע און רעליגיעזע פראגען. די צאהל זיבעציג פאר די עלטסטע פון פאלק ווערט דערמאהנט אין דער תורה (במדבר, קאפ. י"א). דעריבער אז זיי האבען ביים צווייטען בית המקדש איינגעפיהרט דעם אינסטיטוט פון א גרויסען בית דין, האבען זיי פאר זיין מיטגלידערשאפט בעשטימט די צאהל זיבעציג. אויסערדעם האבען זיי בעשטימט נאך איינעם, וואס זאל זיין דער עלטסטער איבער זיי אלעמען (סנהדרין ב'). דער גרויסער בית דין האט זיך פריהער גערופען כנסת הגדולה. אין א צייט ארום, אז זיי זיינען איבערגעגאנגען אונטער דער אויבער־הערשאפט פון די גריכען, איז דער נאמען כנסת הגדולה אומגעביטען געווארען אויף סנהדרין. שפעטער האבען זיי צווייען געמאכט פאר די עלטסטע איבער'ן גאנצען סנהדרין. איינער פון זיי האט געהייסען נשיא, דער אנדערער — אב בית דין. עס איז געווען אנגענומען, אז אין סנהדרין

דארפֿען זיין פֿערטראַטען כהנים און לוים. דאָס איז אָבער ניט געווען קיין מוז (ספרי, שופטים, פּיסקא קנ"ג. ז. אויך סנהדרין י"ד). יעדער איד, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין קענטעניס אין תורה, אין שפּראַכען און אין אַנדערע וויסענשאַפֿטען, האָט געמעגט זיצען אין סנהדרין (מנחות ס"ה). דער, וואָס האָט געהאַט אין זיין משפּחה אַזאַ פּסול, אַז ער האָט ניט געקאָנט אויסגעבען זיין טאָכטער פֿאַר אַ כהן, יע־נער האָט אין סנהדרין ניט געטאָרט זיצען (סנהדרין ל"ב). ביי אַ פּראָ־צעס, וואו עס איז געווען אַ פֿראַגע פֿון טויטשטראָף, האָט אַ גר ניט גע־טאָרט זיצען אַלס ריכטער; סיידען זיין מוטער איז געווען אַ אידישע, דאַן האָט ער געמעגט (יבמות מ"ה און אַנדערע דאָרטען אָנגעמערקטע ער־טער). אַזוינער, וועמעס געבורט עס איז ניט געווען כשר, האָט אויך ניט געטאָרט צוגעלאָזען ווערען אַלס ריכטער ביי אַזאַ מין פּראָצעס (קידושין ע"ו). אין הירודוס'עס צייט איז איינגעפֿיהרט געוואָרען דאָס געזעץ, אַז דער קיניג טאָר קיינעם ניט משפּט'ען און מען טאָר איהם ניט משפּט'ען (סנהדרין י"ח). מען טאָר ניט אַוועקזעצען אין סנהדרין אַ קאַסטרירטען אָדער אַזוינעם, ווער עס האָט ניט קיין קינדער (תוספתא: סנהדרין, פּרק ז'). אַז אַלטען מאַן האָט מען ניט געטאָרט אַוועקזעצען אין גרויסען סנהדרין, סיידען ער איז ערגעץ וואו שוין פֿריהער געווען אַ דיין (תוספתא: סנהדרין, פּרק ג'). קיינער טאָר ניט צוגעלאָזען ווערען אַלס ריכטער ביי אַ פּראָצעס פֿון זיינעם אַ נאָהענטען קרוב; אויך טאָרען די ריכ־טער ניט זיין קיין קרובים צווישען זיך (די גמרא אין סנהדרין כ"ז. ירושלמי: סנהדרין, פּרק ג', הלכה ט') (1). אַ פּשיטא שוין דער, וואָס האָט זיך קאָמפּראָמעטירט מיט וועלכע עס איז אומאַנשטענדיגע האַנדלונ־גען, יענער קאָן געווים ניט צוגעלאָזען ווערען אַלס ריכטער (סנהדרין כ"ד). פֿון אַ ריכטער האָבען זיי געפֿאָדערט, ער זאָל זיין קלוג, פֿרום, בע־שיידען, ער זאָל ניט פֿאַררייסען דעם קאָפּ, ער זאָל קוקען אויף יעדערען מיט אַ גוט אויג, ער זאָל זיך האַלטען קליין ביי זיך, ער זאָל האָבען אַ גוט הארץ, אַ גוטען כאַראַקטער און גוטע זיטען (סנהדרין פּ"ח. ירושלמי: סנהדרין, פּרק א', הלכה ד'. תוספתא: סנהדרין, פּרק ז'). דער סנהדרין, וואָס איז בעשטאַנען פֿון איין און זיבעציג מיטגלידער, האָט זיך גערופֿען דער גרויסער סנהדרין. ער איז געזעסען אין דער „לשכת הגזית" (2). און אַלע אידען האָבען אויסגעקוקט אויף זיינע ענטשיידונגען (סנהדרין פּ"ו און אַנדערע ערטער). פֿון געריכטליכע פּראָצעסען פֿלעגען פֿאַרגעבראַכט ווערען פֿאַר איהם נאָר אויסערגעוועהנליכע: ווען מען האָט אַ גאַנצען שבט אָדער אַ גאַנצע שטאָדט בעשולדיגט אין דינען פֿרעמדע

געטער, ווען מען האט גערארפט משפט'ן א פאלשען נביא אדער ווען מען האט איין וואס עס איז בעשולדיגט דעם כהן גדול (סנהדרין ב'). א פרוי, וואס דער מאן איהרער האט איהר חושד געווען אין אונטרייהייט, פלעגט געבראכט ווערען צום גרויסען סנהדרין (סוטה ז') אויף אנצו־טרינקען איהר מיט דעם פארשאלטענעם וואסער (3). דער גרויסער סנהדרין פלעגט לאזען מעסטען דעם שטח פון דעם ארט, וואו מען האט געפונען א געה'רג'עטען (סוטה מ"ה) (4). אז דעם גרויסען סנהדרין האט זיך געווענדעט צו ערקלערען א געלערנטען פאר א ווידערשפעניגער (סנהדרין פ"ו) (5). ע ר פלעגט בעשטימען דעם קליינעם סנהדרין, וואס איז בעשטאנען פון דריי און צוואנציג מיטגלידער (סנהדרין ב'). ע ר פלעגט פון צווישען די כהנים בעשטימען א בעזונדער בית דין אויף צו רעווידירען דעם יחוס פון די כהנים און פון די לוים (קידושין ע'ו. מדות, פרק ה', משנה ד'. תוספתא: חגיגה, פרק ב'). דערדאזיגער בית דין, וואס איז געגרינדעט געווארען אין הירודוס'עס צייט, האט זיך גע־רופען בית דין של כהנים, און זיינע זיצונגען פלעגען פארקומען אין א בעזונדער ארט, הינטער'ן ארט, וואס איז געווען פארהאנגען מיט'ן פרוכת (ספרי: קרח, פיסקא קטז'). אחוץ זיינע ריכטערליכע פונקציעס, האט דער גרויסער סנהדרין געהאט געזעצגעבערישע פונקציעס. אויף א פא־קולטאטיווען קריג (מלחמת רשות) האט זיך געפאדערט זיין סאנקציע (6). אן איהם האט זיך געווענדעט איינצושליסען ארומיגע פלעצער אין דער שטאדט ירושלים אדער פארגרעסערן די עזרות (סנהדרין ב'). צו איהם האט געהערט די ענטשיידונג אין יעטוועדער פראגע, וועגען וועלכער א נידעריגערער בית דין איז געווען אין צווייפעל. אויף זייערע זיצונגען זיינען די מיטגלידער פון דעם גרויסען סנהדרין געווען אויסגעזעצט אין א האלבען קרייז, און צום פארענט פון זיי זיינען געזעסען אין דריי ראנדען קאנדידאטען-געלערנטע, כדי טאמער וועט וואס פאסירען מיט איימי־צען פון סנהדרין און עס וועט פעהלען צו דער נויטיגער צאהל, זאל מען קענען אויספילען מיט א קאנדידאט. טאמער האט ווער פון סנהדרין גערארפט אוועקגעהן, האט ער געמעגט פארלאזען די זיצונג, אויב נאר אהן איהם זיינען דארטען געבליבען ניט ווייניגער, ווי דריי און צוואנציג (סנהדרין ל"ו און ל"ז). דער גרעסטער פון סנהדרין, דער נשיא, איז גע־זעסען אויבען אן. דער אב בית דין איז געזעסען לעבען איהם צו דער רעכטער האנט זיינער און דער גרעסטער נאכ'ן אב בית דין — צו דער לינקער האנט. (תוספתא: סנהדרין, פרק ח'). זיי פלעגען זיצען דעם גאנצען טאג, פון דעם אינדערפריהענדיגען קרבן תמיד אן ביז צו דעם

פארגאכטיגען קרבן תמיד. שבת און יום טוב פלעגען זיי זיך פארזאמ־
לען אין דעם בית המדרש, וואס אויפ'ן טעמפעלבארג (תוספתא : סנהדרין,
פרק ז' און חגיגה, פרק ב'). זיי פלעגען בעטראכטען א פראגע געלאסען
און פארזיכטיג. אז עס האט געהאלטען ביים אפשטימען, פלעגען זיי פרעי־
גען ביי יעדערען זיין מיינונג, אנהויבענדיג פון דעם קלענסטען (סנהדרין
ל"ב) (7). די שטימען פלעגען איבערגעצעהלט ווערען, און ווי עס האט
זיך ארויסגעזאגט די מעהרהייט, אזוי איז בעשלאסען געווארען. אט דער
מעהרהייטסבעשלוס איז, ווי אן ענדגילטיגע הלכה, פארברייט געווארען
צווישען אלע אידען (סנהדרין פ"ח. תוספתא : סנהדרין, פרק ז'). דעם
נשיא פלעגען זיי אפגעבען גרויס כבוד. אז ער פלעגט אריינקומען, פלע־
גען זיך אלע שטעלען, און זיי פלעגען זיך ניט זעצען צוריק, וואו ער האט
זיי ניט געהייסען. דעם אב בית דין פלעגען זיי אויך אפגעבען כבוד,
ווען ער פלעגט אריינקומען (דערזעלביגער ארט אין תוספתא).

ווי מיר זעהען ארויס פון די פונקציעס, וואס דער גרויסער סנהדרין
האט געהאט, איז זיין טעטיגקייט בעשטאנען אין ארויסגעבען אלגעמיינע
געזעצען אדער בעטראכטען פראצעסען וועגען אזעלכע איינצעלנע ארויס־
טרעטונגען, וואס ריהרען אן די אלגעמיינע אינטערעסען פון פאלק. אין
אויסנאהמספאלען נאר פלעגט איהם אויסקומען אמאל צו בעהאנדלען
אזעלכע פראצעסען, וואס ריהרען אן ניט מעהר, ווי די אינטערעסען פון
איינצעלנע פערזאנען.

צווייערליי טיפען פון בית דין זיינען געווען אונטער איהם. דער
ערסטער טיפ איז געווען א בית דין פון דריי און צוואנציג מיטגלידער,
אדער, ווי ער האט אנדערש געהייסען, א קליינער סנהדרין. דער צוויי־
טער טיפ איז א בית דין פון דריי דיינים. דער בית דין פון דריי און
צוואנציג האט געהאט צו טאן מיט אזעלכע פראצעסען, ביי וועלכע עס
האט זיך געהאנדעלט דירעקט אדער אינדירעקט וועגען טויטשטראף (8).
אלע איבעריגע פראצעסען פלעגען פארקומען ביי א בית דין פון דריי
דיינים. א בית דין פון דריי און צוואנציג האט זיך געפונען אין פאר־
שיידענע שטעדט, אבער ניט אין אלע (סנהדרין ב' און פ"ח. תוספתא :
סנהדרין, פרק ג'). א בית דין פון דרייען האט זיך געמוזט געפינען אין
יעטוועדער שטאדט. עס ווייזט אויס, אז די דריי דיינים זיינען געווען
פון די זיבען שטאדט־פיהרער, וואס האבען זיך גערופען פרנסים. דיזאזיגע
שטאדט־פיהרער פלעגען אנגערופען ווערען אויך „די בעסטע פון שטאדט"
(טובי העיר), און זייער זאך איז געווען צו בעזארגען די אינטערעסען פון
דער געמיינדע (מגילה כ"ז. תוספתא : מגילה, פרק ב'—ג'). אז די צאהל

פון די שטאָדט־פיהרער זאָל זיין זיבען, דאָס איז נאָך ביי זיי געוועזען א מנהג פון גאַנץ אַלטע צייטען. און אַזאַ קאָלעגיום פלעגען זיי אַמאָל אָנרופען אויך בית דין פון זיבען („אידישע אַלטערטימער", בוך 4, קאַפּ. 8, פּאַראַגראַף 14). פונדאָנען אָבער איז נאָך גאָר ניט געדרונגען, אַז אויף צו בעהאַנדלען געוועהנליכע ציווילע קלאַגען איז ניט געווען געגוג א בית דין פון דרייען. זיי פלעגען יע אַמאָל פאַרגרעסערן די צאָהל פון די דיינים ביז זיבען (סנהדרין ב'), אָבער דאָס פלעגט פּאַסירען גאָר ביי אַזעלכע זאַכען, וואָס געהערען אייגענטליך צו דער קאָמפּעטענץ פון דעם גרויסען סנהדרין; מעהר ניט, יענער פלעגט פון זיין אייגענער מיטגלידערשאַפט אויסטיילען א קלענערען בית דין אויף צו בעהאַנדלען די זאַך. דער, וואָס איז נאָר ראוי צו זיין א ריכטער ביי א פּראָצעס, וואו עס האַנדעלט זיך וועגן א מענשענס לעבען, יענער איז שוין ממילא אויך ראוי צו זיצען אין גרויסען סנהדרין. אָבער ניט יעדערער, וועמען מען קאָן געטרויען צו זיין א ריכטער, ווען עס האַנדעלט זיך בלויז וועגען געלט־זאַכען, איז ראוי צו זיין א ריכטער אויך דאָ, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען א מענשענס לעבען (סנהדרין ל"ב). נאָר די דריי דיינים, וואָס זיינען געזעסען אויפ'ן טעמפּעל־באַרג, האָבען געמוזט האָבען אין זיך אַלע מעלות, וואָס פאָדערן זיך אויף צו זיצען אין גרויסען סנהדרין. צוויי נידעריגערע בית־דינ'ס, צו דריי מיטגלידער יעדערער (9), האָבען זיך געפונען אין שכונות'שאַפט מיט דעם גרויסען סנהדרין: איינער האָט זיך געפונען אויפ'ן טעמפּעל־באַרג, א צווייטער — ביים אריינגאַנג אין דער עזרה. די דיינים פון טעמפּעל־באַרג, וואָס האָבען זיך דערדינט צו א העכערער מדרגה, פלעגען איבערגעזעצט ווערען אין דעם בית דין, וואָס ביי דער עזרה, און פון דאָרטען, ווער עס האָט זוכה געווען צו א העכערער מדרגה, פלעגט אריבער־געזעצט ווערען אין גרויסען סנהדרין. די דיינים פון אַנדערע שטעדט, אַז זיי האָבען זיך דערדינט צו א העכערער מדרגה, פלעגען זיי איבערגעזעצט ווערען אין דעם בית דין, וואָס אויפ'ן טעמפּעל־באַרג. פון דאָרטען, אַז זיי פלעגען זיך ווייטער דערדינען, פלעגען זיי אריבער אין דעם בית דין, וואָס ביי דער עזרה, פונוואַנען זיי פלעגען דערגעהן ביז צו דעם גרויסען סנהדרין, וואָס איז געזעסען אין דער „לשכת הגזית" (סנהדרין פ"ח. ירושלמי: סנהדרין, פרק א', הלכה ד', תוספתא: סנהדרין, פרק ז' און שקלים, פרק ג'). אַלזאָ, די דריי דיינים, וואָס זיינען געזעסען אויפ'ן טעמפּעל־באַרג, זיינען געווען קאַנדידאַטען אין גרויסען סנהדרין, און דע־ריבער איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז זיי האָבען געמוזט אין זיך האָבען די אַלע מעלות, וואָס האָבען זיך דאָרטען געפאָדערט.

אויף צו מעגען זיין א מיטגליד פון סנהדרין האָט יעדערער געמוזט דורכגעהן פריהער א געוויסע פּראָצעדור: ער האָט געדאַרפט פון אַן אנערקענטען אווטאָריטעט אַפּראָבירט ווערען, בעקומען פון איהם „סמיכה". דער טערמין „סמיכה" שטאַמט פון דעם וואָרט „סמך" (אָנ־לעהנען). דאָס נעהמט זיך דערפון, ווייל ביי די נביאים, ווען זיי פלעגען איימיצען אויפנעהמען אין זייער שטאַנד, איז דער סימבאָל געווען דאָס, וואָס זיי פלעגען אנלעהנען די הענט אויף יענעמס קאָפּ. ביי די געלערנטע אין דער צייט פון סנהדרין איז דאָס שוין ניט געווען אין דער מאָדע. אַפּראָבירען איימיצען האָט געמיינט געבען יענעם די פאָלמאַכט צו משפּט'ען און פּסקנ'ען שאלות. דעריבער האָבען זיי אנשטאָט דעם טער־מין „סמיכה" אָנגעהויבען צו בענוצען אין דעמזעלביגען זין דעם טערמין „מינוי" (פון דעם וואָרט „מנה" — אָנשטעלען), וועלכער פּאַסט זיך דער־צו בעסער. אויף אַרויסגעבען איימיצען סמיכה האָט מען געדאַרפט האָ־בען דרייען (סנהדרין ב'). אמת, פון שטענדיג אַן האָט זיך אַזוי גע־פיהרט, אַז יעדער איינער פון די געלערנטע פלעגט געבען סמיכה זיינע תלמידים, און עס איז אייגענטליך געגוג געווען, ווען מען האָט געהאַט סמיכה פון איינעם, אויב נאָר דערדאָזיגער איינער האָט אליין געהאַט סמיכה. פונדעסטוועגען, כדי מען זאָל וויסען, אַז דער און דער האָט גע־קראָגען סמיכה, פלעגט דער סמיכה־געבער געוועהנליך צוציהען צו זיך נאָך צוויי, זיי זאָלען זיין דערביי, און דידאָזיגע צוויי האָבען ניט דוקא געמוזט האָבען אליין סמיכה. אין א צייט אַרום האָבען זיי דעם גאַנצען כבוד איינגעטיילט הלל'ס פאַמיליע, פון וועמען עס האָבען געשטאַמט די נשיאים. זיי האָבען איינגעפיהרט אַזא תקנה: ווען בית דין האָט איי־מיצען אַפּראָבירט אָהן דעם וויסען פון דעם נשיא, איז דער אַקט גאַר־נישט. פאַרקעהרט, ווען דער נשיא האָט איימיצען אַפּראָבירט אָהן דעם וויסען פון בית דין, איז דער אַקט גילטיג. שפּעטער האָבען זיי דאָס ווי־דער געענדערט און האָבען געמאַכט, אַז בית דין זאָל קיינעם ניט אַפּראָ־בירען אָהן דעם וויסען פון דעם נשיא און דער נשיא זאָל קיינעם ניט אַפּ־ראָבירען אָהן דעם וויסען פון בית דין (ירושלמי: סנהדרין, פּרק א', הלכה ב'). סמיכה האָבען געמוזט האָבען אַלע מיטגלידער פון סנהדרין, סיי פון דעם גרויסען, סיי פון דעם קליינעם. אויף צו זיצען אין א בית דין פון דרייען האָט זיך נאָר ביי בעשטימטע פּראָצעסען געפאָדערט, אַז דער דיין מוז האָבען סמיכה, דהיינו: דאָ, וואו איינער קאָן פאַר'משפּט ווערען צו בעצאָהלען שטראָף. אָט דאָס איז, וואָס עס ווערט איבערגעגעבען וועגען דעם רעגלאַמענט פון דעם סנהדרין און פון די איבעריגע בית־דינ'ס.

וועדליג ווי עס האט זיך געפיהרט ביי זיי אין דער צייט פון דעם בית־המקדש.

דאס עיבור־יאהר
און די חדשים.

איינע פון די וויכטיגסטע זאכען, וואו זיי האבען געמוזט אנקומען צום סנהדרין, איז געווען דאס מאכען אן עיבור־יאהר און דאס פראקלאמירען דעם טאג פון ראש חדש („היילינגען דעם חדש", ווי זיי פלעגען דאס אנרופען). די חדשים פון יאהר האבען די אידען פון שטענדיג אן גערעכענט פון יענעם טאג, ווען די לבנה האט זיך אויף דאס נייע בעוויזען. א סימן אויף דעם איז דער עצם נאמען „חדש" (פון דעמזעלביגעןווארצעל, ווי „חדש" — ניי), ווי אויך דער נאמען „יום החדש", ווי עס ווערט אנגערופען אויף העברעאיש דער ערסטער טאג אין חודש. נאך אין גאנץ אלטע צייטען האבען זיי געהאט א בעגריף וועגען דעם, ווי אזוי צו רעכענען דאס יאהר נאך דער זון און נאך דער לבנה. דאס ווערט אנגעוויזען אפילו אין דער תורה (בראשית, קאפ. א'): „והיו למועדים לימים ולשנים" (און זיי, די זון און די לבנה, זאלען דינען אויף צו רעכענען נאך זיי די צייטען, די טעג און די יאהרען). דאסווארט „למועדים" געהט דא אויף די ימים טובים, וואס זיי ווערען געפייערט אין בעשטימטע צייטען פון יאהר. דער מיין פון דעם „ולשנים" איז דאס, וואס דאס יאהר ווערט גערעכענט נאך די בעוועגונגען פון די לייכטענדע קערפערס: נאך דער זון אדער נאך דער לבנה (בראשית רבה, פרשה ו'. ז. אויך די מפרשים אויף דער תורה). די אידען האבען פון שטענדיג אן גערעכענט נאך דער לבנה. א רמז אויף דעם האבען מיר אין תהלים (קאפ. ק"ד, פסוק י"ט): „ער האט געמאכט די לבנה אויף צו רעכענען די צייטען". אויך בן־סירא זאגט (קאפ. מ"ג, פערז ז') אז גאנץ ימים טובים ווערען גערעכענט נאך דער לבנה. נאר אזוי ווי א יאהר, נאכ'ן חשבון פון דער זון, האט אין זיך אן ערך מיט עלף טעג מעהר, ווי צוועלף חדשים, נאכ'ן חשבון פון דער לבנה, איז ווען מען זאל אלע צוועלף חדשים נאך דער לבנה רעכענען כסדר פאר א יאהר, וועט דורך דעם אין א משך פון עטליכע יאהר קאליע ווערען דער חשבון: עס וועט אויסקומען, אז פסח, וואס דארף געפייערט ווערען אין פריהלינג, וועט אויספאלען גאר ניט אין פריהלינג, און סוכות, וואס ווערט אנגערופען „דער יום טוב פון פרוכט־זאמלונג" (חג האסיף), וועט אויספאלען גאר ניט

אין הערבסט. דעריבער האבען זיי נאך אין גאנץ אלטע צייטען איינגע־
פיהרט, מען זאל מאכען אמאל אן עיבור, כדי דער חשבון פון די יאהרען
נאך דער זון און נאך דער לבנה זאל זיך אויסגלייכען (יאסט). נאך אז
אלטען דרש פון דער אגדה, קומט אוים, אז דער סעקרעט פון דעם עיבור
שטאמט נאך אזש פון די ערסטע נביאים (כתובות קי״ב. ירושלמי:
סנהדרין, פרק א׳, הלכה ב׳). דאס איז א סימן, אז די תקנה איז יעדענ־
פאלס זעהר אן אלטע (א). דאס רעליגיעזע יאהר האט זיך אנגעהויבען
פון ניסן, און דערדאזיגער חדש האט זיך גערעכענט פאר דעם אנהויב
יאהר אנטקעגען די „רגלים״ און אנטקעגען דער רעגירונגס־צייט פון דעם
קיניג (ראש השנה ב׳) (10). אזוי ווי דאס מאכען א יאהר פאר אן עיבור
האט זיך גערעכענט פאר א רעליגיעזען אקט און דאס איז געטאן געווא־
רען צוליעב א רעליגיעזען צוועק, האבען זיי דעריבער ערקלערט (סנהדרין
י״ב), אז דער צוגעגעבענער חדש קאן זיין נאר א צווייטער אדר, ווייל דאס
איז דער חדש, מיט וועלכען דאס רעליגיעזע יאהר ענדיגט זיך. די אומ־
שטענדען, צוליעב וועלכע זיי פלעגען מאכען דאס יאהר פאר אן עיבור,
זיינען געוועזען פארשיידען: ווען די אלטע תקופה האט זיך אריינגעצויגען
צו ווייט אין דעם חדש, אין וועלכען די נייע תקופה דארף זיך אנהויבען
(11); ווען מען זעהט, אז אויב מען זאל ניט מאכען קיין עיבור, וועט צו
פסח צו ניט זיין קיין צייטיגע תבואה אין די פעלדער אדער צו שבועות
וועט נאך ניט זיין קיין פרוכט אויף די בוימער; דאסגלייכען, ווען זיי
האבען געזעהען, אז די וועגען אדער די בריקען זיינען קאליע געווארען;
אז די פסח׳דיגע אייוועגס זיינען פון די רעגענס צואווייקט געווארען, און
מען דארף האבען מעהר צייט, אז מען זאל דאס ביז פאר יום טוב נאך
קענען פאררריכטען; ווען זיי האבען זיך דערוואוסט, אז די אידען פון די
גלות־לענדער האבען זיך שוין געריהרט פון די ערטער אויף צו עולה לרגל
זיין, נאר זיי וועלען ניט קענען גרייכען אויף פסח, אויב מען זאל
ניט מאכען קיין עיבור (סנהדרין י״א). וועגען מאכען אן עיבור האט
בית דין געמוזט אננעהמען א ספעציעלען בעשלוס, אי דאס מיט דער צו־
שטימונג פון דעם נשיא: אזא תקנה איז שוין געוועזען אין דער צייט פון
ר׳ גמליאל הזקן (עדיות, פרק ז׳, משנה ז׳. סנהדרין י״א. תוספתא:
סנהדרין, פרק ב׳). אויף צו בעשליסען וועגען אן עיבור איז גענוג געווען
דריי דיינים. ווען די דריי האבען ניט געקאנט דורכקומען צווישען זיך,
פלעגען זיי צוציהען נאך איינינע, און די צאהל פלעגט אויף אזאן אופן
פארגרעסערט ווערען ביז זיבען. אין דער בעראטונג האבען זיך אבער גע־
קאנט בעטייליגען נאר די, וואס זיינען צו דעם צוועק ספעציעל געוועזען

איינגעלאדען. דער בעשלוס וועגען דעם עיבור האט געדארפט אנגענו־
מען ווערען אין ירושלים, יעדענפאלס ניט ערגעץ וואו, אויסער דער טע־
ריטאריע פון יהודה. נאר ווען עס איז דערצו געווען א צווינגענדע אור־
זאכע, האט מען עס געקאנט בעשליסען אין גליל. ווען עס איז געווען א
צווינגענדער גרונד צוצואיילען זיך מיט דעם, פלעגט מען באלד נאך ראש
השנה שוין בעשליסען צו מאכען אן עיבור און מען פלעגט גלייך אלע־
מען אנזאגען, אז אין דעם יאהר וועלען זיין צוויי אדר'ס. דער בעשלוס
וועגען אן עיבור האט געמוזט אנגענומען ווערען ביי טאג. מען האט ניט
געטארט מאכען קיין עיבור ניט אין א הונגער־יאהר, ניט אין דעם יאהר
פון שמיטה, ניט אין דעם יאהר נאך שמיטה. אין דעם יאהר פאר שמיטה
פלעגט מען יע מאכען אן עיבור. מען האט ניט געטארט מאכען קיין
עיבור דריי יאהר נאכאנאנד. ווען דער חשבון האט געוויזען, אז דאס
קומענדיגע יאהר וועט מען דארפען מאכען אן עיבור, האט מען דאס ניט
געטארט פארבייטען און מאכען אנשטאט דעם דאס היינטיגע יאהר פאר
אן עיבור (סנהדרין י"א).

פונקט ווי דער בעשלוס וועגען אן עיבור־יאהר האט געמוזט אנגע־
נומען ווערען פון בית דין און האט נאך געדארפט האבען די צושטימונג
פון דעם נשיא, אזוי האט אויך דאס פראקלאמירען דעם טאג פון ראש
חדש געמוזט געשעהען דורך בית דין; דער עלטסטער פון בית דין פלעגט
אויסרופען „מקודש" (געהייליגט). דאס פלעגט געשעהען, נאכדעם ווי
צוויי כשר'ע עדות — זייער עדות־זאגונג פלעגט ניט גלייך אנגענומען
ווערען, נאר מען פלעגט זיי פריהער גוט אויספארשען — האבען בע־
שטעטיגט, אז זיי האבען געזעהען דעם מולד. דאן פלעגט מען אויף די
שפיצען פון די בערג אנצינדען פאקעלס, און דאס איז געווען א סיגנאל
פאר די ווייטע ערטער, אז דער נייער חדש האט זיך אנגעהויבען. זינט
די כותים האבען זיי אמאל אפגעטאן עפעס א שפיצעל, האבען זיי אויפ־
געהערט צו געבען סיגנאלען. אנשטאט דעם, פלעגען זיי זעקס מאל אין
יאהר, אין די חדשים: ניסן, אב, אלול, תשרי, כסלו און אדר, ארויסשיקען
שלוחים, כדי אנצוזאגען אלעמען, ווען דער חדש האט זיך אנגעהויבען.
אין די ווייטע ערטער, וואוהין די שלוחים האבען ניט געקאנט גריי־
כען אין דער צייט, האבען זיי ניט געוואוסט, צי דער פאריגער חדש איז
ערקלערט געווארען פאר א פולען, וואס האט 30 טעג, אדער פאר ניט
קיין פולען, וואס האט 29 טעג (12). דעריבער פלעגען זיי דארטען פון
ספק וועגען מאכען צוויי טעג יום טוב, אנשטאט איינעם (ראש השנה
י"ח, כ"א, כ"ב און כ"ג). פיעלע תקנות האבען זיי אייגעפיהרט אין

דעם ענין פון „הייליגען דעם חדש" און זעהר א גרויסען פעדאנטיזם האָ־
בען זיי ארויסגעוויזען דערביי, ווייל אז דעם אָנהויב פון חדש האָט זיך
געווענדט, איז וועלכע טעג עס זאָלען געפייערט ווערען אלע ימים טובים.
דעריבער האָט מען אזא זאך געקאָנט אנטרויען נאָר א בית דין פון אפּראָ־
בירטע דיינים אין ארץ ישראל, און בית דין האָט דאָ געהאט דיזעלביגע
ברייטע פאָלמאכט, ווי ביי דעם ענין פון מאכען אן עיבור־יאָהר. בייביידע
ענינים האָט זיך אלצדינג געווענדט נאָר אן דעם, וואָס בית דין האָט גע־
וואָלט און ווי אזוי זיי האָבען געהאנדעלט. עס איז ביי זיי געדעכענט
געוועז פאר א קארדינאלען פרינציפּ, אז דאָס איינשטעלען דעם אָנהויב
פון חדש איז איבערגעגעבען געוואָרען אין זייערע הענט (ראש השנה כ"ב).
דאָסגלייכען דאָס מאכען אן עיבור־יאָהר (מכילתא: בא, פרשה ב'). אפילו
אויב איימיצער האָט אפּגענאַרט די דיינים אָדער די דיינים האָבען גלאט
געהאט א טעות אין חשבון, אפילו ווען זיי האָבען בכיוון געהאנדעלט ניט
ריכטיג, איז אויך פארפאלען: מען טאָר דאָס ניט איבערמאכען (ראש
השנה כ"ה. ספרא: אמור, פרשה ט' און פרק י'). כאָטש אפילו זיי פלעגען
גען זיך פארלאָזען דער עיקר אויף די עדות, וואָס האָבען דעם מולד גע־
זעהען, פונדעסטוועגען פלעגען זיי ניט פארפעהלען אויך אויסצורעכענען
די מעגליכע צייט פון דעם מולד נאָכ'ן חשבון, וואָס זיי האָבען ביי זיך
געהאט, און זעהען, צי עס שטימט מיט דעם דאָס, וואָס די עדות דער־
צעהלען. ד. ה. אייגענטליך, זיי פלעגען אָננעהמען די רייד פון די עדות
נאָר דאַן, ווען זיי האָבען געשטימט מיט'ן חשבון (ראש השנה כ"ג). קענ־
טיג, אפילו אין גאָר די עלטערע צייטען זיינען זיי שוין געווען געניט אין
דעם חשבון, ווי אזוי צו רעגולירען די חדשים און די יאָהרען, און זיי פלע־
גען רעכענען נאָך דעמדאָזיגען חשבון. די כללים, אויף וועלכע דער חשבון
איז געווען געבויט, זיינען געווען פארשריבען אין א פארבאָרגענער מגילה,
וועלכע האָט געהייסען „סוד העיבור". זיי האָבען דאָס געהאלטען פאר
א צו וויכטיגע זאך, אז דאָס זאָל זיך וואלגערן ביי אלעמען אונטער די
הענט. זיי האָבען געהאלטען פאר וויכטיג, אז דאָס פארלענגערן דאָס
יאָהר אָדער דעם חדש זאָל זיין אָפּהענגיג פון בית דין. די פארבאָרגענע
מגילה פלעגט געווים איבערגעהן בירושה פון איין נשיא צו דעם אנדערען,
און דעריבער האָט דער נשיא געהאט די דעה איבער דעם עיבור. ר'
גמליאל דער צווייטער, וואָס איז געווען א נשיא נאָכ'ן חורבן, גיט אונז
איבער (ראש השנה כ"ה) צוויי כללים פון דעמדאָזיגען חשבון, וואָס ער
האָט געהאט בקבלה פון זיין זיידען, ר' גמליאל הזקן. דער ערסטער כלל
איז: די לבנה קומט אן אמאָל מיט א לענגערען וועג, אמאָל מיט א קיר־

צערען. דער צווייטער כלל: צווישען איין מולד און דעם אנדערען קאן ניט זיין ווייניגער, ווי 29½ טעג מיט ⅔ שעה און 73 חלקים (13). אט די כללים זיינען פראגמענטען פון דער מגילה „סוד העיבור". עס איז פאר די געלערנטע געוועזן זעהר און וויכטיג צו בעטאנען אויסדריקליך, אז עס ליגט אין דער מאכט פון בית דין צו רעגולירען די חדשים און די יאהרען, ד. ה., אז די תורה גופא האט די געלערנטע אויף דעם געגעבען די פאלמאכט. אן דערדאזיגער רעגולירונג האט זיך געווענדט די צייט פון די ימים טובים, מיט וועלכע עס זיינען אזוי פיעל מצוות פארבונדען. און אזעלכע רעכט האבען זיך די געלערנטע ניט געקאנט נעהמען אהן א ספעציעלער ערלויבנים אויף דעם פון דער תורה. די ערלויבנים האבען זיי ארויסגעדרונגען פון די פאלגענדע ווערטער אין דער תורה (ויקרא, קאפ. כ"ג): „אלה מועדי ה' אשר תקראו אותם..." „אט דאס זיינען גאטס ימים טובים, וואס איהר זאלט זיי אנרופען..." ווערליג ווי זיי האבען אויסגעטייטשט, האט גאט דא געמיינט אט וואס צו זאגען די אידען: אויב א י ה ר האט די טעג אזוי אנגערופען, זיינען זיי מיינע ימים טובים; אויב ניט, זיינען זיי ניט מיינע ימים טובים (ספרא: אמור, פרשה ט'). אלזא די תורה גופא מאכט די ימים טובים אפהענגיג פון דערפון, צי זיי זיינען פראקלאמירט געווארען, ווי אזעלכע. פונדעסטוועגען — דאס לאזט זיך ניט אפלייקענען — האט זיך די געלערנטע גופא צייטענווייז אויסגעדוכט, אז די מעשה מיט דעם רעגולירען די חדשים און די יאהרען איז נאך אליץ ניט גאר גלאט, והא ראיה: זיי האבען געזאגט, אז דאס איז איינע פון די דריי זאכען, אין וועלכע משה'ן אליין איז אנגעקומען שוועהר צו אריענטירען זיך (מכילתא: בא, פרשה א'. ז. אויך ראש השנה כ'). אויך צווישען דעם געוועהנליכען עולם האבען זיך געווים געפונען איינציגע, וועמען עס האט איבער דעם געליאקעט אין הארצען: זיי האבען געציטערט, טאמער האט מען חס ושלום על פי טעות ניט אין דער ריכטיגער צייט געמאכט ראש השנה און יום כפור, אט די ימים טובים, וואס זיינען ביי זיי געווען פאררעכענט פאר די הייליגסטע. כדי צו בערוהיגען וועגען אזא וויכטיגען פונקט דעם עולם און איינצושטילען אויך זייער אייגען געוויסען, האבען זיך די געלערנטע אריינגעלאזען אין אלערליי דרש'ען און חקירות, ביז זיי האבען אויסגעפונען, אז די תורה האט זיי בפירוש געגעבען אויף דעם די ערלויבנים. נאך אין גאר די עלטערע צייטען האבען זיי געגלויבט, אז דאס איז איבערגעגעבען געווארען צו די הויפט־פארשטעהער פון איטליכען דור, זיי זאלען איינשטעלען די צייטרעכענונג פאר די ימים טובים. מיר געפינען אזא מין אלטע

אגדה: בשעת דער הימלישער בית דין זעהט, אז דער ערדישער בית דין הייליגט דעם חדש, הייליגען זיי איהם דארטען אויך (ירושלמי: סנהדרין, פרק א', הלכה ב'). ביי די שפּעטערדיגע זאמלער פון אגדות געפינען מיר פארשיידענע וואריאנטען פון אט דער אגדה, בעצירט מיט אלערליי פאנ־טאסטישע קווייטען און בלומען, אבער די אלע וואריאנטען ציהען אלץ אין איין ליניע: אז די תורה האט עס איבערגעלאזען אין די הענט פון בית דין, זיי זאלען איינשטעלען די צייטרעכענונג פאר די ימים טובים. עס האבען ניט געפעהלט אויך אזוינע, וואס זיינען פאר דער מעשה אויף די פרושים געוועזען שטארק אנגעשטויסען. דער שרייבער פון דעם ווערק „ספר היובלים", וואס איז פערפאסט געווארען ניט שפּעטער, ווי ארום דער צייט פון דעם חורבן (ז. אין דעם ווייטערדיגען קאפּיטעל), שטעלט זיך איין שטארק דערפאר, אז מען דארף רעכענען די חדשים און די יאה־רען נאכ'ן גאנג פון דער זון. ווענען אונזער חשבון און וועגען דעם איינ־פיהר צו מאכען אן עיבור זאגט ער ארויס זיין מיינונג, אז מיר פארדרע־הען די טעג און די יאהרען און מיר פערוואנדלען די ימים טובים אין וואָ־כעדיגע טעג און וואכעדיגע טעג אין ימים טובים (ב). אחוץ דעם, ווייסען מיר נאך פון אזוינע געגנער, ביי וועמען דער אביעקט פון זייער געג־נערשאפט איז געווען ספּעציעל די פּראצעדור פון „הייליגען דעם חדש". דאס זיינען געווען די כותים און די בייתוסים: זיי האבען געזוכט אפּ־צוטאן די געלערנטע און דעם פאלק א שפּיצעל, אז זיי זאלען ביים „היי־ליגען דעם חדש" ניט וויסען, אויף וואסער וועלט זיי זיינען (ראש השנה כ"ב). געוויס איז יענע די גאנצע מעשה ניט געווען געפעלען, נאר אזוי ווי זיי זיינען ניט געווען אימשטאנד אפען ארויסצוטרעטען גע־גען די געלערנטע, האבען זיי זיך בערעכענט, אז עס איז גלייכער פאר זיי אפּצוטאן דאס זייעריגע שטילערהייט דורך א שפּיצעל. אבער אזא טבע האבען שוין פון אייביג אן די פרושים געהאט: די געגנערשאפט, אויף וועלכער זיי האבען זיך אנגעשטויסען, האט קיינמאל אויף זיי ניט גע־ווירקט אין ד ע ר ריכטונג, אז זיי זאלען עפּעס צוריקציהען. פאר־קעהרט, אט דוקא דאס, וואס זייערע געגנער האבען ניט געוואלט אנער־קענען, האבען זיי געהייסען נאך שטרענגער אפּהיטען, און זיי פלעגען עס דורכפיהרען דעמאנסטראטיוו אפילו דא, וואו א געזעץ פון דער תורה איז זיי געשטאנען אין וועג. פונקט אזוי האבען זיי געהאנדעלט אויך ביי דער פראגע וועגען דעם עיבור. זיי זיינען אזוי שטארק געווען איינ־געגלויבט אין זייער אויף דער תורה געגרינדעטער פאלמאכט צו רעגו־לירען די חדשים און די יאהרען און איינצושטעלען נאך דעם די יעהר־

ליכע ימים טובים, אז זיי פלעגן מאכען אן עיבור ניט נאר צוליעב אן אבסאלוט־רעליגיעזן מאטיוו, נאר אמאל אויך צוליעב זייטיגע מאטיוון, וואס האבען א גאנץ ווייטע שייכות צו וועלכע עס איז מצוות און רע־ליגיעזע ענינים. זיי האבען איינמאל פאר אלע מאל אפגעפרעסט ביי זיך, אז אין אלע צייטען האט בית דין די מאכט און דאס רעכט צו רע־גולירען די חדשים און מאכען אן עיבור־יאהר; בעשטרייט ווער זייער בעשלוס, איז אליץ איינס, ווי ער בעשטרייט דעם אווטאריטעט פון דער תורה (ראש השנה כ"ה). אזא אווטאריטעט האט דער גרויסער בית דין פון ירושלים געהאט ניט נאר אין  ד ע ם  פאל: אין אלע רעליגיעזע פראגען איז זיין בעשלוס אלע מאל געווען דער ענטשיידענדער פאקטאר.

הלכות פון פאר׳ן חורבן.

ווען מיר זאלען אויפמערקזאם בעטראכטען די אומפאנגרייכע לי־טעראטור פון דער תורה שבעל פה, דהיינו: די משניות, די ברייתות און דעם תלמוד, וועלען מיר געפינען, אז צו די לעצטע יאהרען פון דעם בית המקדש האבען זיי וועגען אלע רעליגיעזע פראגען שוין געהאט אויס־געארבעט ביז צו א גרויסער מדרגה אויספיהרליכע און פארענדיגטע הלכות, וועלכע די פארשטעהער פון פארשיידענע דורות האבען איבער־געגעבען איינע די אנדערע. צו יענער צייט זיינען שוין געווען אויסגע־דריקט אין דער פארם פון ענדגילטיגע הלכות די אלגעמיינע דעפיניציא־נען, די בעשטימונגען און בעדינגונגען אין בעצוג צו אזעלכע זאכען, ווי די ברכות און דער נוסח פון דאוונען, די מצוות פון שבת און יום טוב, דאס פאמיליענלעבען און דער אונערלויבטער געשלעכטליכער פערקעהר, ציוויל־רעכט און שטראפרעכט, פערבאטענע שפייזען, אייניגע פון די אפגא־בען, וואס פלעגען אויסגעטיילט ווערען פאר די כהנים און פאר ארימע לייט, יענע דינים פון ריינקייט און אומריינקייט, וואס זיינען גילטיג אין אלע ערטער און אלע צייטען (14). ווער רעדט שוין וועגען אזעלכע גע־זעצען, וואס זייער גילטיגקייט איז געווען אפהענגיג פון דעם בית המקדש און פון ארץ ישראל, ספעציעל: די געזעצען וועגען קרבנות; בעשטימטע פאלען פון ריינקייט און אומריינקייט; פערברעכענס, פאר וועלכע עס האט געקומט טויטשטראף, — דאס אליץ האט שוין פון לאנג אן עקזיסטירט צו דער צייט פון דעם חורבן. די אלטע קבלות און זייערע קאנסעקווענ־צען, די געזעצען, וואס זיינען ארויסגעקומען דורך די ענטשיידונגען פון סנהדרין אין א משך פון דורות, — דאס אליץ איז שוין דאמאלסט געווען

פאָרמולירט אין דער געשטאַלט פון אַלגעמיין־אָנגענומענע, פּאָפּולערע הלכות. דער פאַרשער, וואָס וועט מיט א דורכדרינגענדען, טיפען און געזעצטען אַנאַליז דורכשטודירען די תּלמוד'ישע ליטעראַטור, וועט לייכט אויסגעפינען דידאַזיגע פּאָפּולערע הלכות, וואָס שטאַמען פון א צייט, בשום אופן ניט שפּעטער, איידער דער חורבן. מיר זיינען דאָ ניט מחויב און עס איז פאַר אונזער צוועק אויך ניט נויטיג אויסצורעכענען זיי אַלע בסדר. אָבער עס איז יעדענפאַלס כדאי און עס איז נויטיג אָנצואווייזען עטליכע ביישפּילען, וואָס זאָלען אונז דינען אַלס ריכטשנור און מאַסשטאַב אויף צו דערקענען נאָך זיי, וועלכע הלכות עס געהען אריין אין דער קאַטעגאָריע. די הויפּט־דינים וועגען דער צייט פון קריאת שמע אין אָוענט און אין דער פריה (ג), וועגען די ברכות פון פאַר קריאת־שמע און נאָך קריאת שמע; צי מען דאַרף זאָגען קריאת שמע שטעהענדיג גלייך אָדער איינגעבויגענערהייט (די משניות אין ברכות, פּרק א'); וועלכע פּרשיות עס געהערען צו קריאת שמע (תמיד ל"ד); וועגען מאַכען א ברכה אויף יעדער זאַך, וואָס מען געניסט (די משניות אין ברכות, פּרק ו'); וועגען בענטשען מיט א מזומן (די משניות אין ברכות, פּרק ז'); וועגען קידוש מאַכען, הבדלה מאַכען און וואַשען זיך צום עסען (די משנה אין ברכות, פּרק ח'). אויך די הויפּט־דינים וועגען דער מצוה פון פּאה: אַז עס איז אויף דעם ניטאָ קיין בעשטימטע מאָס (פּאה, פּרק א', משנה א'); אַז מען דאַרף פונדעסטוועגען איבערלאָזען ניט ווייניגער, ווי א זעכציגטעל (משנה ב'); אייף וואָס פאַר א טייל פעלד (משנה ג') מען דאַרף איבער־לאָזען די פּאה? פון וואָס פאַר א מינים געוועקסען און פרוכט (משניות ד' און ה') מען איז מחויב צו לאָזען פּאה? וועגען די זאַכען, וואָס טיילען אָפּ איין שטיק פעלד פון דעם אַנדערען אַזוי, אַז זיי ווערען גערעכענט אַנטקעגען דער מצוה פון פּאה פאַר צוויי בעזונדערע פעלדער (פּרק ב', משנה א); דער אונטערשייד אין דעם פּרט צווישען א פעלד, וואָס איז פאַרזייט מיט תבואה, און אַזאַ, וואָס איז פאַרפלאַנצט מיט בוימער (משנה ג'); אַז פון יעדער מין תבואה דאַרף מען איבערלאָזען א בעזונדער פּאה (משנה ה'); אַז נאָר פון שטעהענדיגע תבואות איז מען מחויב צו לאָזען פּאה (משנה ז') (15). ווי גרויס עס דאַרף זיין דאָס פעלד (פּרק ג', משנה ו'), אַז מען זאָל זיין מחויב צו איבערלאָזען פון איהם פּאה? (ד); אַז די פּאה דאַרף מען איבערלאָזען וואַקסענדיג, אויב נאָר דאָס אַרונטערנעה־מען וועט פאַר די אָרימע לייט ניט זיין פאַרבונדען מיט קיין שום גע־פאַהר (פּרק ד', משנה א'); וויפיעל מאָל אין טאָג און אין וועלכער צייט (משנה ה') מען דאַרף געבען די אָרימע לייט די געלעגענהייט צו

ארונטערנעהמען די פּאה? מיט וואָס פאר א געצייג (משנה ד׳) די אָרימע
לייט מעגן זיך דערביי בענוצען, מיט וואָסערע ניט? וועגן די אלע
זאכען האָבען מיר אַנאָנימע, אלגעמיין אנערקענטע הלכות. דאָס זיינען
אלץ פונדאַמענטאלע און אלטע הלכות. די אָפּצווייגונגען פון די פונדאַ־
מענטאלע הלכות — דאָס איז שוין גרעסטענטיילס דער אויפטו פון די
שפּעטערדיגע תנאים: יענע האָבען די אלטע הלכות דיסקוטירט מיט'ן
צוועק, פון איין זייט, צו דעפינירען זיי, פון דער אנדער זייט, צו פאַר־
ברייטערן זיי. די פונדאַמענטאלע הלכות זיינען מיט די אָפּצווייגונגען
דאָס רוב צוזאמענגעפלאָכטען. דאָך אבער מיט א שאַרפען אַנאַליזירען־
דען אויג קאָן מען זיי נאָך דערקענען. ווען מיר זאָלען זיך נאָר צוקוקען
גוט מיט אָפענע אויגען, קענען מיר אומעטום אויסזוכען דעם צווישענ־
שייד, וואָס טיילט אָפּ דאָס אלטע פון דעם נייעם, דעם שטאָם פון די צוויי־
גען. אַנהויבען האָבען אָנגעהויבען צו דיסקוטירען די פראַגען די תלמידים
פון שמאי און הלל; נאָך זיי זיינען נאָכגעגאנגען די תנאים פון אלע וויי־
טערדיגע דורות, נאָכ'ן חורבן, וואָס די גאַנצע לעהרע זייערע איז געווען
געגרינדעט אויף יענע פונדאמענטאַלע הלכות. האָבענדיג שטענדיג אין
זינען אָט דעם כלל, קענען מיר מיט אונזער אַנאַליז מיט זיכערהייט דורכ־
געהן די גאַנצע תלמוד'ישע ליטעראטור, אויסגעפינענדיג לייכט מיט אונ־
זער מעטאָד די אלע הלכות, וואָס האָבען עקזיסטירט צו דער צייט פון
דעם חורבן. מיר דערוויסען זיך אויף אזאן אופן, אַז צו יענער צייט האָט
די תורה שבעל פה שוין געהאט דערגרייכט א הויכע מדרגה פון פיעל־
זייטיגער ענטוויקלונג אין בעצוג צו אזעלכע זאכען, ווי: תרומה און
מעשר; שמיטה, שבת און יום טוב; פאַמיליענלעבען און געשלעכטליכע
בעציהונגען; ציווילרעכט, שטראָפרעכט און דאָס רעכט צו פאַר'משפּט'ען
צום טויט; דער גאָטעסדינסט בכלל און דער ריטואל פון די קרבנות בפרט;
אויך אלע דינים פון ריינקייט און אומריינקייט.

**פאקטען און**
**טעאָרעטישע סברות.**

די דיסקוסיעס, וואָס די שפּעטערדיגע האָבען געפיהרט וועגען ניט
מעהר עקזיסטירענדע ענינים און זייערע שלוספאָלגערונגען וועגען אַזעל־
כע זאכען קענען מיר ניט אלע מאָל אָננעהמען פאר א זיכערען בעוויז, אַז
אַזוי טאַקי איז עס צוגעגאַנגען פאַקטיש, בעת דער בית המקדש איז נאָך

געשטאַנען. וואָרום ניט ווי עס האָט זיך געפיהרט אמאָליגע יאָהרען, אַזוי איז געווען שפּעטער. כל זמן דער בית המקדש איז געשטאַנען, איז דער מיטעלפּונקט, ארום וועלכען זייער לערנען האָט זיך געדרעהט, געווען די פּראַקטישע אַנווענדונג. דאמאָלסט האָבען די לערנער שטענדיג געהאַט פאר זייערע אויגען א פּראַקטישעם ציל: קריגען פאר זייער הלכה די אנער־קענונג פון דעם גרויסען סנהדרין, ער זאָל אין הסכם מיט איהר ארויסגע־בען אַן ענדגילטיגע ענטשיידונג און דורך דעם זאָל די הלכה פאַרברייט ווערען און דורכגעפיהרט ווערען פאקטיש אין לעבען. אבער פון דאַן אַן האָבען א גרויסער טייל פון די געזעצען אויפגעהערט צו עקזיסטירען אין דער פּראַקטיק. פונדעסטוועגען האָט מען נאָך אַלץ געשטודירט די פּראַ־גען, כאָטש אפילו זיי האָבען ניט געהאט מעהר קיין פּראַקטישע בעדיי־טונג. דאָ האָבען זיי אויפ'ן טעאָרעטישען וועג אַרויסעגדרונגען פאַרשיי־דענע זאַכען, וואָס זיינען געווען ניט מעהר, ווי השערות. ווען מיר בעגע־גענען ביי די עלטערע געלערנטע אַזאַן אויסדרוק: „אויב דאָס איז אַ הלכה, נעהמען מיר עס אָן; אבער אויב דאָס איז נאָר א מיינונג, קאָן מען זי אָפּפרעגען" (יבמות ע"ו. כריתות ט"ו). זעהען מיר, אז זיי פלעגען זיך גאָר ניט בעהאלטען דערמיט, וואָס זיי פלעגען אמאָל איבערגעבען עפּעס, ווי א געוויסע זאך, כאָטש אפילו דאָס איז געווען זייערע אַן איי־גענע סברה, ניט קיין איבערגענומענע הלכה. וויבאלד מען האָט די זאך אויפגעהערט צו פּראַקטיצירען, האָבען זיי ניט געוואוסט, ווי אַזוי עס איז אמאָל געווען די אַנגענומענע הלכה. זיי האָבען בעשלאָסען, אז אַזוי און אַזוי האָט געמוזט זיין, און אזעלכע בעשלוסען האָבען געהאט נאָר א ריין טעאָרעטישע בעדייטונג. מיר האָבען דאָס געזעהען (אין דעם זעכצעהנ־טען קאַפּיטעל) ביי די געזעצען וועגען טויטשטראָף, וואָס דאָס איז אויס־געשלאָסען געוואָרען פון זייער קאָמפּעטענץ נאָך א היבשע צייט פאַר'ן חורבן: די שפּעטערדיגע געלערנטע האָבען דאָ אויפגעשטעלט פאַרשיי־דענע היפּאָטעטישע כללים, וועלכע האָבען גאָר ניט געשטימט מיט די פאקטען, ווי זיי האָבען אמאָל עקזיסטירט אין דער ווירקליכקייט. ווער רעדט שוין ביי דעם ענין פון די קרבנות! מען האָט אמאָל בעהאנדעלט א פראגע, וואָס איז שייך צום גאָטעסדינסט אין בית המקדש, און מען האט זיך געווענדט צו ר' יוחנן בן זכאי, וואָס ער איז געווען א כהן און האָט נאָך אליין געזעהען דעם בית המקדש. ער האָט געזאָגט: אַזוי און אַזוי. זאָגען צו איהם זיינע תלמידים: ס'טייטש, רבי! דו האָסט דאָך מיט אונז אמאָל געלערנט פארקעהרט? זאָגט ער צו זיי: איהר זייט גע־רעכט! איך האָב שיר ניט פאַרגעסען דאָס. וואָס איך האָב מיט מיינע איי־

גענע העגט געטאָן און וואָס איך האָב מיט מיינע אויגען געזעהען! (ספרי: חוקת, פיסקא קכ"ג. תוספתא: פרה, פרק ג'־ד'). ווי וואָלט געווען, ווען מיט זיינע תלמידים וואָלט פּאַסירט דיזעלביגע זאַך, וואָס מיט איהם? ווען זיי וואָלטען ניט געדענקט, וואָס זיי האָבען פון איהם אמאָל פריהער געהערט, און זיי וואָלטען דאָס איהם איצטער ניט געקאָנט דערמאַהנען? דאַן וואָלט ער דאָך ביי זיין טעות געבליבען, און עס וואָלט אָנגענומען געוואָרען א בעשלוס פונקט דער היפוך פון דעם, ווי עס איז אמאָל געווען די הלכה, ד. ה. ווי מען האָט זיך פּאַקטיש נוהג געווען אין דער צייט, ווען דער בית המקדש איז געשטאַנען. נאָך מעהר, בעטראַכטענדיג די דינים פון די קרבנות אין א צייט, ווען מען האָט שוין דאָס אויפגעהערט צו פּראַקטיצירען, פּסקנ'ט זיך אמאָל אָפּ א געלערנטער מיט זיין אייגענער סברה, אַז דער דין איז אַזוי און אַזוי, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אַנדערע, וועלכע האָבען נאָך אליין געזעהען דעם בית המקדש, זאָגען עדות, אַז מען האָט זיך נוהג געווען דוקא פאַרקעהרט (תמורה י"ח). אמאָל זוכען זיי אָפּצושוואַכען דעם איינדרוק פון יענעמס עדות זאָגען מיט דער קראַפט פון זייער סברה (עדיות, פרק ב', משנה ב'). אָט האָבען מיר א גע־ וויסע עדות־זאָגונג פון ר' חנינא סגן הכהנים וועגען דעם, ווי אַזוי זיי פלעגען צוגרייטען צו זיין שליחות דעם כהן, וואָס האָט געדאַרפט פאַר־ ברענען די פרה אדומה. מיט זיבען טעג פריהער פלעגען זיי איהם אַרי־ בערפיהרען פון זיין הויז אין אַן אָפּגעזונדערטען צימער אויפ'ן טעמפּעל־ באַרג. ווערליג ווי ר' חנינא דערצעהלט, פלעגען זיי איהם אין דעם משך פון דער וואָך צייט אַ לֶ ע  ט אָ ג בעשפּריצען מיט אַלע רייניגונגס־ וואַסערן (16). וועלכע זיי האָבען נאָר געהאַט (פרה, פרק ג', משנה א'). ר' חנינא האָט עס אָהן שום ספק געוואוסט גאַנץ גענוי, וואָרום מיר ווייסען, אַז אין די לעצטע יאָהרען פון דעם בית המקדש איז זיי גראַד אויס־ געקומען צו מאַכען אַ פרה אדומה (תוספתא: פרה, פרק ב'־ג'). און ר' חנינא האָט עס געווים געזעהען מיט זיינע אויגען. פונדעסטוועגען רעכענט זיך מיט איהם גאָר ניט אַ ר' יוסי, וואָס איז געווען מיט וואַסערע פיר דורות שפּעטער נאָך איהם, און ער זאָגט, אַז נאָר דעם דריטען און דעם זיבעטען טאָג פלעגט מען דעם כהן בעשפּריצען. אויף וואָס זעהענדיג זאָגט ער דאָס? ער איז ביי זיך שטייף מיט דער קראַפט פון זיין סברה. ער איז איבערציינגט, אַז אַזוי איז דער דין און אַזוי האָט געדאַרפט זיין. נאָך אַזאַ פאַל, זיי דערצעהלען אליין, אַז יהודה בן בבא פלעגט אַלע טאָג ברענגען אַן „אשם תלוי" (17). אחוץ נאָר דעם איינציגען טאָג פון אויף מאָרגען נאָך יום כפור. אי דאָס, האָט ער געשוואָרען ביים בית המקדש.

אַז ווען מען וואָלט איהם נאָר לאָזען, וואָלט ער ניט פאַרפעהלט אויך אין ד ע ם טאָג; מעהר ניט, זיי פלעגען איהם זאָגען: וואַרט כאָטש אַפּ, ביז ביי דיר וועט קענען זיין אַ וועלכער עס איז ספק. דאָס אַלץ האָט אָבער די געלערנטע פון נאָכ'ן חורבן ניט געשטערט צו בעשליסען, אַז מען דאַרף ניט ברענגען קיין „אשם תלוי", סיידען מען האָט אויף זיך אַ חשד, אַז מען האָט ניט ווילענדיג געטאָן אַזאַ זאַך, פאַר וועלכער עס וואָלט גע־קומט כרת, ווען דאָס וואָלט געווען בכיוון (כריתות כ"ה). די אונטערס־טע שורה איז: אין פיעלע פאַלען, וואו די תנאים בעשטימען דעם דין ווע־גען עפּעס אַזוינס, וואָס זיי האָבען קיינמאָל ניט אָנגעזעהען, ווייל דאָס פלעגט שוין ניט פּראַקטיצירט ווערען אין זייער צייט, מיינט עס נאָך ניט, אַז אַזוי האָט מען זיך טאַקי פאַקטיש נוהג געווען אין דער צייט, ווען דער בית המקדש איז געשטאַנען. זייער ענטשיידונג האָט אין אַזאַ פאַל נאָר די בעדייטונג פון אַ ריין טעאָרעטישער ספּעקולאַציע. זיי אַליין האָ־בען גאָר ניט געמיינט צו זאָגען, אַז אַזוי איז געווים געוועזען. זיי האָ־בען נאָר געמיינט צו זאָגען, אַז אַזוי און אַזוי האָט געדאַרפט זיין. זייער בעציהונג צו דער אַמאָליגער ווירקליכקייט איז דאָ געווען אונגעפעהר דיזעלביגע, ווי צ. ב. ביי ר' עקיבא און ר' טרפון, ווען זיי זאָגען דאָרטען: ווען מיר וואָלטען געזעסען אין סנהדרין, וואָלט קיינמאָל אַ מענש ניט הינ־געריכט געוואָרען (מכות ז'). זיי האָבען גאָר ניט געמיינט דערמיט צו וואַרפען אַ פלעק אויף דעם אַמאָליגען סנהדרין דערפאַר, וואָס זיי פלעגען יע פאַר'משפט'ען מענשען צום טויט. אַזאַ מין בעציהונג איז ביי די שפּעטערדיגע געלערנטע געווען אומעטום, וואו זיי בעהאַנדלען אַזעלכע זאַכען, וואָס פלעגען פאַרקומען נאָר אין דער צייט פון דעם בית המקדש. זיי שטעלען זיך פאָר, אַז דאָס פלעגט צוגעהן ביי יענע אויף אַזאַ און אַזאַ אופן, ווייל נאָך זייערע סברות און דרש'ען קומט אויס, אַז אַזוי האָט גע־דאַרפט זיין. טאָמער אפילו איז דאָס פאַקטיש געווען ניט אַזוי, הייסט עס נאָך ניט, אַז זיי ריידען דאָ שלעכטס אויף די אַמאָליגע, וואָס האָבען אַנדערש געטאָן; וואָרום פון שטענדיג אָן איז ביי זיי געווען אַ כלל: דער עקזיסטירענדער בית דין איז אַלע מאָל דער העכסטער אויטאָריטעט פאַר זיין צייט.

דאָס הויך ענטוויקעלטע
ציווילרעכט צו דער צייט
פון דעם חורבן.

נאָכדעם ווי מיר האָבן אויסגעפונען א גלייכען וועג, וואָס ברענגט אונז זיכער צום פונקט, וואו עס ווערען פאַר אונזערע אויגען ענטפּלעקט די פונדאַמענטאַלע הלכות פון דער גאַנצער תורה שבעל פה, אלע איהרע אַפּטיילונגען איינגעשלאָסען; נאָכדעם ווי מיר האָבן דערגאַנגען, אז א וויסענשאַפטליכער אַנאַליז פון די פונדאַמענטאַלע הלכות מוז ברענגען צום שיין א געוויסע צאָהל אַלטע הלכות פון פאַר'ן חורבן, וואָס זיינען צוזאַמענגעפלאָכטען מיט זייערע שפּעטערדיגע אָפּצווייגונגען, און די גרויסע צאָהל זייערע בעווייזט, אז יעטוועדע אָפּטיילונג פון דער תורה שבעל פה האָט שוין צו יענער צייט דערגרייכט א היבשע מדרגה פון ענט־וויקלונג, איז דאָך אונז זעלבסטפאַרשטענדליך פאַרשפּאָרט פיעל צו רייד־דען נעגען יענער טעאָריע (יאָסט), וועלכע וויל האָבען, אז אין דעם דור פאַר'ן חורבן איז דאָס ציווילרעכט נאָך גאָר ניט געווען ענטוויקעלט. פאַרקעהרט, נאָך אונזער כלל און מיט אונזער מעטאָד קענען מיר אויס־געפינען, אז אין יעדער הינזיכט איז דאָס ציווילרעכט צו יענער צייט גע־שטאַנען אויף א הויכער מדרגה פון ענטוויקלונג. כדי מען זאָל זיך אין דעם איבערצייגען, וועלען מיר אלס ביישפּיל און מוסטער נעהמען די פאַרשיידענע בעווייזמיטלען, וועלכע דאָס גריכט אנערקענט ביי ציווילע פּראָצעסען, דהיינו: די בעשטעטיגונג דורך עדות, די שבועה, דער שריפטליכער דאָקומענט און די חזקה. אָט זיינען וועגען די אלע פונק־טען די וויכטיגסטע הלכות, וואָס שטאַמען געוויס פון פאַר'ן חורבן. די בעשטעטיגונג דורך עדות. אויף צו פאַרפּליכטען איימי־צען צו בעצאָהלען א געוויסע סומע פאָדערט זיך ביי א ציוויל־פּראָצעס ניט ווייניגער, ווי צוויי עדות. די עדות מוזען זיין בעוואוסטע מענשען, וואָס זייער מאָראַלישע אויפפיהרונג גיט אונז ערבות דערפאַר, אז זיי וועלען זאָגען דעם אמת („אידישע אלטערטימער", בוך 4, קאַפּיטעל 8, פּאַראַגראַף 15). דעריבער פלעגען זיי אַן עם הארץ קיינמאָל ניט איינלאַדען, ער זאָל בייזיין ביי עפּעס ווי אַן עדות, און זיי פלעגען אויך ניט אָננעהמען קיין עדות־זאָגונג פון אַן עם הארץ (פּסחים מ"ט). דאָסגלייכען דאַרף מען ניט אָננעהמען קיין עדות־זאָגונג פון אזוינעם, וועמען מען קאָן חושד זיין, ער זאָל צי פאַר מורא, צי צוליעב לייכטזיניגקייט ניט זאָגען דעם אמת. אויף דעם סמך פלעגען זיי פּרויען און קנעכט ניט צולאָזען אלס עדות

(„אידישע אלטערטימער“, דער פריהער אנגעוויזענער ארט. **שבועות ל׳.**
בבא קמא פ״ח). עם ווערט ניט אנגענומען אויך די עדות־זאגונג פון אזוי־
נעם, ווער עס קאן זיך ניט אריענטירען קלאר אין דעם, וואס ער האט
געזעהען, אדער אין דעם, וואס ער וויים. אין דעם כלל פון אזוינע געהט
אריין א קליינ־אהריגער (סנהדרין נ״ב). דא, וואו א דערוואקסענער
זאגט עדות וועגען עפעס אזוינס, וואס ער האט געזעהען, בעת ער איז
נאר געוועזען א קליינער, איז ער נאר ביי איניגע בעשטימטע ענינים גע־
ווען בעגלויבט (כתובות כ״ח). עדות, וואס זיינען נאהענטע קרובים
צו וועמען עס איז פון די צדדים אדער זיי זיינען קרובים צווישען זיך,
זיינען אויסגעשלאסען (סנדרין כ״ז). אין דעם כלל געהען אריין: א פע־
טער, א פעטערס א זוהן און איבערהויפט יעטוועדע מדרגה פון קרובות׳־
שאפט, וואס גיט א רעכט אויף ירושה. נאר וועמעס קרובות׳שאפט עס
עקזיסטירט אין דער צייט פון פראצעס, יענער ווערט אויסגעשלאסען.
ווער עס איז אמאל געוועזען א קרוב, נאר צו דער צייט פון פראצעס איז
זיין קרובות׳שאפט געווען אויס, יענער מעג זיין אן עדות (די „משנה
ראשונה“ אין דעם פריהער אנגעוויזענעם ארט) (18). געוויסע קאטעגא־
ריעס ווערען אויסגעשלאסען צוליעב מאראלישער פארדארבענקייט. דעם
ערסטען פלאץ צווישען זיי פארנעהמען אזוינע, וואס קוקען ניט אויף די
געזעצען פון דער רעליגיאן, יאגענדיג זיך נאך געלט: צ. ב. די, וואס נא־
רען אפ אנדערע דורך שפילען אין קלעצלאך אדער לאזען פליהען טויבען
(19); די, וואס פארלייהען געלט אויף פראצענט. אזעלכע זיינען ביי זיי
געווען פאררעכענט פאר אריינכאפער, ווייל זיי נארען אוים ביי אנדערע
מענשען געלט פאר גארנישט. ווייטער ווערען דערמאהנט אזוינע, וואס
נעהמען ארונטער פון זייערע פעלדער און גערטענער די פרוכט אין דעם
יאהר פון שמיטה: זיי זיינען ניט בעגלויבט, וויבאלד ביי זיי איז צו־
ליעב געלט רעכט צו טאן דאס, וואס מען טאר ניט. שפעטער, אז די
רעגירונג פלעגט צווינגען צו זאמלען די פרוכט אין דעם יאהר פון שמיטה,
האבען זיי שוין צו די, וואס האבען דאס געמוזט טאן, גארנישט געהאט.
דאן האבען זיי דעם אויסשלוס אנגעווענדט נאר אנטקעגען די, וואס פלע־
גען מיט דידאזיגע שמיטה־פרוכט מאכען מסחר. שפעטער האבען זיי
אריינגענומען אין דעם כלל אויך אזוינע, אויף וועמען מען קאן ניט זא־
גען בעשטימט, אז זיי זיינען כאפער און רויבער: מען קאן זיי נאר חושד
זיין אין בערויבען דעם אנדערען און פארכאפען יענעמס. דערנאך האבען
זיי נאך אריינגענומען אין כלל די פיה־פיטערער (20). די שטייער־מאה־
נער און די אנגעשטעלטע פון דער רוימישער רעגירונג (סנהדרין כ״ה). **די**

לעצטע צוויי קאטעגאריעס זיינען ביי זיי צוגעקומען דאן, ווען די רוימער האבען פערוואנדעלט דאס לאנד יהודה אין א רוימישע פראווינץ און האבען דארטען אנגעשטעלט בעאמטע און שטייער־מאהנער אויף איינצומאהנען די פארשיידענע צינזען און שטייערן (פריהער, קאפיטעל 19). עס איז פארשפארט צו זאגען, אז דער, וועמען מען האט געקענט פאר אן אויסגעשפראכענעם כאפער, א שווינדלער אדער א גנב, יענער איז אודאי געווען אויסגעשלאסען אלס אן עדות. א בעזונדער תקנה איז ניט נויטיג געווען דערצו, ווייל נאך זייער אויסטייטשונג נאך, איז דאס בפירוש אנגעוויזען אין דער תורה — אין די ווערטער „עד חמס" (א בייזוויליגער עדות). נאך אן אורזאכע, צוליעב וועלכער אן עדות ווערט אויסגעשלאסען, איז ווען די זאך ריהרט אן זיין אייגענעם אינטערעס: פאר זיך אליין קאן קיינער קיין עדות ניט זיין (כתובות כ"ז). אז דער, וועמען די זאך איז נוגע, קאן ניט צוגעלאזען ווערען אלס אן עדות, — דאס איז ביי זיי געווען אן אלגעמיין אנגענומענע און פאפולערע הלכה; די געלערנטע פון אלע דורותריידען וועגען דעם, ווי וועגען אן אונבעשטרייטבארען און קלארען פרינציפ (בבא בתרא מ"ג און אנדערע ערטער). אויך צוליעב א געוויסען קערפערליכען אדער גייסטיגען דעפעקט ווערט איינער אויסגעשלאסען אלס אן עדות, דהיינו: א טויבער, א בלינדער אדער א אידיאט (בבא בתרא קכ"ח). איין עדות איז ניט גענוג אויף צו בעגרינדען א געלט־פאדערונג. פונדעסטוועגען האט ר' גמליאל הזקן מתקן געווען, אז פאר א פרוי איז גענוג איין עדות אויף צו בעשטעטיגען איהר מאנס טויט (יבמות קט"ז און קכ"ב), כאטש אפילו דאס קומט איהר צוניץ אויך ביי א געלט־פאדערונג — צום איינמאהנען די כתובה. דא, וואו איינעמס א געלט־פאדערונג וואלט געמוזט אנערקענט ווערען, ווען ער וואלט געהאט צוויי עדות, איז ווען ער האט נאר איין עדות, קומט יעדענפאלס דעם אנדער צד א שבועה, אז ער איז איהם ניט שולדיג (שבועות מ'). דערדאזיגער פרינציפ, אז ביי געלט־פאדערונגען קאן מען דאך ניט אין גאנצען איגנארירען איין עדות, ליגט אין דעם פונדאמענט פון א תקנה, וואס די עלטערע פארשטעהער פון סנהדרין האבען נאך איינגעפיהרט: ווען דער מאהנער שטעלט צו א שריפטליכען דאקומענט און איין עדות זאגט, אז דער חוב איז שוין בעצאהלט געווארען, קאן דער חוב אנדערס ניט איינגעמאהנט ווערען, סיידען דער מאהנער זאל שווערען, אז ער האט דאס געלט נאך ניט געקראגען (כתובות פ"ז. שבועות מ"ה) (21), און אזוי האבען זיי זיך נוהג געווען נאך פ א ר דער צייט פון ר' גמליאל. אנטקעגען א טויטשטראף־פראצעס איז ביי זיי פון שטענדיג אן געווען א וויכ־

טיגער כלל, אז דער, וואס פיגורירט אין דעם פראצעס, ווי אן עדות, קאן זיך ניט בעטייליגען אין דעמזעלביגען פראצעס, ווי א ריכטער (ראש השנה כ"ה און כ"ו. מכות י"ב) (22). די געלערנטע פון דעם ערסטען דור נאכ'ן חורבן ריידען וועגען דעם, ווי וועגען אן אבסאלוטען פרינציפּ, וואס איז אלעמען פון לאנג אן בעוואוסט. געוויס איז אויך אנטקעגען ציווילע פראצעסען דערזעלביגער כלל געווען אנגענומען, פונקט ווי עס איז אמאל נאך אין הלל'ס שולע בעשלאסען געווארען, אז דער, וואס בעטייליגט זיך אין א געוויסען אקט, ווי א בעפאלמעכטיגטער, קאן ניט פיגורירען אין דעמזעלביגען אקט, ווי אן עדות (קידושין מ"ג). אן עדות קאן זאגען נאר דאס, וואס ער האט אליין געזעהען אדער וואס ער ווייס פון זיך אליין. ווען ער גיט איבער דאס, וואס ער האט געהערט פון אן אן אנדער עדות, ווערט עס ניט גענומען אין בעטראכט (סנהדרין כ"ט). אט די הלכה לאזט זיך פארגלייכען מיט אן אנדערער, עהנליך צו איהר: א שריפטליכע ערקלערונג פון די עדות האט קיין שום ווערדע ניט; די ריכטער דארפען זיך רעכענען נאר מיט דעם, וואס זיי האבען געהערט פון זייער מויל (יבמות ל"א). די עהנליכקייט צווישען די צוויי הלכות בעשטעהט דא דערינען, וואס איןביידע פאלען האנדעלט זיך וועגען אן עדות־זאגונג פון דער צווייטער האנט. דעריבער קענען מיר רעכענען, אז די צווייטע הלכה האט אויך עקזיסטירט פון לאנג אן. אגב, געפינען מיר זי אינדירעקט אויסגעדריקט אין גאר אן אנדער הלכה, אויך יעדענפאלס פון די אלטע: ווען אן עדות האט מורא, טאמער וועט ער פארגעסען דאס, וואס ער ווייס, מעג ער דאס ביי זיך פארשרייבען און אויף דעם סמך עדות זאגען אפילו אין עטליכע יאהר ארום (כתובות כ'. תוספתא: כתובות, פרק ב'). מען זעהט דא, אז דאס געשריבענע קומט דאן נאר צוניץ, ווען, שטיצענדיג זיך אויף דערויף, זאגט ער אליין עדות מינדליך. בשעת מען פלעגט אויסהערען די עדות, פלעגט בית דין זיי אנשרעקען. מען פלעגט זיי אויספארשען און אויספרואווען מיט זיבען פארשיידענע פראבעס (סנהדרין כ"ט, ל"ב און מ'). נאכדעם ווי זיי זייענן אויסגעפארשט געווארען, קענען זיי ניט חרטה האבען און ערקלערען, אז זיי האבען די מעשה גאר אויסגעטראכט (תוספתא: סנהדרין, פרק ו'. ירושלמי: כתובות, פרק ב', הלכה ג'). האט זיך דערנאכדעם ארויסגעוויזען, אז דאס איז יע אן אויסגעטראכטע מעשה, דאן ווערען זיי ערקלערט פאר פאלשע עדות (עדים זוממין), און זיי קריגען דעמזעלביגען פסק, וועלכען דער בעל דין האט דורך זיי געזאלט קריגען. אלס פאלשע עדות ווערען זיי בעשטראפט נאר דאן, ווען זיי זיינען אפגעלייקענט גע־

ווארעןביידע, ווען דאס איז געשעהען, נאכדעם ווי דער פראצעס איז פאר־
ענדיגט געווארען, און די אפליקענונג בעריהרט די פערזאן פון די עדות
אונמיטעלבאר (מכות ה') (23). דער בעל דין קאן פאדערן פון יעדע־
רען, ווער עס וויים עפעס גינסטיגס פאר איהם, ער זאל קומען צו בית
דין עדות זאגען. ערקלערען די עדות, אז זיי וויסען גארנישט, קאן
ער זיי אויף דעם געבען א שבועה. דאס איז אבער אלץ גערעדט געווא־
רען נאר, אויב זיי זיינען אזוינע פערזאנען, וועלכע קענען אין דעם
פראצעס צוגעלאזען ווערען אלס עדות (שבועות ל' און ל"א). די דינים
וועגען דער בעשווערונג פון עדות געהערען גרעסטענטיילס צו דער קאַ־
טעגאריע פון פאפולערע און אנגענומענע הלכות, וואס האבען עקזיסטירט
נאך אין דער צייט פון דעם בית המקדש. דער בעגריף פון בעווייזען א זאך
מיט עדות שליסט אין זיך איין אויך, אלס א בעווייזמיטעל, די אנערקענונג
פון דעם בעל דין גופא. אין דעם פרט האבען זיי געהאט אן אלטען און
וויכטיגען כלל: די אנערקענונג פון דעם בעל דין גופא איז געגליכען
צו הונדערט עדות (תוספתא: בבא מציעא, פרק א'. גיטין ס"ד און
אנדערע ערטער). אפילו ווען עס קומען צו געהן עדות, וואס האבען גאר
ניט געזעהען די עצם מעשה, פונוואנען דער חוב שטאמט; זיי זאגען
נאר, אז פאר זיי אין די אויגען האט דער און דער מודה געווען דעם
און דעם, אז ער איז איהם שולדיג אזא און אזא סומע, איז דאס שוין גענוג
אויף צו פארפליכטען יענעם צו צאהלען (סנהדרין כ"ט). די אנערקענונג
פון דעם בעל דין גופא שטעהט אין דעם פרט העכער, איידער די בע־
שטעטיגונג פון אנדערע עדות. ווארום ווען עדות גיבען איבער דאס,
וואס זיי האבען געהערט פון אנדערע עדות, ווערט עס ניט גענומען אין
בעטראכט; ווען זיי גיבען אבער איבער דאס, וואס זיי האבען געהערט
פון דעם בעל דין גופא, ווערט עס יע גענומען אין בעטראכט. פון די
הלכות, וועלכע אדמון האט בעהאנדעלט (כתובות ק"ט און ק"י), נעהמען
מיר נאך ארויס אט וואס: אפילו ווען דער בעל דין האט ניט אנערקענט
אויסדריקליך דאס רעכט פון זיין געגנער, נאר דאס איז קענטיג פון עפעס
אזוינס, וואס ער האט געטאן (24), ווערט עס בעטראכט, ווי א פאלשטענ־
דיגע אנערקענונג פון זיין זייט. דאס איז אבער אלץ גערעדט געווארען
נאר, ווען עס האנדעלט זיך וועגען א חוב. דא, וואו עס האנדעלט זיך
וועגען בעצאהלען שטראף, דארטען העלפט שוין ניט דאס מודה זיין זיך
פון דעם שולדיגען (בבא קמא י"ד). דאס, וואס ווערט נאר בעטראכט,
ווי א שטראף, דארף קיינער ניט צאהלען אויף דעם סמך פון זיינע אייגענע
רייד (בבא קמא ע"ד. תוספתא: בבא קמא, פרק א') (25). עס ווייזט

אבער אויס, אז דידאָזיגע הלכה איז ניט געווען פאַרברייט און אַלעמען בעקאַנט, וואָרום ר׳ גמליאל דער צווייטער, אין דעם ערסטען דור נאָכ׳ן חורבן, האָט ניט געוואוסט דערפון, ביז ר׳ יהושע האָט איהם ניט דער־מאָהנט (בבא קמא ע״ד). דאָס, וואָס פאַלשע עדות דאַרפען בעצאָהלען, ווערט דאָך געוויס בעטראַכט, ווי אַ שטראָף; פונדעסטוועגען פלעגט מען זיי הייסען בעצאָהלען, אפילו ווען זיי האָבען אַליין אויסגעזאָגט אויף זיך (26). ביז עס איז געקומען ר׳ עקיבא און האָט ערקלערט, אַז זיי דאַרפען אין אַזאַ פאַל ניט צאָהלען (מכות ב׳). ד א ס ב ע ש ט ע ט י ג ע ן ד ו ר ך א ש ב ו ע ה. דאָ, וואו עס זיינען קיין עדות ניטאָ, איז דער ענטשיידענ־דער פאַקטאָר די שבועה. אָט זיינען די, וועמען עס קומט אַ שבועה נאָכ׳ן געזעץ, וואָס זיי האָבען אָפּגעלערנט פון דער תורה: די פירערליי שומרים (שבועות מ״ט) (27); דער, וואָס אנערקענט אַ טייל פון דער פאָדערונג (שבועות ל״ח. כתובות ק״ח); דער, וואָס לייקענט אפילו אין גאַנצען, אָבער עס איז דאָ אַנטקעגען איהם איין עדות (שבועות מ׳). אין די אַלע פאַלען, וואו דאָס געזעץ וועגען דער שבועה איז געגרינדעט אויף דער תורה, שווערט אַלץ דער צד, ביי וועמען מען מאָהנט, און ער ווערט דורך דעם בעפרייט פון צו צאָהלען (שבועות מ״ד). דאָך אָבער זיינען נאָך אין גאַנץ אַלטע צייטען איינגעפיהרט געוואָרען תקנות, אַז אין בעשטימטע פאַלען שווערט דוקא דער, וואָס ער מאָהנט, און דער אַנדער צד איז דאַן מחויב צו צאָהלען. דידאָזיגע תקנות האָבען זיי געהאַלטען פאַר זעהר וויכטיג, און זיי האָבען זיי אָנגערופען „גרויסע תקנות" (שבועות מ״ד. כתובות פ״ז). זיי האָבען נאָך איינגעפיהרט, אַז אין איינינגע פאַלען קאָן איינער דעם אַנדערען געבען אַ שבועה, כאָטש ער האָט צו איהם גאָר ניט קיין בעשטימטע טענה (שבועות מ״ה) (28). דאָס זיינען אויך געווען אַלטע תקנות (כתובות פ״ו). אויספיהרליכע בעשטימונגען, וועלכע ערקלערען די איינצעלהייטען וועגען די אַלערליי שבועות און מאַכען זיי אָפּהענגיג פון פאַרשיידענע בעדינגונגען, — דאָס אַלץ געפינען מיר אויסגעדריקט אין אַלטע הלכות (בבא מציעא, פרק ח. שבועות, פרק ו׳). ד ע ר ש ר י פ ט ל י כ ע ר ד אָ ק ו מ ע נ ט. בעשטעטיגען דעם פאַרקויף און דעם קויף דורך אַ שריפטליכען דאָקומענט — דאָס איז געווען אַ גאַנץ אַלטער מנהג, מיט וועלכען מיר בעגעגענען זיך נאָך אין דעם ספר ירמיה. ווען מיר טרעפען אַן דאָרטען אַזאַ ספּעציפישען נאָמען ווי „ספר המקנה" און עס ווערען נאָך דערמאָהנט צווייערליי מינים פון איהם: אַ פאַר׳חתמ׳עטער און אַן אָפּענער (29) — איז דאָס אַליין אַ בעווייז, אַז שרייבען אַזעלכע דאָקומענטען איז געווען אַ געוועהנליכע

זאך, וואס איז שוין פון יאהרען לאנג געווען איינגעפיהרט. אויך א שטר־חוב איז שוין געווען בעוואוסט אין דער צייט, ווען דער שרייבער פון דעם ספר טוביה האט געלעבט (טוביה, קאפ. 1 און קאפ. 4), און דער־דאזיגער ספר איז פערפאסט געווארען יעדענפאלס ניט שפעטער, איידער אין דער צייט פון אלכסנדר מוקדן. פריהער איז געווען איינגעפיהרט, אז דער אנטלייהער האט דעם שטר־חוב געמוזט שרייבען. דערנאכדעם האבען די געלערנטע ערלויבט, אז דער פארלייהער זאל שרייבען און זייטיגע מענשען זאלען זיך חתמ'ענען אלס עדות. דידאזיגע ערקלערונג איז ארויסגעגעבען געווארען שפעטסטענס אין דער צווייטער העלפט פון דעם לעצטען יאהרהונדערט פאר'ן חורבן (עדיות, פרק ב', משנה ג'). דער הייראטס־דאקומענט, אדער די כתובה, האט עקזיסטירט יע־דענפאלס נאך פריהער פאר דער צייט פון שמעון בן שטח (כתובות פ"ב). דאסגלייכען איז ביי זיי געווען דער מנהג אפ־צושרייבען זיך ביים שליסען א שידוך, ביים איבערנעהמען אין ארענדע א פעלד (בבא בתרא קס"ז). מיר געפינען פאפולערע און אלטע הלכות, וואו עס ווערט געשמועסט וועגען דער אויסערליכער גע־שטאלט פון א דאקומענט און אויך וועגען דעם, אונטער וועלכע בעדינ־גונגען א דאקומענט ווערט געשריבען, ווי אזוי זיין אינהאלט ווערט אויסגעטייטשט, אויב דארטען געפינט זיך אן אונבעשטימטער אויסדרוק אדער א ווידערשפרוך, און ווי אזוי די ריכטיגקייט פון דעם דאקומענט ווערט בעשטעטיגט (בבא בתרא, ק"ס, קס"ה און קס"ז. כתובות, י"ח און כ"ח). אין בעצוג צו א גט האט ר' גמליאל הזקן איינגעפיהרט א תקנה, אז עס מוזען זיין אויף איהם גע'חתמ'עט די עדות (ז. פריהער, זייט 507), אלץ כדי עס זאל זיין לייכטער צו בעשטעטיגען. א שריפטליכער דא־קומענט האט די פריווילעגיע, וואס מיט איהם קאן מען מאהנען פון דעם בעל־חוב'ס אונבעוועגליכע גיטער, אפילו אויב ער האט זיי פארקויפט, נאכדעם ווי דער דאקומענט איז ארויסגעגעבען געווארען (בבא בתרא קע"ה). אין אזא פאל דארף אבער דער, וואס שטעלט צו דעם דאקומענט, נאך שווערען דערצו (כתובות פ"ז) (30). זיי פלעגען זיך געווים נוהג זיין איינצושרייבען אין דאקומענט בפירוש, אז דער חוב ווערט געזיכערט מיט אלע גיטער, וועלכע דער בעל חוב האט נאר: ווען אזא פונקט זאל ניט זיין איינגעשריבען בפירוש, דאן האט מען פון שפעטער פארקויפטע גיטער ניט געקאנט מאהנען (בבא מציעא י"ג). דאס איז פונקט, ווי שמעון בן שטח האט איינגעפיהרט, מען זאל איינשרייבען אין א כתובה, אז די צאהלונג ווערט געזיכערט מיט אלע גיטער דעם מאנס (כתובות

פ"ב), ווייל אז ניט, וואלט זי פון שפעטער פארקויפטע גיטער ניט גע־
קאנט מאהנען (ז. תוספות: כתובות נ"ו, עמוד ב', דעם זאץ, וואס הויבט
זיך אן „כתובה מטלטלים"). ספעציעל ביים שרייבען א כתובה זיינען
זיי געווען זעהר פעדאנטיש. ביי פרומע לייט פלעגט מען ניט לאזען,
אבי ווער זאל זיך חתמ'ענען פאר אן עדות אויף א כתובה. די עדות האַ־
בען געמוזט זיין אדער כהנים, אדער לוים, אדער וועניגסטענס ישראלים
פון אזא ריינעם יחוס, וואס כהנים האבען געמעגט נעהמען זייערע טעכ־
טער (ירושלמי: סנהדרין, פרק א', הלכה ד'. תוספתא: סנהדרין, פרק ז).
עס זיינען צו אונז דערגאנגען איניגע פון די פונקטען, וואס זיי פלעגען
איינשרייבען געוועהנליך אין א כתובה. אין ירושלים איז דער נוסח
פון דער כתובה געווען אנדערש, איידער אין די איבעריגע ערטער פון
יהודה, און אין גליל איז ביי זיי געווען אנגענומען דערזעלביגער נוסח,
ווי אין ירושלים (כתובות נ"ב). פאר א גע'גט'ער פרוי איז די כתובה
אליין ניט געווען גענוג אויף איינצומאהנען דאס געלט: זי האט געמוזט
צושטעלען אויך דעם גט. דאסגלייכען האט מען נאך שמיטה ניט גע־
קאנט מאהנען קיין געלט מיט א שטר־חוב אליין; מען האט דערצו נאך גע־
מוזט האבען א פרוזבול (כתובות פ"ט). אחוץ די פריהער דערמאהנטע דאקו־
מענטען, זיינען שוין צו יענער צייט געווען אין געברויך שריפטליכע
דאקומענטען וועגען אלערליי אקטען, וועלכע נארמירען די געגענזייטיגע
בעציהונגען צווישען די מענשען. עס ווערען ספעציעל דערמאהנט אזעלכע
דאקומענטען, ווי א געשאנק־בריוו, א געגען־דאקומענט אדער א קוויטונג,
א היפאטעקען־בריוו, א געריכטליכער ארדער אויף אפצונעהמען גיטער
פאר א חוב, א פארפליכטונג צו שפייזען דער פרויס א קינד, א פראטעסט־
ערקלערונג (31), א שריפטליכע צוואה, דיקטירט פון א קראנקענבעט
(„דייתיקי"), און א „שטר בירורין" (32). אט וועגען די אלע דאקומענ־
טען געפינען מיר פארשיידענע בעשטימונגען און הלכות, וואס שטאמען
נאך פון דער צייט, ווען דער בית המקדש איז געשטאנען (ז. בבא מציעא
י"ח און כ'; בבא בתרא קל"ה; תוספתא: בבא מציעא, פרק א' און בבא
בתרא, פרק ח'. ז. אויך די משנה און די מעשה וועגען יונתן בן עוזיאל
אין בבא בתרא קל"ג). ד י ח ז ק ה (33). אט דעם סארט בעווייז
געפינען מיר אנגעווענדט אויף פארשיידענע אופנים ביי גאנץ פארשיי־
דענע ענינים. מיר שטעלען אויף דער חזקה, אז אלצדינג, וואס איימיצער
האלט, איז מסתמא זיינס: קומט ווער מיט טענות אנטקעגען איהם און
וויל ביי איהם וואס עס איז אפנעהמען, טא זאל י ע נ ע ר בעגרינדען
דורך עדות זיין פאדערונג. אט אויף דעם איז געגרינדעט דער כלל זיי־

ערער, וואס ווערט דורכגעפיהרט ביי אַלע ציוויל־רעכטס־פראגען, דהיינו: ווער עס קומט וואס ארויסצוציהען פון דעם אנדערענס בעזיץ, יענעמס זאך איז עס צו ברענגען דעם בעווייז (המוציא מחברו עליו הראיה). ביי די תנאים ווערט דערדאָזיגער כלל אנגערופען אַ וויכטיגער כלל אין דער רעכטס־פּראקטיק (בבא קמא מ"ו). אַז אנאנימע משנה בערופט זיך אויף איהם, ווי אויף אַ בעוואוסטען און אַלגעמיין אנערקענטען פּאסטו־לאט, מאטיווירענדיג אַ געוויסע הלכה אַזוי: „ ו ו א ר ו ם  דער, וואס קומט וואס ארויסצוציהען פון דעם אנדערענס בעזיץ, יענעמס זאך איז עס צו ברענגען דעם בעווייז" (חולין קל"ד, טהרות, פּרק ד׳, משנה י"ב). ווי אַן אנגענומענעם פּאסטולאַט בענוצט אויך דעם כלל ר׳ אליעזר (ביכורים, פּרק ב׳, משנה י׳), וואס ער האט געלעבט אי אין דער צייט פון דעם בית המקדש, אי נאך דעם. פיעלע הלכות האבען נאך די בית הלל געבויט אויף דעם פונדאמענט פון דעמזעלביגען פּרינציפּ, (כתובות פ׳. סוטה כ"ד. בבא בתרא קנ"ז און קנ"ח), כאטש אפילו זיי בערופען זיך ניט בפירוש אויף דעם פונדאמענט פון דעמזעלביגען פּרינציפּ (כתובות פ׳. סוטה כ"ד. אַ שיעור פּאפּולערע און אַלטע הלכות, וואס זיי שטיצען זיך אַלע אויף דעמזעלבינען כלל. אַז דאס זיינען אַלטע הלכות, — דאס זעהט מען ארויס קלאר ניט נאר פון זייער אויסערליכער פאָרם און אינהאַלט, נאר אויך פון דערפון, וואס די ערסטע געלערנטע פון נאך׳ן חורבן דיסקוטי־רען שוין וועגען זיי. שטעלען אַ זאך אויף דער חזקה הייסט ביי זיי אַפּט־מאל אננעהמען פאר געוויס אַ השערה, וואס לעגט זיך מעהר אויפ׳ן שכל. ווען מען ווייס אייגענטליך ניט אויף געוויס, צי אין דעם און דעם פאל איז די מעשה געשעהען אויף אַזאַן אופן אָדער אויף אַן אנדער אופן, נאר מען ווייס פון דער פּראקטיק, אַז אין בעשטימטע צייטען, אונטער בע־שטימטע אומשטענדען איז דער שטייגער פון די מענשען צו האנדלען אַזוי און אַזוי, שטעלען זיי אויף דער חזקה און נעהמען אַן פאר געוויס, אַז אין דעם קאנקרעטען פאל איז מסתמא אויך די מעשה געשעהען אויף דעמ־זעלבינען אופן. אויף אַזאַ מין חזקה זיינען נאך אין גאר דער עלטערער צייט אויף דעם געביט פון ציוויל־רעכט געגרינדעט געווארען פיעלע וויכטיגע הלכות. צ. ב. יענע אַלטע הלכה, נאך וועלכער אַ פרוי, וואס קומט פון דער ווייט און דערצעהלט, אַז איהר מאן איז געשטארבען, איז בעגלויבט אויפ׳ן ווארט, אויב נאר זיי האבען געלעבט צווישען זיך גוט און דאס פּאסירט אין אַ רוהיגער צייט. די געלערנטע האבען דאַ גענו־מען אין בעטראכט אט וואס: אַ פרוי, וואס האט געלעבט גוט מיט איהר מאן, זאגט גיט געוועהנליך, אַז איהר מאן איז געשטארבען, וואו זי ווייס

דאָס ניט אויף געווים. דעריבער האָבען זיי דאָ געשטעלט אויף דער חזקה, און אויף דעם סמך האָבען זיי איהר אפילו בערעכטיגט אויפצו־מאָהנען פון דעם מאַנס גיטער די כתובה (יבמות קי"ד, קט"ז און קי"ז). דאָסגלייכען די הלכה: ווען אַ פרוי שטעלט צו צוויי כתובות מיט איין גט אָדער צוויי גט'ען מיט איין כתובה, קאָן זי נאָר איין מאָל אויפמאָהנען איהר כתובה, ווייל ווען איינער האָט נאָך אַ מאָל חתונה מיט זיין גע־גט'ער פרוי, גיט ער איהר געוועהנליך ניט קיין נייע כתובה, נאָר זי בע־נוגענט זיך מיט דער ערסטער כתובה (כתובות פ"ט) (34). אין דעם פאַל, הייסט עס, ערקלערט אונז די משנה בפירוש, אז זיי פאַרלאָזען זיך דאָ אויף אַ כלל, וואָס די ערפאַהרונג האָט געוויזען. פיעלע אַלטע הלכות אין ענינים פון ציווילרעכט זיינען געגרינדעט אויף דעם פרינציפ פון חזקה (בבא בתרא ה' און כ"ג). בעטראַכטען מיר די געזעצען וועגען דעם פאַרקויף און דעם קויף פון הייזער און בעוועגליכע גיטער, וואו עס ווערט אויסגערעכענט, וועלכע פון די נויטיגע מכשירים צו דעם אָדער יענעם געגענשטאַנד עס זיינען איינגעשלאָסען אין דעם פאַרקויף, ווען דער הויפּט־געגענשטאַנד איז פאַרקויפט געוואָרען, און וועלכע ניט. — בעטראַכטען מיר דידאַזיגע געזעצען (בבא בתרא, פרק ד' און פרק ה'), איז ביי די מעהרסטע פון זיי געפינען מיר אויס, אז די אַנאָנימע הלכות, וואָס ענטהאַלטען אין זיך די וויכטיגסטע פונקטען, זיינען אַלטע. והא ראיה: די ערסטע תנאים, וואָס זיינען געווען באַלד נאָכ'ן חורבן, דיסקו־טירען שוין וועגען זיי. די אַלע הלכות זיינען געגרינדעט אויף דערזעל־ביגער לאָגיק: אויפ'ן גרונד פון ערפאַהרונג האָבען זיי דערגאַנגען, וואָס אַ מענש טראַכט ביי זיך בשעת מעשה, ווען ער פאַרקויפט אַ בעשטימטען געגענשטאַנד, וועלכע פון די נויטיגע מכשירים צו איהם ער האָט בדעה איינצושליסען, ווי אַ צוגאָב, אין דעם פאַרקויף. אויף אַן עהנליכער לאָגיק איז געבויט אַן אַנדער פרינציפ פון ציווילרעכט, נאָך וועלכען דער בעל דין איז בעגלויבט אויפ'ן וואָרט אין אַזאַ פאַל, וואו מען קאָן איהם פאַרגלייכען מיט איינעם, וואָס ברענגט אָפּ צוריק אַ געפינס (שבועות, אנהויב פון פרק ו') (35). דאָס איז דיזעלביגע לאָגיק, וועלכע די על־טערע געלערנטע האָבען אויסגעדריקט אין דעם ווערטעל „הפה שאסר הוא הפה שהתיר" (ווען מען מויל עס האָט אַרויפגעלעגט דעם איסור, יענעמס מויל קאָן דעם איסור אַרונטערנעהמען) (36). אַזאַ מין אַרגומענטאַציע ווערט אין דעם תלמוד ירושלמי בעצייכענט מיט דעם וואָרט „מאחר" (ירושלמי: שבועות, פרק ו', הלכה א' און פרק ז', הלכה א'). אין דעם תלמוד בבלי ווערט עס בעצייכענט מיט דעם וואָרט „מיגו" אָדער

„מתוך" (37). אויף דעם „מיגו" זיינען געגרינדעט פיעלע אלטע הלכות. די עצם תקנה, אז דער, וואס ברענגט אפ א געפינס, דארף ניט שווערען (גיטין מ"ח), וואס זי איז ארויסגעגעבען געווארען, ווי מען דארף רעד־כענען, יעדענפאלס ניט שפעטער, ווי אין דער צייט פון ר' גמליאל הזקן, אט די עצם תקנה איז אויך געגרינדעט אויף דערזעלביגער לאגיק, כאטש אפילו עס ווערט דארטען אנגעוויזען דער מאטיוו „צוליעב דעם נוצען פון דער געזעלשאפט" (מפני תיקון העולם). דעם גרונד־געדאנק, וואס ליגט אין דעם „הפה שאסר הוא הפה שהתיר", געפינען מיר קלאר אנגעוויזען אין די ווייטער ציטירטע ווערטער, איבערגעגעבען אין דעם נאמען פון א פאר געלערנטע, וואס זיינען געווען אין דער צייט פון בית המקדש. ר' יוסי הכהן און ר' זכריה בן הקצב האבען עדות געזאגט, אז עס האט אמאל פאסירט אזא מעשה: א אידישע טאכטער איז גענומען געווארען פאר א משכן אין דער שטאדט אשקלון; האבען זיך איהרע קרובים דערנאך דערוויטערט פון איהר, כאטש אפילו איהרע עדות האב־בען בעשטעטיגט, אז זי איז די גאנצע צייט ניט פארשוואונדען פון די אויגען, און זי איז ניט ענטעהרט געווארען; האבען די געלערנטע צו איהרע קרובים געזאגט: „ממה־נפשך! גלויבט איהר די עדות, ווען זיי זאגען, אז זי איז פארנומען געווארען פאר א משכן, טא גלויבט זיי שוין אויך אין דערינען, אז זי איז ניט פארשוואונדען פון די אויגען און זי איז ניט ענטעהרט געווארען" (כתובות כ"ז). דאס איז אן אנדייטונג אויף יענעם געדאנק: וויבאלד דיזעלביגע עדות, פון וועמען מען ווייס, אז זי איז פארנומען געווארען, בעשטעטיגען גלייכצייטיג, אז זי איז ניט ענט־עהרט געווארען, דארף מען זיי גלויבען.

עס איז דא נאך א ספעציפישע פארם פון חזקה, וואו איימיצענס רעכט אויף א געוויסען געגענשטאנד שטיצט זיך דערויף, וואס ער האט זיך מיט איהם בענוצט א לענגערע צייט און קיינער האט געגען דעם ניט פראטעסטירט (38). אויף דעמדאזיגען פרינציפ זיינען געבויט וויכטיגע פאפולערע הלכות, וואס זיי זיינען אלע גאנץ אלטע. צ. ב. די הלכות, וועל־כע בעשטימען: וואס פאר א משך פון צייט ביי וואס פאר א געגענשטאנד עס פאדערט זיך, אז מען זאל קריגען אויף דעם א חזקה? צי קאן זיך דער פאקטישער בעזיצער בערופען אויף דער חזקה, אויב דער געוועזענער איי־גענטימער געפינט זיך צו ווייט אויף צו קענען פראטעסטירען? וועלכע מדינות אנטקעגען וועלכע עס ווערען גערעכענט פאר וויים? אז דער, וואס בערופט זיך אויף דער חזקה, דארף אנווייזען אויך א רעכטליכען גרונד (39); וועלכע קאטעגאריעס פון פאקטישע בעזיצער עס קענען זיך אי־

בערהויפט ניט בערופען אויף דער חזקה? (40) אויף וואסערליי בענו־צונגס־רעכט עס איז נימא קיין חזקה? (בבא בתרא: כ"ח, ל"ח, מ"א, מ"ב, נ"ז און נ"ח). דידאזיגע פארם פון חזקה האט פארשיידענע אפ־צווייגונגען, און אויף די אלע מינים חזקות זיינען געגרינדעט אלטע הלכות. עס איז ניט אונזער צוועק אריינצולאזען זיך דא אין דעטאלען. גענוג פאר אונז, וואס די אלע הלכות, וועלכע האבען זיך דא איבערגע־קעהרט פאר אונזערע אויגען, זיינען גאנץ בעשטימט אלטע און זיי שטא־מען נאך פון דער צייט פון בית המקדש: דאס זעהט מען ארויס אפטמאל פון די אנגערופענע נעמען פון זייערע גרינדער, אפטמאל פון זייער אינ־האלט און אויסערליכער פארם, מעהרסטענס אבער דערפון, וואס די גע־לערנטע פון דעם ערסטען דור נאכ'ן חורבן מאכען זיי פאר דעם אויס־גאנגספונקט פון זייערע דיסקוסיעס, בעטראכטען זיי, ווי אלגעמיין אנער־קענטע פאסטולאטען. אלזא פון די אלע איינצעלהייטען אויף דעם גע־ביט פון ציווילרעכט איז פאר אונז קלאר, אז דערדאזיגער צווייג פון דער תורה שבעל פה האט פאר דער צייט פון דעם בית המקדש דערגרייכט א הויכע מדרגה פון ענטוויקלונג. נאך דעם נאך קענען מיר אורטיילען אויך וועגען אלע איבעריגע צווייגען פון דער תורה שבעל פה, און מיר מעגען קומען צום שלוס, אז זייערע גרונד־פרינציפען און זייערע וויכטיגסטע פונקטען זיינען אין דער לעצטער צייט פון דעם בית המקדש געשטאנען אויף א גאנץ הויכער מדרגה.

די דינים פון כשר
און טריף.

עס איז דא איין צווייג פון דער תורה שבעל פה, וואו די אלטע הלכות זיינען ווינציג איז צאהל אין פארגלייך מיט דער מורא'דיג גרויסער צאהל זייערער, וואס איז אויסגעוואקסען צום סוף פון דעם ערסטען יאהר־הונדערט נאכ'ן חורבן און שפעטער. מיר מיינען די דינים פון כשר און טריף אין בעצוג צו געוועהנליכע, ניט קיין הייליגע, שפייזען (חולין). די אמאליגע מחלקות צווישען די פרושים און די צדוקים האבען אלע צו טאן מיט אזעלכע ענינים, ווי ריינקייט און אומריינקייט, דער גאטעסדינסט אין בית המקדש, שבת און יום טוב, ציווילרעכט, די געזעצען וועגען טויטשטראף. קיין איינע פון זייערע מחלקות האט אבער ניט קיין שום שייכות צו די דינים פון כשר און טריף ביי געוועהנליכע שפייזען. צווי־

שעז אזא מאסע מחלקות, ווי די מחלקות פון בית שמאי און בית הלל, געפינען מיר נאר וואסערע צוויי—דריי מחלקות, וואס בעריהרען די פראַ־גע וועגען כשר'ע און טריפ'ע שפייזען. פון די אלע געלערנטע פון פאר'ן חורבן, וואס ווערען אנגערופען מיט די נעמען, ווערט אויף דעמדאזיגען געביט ווייניג וואס איבערגעגעבען. אויך די אנאנימע אלטע הלכות וועגען אזעלכע ענינים זיינען נאר געצעהלטע אין פארגלייך מיט די איבעריגע הלכות פון תלמוד. דאס איז דער איינציגער צווייג פון דער תורה שבעל פה, וואס איז צו יענער צייט נאך ניט געווען אזוי ענטוויקעלט. אין אלגעמיין אבער איז אין די לעצטע יאהרען פון בית המקדש די תורה שבעל פה צו אלע זייטען צו געווען שוין גענוג אויסגעברייט און ענטוויקעלט.

### דער איבערגאַנג פון פרעמדע צום אידישען גלויבען.

די ענערגישע טעטיגקייט פון די געלערנטע און זייער ווירקונג איז ניט געבליבען בעשרענקט אויף דעם פראקטיש אנווענדבארען, הלכה'־איסטישען טייל פון דער תורה. אויך אויף דעם טייל פון אבסטראקטע אידעען און גלויבונגען האבען זיי געווענדט זייער אויפמערקזאמקייט. נאך די פיעלע מאמרים און נאך דער גרויסער מאסע אגדה'איסטישע דרש'ען, וואס זיינען פארבליבען פון יענער צייט, קענען מיר אפשאצען, ווי ווייט דערדאזיגער צווייג איז געווען ענטוויקעלט. און מיר זעהען, אז זיי האָבען פיעל געשטרעבט אפצועפענען פאר זיך א ברייטערען און קלערערען האריזאנט אין בעצוג צו אבסטראקטע אידעען און גלויבונגען. נאר מיט דערמיט ערקלערט זיך די מערקווירדיגע ערשיינונג, וועלכע מיר טרעפען אז אין דעם לעצטען יאהרהונדערט פון דעם בית המקדש. אין דעם יאהרהונדערט האט די אידישע רעליגיאן געקראגען אנהעננגער צווישען אנדערע פעלקער, און פיעלע פרעמדע זיינען צוגעשטאנען צו זיי. ביסלאכווייז האבען זיך די אנדערע פעלקער ארומגעזעהען, אז זייערע געטער זיינען גארנישט מיט גארנישט, און די רעליגיעזע פארשטעלונגען, וואס זיי האָבען געהאט בירושה פון זייערע עלטערן, האבען ניט געקאנט מעהר בעפרידיגען זייערע רעליגיעזע געפיהלען, זייער בענקענים נאך עפעס העכערס, נאך א ריינעם און אמת'ען גלויבען. ביי די בעסערע פון זיי איז דערוועקט געווארען א שטארקער וואונש צו זוכען דעם אמת'ען גאט, און זיי האבען איהם געפונען אין דער אידישער רעליגיאן. אין דעם לאנד

אדיאבען האט זיך מגייר געווען די קיניגין העלענא, און א קורצע צייט שפעטער האט אויך איהר זוהן איזאטיס, וואס האט געקיניגט נאך זיין פאטער, אנגענומען דעם אידישען גלויבען. אין רוים, אין דמשק און אין אלע ערטער, וואו גריכען האבען געלעבט צווישען די אידען, האבען זיך פיעלע פון די גויים מגייר געווען. עס איז קיין שום ספק ניט, אז צווי־שען די אידען האבען זיך געפונען אזוינע, וואס זיינען פון די גרים ניט געווען שטארק קאנטענט. שמאי און זיינע אנהענגער האבען קיין גרים ניט געוואלט קענען. זיי האבען גערעכענט, אז די גרים זיינען פאר די אידען אן אנשיקענים, פונקט ווי א מין געשווילאכץ אויפ'ן קערפער. אויף פיעלע פון די גרים האבען זיי געזאגט, אז יענע זיינען אויסען נאר צו זיצען ביים קיניגליכען טיש, ד. ה. זיי האבען זיך מגייר געווען צוליעב כבוד אדער מאכט, יעדענפאלס צוליעב עפעס א זייטיגער פנייה. נאר אפילו ווענגען די, וואס האבען טאקי מיט אן אמת געוואלט מגייר זיין זיך פון גאטס וועגען, האבען זיי, די בית שמאי, געטראכט ביי זיך: וואס איז די פעולה, ווען זיי וועלען שוין אננעהמען דעם אידישען גלויבען, וויבאלד זיי האבען נאר א בעגריף פון דעם עיקר, אבער זיי הויבען ניט אן צו ווי־סען פון אלע רעליגיעזע געזעצען און פאדערונגען? דאס דארפען זיי דאך ערסט לערנען. און ווער ווייס, צי זיי וועלען דאס וועלען לערנען אין דעם גייסט פון די פרושים, מיט די אלע ארויסדרינגונגען פון דער תורה שבעל פה? דעריבער איז ביי זיי אויסגעקומען, אז עס איז גלייכער אפצושטויסען פון זיך די גרים און גאר ניט צונעהמען זיי. הלל און זיין שולע זיינען, פארקעהרט, געווען פריינדליך צו די גרים, און זיי האבען געשטרעבט וואס מעהר פרעמדע צו בעקעהרען צום אידישען גלויבען. הלל האט ניט געקוקט אויף די אלע טענות, מיט וועלכע די בית שמאי האבען זיך פון די גרים געוואלט אפשטופען. ביי איהם איז געווען א כלל: אפילו ווען יענער איז זיך מגייר צוליעב א זייטיגער פנייה, אפילו ווען יענער האט אויסגעלערנט נאר דעם רעכטען עיקר און ער ווייס נאך ניט גלייך, ווי אזוי צו פיהרען זיך אקוראט, ווי די פרושים פארלאנגען, פונדעסטוועגען, וויבאלד ער האט מיט'ן גאנצען הארצען בעשלאסען צו ווערען א איד, דארף מען איהם צונעהמען, און דאס, וואס איהם פעהלט נאך צו אי־דישקייט, וועט ער מיט דער צייט אניאגען און וועט ווערען אן אמת'ער איד. אט דאס איז אהן שום ספק די פאקטישע גרונדלאגע פון די דריי לעגענדעס, וואס ווערען דערצעהלט וועגען שמאי און הלל. איינע איז: עס איז געקומען א גוי און האט זיך געוואלט מגייר זיין אויף דעם תנאי, אז מען זאל איהם מאכען פאר א כהן גדול. א צווייטע: א גוי האט

געוואלט מגייר זיין זיך בתנאי, אז מען זאל איהם אויסלערנען די גאנצע תורה אויף איין פוס. א דריטע: איינער, וואס האט געוואלט מגייר זיין זיך, האט אויסגענומען א תנאי, אז ער אנערקענט נאר די געשריבענע תורה, אבער ניט די תורה שבעל פה. אלעמען דרייען האט שמאי אפגע־שטופט פון זיך, און הלל האט זיי צוגענומען (שבת ל״א). דער רעכטער מיין פון די דאזיגע לעגענדעס איז צו שילדערן הלל'ן אין דעם פרט: ווי אזוי ער פלעגט זיך נוהג זיין ביים אויפנעהמען גרים: עס איז געוועזען זיין שטייגער ניט צו מאכען קיין וועזען פון די אלע זאכען, פאר וועלכע שמאי און זיין שולע זיינען געווען אנגעשטויסען. זאל זיין, אז יענער איז זיך מגייר צוליעב א זייטיגער פנייה; זאל זיין, אז ער ווייס מעהר ניט, ווי די גרונד־פרינציפען פון דער רעליגיאן, און ער הויבט נאך ניט אן צו וויסען, ווי אזוי צו פיהרען זיך אויפ'ן שניט פון די פרושים, — ניט קוק־קענדיג אויף דעם, דארף מען איהם צונעהמען און מאכען איהם פאר א אידען, און מיט דער צייט וועט שוין אלצדינג אליין רעכט ווערען (ה). גרעסטענטיילס פלעגען זיך מגייר זיין פרויען. פאר מענער איז דער אי־בערגאנג צום אידישען גלויבען געווען שווער צוליעב דער מילה. מיר געפינען ניט, אז זיי האבען ווען עס איז צוגענומען גרים, ניט פאדערנדיג, זיי זאלען זיך מהל זיין. און ווער וואלט עס פון זיי געקאנט ערווארטען, זיי זאלען איינעם אריינגעהמען אין זייער געמיינדע און זאלען איהם ער־לויבען גלייך ביים ערסטען אריינטריט ניט צו ערפילען זיין פליכט! דאס וואלט דאך אויסגעזעהען, ווי איינער וואלט זיך טובל געווען פון זיין אומריינקייט און וואלט בשעת מעשה גופא געהאלטען אן אומריינע זאך אין זיין האנט! מען קאן אפילו ניט זאגען, אז זיי האבען געהאלטען די מילה פאר דעם רעכטען עיקר, אהן וועלכען עס קאן גאר קיין אידישקייט ניט געמאלט זיין. מיר זעהען דאך, צווישען די עלטערע געלערנטע זיי־נען געווען אייניגע, וואס האבען געהאלטען, אז ווען א גר האט זיך נאר טובל געווען, איז כאטש אפילו ער האט נאך ניט צייט געהאט צו מהל זיין זיך, ווערט ער שוין גערעכענט פאר א גר (יבמות מ״ו) און איז מחויב אפ־צוהיטען אלע מצוות. אויך בעת איזאטיס האט זיך מגייר געווען, איז ביי זיי וועגען דער פראגע ארויסגעקומען א מיינונגס־פארשיידענהייט. איינער א געלערנטער פון זיין לאנד, וואס האט מיט איזאטיס'ן געלערנט אידישקייט, האט איהם ערקלערט, אז אויב ער האט מורא צו אויפרעגען געגען זיך זיין פאלק מיט דעם, וואס ער וועט זיך מהל זיין, קאן ער אויך ניט גע'מהל'טערהויט אננעהמען דעם אידישען גלויבען: דעם אמת'ען גאט קאן דינען אויך ניט קיין גע'מהל'טער, אבי נאר ער זאל זיין איבער־

געגעבען מיט לייב און לעבען צו דער תורה. אן אנדער געלערנטער פון
גליל האט איזאטיס'ן, פארקעהרט, גע'מוסר'ט, זאגענדיג: ווי לאנג נאך
וועסטו זיך אלץ ארויסמאכען און ניט לאזען זיך מהל זיין? עס איז נאך
ווייניג צו קענען די געטליכע געבאטען פון דער תורה; מען מוז אויך די
מצוות מקיים זיין, און מילה — דאס איז אזא מצוה, פון וועלכער קיינער
קאן פאר קיין פאל ניט בעפרייט ווערען. אזא מיינונגס־פארשיידענהייט
וואלט ניט געקאנט האבען קיין פלאץ, ווען די מילה וואלט ביי אלעמען
גערעכענט געווען פאר אזא וויכטיגען פונקט, אויף וועלכען עס האלט זיך
די גאנצע אידישקייט. ווי דאס איז, זיי פלעגען דאך ניט צונעהמען קיינ־
מאל קיין גרים, סיידען זיי זאלען זיך מהל זיין. דעריבער האבען זיך
פון מענער ניט אזוי פיעל מגייר געווען, ווי פון פרויען. היינט שטעלט
זיך די פראגע: וואס איינענטליך האט געטריבען פיעלע פון די פרעמדע
פעלקער צו מגייר זיין זיך? ווען זיי האבען אזוי געגארט אריינצוטרע־
טען אין דער אידישער געמיינדע, איז דאס געוויס געווען ניט צוליעב די
גרויסע גליקען, וואס זיי האבען אין יענעם מאמענט געקאנט ערווארטען
דערפון; ווארום די פאליטישע לאגע אונטער דעם רוימישען דרוק איז
געווען שלעכט. עס גלויבט זיך אויך ניט, אז די פיעלע רעליגיעזע צערע־
מאניעס, די שטרענגע געזעצען, די גזירות און אפצאמונגען האבען געהאט
אזא צוציהונגס־קראפט. ניט אנדערס, אז די גלויבונגען גופא, די אי־
דעען פון גערעכטיגקייט, וועלכע זיי האבען אנגעטראפען ביי די אידען,—
אט דאס האט אויף זיי געהאט אזא ווירקונג. מיט רעכט קענען מיר דער־
פון שליסען, אז די געלערנטע פון יענער צייט, פונקט ווי זיי האבען זיך
אפגעגעבען מיט דעם פראקטיש אנווענדבארען טייל פון דער תורה, אזוי
האבען זיי זיך אויך געמיהט צו ערפארשען און ערגרינדען איהר מאראליש־
פילאזאפישען תוך, צו קריסטאליזירען און לייטערן די מאראלישע בע־
גריפען, אידעען און גלויבונגען, וואס זיי זיינען דער פונדאמענט פון דער
אידישער רעליגיאן און אין זיי איז געלעגען איהר צוציהונגס־קראפט אויף
צו געווינען די סימפאטיעס פון פרעמדע. אין דער אמת'ען האבען טאקי
זייערע נאכפארשונגען וועגען אזעלכע פראגען און די רעזולטאטען פון די־
זאזיגע נאכפארשונגען דאן שוין דערגרייכט צו א הויכער מדרגה, ווי עס
וועט פאר אונז קלאר ווערען פון די ווייטערדיגע קאפיטלען.

---

## צוויי און צוואנציגטעס קאפיטעל.

### מדרש אגדה און די אפאקריפישע שריפטען.

דער עצם פון
מדרש אגדה.

מיר האבען שוין געזעהען, אז זינט די אידען האבען זיך אומגע־קעהרט פון גלות בבל, האבען זייערע געלערנטע, די גייסטיגע פארשטע־הער פון פארשיידענע דורות, געהאלטען אין איין שטרעבען צו שאפען א נייעם גייסט ביים פאלק. דאס שטודירען די תורה איז געווען זייער ציל און זייער בערוף. דער אביעקט פון זייער שטודירען איז דערהויפט געווען דער פראקטיש אנווענדבארער טייל פון דער תורה. אבער אויך דער עפישער טייל פון דער תורה איז פאר זיי געווען גענוג וויכטיג אויף צו מאכען איהם פאר אן אביעקט פון זייער גייסטיגער טעטיגקייט. אפילו דער מעטאד פון שטודירען איז ביי זיי פאר ביידע טיילען געווען גלייך. אין דעם אנוועגדבארען טייל פון דער תורה פלעגען זיי דרשנ'ען איטליכס ווארט און אויך איינצעלנע אותיות; דאס האט זיך אנגעהויבען פון דערפון, וואס זיי האבען די טראדיציאנעלע הלכות מיט דער הילף פון די דרש'ען געוואלט בעגרינדען אויף דער תורה; סוף כל סוף אבער זיינען ביי זיי די דרש'ען געווארען דער געוועהנליכער מעטאד פון פארטייטשען די תורה, און זיי האבען זיך שוין בענוצט מיט זיי אויך אויף ארויסצו־דרינגען נייע הלכות. פונקט אויף אזאן אופן איז דאס ביי זיי צוגעגאנ־גען אויך מיט דעם עפישען און דאגמאטישען טייל פון דער תורה. פאר יעטוועדען געדאנק, וואס דער מענשליכער שכל האט ארויסגעבראכט, האבען זיי געזוכט צו געפינען אווארצעל און א שטיצפונקט אין דער תורה. פאר די נייע געדאנקען, פון וועלכע זיי האבען זיך אין גלות דער־וואוסט און זיי זיינען זיי געפעלען געווארען; דאסגלייכען פאר די געדאנ־

קען, וואָס זיינען צו זיי פון די גריכען דערגאַנגען, אויף ווי ווייט זיי האָבען זיי נאָר געפונען פאַר ריכטיג און האָבען זיי אָנגענומען, פאַר די אַלע געדאַנקען האָבען זיי געזוכט צו געפינען א גרונד אין דער תורה. אויף דעמזעלביגען וועג האָבען זיי זיך, פאַרקעהרט, דערוואוסט אויך פון אַנ־דערע געדאַנקען, וועלכע זיי האָבען גראַד געוואָלט דערווייטערן פון זיך, און ביי אַזוינע האָבען זיי אין דער תורה געזוכט ראיות אויף צו בעווייזען זייער פאַלשקייט. כדי צו דערגרייכען דיביידע צוועקען, האָבען זיי זיך דאַ בענוצט מיט דעמזעלביגען מע־טאָד פון דרש, ווי ביי דעם געזעצבעשטימענדען טייל פון דער תורה. עס איז נאָך פון ווען אַן צווישען זיי געוועז פאַרברייט די מיינונג, אַז אין אַלע דערצעהלונגען פון דער תורה ליגט עפּעס א בעשטימטע מאָ־ראַל, וואָס דאָס איז אין גרונד זייער צוועק. דאָס האָבען נאָך די „ערסטע זקנים" ארויסגעדרונגען פון א געוויסען זאַץ אין דער תורה „פאַרשרייב דאָס אין בוך פאַר אַן אנדענקונג", וואָס נאָך זייער מיינונג נאָך, מיינט עס, אַז דאָס ווערט פאַרשריבען אין בוך, כדי דאָס זאָל זיין פאַר די שפּע־טערדיגע דורות אַן אָנדענקונג, זיי זאָלען וויסען, ווי אַזוי גאָט ברוך הוא פיהרט די וועלט (פריהער, זייטען 305 און 306). פילאָן דער איד (1) געהט נאָך א היבשען שריט ווייטער. ער זאָגט, אַז אַלע ווערטער פון דער תורה, און אפילו איהרע געזעצען, האָבען א צווייענדיגען מיין: אַן אָפּענעם און א פאַרבאָרגענעם. אַזוי איז געווים געווען אויך די מיינונג פון די ארץ־ישראל'ער געלערנטע. דאָס זעהט מען פון דער ריכטונג, וואָס יוסיפון האָט אָנגענומען אין זיינע בעטראַכטונגען וועגען די אינע־ווענינגסטע כונות פון דער תורה און איהרע מאָטיוון. ער זאָגט בפירוש, אַז פיעלע זאַכען האָט די תורה אויסגעדריקט אין שכל'דיגע רעטעניסען אָדער אין קורצע זאַצען, אין א פאַרשטעלטער, אַלעגאָרישער פאָרם (זיין פאָררעדע צו די „אידישע אַלטערטימער", פאַראַגראַף 4). פון שטענדיג אַן האָבען זיי געגלויבט, אַז דער קוואַל פון אַלע וויסענשאַפטען איז די תורה (בן סירא, קאַפּ. כ"ד), און ווער עס שטודירט די תורה, די ווערק פון די נביאים און אנדערע שריפטען פון דער אידישער געלעהרזאַמקייט, יענער נעהמט זיך אַן פון דאָרטען מיט ווייזהייט (בן סירא, קאַפּ. ל"ט). דערדאָזיגער געדאַנק האָט דורכגעדרונגען די מחות פון אַלע געלערנטע, די פאַרשטעהער פון דער תורה שבעל פּה. עס איז דעריבער זעלבסט־פאַרשטענדליך, אַז פאַר יעטווערען וויסענשאַפטליכען בעגריף, פאַר יעט־ווערער מיינונג אין פראַגען פון גלויבען, וואָס זיי האָבען אָנגענומען אין א משך פון דורות, האָבען זיי געמוזט געפינען אויף וואָס אָנצושפּאַרען

זיך אין די הייליגע שריפטען, און דעריבער האבען זיי דא, אויף דעם גע־ביט פון דאגמאטיק, די פסוקים גע׳דרשנ׳ט פונקט אויף דעמזעלביגען אופן, ווי אויף דעם געביט פון הלכה. ווי דארטען, אזוי אויך דא, ווייזען זייערע דרש׳ען ארויס א גאנץ קנאפע נייגונג אין דער זייט פון דעם פשוט׳ען זין. גרעסטענטיילס זיינען זיי נאר אויסען ווי עס איז מיט די דרש׳ען צו בעגרינדען געוויסע געדאנקען, מאראלישע פרינציפען, אי־דעען און גלויבונגען. צי דאס זיינען געווען אזעלכע אידעען, צו וועלכע זיי האבען זיך אליין מיט זייער אייגענעם שכל דערטראכט, אדער אזוינע, וואס זיי האבען געהאט בקבלה פון זייערע פארגענגער, אדער גאר אזוינע, וואס זיי האבען זיי אנגעטראפען ביי אנדערע פעלקער און זיי האבען מיט זיי מסכים געווען, — אלץ איינס, האבען זיי געמוזט אויסגעפינען, אז דאס שטאמט פון דער תורה. פיעלע פון דידאזיגע דרש׳ען זיינען מאדנע גע־קינסטעלט. איינגע פון זיי זיינען אין דער אמת׳ען געמיינט געווארען נאר ווי א שענע פראזע אדער א ווארטשפיל. דאס לאזט זיך אבער זא־גען נאר וועגען איינגע ספעציפישע דרש׳ען, וואס האבען געזאלט ארויס־רופען א געוויסען עפעקט אין א בעשטימטען מאמענט (2) און האבען פארלארען זייער בעדייטונג, נאכדעם ווי די צייטוויליגע אורזאכע איז אריבער (צונץ: „גאטעסדינסטליכע פארטרעגע", אנהויב קאפ. 4). ווען זיי האבען דעם עולם פאר עפעס א זאך געוואלט בעגייסטערן, ווען זיי האבען געוואלט פארשטעלען די גרויסקייט פון בעריהמטע מענשען אדער פון א וועלכען עס איז פאלק, ווען זיי האבען געוואלט לויבען א בעשטימטע טאט אדער, פארקעהרט, עפעס שענדען און ווארענען געגען דעם, פלע־גען זיי ציטירען געוויסע פסוקים פון דער ביבעל, כדי צוצוגעבען מעהר עפעקט צו זייערע רייד (יעלינעק אין זיין ווערק „נפת צופים"). אנדערש איז אבער מיט יענע דרש׳ען, אין וועלכע זיי האבען איינגעוויקעלט אל־געמיינע געדאנקען, וואס האבען פאר זיי געהאט די בעדייטונג פון זעלבסטשטענדיגע אמת׳ען. ביי אזעלכע דרש׳ען האבען זיי דאס רוב טאקי געגלויבט, אז דער פסוק האט עס מיט אן אמת געמיינט. בפרט נאך, אז, וועדליג ווי זיי האבען גערעכענט, האט יעדער פסוק אן אפע־נעם און א פארבארגענעם מיין. אלע דרש׳ען פון דעמדאזיגען מין ווערען אנגערופען מדרש אגדה. ווען אין אונזערע אויגען קוקט אמאל אוים א דרש זייערער ווילד, איז דערפון נאך קיין ראיה ניט, אז זיי האבען אזוינס ניט געקאנט רעכענען פאר דעם פשוט׳ען טייטש פון די ווערטער; ווארום אפילו אזא טייטש, וואס די פארצייטיגע רופען איהם אן בפירוש „פראס־טער פשט" און זיי שטעלען איהם אין א דירעקטען געגענזאץ צו זייער

דרש, קוקט ביי אונז אויך אמאָל אויס ווילד (פריהער, זייט 458). אלזאָ, די אַלגעמיינע דרש'ען פון דער קאַטעגאָריע „מדרש אגדה" זיינען דאָס רוב געמיינט געוואָרען ערנסט: זיי דריקען אויס דאָס, וואָס זיי האָבען געהאַלטען פאַר דעם פשוט'ען טייטש פון די ווערטער. אַזוינע אגדה'־איסטישע דרש'ען, וואָס האָבען אַן אַלגעמיינע בעדייטונג, פלעגען זיי אַנרופען „ווערטפּולע אגדות, וואָס זיינען פאַר אַלעמען אינטערעסאַנט" (מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פרשה א').

עלטערע אגדות און זייער
אַפּאָקריפישע שריפטען.

נאָר געצעהלטע פון די אגדה'איסטישע דרש'ען און פון די אגדות בכלל ווערען איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון אַזוינע געלערנטע, וועלכע געהערען צו דער עלטערער עפּאָכע. אָבער דערפון איז קיין ראיה ניט, אַז אין דער עלטערער עפּאָכע האָט אַזוינס ניט עקזיסטירט. צווישען די אגדה'איסטישע מאמרים, וואָס האָבען אַן אַלגעמיינע בעדייטונג, זיינען פאַראַן אַנאָנימע דרש'ען; און אפילו צווישען די מאמרים, וואָס ווערען געבראַכט אין דעם נאָמען פון שפּעטערדיגע געלערנטע, פון נאָכ'ן חורבן, געפינען מיר אָפטמאָל אַזוינע, וואָס פון זייער אינהאַלט איז קענטיג, אַז זיי שטאַמען פון אַ פריהערדיגער עפּאָכע. בעזונדערס אָבער איז דאָ וויכטיג אָט וואָס: גאָר אין אַנדערע ווערק פון דער עלטערער עפּאָכע טרעפען מיר אַן אַזעלכע געדאַנקען און ווערטער, וועלכע בעשטעטיגען די אַלטקייט פון פיעלע אגדה'איסטישע מאמרים, וואָס געפינען זיך אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה.

אונטער רידאַזיגע עלטערע ווערק מיינען מיר די אַלע ווערק, וואָס זיינען אין יענער עלטערער עפּאָכע פון אידען פערפאַסט געוואָרען, נאָר זיי זיינען ניט פאַררעכענט געוואָרען צווישען די הייליגע שריפטען. די שפּעטערדיגע געלערנטע האָבען דידאַזיגע ווערק געקרוינט מיט אַ בעזונדער נאָמען: זיי האָבען זיי אַנגערופען „זייטיגע ביכער" (ספרים חיצונים) און האָבען פאַרוועהרט צו לייענען זיי. אין די אַלע ווערק שפּיגלען זיך אָפּ מעהר אָדער ווייניגער די הערשענדע בעגריפען פון זייער צייט. אויך ווי ווייט עס זיינען נאָר פאַראַן דאָרטען דייטליכע סימנים פון די דאָמאָלסטיגע גלויבונגען און אַנשויאונגען, געפינען מיר פיעלע פון זייער גלייכען אין אַלע ווערק פון דער תורה שבעל פה. דאָס בעווייזט,

אַז סיי אין די, סיי אין יענע שפּיגעלט זיך אָפּ דערזעלביגער גייסט — דער גייסט פון אַ פריהערדיגער עפּאָכע.

דער ספר בן סירא.

דער ספר בן סירא איז געשריבען געוואָרען אַ קורצע צייט נאָכ'ן טויט פון שמעון הצדיק, און דעם פּערפאַסערס אַן אייניקעל האָט עס איי־בערגעזעצט אין גריכיש. דער ספר „משלי" האָט דעם פערפאַסער גע־דינט פאַר אַ מאָדעל. אין פיעלע ערטער, אַהן אַ שיעור, בענוצט ער זיך מיט שלמה'ס משלים, נאָר ער רעדט זיי אַרום ברייטער, און טאַקי אַ דאַנק זיין ברייטערען אַרומריידען קענען מיר אָפּטמאָל פאַרשטעהן דעם מיין פון די אָריגינעלע משלים, וועלכע ער האָט פאַר זיינע אויגען געהאַט. ער האָט אויך גענומען אַמאָל, ווי אַ טעמא פאַר זיינע בעטראַכטונגען, גע־דאַנקען און איינצעלנע פראַזען פון די ספרים תהלים און איוב. ווען מיר זאָלען מיט געהעריגער אויפמערקזאַמקייט בעטראַכטען זיינע ווערטער און זיינע משלים, מוזען מיר קומען צום שלוס, אַז אויך דעם ספר קהלת האָט ער געהאַט פאַר זיינע אויגען. ווארום עס איז געוויס ניט קיין צו־פאַל, וואָס אין וויפיעל קאַפּיטלען פון זיין ווערק (קאַפּ. י"א, פערזען כ'—כ"ב, און קאַפּ. י"ד, פערזען ג'—י"ז) וויקעלט ער פאַנאַנדער גע־דאַנקען, ענליך צו די, וועלכע מיר טרעפען אַז אין דעם ספר קהלת; מעהר ניט, בן סירא רעדט זיי אַרום ברייטער און קונציגער. אָט דאָס גופא, וואָס אין דעם ספר בן סירא ווערען די געדאַנקען ברייטער אַרומ־גערעדט, איז אַ סימן, אַז דאָ שטעלען זיי מיט זיך פאַר אַ ווייטערדיגע ענטוויקלונג, און דער אָריגינאַל זייערער איז אין דעם ספר קהלת, ניט פאַרקעהרט. ווען בן סירא וואָרענט געגען צו שאַרפע חקירות און אויבער־שכל, ווען ער זאָגט דאָרטען (קאַפּ. ג', פערז כ"א): „זאָלסט זיך ניט גריבלען אין דעם, וואָס איז איבער דיין שכל, זאָלסט ניט נאָכפאָרשען דאָס, וואָס איז פון דיר פאַרבאָרגען", האָט ער דאָס אפשר אויך געמיינט אַנטקעגען די ספקות, וואָס ווערען אויסגעדריקט אין דעם ספר קהלת. צום סוף פון זיין ווערק (קאַפּ. מ"ז, פערזען י"ד — כ') שילדערט בן סירא די גרויסקייט פון שלמה המלך, און ער דערמאָהנט דערביי זיינע לידער, זיי־נע ווערטלאַך און משלים און זיינע חקירות. דידאַזיגע טערמינאָלאָגיע קע־נען מיר ניט אַנדערש פאַרשטעהן, סיידען מיר זאָלען אָננעהמען, אַז בן סירא האָט געהאַלטען שלמה'ן פאַר דעם פערפאַסער פון דרייערליי ווערק: מיט אַ לירישען, אַלעגאָרישען און פילאָזאָפישען אינהאַלט. וואָס זיינען

דאָס פאַר א ווערק? דאָס זיינען די ספרים: שיר השירים, משלי און קהלת. פון דעם אַלעם זעהט מען, אז די אידעען, וואָס בן סירא האָט אוועקגעלעגט אין דעם פונדאַמענט פון זיין ווערק, — דאָס זיינען די אידעען פון דער תורה, פון די נביאים און פון די איבעריגע הייליגע שריפטען, וועדליג ווי מען האָט זיי פאַרשטאַנען אין זיין צייט. און די אויפפאַסונג פון דידאָזיגע אידעען אין דעם ספר בן סירא שטימט אין גאַנצען מיט דער אויפפאַסונג פון די פרושים. דעריבער טאַקי פלעגען זיי דעם ספר בן סירא ציטירען, פונקט ווי ער וואָלט געווען פון די הייליגע שריפטען. וועדליג ווי עס ווערט דערצעהלט אין תלמוד, האָט זיך אַמאָל נאָך שמעון בן שטח אויף בן סירא'ס ווערטער בערופען. מיינונגען און גלויבענס־פּרינציפּען, פונקט עהנליך צו די, וועלכע געפינען זיך אין דעם ספר בן סירא, ווערען איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון די געלערנטע אין פיעלע ערטער פון תלמוד, און דידאָזיגע געדאַנקען־פערוואַנדשאַפט בעווייזט, אז דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע מיינונגען און גלויבענס־פּרינציפּען, וואָס שטאַמען פון א פריהערדיגער עפּאָכע. עס איז דאָ כדאי אָנצואווייזען בעזונדער אייניגע אַזעלכע עהנליכקייטען. ריידענדיג וועגען דער וויזהייט, זאָגט בן סירא, אז זי שטאַמט פון גאָט; אז זי האָט עקזיסטירט, נאָך איידער גאָט האָט די וועלט בעשאַפען; אז דער קוואַל פון דער וויזהייט איז די געטליכע תורה (קאַפּ. א', פערזען: א', ד', ה', ט', כ"ה און כ"ו). עס איז אויך שטענדיג געווען די מיינונג פון די פרושים, אז די וויזהייט — דאָס איז די תורה (מכילתא: יתרו, מסכתא בחדש, פרשה י'. אויך אין פיעלע אַנדערע ערטער: אין תלמוד און אין די מדרשים). בן סירא זאָגט, אז ביי אַלע פעלקער האָט די וויזהייט געזוכט אַן אָרט, וואו איינצושטעהן, און אויף גאָטס בעפעהל האָט זי זיך אויסגעקליבען צום אידישען פאָלק (קאַפּ. כ"ד, פערזען ו'—ט'). דאָס שטימט ווידער מיט דער לעגענדע פון די בעלי התלמוד, נאָך וועלכער אַלע פעלקער זיי־נען געלאַדען געוואָרען אָנצונעהמען די תורה (עבודה זרה ב'. מכילתא: יתרו, מסכתא בחדש, פרשה ה'. ספרי: דברים פיסקא שמ"ג). ווער עס גיט אָפּ זיין צייט אויף צו שטודירען די תורה — זאָגט בן סירא — יע־נער איז בערופען צו אַזעלכע זאַכען, ווי לערנען דאָס פאָלק, אויפפּאַסען אויף די העכערע פּאָליטישע און רעליגיעזע ענינים און געבען עצות די רעגירער, ערפילען א וויכטיגע שליחות, און דעריבער דאַרפען זיי ניט בעלעסטיגט ווערען מיט האַנדווערק און פיזישער אַרבעט (קאַפּ. ל"ח, פערז כ"ג, און קאַפּ. ל"ט, פערזען א'—י'). דאָס שטימט מיט דער מיינונג, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט פון די געלערנטע אין דער תורה שבעל פה:

ווער עס האט אויף זיך גענומען דאס יאך פון דער תורה, פון יענעם ווע־
רען ארונטערגענומען די רעגירונגס־לאסטען און די לאסט פון וועלטלי־
כער בעשעפטיגונג (אבית, פרק ג׳, משנה ה׳). אין געגענזאץ צו דער
פארצייטיגער מיינונג, אז א קראנקער דארף זיך נאר פארלאזען אויף גאט
און דארף זיך ניט ווענדען צו א רופא (דברי הימים ב׳, קאפ. ט״ז, פסוק
י״ב), האבען די געלערנטע אוועקגעשטעלט דעם פרינציפ, אז גאט אליין
האט דער רופא געגעבען דאס רעכט צו היילען. זיי האבען דאס אפגע־
לערנט פון דער תורה; ווארום עס שטעהט געשריבען (שמות, כ״א), אז
ווען איינער האט דעם אנדערען פארוואונדעט, דארף ער איהם לאזען היי־
לען אויף זיין חשבון; הייסט עס דאך, אז דעם רופא איז געגעבען געווא־
רען די פאלמאכט צו היילען (בבא קמא פ״ה). אט דערזעלביגער געדאנק
ווערט ארומגערעדט ברייט ביי בן סירא׳ן. ער פיהרט דארטען אויס, אז
די ערסטע זאך דארף א קראנקער גאט בעטען, ער זאל איהם צושיקען
א רפואה; דאן אבער דארף ער זיך איבערגעבען אין די הענט פון דעם
רופא, וואס ער איז געשיקט געווארען פון גאט אויף צו היילען מענשליכע
קראנקהייטען (קאפ. ל״ח, פערזען א׳—י״ג). ווען איימיצער האט אנגע־
טראפען שלעכט מיט זיין פרוי, הייסט איהם בן סירא (קאפ. ז׳, פערז
כ״ז, און קאפ. כ״ה, פערז כ״ט) געבען איהר א גט. עס ווערט ביי איהם
גאר ניט דערמאהנט וועגען דעם, אז מען זאל ניט טארען גט׳ען א ווייב,
סיידען מען האט אויף איהר געפונען א חטא. זיין מיינונג געהט זיך צונויף
דא מיט דער מיינונג פון די פרושים אין די צייטען פון שמעון בן שטח און
בית הלל. היינט וויפיעל אפאריזמען זיינען דא אין תלמוד, וואס מיר גע־
פינען עהנליכע צו זיי אין דעם ספר בן סירא! צ. ב. כאפ אריין טאן
תשובה כאטש א טאג פאר׳ן טויט (שבת קנ״ג. בן סירא, קאפ. ה׳, פערז
ח׳). זאלסט קיין זאך ניט שאצען צו קליין (אבות, פרק ד, משנה ג׳.
בן סירא, קאפ. ה׳, פערז י״ח). זאלסט זיך האלטען זעהר און זעהר
קליין ביי זיך, ווארום דער סוף פון דעם מענשען איז ווערים (אבות, פרק
ב׳, משנה א׳. בן סירא, קאפ. ז׳, פערז י״ח). א בעל תשובה טאר מען
זיינע פריהערדיגע מעשים ניט אויפווארפען (בבא מציעא נ״ח. ספרא:
קדושים, פרק ח׳. בן סירא, קאפ. ח׳, פערז ו׳). און נאך פיעלע אזוינע.
מיר זעהען דערפון, אז בן סירא׳ס מיינונגען זיינען דיזעלביגע, וואס הא־
בען אין זיין צייט געהערשט צווישען די פרושים אין ארץ ישראל. ווער
עס איז געוועהנט צו אורטיילען לאגיש, יענער וועט דערפון אפלערנען אט
וואס: פיעלע פון די מאמרים, וואס ווערען אין תלמוד און אין די מדרשים
געבראכט אין דעם נאמען פון דעם אדער יענעם געלערנטען און אויפ׳ן

ערסטענס קוק זעהט עס אויס, אז יענער זאגט דא ארויס זיינעם אן אייגע־נעם געדאנק, א שפּאָגעל־נייעם, וואס איז איהם ערסט אַרויף אויף׳ן זי־נען. פיעלע אזעלכע מאמרים זיינען אין דער אמת׳ען גאַנץ אַלטע : מיט וויפיעל דורות פריהער האבען זיך נאך די עלטערזיידעס מיט זיי ארומגע־טראַגען, מעהר ניט, די נאכקומענדיגע, די געלערנטע פון די שפּעטער־דיגע דורות, האבען אויפגעקליבען דיזאזיגע ווערטלאך און האבען זיי איינגעהיט, זיי זאלען בלייבען אין די מענשענס זכרון צום נוצען פון די קומענדיגע דורות.

די ספרים : „חשמונאים א,"
„טוביה", „ברוך", „חכמת שלמה"
און „חשמונאים ב."

אחוץ דעם ספר בן סירא, זיינען צווישען די אפּאקריפישע שריפטען, אדער „ספרים חיצונים", פאראן נאך עטליכע ווערק, וואס זיינען פער־פאסט געווארען אין ארץ ישראל אין העברעאישער אדער ארמ׳ישער שפראך. איינס פון זיי איז דער ספר חשמונאים א׳. נאך דער פארם פון זיין שפראך איז קענטיג, אז ער איז געשריבען געווארען אויף העברעאיש. זיין פערפאסער איז געוועזן פון די פרושים. יוסיפון האט שוין דאס ווערק געהאט פאר זיינע אויגען. דער ספר טוביה איז אויך פערפאסט געווארען אין ארץ ישראל און איז געשריבען געווארען אויף העברעאיש. דאס, וואס דער פערפאסער האט גלייך מיט די פרושים געגלויבט אין יענער וועלט (קאפּ. ב׳, פערז י"ח), אין מלאכים און אין בייזע גייסטער, בעווייזט, אז ער איז געוועזן פון די פרושים. ער גיט אויך אנצוהערענים אויף אייניגע געזעצען פון דער תורה שבעל פה (קאפּ. ו׳ פערז כ"ד ; ז׳ פערז י"ט ; י׳, פערז ט"ז). הלל׳ס אפאריזם : „וואס דו ווילסט ניט ליידען, אז מען זאל דיר טאן, זאלסטו דעם אנדערען ניט טאן" ווערט ביי איהם איבערגע׳חזר׳ט ווארט אין ווארט (קאפּ. ד׳, פערז ט"ז). דער ספר ברוך איז אויך געשריבען אויף העברעאיש, און פון אנהויב ביז׳ן סוף איז ער דורכגעדרונגען מיט דעם גייסט פון די פרושים. מיר קענען ניט זאגען בעשטימט, ווען דאס ווערק איז פער־פאסט געווארען. אבער איין זאך איז קלאר : דער פערפאסער האט געזע־הען דעם ספר דניאל, ווארום פונדאנען האט ער גענומען יענעם טייל פון זיין תפלה, וואס איז ענליך צו דניאל׳ס תפלה, ווערליג ווי זי ווערט גע־

בראכט אין דעם ספר דניאל (קאפ. ט'). ווער עס לעזט אויפמערקזאם אין דעם ספר ברוך די תפלה, יענער מוז זיך איבערצייגען, אז די תפלה איז אהערצו אריבערגעטראגען געווארען פון דעם ספר דניאל און ניט פארקעהרט (א). אויך פון דעם ספר נחמיה האט ער אריבערגעטראגען איינינע זאכען. דער ספר חכמת שלמה. ביי איינינע אידישע געלערנטע ווערט ער אנגערופען „די גרויסע ווייזהייט פון דעם קיניג שלמה". זיי האבען גערעכענט, אז דאס ווערק שטאמט פון שלמה המלך; עס איז ביי זיי געווען אנגענומען, אז דער אריגינאל איז געווען געשריבען אויף העברעאיש, און שלמה איז געווען דער פערפאסער (רמ"בן אין דער פארערדע צו זיין פירוש אויף דער תורה. מאור עינים, קאפ. נ"ז). אויך איינינע פון די ניט־אידישע געלערנטע האבען דעם ספר געהאלטען פאר שלמה'ס א ווערק. אבער אין אונזער צייט און נאך מיט א דור פריהער פאר אונז זיינען אלע קריטיקער געקומען צום שלוס, אז דער אריגינאל פון דעם ווערק איז געווען געשריבען אויף גריכיש, ווייל עס געפינען זיך אין איהם דייטליכע אפשפיגלונגען פון דער גריכישער פילאזאפיע. יעדענפאלס זיינען אלע מודה, אז דער ספר חכמת שלמה שיידט זיך אפ פון די איבעריגע פילאזאפיש־רעליגיעזע ווערק, וואס אלעק־סאנדרי'ער אידען האבען פערפאסט. ביי יענע איז די בייזאך געווארען די הויפטזאך. ניט אזוי ביים פערפאסער פון „חכמת שלמה": ביי איהם איז די גריכישע פילאזאפיע געווען ניט דער עיקר. זי איז פאר איהם געווען נאר ווי א מין בעפוצונג פון בלומען און קווייטען אויף איינצופאסען אין דעם די אידישע וויסענשאפט. ווען ער בענוצט זיך מיט געוויסע אויסדרוקען, וואס זיינען גענומען געווארען פון די גריכישע פילאזאפישע שריפטען, טוט ער דאס נאר, צופאסענדיג זיך צום געשמאק פון די גריכישע לעזער. זיי זאלען פיהלען מעהר טעם אין די רייד, און מיר ווייסען דאך שוין פון לאנג אז, אז די געלערנטע פון ארץ ישראל האבען זיך ניט געשייט איבערצונעהמען וויפיעל זאכען פון דער גריכישער פילאזאפיע, בענוצענ־דיג זיי ווי א מין געווירץ־צוגאב צו דער תורה. דער פערפאסער פון „חכמת שלמה" האט זיך דעריבער אויך ניט געשייט אויסצונוצען די גרי־כישע אידעען דא, וואו זיי שטימען מיט די גרונדזאצען פון דער תורה. דעריבער, ווען מיר טרעפען אז אין דעם בוך גריכיש קלינגענדע פראזען אדער געדאנקען און אריגינעלע אויסדרוקען, וועלכע בעגעגענען זיך אפט אין די גריכישע ווערק, איז דאס נאך גאר קיין בעוויז ניט, אז דער פער־פאסער איז געשטאנען אויף דעם שטאנדפונקט פון די אלעקסאנדרי'ער אידען; ווארום אויך די ארץ־ישראל'ער אידען האבען אנערקענט און אנ־

גענומען פיעלע געדאנקען און גרונדזאצען פון דער גריכישער פילאזאפיע. ווען איינער זאגט, אז ווייל דער פערפאסער דריקט אויס בילדליך אב־סטראקטע בעגריפען (3), איז פונדאנען געדרונגען, אז ער איז געווען אן אנהענגער פון די גריכישע אידעען און פון דער אלעקסאנדרי׳ער אידישער פילאזאפיע, האט ער דא א צווייענדיגען טעות. ערסטענס, איז ניט ריכטיג, אז דאס אויסדריקען בילדליך אבסטראקטע בעגריפען ליגט נאר אין דער נאטור פון די גריכען: עהנליכע אויסדרוקען בעגעגענען מיר אפטמאל אין אונזערע הייליגע שריפטען, מעהרסטענס אין די, וואס זיינען פערפאסט געווארען אין דער צייט פון גלות בבל און באלד נאך זייער אומקעהרען זיך פון דארטען. פאר יעדערען פון אונז איז דאס גע־ווים אן איבעראשונג, ווען מיר הערען מיט אמאל, אז צ. ב. אזא אויס־דרוק, ווי „אייביגע ליכטיגקייט", האט ניט געקאנט זיין אין געברויך ביי די אידען (לאנגען איז זיין ווערק וועגען די אידען אין ארץ־ישראל בעת דער גרינדונג פון קריסטענטום)! מיר זעהען דאך, אז דער אויס־דרוק איז יע געווען אין געברויך ביי די נביאים. דעריבער, ווען דער שרייבער פון „חכמת שלמה", שילדערנדיג די וויזהייט, דריקט זיך אויס (קאפ. 7, פערז 26), אז זי איז אן אפגלאנץ פון דער אייביגער ליכטיג־קייט, א ריינע אפשפיגלונג פון גאטס ווירקונג, און אפבילד פון זיין גוטס־קייט, דארפען מיר דערפון ניט שליסען (ווי לאנגען וויל האבען), אז דער שרייבער איז געגאנגען אין דער ריכטונג פון די אלעקסאנדרי׳ער אידען; ווארום אין דערזעלביגער ריכטונג זיינען געגאנגען אויך די אידישע שריי־בער פון ארץ־ישראל. געפינען מיר דאך עהנליכע אויסדרוקען אין דעם ספר בן סירא, צ. ב.: ד א ס א ו י ג פון זיין וויזהייט האט גאט אין דעם מענשענס הארץ ארייגעזעצט (קאפ. י"ז, פערז ז'). ווי לייבען־ציין זיינען ד י צ י י ן פון דער זינד (קאפ. כ"א, פערז ג'). די גאטס־פארכטיגקייט איז ד י פ ר ו כ ט פון דער וויזהייט (קאפ. כ"א, פערז י"ב). די נאכטטרוימען זיינען אירבילדער, פונקט ווי די אפשפיגלונג פון א געזיכט אין וואסער (קאפ. ל"ד, פערז ד'). מיר זעהען אלזא, אז דאס אויסדריקען בילדליך אבסטראקטע בעגריפען איז ביי די אידען פון ארץ ישראל גאר ניט קיין נייס. צווייטענס, איז דא אין אלע אופנים דער שלום ניט קיין ריכטיגער. ווארום אפילו ווען מיר זאלען שוין מודה זיין, אז די פראזעאלאגיע, מיט וועלכער דער פערפאסער בענוצט זיך, איז אין גאנצען א גריכישע, — איז דאך דאס אייגענטליך א נאטירליכע זאך, וויבאלד דאס ווערק איז געשריבען אויף גריכיש, און דעריבער איז דערפון נאך קיין ראיה ניט, אז דעם פערפאסערס אנשויאונגען זיינען

געוועז אנדערס, איידער די אנשויאונגעז פון די ארץ ישראל׳ער אידעז. ווער עס איז גוט בעקאנט מיט די ווערק פון אונזערע געלערנטע, יענער וויס, אז אינדירעקט זיינעז זיינע אנשויאונגעז מעהר אדער װעניגער אויסגעדריקט אין די ווערק פון די ארץ ישראל׳ער געלערנטע; מעהר ניט, ווייל דער פערפאסער פון „חכמת שלמה" האט איינגעשלאסעז זיינע אידעעז אין די ראהמעז פון דער גריכישער פראזעאלאגיע. זיינעז דורך דעם די אידעעז גופא פארפרעמדט געווארען און פיעלע האבען זיי אנגע־נומען פאר גריכישע אידעעז. אין דער אמת׳ען טאקי (לאנגען אין דעם פריהער דערמאהנטען ווערק) איז דאס ווערק „חכמת שלמה" א מיש־געבורט, וואס איז ארויסגעקומען פון א פארבינדונג צווישען דער אידישער וועלט־אנשויאונג און דער גריכישער פילאזאפיע. די אידישע וועלט־אנשויאונג האט דעם ספר געגעבען דעם סקעלעט און די מוסקלען, די גריכישע פילאזאפיע האט איהם געגעבען די אויסערליכע פארם און גע־שטאלט. דעריבער קענען מיר דעם ספר „חכמת שלמה" בעטראכטען, ווי אן אנדענקונגס־בוך, וואס גיט אונז א בילד פון יענע אידעעז, וועלכע האבען געהערשט צווישען די אידען אין ארץ ישראל אין דער צייט פון דעם בית המקדש. אזא בעדייטונג האט פאר אונז אויך דער ספר ח ש מ ו נ א י ם ב׳, וואס כאטש אפילו ער איז פערפאסט געווארען און איז ערשינען אין אלעקסאנדריא, פונדעסטוועגען שפיגעלט ער אין זיך אפ דעם אמת׳ען אידישען גייסט. דאס ווערק איז אן אפקירצונג פון א גרעסערען היסטארישען ווערק אין פינף ביכער, וואס איינער יהושע פון קירען האט אנגעשריבען וועגען די מלחמות פון די חשמונאים.

די ספרים: „עזרא ד׳",
„חנוך", „ספר היובלים" און
אנדערע.

מיר ווען נים איבערגעהן צו דעם וייטערדיגען פונקט, וואו מיר האבען ניט געזאגט א פאר ווערטער וועגען נאך עטליכע ווערק, וואס זיינען אין יענער פריהענדיגער עפאכע ביי די אידען פון ארץ ישראל ערשינען. דאס זיינען ספר עזרא ד׳, ספר חנוך און ספר היובלים. אלע דריי ענט־האלטען אין זיך אידעען און גלויבונגען, וואס זיינען אויסגעוואקסען אויפ׳ן אידישען באדען, כאטש אפילו זיי ווערען אין אלגעמיין גערעכענט פאר עקזאטישע פלאנצונגען, וואס זיינען פון אנדערסוואו אהינצו פאר־

טראָגען געוואָרען. דער ספר עזרא ד', ווי ווייט מען קאָן פאַרשטעהן פון זיין גייסט, איז דאָס ווערק פון אַן ארץ־ישראל'ער אידען. צי דער אָריגינאַל איז געשריבען געוואָרען אויף העברעאיש אָדער אויף גריכיש, וועגען דעם זיינען ביי די פאַרשער ניט אַלעמענס מיינונגען גלייך. פאַר אונז איז עס אַלץ איינס, אין וועלכער שפּראַך דער ספר איז לכתחלה געשריבען געוואָרען. דורך פיעלע פרעמדע הענט איז דער טעקסט זיינער פאַר דער צייט דורכגעגאַנגען, און עס זיינען אין איהם געמאַכט געוואָרען פאַרשיידענע פעלשונגען אין די אינטערעסען פון קריסטענטום. דער ספר ענטהאַלט אין זיך גייסטערזעהונגען און נבואות, וואָס ווערען אָנגעהאַנגען אַן עזרא'ן. דער אינהאַלט פון די נבואות איז: דאָס שיקזאַל פון דעם אידישען פאָלק, די געטליכע שליחות, צו וועלכער די אידען זיינען בע־שטימט געוואָרען; משיח'ס קיניגרייך; די ווידער־אויפלעבונגס־וועלט; דער לעצטער יום הדין; דער אונטערגאַנג פון דער רוימישער אימפּעריע. די אַלע ענינים ווערען בעהאַנדעלט אין דער פאָרם פון אַ געשפּרעך צווישען עזרא'ן און פאַרשיידענע מלאָכים. איין נבואה, וואָס ענטהאַלט אין זיך אַ משל מיט אַן ערקלערונג צו איהם, געהט אויף דער רוימישער אימפּעריע, וועלכע דאַרף קריגען די מפּלה דורך משיח'ן. דער משל ווייזט אויף צוועלף פאַרשיידענע מלכים, און ניט קוקענדיג אויף דער ערקלערונג, בלייבט דאָ נאָך אַ פאַרבאָרגענע רעטענים (4). פיעלע פון היינטיגע גע־לערנטע האָבען געפּרואווט לייזען די רעטענים, אָבער דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען. פון אַלעמענס אויספאָרשונגען איז קלאָר, אַז דער ספר איז פערפאַסט געוואָרען יעדענפאַלס ניט שפּעטער פון דעם חורבן (ב). געדאַנקען, וואָס בילדען דעם אינהאַלט פון מדרש אגדה, וואַרפען זיך דורך אין דעם גאַנצען ספר, און ער וועט אונז אין דעם פּרט צוניץ קומען.

דער ספר ח נ ו ך ענטהאַלט אין זיך גייסטערזעהונגען און נבואות, פּונקט ווי דער ספר עזרא ד'. נאָר דאָ, אין דעם ספר חנוך, ווערען די נבואות אָנגעהאַנגען אַן דעם צדיק חנוך (5). דער צוועק פון דעם ספר איז צו טרויסטען דאָס אידישע פאָלק אין דער שווערער צייט. נאָכ'ן אינ־האַלט נאָך, זיינען די נבואות דאָ עהנליך צו די נבואות פון דעם ספר עזרא. אין דעם ספר חנוך רעדט זיך אויך וועגען די געפאַלענע מלאָכים (6), אָדער די געטערזיהן, וואָס זיינען געקומען אין געשלעכטליכער בעצי־הונג מיט די מענשליכע טעכטער. אַט דידאָזיגע זינדיגע מלאָכים ווערען דאָ פאָרגעשטעלט, ווי די ערפינדער פון כשוף און פון פאַרשיידענע קינסט. דאָ רעדט זיך אויך וועגען בייזע גייסטער און שדים. די מלאָכים ברענגען חנוכ'ן צו פיהרען ביז אַן עק וועלט און דאָרטען ענטפּלעקען זיי איהם

סודות פון ביידע וועלטען: דער הימלישער וועלט און דער ערדישער. זיי ווייזען איהם א געטליכע שריפט, אויסגעקריצט אויף א טאוועל, וואו דאס שיקזאל פון דער מענשהייט ביז צום סוף פון די לעצטע דורות איז אנגע׳חתמ׳עט. אויף דעם סמך פון אלצדינג, וואס חנוך האט געזעהען בנבואה, אויף דעם סמך פון די ידיעות, וואס ער האט בעקומען פון גאט אליין און פון די מלאכים, דרינגט ער אריין ווייט אין דער צוקונפט און זאגט פאָרויס, וואס עס וועט מיט דער מענשהייט פאסירען ביז צו דעם לעצטען דור. די אלע צוקינפטיגע פאסירונגען ווערען געשיל־דערט אין משלים און אלעגארישע בילדער. די גאנצע געשיכטע פון דעם אידישען פאלק ערשיינט דא (קאפיטלען 85—90) פאר אונז איינגע־הילט אין דעם מאנטעל פון א משל. די מעהרסטע פון די קריטיקער האלטען, אז דאס גאנצע ווערק איז צוזאמענגעשטעלט פון פארשיידענע טיילען, וואס זיינען געשריבען געווארען אין פארשיידענע צייטען. אין דער נבואה וועגען די צעהן וואכען (קאפ. 93 און פערזען 17—12 פון קאפ. 91) ווערט די גאנצע צייט, זינט די וועלט שטעהט ביז׳ן לעצטען יום הדין, איינגעטיילט אין צעהן פעריאָדען, אדער, ווי ער רופט זיי אן, וואכען. אין די לעצטע צוויי וואכען ווערט געשילדערט משיח׳ס קיניג־רייך, די ווידער־אויפלעבונג און דער לעצטער יום הדין. די ערסטע זיבען וואכען שליסען אין זיך איין אלץ, וואס האט פאסירט מיט דעם אידישען פאלק ביז צו דעם פערפאסערס צייט (7), און דארטען זעהט זיך ניט אן עפעס אזוינס, וואס זאל געהן אויף דער רעגירונגס־צייט פון די חשמונאים און ווייטער. א סימן, אז דיזאזיגע נבואה געהערט צו די עלטערע טיילען פון דעם ווערק, ווארום אין די אינגערע טיילען, וואס זיינען שפעטער פערפאסט געווארען, געפינען מיר יע אנדייטונגען אויף פאסירונגען פון א ביסעל א שפעטערער צייט. דאס ווערק ענדיגט זיך מיט אלגעמיינע שטראפרייד און מוסר. אט דאס איז דער הויפט־אינהאלט פון דעם ספר. די קריטיקער ווייזען אן אין דעם ספר חנוך געוויסע סימנים אויף דעם, אז זיין פערפאסער האט געהערט צו דער סעקטע פון די אסיים. עס איז טאקי אמת, אז זיין געדאנקען־גאנג איז עהנליך צו דעם געדאנקען־גאנג פון די אסיים. דאס אריינלאזען זיך אין חקירות וועגען אלערליי געהיימניסען פון דער וועלט, וועגען די נעמען פון די מלאכים און זייערע ווירקונגען — דאס איז אלץ געווען די עובדא פון די אסיים, און עס איז שוין ארויסגעזאגט געווארען די השערה, אז די אסיים האבען געהאט בעזונדערע שריפטען פון דעמדאזיגען מין (יעלינעק: „בית המדרש“, דריטער באנד, צוויי און דרייסיגסטע זייט פון דער איינ־

לייטונג, אנמערקונג 4). אבער, די ספעציפישע סימנים, מיט וועלכע מען וויל אויפווייזן, אז דער פערפאסער פון דעם ספר חנוך איז געווען פון די אסיים, זיינען ניט גענוג איבערצייגענד. ווען מיר לעזען אין דעם ספר, אז חנוך פלעגט מערקירען צו מתפלל זיין גלייך מיט דעם זונען־אויפגאנג און ער פלעגט ליבען און דאנקען גאט דערפאר, וואס ער האט אפגעפעפנט די פענסטער פון הימעל און האט ארויסגעלאזען די זון פון איהר נאכט־וואוינונג, כדי זי זאל לייכטען אין הימעל און זי זאל דורכגעהן איהר וועג אין דער הויך (קאפ. 83, פערז 11), איז דערפון נאך קיין ראיה ניט, אז דער פערפאסער איז געווען פון די אסיים, ווארום די אסיים זיינען געווען ניט די איינציגע, וואס פלעגען זיך שטעלען דאווענען, איידער די זון איז אויפגעגאנגען: די ותיקין־לייט פון די פרושים האבען זיך אויך אזוי נוהג געווען. דער אינהאלט פון זיין אינדערפריהענדיגער תפלה איז אונגעפעהר דערזעלביגער, ווי דער אינהאלט פון די ברכות, וועלכע מיר זאגען אין דאווענען פאר קריאת שמע. מען ווייזט דא אז נאך א כאראקטעריסטישען שטריך פון די אסיים: ער לויבט דעם אסקעטיזם און זאגט צו א לוין דעם, וואר עס פייניגט זיין קערפער; דעמזעלביגען לוין זאגט ער צו יענע, וועמען די רשעים בעליידיגען; יענע, וועלכע ליעבען גאט און יאגען זיך ניט נאך גאלד און זילבער און נאך קיינע פארגעניגענס אין דער וועלט; יענע, וועלכע נעהמען אן פאר גוט אלע ליידען און שטעהען ביי אנטקעגען א נסיון (קאפ. 108). ער רעכענט דארטען אויס נאך עטליכע עהנליכע מעלות. אבער אננעהמען דאס אלץ פאר א כאראקטעריסטישען שטריך פון די אסיים (עוואלד) קאן נאר אזוינער, ווער עס איז מיט די פרושים און מיט זייערע זיטען בעקאנט דורך דעם נאר, וואס עס האבען וועגען זיי געשריבען זייערע געגנער און זייערע פאלשע בעשולדיגער. פאר אזוינעם זיינען די פרושים געווען מענשען, וואס האבען זיך געיאגט נאך הערשאפט, נאך כבוד און נאך פארגעניגענס; די אסיים זיינען פאר איהם די איינציגע, וואס זיינען געווען בעריהמט מיט זייער סטאאיציזם און מיט זייער בעשיידענקייט. דער אבער, ווער עס קען די פרושים פון זייערע אייגענע ווערק און פון זייערע לערנונגען, יענער וויים, אז די דאזיגע גוטע מדות זיינען דוקא די גרונד־לעהרע פון די פרושים, און ווען די אסיים האבען זיך מיט דעם אויסגעצייכענט,איז דאס ניט ווייל זיי האבען זיך אין דעם פרט אפגעשיידט פון די פרושים, נאר, פארקעהרט, ווייל זיי האבען אויך געשטאמט פון די פרושים און זיי האבען איבערגענומען זייערע זיטען. ווי מיר געפינען דאס אין זייערע ווערק, האבען די פרושים די אלע גוטע מדות בפירוש

געפריידיגט. זיי האבען געזאגט: ווען א מענש האט געליטען יסורים, ווערט ער דורך דעם אויסגעלייזט פון גיהנם (יבמות ק"ב). היינט ווער זיינען ביי זיי געווען פארעכענט פאר די, וואס ליעבען גאט מיט'ן גאנ־צען הארצען? אט די, וואס ווערען בעליידיגט און זיי בעליידיגען יענעם ניט; די, וואס הערען, ווי זייער נאמען ווערט געשענדעט, און זיי ענט־פערן ניט; די, וואס טוען אלצדינג פון ליעבשאפט צו גאט און נעהמען אן מיט פרייד זייערע ליידען (שבת פ"ח). אויף וועמען האבען זיי גע־זאגט: אז וואויל איז צו איהם אויף דער וועלט, און אז וואויל איז צו זיין נשמה אויף יענער וועלט? אויף דעם, ווער עס בענוגענט זיך מיט ווייניג; ווער עס עסט נאר ברויט מיט זאלץ און טרינקט וואסער מיט א מאס; ווער עס שלאפט אויף דער ערד, לעבט א געמאטערט לעבען און הארעוועט נאר אויף דער תורה (אבות, פרק ו'). איז דען די מאראל, וואס ווערט געפריידיגט אין דידאזיגע ווערטער, אין עצם ניט גענוי די־זעלביגע זאך, וואס שטעהט געשריבען אין דעם ספר חנוך? ווי דאס איז, עס איז פאר אונז קלאר, אז דער ספר חנוך ענטהאלט אין זיך אידעען, וואס זיינען געווען פארברייט צווישען די אידען אין דער צייט פון דעם בית המקדש, און דעריבער פארדינט ער אונזער אויפמערקזאמקייט. ווען מיר האלטען ביי דעמדאזיגען פונקט. אין דערזעלביגער מאס פארדינט אונזער אויפמערקזאמקייט דער ס פ ר ה י ו ב ל י ם , אדער, ווי ער ווערט אנדערש אנגערופען „דאס קליינע בראשית" (בראשית זוטא) (8). כאב'ן אינהאלט נאך טראגט ער דעם כאראקטער פון מדרש אגדה. עס געהען אריין אין איהם פיעלע אגדות פון די, וואס געפינען זיך אין אונ־זערע מדרשים (יעלינעק: „בית המדרש", דריטער באנד, איינלייטונג, צוועלפטע זייט און ווייטער). אייניגע ערטער אין דעם ס פ ר ה י ו ב ל י ם ווערען אונז פארשטענדליך דורך דעם ערסט, וואס ווערט געזאגט וועגען דעמזעלביגען ענין אין אונזערע מדרשים (בעער אין זיין ווערק וועגען דעם פערהעלטניס פון דעם ספר היובלים צו די מדרשים). ביי די מצוות פון דער תורה ערקלערט אונז דער ספר היובלים דעם גרונד, ווי דאס איז געווען דער שטייגער פון די בעלי אגדה. אין זיינע פירושים אויף דער תורה געהט ער אויף דעם געוועהנליכען דרשנ'ישען שניט. ווער איז געווען דער פערפאסער און ווי איז געווען זיין נאמען? דאס ווייסען מיר ניט. איין זאך איז קלאר: אז ער האט געלעבט אין ארץ ישראל און דארטען האט ער געשריבען זיין ווערק. ער איז געווען פון די בעלי אגדה; ווארום אין אלע צייטען זיינען געווען געלערנטע, וואס האבען זיך אינטערעסירט

נאָר מיט אגדה. זיינע סברות ברענגען איהם אַמאָל אין קאָנפליקט מיט דער הלכה, אָבער דאָס בעווייזט ניט, אַז ער האָט געהערט צו אַ סעקטע, וואָס איז פּרינציפּיעל געשטאַנען אין אַ וועלכער עס איז געגנערשאַפט צו די פּרושים. ווארום ביי די געוועהנליכע אגדה'איסטען, וואָס זיינען געווען פון די פּרושים, קומט עס אויך אַמאָל פאָר, אַז אין דעם זין פון אגדה ווערט אַ פּסוק גע'דרשנ'ט אַנדערש, איידער ער ווערט גע'דרשנ'ט אין דעם זין פון הלכה. אַט צ. ב. ערלויבט זיך איינער פון די בעלי אגדה, דורכפיהרענדיג אַ געוויסע אַנאַלאָגיע, אַרויסצוזאָגען אַזאַ מין גע־דאַנק: ווען איינער האָט געהאַט אַ געשלעכטליכען פערקעהר מיט אַ גויה, האָט ער דאָ פאַרדינט ניט איינע, נאָר עטליכע עבירות: ער האָט געזינדיגט אַנטקעגען דעם, וואָס מען טאָר ניט פאַרזעיען אויף אַ פעלד קיין געמישאַכץ פון פאַרשיידענע מינים; וואָס מען טאָר ניט אָנטאָן קיין בגד פון אַ געמישטען שטאָף (שעטנז), און וואָס מען טאָר ניט איינ־שפּאַנען אין איין אַקער אַז אָקס מיט אַז אייזעל (ילקוט: דברים, רמז תתק"לא). דאָס הויבט נאַטירליך ניט אָן צו שטימען מיט דער הלכה, און פונדעסטוועגען וועלען מיר געוויס ניט זאָגען צוליעב דעם, אַז דער, וואָס האָט אויסגעטראַכט אָט דעם דרש, האָט ניט געקאָנט זיין איינער פון די געלערנטע, וועלכע האָבען געהאַלטען פון דער הלכה. אויסערדעם איז דאָ נאָך וויכטיג אָט וואָס. ווען מיר געפינען אַ ווידערשפּרוך צווישען דעם ספר היובלים און אַ וועלכער עס איז פון די אונז בעקאַנטע הלכות, איז איידער מיר קענען דערפון שליסען וועגען דעם שרייבערס געג־נערשאַפט צו די גרינדער פון דער הלכה, די פּרושים, דאַרפען מיר דאָך פריי־הער ערסט וויסען, אַז די עצם הלכה, וועגען וועלכער עס האַנדעלט זיך, האָט שוין עקזיסטירט אין דער צייט, ווען דער ספר איז געשריבען געוואָרען. היינט ווער קאָן אונז געבען אַזאַ קריטעריום, מיר זאָלען קענען בעהויפּטען אַזוינס? אין דער אמת'ען איז די מעשה אַזוי: ניט מיר קענען שליסען פון די פונקטען, אין וועלכע ער איז איינשטימיג מיט די פּרושים, אַז ער איז געווען זייערער אַן איבערגעגעבענער אַנהענגער; ניט, פאַר־קעהרט, מיר קענען פון די פונקטען, וואו ער געהט זיך מיט זיי פאַנאַנדער, שליסען, אַז ער איז געווען זייערער אַ סיסטעמאַטישער געגנער (ג). ווייי־טער, זיינען מיר דאָ גאָר ניט אויסען צו געבען אַ געשיכטליכען איבער־בליק איבער דעם ספר היובלים. מיר ווילען נאָר אָנמערקען נאָך אַט וואָס. עס געפינט זיך ניט אין דעם ספר קיין זאַך, וואָס זאָל ווייזען, אַז דער פערפאַסער איז געווען אַן אַלעקסאַנדרי'ער (פראַנקעל'ס מיינונג) אָדער אַז ער איז געווען פון די דוסתאים, אַ געוויסע סעקטע

צווישען די אַלעקסאַנדרי׳ער כותים (בעער׳ס מיינונג). די שפּראַך פון דעם ספר, פון אָנהויב ביז׳ן סוף, בעווייזט, אַז ער איז געווען געשריבען אויף העברעאיש. עס פיהלט זיך אין איהם דערזעלביגער גייסט, ווי אין די ירושלים׳ער אגדות בכלל. ווי אַלע פון זיינע לאַנדסלייט, שטעלט ער זיך איין פאַר דער הייליגקייט פון דער שטאָדט ירושלים. ער רעדט וועגען דעם בית המקדש, וואָס דאַרף שטעהן אויפ׳ן באַרג ציון (קאַפּ. 1, פּערזען 28 און 29). דאָס, וואָס ער זאָגט וועגען די מצוות, שטימט מעהרסטענס מיט די מיינונגען פון די פּרושים. ער הייסט אָפּהיטען די מצוות אויפ׳ן האָר, און דאָס בעווייזט, אַז ער איז ניט געווען קיין אַלעקסאַנדרי׳ער און ניט קיין כותי. אמת, מען זעהט עס בעשיינפּערליך, אַז דער פערפאַסער איז דירעקט אויסען געווען צו קריטיקירען די פּרושים פאַר זייער איינפיהר צו רעכענען די חדשים פון דעם טאָג, ווען מען האָט פאַקטיש געזעהען דעם מולד, און מאַכען פון צייט צו צייט אַן עיבור־יאָהר. מיט שאַרפע ווערטער פּראָטעסטירט ער געגען די עיבור־מאַכערס, אויף וועלכע ער זאָגט, אַז זיי פאַרפּלאָנטערן נאָך די צייט־רעכענונג, זיי פאַרדאַרבען די חדשים, די שבתים (9) און די ימים טובים (קאַפּיטעל 6). אָבער דעם פּראָטעסט זיינעם דריקט ער אויס ניט אויף אַזאַן אופן, ווי דאָס האָבען געטאָן די כותים און די בייתוסים. ביי יענע איז געווען אַ געווינס גלאַט אָפּצונאַרען די אידען. ער אָבער פּראָטעסטירט מיט אַ גאַנג: ער ווייזט אויף, אַז דאָס, וואָס זיי רעכענען די חדשים נאָך דער לבנה און אין איינשטימיגקייט מיט דעם פּראָקלאָמירען זיי ניט ראש חדש, וואו זיי האָבען ניט געזעהען דעם מולד, דאָס אַלץ איז אין עצם ניט ריכטיג, ווייל די יאָהרען דאַרפען גערעכענט ווערען נאָך דער זון. היינט ווער קאָן אונז געבען ערבות דערפאַר, אַז צווישען די פּרושים גופא האָבען זיך ניט געפונען איינצעלנע פּערזאָנען, וועמען עס איז ניט געווען געפעלען די מעשה, ווי אַזוי בית דין האָט זיך נוהג געווען אַנטקעגען מאַכען אַן עיבור־יאָהר און פּראָקלאָמירען ראש חדש? בפרט נאָך אַז מיר ווייסען פון בעריהמטע תנאים. וואָס האָבען אַמאָל וועגען דעם ענין געקווענקעלט: עס האָט זיי פאַרדראָסען, ווען בית דין האָט פּראָקלאָמירט ראש חדש, פאַרלאָזענדיג זיך אויף אַזאַ מין ערקלערונג פון די עדות, וועלכע האָט, נאָך זייער חשבון נאָך, ניט געקאָנט זיין ריכטיג (ראש השנה כ״ה). פון אַזאַ קריטיציזם ביז צום קריטיקירען דעם עצה ענין פון רעכענען נאָך דער לבנה איז דער וועג אַ גאַנץ קורצער. די אונטערסטע שורה איז: מיר קענען וועגען דעם פערפאַסער פון דעם ספר היובלים ניט אַרויסזאָגען קיין ענטשידענע מיינונג, אַז ער האָט מיט די פּרושים ניט

סימפאטיזירט, ווייל ער נעהמט ניט אן אמאל זייער אויסטייטשונג; פונקט ווי מיר קענען צ. ב. אויף יוסיפון'ען ניט זאגען אזוינס. יוסיפון זאגט אליין אויף זיך עדות, אז ער איז געווען פון די פרושים, און פונ־דעסטוועגען ווייכט ער אויך אמאל אפ פון זייערע אויסטייטשונגען. דאס איז געוויס: די אלגעמיינע רעליגיעזע פרינציפען, וואס ווערען אויס־געדריקט אין דעם ס פ ר ה י ו ב ל י ם , זיינען געגרינדעט אויף די אידעען און גלויבונגען, וואס האבען אין יענער צייט געלעבט אין בע־וואוסטזיין פון פאלק.

פון דעמזעלביגען טיפ, ווי דידאזיגע דריי ספרים, זיינען פאראן נאך איינינע „זייטיגע ביכער", וואס זיינען אין יענער צייט אין ארץ ישראל ערשינען. זיי זיינען אלע וויכטיג פאר דעם פארשער פון אלטער־טום, וואס וויל זיך בעקענען מיט די אידעען און גלויבונגען פון דעם אידישען פאלק אין יענער עפאכע.

רעפערעסיעס געגען
די „זייטיגע ביכער" און
איבערזעצונגען.

איינינע פון די „זייטיגע ביכער", סיי פון די, וועלכע מיר האבען דא דערמאהנט, סיי פון די ניט דערמאהנטע, ענטהאלטען אין זיך גע־דאנקען און שטימונגען, וואס זיינען א פראדוקט פון צוהיצטער פאנ־מאזיע און עקזאלטאציע. באטש אפילו די פערפאסערס זיינען געווען אידען, די ווערק זיינען געווען געשריבען אויף העברעאיש און זיי זיינען ערשינען אין ארץ ישראל, פונדעסטוועגען זיינען די געלערנטע פון זיי ניט געווען קאנטענט, און זיי האבען דעריבער געזוכט זייער פארברייי־טונג צו שטערען. עס איז צו בעדויערן, וואס זיי האבען אין דעם פרט ניט געמאכט קיין אונטערשייד צווישען גוטע און שלעכטע ווערק. אויף אלע איז אויסגעפאלען דערזעלביגער גורל: זיי האבען בעזייטיגט ווי די. אזוי יענע. נאך פון פארצייטען אן איז ביי זיי געווען אנגענומען, אז אחוץ די פיר און צוואנציג הייליגע שריפטען, האט מען קיינע אנדערע תורה־ווערק ניט געטארט שרייבען. מיט דער צייט איז ביי זיי דערדא־זיגער איסור אפגעשוואכט געווארען, און זיי האבען געשריבען פארשיי־דענע ספרים, ווי מיר האבען שוין ביזאהער געהאט די געלעגנהייט צו זעהען. אויך ארמ'ישע איבערזעצונגען פון די הייליגע שריפטען

האבען זיי פון לאנג אן געהאט( צונץ : „גאטעסדיענסטליכע פארטרעגע“, אנהויב קאפ. 5), און ביז די לעצטע פינף, און צוואנציג יאהר פאר'ן חורבן האבען זיך די געלערנטע פון דעם איסור געמאכט ניט וויסענדיג, ווארום ביז יענער צייט געפינען מיר ניט, אז זיי זאלען אנווענדען וועלכע עס איז אקטיווע שריט אויף צו פארווירקליכען און פארשטארקען דעם אלטען איסור. צי דער צייט פון ר' גמליאל הזקן איז די לאגע געווארען אנדערס. פון צייט צו צייט זיינען אויפגעטראטען צווישען זיי פאר־שיידענע עקזאלטירטע פערזאנען, וועלכע האבען זיך געבריהמט, אז אין זיי רעדט דער גייסט פון נבואה. און איינער נאך דעם אנדערען האבען זיי זיך ערקלערט פאר דעם משיח. אין דידאזיגע שווערע צייטען האט דער גרעסטער טייל פון דער בעפעלקערונג אין די משיחים געגלויבט, ווייל די מענשליכע נאטור איז שטענדיג געניינט צו גלויבען אין אזוינס, וואס עס ווילט זיך, און עס איז פארשפארט דאן צו פארשען און זוכען. אין יענער צייט איז ענטשטאנען די קריסטליכע סעקטע. איהרע פיהרער האבען געהאט פארשיידענע שריפטען, וואס זיינען אונז בעקאנט נאר אונטער דעם אלגעמיינעם נאמען „ספרי מינים“ (10). דידאזיגע שריפ־טען זיינען פאר דער לעהרע פון די פרושים געווען געפעהרליך. דעריבער האבען זיי זיך געזעהען געצוואונגען אנצוזאגען שטרענג, אז, א חוץ די פיר און צוואנציג ספרים, טאר מען קיין שום תורה־ווערק ניט שריי־בען. אין דערזעלביגער צייט האבען זיי געמוזט אנווענדען מיטלען אויך געגען יענע „זייטיגע ביכער“, וועלכע זיינען שוין געווען ערשינען : בע־זייטיגען זיי, אדער קאנפיסקירען זיי. ר' גמליאל הזקן איז געווען דער ערסטער, וואס האט געהאט דעם מוט אפצופרישען דעם אלטען איסור, און ער האט זיך אונטערגענומען אויסצוראמען פון לאנד די אונערלויבטע שריפטען, וואס האבען זיך געפונען ביי זיי. אמאל איז ער געשטאנען אויף אן עסטראדע, אויפ'ן טעמפעלבארג, און מען האט איהם געבראכט צו טראגען אן איבערזעצונג פון דעם ספר איוב. האט ער צוגערופען א בוי־ארבעטער און האט איהם געהייסען פארמויערן דאס צווישען די שטיינער פון וואנט (שבת קט"ו. סופרים, פרק ה'). פון דער מעשה דערוויסען מיר זיך, אז ר' גמליאל האט געהייסען אויפקלייבען אלע שריפטען, כדי צו קאנפיסקירען זיי. ווארום כאטש אפילו דא ווערט נאר דערצעהלט, אז מען האט איהם געבראכט צו טראגען אן איבערזעצונג פון דעם ספר איוב, פונדעסטוועגען איז זעלבסטפארשטענדליך, אז מען האט עס איהם געבראכט, ווייל ער האט געהייסען אויפקלייבען אלע שריפטען, כדי צו קאנפיסקירען זיי. אפשר אויף יענער צייט געהט אויך

אַט דאָס, וואָס ווערט דאָרטען ווייטער געזאָגט, אַז די „גליונים“ און די „ספרי מינים“ דאַרף מען לאָזען פאַרברענט ווערען; נאָך מעהר, די „ספרי מינים“ דאַרף מען פאַרברענען אין גאַנצען, ניט אויסשליסענדיג אפילו די טיילען, וואו עס איז געשריבען גאָטס נאָמען; בעהאַלטען זיי איז פאַר זיי וועניג, ווייל דאָס זייר־נען אַזעלכע שריפטען, וועלכע מאַכען אַן אַ שנאה און אַ בייז לעבען צווישען די אידען און זייער פאָטער אין הימעל (שבת קט"ז. ירושלמי: שבת, פרק ט"ז, הלכה ה'. תוספתא: שבת, פרק י"ג—י"ד) (11). איהר העכסטע שטופע האָט די גזירה אַנטקעגען שרייבען דער־גרייכט אויף דער בעוואוסטער פאַרזאַמלונג פון געלערנטע, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם הויז פון חנניה בן חזקיה בן גרון. דאָרטען איז דיסקוטירט געוואָרען די פראַגע וועגען שרייבען ביכער, און מיט גרויס מאַטערניפ האָבען זיי נאָר ערלויבט אָנצושרייבען מגילת תענית. זיי האָבען געוועסט געוואָלט קאָנפיסקירען דעם ספר יחזקאל, נאָר חנניה בן חזקיה האָט איהם ארויסגעראַטעוועט פון זייערע הענט (שבת י"ד). עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז מען האָט געהאַט בדעה צו קאָנפיסקירען אויך די ספרים: קהלת (שבת ל'), שיר השירים און משלי (אבות דרבי נתן, פרק א'). ווען עס ווערט געזאָגט וועגען די לעצטע צוויי ספרים, אַז נאָך ביי די אנשי כנסת הגדולה איז געווען אַ פראַגע, צי פאַרעפענטליכען זיי, איז דאָס ניט אַנדערס, אַז זיי האָבען דאָ פאַרביטען איין גרויסע פאַר־זאַמלונג מיט אַן אַנדערער. וועגען די ביידע ספרים איז טאַקי דיס־קוטירט געוואָרען אויף אַ גרויסער פאַרזאַמלונג. אָבער דאָס איז ניט געווען די בעוואוסטע כנסת הגדולה, נאָר די גרויסע פאַרזאַמלונג אין דער צייט פון חנניה. דאַמאָלסט איז אָנגענומען געוואָרען דער בעשלוס, אַז דער ספר בן סירא און אַלע ספרים, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען פון איהם אַן און ווייטער, מאַכען נ י ט אומריין די הענט (תוספתא: ידים, פרק ב') (12); וואָרום די עצם גזירה, אַז די ה י י ל י ג ע שריפטען מאַכען יע אומריין די הענט, איז אָנגענומען געוואָרען אַ צייט פריהער (גרעץ: „געשיכטע דער יודען“, באַנד 3, נאָטע 18). אַ פּאָר ערגענצונגען צו דער דאָזיגער גזירה זיינען יע אָנגענומען געוואָרען — ווי איינינע ווילען האָבען — אין דעמזעלביגען טאָג, דהיינו: ווען תרומה איז געקומען אין בעריהרונג מיט אַ הייליגען ספר, ווערט זי דורך דעם פסול; ווען איימיצער האָט אומריין געמאַכט זיינע הענט דורך דער בעריהרונג מיט אַ הייליגען ספר און דערנאָכדעם האָט ער זיך מיט דיזעל־ביגע הענט אָנגעריהרט אַן תרומה, ווערט זי דורך דעם אויך פסול (שבת

י"ד. חגיגה כ"ד). פון דעם אויסדרוק „דער ספר בן סירא און אלע ספרים, וואס זיינען געשריבען געווארען פ ו ן א י ה ם א ן א ו ן ו ו י י ט ע ר , מאכען ניט אומריין די הענט", פארשטעהען מיר, אז די ה י י ל י ג ע ספרים, וואס מאכען יע אומריין די הענט, זיינען, נאך זייער מיינונג נאך, אלע געשריבען געווארען פריהער פאר דעם ספר בן סירא( ד). ווי מיר האבען געזעהען, האבען זיי ניט נאר אויף די „זייטיגע ביכער" ארויפגעלעגט זייער האנט. אויך אויף די איבערזעצונגען האבען זיי געווארפען אן אויג מיט דעם מיין צו קאנפיסקירען זיי. פונקט ווי ר' גמליאל האט פארמויערט די איבערזעצונג פון דעם ספר איוב, אזוי האבען זיי אויך אנדערע איבערזעצונגען פון דעם עולם בעהאלטען. די צוויי ארמ'ישע איבערזעצונגען, וועלכע מיר האבען: די איבערזעצונג צו דער תורה, וואס געהט אויף אונקלוס'עס נאמען, און די איבערזעצונג צו די נביאים, וואס געהט אויף דעם נאמען פון יונתן בן עוזיאל, זיינען אהן שום ספקביידע געגרינדעט אויף עלטערע קוועלען (צונץ). די לעגענדע דערצעהלט, אז די איבערזעצונג צו דער תורה האט נאך משה אראפגעבראכט פון בארג סיני, נאר זי איז פארגעסען געווארען; איז געקומען אונקלוס און האט זי ווידער געשאפען. די איבערזעצונג צו די נביאים האט, נאך דערזעלביגער לעגענדע, יונתן איבערגענומען פון די נביאים: חגי, זכריה און מלאכי. פון דעם אלעם קענען מיר יעדענפאלס שליסען, אז די איבערזעצונגען קומען ארויס פון א גאנץ אלטער ווארצעל, און די אידעען, וואס זיי שפיגלען אין זיך אפ, שטעלען מיט זיך פאר די אנשויאונגען פון די פרושים אין דער עלטערער עפאכע. אין בעצוג צו דעם תרגום אונקלוס בערופען זיי זיך אויף דעם אווטאריטעט פון צוויי געלערנטע, ר' אליעזר און ר' יהושע, וואס זיינען געוועזען פון די בעריהמטע צווישען די פרושים. אויפ'ן תרגום יונתן האבען זיי געזאגט, אז סודות פון דער תורה זיינען ענטפלעקט געווארען דורך איהם. ווען מיר זאלען אפילו אננעהמען פאר ריכטיג די מיינונג, אז אין דער פארענדיגטער פארם, אין וועלכער מיר האבען זיי פאר אונזערע אויגען, זיינען די איבערזעצונגען צוזאמענגעשטעלט געווארען ערסט אין א שפעטערער עפאכע (אברהם גייגער), פונדעסטוועגען קאן מען ניט אפלייקענען, אז דאס, וואס האט פאר די צוזאמענשטעלער פון די איבערזעצונגען געדינט אלס גרונד־מאטעריאל, איז געוועזען געשריבען נאך פ א ר דער צייט פון ר' גמליאל הזקן, און ר' גמליאל האט דידאזיגע שריפטען קאנפיסקירט. עס דארף אונז ניט וואונדערן, וואס די שריפטען זיינען דאך געבליבען עקזיסטירען, כאטש אפילו זיי זיינען קאנפיסקירט געווארען;

פונקט ווי מיר וואונדערן זיך ניט אויף דעם, וואס דער ספר בן סירא און אנדערע אפאקריפישע שריפטען זיינען געבליבען עקזיסטירען, כאטש אפילו מען האט זיי געמאכט צו נישט און מען האט זיי בעזייטיגט. עס איז זעהר וואהרשיינליך, אז געצעהלטע קאפיעס פון די אלטע איבערזעצונגען זיינען פארבליבען אין די הענט פון פריוואטע פערזאנען און זיינען אויף אזאן אופן געראטעוועט געווארען פון פערניכטונג. אין א צייט ארום, אפשר טאקי אין דער צייט פון ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע, איז דער תרגום אונקלוס פארעפענטליכט געווארען. דער אווטאריטעט פון אזעלכע גרויסע געלערנטע, ווי ר׳ אליעזר און ר׳ יהושע, וואס זיי האבען דעם תרגום אונקלוס גענומען אונטער זייער שוץ, איז געוועזען גענוג, אז ער זאל בלייבען עקזיסטירען, כאטש אפילו ער איז געווען פון די קאנפיסקירטע ביכער. ווען די תלמוד׳ישע לעגענדע, אין איהר געוועהנליכער איבערטרייבונג, שטעלט אונז פאר, אז די גאנצע וועלט איז פון גרויס שרעק פארציטערט געווארען, בשעת דער תרגום יונתן איז פארעפענטליכט געווארען, אז עס האט זיך דערהערט א שטים פון הימעל, זאגענדיג „ווער האט זיך דאס דערוועגט צו ענטפלעקען מיינע פארבארגעניסען צו די מענשען?‟ און יונתן האט אויף דערויף געענטפערט, אז ער האט עס געטאן ניט פון זיין אייגענעם כבוד וועגען, נאר פון גאטס כבוד וועגען, כדי עס זאלען זיך ניט מעהרען קיין מחלקות ביי די אידען (מגילה ג׳), — איז דאס ניט געמיינט געווארען אין דעם זין, אז די עצם מעשה פון פארעפענטליכען דעם תרגום איז אזא שרעקליכע זאך, אז דער הימעל האט זיך צוליעב דעם אריינגעמישט. זיי האבען געמיינט דערמיט אויסצודריקען אט וואס: וויבאלד די פארצייטיגע געלערנטע האבען געפונען פאר נויטיג צו בעהאלטען פון דעם עולם דעם תרגום, איז ניט רעכט געווען צו פארעפענטליכען איהם.

דער וואָרצעל פון מדרש אגדה.
דער איינפלוס פון גריכישע
אידעען אויף די אלעקסאנדרי׳ער אידען
און זייער אפקלאנג אין ארץ ישראל.
די בעדייטונג פון דער דרשנ׳ישער
ליטעראטור.

מיר האבען דא אלזא געזעהען פאר אונזערע אויגען א גאנץ ברייטע ליטעראטור, וואס איז אין ארץ ישראל געשאפען געווארען. און דידאזיגע

ליטעראטור העלפט אונז צו פארשטעהן בעסער יענע צייט, אפשאצען ריכטיג די בעדייטונג פון מדרש אגדה אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה און בעגרייפען דעם צושטאנד, צו וועלכען די אידעען און גלויבונגען האבען ביי די אידען דערגרייכט ביז דער צייט פון דעם חורבן בית שני.

דער ווארצעל פון די אידעען און גלויבונגען, וואס זיינען אויסגע־דריקט געווארען אין דערדאזיגער ליטעראטור, ליגט אין די הייליגע שריפ־טען, וואס זיי זיינען אויך דער פונדאמענט פון יענע אידעען און גלויבונגען, וועלכע מיר בעגעגענען אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה. אבער, עס לאזט זיך ניט אפלייקענען, אז די ליטעראטור האט אין זיך איינגעזאפט אויך אידעען פון פרעמדע קוואלען, און מיט דער צייט זיינען די פרעמדע אידעען פון די אידישע אזוי אסימילירט געווארען, אז זיי האבען אויסגעזעהען אלע, פונקט ווי איין מאמע האט זיי געהאט. מיר מיינען בעזונדערס יענע אידעען, וועלכע די אלעקסאנדרי'ער אידען האבען איבערגענומען פון דער גריכישער פילאזאפיע. אין אלעקסאנדריא האבען זיך די אידען אפגעגעבען מיט דער גריכישער פילאזאפיע און זיי האבען מיט איהר הילף אויסגעטראכט א נייעם וועג, ווי אזוי אויסצוטייטשען די תורה. אין אלגעמיין קאן מען וועגען די אלעקסאנדרי'ער אידען זאגען אט וואס: אין רעליגיעזער הינזיכט זיינען זיי געבליבען טריי צו דער תורה, אבער אויפ'ן בארען פון וויסענשאפטליכער ערקענטנים זיינען זיי געווען שטארקע אנהענגער פון דער גריכישער פילאזאפיע.ביידע לעהרען האבען זיי געהאלטען פאר אבסאלוטע אמת'ען, און דעריבער, ווייל זיי האבען געוואלט אנהאלטעןביידע, האבען זיי געמוזט שאפען א האר־מאניע צווישען זיי. זיי האבען זיך גענעבען אן עצה, ווי אזוי אויסצו־טייטשען די תורה אין דעם גייסט פון דער גריכישער פילאזאפיע, און אויף אזאן אופן האבען זיי פאר דערדאזיגער פילאזאפיע געפונען א שטיצ־פונקט אין דער געטליכער אפענבארונג פון תורת משה. צוויי ריכטונגען האבען זיי זיך געשאפען אין דעם ענין פון אויסטייטשען די תורה: די אלעגארישע און די סימבאלישע ריכטונג. אויף דעמדאזיגען וועג האבען זיי אויסגעטייטשט יענע ווערטער פון דער תורה, וועלכע ענטהאל־טען אין זיך א מגושמ'דיגע פארשטעלונג וועגען דער געטליכער סובסטאנץ. נאך די בעגריפען, וואס האבען זיך ביי זיי אויסגעבילדט אונטער דעם איינפלוס פון דער גריכישער פילאזאפיע, האבען זיי זיך פארגעשטעלט די גאטהייט, ווי א ריין גייסטיגע סובסטאנץ, אויף וועלכער עס קענען ניט אנגעמאסטען ווערען יענע לייבליכע אייגענשאפטען, וואס ווערען אנ־געמאסטען אויף גאט אין דער ביבעל, אויב מען זאל די ווערטער בוכ־

שטאַבליך טייטשען. און זיי האָבען אויסגעטייטשט דידאַזיגע ווערטער אַלעגאָריש אָדער סימבאָליש. זיי האָבען אָבער אויך אַנדערע ענינים פון דער תורה אויסגעטייטשט אַלעגאָריש. נאָך אין דער צייט פון דעם קיניג פּטאָלעמיי פילאָמעטאָר האָט אַ אידישער פילאָזאָף מיט'ן נאָמען אַריסטאָבול אָנגעשריבען אַ טיפזיניגען קאָמענטאַר אויף דער תורה אין דעם גייסט פון די פילאָזאָפישע אידעען, וואָס האָבען אין זיין צייט אין מצרים געהערשט. ער האָט צוגעשטעלט זיין ווערק דעם קיניג, כדי צו בעווייזען איהם די הערליכקייט און די פערנינפטיגקייט פון דער תורה. ער האָט פאַרזיכערט דעם קיניג, אַז פּלאַטאָן נאָך האָט געוואוסט פון תורת משה, און זי, די תורה, האָט פּלאַטאָנ'ען ביי זיינע פילאָזאָפישע בעטראַכטונגען אָרויפגעפיהרט אויף אַ וועג; אַז נאָך פּ אַ ר אַלכסנדר'ס צייט זיינען פיעלע זאַכען פון דער תורה געוועזן איבערגעזעצט פאַר די גריכען. פאַרשטעהט זיך, די בעהויפּטונגען זיינע הויבען ניט אַן צו שטימען מיט דער ווירקליכקייט. אָבער פון דעם אַלעם איז אונז יעדענ־פאַלס קלאָר, אַז דער צוועק פון זיין קאָמענטאַר איז געווען צו ברענגען די תורה אין האַרמאָניע מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע, און דאָס האָט ער דערגרייכט אויף דעם וועג פון אַלעגאָרישער און סימבאָלישער אויס־טייטשונג. אייניגע פון די אַלעקסאַנדרי'ער אידען האָט דערדאָזיגער מע־טאָד אַראָפּגעפיהרט פון וועג: זיי האָבען אויפגעהערט צו אינטערעסירען זיך מיט דער פּראַקטישער זייט פון די מצוות, רעכענענדיג, אַז די ג ע ז ע צ ע ן פון דער תורה זיינען אויך נאָר סימבאָלס פון העכערע אידעען, און זייער פּראַקטישע אַנווענדונג איז ניט מעהר, ווי אַ בייזאַך. דעריבער האָט ביי זיי ניט אויסגעמאַכט, צי די געזעצען ווערען פּראַקטיש אָפּגעהיט אָדער ניט. די אויפגעקלערטע צווישען זיי האָבען די לייט געגעבען אומגערעכט אין דעם פּרט. זיי האָבען געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט פאַרנאַכלעסיגעןביידע צוועקען: מען דאַרף שטרעבען צו פאַר־שטעהן דעם פאַרבאָרגענעם זין פון דער תורה, נאָר אין דערזעלביגער צייט דאַרף מען נאָכ'ן אָפענעם זין פון די ווערטער אַנווענדען די געזעצען אין דער פּראַקטיק (פילאָן: „וועגען אַבּרהמ'ען", אָפּטיילונג 16). פילאָן גלייכט צו די רייד פון דער תורה צו אַ גוף, וועלכען מיר קענען דערהאַלטען ביים לעבען אויף פאַרשיידענע אופנים (אין דעמזעלביגען אָרט). די פאַר־שיידענע אופנים, אויף וועלכע מען קאָן אויסטייטשען די תורה, זיינען צוויי: אָדער נאָכ'ן פּשוט'ען זין פון די ווערטער, אָדער נאָך זייער פאַרבאָרגענעם מיין. די אַלעגאָרישע און סימבאָלישע בעדייטונג פון די ווערטער — אָט דאָס איז זייער פאַרבאָרגענער מיין. פאַר אַזאַ מין

אויסטייטשען די תורה האבען אויך די געלערנטע פון ארץ ישראל ניט גע־
האלטען דעם וועג פארשפארט, ווייל זיי אליין איז דאס ניט געווען גאנץ
פרעמד: פון שטענדיג אן האבען זיי דאך געגלויבט, אז אויף פארשיידענע
אופנים ווערט די תורה גע'דרשנ'ט, און אויך וועגען פארבארגעניסען פון
דער תורה איז ביי זיי שוין געווען א רייד. זייערע שמועסען וועגען די
הימלישע בעשעפעניסען (מעשה מרכבה) האבען געטראגען א געהיימען
כאראקטער. אויך ביי בן סירא'ן געפינען מיר אנצוהערענים אויף דעם,
אז אין די ווערטער פון דער תורה ליגט א פארבארגענער מיין (קאפ. ל"ט).
ער דערמאהנט אויך די הימלישע בעשעפעניסען (קאפ. מ"ט). דאס שטרע־
בען צו בעזייטיגען די מגושמ'דיגע פארשטעלונגען האט זיך שטענדיג
געפיהלט שטארק ביי די אידען, און דאס איז נאך גרעסער געווארען,
זינט זיי זיינען בעקאנט געווארען מיט די גריכען. די סעפטואגינטא
האט זיך שוין אזוינס אוועקגעשטעלט פאר א ציל, און דידאזיגע איבער־
זעצונג איז דאך געמאכט געווארען מיט דער צושטימונג פון די ארץ־
ישראל'ער געלערנטע. דיזעלביגע טענדענץ ווייזט זיך ארויס אין די
ארמ'ישע איבערזעצונגען, וואס זייערע אורקוועלען זיינען גאנץ אלטע, ווי
מיר האבען פריהער געזעהען. אבער, אויב מיר קענען ניט זאגען, אז פון
די אידען, וואס האבען זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דער גרי־
כישער פילאזאפיע, פון זיי נאר האבען זיך די ארץ־ישראל'ער אידען
אויסגעלערנט אויסצוטייטשען אלעגאריש און סימבאליש די תורה, אין
יעדענפאלס דאס קענען מיר זאגען, אז א גרעסערען אימפולס האט די־
דאזיגע טענדענץ ביי די אידען פון ארץ ישראל געקראגען, זינט זיי זיינען
בעקאנט געווארען מיט דעם אויסטייטשונגס־מעטאד פון די אלעקסאנ־
דרי'ער אידען. א וויכטיגע בעשטעטיגונג אויף דעם געפינען מיר אין
אבטליונ'ס רייד, וואו ער ווייזט אן, ווי שלעכט דאס רופט זיך אפ אויפ'ן
רעליגיעזען צושטאנד, ווען די געלערנטע ברענגען דערצו, אז זיי זאלען
פארטריבען ווערען אין א פרעמד לאנד; ווארום די תלמידים, וואס
קומען נאך זיי, טרינקען זיך דארטען אן מיט שלעכט וואסער (אבות,
פרק א'), ד. ה. זיי נעהמען זיך אן מיט שעדליכע אידעען. עס
איז קיין שום ספק ניט, אז ער האט דא געהאט אין זינען די פיעלע
געלערנטע, וואס זיינען געווען געצוואונגען צו אנטלויפען קין אלעקסאנ־
דריא, און דערווייל האבען זיי איבערגענומען די דארטיגע אידעען און
זיטען. ווי מיר זעהען דערפון, איז ארץ ישראל גאר ניט געווען אזוי
אפגעצאמט און ארומגעהאנגען מיט שלעסער, אז די אידעען פון די אלעק־
סאנדרי'ער אידען האבען אהינצו ניט געזאלט צוקומען. אפטמאל בע־

מערקען מיר אן איבערראשענדע גלייכקייט צווישען דעם אויסטייטשונגס־
מעטאד פון די אלעקסאנדריי'ער און די דרש'ען פון די ארץ־ישראל'ער
געלערנטע. ספעציעל אין פילאנ'ס ווערק געפינען זיך פיעלע פשט'לאך.
וואס זיינען געווען פאפולער אין ארץ ישראל (פראנקעל אין זיין ווערק
איבער „אלעקסאנדרישע הערמענעאטיק"). די אלעגארישע אויסלעגונג
איז געווען איינער פון די מעטאדס, מיט וועלכע די געלערנטע פון ארץ
ישראל פלעגען זיך בענוצען ביים אויסטייטשען די געזעצען פון דער
תורה (ה). בעזונדערס פלעגען זיי דעמדאזיגען מעטאד אנווענדען אויף
צו ערקלערען דעם עפישען טייל פון דער תורה, ווי אויך דעם אינהאלט
פון די נביאים און כתובים (ו). די ארץ־ישראל'ער געלערנטע זיינען
געוועהנט געווען אויך צו ערקלערען דעם גרונד פון די מצוות (ז), פונקט
ווי די אלעקסאנדריי'ער. יוסיפון אין זיינע „אלטערטימער" ווייזט אויך
אן מאטיווען, פאר וואס די תורה האט אזוי און אזוי געהייסען טאן.
און יוסיפון, נאך זיינע אייגענע רייד, איז געווען פון די פרושים. דא,
וואו ער הויבט אן ארומצורעדען די געזעצען און געבאטען פון דער אידי־
שער רעליגיאן („אידישע אלטערטימער", בוך 4, קאפ. 8, פאראגראף 4),
איז ער מוסר מודעה, אז ער וועט זיך האלטען שטרענג אן דעם, וואס
משה האט אונז איבערגעלאזען אין זיין תורה, ניט אפקעהרענדיג זיך אויף
א האר אן א זייט, כדי זיינע שטאמברידער, ווען זיי וועלען לעזען זיין
ווערק, זאלען צו איהם ניט קענען האבען קיין טענות, אז ער ווייכט וואו
עס איז אפ פון משה'ס געזעץ. וויבאלד אזוי, איז דאך קלאר, אז ער
וואלט זיך ניט אריינגעלאזען אין חקירות וועגען דעם, פאר וואס אייגענט־
ליך די תורה האט געהייסען דאס אדער יענס, ווען ער וואלט גערעכענט,
אז פאר אזא זאך וועלען די אידען אויף איהם פאריבעל האבען. ער
מאטיווירט די געזעצען, ווייל ער איז זיכער, אז קיינער וועט דערפאר
צו איהם גארנישט ניט האבען. א סימן, אז אלע געלערנטע פון ארץ
ישראל אין זיין צייט זיינען אין דעם פרט געגאנגען אין דערזעלביגער
ריכטונג. נאך א וויכטיגע עהנליכקייט געפינען מיר צווישען פילאנ'ס
ביבעלערקלערונגען און די דרש'ען פון די ארץ־ישראל'ער געלערנטע. דאס
איז די דיאלאגישע פארם. ווען פילאן גיט איבער די דערצעהלונגען פון
דער תורה, טראכט ער זיך אויס אויף'ן דיכטערישען שטייגער געשפרעכען
צווישען די העלדען פון די דערצעהלונגען, לעגט זיי אריין אין די מיילער
אזעלכע ווערטער, וואס, וועדליג ווי ער שטעלט זיך פאר, האבען די העלדען
פון דער דערצעהלונג אזוי געדארפט ריידען, כאטש אפילו אין דער ביבעל
איז אויף דעם ניטא קיין שום רמז. פונקט אזוי זיינען געוועהנט געווען

צו טאן די געלערנטע פון ארץ ישראל. מיר געפינען דאס אויך ביי יוסיפון'ען דא, וואו ער בעשרייבט די פאסירונגען מיט די אבות, מיט די שטאמפאטערס פון די שבטים און בעזונדערס מיט משה'ן. ער גיט אונז איבער די רעדעס, וואס משה האט געהאלטען: פאר פרעה'ן, ווען ער האט זיך צו איהם געמעלדעט; פאר דער געמיינדע, בעת זיי האבען זיך ארום איהם פארזאמעלט; ביים דורכריידען זיך מיט קרח'ס קאמפאניע; בעת דאס פאלק איז אנטקעגען איהם געווארען אויפגערעגט, און פאר זיין טויט. דער אינהאלט פון די אלע רעדעס איז אין גאנצען אן אויס־געטראכטער: אין חומש איז אויף דעם ניטא קיין שום רמז. פונקט אזוי איז געוועזען דער שטייגער פון די געלערנטע, די דרשנים פון דער תורה שבעל פה. זיי האבען דיכטעריש געשאפען געשפרעכען צווישען דעם רבונו של עולם און דעם פאלק ישראל, צווישען איהם און בעשטימטע פערזאנען, צווישען די מלאכים און מענשען, צווישען איין מענשען און דעם אנדערען, אלץ כדי אויסצודריקען זייער געדאנק אין א שענערער און א צוציהענדער פארם. אויף דעמדאזיגען וועג זיינען געשאפען גע־ווארען גאנצע ווערק, ווי דער ספר חנוך, עזרא ד', דער ספר היובלים און אנדערע, עהנליך צו זיי. ביי היינטיגען טאג קענען מיר ניט זאגען בעשטימט, ביי וועמען די דאזיגע ליטעראַרישע פארם איז געווען אריגי־נעל: מיר טרעפען זי אַן ביי די שרייבער פון אלע פארצייטיגע פעלקער, מיט מעהר פעסטקייט האבען זיך פאר'ן דיאלאג אנגעכאפט און געהאלטען די גריכישע שרייבער. זייערע תלמידים, די אידישע שרייבער פון אלעק־סאנדריא, האבען דאס איבערגעפלאנצט אויף א היילינען באדען, שריי־בענדיג אין דערדאזיגער פארם זייערע ווערק וועגען ענינים פון תורה. עס איז דעריבער זעהר וואהרשיינליך, אז די ליטעראַרישע זיטען פון די אלעקסאנדרי'ער האבען געווירקט אויף די ארץ־ישראל'ער געלערנטע און האבען בעאיינפלוסט די פארם פון זייער מדרש אגדה. די בעלעטרים־טישע פארם איז פון איין זייט געווען זעהר ניצליך: דאס איז געווען דער בעסטער וועג אויף צו פריידיגען מאראל. אין דער צוציהענדער פארם פון א דערצעהלונג דרינגט די מאראל אריין אין דעם לעזערס הארץ און לאזט איבער א טיפערען איינדרוק. פון דער אנדער זייט אבער איז פאר די קומענדיגע דורות דערפון ארויסגעקומען א שאדען. די לייט, וואס האבען זיך אין דעם ניט געקאנט אריענטירען, האבען די אלע דער־צעהלונגען אנגענומען פאר אמת'ע פאסירונגען, וואס זיינען געשעהען אין דער ווירקליכקייט. אויף אזא אופן זיינען פארשפרייט געווארען פאר־שיידענע לעגענדעס, וואס זיינען ניט געשטויגען, ניט געפלויגען. ווי

גרויס עס האט ניט געמעגט זיין דער איינפלוס פון די אלעקסאנדרי׳ער אידען אויף די ארץ־ישראל׳ער געלערנטע. איז דאך פונדעסטוועגען פאראן צווישען זיי א היבשער אונטערשייד אין דעם, ווי ווייט די און יענע זיינען געגאנגען אין דעם אויסטייטשען אלעגאריש און סימבאליש די תורה. די אלעקסאנדרי׳ער זיינען פון דער גריכישער פילאזאפיע פאר־פיהרט געווארען אויף א פאלשען וועג. יעטוועדע פילאזאפישע אידעע האבען זיי נאכגעזוכט אין די ווערטער פון דער ביבעל, שטרעבענדיג מיט גוואלד צו פאראייניגען זיי. דעריבער האבען זיי דעם קלארען זין פון די ווערטער אין דער ביבעל פארדרעהט. אין דער איינפאכסטער דערצעהע־לונג האבען זיי אויסגע׳פשט׳עלט עפעס א פארבארגענעם וואונק אויף א וועלכער עס איז אבסטראקטער אידעע. אפילו אין די נעמען פון די פערזאנען, וואס פיגורירען אין די ביבלישע דערצעהלונגען, האבען זיי אריינגעלעגט בעזונדערע כונות. אויף געוויסע פאסירונגען, וואס מיר גלויבען, אז זיי זיינען ווירקליך געשעהען, זאגען זיי, אז די גאנצע מעשה איז ניט מעהר, ווי א משל אדער א סימבאל, און זיי קליגען זיך אויסצו־טייטשען דאס אזוי, אז דא ליגט עפעס א טיפזיניגער פילאזאפישער גע־דאנק. דיזעלביגע מעשה האט געטאן אויך פילאן אין זיינע ביבעל־ערקלערונגען. ער ערקלערט (אין זיין ווערק „וועגען נח׳ס פלאנצונגען“, אפ־טיילונג 9), אז דער גן עדן דאס איז א משל אנטקעגען די גוטע מדות, וואס גאט האט פארפלאנצט אין דעם מענשענס נשמה, און דעם פארשטאנד, וואס מאכט דעם מענשען דערקענען זיין גייסט און פאלגען די גייסטיגע נייגונגען. ער זאגט אויך (אין זיין ווערק „וועגען דער שפראכען־צומי־שענים“, אפטיילונג 37), אז די מעשה מיט׳ן דור הפלגה — דאס איז א סימבאל פון די ווירקענדע קרעפטען, וועלכע רופען ארויס א צומישענים אין די געדאנקען און א מאראלישען נידערגאנג. אפילו אזוינע ביבלישע נעמען, ווי אברהם און שרה, ערקלערט ער (אין זיין ווערק „וועגען אברהמ׳ען“, אפטיילונגען 18 און 20) סימבאליש. אברהם איז ביי איהם דער סימבאל פון טיפען פארשטאנד, און שרה איז דער סימבאל פון גערעכטיגקייט, וואס זי איז די הערשענדע צווישען די גוטע מדות (13). די געלערנטע פון ארץ ישראל זיינען ניט פארקראכען אין אזעלכע ווייל־דערניסען. ווען זיי ווענדען אן אויף איימיצען, איז אן איבערגעלעגטען זין, א וועלכען עס איז פסוק פון דער ביבעל, לויבענדיג און ריהמענדיג די גוטע מעשים פון די צדיקים אדער, פארקעהרט, טאדלענדיג און שענ־דענדיג די שלעכטע מעשים פון די רשעים, איז דאס רוב פלעגען זיי דאס בענוצען נאר, ווי א שענע פראזע, און זיי האבען אליין ניט גע־

רעכענט, אַז דער פּסוק האָט עס מיט אַן אמת געמיינט. נאָר אפילו דאָ, וואו דער פּסוק ווערט ביי זיי ווירקליך אויסגעטייטשט אַלעגאָריש און זיי מיינען טאַקי ערנסט, אַז אַ בעשטימטער געדאַנק איז דאָ אויסגע־דריקט פאַרשטעלט, דערגעהט עס נאָך אַלץ ניט ביי זיי ביז צו דעם פּונקט פון אונפאַריינבאַרקייט צווישען דעם אָפענעם און פאַרבאָרגענעם זין. דער בעהאַלטענער זין אָדער דער סימבאָל, וואָס דאָס איז דער אינע־ווענינגסטער אינהאַלט פון דעם זאַץ, שליסט ביי זיי ניט אויס דעם פּשוט'ען זין, וואָס דאָס איז זיין אויסערליכע פאָרם. מיר געפינען ניט, זיי זאָלען אויף אַ מעשה, וואָס ווערט דערצעהלט אין דער תורה, זאָגען, אַז דאָס איז גאָר ניט געשעהען, דאָס איז מעהר ניט אַ משל. אויף דער מעשה מיט דעם בוים, וואָס משה האָט אַריינגעוואָרפען אין דעם ביטערען וואַסער און דאָס וואַסער איז זיס געוואָרען, זאָגען זיי אפילו יע, אַז דאָס איז ניט געווען קיין ווירקליכער בוים: דאָס איז נאָר אַ משל אַנטקעגען די ווערטער פון דער תורה. דאָ איז נאָך אַבער אַלץ ניטאָ יענער פּונקט פון אונפאַריינבאַרקייט, ווייל זיי האָבען עס זיך ניט פאַרגעשטעלט אויף אַזאַן אופן, אַז דער פּסוק רעדט וועגען אַ בוים (עץ) און מיינט עפּעס אַנדערס. זיי האָבען פּשוט אַזוי געטייטשט דאָס וואָרט „עץ“, אַז דאָס געהט ניט נאָר אויף אַ בוים, נאָר אויך אויף די ווערטער פון דער תורה. דרש'ען פון דעם טיפ, וואו די ווערטער ווערען אויסגעטייטשט אַלעגאָריש אָדער סימבאָליש, אָדער וואו עס ווערט ערקלערט דער גרונד, פאַר וואָס דאָס און דאָס ווערט געזאָגט אין דער תורה, געפינען זיך אין אַ גאַנץ גרויסער צאָהל, און דאָס בעווייזט, אַז די דאָזיגע מעטאָדע האָבען געהאַט פיעלע פאַרעהרער צווישען די געלערנטע. פאַר די דרשנים, וואָס זיינען געגאַנגען אויף דעמדאָזיגען שטיט, האָט מען נאָך אין גאָר דער עלטערער עפּאָכע אויסגעטראַכט בעזונדערע נעמען. די, וואָס פלעגען אויסטיי־טשען די ווערטער אַלעגאָריש אָדער סימבאָליש, האָט מען גערופען „שריפט־אויסלעגער“ — „דורשי רשומות“ (מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פּרשה א'). די, וואָס האָבען געזוכט צו ערקלערען, פאַר וואָס די תורה האָט געזאָגט דאָס און דאָס, האָט מען גערופען „דורשי חמורות“ (חולין קל"ד; פּסחים נ"ד, און אַנדערע ערטער). פאַר דעם עצם פּראָצעס פון דרשנ'ען אויף איינעם פון די ביידע אופנים די תורה האָבען זיי אויך געהאַט אַ ספּעציפישען אויסדרוק. ווען איינער האָט גע'דרשנ'ט אויפ'ן ערסטען אופן, פלעגט מען זאָגען „ער דרשנ'ט עס, ווי אַ משל“ (מכילתא: משפּטים, פּרשה ו'). ווען איינער האָט גע'דרשנ'ט אויפ'ן צווייטען

אופן, פלעגט מען זאגען „ער דרשנ׳ט „כמין חומר“ (קידושין כ״ב. סוטה ט״ו) (14).

נאכדעם ווי מיר האבען געקראגען א שטיקעל בעגריף וועגען דעם כאראקטער פון דער דרשנ׳ישער ליטעראטור, וואס איז אויסגעוואקסען אין ארץ ישראל, נאכדעם ווי מיר האבען געזעהען, וואס פאר א פערהעלט־ניס עס האט עקזיסטירט צווישען די אויסטייטשונגען פון די אלעקסאנ־דרי׳ער און די דרש׳ען פון די ארץ ישראל׳ער געלערנטע, די גרינדער פון דער תורה שבעל פה, ווי וויים די ערסטע האבען די לעצטע בעאיינ־פלוסט, — נאך דעם אלעם וועט אונז שוין נים שווער זיין, בעטראכ־טענדיג די איבערדערסטען פון יענער ליטעראטור אין צוזאמענהאנג מיט די אגדה׳איסטישע דרש׳ען איז די ווערק פון דער תורה שבעל פה, ארויס־צונעהמען פון זיי די הערשענדע אנשוויאונגען פון די אידען, זייערע גלויבענס־פרינציפען, די וויכטיגסטע פונקטען פון דער אידישער דאגמא־טיק, ווי דאס האט זיך ביי זיי אויסגעבילדט ביז דער צייט פון דעם חורבן.

---

# דריי און צוואנציגסטעס קאפיטעל.

## די אידעען און גלויבונגען פון די אידען.

קוועלען אויף צו שטודירען
די אידישע דאגמאטיק.

דער באזיס פון די אידעען און גלויבונגען, אויף וועלכע די אידישע רעליגיאן איז געבויט, — דאס איז די תורה און די איבעריגע הייליגע שריפטען. מיר האבען ניט פאר אונז קיין פאלשטענדיגע און סיסטע־מאטישע צוזאמענשטעלונג פון דידאזיגע אידעען, וואס זאל אונז ווייזען, ווי אזוי זיי זיינען פארשטאנען געווארען און ווי אזוי זיי האבען געלעבט אין דעם בעוואוסטזיין פון פאלק, זינט די אידען האבען זיך אומגעקעהרט פון גלות בבל ביז׳ן חורבן בית שני. אבער, פון אלץ, וואס איז פון דער אלטער דרשנ׳ישער ליטעראטור פארבליבען, סיי אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה, סיי אין אנדערע אידישע ווערק פון יענער צייט, קריגען מיר א קלארען בעגריף וועגען די אנשויאונגען פון די אידען — די פרושים. מיר ווערען בעקאנט מיט יענעם טייל פון זייערע גלויבונגען, וועלכער טראגט אויף זיך דעם שטעמפעל פון דער עלטערער עפאכע.

דער בעגריף פון דער
געטליכער סובסטאנץ.

די אייגענשאפטען פון דער געטליכער סובסטאנץ, ווי זי ווערט גע־שילדערט אין די הייליגע שריפטען, זיינען דאס רוב מענשענעהנליכע אדער קערפערליכע אייגענשאפטען. די תורה גופא גיט אונז אנצוהערע־נים אויף דעם, אז אזעלכע בילדליכע אויסדרוקען דארף מען אננעהמען ניט אין דער בוכשטאבליכער בעדייטונג. ווען אין איין ארט זאגט די

תורה: „איהר האט דאך ניט געזעהען קיין שום געשטאלט“. און אין אן אנדער ארט זאגט זי: „קיין מענש קאן מיך ניט זעהען, און ער זאל בלייבען לעבען“ אדער „צי דען איז די געטליכע האנט צו קורץ?“ — אין דאס פאר דעם פארשטענדיגען א גענוג איבערצייגענדער בעוויז, אז די געטליכע סובסטאנץ האט קיין געשטאלט ניט, און דער בעגריף „זעהען גאט“ אדער דער בילדליכער אויסדרוק „די געטליכע האנט“ דארף ערגעץ ניט פארשטאנען ווערען אין דעם בוכשטאבליכען זין. אמת, אין אור־אלטע צייטען פלעגען זיי זיך איבערהויפט ניט אריינלאזען אין חקירות וועגען אזעלכע איידעלע זאכען, ווי דער בעגריף פון דער געטליכער סובסטאנץ. זיי האבען גאר ניט פארקלערט אויף די אלע קאנסעקווענ־צען, וואס קומען ארויס פון דערפון, צי דער גלויביגער שטעלט זיך פאר די עקזיסטענץ פון גאט אויף אזא אופן אדער אויף אן אנדער אופן. אבער אז זיי זיינען געווארען מעהר אויפגעקלערט, בפרט נאך אז זיי זיינען בעקאנט געווארען מיט די אידעען פון פרעמדע געלערנטע, פון די פעלקער, צווישען וועלכע זיי האבען געלעבט, און זיי זיינען געוועהנט געווארען צו גריבלען זיך אין מעטאפיזישע פראגען, האט דאס זיי אונפאר־מיידליך געמוזט געבען א גרויסען שטויס אין דער ריכטונג צו העכערער רעליגיאנס־פילאזאפיע: עס האט זיי געטריבען אריינצולאזען זיך אין ספעקולאטיווע חקירות וועגען דער בעדייטונג פון די אלע אטריבוטען, וואס ווערען בייגעשריבען דער געטליכער סובסטאנץ אין דער ביבעל. אין דער סעפטואגינטא שוין לאזט זיך פיהלען די טענדענץ פון די אידישע געלערנטע אריינצולעגען א העכערען און איידעלערען בעגריף אין די מענשענעהנליכע אטריבוטען, וואס ווערען אנגעהאנגען אן גאט אין דער ביבעל. און די סעפטואגינטא — דאס איז אן איבערזעצונג, וואס איז געמאכט געווארען מיט דער צושטימונג פון די ארץ ישראל'ער געלערנטע, כאטש אפילו דאס איז ניט זייערס א ווערק. אין איינצע פון די „תיקוני סופרים“ ווייזט זיך אויך ארויס די טענדענץ צו בעזייטיגען די מגושם'דיגע פארשטעלונג, ווי עס איז שוין פריהער (זייט 168) ערקלערט געווארען. אריסטאבול, א אידישער געלערנטער פון אלעקסאנדריא, האט אמאל גע־זאגט צום קעניג פטאלעמיי פילאמעטאר: פונקט ווי אין דער פאלקס־שפראך ווערט בענוצט אפטמאל דאס ווארט „האנט“ אין דעם זין פון „קראפט“, אט אזוי דריקט זיך אוים אמאל אויך די תורה (איזיביוס: „פרעפאראציא עוואנגעליקא“, אכטער טייל, קאפ. 10). ער זאגט דא איבער כמעט ווארט אין ווארט א בעוואוסטען שפרוך, וואס איז ביי די ארץ ישראל'ער געלערנטע געווען זעהר אפט אין געברויך: די תורה

דריקט זיך אויס אין אַ מענשליכער שפּראַך (דברה תורה כלשון בני־אדם). אמת, ביי די ארץ ישראל׳ער געלערנטע געפינען מיר דעמדאָזיגען שפּרוך אנגעווענדט נאָר אין בעצוג צו אַ וואָרט, וואָס חזר׳ט זיך איבער נאָך אַמאָל אין דער תורה (1). דאָך אָבער בעווייזט אונז דאָס ביישפּיל פון אַריסטאָבול׳ס ערקלערונג, אַז זיי פלעגען דעמדאָזיגען שפּרוך אַנווענדען אויך אויף צו ערקלערען דעם ביבלישען אַנטראָפּאָמאָרפיזם. אין אַנדערע ווערטער געפינען מיר דעמזעלביגען געדאַנק אַנגעווענדט דייטליך אין בעצוג צום אַנטראָפּאָמאָרפיזם. ווען זיי זאָגען צ. ב.: מיר רופען איהם (גאָט) אַז אַזוי, כדי דאָס אויער צופרידען צו שטעלען; מיר פּאַסען זיך צו צו דעם, וואָס דאָס מענשליכע אויער קאָן פאַרנעהמען; מיר טראָגען איבער אויף גאָט די נעמען פון זיינע בעשעפעניסען (מכילתא: יתרו, מסכתא בחדש, פרשה ד׳). — איז קלאָר, אַז די געלערנטע פון ארץ ישראל זיינען דאָ אויסען צו בעזייטיגען די מגושם׳דיגע פאָרשטעלונג (ר׳ חיים אָפּענהיים אין א. ה. ווייס׳ס צייטשריפט „בית המדרש“ פון יאָהר 1865, זייט 95). אין פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס, אַזוי ווי די אַלעקסאַנדרי׳ער, האָבען זיך די ארץ־ישראל׳ער געלערנטע, ווי געזאָגט, ניט אַריינגעלאָזען. אין זייער נאַאיווען גלויבען האָבען זיי זיך בעגנוגענט מיט דעם נאָר, וואָס זיי פלעגען דרשנ׳ען די תורה, פאַרענטפערנדיג אַלצדינג מיט דער הילף פון די דרש׳ען. איין געדאַנק ווערט דורכגעפיהרט אין אַלע דרש׳ען פון די געלערנטע: אַז די געטליכע סובסטאַנץ איז עפּעס איינהייטליכס, אונקערפּערליכס, וואָס איז א י ב ע ר דעם מענשענס פאַרשטאַנד, און ווייל ער איז פאַר זיי געווען אַז אַבסטראַקט, פלעגען זיי בענוצען אַלס גאָטס ביינעמען אַזוינע אַבסטראַקטע בעגריפען ווי „מאַכט“ (גבורה) „אַנוועזענהייט“ (שכינה). צו די מענשען אָבער ענטפּלעקט זיך גאָט אין ד ע ם ערד, אויף ווי וויט זיי זיינען אימשטאַנד צו בעגרייפען איהם מיט זייער מענשליכער השגה. די ערשיינונג, וואָס די מענשען זעהען, איז ניט די עצם ווירקליכקייט. מעהר ניט, אויף אַ וואונדערליכען אופן מאַכט זיי דער אויבערסטער זעהען אַזוינס. היינט וויבאַלד זיי האָבען געגלויבט, אַז גאָט ענטפּלעקט זיך צו מענשען אונטער אַזאַ ערשיינונג, וועלכע יענע זיינען מיט זייערע מענשליכע חושים אימשטאַנד צו בעגרייפען, איז ביי זיי אויסגעקומען, אַז מען מעג שוין דעריבער אויך ריידען וועגען גאָט, ווי וועגען אַזאַ מין סובסטאַנץ, וואָס מען קאָן מיט די חושים בעגרייפען. אָט דער געדאַנק ציהט זיך דורך, ווי אַ געפלאָכטענע ליניע, דורך אַלע דרש׳ען פון די געלערנטע. אין זייער נאַאיווען גלויבען האָבען זיי געפונען פאַר דעמ־

דאזיגען געדאנק א שטיצפונקט אין דער תורה און אין די ווערק פון די נביאים. זיי האבען ערקלערט, אז ווייל עס שטעהט געשריבען אין דער תורה (שמות, קאפ. ט"ו) „אט ד א ס איז מיין גאט, און איך וועל איהם ריהמען" (ז ה אלי ואנוהו), בעווייזט עס, אז גאט האט זיך דאמאלסט אויף א וואונדערליכען אופן צו די אידען אנטפלעקט אין אזא ערשיינונג, וועלכע יעדערער האט געקאנט זעהען בחוש, אזוי אז אפילו א דינסטמיידעל, וואס איז געשטאנען ביים ים, האט די געטליכע ערשיי־נונג געזעהען בחוש און האט געקאנט אויף דעם אנטייטלען מיט'ן פינגער. אויף אזאן אופן איז זיי שוין ניט אנגעקומען שווער אויך צו ערקלערען דעם אויסדרוק „גאט איז א קריגסהעלד" (ה' איש מלחמה), וואס דאס איז א מגושמ'דיגע פארשטעלונג לגבי גאט, מיט וועמעס הערליכקייט הימעל און ערד זיינען פול. זיי האבען געגלויבט, אז ווייל גאט ברוך הוא האט ליעב דאס אידישע פאלק, ענטפלעקט ער זיך צו זיי אונטער פארשיידענע ער־שיינונגען: אמאל ווי א קריגסהעלד, כדי צו פארהערליכען זיין נאמען, אמאל ווי א גוטמוטיגער און בארמהערציגער זקן (מכילתא: בשלח, מסכתא שירה, פרשיות ג' און ד', און יתרו, מסכתא בחדש, פרשה ה'). נאך א גוט ווארט האבען זיי וועגען דעם ענין געזאגט: אויף וואס פאר אן אופן די שכינה ענטפלעקט זיך, דאס ווענדט זיך אן דעם, ווי די אידען פארדינען. טוען זיי ניט גאטס ווילען, דאן פערוואנדלען זיי זיין רעכטע האנט אין א לינקע; טוען זיי יע גאטס ווילען, דאן פערוואנדלען זיי זיין לינקע האנט אין א רעכטע. ער שלאפט ניט און ער מאכט ניט צו מיט אן אויג, בעת די אידען טוען זיין ווילען. פארקעהרט, ווען זיי טוען זיין ווילען ניט, דאן פאלט אויף איהם אן „כ ב י כ ו ל" (פונקט ווי דאס וואלט מעגליך געווען) א שלאף. דאס צוגעגעבענע ווארט „כביכול" בעווייזט דא, אז דער שלאף ווערט געמיינט ניט אין דעם ווירקליכען, נאר אין דעם איבערגעלעגטען אדער מעטאפארישען זין. דער מיין איז: די אויספיהרונג פון די אידען ברענגט צו דערצו, אז עס בעקומט זיך דער איינדרוק, אזוי ווי אין גאטס שטעלונג איז עפעס געענדערט געווא־רען. איינער פון די תנאים, וואס האט געלעבט אין דעם ערסטען יאהר־הונדערט נאכ'ן חורבן, האט געזאגט: אמאל איז דער גאנצער רוים פון דער וועלט קנאפ אויף צו ענטהאלטען אין זיך די גאטהייט, און אן אנדערס מאל רעדט גאט צו א מענשען פון צווישען די האר אויף זיין קאפ (בראשית רבה, פרשה ד'). אן אנדער תנא גיט אן ערקלערונג אויף דעם, פאר וואס עפעס איז אין דער תורה ווערט געזאגט אין גאטס נאמען „און איך וועל ד ע ר ז ע ה ע ן די בלוט־צייכענס"? דאס

מאכט דאך דעם איינדרוק, פונקט ווי גאט וואלט געווען עהנליך צו א מענשען, וואס ער וויים ניט, כל זמן ער זעהט ניט. נאך זיין ערקלערונג, איז דא דער מיין אט וואס: צוליעב דעם זכות פון דער מצוה, וואס די אידען וועלען דא פארדינען, וועט זיך דער אויבערסטער ענטפלעקען און וועט זיך דערבארימען איבער זיי (מכילתא: בא, פרשה ז׳). מען דארף ניט קיין קלערערעםביישפיל פון זייער שטרעבען צו בעזייטיגען דעם אנטראפאמארפיזם, ווי דאס, וואס זיי זאגען וועגען דעם נאמען „אייפער־זיכטיגער גאט" (אל קנא), וועלכען מיר טרעפען אן אין דער תורה: דאס מיינט ניט צו זאגען, אז די אייפערזוכט איז א געטליכע•אייגענשאפט; די אייפערזוכט האט איבער גאט ניט קיין שליטה, פארקעהרט, זי איז אונטערגעווארפען אונטער דער געטליכער מאכט (מכילתא: יתרו, מסכתא בחדש, פרשה ו׳). עהנליכע שטריכען געפינען מיר אהן א שיעור אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה. מיר זעהען אלזא, אז זיי האבען זיך פארגעשטעלט די געטליכע סובסטאנץ ניט אין א מענשענעהנליכער געשטאלט. ווען מיר זעהען אפילו, אז ריידענדיג וועגען גאט, בענוצען זיי אפטמאל אזעלכע אויסדרוקען, וועלכע ווייזען אויף מאטעריעלע אדער מענשליכע אייגענשאפטען, דארפען מיר דערפון אנטקעגען זייערע בעגריפען און גלויבונגען קיין שום ראיה ניט נעהמען; ווארום פון אייביג אן איז אזוי געווען און אזוי וועט עס אויך בלייבען אויף שטענדיג: די מענשען כאראקטעריזירען גאט מיט דיזעלביגע ווערטער, מיט וועלכע זיי זייגען געוועהנט צו בעצייכענען זייערע מענשליכע אייגענשאפטען. אבער כאטש אפילו זיי האבען שוין געהאט די פארשטעלונג וועגען דער גאטהייט, ווי וועגען א ריין גייסטיגער סובסטאנץ, פונדעסטוועגען האבען זיי זיך אין פילאזאפישע ספעקולאציעס וועגען דעם ניט אריינגעלאזען. זיי האבען ניט געשטודירט די פראגע אויף דעם סמך פון וועלכע עס איז וויסענשאפטליכע פארויסזעצונגען און אבסטראקטע חקירות. זייערע פארויסזעצונגען זיינען געגרינדעט נאר אויף די הייליגע שריפטען. אויס־טייטשענדיג דעם טעקסט פון די הייליגע שריפטען, האבען זיי דידאזיגע פראגע בעהאנדעלט, אי דאס נאר אין דער פארם פון קורצע אנדייטונגען.

*מעשה מרכבה.*

די שריפטען, וואו די פארקערפערליכונג דערגרייכט איהר העכסטע מדרגה, — דאס זיינען די הימלישע ערשיינונגען, וואס ווערען בעשריבען אין דעם ספר יחזקאל און וואס זיינען בעקאנט אונטער'ן נאמען „מעשה

מרכבה" (2). אויסטייטשען און ערקלערען דידאזיגע ערשיינונגען — דאס איז שטענדיג געווען אן אינטערעסאנטע טעמא פאר די געלערנטע. זיי פלעגען אבער ניט בעהאנדלען אזעלכע פראגען עפענטליך, פאר'ן המון, און אפילו ניט אין דעם ענגערען קרייז פון חברים און תלמידים. עס איז ביי זיי געוועזען א כלל, אז שטודירען „מעשה מרכבה" מעג נאר א געלערנטער, וואס איז אימשטאנד אליין צו פארשטעהן אזעלכע זאכען און ער דארף צו קיינעמס ערקלערונג ניט אנקומען (חגיגה י"א). זיי האבען געדעכענט, אז אפילו ווען דער עולם זאל אויסטייטשען די ווערטער בוכשטאבליך, ליגט יעדענפאלס אין אזא מין טעות א קלענערע געפאהר. איידער אין דער געדאנקען־צומישענים, וואס קאן נאך ארויסקומען, ווען מען זאל אזעלכע הויכע ענינים איבערלאזען צו מענשען מיט קורצע השגות. די פארקערפערליכונג איז געווען געפעהרליך אין ד ע ם פרט, וואס דאס האט נאך געקאנט פיהרען צו געצענדינסט. אבער דידאזיגע געפאהר איז שוין ביי זיי געווען אן אויסגעשטאנענע קראנקהייט, זינט זיי האבען זיך אומגעקעהרט פון גלות בבל: פון דאמאלסט אן איז דער אידישער גלויבען ביים פאלק געווען טיף איינגעווארצעלט. אין דער געט־ליכער איינהייט און אין דער אויסשליסליכקייט פון דער געטליכער השגחה זיינען זיי געווען פעסט איבערצייגט, אזוי אז פון ד ע ר זייט איז ניט געווען קיין געפאהר. פארקעהרט אבער, דאס ספעקולאטיווע פילאזאפירען האט זיי געקאנט דערפיהרען צו אזעלכע געדאנקען, וועלכע וואלטען יע געווען געפעהרליך פאר זייער גלויבען אין א זעלבסטשטענדיגער, פון דער וועלט אפגעזונדערטער, געטליכער סובסטאנץ: אויף דעם וועג פון ספע־קולאציע האבען זיי געקאנט דערגעהן צו די אידעען פון די גריכישע פילאזאפען און גלייבען, פונקט ווי פיעלע פון זיי, אז גאט און די וועלט זיינען איינס. פון זייערע דרש'ען וועגען „מעשה מרכבה" זיינען פאר־בליבען נאר ברעקלאך. זיי האבען זיי אנגערופען גאטס פארבארגעניסען אדער די פארבארגעניסען פון דער תורה (פסחים קי"ט). מיט דעמזעלבי־גען נאמען „גאטס פארבארגעניסען" האבען זיי אנגערופען אויך די ארמ'ישע איבערזעצונג פון יונתן בן עוזיאל (ז. פריהער, 22טעס קאפ.), און עס איז ניטא קיין אנדער גרונד, פאר וואס זיי האבען דעם תרגום אזוי געזאלט אנרופען, ווי נאר דאס, וואס ער ערקלערט די „מעשה מרכבה". וויבאלד אזוי, קענען מיר פון דעם תרגום יונתן נעהמען א ביישפיל אויף דעם, ווי אזוי זיי פלעגען אויסטייטשען די „מעשה מרכבה". און יונתן גיט אונז געגוג אנצוהערענים אויף דעם, אז דעם הימלישען רייטוואגען דארף מען זיך ניט פארשטעלען מאטעריעל, ווי א רעאלע ערשיינונג.

וואס דער נביא האט טאקי געזעהען בחוש. דאס איז א פראפעטישע ערשיינונג, וואס דער נביא האט געזעהען אין גייסט. אין דער ערשיינונג איז דער גלאנץ פון דער שכינה ענטפלעקט געווארען (תרגום אויף יחזקאל, קאפ. א׳, פסוק א׳). אז גאט וויל לאזען הערען דעם נביא די נבואה, קומט עס פאר, ווי א שטים פון הימעל (תרגום אויף פסוק כ״ה). די אלע בילדער, וואס מען האט איהם אין דעם שיין פון נבואה געוויזען, זיינען אין דעם מאמענט אזוי אויסגעמאלט געווארען און אזוי האבען זיי זיך איינגעקריצט אין זיין פארשטעלונג. ווען נאכ׳ן אריגינאל נאך האט דער נביא געזעהען מענשליכע הענט אונטער די פליגלען פון די חיות, א לייבענגעזיכט צו דער רעכטער זייט און אן אקסענגעזיכט צו דער לינקער זייט, שטעלט דא דער איבערזעצער אריין דאס ווארט „עביד" (עס איז געווארען). דאס איז מיט א מיין, צו ערקלערען, אז די בילדער זיינען פ ע ר ו ו א נ ד ע ל ט געווארען אין חיות, וואס איהם האט זיך געדוכט, אז ער זעהט זיי (תרגום אויף די פסוקים ח׳ און י׳). מיט דידאזיגע קורצע אנדייטונגען ציהט דער תרגום ארונטער פון דעם גאנצען ענין פון „מעשה מרכבה" זיין מאטעריעלע בעקליידונג. ער נעהמט אן, אז דא האנדעלט זיך וועגען הויך־גייסטליכע ענינים, וואס גאט האט אין דעם שיין פון דער נבואה דעם נביא ענטפלעקט אין פיהלבארע בילדער, מיט וועלכע דער מענש איז אין דער מאטעריעלער וועלט געוועהנט צו טרעפען זיך. בן סירא איז גערעכט, ווען ער זאגט (קאפ. מ״ט, פערז ט׳) וועגען די הימלישע ערשיינונגען, וואס יחזקאל האט געזעהען, אז דאס האט דא גאט אין דער געשטאלט פון א רייטוואגען איהם געוויזען זיין הערליכקייט. אויף אזאן אופן געהט דא דער עלעמענט פון פארקערפערליכונג פון דעם ענין פון „מעשה מרכבה" אין גאנצען ארונטער. וויפיעל זיי האבען אלעמען ניט געווארענט, אז מען זאל זיך ניט גריבלען אין „מעשה מרכבה", האבען זיך פונדעסטוועגען שטענדיג געפונען געלערנטע, וואס האבען זיך יע געגריבעלט אין דעם. אט אזוי האבען די בילדער אין דעם ספר יחזקאל דער איינבילדונגסקראפט געגעבען שטאף אויף צו בויען פארשיידענע לופטשלעסער. ווען נאך אלעמען זיינען נאר קנאפע שפורען פון דעם פארבליבען אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה, איז דאס מחמת דעם, ווייל די הלכה׳איסטען האבען אויף די זוכער פון געהיימניסען דאס רוב געקוקט מיט אומצופרידענהייט, און זיי, די הלכה׳איסטען, אליין האבען זיך מיט די געהיימניסען פון דער תורה ניט אפגעגעבען. די זוכער פון געהיימניסען, וואס האבען זיך געקוויקט מיט די פראדוקטען פון זייער צוהיצטער פאנטאזיע, זיינען אין יענער צייט געוועזען דערהויפט די

אסיים. זיי האָבען שוין דאמאָלסט געהאַט פאַרבאָרגענע שריפטען. זיי האָבען זיך אינטערעסירט שטאַרק מיט די מלאכים. זיי פלעגען טרעפען די צוקונפט און אויסלעגען חלומות (יוסיפון). זיי פלעגען זיך חקרנ'ען וועגען דער עקזיסטענץ פון גאָט און וועגען דער וועלט־בעשאַפונג (פילאָן). מען זעהט דאָ אַלזאָ, אַז די טעאָריע פון דער וועלט־בעשאַפונג און „מעשה מרכבה" — דאָס איז ביי זיי געווען דער הויפּט־אינהאַלט פון זייערע חקירות. אייניגע איבערגעבליבענע פּונקטען פון זייערע טעאָריעס זיינען אויפגענומען געוואָרען אין דעם ספר חנוך. שפּעטער, ווען די סעקטע פון די אסיים איז צופאַלען געוואָרען: אַ טייל פון איהרע מיטגלידער זיינען צוגעשטאַנען צו די קריסטען און די איבעריגע האָבען זיך אויסגעמישט צווישען די פרושים, פון וועמען די אסיים האָבען לכתחלה געשטאַמט. דאַן האָט אויך אַ טייל פון זייערע פאַרבאָרגענע לעהרען דערזעהען דעם ליכטיגען שיין, און אייניגע שפּורען פון זיי זיינען פאַרבליבען אין תלמוד (יעלינעק: „בית המדרש", דריטער באַנד, צוואַנציגסטע און איין און צוואַנציגסטע זייטען פון דער איינלייטונג). דאָס גריבלען זיך אין אַזעלכע איידעלע ענינים האָט געבראַכט פאַרקעהרטע רעזולטאַטען, איידער זיי האָבען פון זיי לכתחלה ערוואַרט. גאָר פון אָנהויב זיינען זיי נאָר אויסען געווען צו פאַרשטעהן דעם גייסטיגען אינהאַלט, וואָס ליגט אין די ביבלישע בילדער פאַרבאָרגען. אָנשטאָט דעם זיינען אין זייער אייגענער פאַנטאַזיע געשאַפען געוואָרען נייע בילדער אין די טויזענטער. עס זיינען אַרויסגעקומען אַזעלכע גלויבונגען, וועלכע עס איז שווער צו ברענגען אין האַרמאָניע מיט די אידעען פון דער תורה און פון די נביאים.

גאָטס נעמען.

גאָטס נאָמען, ווי ער ווערט געשריבען מיט די פיר אותיות: י ה ו ה, ווערט אָנגערופען „שם המפורש" (א.) דעמדאָזיגען נאָמען האָבען זיי אַזוי פאַרהייליגט, אַז זיי האָבען ניט געוואַגט אַרויסצורײדען איהם מיט די ליפּען אין אָריגינאַל. זינט נאָכ'ן טויט פון שמעון הצדיק פלעגען אפילו די כהנים ביים בענטשען דאָס פאָלק ניט אַרויסרײדען דעם שם המפורש (ז. פריהער, זייט 232). ווער עס רעדט אַרויס גאָטס נאָמען אין אָריגינאַל, פאַרלירט זיין חלק אויף יענער וועלט (סנהדרין צ'). נאָר צוליעב אַ בעזונדערם וויכטיגען צוועק פלעגען זיי דעם נאָמען אַרויסרײדען (עבודה זרה י"ח). אָט דעריבער, ווייל מען האָט ניט געטאָרט אַרויסרײדען גאָטס נאָמען אין אָריגינאַל, האָבען זיי איהם געגעבען פאַר־

שיידענע פאַרבייטונגס־נעמען. דער געוועהנליכער פאַרבייטונגס־נאָמען איז ביי זיי געווען „דער הייליגער" (הקדוש) און דערצו פלעגען זיי נאָך צוגעבען די ווערטער „געבענטשט איז ער" (ברוך הוא). דער טיטעל „הייליגער", ווי א ספּעציפישער ביינאָמען גאָטס, בעגעגענט זיך שוין אין דער ביבעל (איוב, קאַפּ. ו' און חבקוק, קאַפּ. ג'). דער שרייבער פון דעם ספר חנוך בענוצט זיך דאָס רוב מיט דעמדאָזיגען ביינאָמען. דער אַב־סטראַקטער נאָמען „שכינה" (אַנוועזענהייט) ווייזט אויף גאָטס נאָהענט־קייט צו אַלערליי ערטער, מענשען און פעלקער. ד. ה. אין זיין אייגענ־שאַפט ווי אַזעלכער, וואָס גיט אַכטונג אויף וואָס עס איז, וואָס בעשיצט עס אָדער בעאַיינפלוסט עס, ווערט ער אָנגערופען „שכינה". ווען ישעיה זאָגט אין גאָטס נאָמען (קאַפּ. א', פּסוק ט"ו) „איך וועל פאַרבאָרגען מיינע אויגען" (אעלים עיני), זעצט עס דער תרגום יונתן איבער „איך וועל אַפּטאָן מיין שכינה" (מסליקנא אפי שכינתי). אַנגעהמענדיג, אַז דאָס וואָרט „מקראה" (איהרע פאַרזאַמלונגספּלעצער) אין ישעיה, קאַפּ. ד', פּסוק ה', געהט אויף'ן בית המקדש, זעצט עס דער תרגום יונתן איבער „בית שכינתיה" (דאָס הויז פון דער שכינה). די שכינה איז א בעשיצעריןְ (תרגום אויף דעמזעלביגען פּסוק), זי גיט אַכטונג. ווען די אידען זיינען אין גלות, איז אויך די שכינה מיט זיי אין גלות. דערנעהענטערן וועמען צו גאָט הייסט ביי זיי אריינברענגען איהם אונטער די פליגלען פון דער שכינה. „גאָטס האַנט" (יד ה') ווערט איבערגעזעצט אין תרגום „די געטליכע מאַכט" (גבורתא דה'). אַלס דער אינבעגריף פון שטאַרקייט און מאַכט, ווערט גאָט אַליין אויך אָנגערופען „גבורה". דאָס וואָרט „גבורה" אין דעם זין פון גאָט ווערט בענוצט אויך אין אַזעלכע אויסדרו־קען, ווי „ימין הגבורה" (די רעכטע האַנט גאָטס), „פּי הגבורה" (גאָטס מויל). גאָט ווערט אָנגערופען „מקום" (אָרט, רוים), ווייל ער איז אומע־טום פאַראַן (פּילאָן). די שפּעטערדיגע דרשנים האָבען דאָס ערקלערט אויף אַזאַן אופן: ווייל גאָט איז דער רוים פון דער וועלט (בראשית רבה, פּרשה ס"ח) אָדער ווייל אומעטום, וואו די צדיקים געפינען זיך, איז גאָט אויך מיט זיי (פּרקי דרבי אליעזר, פּרק ל"ה). די פאַרצייטיגע געלערנטע בענוצען זיך אָפט מיט דעמדאָזיגען ביינאָמען, ווען זיי ריידען וועגען צופרידען שטעלען דעם אויבערסטען אָדער פאַרקעהרט. צ. ב. רצונו של מקום (גאָטס ווילען), כעס המקום (גאָט איז אין כעס געוואָרען), הכעיסו למקום (זיי האָבען דערצאָרנט גאָט), מבקש שכר מלפני המקום (ער פאַרלאַנגט לוין פון גאָט), ענוש לפני המקום (געשטראָפט געוואָרען פון גאָט), המקום מתאוה (גאָט פאַרלאַנגט), ידועי המקום (גאָטס באַר־

שטענדיגע). „הימעל" (שמים) איז אויך א לאנגאנענדיגער פארבייטונגס־נאמען אנשטאט „גאט", און מיר בעגעגענען איהם נאך ביי אנטיגנוס איש סוכו. אט דער נאמען ווערט געוועהנליך בענוצט דא, וואו גאט ווערט פארגעשטעלט ווי א קיניג, וואס דער מענש דארף פיהלען איבער זיך זיין מאכט, ער דארף פאר איהם מורא האבען און דארף זיך בויגען אונטער זיין יאך. דעריבער בעגעגענען מיר אפט אזעלכע אויסדרוקען, ווי „די הימלישע הערשאפט" (מלכות שמים), „די מורא פאר'ן הימעל" (מורא שמים, יראת שמים). ווען זיי ריידען וועגען גאטס גוטסקייט צו די אידען, רופען זיי איהם דאן אז „דער פאטער אין הימעל". די אידען ווענדען זייער בליק („הויבען אויף זייערע אויגען") צו זייער פאטער אין הימעל. גאטס פערהעלטנים צו די אידען ווערט פון שטענדיג אן געשילדערט, ווי דאס פערהעלטנים פון א פאטער צו קינדער. פון דער אנדער זייט, ווערט גאט בעטראכט ווי א האר, אין געגענזאץ צו זיין פאלק, וואס זיי ווערען אנגערופען גאטס קנעכט. דעריבער ווערט גאט טיטולירט אויך „רבונו עלמא" (תרגום יונתן אויף ישעיה, קאפ. ג', פסוק א') אדער, אין דער מעהר געברויכליכער פארם „רבונו של עולם" (דער האר פון דער וועלט). בעטראכטען זיי גאט אין זיין שעפפערישער אייגענשאפט, ווי דעם, וואס האט אלצדינג בעשאפען, דאן רופען זיי איהם אן מיט'ן טיטעל „אט דער, וואס די וועלט איז דורך זיין ווארט בעשאפען געוואָרען" (מי שאמר והיה העולם). אט די אלע נעמען גיבען אונז א בילד פון זייער גלויבען אין דעם איין־איינציגען גאט, וועגען וועמען זיי האבען געהאט א ריין־גייסטליכע פארשטעלונג, ווייט פון פארקערפערליכונג. דער גרונד פון די אלע נעמען איז דאס, וואס זיי האבען געגלויבט: אז דורך גאטס ווארט איז די וועלט בעשאפען געווארען; אז גאט פיהרט די וועלט און גיט אכטונג אויף אלצדינג; אז גאט איז אלמעכטיג און גוט, און ער הערשט איבער אלצדינג; אז עס איז דא א שטראף און א לוין. אט פון די גלויבונגען שטאמען די פריהער דערמאהנטע טיטלען, וואס מיט דער צייט זיינען זיי פערוואנדעלט געווארען אין פערזענליכע נעמען גאטס.

**מעשה בראשית.**

די טעאריע פון דער וועלט־בעשאפונג האט זיך גערופען „מעשה בראשית" (3). דאס גריבלען זיך אין דעם האט זיך ביי זיי גערעכענט פאר א געפעהרליכע זאך. פיעלע פון די געלערנטע האבען אויסגעמיידט

ארײַנצוזאָגן זיך אין אַזעלכע זאַכן און זײ האָבן פאַרזאָגט (חגיגה י"א), אַז מען זאָל ניט קלערן װעגן דעם: װאָס איז העכער פון אַלץ, װאָס איז נידעריגער פון אַלץ, װאָס איז געװען פריִער פון אַלץ און װאָס װעט זײַן שפּעטער פון אַלץ? פונדעסטװעגן זײַנען צו אונדז דערגאַנגען פון זײ אײניקע דרש'ן אויף דעמדאָזיקן געביט, און פון זײ קענען מיר װיסן, װי אַזוי זײ האָבן זיך פאָרגעשטעלט דעם פּראָצעס פון גאַנצן באַשאַפן די װעלט. זײ האָבן געגלויבט, אַז ער האָט באַשאַפן עפּעס ממשות'דיקס פון גאָרנישט. אײנער אַ פילאָזאָף האָט געזאָגט צו ר' גמליאל'ן (דעם צװײטן): אַ גרויסער מאָלער איז געװען אײַער גאָט; ער האָט אָבער אָנגעטראָפן גוטע פאַרבשטאָפן, דהײנו: דעם כאַאָס, די פינ־סטערניש, דעם װינט, דאָס װאַסער און די אָפּגרונטן. האָט זיך ר' גמליאל דערפאַר אויף אים אָנגעבײזערט און האָט געזאָגט: אויף די אַלע זאַכן װערט געזאָגט, אַז זײ האָבן געמוזט ערשט באַשאַפן װערן (בראשית רבה, פרשה א'). װען אײמיצער פון די אידישע געלערנטע װאָלט געהאַלטן, אַז גאָט האָט די װעלט באַשאַפן פון עפּעס, װאָלט זיך דאָך ר' גמליאל דערפאַר ניט געבײזערט אויף יענעם. אַ סימן, אַז זײ האָבן פון שטענדיק אָן אַלע געגלויבט, אַז גאָט האָט געשאַפן ממשות'דיקס פון גאָרנישט. די בילדליכע אויסדרוקן אין דער ביבל האָבן זײ געטײַטשט בוכשטאַבליך, און אויף דעם באַדן זײַנען בײַ זײ אויס־געװאַקסן מאָדנע טעאָריעס. זײ האָבן געגלויבט, אַז די װעלט איז געבויט אויף אַ פונדאַמענט פון אַ געװיסן שטאָף. די שפּעטערדיקע האָבן געזאָגט, אַז דער גרונדשטײן פון דער גאַנצער װעלט געפינט זיך אויף דעם אָרט, װוּ דער בית המקדש איז געשטאַנען (יומא נ"ד. ירושלמי: יומא, פּרק ה', הלכה ג'. תוספתא: יום הכפּורים, פּרק ב'—ג'). אין דעם ספר חנוך װערט דער פונדאַמענט פון דער װעלט אָנגערופן װינקעלשטײן. חנוך האָט דערגרײכט ביז'ן גרונט פון דער װעלט און האָט געזעהן דעם װינקעלשטײן (קאַפּ. 18, פּערז 2). די ליב־טיגקײט — דאָס איז אַ פונק פון דעם שײַן פון גאַנצן הערליכקײט (בן סירא: קאַפּ. מ"ג), און דאָס איז געמײנט געװאָרן ניט װי אַ פּאָעטישע פראַזע; דאָס איז טאַקי געמײנט געװאָרן אין פשטות. אײנער פון די אגדה'איסטן זאָגט עדות, אַז ער האָט אַזױנס געהאַט בקבלה פון זײַנע פאָרגענגער, און דאָס איז אים איבערגעגעבן געװאָרן שטילערהײט אויפ'ן אויער (בראשית רבה: פרשה ג'). פאַר די מעהרסטע ערשײַ־נונגען פון דער נאַטור האָבן זײ אָנגעװיזן אַזעלכע אורזאַכן, װעלכע האָבן ניט מיט דידאָזיגע ערשײַנונגען קײן שום נאַטירליכען צוזאַמענ־

האַנג. מוסטער פון דעם אינהאַלט, וועלכע די פאַרצייטיגע געלערנטע, די גרינדער פון דער משנה, פון תלמוד און פון די מדרשים, האָבען אריינ־געלעגט אין דער לעהרע פון „מעשה בראשית“, געפינען מיר צושפרייט אין פאַרשיידענע ערטער פון ביידע תלמודים און די מדרשים (ז. חגיגה, אָנהויב פון פרק ב׳ אין בבלי און אין ירושלמי; בראשית רבה אין פאַר־שיידענע ערטער; פרקי דרבי אליעזר; און נאָך פיעלע ערטער אין די מדרשים און אין דער גמרא). אָבער זייער צאָהל איז ניט איבעריגס גרויס, ווייל זיי האָבען זיך געהיט צו דרשנ׳ען וועגען דעמדאָזיגען עניין, בעזונ־דערס צו פאַרעפענטליכען דאָס. פון די ברעקלאַך, וואָס זיינען צו אונז דערגאַנגען, פאַרשטעהען מיר, אַז דער אינהאַלט פון „מעשה בראשית“ איז בעשטאַנען אין אַלערליי בעטראַכטונגען וועגען דעם, ווי אַזוי די וועלט און אַלץ, וואָס עס געפינט זיך אין איהר, איז בעשאַפען געוואָרען. די מיינונגען זייערע האָבען זיי אַרויסגעדרונגען על־פי דרש פון פאַרשיידענע פסוקים אין פרשה בראשית און אין אַנדערע ערטער פון דער ביבעל, וואו עס ווערט בעשריבען גאָטס שעפּפערישע טעטיגקייט און דאָס, וואָס דידאָזיגע טעטיגקייט האָט אַרויסגעבראַכט. אַט וועגען דעם עניין האָבען די פאַרצייטיגע געהאַט אַ פאַרענדיגטעס ווערק, וואָס האָט געהייסען „ספר יצירה“ (דאָס שאַפונגס־ווערק) אָדער „הלכות יצירה“ (די שאַפונגס־טעאָריע). מיר האָבען איצטער אויך אַ „ספר יצירה“. דאָס איז אפילו ניט יענער „ספר יצירה“, וואָס די פאַרצייטיגע תלמוד׳יסטען האָבען געהאַט (ז. „דור דור ודורשיו“, באַנד 4, קאַפּ. 15 און 21). אָבער אין איהם האַנדעלט זיך אויך וועגען דעם עניין פון „מעשה בראשית“. ביי די שפּעטערדיגע געלערנטע איז שוין געווען אַ מיינונגס־פאַרשיידענהייט וועגען דעם, וואָס אַזוינס איז „מעשה בראשית“? דער רמב״ם אין זיינע ווערק זאָגט, אַז „מעשה בראשית“ איז די נאַטור־וויסענשאַפט, און די מעהרסטע פון די אידישע געלערנטע אין שפּאַניען האָבען מיט איהם געהאַלטען. געגען אַט דער מיינונג טרעט אַרויס רבנו נסים (דרשות הר״ן, סימן א׳). ער זאָגט, אַז „מעשה בראשית“ איז ניט די געוועהנליכע נאַטור־וויסענשאַפט. ווען דאָס וואָלט געווען די געוועהנליכע נאַטור־וויסענשאַפט, איז פאַר וואָס וואָלטען אונזערע געלערנטע געהייסען דאָס האַלטען בסוד און ניט אַרויסזאָגען עפענטליך? דער ר״ן קומט דעריבער צום שלוס, אַז אחוץ יענער נאַטור־וויסענשאַפט, וועלכע יעדערער קאָן מיט זיין שכל דערגעהן, איז דאָ נאָך אַ נאַטור־וויסענשאַפט, וואָס ווערט דערגרייכט ניט אַנדערס, ווי נאָר דורך געטליכער אינספּיראַציע, און דאָס איז די לעהרע פון „מעשה בראשית“. וואָס די פאַרצייטיגע האָבען גע־

וואוסט („דור דור ודורשיו", באנד 5, קאפ. 2 און 13). אזוי האבן אויך געהאלטן די מיסטיקער (מקובלים). וואס בעלאנגט צו דעם צוועק פון דער שאפונג, האבן זיי געגלויבט, אז די גאנצע וועלט איז בעשאפן געווארן צוליעב דעם מענשען — דעם צדיק (ברכות ו'. מדרש תנחומא. בראשית רבה. ספר חנוך. עזרא ד', קאפ. 7). גאט האט געוואלט, אז זיין נאמען זאל געגרויסט ווערען, האט ער צוליעב דעם די וועלט בעשאפען (יומא ל"ח), און אט דער צוועק ווערט פארווירקליכט דורך די, וואס טוען גאטס ווילען. די ווייזהייט האט דעם אויבערסטען געדינט אלס א ווערקצייג ביים בעשאפען די וועלט (חגיגה י"ב. בראשית רבה, פרשה א'), און די ווייזהייט — דאס איז די תורה, וואס זי האט עקזיסטירט, נאך איידער די וועלט איז בעשאפען געווארען (פסחים נ"ד. בן סירא, קאפ. א' און כ"ד). ביי פילאן'ען ווערט די געטליכע ווייזהייט בעצייכענט מיט'ן נאמען „ווארט" (לאגאס): דאס איז געווען גאטס ווערקצייג ביים בעשאפען די וועלט (פילאן: „וועגען קין'ען און זיין געבורט, אפטיילונג 35; „וועגען די אנטלויפערס", אפטיילונג 18), און דאס איז אויך דער גייסט פון דער געטליכער תורה. „דאס ווארט" אדער די העכערע ווייזהייט ווערט ביי די גריכישע פילאזאפען גערעכענט פאר א בעזונדער סובסטאנץ. גאט און דאס געטליכע ווארט זיינען ניט איינס. דאס ווארט איז א מין אפשטראהלונג פון דער געטליכער סובסטאנץ, וואס האט א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ און דינט אלס א מיטעל דורכצופיהרען גאטס ווילען: אריינברענגען ארדנונג, לעבען און בעוועגונג אין דער מאטעריעלער וועלט. אט דאס איז די קווינט־עסענץ פון זייער לעהרע וועגען „דעם ווארט". אין די ביי־בעגריפען פון דערדאזיגער לעהרע שיידען זיך אפ די גריכישע געלערנטע איינער פון דעם אנדערען. פילאן שילדערט „דאס ווארט", ווי א בעזונדער סובסטאנץ, פונקט ווי דאס וואלט געווען א מין צווייטע האנט פון גאט, דעם האר פון דער וועלט. ער גלויבט אבער ניט אין צווייערליי גאטהייטען: אין פערהעלטניס צו גאט איז „דאס ווארט" ביי איהם נאר אין דער מדרגה פון א שליח, וואס ערפילט די געטליכע שליחות. די לעהרע וועגען „דעם ווארט" האט געהאט איהרע אנהענגער אויך צווישען די אידען פון ארץ ישראל. אבער אנשטאט אריינצולאזען זיך אין פילאזאפישע ספעקולאציעס, האבען זיי זיך בעסער געשטיצט אויף די הייליגע שריפטען. אין שלמה'ס משלים ווערט דאך אויך די ווייזהייט געשילדערט, ווי עפעס אזוינס, וואס האט א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ. און אונטער דער ווייזהייט האבען זיי פארשטאנען די תורה, ווייל פאר אמת'ע ווייזהייט האבען זיי נאר די תורה

געהאלטען. פונקט אויף אזאן אופן שילדערט די וױיזהייט בן סירא
(קאפ. כ"ד): איהר זיץ איז אין הימעל. זי פארשפרייט דעם גייסט פון
נבואה, און זי שטאמט פון דעם אויבערסטענס געטליכען מויל. אלזא די
וױיזהייט נעהמט זיך פון גאט. דאס איז דיזעלביגע זאך, ווי „דאס ווארט",
און דאס איז די תורה. מען דארף נאך דא צוגעבען, אז דאס געטליכע
ווארט האבען אויך די תלמוד'יסטען גערעכענט פאר עפעס אזוינס, וואס
האט א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ. ווען זיי זאגען, אז פון יעטווערען
ווארט וואס קומט ארויס פון גאטס מויל, ווערט באשאפען א מלאך
(חגיגה י"ד), זעהט מען דערפון, אז זיי האבען געגלויבט אין דער זעלבסט־
שטענדיגער עקזיסטענץ פון דעם „ווארט". אין אן אנדער ארט (ספרי:
בהעלתך, פיסקא ק"ג) געפינען מיר אזא ערקלערונג: ווען עס שטעהט
געשריבען, אז גאט האט מיט משה'ן גערעדט אויף א זיכטבארען אופן
(במראה), מיינט עס די זיכטבארקייט פון דעם „ווארט". ווען דער גלויבען
אין דער זעלבסטשטענדיגער עקזיסטענץ פון דעם „ווארט" וואלט ניט
געווען ביי זיי פון לאנג אן איינגעפלאנצט, וואלטען די שפעטערדיגע ניט
אויסגעטראכט פון קאפ אזא נייס. אויך ביי די ארמ'ישע איבערזעצער
געפינען מיר, אז זיי בענוצען דאס ארמ'ישע ווארט „מימרא" (די רייד,
דאס ווארט) אין אן אבסטראקטען זין, פונקט ווי דאס וואלט געווען א
בעזונדער סובסטאנץ. און זיי האבען טאקי אין דעם מיט אן אמת גע־
גלויבט. זינט ביי זיי האט זיך אנגעהויבען די טענדענץ צו בעזייטיגען
די פארקערפערליכונג, האט זיך ביי זיי ענטוויקעלט דער אבסטראקטער
בעגריף פון דעם „ווארט", און דידאזיגע טענדענץ האט זיך ביי זיי אנגע־
הויבען גאנץ פריה, איידער זיי זיינען נאך גאר בעקאנט געווארען מיט
דער גריכישער פילאזאפיע. ווארום די מעהרסטע פון די אפענע אדער
פארדעקטע „תיקוני סופרים" — וואס זיי שטאמען אלע געוויס פון א
פריהערדיגער עפאכע — זיינען א פראדוקט פון אט דער טענדענץ. דער
גלויבען אין דער זעלבסטשטענדיגער עקזיסטענץ פון דעם „ווארט" איז
ניט געווען געפעהרליך פאר דעם גלויבען אין דער געטליכער איינהייט,
פונקט ווי דער גלויבען אין מלאכים האט ניט געשאדט צו דעראזיגער
איינהייט. ווי מיר האבען שוין פריהער געזעהען, האבען זיי געגלויבט,
אז גאט ענטפלעקט די מענשען זיין אנוועזענהייט דורך פיהלבארע ערשיי־
נונגען, און צוליעב דעם ברענגט ער ארויס, ווען עס איז נויטיג, נייע בע־
שעפעניסען. דעריבער איז אלע ווירקונגען, וואס פאדערן צופעליגע
איינגענשאפטען פון דעם ווירקער, און ווען גאט זאל עס אונמיטעלבאר
דורכפיהרען, וואלט ער צוליעב דעם געמוזט ענדערן זיין מהות, אט אזעלכע

ווירקונגען ווערען אויסגעפיהרט דורך דער פארמיטלונג פון מלאכים, וואס גאט האט זיי צו דעמדאזיגען צוועק ספעציעל בעשאפען (4). אט אזא בעדייטונג האט: דער געזיכטס־מלאך (מלאך־הפנים) (5), דער אידישער העלפער, וואס ווערט דערמאהנט ביי ישעיה דעם צווייטען (קאפ. ס"ג), דער פארדארבונגס־מלאך (מלאך המשחית), וואס ווערט דערמאהנט אין דעם ספר שמואל ב' (קאפ. כ"ד), און דער בונדס־מלאך (מלאך הברית), וואס ווערט דערמאהנט אין דעם ספר מלאכי (קאפ. ג'). עס איז זעהר וואהרשיינליך, אז די גאנצע טעאריע פון די מלאכים, וואס האט זיך ביי זיי ענטוויקעלט אין דער צייט פון גלות בבל און שפעטער, האט איז עצם געהאט נאר דעם צוועק צו בעזייטיגען ווי ווייט מעגליך די פארקערפער־ליכונג. אויף אזאן אופן, איז דאס אויך דער זין פון דעם „ווארט", ווי אן אבסטראקט. וואס עס האט זיי געפעהלט איז אינטעלעקטועלער ענט־וויקלונג אויף צו בענעהמען אזעלכע פילאזאפישע, אבסטראקטע בעגריי־פען, אין דעם האט זיי אויסגעהאלפען דער גלויבען: אלע ווירקונגען און אייגענשאפטען, וואס ווערען בייגעשריבען צו גאט, האבען זיי זיך פאר־געשטעלט ווי מלאכים, וואס טוען גאטס ווילען, און אין דעם כלל פון אזעלכע מלאכים געהט אריין אויך דאס „ווארט". די פילאזאפישע אויפ־פאסונג פון דעם „ווארט", וואס די אלעקסאנדרי'ער האבען געהאט, האט ביי די ארץ ישראל'ער געלערנטע אויסגענומען דערפאר, ווייל זי האט געשטימט מיט זייער גלויבען. זיי האבען זיך אבער ניט אינטערעסירט מיט די ספעקולאציעס און ווייטערדיגע קאנסעקווענצען, וואס יענע האבען אן דעם בעגריף אנגעהאנגען. פאר זיי איז גענוג געווען, ווען זיי האבען געוואוסט, אז אויך די גריכישע פילאזאפיע שטימט מיט זייער גלויבען. דעריבער ,ווען מיר זעהען, אז די ארמ'ישע איבערזעצער בענוצען דאס ארמ'ישע „מימרא" (ווארט) אין אן אבסטראקטען זין, פונקט ווי דאס וואלט געווען א סובסטאנץ פאר זיך אליין, הייסט עס נאך ניט, אז זיי האבען איבערגענומען דעם געדאנק ביי די גריכען. דער געדאנק איז ביי די אידען געווען אריגינעל. ניט די ארמ'ישע איבערזעצער האבען געשאַ־פען א נייעם בעגריף, כדי צו פאפולאריזירען די לעהרע פון אונקערפער־ליכקייט, נאר, פארקעהרט, פון לאנג אן איז שוין ביים פאלק געווען איינ־געווארצעלט דער גלויבען, אז גאט איז אונקערפערליך, און צו דעמדאזיגען גלויבען פון דעם אידישען פאלק האבען די ארמ'ישע איבערזעצער זייערע איבערזעצונגען געמוזט צופאסען. עס איז יעדענפאלס נאך געבליבען א גרויסער אונטערשייד צווישען דעם בעגריף, וואס די ארץ־ישראל'ער אידען האבען געהאט פון דעם „ווארט", און דעם גריכישען בעגריף פון דעם

„װאָרט“. די גריכען האָבען דאָס „װאָרט“ בעטראַכט װי עפּעס אַ מין גאָטהייט. נאָך פילאָנ׳ס מיינונג, איז דאָס „װאָרט“ אַזוי װי די צװייטע האַנט פון גאָט, דעם האַר פון דער װעלט. עס איז אַ מין פאַרמיטלער צװישען גאָט און דער מאַטעריעלער װעלט. בײַ די ארץ־ישראל׳ער אידען איז דאָס „װאָרט“ אַ פּראָדוקט פון גאָטס שאַפונג. עס שטעהט בײַ זײ אויף דער מדרגה פון אַ מלאַך, װאָס ערפילט גאָטס װילען. דאָס װאָרט איז בײַ זײ אידענטיש מיט דער געטליכער װײזהייט, און אַזוי װי די תורה, נאָך זײער מיינונג נאָך, רעפּרעזענטירט מיט זיך די געטליכע װײז־הייט, הייסט עס אייגענטליך, אַז דאָס „װאָרט“ איז די תורה. די פּרושים פון ארץ־ישראל און פילאָן געהען זיך אַלזאָ אין דעם פונקט צונויף.

צװישען פילאָנ׳ען און די געלערנטע פון ארץ ישראל איז דאָ אויך אַ געװיסע עהנליכקייט אין דעם, װי אַזוי דער און יענע האָבען זיך פאָר־געשטעלט דעם פּראָצעס פון דער װעלט־בעשאַפונג. נאָך פילאָנ׳ס מיינונג, איז די װעלט פריהער אין גאָטס אַבזיכט בעשאַפען געװאָרען, און נאָך דערדאָזיגער אַבזיכט — װאָס דאָס איז דער גייסטיגער פּלאַן, װי ער האָט זיך אָפּגעקריצט אין דעם דענקערס גייסט — האָט ער בעשאַפען די מאַטע־ריעלע װעלט (זיין װערק „װעגען דער װעלט־בעשאַפונג“, אָפּטיילונג 4). עהנליכע מיינונגען זאָגען ארויס די געלערנטע פון דער תורה שבעל פה. דער פּראָצעס פון בעשאַפען די װעלט װערט בײַ זײ געגליכען צום פּראָ־צעס פון בױען אַ פּאַלאַץ, װאו דער אַרכיטעקט קוקט אַריין אין זיין אָנ־געצייכענטען פּלאַן, כדי צו װיסען, װי צו מאַכען די צימערן. פונקט אַזוי האָט גאָט אַריינגעקוקט אין דער תורה, בעת ער האָט געשאַפען די װעלט (בראשית רבה, פּרשה א׳. מאור עינים, קאַפּ. ד׳). דעם גרונד־געדאַנק פון דעמדאָזיגען דרש געפינען מיר אינדירעקט אויסגעדריקט אין אַ מחלוקת צװישען בית שמאי און בית הלל: בית שמאי זאָגט, אַז די אַבזיכט איז געשאַפען געװאָרען בײַ נאַכט און די פאַרװירקליכונג איז געשעהען בײַ טאָג; בית הלל זאָגט, אַז ביידעס איז געשעהען בײַ טאָג (בראשית רבה, פּרשה י״ב). אַלזאָ נאָך ביידענס מיינונג איז פריהער געקומען די אַב־זיכט, דערנאָך די פאַרװירקליכונג. װעגען דעם גאַנצען ענין געפינען מיר בײַ זײ נאָר טונקעלע אָנדייטונגען, װייל די געלערנטע פון ארץ ישראל האָבען זיך געהיט ניט אַריינצולאָזען זיך אין צו װייטע חקירות װעגען דעם, װאָס עס איז געװען פריהער פון אַלץ. אין בעצוג צו דעם בעגריף פון „צייט“ װייסען מיר, אַז נאָך דער גריכישער אויפפאַסונג איז „צייט“ עפּעס אַזוינס, װאָס האָט פון אייביג אָן עקזיסטירט. נאָך פילאָנ׳ען (זיין װערק „װעגען דער װעלט־בעשאַפונג“, אָפּטיילונג 7) איז „צייט“ בעשאַפען

געוואָרען צוזאַמען מיט דער וועלט, יעדענפאַלס ניט פריהער, ווייל אַהן דער וועלט איז די עקזיסטענץ פון „צייט" אונדענקבאַר. ווען די תורה דערצעהלט אונז, אַז די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען אין זעקס טעג, איז נאָך פילאָנ'ס מיינונג, דאַרף מען דאָ ניט אַלצדינג פאַרשטעהן בוכ־שטאַבליך. פאַר די ארץ ישראל'ער אידען איז „צייט" געווען עפּעס אַזוינס, וואָס איז זעלבסטשטענדיג בעשאַפען געוואָרען (עזרא ד', קאַפּ. 5, פערז 49). אינדירעקט ווערט עס אויסגעדריקט אויך אין די לעגענדעס וועגען פאַרשיידענע זאַכען, וואָס זיינען בעשאַפען געוואָרען פריהער, איי־דער די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען: די עקזיסטענץ פון „צייט" ווערט אין די אַלע לעגענדעס פאָרויסגעזעצט. איינער פון די שפּעטערדיגע גע־לערנטע האָט געזאָגט, אַז אַ צייט־אָרדנונג איז געווען נאָך פון פריהער (בראשית רבה, פרשה ג'). און עס איז ניטאָ קיין שום גרונד אריינצולע־גען אין דידאַזיגע ווערטער עפּעס אַ זייטיגען מיין, ווי זיינע מפרשים ווילען האָבען. מיר מעגען אננעהמען די ווערטער אין פשטות, ווייל מיר ווייסען, אַז דאָס איז געווען די הערשענדע מיינונג אין ארץ ישראל.

זייער פאַרשטעלונג וועגען
דעם מענשען און זיינע פליכטען.

דאָס וויכטיגסטע פון אַלצדינג, וואָס גאָט האָט בעשאַפען, איז דער מענש. זיי האָבען געגלויבט, אַז צוליעב איהם איז די גאַנצע וועלט בע־שאַפען געוואָרען. דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען נאָך גאָטס בילד (בצלם אלהים). דעמדאָזיגען אויסדרוק האָבען זיי אָבער פאַרשטאַנען ניט אין אַ ווערטליכען עס איז מאַטעריעלען זין. די לעגענדע דערצעהלט (מכילתא: בא, פרשה י"ד. אויך אין אנדערע ערטער), אַז די זיבעציג געלערנטע, וואָס האָבען געשריבען די תורה אויף גריכיש, האָבען אין ד ע ם אָרט עפּעס געענדערט: אנשטאָט צו שרייבען, ווי אין אָריגינאַל, „און גאָט האָט געזאָגט: לאָמיר מאַכען אַ מענשען נאָך אונזער בילד און געשטאַלט." האָבען זיי געשריבען „און גאָט האָט געזאָגט: איך וועל מאַכען אַ מענשען נאָך אַ בילד און נאָך אַ געשטאַלט." זיי האָבען דאָ געענדערט, כדי מען זאָל דאָס ניט אננעהמען בוכשטאַבליך, אַזוי ווי עס שטעהט אין אָרי־גינאַל. דערפון זעהט מען, אַז וועדליג ווי זיי האָבען פאַרשטאַנען דעם אויסדרוק „נאָך אונזער בילד און געשטאַלט." געהט עס גאָר אויף דעם מענשענס גייסטיגע אייגענשאַפטען. וויבאַלד אַזוי, האָבען שוין די שפּע־

טערדיגע געמעגט זאגען, אז עס איז פאראן מענשען, וואס זיינען יע נאָך גאָטס בילד און געשטאַלט, און עס איז פאַראַן מענשען, וואס זיינען ניט נאָך זיין בילד און געשטאַלט (בראשית רבה, פרשה ח׳). דער מיין זיי־ ערער איז געווען, אז דאס געטליכע בילד און געשטאַלט איז געזאָגט גע־ וואָרען אנטקעגען די גייסטיגע אייגענשאפטען, און דעריבער איז נאָר די צדיקים רעפרעזענטירען מיט זיך דאס געטליכע בילד, אבער ניט די רשעים. אויף אזאן אופן קומט אויס, אז „דאס געטליכע בילד" איז ביי זיי געווען גאָר א בילדליכע פאַרשטעלונג פון דער נשמה. זיי האבען געגלויבט, אז די נשמה איז א גייסטיגע סובסטאַנץ, וואס האט אין א בעשטימטען אָרט אויפ׳ן הימעל געפיהרט א זעלבסטשטענדיגע עקזיסטענץ (חגיגה י״ב). ווען עס ווערט בעשאפען אין מוטערלייב דער קערפער, טוט גאָט אין איהם אריין א נשמה (נדה ל״א). אין דעם אָרט, פונוואַנען זי שטאַמט, איז די נשמה שטענדיג א ריינע (ברכות ס׳), נאָר אז זי פאריי־ ניגט זיך מיט׳ן גוף, ווערט זי בעפלעקט (שבת קנ״ב). דעריבער וואלט פאַר דעם מענשען געווען גלייכער, ווען ער וואלט גאָר ניט בעשאפען גע־ וואָרען, איידער אז ער איז בעשאַפען געוואָרען (עירובין י״ג). ווארום ווי נאָר דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען, איז שוין זיין נשמה זעהר עלול דורך די זינד צו פאַרלירען איהר ריינקייט. און דעריבער דאַרף זיך דער מענש היטען, אז זיין נשמה זאָל בלייבען ריין (די אַנגעוויזענע ערטער אין שבת און נדה). היטען די ריינקייט פון זיין נשמה — דאס העננט אָפּ פון דעם מענשענס ווילען: איהם איז געגעבען געוואָרען די ברירה, צי פאָלגען זיינע גוטע נייגונגען (יצר טוב) אַדער זיינע שלעכטע נייגונג־ גען (יצר הרע) (בן סירא, קאפּ. ט״ו, פערזען י״ד—י״ח. ספרי: ראה פיסקא נ״ג. אויך פיעלע ערטער אין דער גמרא). די העכסטע מאַראַל, וואס דער מענש דאַרף פאַר זיך אויסקלייבען, איז אין אלגעמיין די מורא פאַר גאָט (אבות, א׳, משנה ג׳). די מורא — דאס איז דער אָנהויב פון ליעבשאַפט (בן סירא, קאפּ. כ״ה, פערז 15). דער רעזולטאַט פון דער מורא פאַר גאָט איז דאָס מורא האָבען צו זינדיגען. (אבות, פּרק ב׳ און פּרק ג׳. אויך פיעלע אנדערע ערטער). די גרעסטע פון אַלע מצוות איז דאָס לערנען די תורה (פּאה, פּרק א׳, משנה א׳. בן סירא, קאפּ. ו׳, פערזען 36—38). דעם צווייטען פלאַץ נאָך איהר פאַרנעהמען דער גאָטעסדינסט און די וואוילטעטיגקייט. אַט די דריי מצוות ווערען גערעכענט פאַר די זיילען, אויף וועלכע די וועלט שטעהט (אבות, פּרק א׳, משנה ב׳). דאָס לערנען די תורה האט א גרויסע בעדייטונג, ווען דאָס ברענגט צו פּראַקְ־ טישע רעזולטאַטען (אבות, פּרק א׳, משניות ט״ו און י״ז). עס איז ניט

געגוג צו שטודירען טעארעטיש די תורה; דער עיקר איז אפהיטען אלצ־דינג, וואס עס שטעהט געשריבען אין דער תורה (בן סירא: קאפ. ג׳, פערז 15). א מצוה איז אבער ניט אנגעלעגט, ווען זי ווערט געטאן ניט מיט׳ן פולען בעוואוסטזיין (ברכות י״ג). וואס א מענש טוט, דארף ער אויסען זיין אלצדינג פון גאטס וועגען (אבות, פרק ב׳, משנה י״ב). ער דארף דאס האבען אין זינען סיי ביים עסען און טרינקען (ביצה ט״ז), סיי ביי אלע איבעריגע ענינים (פיעלע ערטער אין דעם ספר טוביה). די פארויסזעצונג פאר דער פראקטישער פרומקייט איז דער גלויבען. דער גלויבען אין דעם, אז די תורה איז געגעבען געווארען פון גאט (סנהדרין צ׳); דער גלויבען אין משה׳ן, דעם טרייען הירט (מכילתא: בשלח, מסכתא ויהי, פרשה ו׳), אין די געטליכע נביאים (דברי הימים ב׳, קאפ. כ׳). ווער עס טוט א מצוה אין פולען גלויבען, יענער קריגט דערפאר א גרע־סערען לוין (דער אנגעוויזענער ארט אין מכילתא). דערפאר, וואס זיי האבען געגלויבט אין דעם, ווער עס האט בעאויפטראגט משה׳ן צו טאן די אלע וואונדערם און צייכענס, אט דערפאר טאקי האט גאט פון־זייערט־וועגען געטאן אזעלכע נסים און מעכטיגע וואונדערס (ראש השנה כ״ט, מכילתא: בשלח, מסכתא עמלק, פרשה א׳, חכמת שלמה, קאפ. 16, פערז 26). צוליעב דעם זכות פון זייער גלויבען זיינען די אידען אויסגעלייזט געווארען פון מצרים און צוליעב דעמזעלביגען זכות וועלען די אידען פון די גלות־לענדער צוזאמענקומען (מכילתא: בשלח, מסכתא ויהי, פרשיות ג׳ און ו׳). די מצוות ווערען איינגעטיילט אין צוויי קאטעגאריעס: אזעל־כע, וועלכע רעגולירען די בעציהונגען צווישען דעם מענשען און גאט, און אזעלכע, וועלכע רעגולירען די בעציהונגען צווישען איין מענשען און דעם אנדערען. די וויכטיגסטע מצוה פון דער ערסטער קאטעגאריע, ווי דאס ווערט אויסגעדריקט אין פיעלע ערטער, איז דאס אונטערווארפען זיך אונ־טער דעם יאך פון דער געטליכער הערשאפט. אין דעם כלל געהט שוין אריין אויך דאס דאנקבאר זיין גאט פאר אלצדינג: סיי פאר דאס גוטע, סיי פאר דאס שלעכטע, וואס קומט פאר אין לעבען (ברכות נ״ד). דער מענש דארף שטענדיג אננעהמען גאטס משפט פאר גערעכט (תענית ח׳. ספרא: שמיני, מכילתא דמלואים). ער דארף דינען גאט פון ליעבשאפט. ער דארף זעהען ארויסרופען א ליעבשאפט צו גאט ביי אלע מענשען פון דער גאנצער וועלט. די ליעבשאפט דארף זיין אהן אן אויסקוק אויף לוין. די ליעבשאפט צו גאט און דאס גאט דינען אין אלגעמיין דארף זיין ביי דעם מענשען א זעלבסטצוועק (סוטה כ״ב. ספרי: ואתחנן, פיסקיות ל״ב און מ״א, און עקב, פיסקא מ״ח), ניט ער זאל אויסען זיין צו קריגען דער־

פאר א לויז (אבות, פרק א׳, משנה ג׳). זיין ליעבשאפט צו גאט דריקט דער מענש אויס דורך דעם, וואס ער געהט אין גאטס וועגען און נעהמט גאט פאר א מוסטער ביי זיין אויפפיהרונג: פונקט ווי גאט איז בארמ־הערציג און מיטליידיג, אזוי זאל זיין אויך דער מענש (ספרי: עקב, פיסקא מ״ט. מכילתא: בשלח, מסכתא שירה, פרשה ג׳. שבת קל״ג. ירושלמי: פאה, פרק א׳, הלכה א׳). דאסגלייכען דורך דעם, וואס ער היט אפ אלע מצוות און מאכט ניט קיין אונטערשייד צווישען א הארבער מצוה און ניט אזא הארבער (אבות, פרק ב׳, משנה א׳. ספרי: פיסקיות ע״ט און פ״ב). די העכסטע מצוה פון דער ערסטער קאטעגאריע איז דאס עהרען גאטס נאמען. דער מענש איז מחויב צו אפפערן זיין אייגענס און זיין לעבען, כדי צו עהרען גאטס נאמען (ספרי: ואתחנן, פיסקא ל״ב). דער כלל: „אפפער דיין לעבען, כדי צו עהרען מיין נאמען" (ספרא: אמור, פרק ט׳) איז ביי די אידען פון שטענדיג אן געווען אנגענומען. אבער פאר׳ן חורבן האבען זיי איהם אפגעהיט פיעל שטרענגער, איידער נאכ׳ן חורבן. אמאל פלעגען זיי ריזיקירען מיט׳ן לעבען, אפהיטענדיג זיך אפילו פון דער קלענסטער עבירה. שפעטער, אויף דער בעוואוסטער פארזאמלונג אין דעם דאכצימער פון נתזה׳ס הויז אין דער שטאדט לוד, האבען זיי דאס אביסעל בעשרענקט. צו דער צווייטער קאטעגאריע געהערען אלע מצוות פון יושר, גערעכטיגקייט, מיטלייד און בארמהערציגקייט. דער גרונד זייערער איז די ליעבשאפט פון איין מענשען צו דעם אנדערען. אין דעם כלל געהט אריין אויך די וואוילטעטיגקייט, וואס דאס איז איינע פון די זיילען, אויף וועלכע די וועלט שטעהט. די קווינט־עסענץ פון דעמ־דאזיגען פרינציפ ווערט אויסגעדריקט אין די ווערטער: וואס דו ווילסט ניט ליידען, אז דער אנדערער זאל דיר טאן, זאלסטו יענעם ניט טאן (טוביה, קאפ. ד׳, פערז 16). אט דאס איז דער הויפט־אינהאלט פון דער תורה; דאס איבעריגע איז ניט מעהר, ווי א פירוש אויף דעם (שבת ל״א). דעמדאזיגען פרינציפ האבען זיי אנגערופען א וויכטיגער כלל אין דער תורה (ספרא: קדושים, פרק ד׳). איינע פון די גרעסטע מצוות איז געבען צדקה. דאס געהט אויך אריין אין דעם כלל פון וואוילטעטיגקייט. און דיביידע מצוות קענען זיך אויסגלייכען אין וואג מיט אלע אנדערע מצוות צוזאמען (ירושלמי: פאה, פרק א׳, הלכה א׳). צו וואוילטעטיג־קייט איז קיין שיעור גאר ניטא: וואס מעהר, אלץ בעסער (פיעלע ערטער אין דעם ספר טוביה). זי ברענגט א זינדיגער נשמה דערלייזונג (דניאל, קאפ. ד׳, פסוק כ״ד). מען ווערט בעלוינט דערפאר סיי אויף דער וועלט, סיי אויף יענער וועלט (פאה, פרק א׳, משנה א׳). די וואוילטעטיגקייט

איז איינער פון די סימנים, מיט וועלכע די אידען צייכענען זיך אויס (יבמות ע"ט). די וואוילטעטיגקייט דארף אנגעווענדט ווערען סיי אנט־קעגען קראנקע, סיי אנטקעגען געזונטע, און ניט נאר אנטקעגען לעבעדיגע, נאר אויך אנטקעגען טויטע. די וואוילטעטיגקייט אנטקעגען טויטע דריקט זיך אויס אין מקבר זיין זיי נאך זייער כבוד נאך (פיעלע ערטער אין דער גמרא און אין דעם ספר טוביה. מכילתא: יתרו, מסכתא עמלק, פרשה ב'). אין דעם כלל פון ליעבשאפט און וואוילטעטיגקייט געהט אריין אויך די פליכט צו זאגען דעם אנדערען מוסר. אגב האבען זיי געגלויבט, אז די אידען זיינען איינער פאר דעם אנדערען פעראנטווארטליך (שבועות ל"ט). פונקט ווי די וואוילטעטיגקייט און דאס לערנען די תורה, אזוי איז אויך דער גאטעסדינסט איינע פון די זיילען, אויף וועלכע די וועלט שטעהט. דעריבער האט זיך די „ערסטע חסידים" שטענדיג געלוסט צו ברענגען א קרבן (נדרים י'), און יהודה בן בבא פלעגט אלע טאג ברענגען אן „אשם תלוי" (ז. פריהער, זייט 544). ר' יוחנן בן זכאי האט געזאגט: אז וואויל איז צו יענעם דור, וואס זיין נשיא ברענגט א קרבן אויף זיינע ניט־ווילענדיגע זינד (הוריות י'. ספרא: ויקרא, דיבורא דחובה, פרשה ה'). אז דער גאנצער רימואל פון די קרבנות איז, לגבי גאטס גרויסקייט, עפעס קליינליכס, וואס שמעקט מיט אנטראפאמארפיזם, דאס האבען זיי אייגענטליך ניט פארזעהען. דעריבער האבען זיי געזאגט, אז מיט דעמדא־זיגען ריטואל איז די תורה נאר אויסען געווען, די אידען זאלען האבען די געלעגענהייט צו פארדינען מעהר מצוות און קריגען א גוטען לוין (מכילתא בא, פרשה ט"ז). ווען אין דער תורה שטעהט געשריבען, אז דער ריח פון די קרבנות איז ביי גאט אנגענעהם, איז דאס געמיינט געווארען אלע־נאריש: עס איז איהם אנגענעהם דאס, וואס זיין ווילען ווערט געטאן (פיעלע ערטער אין ספרא. ספרי: פנחס, פיסקא קמ"ג). א קרבן, וואס איז געבראכט געווארען ניט מיט א ריינער כונה דערביי, דערגרייכט ניט זיין צוועק (בן סירא, קאפ. ל"ד, פערזען 21—19. יהודית, קאפ. ט"ז. פערז 16). דער גלויבען אין דער וויכטיגקייט פון דעמדאזיגען ריטואל איז געווען ביים פאלק איינגעווארצעלט, און כאטש אפילו אין די אויגען פון די אויפגעקלערטע האבען די קרבנות געהאט א קלענערע בעדייטונג, איידער די וואוילטעטיגקייט און דאס לערנען די תורה, פונדעסטוועגען האבען זיי זיך געהיט ארויסצוטרעטען ענטשידען געגען דעם. פארקעהרט, זיי האבען בפירוש פארזאגט ניט צו פארנאכלעסיגען דאס, ווייל גאט האט עס געהייסען (בן סירא: קאפ. ל"ה, פערזען 9—4). ווען זיי דערמאהנען צו שלעכטען די קרבנות פון די רשעים (קהלת, קאפ. ד', פסוק י"ז. בן

סירא, קאפ. ל"ה, פערזן 19—21), איז אויף די עצם קרבנות ריידען זיי ניט קיין שלעכטס: זיי אנערקענען זייער ווינשבארקייט (קהלת, קאפ. ה', פסוק ג., בן סירא, קאפ. ל"ה). דאסזעלביגע פערהעלטניס, ווי צו די קרבנות, איז ביי זיי געווען צו נזירות און נדרים. כאטש אפילו די אויפגעקלערטע האבען אויף דעם געקוקט קרום (קהלת, קאפ. ה', פסוק ד'. בן סירא, קאפ. י"ח, פערז 22. נדרים ט' און אנדערע דארטען אנגעוויזענע ערטער), פונדעסטוועגען האבען זיי ניט געקאנט ארויסטרעטען געגען דעם, וויל דאס איז ביים פאלק געווען איינגעווארצעלט. פיעלע פלעגען אויף זיך נעהמען נזירות (ירושלמי, מסכת ברכות), בעזונדערס אין א צייט פון אן אומגליק (נזיר ל"ב). דאס פאסטען האבען זיי אויך געהאלטען פאר א גרויסע זאך. ווען עס פלעגט פארשטעהן אן אומגליק פאר'ן גאנצען כלל, פלעגען זיי אויסרופען א תענית (מסכת תענית. חשמונאים א', קאפ. ג', פערז 47. יהודית, קאפ. ד', פערז 17), ווארום יעדער מין פייניגען דעם לייב איז ביי זיי געווען פאררעכענט אלץ איינס ווי א קרבן, און נאך פיעל ליעבער, ווי א קרבן. מיט פייניגען דעם לייב קאן מען נאך גיכער וואס פועל'ן, איידער מיט די קרבנות (ספרי: ואתחנן, פיסקא ל"ב. מכילתא: יתרו, מסכתא בחדש, פרשה י'). די קערפערליכע ליידען לייטערן די נשמה און פארגיבען אויף די זינד (תענית כ"א), פונקט ווי דער טויט לייטערט (שבועות ח') און פארגיט אויף די זינד (סנהדרין מ"ג. ספרי: נשא, פיסקא ד' און שלח, פיסקא קי"ב). כאטש אפילו דער טויט אליין פארגיט אויף די זינד, פונדעסטוועגען פלעגען זיי זיך נוהג זיין צו ברענגען קרבנות פאר די נשמות פון די געשטארבענע, כדי אויסצולייזען זיי פון די זינד (חשמונאים ב', קאפ. י"ב, פערז 58.)

### די געטליכע השגחה.

דער מענש, ווי דער אויסדערוועהלטער פון אלע בעשעפעניסען, געפינט זיך אונטער דער אונמיטעלבארער השגחה פון גאט, וועמעס בליקען עס דרינגען דורך אומעטום, איבער דער גאנצער וועלט (זכריה, קאפ. ד', פסוק י'. דברי הימים ב', קאפ. ט"ז, פסוק ט'). די געטליכע השגחה בעציהט זיך אויף אלע איינצעלהייטען פון די פאסירונגען. אלץ, וואס עס קומט פאר אויף דער וועלט, סיי וואס עס איז נוגע דעם גאנצען כלל, סיי וואס עס איז נוגע דעם איינצעלנעם, ליגט אין גאטס הענט, קיין זאך הענגט ניט אפ פון דעם מענשענס ווילען, אחוץ נאר די פרומקייט („אידישע אלטערטימער", בוד 13, קאפ. 5, פאראגראף 9). עס איז נאך ביי

זיי געווען אַן אַלטס שפּריכוואָרט: אַלצדינג ווענדט זיך אַן גאָט, אחוץ נאָר די מורא פאַר גאָט. דער אפאַריזם, וואָס ווערט געבראַכט אין ר' עקיבאַ'ס נאָמען: „אַלצדינג איז פאָרויסגעזעהען, נאָר דעם מענשען איז געגעבען געוואָרען די ברירה" (אבות, פּרק ג', משנה ט"ו), איז ניט עפּעס אַזוינס, צו וואָס ר' עקיבאַ האָט זיך ערסט דערטראַכט: דאָס איז פון שטענדיג אַן געווען איינער פון די גרונד־פּרינציפּען פון דעם אידישען גלויבען. זיי האָבען זיך ניט אַריינגעלאָזען אין ווייטע חקירות און האָבען גאָר ניט געזוכט צו פאַרענטפערן דעם ווידערשפּרוך צווישען די ביידע בעגריפען: פון איין זייט, איז אַלצדינג פאָרויסגעזעהען, ד.ה. גאָט ווייס אפריהער, ווי דער מענש וועט האַנדלען; פון דער אַנדער זייט, איז דעם מענשען געגעבען געוואָרען די ברירה צו טאָן, ווי ער וויל. ביידע מיינונגען זיינען ביי זיי געווען אָנגענומענע גלויבונגען, און זיי איז גאָר ניט איינגעפאַלען צו פרעגען קשיות. זיי האָבען אַלזאָ געגלויבט, אַז דער מענש האָט אַ פרייען ווילען און איז ניט געצוואונגען דורך דער געטליכער פאַרבעשטימונג צו טאָן שלעכטס אָדער גוטס (בן סירא: קאַפּ. ט"ו, פּערז 20). אין דערזעלבינער צייט האָבען זיי געגלויבט, אַז דעם מענשענס האַנדלונגען זיינען דעם אויבערסטען בעוואוסט, נאָך איידער זיי זיינען געטאָן געוואָרען (בן סירא: קאַפּ. כ"ג, פּערז 29, און אַנדערע ערטער). אין איינשטימיגקייט מיט די אַסייב האָבען זיי געגלויבט אין דער געטליכער פאַרבעשטימונג („אידישע אַלטערטימער", בוך 13, קאַפּ. 5), אַזוי ווייט, אַז אַ מענש קלאַפּט ניט אָפּ אונטען אַ פינגער, סיידען עס איז פון אויבען אַזוי אויסגערופען געוואָרען (חולין ז'). זיי האָבען געגלויבט, אַז די נייגונג צו שלעכטס איז נאָך ביי דעם ערסטען מענשען אין האַרצען פאַרזעיט געוואָרען (עזרא ד', קאַפּ. 4, פּערז 30). פון דעמזעלביגען וואַרצעל שטאַמט די לעגענ־ע וועגען דעם קלעפּיגען שמוץ, וואָס די שלאַנג האָט אַריינגעטאָן אין חוה'ן און אַלע מענשען האָבען זיך מיט דעם אָנגענומען (שבת קמ"ו). זיי האָבען געגלויבט, אַז דער שטן ווירקט אויף דעם מענשענס ווילען און רעדט איהם אָן צו שלעכטס (דברי הימים א', קאַפּ. כ"א). אַזוי ווערט דער שטן פאַרגעשטעלט אויך אין זכריה'ס נבואה (זכריה, קאַפּ. ג', פּסוק א'). אין אַביסעל אַן אַנדער ראָלע ערשיינט דער שטן אין דעם ספר איוב; דאָ איז ער אַן אַנקלאָגער פאַר גאָטס טראָן געגען דעם מענשען, און ער ווירקט אין גאָטס שליחות. ביי די שפּעטערדיגע ווערט דער שטן געשילדערט אין ביידע ראָלען: ער לאָזט זיך אַרונטער אויף דער ערד, כדי צו פאַרפיהרען דעם מענשען, פונקט ווי דאָס ווערט פאַרגעשטעלט אין דעם ספר דברי הימים, און ער קומט אַרויף

אנקלאגען איהם, ווי דאס ווערט פארגעשטעלט אין דעם ספר איוב. דער־
זעלביגער שטן — ער איז אויך דער יצר הרע און דער מלאך המות (בבא
בתרא ט"ז). דאס נעהמט זיך אלין פון דעם גלויבען, אז די זינד פון אדם
הראשון, וואס האט זיך געלאזט איבעררעדען פון דער שלאנג, האט גע־
בראכט דעם טויט אויף דער וועלט. די גלויבונגען: אין דער געטליכער
השגחה, אין גאטס פארויסזעהען די מענשליכע האנדלונגען, אין דעם מענ־
שענס פרייהייט צו האנדלען נאך זיין אייגענעם ווילען און אין זיין נייגונג
צו זינד, — אט די אלע גלויבונגען געפינען זיך אין א געוויסען ווידער־
שפרוך צווישען זיך. פונדעסטוועגען האבען זיי זיך ביים פאלק געהאל־
טען, ווייל זייערע טאטעס זיינען געוועזן גלויביגע, זיי אליין זיינען
געוועזן גלויביגע, און זיי האבען זיך ניט אריינגעלאזען אין קיינע שום
חקירות. גאט, דער אויפזעהער, איז דער קיניג פון דער וועלט, און זיין
קיניגרייך ווערט אנגערופען דאס הימלישע קיניגרייך. ער הערשט איבער
אלע פעלקער, פונקט ווי איבער די אידען, מיט די אידען אבער איז מעהר
פארבונדען זיין נאמען (ספרי: ואתחנן, פיסקא ל"א). די אנדערע פעל־
קער האט גאט איינגעטיילט אויף זייער חלק קיניגס — מענשען; די
אידען אבער האט ער געשטעלט אונמיטעלבאר אונטער זיין הימלישער
הערשאפט (בן סירא: קאפ. י"ז, פערז 13). אט דער גלויבען איז ביי זיי
בעזונדערס פארשטארקט געווארען דורך די זעלאטען, וועלכע האבען אנ־
געפיהרט דעם אויפשטאנד פאר'ן חורבן. זיי האבען דאס אוועקגעשטעלט,
ווי א פעסטען פרינציפ („אידישע אלטערטימער", בוך 18, קאפ. 1. אבות
דרבי נתן, פרק כ'). דערזעלביגער געדאנק נעהמט ביי זיי אן אויך אן
אנדער פארם: אלע פעלקער זיינען זיינע (גאטס), נאר ער האט זיי גע־
שטעלט אונטער דער אויפזיכט פון זיינע מלאכים; איבער די אידען
אבער הערשט ער אליין, און זיי שטעהען אונמיטעלבאר אונטער זיין
אויפזיכט (ספר היובלים, קאפ. 15, פערזען 31—32. פרקי דרבי אליעזר,
פרק כ"ד). פון ליעבשאפט צו די אידען, כדי די אנדערע פעלקער זאלען
פאר זיי דרך ארץ האבען, האט גאט געלאזט וויסען די פעלקער, אז ער
אליין איז איבער די אידען דער פיהרער (מכילתא: בשלח, מסכתא ויהי,
פרשה א'). דאס שטרעבען צו נאציאנאליזירען דעם איין־איינציגען גאט,
אין דעם זין, אז זיי זאלען איהם רעכענען נאר פאר א גאט איבער די אידען
און ניט איבער די אנדערע פעלקער, — אזוינס ליגט ניט אין דעם פונ־
דאמענט פון דעם אידישען גלויבען. פארקעהרט, זיי האבען געגלויבט,
אז גאט העלפט אלעמען, ווער עס געפינט זיך נאר אויף דער וועלט. מעהר
ניט, מיט די אידען אינטערעסירט ער זיך מעהר צוליעב זייער ערענט־

ליכקייט און צוליעב זייער גלויבען. גאָט נעהמט זיך איבער מיט די אידען, ווייל ער איז ביי זיי „דער גלאַנץ פון זייער שטאַרקייט" (מכילתא: בשלח, מסכתא שירה, פרשה ג'), ד.ה. אויף איהם אליין פאַרלאָזען זיי זיך. ער האָט זיי געמאַכט פאַר איין אויסנאַהם אין דער וועלט, ווייל זיי האָבען איהם געמאַכט פאַר איין אויסנאַהם אין דער וועלט (חגיגה ג'. חכמת שלמה. בן סירא אין פאַרשיידענע ערטער). דעריבער טאָקי זיינען איהם די אידען אַזוי ליעב, אַז זיי ווערען אָנגערופען גאָטס קינדער (אבות. פרק ג', משנה י"ד. אויך פיעלע אַנדערע ערטער). מיט זיינע קינדער בעגעהט ער זיך מיט רחמנות (ברכות ז') און, ווען ער משפט זיי, ציהט ער אריבער אויף דער זייט פון גענאַד (ראש השנה י"ז). אפילו ווען עס איז אויף איינעם אָנגע'חתמ'עט אַן א'מגליק, איז דורך געבען צדקה, גאָט בעטען און תשובה טאָן קאָן נאָך דער מענש פועל'ען, אַז די גזירה זאָל אָפּגעשאַפט ווערען (ראש השנה ט"ז. ירושלמי: תענית, פרק ב' הלכה א'. טוביה, קאַפּ. י"ב, פערז 11). צדקה איז אַלץ איינס, ווי א קרבן (בן סירא: קאַפּ. ל"ה, פערזען 1—3). עס ווערט גערעכענט פאַר א מין אויסלייזגעלט, מיט וואָס מען קאָן זיך אויסקויפען פון גאָטס שטראָף (דניאל, קאַפּ. ד' פסוק כ"ד). גאָט בעטען הייסט אַפּריכטען א גאָטעסדינסט ביי זיך אין הארצען, און דאָס ווערט פאַררעכענט, פּונקט ווי מען וואָלט אָפּגעריכט א גאָטעסדינסט ביים מזבח (ספרי: עקב, פיסקא מ"א). מתפלל זיין דאַרף מען מיט אַן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ (ברכות ל'), מיט א ריינעם האַרצען, אין א טאָן פון איינעם, וואָס בעט רחמים ביי גאָט (אבות, פרק ב', משנה י"ג). גאָט גאַרט זעהר נאָך דעם צדיק'ס תפלה (יבמות ס"ד), אין אויף דעם צדיק'ס פאַרלאַנג ציהט ער אָפּטמאָל זיין גזירה צוריק (ירושלמי: תענית, פרק ג', הלכה י'). פּונקט אַזוי גוט העלפט אויך דאָס תשובה טאָן (יומא פ"ה. ירושלמי: יומא, פרק ח', הלכה ו' און הלכה ז'. מכילתא: יתרו, מסכתא בחדש, פרשה ז'. אויך פיעלע אַנדערע ערטער). גאָט האָלט שטענדיג אויסגעשטרעקט זיין האַנט אויף אויפצונעהמען די, וועלכע טוען תשובה (פסחים קי"ט). אבער נאָר מיט דעם תנאי, אַז די תשובה זאָל געטאָן ווערען מיט'ן גאַנצען הארצען. ווען איינער, צ. ב. זאָגט: איך וועל תשובה טאָן און דערנאָכדעם יועל איך ווייטער זינדיגען, העלפט ניט די תשובה (בן סירא, קאַפּ. ל"ד, פערזען 27—24. יומא פ"ה). וואָרום דאָס איז אַלץ איינס, ווי איינער זאָל זיך טובל זיין פון זיין אומריינקייט און אין יענעם מאָמענט גופא זאָל ער האַלטען אַן אומריינע זאַך אין זיין האַנט.

## מלאכים און
## גייסטער.

די מלאכים, וואס ערפילען אין הימלישען קיניגרייך העכערע פונק־ציעס, ווערען אנגערופען „מלאכי השרת“ (דינסט־מלאכים). די נאמען פון די מלאכים האבען זיי געבראכט מיט זיך פון בבל (ירושלמי: ראש השנה, פרק א', הלכה ב'). דעריבער ווערען אין די עלטערע הייליגע שריפטען די מלאכים ערגעץ ניט אנגערופען מיט קיין נעמען. אין די שפעטערדיגע שריפטען ווערען יע דערמאהנט אייניגע מלאכים מיט די נעמען (דניאל: קאפ. ח' און קאפ. י'). זיי ווערען אנגערופען דארטען „שרים“ (הארען, רעגירער). יעטוועדע מלוכה אויף דער ערד האט איהרען א פארשטעהער אדער א „שר“ אין הימעל. מיכאל איז דער אידישער פארשטעהער. (דניאל, קאפ. ו', פסוק כ"א), און ער איז איינער פון די ערסטע הארען אין הימעל (דאסזעלביגע קאפיטעל, פסוק י"ג). עס ווערען דערמאהנט (טוביה, קאפ. י"ב, פערז 18) זיבען געזיכטס־מלאכים (מלאכי הפנים). דאס דערמאהנט אן די וויכטיגע זיבען מלאכים, וועלכע מיר בעגעגענען ביי די פרס'ער; זיי ווערען אנגערופען ביי זיי „אמחספנדס“. די גע־זיכטס־מלאכים שטעלען מיט זיך פאר א בעזונדער טיפ (ספר היובלים, קאפ. ב'). פון זיי ווערען ספעציעל דערמאהנט: מטטרון (סנהדרין ל"ח) און סוריאל (ברכות נ"א). פאראן נאך הייליגקייטס־מלאכים (ספר היובלים, קאפ. ב' און ספר חנוך.) זיי ווערען אנגערופען אויך „קדישין“ אדער „עירין“ (דניאל, קאפ. ד', פסוק י"ד). דער מלאך גבריאל ווערט אנגע־רופען אויך סתם „הייליגער“ (דניאל, קאפ. ח', פסוק י"ג). ער ווערט דערמאהנט אין צוזאמענהאנג מיט די מלאכים: מיכאל, רפאל, אוריאל, סוריאל און פניאל (ספר חנוך, קאפ. 9, בבא מציעא פ"ו.) דער גרעסטער פון זיי איז מיכאל (יומא ל"ז). דער מלאך גבריאל ווערט ביי זיי אנגע־רופען אויך „רוח פסקנית“. און ער האט נאך דריי נעמען: פסקון, איטמון און סגרון (סנהדרין מ"ד). פאר אלע ערשיינונגען פון דער נאטור האבען זיי געשאפען רעגירער, גייסטער און מלאכים (ספר חנוך, קאפ. 55). רהב איז דער רעגירער איבער'ן ים (בבא בתרא ע"ד). דומה איז דער מלאך, וואס האט די אויפזיכט איבער די ווינטען (סנהדרין צ"ד) (6). יורקמי איז דער רעגירער איבער'ן האגעל (פסחים קי"ח). דער מלאך, וואס האט די אויפזיכט איבער שוואנגערשאפט, ווערט אנגערופען לילה (נדה ט"ז). פאראן מלאכים, וואס זיינען פון דעם מענשענס וועגען שתדלנים ביי גאט. איינער פון זיי איז סנדלפון (חגיגה י"ג). דער מלאך מטטרון פארשרייבט

דעם מענשענס האנדלונגען איז א בוך (חגיגה ט"ו). מטטרון דאס איז חנוך, ירד'ס זוהן, וואס גאט האט איהם בעהאלטען ביי זיך (ילקוט). עהנליכע געדאנקען געפינען מיר אין דעם ספר חנוך און אין דעם ספר היובלים. אחוץ די מלאכים, וואס האבען די אויפזיכט איבער געוויסע ערשיינונגען פון דער נאטור, זיינען דא נאך זיבעציג פארשטעהער פון די פארשיידענע פעלקער (7). יעדער פאלק האט זיין בעזונדער פארשטעהער. אחוץ דעם, זיינען דא גלאט מלאכים און בייזע גייסטער גאר אהן א צאהל. זיי האבען זיך וועגען דעם אויסגעדריקט אזוי: ווען דעם אויג וואלט געווען ערלויבט צו זעהען די שעדליכע גייסטער (מזיקין), וואלט קיין שום בעשעפענים ניט געקאנט איינשטעהן (ברכות ו'; ז. אויך פילאנ'ס ווערק „וועגען דער לעהרע, אז חלומות ווערען געשיקט פון גאט," בוך 1, אפטיילונג 22). זיי האבען גערעכענט, אז אלערליי משוגעת שטאמט פון בייזע גייסטער („אידישע אלטערטימער", בוך 6, קאפ. 8). דער שטן, דער פארפיהרער, ווערט אנגערופען אויך סמאל (סוטה י'). עזאזל איז איי־נער פון די זינדיגע מלאכים, וואס זיינען ארונטער אויף דער ערד. ער רעדט צו דעם מענשען צו טאן שלעכטס (ילקוט, בראשית, רמז מ"ד. יומא ס"ז). א בעזונדער סארט בייזע גייסטער זיינען די שדים. אין זייער עקזיסטענץ האבען זיי געגלויבט מיט'ן גאנצען הארצען, אזוי אז דאס איז אפילו ביי זיי אפטמאל געווען א מאטיוו אויף צו איינפיהרען און בע־גרינדען פארשיידענע הלכות און דינים (שבת כ"ט. גיטין ס"ו. יבמות קכ"ב. סנהדרין מ"ד). איניגע שדים ווערען אנגערופען ביי זיי מיט די נעמען, צ.ב.: אשמדאי, דער אויבערהאר איבער אלע שדים (גיטין ס"ח). לילית — א נאכט־שד (שבת קנ"א), וואס האט פליגלען (נדה כ"ד). הורמיז, לילית'עס א טאכטער (בבא בתרא ע"ג). בן תמליון (מעילה י"ז). אויף א געוויסען ארט מיט'ן נאמען שיחין האבען זיי געזאגט, אז דריי־הונדערט פארשיידענע סארטען שדים געפינען זיך דארטען (גיטין ס"ח). א בעזונדער סארט בייזע גייסטער זיינען די, וואס ווערען אנגערופען „מלאכי חבלה". זייער צאהל איז זעהר גרויס (שבת פ"ח. פסחים קי"ב). איניגע פון זיי ווערען אנגערופען מיט די נעמען. עס איז אונמעגליך אויסצורעכענען די אלע ערפינדונגען אויף דעמדאזיגען געביט, וואס די איינבילדונגסקראפט האט געשאפען, און עס האבען זיך געפונען אזעלכע, וואס האבען אין אלצדינג געגלויבט.

די מלאכים ענטפלעקען זיך צו די צדיקים. אליהו הנביא, וואס ער איז אין דער מדרגה פון א מלאך, וואנדערט ארום פון שטאדט צו שטאדט (בבא קמא ס'). ער פאסט אויף אויף די מענשענס טריט, ער ענטדעקט

גאָטס געהיימניסען צו די פרומע (ברכות ג׳) און פאַרענטפערט זייערע ספקות (פסחים ע׳). דעם צדיק׳ס פרומקייט קאָן איהם ברענגען אין בעריהרונג מיט׳ן הייליגען גייסט. כאָטש אפילו זיי האָבען געהאַלטען, אז זינט די לעצטע נביאים זיינען געשטאָרבען, האָט זיך אין אַלגעמיין דער הייליגער גייסט אָפּגעטאָן פון די אידען (דער סוף פון מסכת סוטה אין בבלי און ירושלמי), פונדעסטוועגען האָבען זיי געגלויבט, אז אויסנאַהמסווייז ענטפּלעקט זיך נאָך אַמאָל יע דער הייליגער גייסט צו איינצעלנע מענשען אדער זיי הערען א „בת קול“, ד.ה. א שטים פון הימעל (מגילת תענית, פרק י״א. סוטה ל״ג. סנהדרין י״א און פיעלע אנדערע ערטער). היינט וויבאַלד זיי האָבען גערעכענט, אז די צדיקים שטעהען אין נעהענטערע בעציהונגען צו גאָט, האָבען זיי שוין ממילא געגלויבט, אז מיט זייער תפלה, ווען זיי זאָלען גאָט בעטען פאַר אנדערע, קענען די צדיקים אויסווירקען גוטעס פאַר יענע. דעריבער ווען מען האָט זיך געריכט אויף אן אומגליק, האָבען זיי זיך שטענדיג געווענדט צו די בעריהמטע צדיקים פון זייער צייט, אז יענע זאָלען פאַר׳ן פאָלק גאָט בעטען (ברכות ל״ד. תענית, פרק ב׳ אין בבלי און ירושלמי).

שפּרעכעריִיען און כישוף.

זיי האָבען אויך געגלויבט אין דעם צדיק׳ס קראַפט צו ווירקען מיט דער הילף פון פאַרשיידענע שפּרעכרייען, אדער ל ח ש י ם; ווארום מיר זעהען, אז דאָס האָט געשפּילט א ראָלע ביי דער ענטשטעהונג פון קריסטענטום; סיי דער גרינדער פון דער נייער רעליגיאָן, סיי זיינע שלוחים האָבען זיך געבריהמט מיט דער דאָזיגער קראַפט. אט דעריבער זיינען זיי דאַמאָלסט אזוי ענטשידען ארויסגעטראָטען געגען די, וואָס שפּרעכען אָפּ א וואונד (סנהדרין צ׳). פאַרשטעהט זיך, אז דאָס איז ניט געווען קיין שפּאָגעל־נייע ערפינדונג פון דער זייט פון די קריסטען, נאָר דער גלויבען אין אזעלכע זאַכען האָט שוין פון ווען אָן עקזיסטירט. ביי בן־דימא׳ן, ר׳ ישמעאל׳ס א שוועסטערס א זוהן, איז רעכט געווען, אז דער קריסט יעקב פון כפר סכניה זאָל איהם היילען מיט דעם נאָמען פון זיין לעהרער (עבודה זרה כ״ז. ירושלמי: עבודה זרה, פרק ב׳, הלכה ב׳. תוספתא: חולין, פרק ב׳). די שפּרעכערייען, וואָס פלעגען שטענדיג גע־זאָגט ווערען שטילערהייט (8) זיינען אהן שום ספק בעשטאַנען דערין, וואָס זיי פלעגען מיט גאָטס נעמען בעשווערען די ווירקענדע גייסטער צו טאָן דאָס און דאָס. אנדייטונגען אויף אזעלכע זאַכען, ווי שפּרע־

בערייען, געפינען מיר נאך אין די עלטערע הייליגע שריפטען. ווייטער האבען זיי געגלויבט, אז מען קאן אויך ווירקען מיט אזעלכע שפּרעכערייען, וואו עס ווערען אנגערופען די נעמען פון אומריינע גייסטער (סנהדרין צ"א), דהיינו, די נעמען פון שדים און בעזונדערס דער נאמען פון דעם שטן גופא. בעשווערונגען מיט דעם שטנ'ס נאמען און כישוף — דאס איז אלץ איינס. דער גלויבען אין כישוף האט ביים פאלק עקזיסטירט נאך אין גאר די עלטערע צייטען. בעזונדערס זיינען געווען אריינגעטאן אין כישוף די פרויען (אבות, פרק ב' משנה ז'. עירובין ס"ד), און אין דער צייט פון שמעון בן שטח איז דאס ביי זיי געווארען א מין עפּידעמיע (סנהדרין מ"ה). נאך פון פארצייטען אן איז די כישוף־מאכעריי געווען א ווייבערשער עסק, ווארום אין דער תורה גופא ווערט גערעדט וועגען א כישוף־מאכערין (מכשפה). די לעגענדע דערצעהלט, אז דאס האבען די זינדיגע מלאכים, וואס האבען זיך צוגעשארט צו די מענשליכע טעכטער, זיי אויסגעלערנט די בעשווערונגען און כישוף־מאכעריי (ספר חנוך, קאפּ. 7. ילקוט, בראשית, רמז מ"ד). כישוף־מאכעריי איז ביי די אידען געווען זעהר פארהאסט. כאטש אפילו זיי האבען אין דער ווירקונג פון כישוף געגלויבט, פונדעסטוועגען האבען זיי די כישוף־מאכערס פערפאלגט. וואס בעלאנגט אבער צו היילען קראנקהייטען מיט דער הילף פון שפּרעכערייען און בעשווערונגען, אדער פארטרייבען בייזע גייסטער מיט דער הילף פון בעשווערונגען, איז דאס האבען אפילו די מעהר אויפגעקלערטע ניט גע־האלטען פאר קיין עולה, ווייל זיי האבען אין דעם מיט'ן גאנצען הארצען געגלויבט. זיי האבען אפילו געגלויבט, אז די נוסחאות פון די שפּרעכע־רייען און בעשווערונגען שטאמען פון שלמה המלך („אידישע אלטערטי־מער", בוך 8, קאפּ. 2, פאראגראף 5). דאס אלץ האבען זיי געהאלטען פאר געוויסע קאנאלען, וואס פארבינדען די מאטעריעלע וועלט מיט דער גייסטיגער וועלט. פאר א בעזונדער טיפּ פון אזעלכע פארבינדונגס־קאנאלען האט זיך ביי זיי גערעכענט דער חלום. די געבילדעטע האבען געזוכט צו ערקלערען דעם פאלק, אז די חלומות האבען ניט קיין שום ממשות; אז דער חלום קומט נאר פון צופיעל טראכטען וועגען וואס עס איז (קהלת, קאפּ. ה', פסוק ב'); אז די נאכטטרוימען זיינען נאר איר־בילדער, און עס איז ניטא וואס צו שרעקען זיך פאר זיי: מען דארף נאר מורא האבען פאר גאט (בן סירא, קאפּ. ל"ד, פערזען 7—1. קהלת, קאפּ. ה', פסוק ו'). עס האט אבער גארנישט געהאלפען אנטקעגען דעם גלויבען אין חלומות, וואס איז ביים פאלק געווען שטארק איינגעוואר־צעלט עס איז כמעט געווארען א בעזונדער פּראפעסיע אין ירושלים צו

בעשיידען חלומות (ברכות נ"ח). צוליעב דידאזיגע גלויבונגען, וואס זיי־ נען אין יענער צייט אין פאלק געווען פארברייט, פלעגען זיי זיך שרעקען אויף יעדען טראט. זיי האבען מורא געהאט ארויסצוריידען א שלעכט ווארט פון מויל, טאמער וועלען זיי דרוך דעם אראפברענגען אויף זיך דעם שטן, און עס איז ביי זיי געווארען א כלל (ברכות י"ט), אז מען טאר ניט געבען דעם שטן קיין אויסרייד (אל תפתח פה לשטן). ווען זיי האבען צ.ב. געוואלט זאגען, אז פון דעם און דעם קאן נאך ארויסקומען פאר די אידען אן אומגליק, פלעגען זיי אנשטאט „די אידען" זאגען „די איי־ דישע שונאים": זיי האבען מורא געהאט, אז ווען זיי זאלען זיך אויס־ דריקען דייטליך, וועט זיך דער שטן אן זייערע רייד גלייך אנכאפען. זיי האבען געגלויבט אין גוטע סימנים און שלעכטע סימנים (ברכות ל"ד). אין א משך פון דורות און דורות האבען זיי זיך אלץ ניט געקאנט שיידען מיט זייערע סימנים און צייכענס אויף צו טרעפען די צוקונפט (סוכה כ"ט. מכילתא: בא, פרשה א'). אפטמאל פלעגען זיי אליין ביי זיך אפ־ מאכען אפריהער, אז דאס און דאס זאלען זיי אננעהמען פאר א סימן, און דאס האט ביי זיי געהייסען „ניחוש" (חולין צ"ה) (9). אבער די גרעסטע פון די געלערנטע האבען דידאזיגע אבערגלויבענס ענערגיש בע־ קעמפפט (שבת ס"ז. סנהדרין ס"ה. דער אנגעוויזענער ארט אין מכילתא). געוויס, מען קאן ניט זאגען, אז די אלע גלויבונגען זיינען געווען פערנינפ־ טיג און האבען געשטימט מיט די אידעען פון דער תורה און פון די נביאים. דאך אבער שטאמען זיי פון א ריינעם קוואל. דאס נעהמט זיך אלץ פון דעם גלויבען אין דער געטליכער השגחה. פונקט ווי פון איין מוטער קענען געבארען ווערען קינדער, וועלכע שיידען זיך אפ איינס פון דעם אנדערען מיט זייער אויסזעהען, מיט זייער וואוקס און מיט זייער שענ־ קייט, אזוי זיינען אויך פון דעם גלויבען אין דער געטליכער השגחה ארויס־ געקומען פארשיידענע אפצווייגונגען: אייניגע פון זיי זיינען געזונטע און גוטע; אנדערע זיינען גייסטיג שוואכע און מאגערע. דאך אבער האבען זיי אלע אין זיך וואס עס איז פון דעם גייסט, פון וועלכען זיי שטאמען.

**שטראף און לוין. די אונשטערב־ ליכקייט פון דער נשמה.**

די וויכטיגסטע קאנסעקוועגץ פון דעם גלויבען אין דער געטליכער השגחה איז דער גלויבען אין שטראף און לוין. זיי האבען פעסט געגלויבט,

אז אלץ, וואס דעם מענשען פאסירט פאר דער צייט פון זיין לעבען: סיי דאס גוטע, סיי דאס שלעכטע, איז א פראדוקט אדער א רעזולטאט פון זיינע אייגענע האנדלונגען (פאה, פרק א׳, משנה א׳. מנחות מ״ד). סיי פאר גוטס, סיי פאר שלעכטס בעצאהלט דער אויבערסטער מדה כנגד מדה (סוטה ח׳ און פיעלע אנדערע ערטער). פאר גוטס בעצאהלט ער אבער מיט א גרעסערער מאס, איידער פאר שלעכטס (בן סירא, קאפ. ל״ה. סנהדרין ק׳ און פיעלע אנדערע ערטער). ווען דעם צדיק קומט אויס צו ליידען אויף ד ע ר וועלט, איז דאס אדער כדי אויסצופרואווען איהם, אדער כדי ער זאל אפקומען פאר דאס ביסעלע זינד אויף ד ע ר וועלט און זיין לוין זאל בלייבען גאנץ אויף יענער וועלט (תענית י״א. בבא בתרא ט״ז. הוריות י׳. בן סירא, קאפ. ב׳. טוביה, קאפ. ב׳. פארשיידענע ערטער אין ספר חכמת שלמה). ווען דעם רשע געהט גוט אויף ד ע ר וועלט, איז דאס נאר, כדי אפצופטר׳ן איהם דערמיט, איהם זאל ניט קומען קיין חלק אויף יענער וועלט (בבא בתרא ט״ז. ספרי: האזינו, פיסקא ש״ז). אין א זינדיגען דור שטארבען אפטמאל צדיקים: דאס איז אדער כדי צו פארהיטען זיי, אז זיי זאלען זיך ניט אפלערנען פון זייערע צייט־גענאסען (חכמת שלמה, קאפ. ד׳. פיעלע ערטער אין דער גמרא); אדער צו פארשפארען זיי צו ליידען מיט אלעמען גלייך די שטראף, וואס דעם זינדיגען דור שטעהט פאר (מכילתא: משפטים, פרשה י״ח); אדער כדי זייער טויט זאל זיין א כפרה פאר אלעמענס זינד (ספרי: וזאת הברכה, פיסקא שמ״ד). גאט טוט טובות די אידען צוליעב דעם זכות פון די אבות. גאט לאזט איבערהויפט קינדער געניסען דעם זכות פון זייערע עלטערן, און פארקעהרט אויך: ער רעכענט זיך אפ מיט קינדער פאר זייערע עלטערנס זינד. דער נביא יחזקאל האט שוין אויסגעטייטשט, אז דאס געהט נאר אויף דעם פאל, ווען די קינדער פיהרען זיך, פונקט ווי זייערע עלטערן האבען זיך געפיהרט (ז. פריהער, זייט 116). פון אט דעם כלל האבען זיי שטענדיג געהאלטען (סנהדרין כ״ז. פיעלע ערטער אין דעם ספר בן סירא). דער לוין פאר די גוטע מעשים ערווארט דעם מענשען אויך נאכ׳ן טויט, ווארום מיט דעם מענשענס טויט געהט זיין נשמה ניט אונטער, נאר זי בלייבט אייביג לעבען. די נשמות פון די צדיקים, וואס זיינען גענומען געווארען פון אונטער גאטס טראן (חגיגה י״ב), ווערען אריינגעבראכט אין שאצקאמערן (ספרי: פנחס, פיסקא קל״ט, און וזאת הברכה, פיסקא שמ״ד). ווען דער מענש שטארבט, זעהט ער, אז עס זיינען דא צוויי וועגען: איינער פון זיי פיהרט אין גן עדן אריין, דער אנדערער — אין גיהנם (ברכות כ״ח). ער דארף דאן אפגעבען רעכענשאפט אנט-

קעגען גאָט פאַר זיינע האַנדלונגען (אבות, פרק ג׳, משנה א׳). אין וואָס אייגענטליך עס בעשטעהט דער לוין און די שטראָף אויף יענער וועלט, וועגען דעם האָבען די בעלי התלמוד גערעדט ניט אזוי דייטליך. אין דעם ספר עזרא ד׳ (קאַפּ. 7) ווערט אויסגערעכענט אלץ אויפ׳ן האַר, אָבער אין פיעלע פּרטים חזר׳ט ער איבער דאָס, וואָס מיר געפינען אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה, דהיינו: די נשמות פון די צדיקים ווערען אריינ־געבראַכט אין שאַצקאַמערן, וואו עס שיינט דאָס אייביגע ליכט (בראשית רבה, פרשה ג׳); די נשמות פון די רשעים ווערען איבערגעגעבען צו די מלאכי חבלה (ספרי: וזאת הברכה, פיסקא שנ״ז), וועלכע געהען זיי אנטקעגען און נעהמען זיי איבער, דאַן ווען די נשמות פון די צדיקים ווערען איבערגענומען פון די מלאכי השרת (כתובות ק״ד); די צדיקים געניסען דעם שיין פון דער שכינה (ברכות י״ז); דעם מענשענס האַנד־לונגען, וואָס זיינען אַלע פאַרשריבען אין א בוך (אבות, פרק ג׳ משנה ט״ז), ווערען אויסגעלייענט פאַר איהם; ער ווערט גע׳משפט פאַר זיי, און ער אנערקענט דעם משפט פאַר גערעכט (תענית י״א. ספרי: האזינו, פיסקא ש״ז); זיבען אָפּטיילונגען זיינען דאָ פאַר די צדיקים אין גן עדן, איינע איבער דער אַנדערער (ספרי: דברים, פיסקא י׳). עהנליכס צו דעם אַלעם געפינען מיר אין דעם ספר עזרא ד׳. אָט אזוינע בילדער האָבען געלעבט אין דעם פאָלקס פאַרשטעלונג, און די פאַנטאַזיע האָט געשאַפען נאָך טויזענטער עהנליכע. דער עיקר אָבער איז ביי אַלעמען געוועזען אָנגענומען, אַז מיט דעם מענשענס טויט געהט זיין נשמה ניט אונטער. ביי דעם גאַנצען סקעפּטיציזם, וואָס קהלת דריקט אויס אין בעצוג צו דעם מענ־שענס פערזענלאָנטוואָרטליכקייט נאָכ׳ן טויט (קאַפּ. ט׳, פסוק י׳), קומט ער דאָך סוף כל סוף צום שלוס, אַז דער גייסט קעהרט זיך אום צו גאָט (קאַפּ. י״ב, פסוק ז׳). אין די מעהרסטע פון די אַפּאָקריפישע שריפטען ווערט דער גלויבען אין דער אונשטערבליכקייט פון דער נשמה אויסגע־דריקט, צי אונדייטליך (בן סירא: קאַפּ. מ״ח, פערזען 5 און 19) אָדער דייטליך (טוביה, קאַפּ. ב׳, פערז 18. חשמונאים ב׳, סוף פון קאַפּ. י״ב. פיעלע ערטער אין דעם ספר חכמת שלמה). דאָס, וואָס די פאַרשטעלונג וועגען דעם מענשענס גייסטיגער עקזיסטענץ נאָכ׳ן טויט איז ביי זיי פאַרבונדען מיט דעם בעגריף פון עפּעס א בעהעלטעניס פאַר דער נשמה, איז מחמת דעם, ווייל זיי האָבען געגלויבט, אַז די נשמות מוזען געהיט ווערען ביז׳ן לעצטען יום הדין (פיעלע ערטער אין די ספרים: חכמת שלמה, חנוך, עזרא ד׳ און היובלים. „אידישע אַלטערטימער״, בוך 18. קאַפּ. 1, פּאַראַגראַף 3. סנהדרין ק״ח) (10). די נשמות פון די רשעים

ווערען געהאַלטען געפאַנגען אין דער אונטערוועלט (חנוך, עזרא ד׳ און ספר היובלים). און זיי איז ניט ערלויבט צו בעזוכען ווידער די וועלט און פערקעהרען צווישען די לעבעדיגע, דאַן ווען די נשמות פון די צדיקים איז אזוינס יע ערלויבט („אידישע אלטערטימער" בוך 18, קאַפּ. 1). אַט דעריבער האָבען זיי געזאָגט, אז די צדיקים ווערען אפילו נאָכ׳ן טויט אויך אַנגערופען לעבעדיגע (ברכות י"ח. ירושלמי: ברכות, פרק ב׳ הלכה ג׳. עוואנגעליום: מאטיאס, קאַפּ. 22, פערז 32). צי האָבען זיי געגלויבט, אז די נשמה פון א געשטאָרבענעם קאָן איבערגעהן אין א נייעם גוף און לעבען אין א צווייטען גלגול אויף דער וועלט? אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה איז ניטאָ אויף דעם קיין שום אָנדייטונג, אָבער אין אַנדערע ווערק פון פאַרצייטיגע אידען זיינען יע אויף דעם פאַראַן אָנווייזונגען. ווערדליג ווי יוסיפון בעשטעטיגט („אידישע מלחמות", בוך 2, קאַפּ. 8, פאַראַגראַף 14), האָבען זיי געגלויבט, אז די נשמות פון צדיקים געהען איבער אין נייע גופים. אין דעם ספר עזרא ד׳ פרעגט עזרא אַז, צי די נשמות פון די געשטאָרבענע ערשיינען אין נייע גופים? א סימן, אז אין דעם שרייבערס צייט האָט מען אין אזא זאַך געגלויבט. אויך אין די עוואנגעליעס (מאטיאס, קאַפּ. 14, פערז 2) איז דאָ א שטיקעל רמז אויף דעם. דאָך אָבער קאָן מען ניט זאָגען בעשטימט, אז דערדאָזיגער גלויבען איז געווען פאַרברייט צווישען דעם פאָלק.

**דער גלויבען אין משיח׳ן.**

**דער ספר דניאל.**

דער הויפּט־לוין און די הויפּט־שטראָף וועט ערסט זיין ביים לעצטען יום הדין, וואָס פריהער דאַרף קומען משיח. דער גלויבען אין משיח׳ן איז נאָך פון לאַנג אָן ביים פאָלק געווען איינגעוואָרצעלט (פריהער, קאַפּ. 4). זינט נאָכ׳ן ערסטען חורבן איז דערדאָזיגער גלויבען געוואָרען מעהר קאָמפּליצירט און האָט זיך צוזאַמענגעפלאָכטען מיט אנדערע פאָלקס־אידעען. וואָס מעהר צרות עס זיינען אויף זיי אָנגעשטאַנען, אלץ שטאַרקער איז די האָפענונג אויף דער אויסלייזונג ביי זיי געוואָרען. אין איהר רעכטען עיקר איז דידאָזיגע האָפענונג געווען עפּעס געמיינשאַפטליכס ביי אַלע עלעמענטען פון פאָלק אין אַלערליי צייטען. אָבער די קאָנקרעטע פאָרם, אין וועלכער זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט די אויסלייזונג, איז ניט אין אַלע צייטען און ניט ביי אַלעמען געווען גלייך. דער כאַראַקטער

פון דעם אויסלייזער האט זיך אין זייער פארשטעלונג געענדערט, אפ־
הענגיג פון דערפון, אויף וואס פאר א מדרגה פון ענטוויקלונג זיי זיינען
געשטאנען, און אין וואס פאר א פאליטישער לאגע זיי האבען זיך גע־
פונען: צי זיי האבען מעהרער געליטען פון דעם דרוק אדער ווע־
ניגער. פונקט ווי יעדערע פון די פריהערדיגע עפאכען האט ארויפ־
גערדיקט איהר בעזונדער שטעמפעל אויפ'ן משיח־געדאנק, אזוי אז
צווישען די ערסטע און די לעצטע נביאים בעמערקט זיך אן אונ־
טערשייד אין דעם, ווי אזוי די און יענע האבען זיך פארגע־
שטעלט דעם משיח, אט אזוי איז דאס צוגעגאנגען אויך שפעטער,
אין דער צייט פון דעם צווייטען בית המקדש. באלד ווי זיי האבען זיך
אומגעקעהרט פון גלות, האט די זון א שיין געטאן אויף זייער זייט, און
עס האט זיך גערוכט, אז די ישועה איז שוין ביי זיי געוועז, ווי אין קע־
שענע. נאך וואס זייער הארץ האט נאך דאמאלסט געבענקט, איז גע־
ווען די פארפאלשטענדיגונג פון דער רעליגיעזער און נאציאנאלער אויפלע־
בונג. און אין דעם האט זיך אויסגעדריקט זייער האפענונג. נחמיה האט גע־
האפט, אז עס וועט אויפשטעהן א כהן, וואס וועט טראגען דעם אורים
ותומים (עזרא, קאפ. ב', פסוק ס"ג) (11) און אז גאט וועט אויפקלייבען
פון אומעטום די פארוואגעלטע אידען און וועט זיי ברענגען אין דעם
אויסדערוועהלטען ארט (נחמיה, קאפ. א', פסוק ט'). איינער פון די
נביאים, וואס האט נביאות געזאגט אין גלות, אין דער צייט פון כורש
(ישעיה דער צווייטער), האפט אויף א פאלשטענדיגער אויסלייזונג, אויף
אן אייביגער בעפרייאונג: פון גלות וועלען אלע אומגעקעהרט ווערען.
גאט וועט זיך אפרעכענען מיט זיינע פיינד, כדי זיי זאלען פאר איהם
אלע מורא האבען. אויף די אידען וועט שיינען גאטס ליכטיגקייט, און
נאך דעמדאזיגען שיין וועלען נאכגעהן די פעלקער. זיי וועלען דער־
זעהען גאטס הערליכקייט, און פונקט ווי די אידען, וועלען זיי ברענגען
געשאנקען אין גאטס הויז אין ירושלים. א וואלף מיט א שאף וועלען זיך
דאמאלסט פיטערן אין איינעם. עס וועט ניט זיין קיין שום שאדענטוער
דארטען, וואו עס געפינט זיך גאטס הייליגער בארג. די רשעים, וואס
האבען ניט געפאלגט גאט, וועלען פאר'משפט ווערען צום אונטערגאנג,
און זייער נאמען וועט ביי אלע מענשען בלייבען פארהאסט. אזוי ווערט
די אויסלייזונג פארגעשטעלט אויך ביי די נביאים: חגי, זכריה און מלאכי.
צום סוף פון דעם ספר מלאכי געפינען מיר אבער א נייס: אז גאט וועט
צו זיי שיקען אליהו הנביא'ן, איידער עס וועט קומען ד ע ר ג ר ו י ס ע ר
ט א ג גאטס. עס ווערט ניט ערקלערט, וואס דער גרויסער טאג בע־

דייט? צי דאס איז דער טאג, ווען משיח וועט קומען, אדער דער טאג פון דעם לעצטען יום הדין? צי איז אליהו נאר דער אנזאגער, אז משיח וועט קומען, אדער ער אליין איז דער אויסלייזער? ווי מיר האבען שוין אויפגעוויזען אין אן אנדער ארט (פריהער, זייט 240. ז. אויך דעם פערפאסערס באמערקונג צו קאפיטעל 4, צייכען „ד"), געהערען ניט די לעצטע פסוקים פון דעם ספר מלאכי צום טעקסט. דאס איז שפעטער צוגעגעבען געוואָרען, ווי א שלוס־ווארט צו דער זאמלונג פון תורה און נביאים, און דער נאמען „אליהו הנביא" געהט דא גאר ניט אויף דעם פארצייטיגען אליהו הנביא, נאר אויף דער נבואה בכלל. זיי מיינען צו זאגען, אז גאט וועט אויף זיי ווידער אראפברענגען דעם גייסט פון נבואה, און עס וועלען ביי זיי אויפשטעהן נביאים, ווי אמאל. ווי דאס איז, ביי קיינעם פון די לעצטע נביאים ווערט ניט דערמאהנט, אז עס דארף קומען אן אויסלייזער פון דוד'ס פאמיליע. אין דעם ספר ברוך (קאפיטלען ד' און ה') ווערט די אויסלייזונג געשילדערט אויף אזא אופן: אלע וועלען זיך אומקעהרען פון גלות, זיי וועלען אונטערדריקען זייערע פיינד און וועלען לעבען גליקליך סיי אין מאטעריעלער, סיי אין מאראלישער הינזיכט. אזוי ווערט געשילדערט די אויסלייזונג אויך אין דעם ספר טוביה; מעהר ניט דארטען (קאפיטעל י"ג און י"ד) קומט נאך צו אט וואס: גאטס הייליגטום אין ירושלים וועט ווערען א זאמעל־פונקט פאר די פעלקער. זיי וועלען קומען אהינצו און וועלען דינען דעם אידישען גאט. זיי וועלען אוועקווארפען זייערע אפגעטער און וועלען זיך אין פריידען פאראייניגען מיט די אידען. דעם אלמעכטיגענס הערשאפט איבער זיי וועט בלייבען אויף אייביג. דיזעלביגע בענקענים און דיזעלביגע האפענונג לייכט זיך דורך דורך די שריפטען פון די אלעקסאנדרי'ער אידען (חשמונאים ב': קאפ. א', פערזען 36—34, און קאפ. ב', פערזען 19—18). בן סירא (קאפ. ל"ו) רעדט וועגען דעם, ווי די פעלקער וועלען בעשטראפט ווערען, כדי זיי זאלען אנערקענען דעם אמת'ען גאט, פונקט ווי זיין פאלק ישראל. ער גארט נאך דעם, אז גאט זאל זיי איבעראנייעס צושיקען נביאים, פונקט ווי אמאל. אין אלע זייערע פרטים ווייכען זיינע האפענונגען ניט אפ פון די אידען, וועלכע מיר געפינען ביי די פריהער דערמאהנטע נביאים און שרייבער. עס גלויבט זיך ניט, עס זאל זיין בלויז א צופאל, וואס זיי אלע דערמאהנען ניט מיט קיין האלבען ווארט וועגען ווידער־אויפריכטען א קיניגרייך אונטער דוד'ס דינאסטיע. אז זיי האבען אויף דער ווידער־אויפריכטונג פון דוד'ס דינאסטיע גאר ניט געהאפט, דאס גלויבט זיך אויך ניט. די איינציגע ערקלערונג איז, אז די פאליטישע לאגע פון יענע צייטען האט

זיי געצוואונגען ניט ארויסצוזאגען אלץ, וואס זיי האבען ביי זיך אין האר־צען געטראכט: זיי האבען מיט דער הערשענדער רעגירונג ניט געטארט איינרייסען. דאס זעהט זיך גרויס קלאר אין יוסיפון'ס שריפטען. דער גאנצער אינהאלט פון זיינע ווערק איז דאך די געשיכטע פון דעם אי־דישען פאלק, די שילדערונג פון זייער רעליגיאן און גלויבען. פונדעסט־וועגען רעדט ער זיך ערגעץ ניט אויס וועגען זייער האפענונג אויף משיח'ן און אויף דער ווידער־אויפלעבונג פון דוד'ס דינאסטיע. ניט אנדערס, אז ער האט עס מיט א כיוון פארשוויגען, כדי ניט איינצורייסען מיט די רוימער, פאר וועמען אייגענטליך זיינע ווערק זיינען געווען בעשטימט.

אין דעם ספר דניאל ווערט דער ענין פון משיח'ן דייטליכער און ברייטער ארומגערעדט, ווי אין אלע אנדערע פון די שפעטערע שריפ־טען, וואס זיינען פערפאסט געווארען ביז צו דער לעצטער צייט פון דער חשמונאים־דינאסטיע. דניאל, אויף וועמעס נאמען עס געהט דער דא־זיגער ספר, איז געווען איינער פון די, וואס זיינען נאכ'ן ערסטען חורבן פארטריבען געווארען אין בבל. ער האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין פרומקייט און האט געהאט א שם פאר זיין ווייזהייט (יחזקאל, קאפ. י"ד און כ"ח). אזא חכם און אזא צדיק, ווי דניאל, איז געווען די פאסענדסטע פערזאן, אז וועמען אנצוהענגען די נבואות, וואס דערדאזיגער ספר ענט־האלט. אין דער אמת'ען אבער איז דער ספר פערפאסט געווארען אין דער צייט פון די גרויסע פערפאלגונגען אונטער אנטיוכוס עפיפאנוס. דעריבער איז אלע פאסירונגען פון דער פריהערדיגער עפאכע, ווען די אידען האבען נאך געלעבט אונטער דער פרס'ישער אויבער־הערשאפט, ווערען ביי איהם אויסגעמאלט אין לעגענדארישע בילדער, וועלכע שטי־מען ניט טיילווייז מיט דער ווירקליכקייט. פארקעהרט, אומעטום, וואו ער שילדערט אט דאס, וואס עס האט פאסירט אונטער די גריכישע קי־ניגס, שטימט עס אויפ'ן האר מיט די ווירקליכע פאקטען. ניט מיינענדיג גארנישט, זאגט אונז דער שרייבער אליין אוי"ס, ווען דער ספר איז פער־פאסט געווארען. ער זאגט דארטען (קאפ. ח' פסוק כ"ו). אז מען האט איהם געהייסען האלטען די נבואה פארשלאסען א לאנגע צייט, פאר־חתמ'ענען דאס בוך, ביז עס וועט קומען די צייט פון דעם ענד (קאפ. י"ב, פסוק ד'). מען זעהט, ער פארענטפערט זיך דא, פאר וואס מען האט פון די נבואות ניט געוואוסט פריהער: די גאנצע צייט, וואס זיי זיינען געווען אונטער דער פרס'ישער הערשאפט און אפילו אין דער צייט פון די ערסטע גריכישע קיניגס; פאר וואס דאס אלץ איז ניט פארע־פענטליכט געווארען, וואו עס איז ניט געקומען די צייט פון דעם ענד.

ער ערקלערט עס דערמיט, אז אזוי איז דניאל'ן פארזאגט געווארען. פאר אונז ביי היינטיגען טאג איז דאס א קלארער בעוויז, אז דאמאלסט, אין דער צייט פון די פערפאלגונגען, איז דער ספר פארעפענטליכט גע־ווארען און דאן טאקי איז ער פערפאסט געווארען (ז. „מורה נבוכי הזמן". קאפ. י"א; אויך די איינלייטונגען צו די הייליגע שריפטען און די נייע קאמענטארען צום ספר דניאל, וואו עס ווערען געבראכט נאך מעהר ראיות אויף דעם). עס איז קלאר, אז פאר יענער צייט האט קיינער פון דידאזיגע נבואות קיין אהנונג ניט געהאט. אויב מען האט יע גע־וואוסט פריהער פון דעם ספר דניאל, פאר וואס זשע עפעס דערמאהנט ניט בן סירא גאר ניט דניאל'ס נאמען צווישען די גרויסע מענער און די נביאים, וואס ער רעכענט זיי אלעמען אויס? בעטראכטען מיר אלצדינג, וואס עס ווערט געזאגט אין דעם ספר דניאל וועגען משיח'ן, דאן זעהען מיר, אז אין די וויכטיגסטע פונקטען פון דערדאזיגער לעהרע געהט ער זיך ניט פאנאנדער מיט די איבעריגע שריפטען פון זיין צייט. מעהר ניט, ער שטעלט פאר דייטליכער דאס, וואס אנדערע האבען ארויסגעזאגט נאר אויפ'ן וואונק. די ערסטע שילדערונג גיט ער אין נבוכדנצר'ס א חלום (קאפ. ב'). עס חלומ'ט זיך נבוכדנצר'ן, אז ער זעהט פאר זיך א גרויסע פיגור. איהר קאפ איז פון גאלד, די ברוסט און די ארעמס פון זילבער, דער בויך און די לענדען פון קופער, די מיטעל־פיס פון אייזען, און די אונטער־פיס זיינען טיילוויז פון אייזען, טיילוויז פון ליים. פלוצלונג רייסט זיך פון ערגעץ וואו אפ ניט דורך מענשליכע הענט א שטיין און צוזעצט אויף פיצלאך די פיס פון דער פיגור. דערדאזיגער שטיין ווערט פערוואנדעלט אין א גרויסען בארג, וואס פארנעהמט די גאנצע ערד. אט די פיר טיילען פון דער פיגור: דער גאלדענער, דער זילבערנער, דער קופערנער און דער אייזערנער, בעדייטען די פיר מלוכות: בבל, מדי, פרס און גריכענלאנד. דער שטיין, וואס צוברעקעלט די פערטע מלוכה, דאס איז די אידישע מלוכה. אין יענער צייט וועט דער הימלישער גאט אויפשטעלען א מלוכה, וואס וועט קיינמאל ניט אונטערגעהן. די הער־שאפט איבער איהר וועט קיינמאל ניט איבערגעהן צו אן אנדער פאלק. דידאזיגע מלוכה וועט צורייבען און צומאהלען יענע פיר מלוכות, און אליין וועט זי בלייבען שטעהן אייביג. ווייטער (קאפ. ז') זעהט דניאל אליין א חלום ביי נאכט. עס געהען ארויס פון ים פיר חיות. די פערטע חיה איז זעהר א שרעקליכע. זי רעדט חוצפא'דיגע רייד, אבער דער בעיאהרענטער (עתיק יומין) זיצט אויפ'ן טראן. די פערטע חיה ווערט אומגעבראכט אין א טייך פון פייער. ביי די איבעריגע חיות ווערען אפגענומען זייערע

בעזיצטימער. און אַט, מיט די וואָלקענס פון הימעל, קומט אַן איינער אין דער געשטאַלט פון א מענשענס א זוהן (בן אדם). ער דערנעהענטערט זיך צו דעם בעיאהרענטען, און איהם ווערט איבער־געגעבען די רעגירונגס־מאַכט, די הערשאַפט און הערליכקייט: אַלע נאַ־ציאָנען און פעלקער בוקען זיך צו איהם. זיין הערשאַפט איז אן איי־ביגע, וואָס וועט קיינמאָל ניט אויפהערען; זיין קיניגרייך וועט קיינמאָל ניט אונטערגעהן. דער מלאך ערקלערט דניאל'ן די בעדייטונג. די פיר חיות — דאָס זיינען פיר מלוכות (בבל, מדי, פרס און גריכענלאַנד), וואָס זיי וועלען אַלע אינטערגעהן. דער איינער אין א מענשליכער געשטאַלט — דאָס איז „דאָס פאָלק פון דעם אויבערסטענס הייליגע". זיי ווערט איבערגעגעבען די הערשאַפט אונטער'ן גאַנצען הימעל. זייער הערשאַפט וועט זיין אן אייביגע: אַלע הערשער וועלען זיך פאַר זיי בויגען און וועלען זיי פאָלגען. אלזא, פונקט ווי די פיר חיות זיינען סימבאָלס פון די פיר מלוכות, אזוי איז דער איינער אין א מענשליכער געשטאַלט א סימ־באָל פון דעם אידישען פאָלק. דער טיטעל „בן אדם" געהט ניט אויף משיח'ן, נאָר אויף דער אידישער מלוכה, וואָס דאָס איז משיח'ס קיניג־רייך. אין די ביידע פאַרשטעלונגען ווערט ניט אַנגעוויזען, ווער וועט זיין דער פאַרמיטלער אויף אָראָפּצוברענגען דידאָזיגע וועלט־הערשאַפט. עס ווערט געזאָגט, אז גאָט וועט אויפשטעלען אזא קיניגרייך, אָבער עס ווערט ניט געזאָגט, דורך וועמען. אין דעם העברעאישען טייל פון דעם ספר דניאל (פון קאַפּיטעל ח' און ווייטער) ווערט געשילדערט מיט מעהר אויספיהרליכקייט דער סוף פון די פיר מלוכות, בעזונדערס די פּאַסירונ־גען פון דער פערטער מלוכה. מיט א וואונדערליכער מייסטערשאַפט ווערט געשילדערט אין אַלע איינצעלהייטען די געשיכטע פון דעם דעס־פּאָטישען אנטיוכים, אויף ווי ווייט דאָס האָט האָט צו טאָן מיט זיין פער־העלטניס צו די אידען. „און עס וועט זיין א שרעקליכע צייט פאַר די אידען, וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכען. אין יענער צייט וועט אויפ־שטעהן דער גרויסער האר מיכאל, דער אידישער פאַרשטעהער, און דאַ־מאָלסט וועלען זיי אויסגעלייזט ווערען, ווי עס שטעהט געשריבען אַלצ־דינג אין דעם ספר" (קאַפּ. י"ב, פּסוק א') (ב). אונטער „ספר" ווערט דאָ געמיינט דער ארמ'ישער טייל פון דעם ספר דניאל (קאַפּיטלען ב'—ז'), ד.ה. ער מיינט צו זאָגען, אז אַלע נבואות, וואָס געפינען זיך אין דעמדאָזיגען טייל פון דעם ספר, וועלען מקוים ווערען. דהיינו: גאָט וועט אויפריכטען א אידישע מלוכה, וואָס וועט בעהערשען די גאַנצע ערד, און אז דאָס וועט שוין זיין אויסגעפיהרט, דאַן וועט זיין תחית המתים.

ווי מיר זעהען, איז ביי איהם, אין דעם ספר דניאל, דאס בילד פון משיח׳ס קיניגרייך דאָמינירענד, אזוי ווי ביי אלע אנדערע שרייבער פון זיין צייט, דהיינו: די אייביגקייט פון דעם אידישען פאלק, די אויסשפרייטונג פון זייער הערשאפט איבער אלע אנדערע פעלקער און די זיכערונג פון דער דאזיגער הערשאפט אויף אייביג. ווער וועט זיין דער קיניג אין דעם אויפגעריכטעטען קיניגרייך? וועגען דעם שווייגט דער ספר. אפשר איז דאס ביי זיי געווען א זעלבסטפארשטענדליכע זאך: ווייבאלד דא האנדעלט זיך וועגען א אידישען קיניגרייך, וואס זאל האבען א שטענדיגען קיום, מוז שוין דער קיניג זיין פון דוד׳ס דינאסטיע? ווי דאס איז, אין דער צייט, ווען דער ספר דניאל איז געשריבען געווארען, האט די לעהרע וועגען משיח׳ן קיין נייע פארם ניט אנגענומען. אבער, די, וואס האבען זיך אין דעם ספר דניאל אנגעהויבען צו גריבלען, די אויסטייטשער זיינע, וואס זיינען שפעטער געקומען, יענע האבען אריינגעלעגט אין זיינע ווערטער א גאנץ אנדער מיין, איידער דער שרייבער אליין האט געהאט אין זינען, און דאס האט געבראכט אויף דער וועלט נייע טעאָריעס וועגען משיח׳ן און זיין קיניגרייך.

די אויסטייטשער פון די נבואות אין דעם ספר דניאל האבען אנגענומען דעם משל פאר דעם ווירקליכען מיין, און אויף אזאן אופן האט זיך ביי זיי בעקומען א בילד פון משיח׳ן, וואס די נביאים האט זיך קיינמאל אזעלכעס ניט געחלום׳ט. ביי זיי איז אויסגעקומען, אז משיח איז עפעס אן איבער־נאטירליכער מענש, וואס דארף ערשיינען פון צווישען די וואלקענס, פונקט ווי עס ווערט פארגעשטעלט אין דעם משל. זיי האבען דעם משיח צוגעגעבען אזא כאראקטער, וואס מאכט איהם אזוי ווי עהנליך צו גאט. עזרא ד׳ אין זיינע נבואות (קאפ. 13) מאלט אזעלכע בילדער, וואס יעדערער, ווער עס בעטראכט זיי, קאן גלייך דערקענען, אז זיי שטאמען פון דניאל׳ס נבואות. אבער אויך ער האט דניאל׳ס נבואות ניט ריכטיג פארשטאנען, אננעהמענדיג דעם משל פאר דעם ווירקליכען מיין: דעריבער שטעלט זיך איהם פאר דער משיח, ווי א הימלישע סובסטאנץ, וואס א לאנגע צייט האט איהם גאט געהאלטען פארבארגען, און ער רופט איהם אז גאטס זוהן (פערזען 26 און 32 אין דעם פריהער אנגעוויזענעם קאפיטעל). אין דעם ספר חנוך (קאפ. 48 און פיעלע אנדערע ערטער) ווערט משיח אנגערופען „מענשענזוהן", ווי ביי דניאל׳ן אין דעם משל. ער זיצט אויף׳ן הימעל, און דער בעיאהרענטער רופט איהם מיט׳ן נאמען, ער איז געווען, נאך איידער די וועלט איז בעשאפען געווארען. עס זיינען אפילו פאראן דייטליכע סימנים אויף דעם, אז קריסטליכע

אידען האבען אויף זייער שטייגער דיביידע ווערק קאריגירט. דאך אבער איז קלאר, אז די ניט ריכטיגע אויסטייטשונג פון די עטליכע ווערטער אין דעם ספר דניאל האט ארויסגעבראכט די אלע משונה'דיגע טעאריעס און גלויבונגען אין דעם ענין פון משיח'ן, וועלכע מיר געפינען אין די דערמאהנטע צוויי ווערק. און דידאזיגע גלויבונגען האבען זיך אזוי צו־גענומען ביי די אידען, אז פיעלע פון די געלערנטע, סיי פון די פריהער־דיגע, סיי פון די שפעטערדיגע, האבען זיך מיט זיי ניט געקאנט שיידען. זיי האבען געגלויבט, אז נאך איידער די גאנצע וועלט איז בעשאפען גע־ווארען, איז משיח'ס נאמען בעשאפען געווארען (פסחים נ"ד); אז צו־ליעב די אידישע זינד בלייבט ער בעהאלטען און פארבארגען (תרגום יונתן אויף מיכה, קאפ. ד', פסוק ח'). פיעלע פון זיי האבען געהאלטען אז איינער פון די געשטארבענע וועט אויפשטעהן, און ער וועט עס זיין דער משיח. עס איז דא א מיינונג, אז דוד אליין וועט זיין דער משיח (סנהדרין צ"ח, ירושלמי: ברכות, פרק ב', הלכה ד'). משיח וועט זיך בעווייזען, וועט פארשווינדען און וועט זיך דערנאכדעם ווידער בעווייזען. ווער עס וועט אין איהם גלויבען, יענער וועט בלייבען לעבען; ווער עס וועט ניט גלויבען, יענער וועט אוועקגעהן צו די גויים און וועט דער־הרג'עט ווערען דורך זיי (מדרש שיר השירים און מדרש רות). פון דור צו דור קומט משיח'ן אויס צו ליידען יסורים פאר פרעמדע זינד (פסיקתא רבתי). עס וועט אויף איהם רוהען דער הייליגער גייסט (תרגום יונתן אויף ישעיה, קאפ. מ"ב, פסוק א'). א שיין פון הייליגקייט וועט שטראה־לען פון זיין געזיכט. ער וועט בעטען ביי גאט רחמים פאר די אידען. און צוליעב זיין זכות וועלען פארגעבען ווערען זייערע זינד. די רשעים וועט ער איבערגעבען אין גיהנם אריין. ער וועט אויפבויען דעם בית המקדש, וואס איז פארשוועכט געווארען דורך די זינד (תרגום יונתן אויף ישעיה: קאפ. נ"ג, פסוקים ב', ה' און י"א). ניט מיט מענשליכע הענט וועט ער בויען דעם בית המקדש, נאר דורך דער הימלישער קראפט (כתובות ה'. מכילתא: בשלח, מסכתא שירה, פרשה י'. עזרא ד', קאפ. 13, פערז 36). ער וועט זיין שטרענג צו די אנדערע פעלקער (ספרי: דברים, פיסקא א'). ער וועט זיי אנקלאגען פאר גאט און וועט זיי משפט'ען. ער וועט אויך משפט'ען עזאזל'ן (פסיקתא רבתי. עזרא ד', קאפ. 13, פערז 36. חנוך, קאפ. נ"ד). צו די אידען וועט ער זיין מילד (דער אנגעוויזענער ארט אין ספרי). ער וועט אויפקלייבען צוריק די פארוואגעלטע פון די צעהן שבטים, וואס זיינען פארטריבען געווארען הינ־טער'ן טייך סמבטיון (עזרא ד', קאפ. 13, פערז 40. זעה אויך סנהדרין

ק"י). די אויבערסטע וואסערן פון דעם טייך פרת וועלן זיך אפשטעלן און די אונטערסטע וועלן ארונטערפליסן, כדי צו לאזן פאר די אידען א דורכגאנג (עזרא ד', קאפ. 13, פערז 47). פאר די איינגעזונקענע אין רבלה (12) וועט גאָט מאַכן א היילוועג אונטער דער ערד, דורך וועל־כען זיי וועלן דערגעהן ביז צום אייל בערטען־בארג (הר הזיתים) הינטער ירושלים. דאן וועט זיך דער בארג אפעפענען, און זיי וועלן ארויסגעהן (פסיקתא רבתי. זעה אויך ירושלמי: סנהדרין, צום סוף פון פרק י').
ניט נאר וועגן זיינע איינגנשאפטען און זיינע אויפטואונגען, נאר אפילו וועגען דעם נאָמען משיח'ס האבען זיי געלערנט פארשיידענע דרש'ען (סנהדרין צ"ח און פיעלע אנדערע ערטער), און דאס איז נאך ביי נאר די פארצייטיגע געווען אין דער מאָדע. מעגליך, אז דער נאמען בר כוכבא איז אויך נאר געווען א ביינאָמען פאר משיח'ן (13), ווייל זיי האבען אין די ווערטער פון דער תורה „דרך כוכב מיעקב" געפונען א רמז אויף משיח'ן (ז. פריהער, זייט 96). אין עוואנגעליום איז פאראן א לעגענדע, אז די וואוילגעלערנטע פון מזרח־לאנד זיינען געקומען אין ירושלים בוקען זיך פאר ישוע'ן, זייער משיח, ווייל זיי האבען געזעהען זיין שטערן אויפ־געהן אין מזרח זייט. דאס בעווייזט, אז א שטערן האט זיך אין יענער צייט גערעכענט פאר א סימבאל פון משיח'ן. אפשר צוליעב דעם טאקי האט מען אין בבל משיח'ן אנגערופען „בר נפלי" (סנהדרין צ"ו); ווארום „נפלי" אין ארמ'יש בעדייט א שטערן (ר' נחום בריל אין א.ה. וויס'ס צייטשריפט „בית המדרש" פון יאהר 1865, זייט 148). עס איז אונ־מעגליך אויסצושרייבען אלע איינפאלען, וואס די פאנטאזיע האט אויס־געפונען אויף צו שילדערן דעם משיח, די אומשטענדען, ווי אזוי ער וועט קומען און וואס ער וועט אויפטאן (פסיקתא רבתי, פרשיות ל"ה, ל"ו און פיעלע אנדערע ערטער). דא איז אויסגעמישט אלצדינג אין איינעם: דאס קערענדעל פון דעם געדאנק מיט זיין שאלאכץ, דאס מעגליכע מיט דעם אונמעגליכען. מיר דארפען ניט רעכענען, אז דידאזיגע איינפאלען זיינען שפעטער ערסט צוגעקומען; ווארום מיר זעהען דאך, אז אין די גרונד־שטריכען שטימען זיי מיט די שילדערונגען פון משיח'ן אין דעם ספר עזרא ד' און אין דעם ספר חנוך, וואס זיי זיינען פערפאסט געווא־רען אין דער צייט פון דעם בית המקדש. אבער, כאטש אפילו דידאזיגע גלויבונגען האבען געפונען אנהענגער צווישען דעם פאלק און אפילו צווי־שען א טייל פון די געלערנטע, פונדעסטוועגען זיינען זיי קיינמאל ניט גערעכענט געווען פאר דאגמאטען פון דער אידישער רעליגיאן, נאר זיי זיינען ביי זיי געווען א בייזאך. די אלע פארשטעלונגען נעהמען זיך ביי

זיי פון מדרש אגדה: אַט אזוי האָבען זיי די פאַרשיידענע פסוקים פאַר־
שטאַנען אדער אזוי האָבען זיי די פסוקים פאדרעהט, ארייגלעגענדיג אין
זיי אזעלכע געדאַנקען, וועלכע זיינען קיינמאָל גאָר די נביאים ניט ארויף
אויפ׳ן זינען. דרש׳ען פון אַט דעם סאָרט זיינען געווען א מין אויס־
וואוקס אין דעם וויינגאָרטען פון דער אידישער רעליגיאָן. דאָס זיינען
אָבער ניט געווען קיין אַלגעמיין אנגענומענע גלויבונגען, דאָס זיינען ניט
געווען די מיינונגען פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק. אפילו היינטיגע
צייטען, אין דער עפּאָכע פון אויפקלערונג, געפינען זיך נאָך אויך גענוג
אונוויסענדע, וועלכע גלויבען אין אַלצדינג, און פונדעסטוועגען וועט קיי־
נער ניט זאָגען, אַז זייער אבערגלויבען — אַט דאָס איז די אַלגעמיין הער־
שענדע רעליגיאָן. אַט אזוי איז אויך דאַמאָלסט געוועזען. כאָטש אפילו
זעהר פיעלע האָבען זיך פארגונען צו מאָלען פאנטאסטישע בילדער וועגען
משיח׳ן, פונדעסטוועגען וועלען מיר ניט זאָגען, אַז אַט די פאַנטאַזיעס
— דאָס איז געווען אלעמענס גלויבען. די אויפגעקלערטע האָבען זיך מיט
אזעלכע פאַנטאַזיעס ניט אָפּגעגעבען. זייער גלויבען אין משיח׳ן איז גע־
בליבען ריין פון זייטיגע פּסלות, און אין די וויכטיגסטע פונקטען זיינען זיי
ניט אוועקגעגאַנגען ווייט פון די נביאים און פון די געלערנטע, וואָס זיי־
נען געוועזען פ א ר זיי. אַט זיינען די וויכטיגסטע פונקטען פון זייער
גלויבען אין משיח׳ן. אז עס וועט קומען נאָהענט די צייט, ווען משיח
דאַרף ערשיינען, דאַן וועלען זיין גרויסע צרות אויף דער וועלט (שבת
קי״ח און פיעלע אנדערע ערטער). דידאָזיגע צרות רופען זיי „משיח׳ס
שמערצען“ (חבלי משיח). עס איז ביי זיי געווען אַ ווערטעל: ווען משיח׳ס
טריט וועלען זיך לאָזען הערען, וועט שטייגען די חוצפּא (סוטה מ״ט).
די חוצפּה וועט דערגעהן אזוי ווייט, אַז יונגע לייט וועלען ארויסטרעטען
מיט העזה געגען אַלטע, פּראָסטע מענשען — געגען אנגעזעהענע פּער־
זאָנען; א זוהן וועט בע׳נבל׳ען זיין אייגענעם פאָטער; א טאָכטער וועט
ארויסטרעטען געגען איהר מוטער, א שנור — געגען איהר שוויגער; דעם
מענשענס אייגענע הויזלייט וועלען זיין זיינע שונאים; די מאָראל וועט
זיין געזונקען, די זיטען פאַרדאָרבען. זיבען יאָהר וועלען געוועהרען די
הכנות צו משיח׳ס קומען. די ערסטע דריי יאָהר וועלען זיין גרויסע
צרות אויף דער וועלט, די לערנער וועלען פארגעסען די תורה. אין דעם
פערטען יאָהר וועט זיין וואָס צו עסען, אָבער ניט גאָר צו זאַט. דאָס
פינפטע יאָהר וועט זיין א פרעהליכס יאָהר. אלצדינג וועט זיין איבער׳ן
האַלז. די תורה וועט ווידער אריינקומען אין קאָפּ צו די לערנער (ג). אין
דעם זעקסטען יאָהר וועט מען הערען קולות. אין דעם זיבעטען יאָהר

וועלען זיין מלחמות (סוטה מ"ט און סנהדרין צ"ז). עס איז ניט משיח'ס אויפגאבע אויפצוטאן וועלכע עס איז נייסען אין רעליגיעזע ענינים (עדיות, פרק ח', משנה ז'). אלע אידען וועלען זיין בעהאוועגט אין דער תורה, זיי וועלען לערנען און ניט פארגעסען, וואס זיי האבען געלערנט (ילקוט: שמות, רמז רע"ג). נאך די צוגרייטונגס־יאהרען דארף קומען די צייט, ווען די הערשאפט פון די גוי'אישע פעלקער וועט אויפהערען, און דאס הימלישע קיניגרייך וועט זיך ענטפלעקען (מדרש רבה: שיר השירים, פסוק התאנה). דאן וועט קומען דער אויסלייזער. זיי האבען אייגענט־ליך געגלויבט, אז גאט אליין וועט זיין זייער אויסלייזער. די אויסגע־לייזטע פון גלות ווערען אנגערופען „גאטס אויסגעלייזטע", ניט „משיח'ס אויסגעלייזטע" (מדרש תהלים ק"ז). זיי האבען פון ווען אן געגלויבט, אז פריהער דארף פארפאלשטענדיגט ווערען די אויסלייזונג, די אידען דארפען זיך אומקעהרען פון גלות, און דאן ערסט וועט זיך משיח ענטפלעקען (מגילה י"ז. ירושלמי: ברכות, פרק ב', הלכה ד'). אזוי אייגענטליך הא־בען זיי די רייד פון די נביאים פארשטאנען. פונדעסטוועגען האבען זיי די אויסלייזונג אידענטיפיצירט מיט דעם „אנקומען פון דוד'ס זוהן". אין שמונה עשרה ווערט משיח אנגערופען דער אויסלייזער, וואס גאט וועט איהם ברענגען. דערדאזיגער אויסלייזער דארף שטאמען פון דוד'ן. זיין געבורטסשטאדט דארף זיין בית לחם אין דער פראווינץ יהודה (תרגום יונתן אויף מיכה, קאפ. ה'. ירושלמי: ברכות, פרק ב', הלכה ד'). זיין עובדא וועט זיין צו ערציהען די מענשען, ווירקען אויף זיי, אז זיי זאלען זיך א קעהר טאן צו גאט און תשובה טאן אויף זייערע זינד (מדרש רבה: שיר השירים, פסוק צווארך כמגדל השן), ווייל פון דעם הענגט אפ די אויסלייזונג (סנהדרין צ"ז). פיעלע וועט ער צוציהען צוריק צו דער תורה. ער וועט מתפלל זיין וועגען די אידישע זינד, און דער גוטער גאט וועט זיי מוחל זיין (תרגום יונתן אויף ישעיה, קאפ. נ"ג, פסוקים ה' און י"א). דער געצענדינסט וועט אויסגעריסען ווערען מיט'ן ווארצעל. גאט וועט זיין דער איינציגער אין דער וועלט, און ביז אין אלע אייביגקייטען וועט עקזיסטירען זיין קיניגרייך (מכילתא: בשלח, מסכתא עמלק, פרשה א'). דורך משיח'ן וועט דאסדאזיגע קיניגרייך אנגעפיהרט ווערען, און סיי אין מאטעריעלער, סיי אין מאראלישער הינזיכט איז דאס גליק, וואס וועט דאן זיין, ניט צו משער זיין, ווי די נביאים האבען דאס אלצדינג פארויס־געזאגט (תרגום יונתן אויף ישעיה, קאפ. י"א, און פיעלע ערטער אין דער גמרא און אין די מדרשים). אט דער ריינער גלויבען האט געפונען זיין אויסדרוק אין די אלטע תפלות. ווען איימיצער זאל זיך נאר אריינטראכ־

טען אין דעם אינהאַלט פון שמונה עשרה און זעהען, וועגען וואָס אין דער דאָזיגער תפלה ווערט געבעטען, קאָן ער דערפון גלייך פאַרשטעהן, אויף וואָס אייגענטליך די אידען האָבען דאַמאָלסט געהאָפט און ווי אַזוי זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט די אויסלייזונג. אַלץ, וואָס די אידען בעטען ביי גאָט אין שמונה עשרה, איז אָט וואָס: ער זאָל זיי שענקען פאַרשטאַנד, ער זאָל זיי העלפען תשובה טאָן, ער זאָל זיי פאַרגעבען די זינד, ער זאָל זיי פאַרהיטען פון צרות, ער זאָל פאַרבעסערן זייער איצטיגע לאַגע, ער זאָל אויפקלייבען די אידען פון גלות און דערהויבען זייער פאָליטישע לאַגע, ער זאָל אונטערדריקען די רשעים און אויסראָמען דאָס שלעכטס פון איבער דער ערד, ער זאָל דערהויבען די ווערדע פון ירושלים און אויפריכטען דוד'ס דינאַסטיע. אין דעמדאָזיגען געבעט וויקעלט זיך פאַר אונז פאַנאַנדער אַ בילד פון די אַלע בעדינגונגען, וועלכע קענען זיכערן און בעפעסטיגען דאָס גליק פון דעם אידישען פאָלק. נאָך דעם נאָך קענען מיר אורטיילען, אין וואָס אייגענטליך עס איז בעשטאַנען דער אַלגעמיין אָנגענומענער גלויבען אין משיח'ן אין זיין ריינער געשטאַלט, אָהן אַ וועלכער עס איז צומישונג פון משונה'דיגע אידעען. ווי אַזוי די גאַנצע מעשה מיט משיח'ס קומען וועט צוגעהן, וואָס פאַר אַ נעבען־ערשיינונגען עס וועלען פאָרקומען דערביי, — דאָס אַלץ האָבען זיי גע־האַלטען פאַר זאַכען, וואָס זיינען פון דעם מענשען פאַרבאָרגען (פסחים נ"ד. מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פרשה ה').

פונקט ווי זיי האָבען פיינט געהאַט צו גריבלען זיך אין דעם „ווי אַזוי?", אַזוי האָבען די אויפגעקלערטע אויך פיינט געהאַט צו גריבלען זיך אין דעם „ווען?". דער „קץ", ד.ה. די צייט, ווען משיח וועט זיך ענטפלעקען, האָט געהערט צו די זאַכען, וואָס זיינען פון דעם מענשען פאַרבאָרגען( די אָנגעוויזענע ערטער אין דער גמרא און אין מכילתא). ווען מיר זעהען פונדעסטוועגען, אַז אין דער לעצטער צייט פון דעם בית המקדש האָבען זיך די געלערנטע יע אָפּגעגעבען מיט דעם ענין פון אויס־רעכענען דעם „קץ", האָבען זיי דאָס געטאָן נאָר, כדי אויפצומונטערן די נידערגעשלאָגענע גייסטער, אַרייגגעבענדיג זיי האָפענונג, אַז זיי וועלען אין גיכען געהאָלפען ווערען. זיי האָבען אויף זייער צייט אָנגעווענדט די נבואה פון דעם ספר דניאל (קאַפּ. ז', פסוק כ"ה), וואו עס שטעהט געשריבען, אַז זייער אונטערדריקונג וועט געוועהרען „ביז אַ צייט און (צוויי) צייטען און אַ האַלבע צייט" (עד עדן ועדנין ופלג עדן). אָט די ווערטער האָבען זיי אין דער לעצטער צייט פון דעם בית המקדש אויס־געלעגט אַזוי, אַז דער חשבון האָט געוויזען אויף זייער צייט (ז. פירוש

ר"שי אויף סנהדרין צ"ז). אונזער אכטונג צו די געלערנטע פון דער תורה שבעל פה צווינגט אונז צו זאגן, אז זיי זיינען דערמיט נאר אויסען געווען צו שטארקען די האפענונג ביים אידישען פאלק: און כדי צוצוגע־בען מעהר איבערצייגונגס־קראפט צו זייערע טרייסטונגען ,האבען זיי זיך געשטיצט אויף דער אווטאריטעט פון דעם ספר דניאל. אז זיי האבען אנגענומען דעם חשבון פאר דעםווירקליכען מיין פון די ווערטער אין דעם ספר דניאל, דאס איז גאנץ אויסגעשלאסען, ווארום ווער עס בעטראכט נאר די ווערטער מיט א קלארען קאפ, יענער זעהט גלייך, אז דא רעדט זיך נאר וועגען דער צייט, ווען עס האט געזאלט קומען א סוף צו דער הערשאפט פון אנטיוכוס עפיפאנוס. ווי דאס איז, עס האט זיך אויסגע־לאזען, אז זייער חשבון איז געווען פאלש: די אויסגערעכענטע צייט איז אריבער, און דער ערווארטער משיח איז נאך אלץ ניט געקומען. אנשטאט דעם, זיינען נאך די צרות אין צווייען פארגרעסערט געווארען. מיט דער־מיט אבער איז די האפענונג ניט אויסגעלאשען געווארען. זיי האבען באלד געפונען עפעס א נייעם אויסוועג. דערנאך איז געקומען ר' עקיבא און האט גע'דרשנ'ט פארשיידענע פסוקים אזוי, אז דער חשבון האט גע־וויזען פונקט אויף זיין צייט (דער אנגעוויזענער ארט אין סנהדרין). וואס גרעסער עס זיינען געווארען די צרות, אלץ מעהר חשבונות האט מען אויס־געפונען, און עס האט זיך אלעמאל אויסגעלאזען, אז די חשבונות זיינען געווען פאלש. דעריבער האבען זיך די שפעטערדיגע אומגעקעהרט צוריק צו זייער אורשפרינגליכען שטאנדפונקט, אז דער „קץ" איז פון אלע לע־בעדיגע מענשען פארבארגען, נאר גאט אליין ווייס דאס. דעמדאזיגען געדאנק האבען זיי געזעהען וואס מעהר אונטערצוהאלטען, ווייל עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז פיעלע פון די, וואס האבען גערעכענט דעם „קץ", זיינען דערנאכדעם, זעהענדיג, אז פון זייער חשבון האט זיך גארנישט ניט אויסגעלאזען, אריינגעפאלען אין פארצווייפלונג. זיי האבען געדענקט: וויבאלד די בעשטימטע צייט איז אריבער, און משיח איז ניט געקומען, וועט ער שוין מסתמא קיינמאל ניט קומען. אט דעריבער האבען די, וואס זיינען געווען מיט א געשטעלטער מיינונג, איינמאל פאר אלע מאל געגור־מען אויף זיך ניט צו רעכענען קיינע חשבונות, ווייל משיח וועט אנ־דערס ניט קומען, סיידען גאר אומגעריכט (דערזעלביגער ארט אין סנהדרין). עס איז ביי זיי אויך ניט געווען קיין אלגעמיין אנגענומענע מיינונג וועגען דעם, ווי לאנג דער משיח־פעריאד וועט געוועהרען. זיי האבען געהאט וועגען דעם פארשיידענע מיינונגען (14): אייניגע פון זיי זיינען געווען געגרינדעט אויף א דרש, אנדערע זיינען פשוט געווען א

פראדוקט פון דער איינבילדונגס־קראפט (סנהדרין צ"ט און אנדערע ער־
טער. אויך ספר עזרא ד' און ספר חנוך). מיר זעהען אלזא, אז כאטש
אפילו דער גלויבען אין דער קינפטיגער אויסלייזונג איז געווען עפעס גע־
מיינשאפטליכס ביים גאנצען פאלק, איז דאס אבער אלץ גערעדט גע־
ווארען נאר וועגען די קארדינאלע פונקטען, ניט וועגען די דעטאלען און
בייזאכען. ר' עקיבא האט געזעהען, אז בר כוכבא קעמפפט מיט ערפאלג
געגען די רוימישע לעגיאנען, האט ער איהם ערקלערט פאר משיח'ן. אז ר'
עקיבא האט פריהער נאכגעפארשט און רעווידירט, צי האט אין זיך
בר כוכבא די אלע זייטיגע אייגענשאפטען, וועלכע מען האט אנגעהאנגען
אן משיח'ן, — אזוינס האבען מיר ניט געהערט. אלע ווייסען, אז בר
כוכבא איז געווען א מענש מיט אלעמען גלייך: ער איז ניט אראפגעקומען
פון הימעל און ער האט אפילו ניט פרעטענדירט גאר, אז ער שטאמט פון
דוד'ן. און פונדעסטוועגען האבען איהם ר' עקיבא און זיינע צייטגענא־
סען געהאלטען פאר משיח'ן. אין א צייט ארום האט זיך צווישען די
פרושים אפגעפונען א געלערנטער מיט'ן נאמען ר' הילל, וועלכער האט גע־
זאגט, אז די אידען האבען גאר קיין משיח ניט (סנהדרין צ"ח). אז גאט
וועט די אידען אויסלייזען פון גלות, אין דעריין האט ער געוויס ניט גע־
לייקענט. ער האט נאך אפשר געגלויבט, אז ווען עס וועט קומען די צייט
און גאט וועט וועלען אויסלייזען די אידען, וועט עס געשעהען דורך דער
פארמיטלונג פון א גרויסען מאן, וואס ער וועט מיט גאטס הילף דעם
פאלק ברענגען זיין פרייהייט. ער האט נאר געלייקענט אין די אלע זייי־
טיגע ערשיינונגען, מיט וועלכע מען האט פארבונדען די אויסלייזונג,
דהיינו: אז דער אויסלייזער דארף זיין א מענש, וואס שטעהט העכער פון
דער נאטור. אט דאס האט ער געמיינט, ווען ער האט געזאגט, אז די
אידען האבען ניט קיין משיח. איינער פון די אגדה'איסטען האט זיך
אויסגעדריקט, אז די אידען, וואס וועלען זיך אומקעהרען פון גלות, וועלען
זיין גאטס אויסגעלייזטע, ניט אליהו'ס אדער משיח'ס אויסגעלייזטע
(מדרש תהלים, ק"ז). אט פון די ווערטער שטראהלט ווידער ארויס דער
געדאנק, אז די אויסלייזונג דארף גערעכענט ווערען ניט פאר משיח'ס
אן אויפטו: גאט אליין וועט אויסלייזען זיין פאלק און וועט אויפשטעלען
זיין קיניגרייך; און אט אין דעמדאזיגען געטליכען קיניגרייך וועט רעגי־
רען א קיניג, וואס וועט הייסען משיח. איינער פון תלמוד'יסטען האט
געזאגט, אז דער איינציגער אונטערשייד צווישען דער איצטיגער וועלט
און דעם משיח־פעריאד בעשטעהט דעריין, וואס דאן וועלען זיך די אידען
ניט געפינען אונטער דעם יאך פון א פרעמדער רעגירונג (ברכות ל"ד).

היינט ווי וואלט אט דער געלערנטער אזוינס געקאנט זאגען, ווען ער וואלט געגלויבט אין די אלע משונה'דיגע איינפאלען, וואס מען האט אז משיח'ן און אן זיין קיניגרייך אנגעצעפעט? געוויס, זינט יענע זייטיגע פארשטעלונגען זיינען געווארען א ווירקענדער פאקטאר, שעדליך פאר דער אידישער רעליגיאן, איז די נויטיגקייט צו פיהרען א געגען־אגיטאציע ביי זיי געווארען א צייט־פראגע; עס איז טאקי וויכטיג געוועזן ארונטער־צורייסען פון דעם גלויבען אין משיח'ן די שאלאכץ, וואס די איינביל־דונגס־קראפט האט אויף איהם אנגעקלעפט. וואלטען אבער די אלע פאר־שטעלונגען, וועלכע מיר רעכענען פאר דער שאלאכץ, ביי זיי פון שטענ־דיג אן ניט געוועזן גערעכענט פאר בייזאכען, טא ווי אזוי זשע וואלטען זיך דאס יענע געלערנטע דערוועגט גאר אפצולייקענען אזוינס, וואס די פארצייטיגע האבען געהאלטען פאר א דאגמאט פון גלויבען? ניט אנ־דערש, אז דאס איז אזוי, ווי מיר האבען געזאגט: וואס בעלאנגט צו די גרונד־פרינציפען, איז דער גלויבען אין משיח'ן געוועזן עפעס געמיינ־שאפטליכס ביים גאנצען פאלק; אבער וואס בעלאנגט צו די דעטאלען, וועלכע זיי האבען געהאלטען פאר בייזאכען, האט זיך יעדערער וועגען דעם געהאט זיין אייגענע מיינונג.

נאך דעם אויפטרעטען פון משיח'ס רעגירונג דארף זיין תחיית המתים. עס וועלען אויפשטעהן תחיית המתים סיי די צדיקים, סיי די רשעים; די ערסטע וועלען געניסען דאס אייביגע לעבען, די לעצטע וועלען פאר'משפט ווערען צו שאנדע און אייביגען פלוך (דניאל, קאפ. י"ב, פסוק ב'). ניט נאר די אידען, נאר אויך די גויים וועלען אויפשטעהן תחיית המתים. אויסגעשלאסען זיינען דער דור המבול, דער דור הפלגה און די מענשען פון סדום; זיי וועלען ניט אויפשטעהן (סנהדרין ק"ח). די פרומע פון אנדערע פעלקער וועלען אויך האבען א חלק אויף יענער וועלט. אין דעם ספר עזרא ד' (קאפ. 7, פערזען 38—37) ווערט די אנדערע פעלקער ביי דער אויפלעבונג איינגעטיילט א פינסטערער חלק. אין צוזאמענהאנג מיט דער אויפשטעהונג פון די טויטע וועט פארקומען דער גרויסער יום הדין, ווען גאט וועט משפט'ען אלע בעשעפעניסען פון דער וועלט. די איצטיגע וועלט וועט חרב ווערען און פארשווינדען. א נייע וועלט וועט גאט בעשאפען (סנהדרין צ"ב). אט דאס זיינען געוועזן די וויכטיגסטע פונקטען פון זייער גלויבען אין דער ווידער־אויפלעבונג און אין דעם יום הדין, וואס דארפען זיין נאך דעם משיח־פעריאד. אין די וויכטיגסטע פונקטען פון דעם גלויבען אין משיח'ן זיינען די פרושים צווישען זיך געווען אייניג, און אויף צו בעצייכענען זיי האבען זיי גע־

האט זייערע לאקאנישע אויסדרוקען: דער טאג פון גוג ומגוג, משיח'ס שמערצען, דער טאג פון טרויסט, דאס קיניגען פון דוד'ס דינאסטיע, דער משיח־פעריאד, די קינפטיגע צייט (לעתיד לבא), די אויפשטעהונג פון די טויטע, די שטרענגקייט פון דעם געריכט, דער גרויסער טאג, די קינפטיגע וועלט (עולם הבא), די נייע וועלט (מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פרשיות ד' און ה'. פיעלע ערטער אין דער גמרא און אין די מדרשים). אמת, אט די צוויי וויכטיגע פונקטען: תחיית המתים און דער גרויסער יום הדין, האבען די דרשנים פון אלע דורות געגעבען גענוג שטאף. זיי האבען זיך געגריבעלט אין די הייליגע שריפטען, כדי צו דער־געהן גאטס געהיימניסען. פון דעם קלענסטען און שוואכסטען רמז, וואס זיי האבען ערגעץ וואו אויסגעפונען, האבען זיי ארויסגעדרונגען די גרעס־טע און וואונדערליכסטע איינפאלען, און אויף אזאן אופן זיינען ביי זיי אויסגעוואקסען גאנצע בערג, וואס הענגען אויף א האר אין דער לופטען. דער הייכער געדאנק וועגען לוין און שטראף אויף יענער וועלט איז פאר־שוועכט געווארען דורך גראב־מאטעריאליסטישע פארשטעלונגען. עס זיי־נען געשאפען געווארען די לעגענדעס: פון דעם לויתן, וואס גאט האט איהם געטויט און איינגעזאלצען פאר די צדיקים אין דער קינפטיגער צייט; פון די בהמות פון די טויזענטער בערג, וואס זיינען קאנסערווירט געווארען פאר די צדיקים (בבא בתרא ע"ד); פון דעם וויין, וואס ווערט פאר זיי געהיט אין די וויינטרויבען, זינט די וועלט איז בעשאפען גע־ווארען (ברכות ל"ד); פון דעם טוי, מיט וועלכען גאט וועט די טויטע לעבעדיג מאכען (חגיגה י"ב. ירושלמי: ברכות, פרק ה', הלכה ב'); פון די פרויען, וואס וועלען אלע טאג געבוירען קינדער; פון די בוימער, וואס וועלען אלע טאג ברענגען פרישע פרוכט; פון די פארטיגע וויסברויט און זיידענע קליידער, וואס די ערד פון ארץ ישראל וועט ארויסברענגען (שבת ל'); אז די צדיקים וועלען אויפשטעהן פון די קברים, אנגעטאן אין זייערע קליידער (כתובות קי"א). זיי האבען זיך געגריבעלט אויך אין אזעלכע פראגען: אויף וואס פאר אן אופן וועט דער מענש ביי תחיית המתים ווידער בעשאפען ווערען: וואסער טייל פון זיין קערפער וועט צוערסט לעבעדיג ווערען? (בראשית רבה, פרשה י"ד) ווי וועט אויסזעהען די שטאדט ירושלים אין דער קינפטיגער וועלט? (בבא בתרא ע"ה און אנדערע ערטער). הונדערטער לעגענדעס פון אט דעם סארט האבען אין יענער צייט געשוועבט אין דער אידישער לופט. די מעהרסטע פון זיי ווערען אפילו איבערגעגעבען אין דעם נאמען פון שפעטערדיגע אגדה־איסטען, זיי שטאמען אבער אלע פון פריהער. והא ראיה: עהנליכס געפי־

נען מיר אין די ספרים: חנוך און עזרא ד׳. ווי דאָס איז, פאַר א דאָגמאַט פון גלויבען האָט זיך אַזוינס ניט גערעכענט. די אַלע לעגענדעס נעהמען זיך נאָר פון דעם מנהג צו דרשנ׳ען איטליכס וואָרט, וואו זיי האָט זיך אויסגעדוכט א שטיקעל רמז אויף וואָס עס איז. די זאַך איז צו בע־דויערן, ווייל אַזעלכע פאַרשטעלונגען האָבען פון זייער געבאָרענטאָג אַן ביז מיט וויפיעל דורות שפּעטער געבראַכט שאָדען, פאַרטונקלענדיג די ריינע עלעמענטען פון דעם אידישען גלויבען. דאָס דאַרף אונז אָבער ניט וואונ־דערן. שטענדיג איז אַזוי געוועזען און אַזוי וועט עס אַלעמאָל זיין. וואָס א העברעען פּלאַץ א געוויסע פּערזאָן אדער א געוויסער געדאַנק האָט אין דער געזעלשאַפט פאַרנומען, וואָס טייערער מען האָט איהם אין זיין צייט געהאַלטען, אַלץ מעהר לעגענדעס ווערען מיט דער צייט אַן איהם אנגע־האָנגען. עס איז דעריבער קיין חידוש ניט, ווען מיר זעהען, אז דער עצם גלויבען אין תחיית המתים איז פאַר די אגדה׳איסטען געוואָרען א בע־ליעבטע טעמע, מיט וועלכער זיי האָבען זיך מיט פאַרגעניגען אָפּגעגעבען. וואָס פאַר א גרויסע בעדייטונג עס האָט ביי זיי געהאָט דער גלויבען אין תחיית המתים, דאָס קענען מיר משער זיין, ווען מיר נעהמען נאָר אין בעטראַכט, ווי ווייט זיי האָבען זיך געסטאַרעט איהם אונטערצוהאַלטען. נאָך אין דער צייט פון די ערסטע סופרים האָבען זיי געזוכט צו דעמאָנסטרי־רען דעם גלויבען אין תחיית המתים און צוליעב דעם האָבען זיי אריינגע־שטעלט אין שמונה עשרה די ברכה פון „מחיה המתים“. צוליעב דעמזעלבי־גען מאָטיוו איז ביי זיי געוועזען איינגעפיהרט, אז אין בית המקדש פלעגט מען אַלע ברכות ענדיגען מיט די ווערטער „ברוך ה׳ מן העולם ועד העולם“ (ברכות נ״ד), ד.ה. „געבענטשט איז גאָט פון איין וועלט ביז דער אנדער וועלט.“ דאָס איז געזאָגט געוואָרען מיט א מיין אנטקעגען די, וואָס האָ־בען אין דעם דאָגמאַט געלייקענט; וואָרום נאָך פאַרצייטען זיינען געוועזען די כותים, וואָס האָבען ניט געגלויבט אין תחיית המתים, און שפּעטער זיינען אנגעשטאַנען די צדוקים, וועלכע האָבען אין דעם דאָגמאַט געלייי־קענט, ווייל זיי האָבען איבערהויפּט געצווייפעלט אין דעם אוראַלטען יחוס פון די קבלות. זיי, די צדוקים, האָבען גערעכענט, אז דער גלויבען אין תחיית המתים איז אויסגעוואַקסען ניט אויפ׳ן באָדען פון דער אידישער רעליגיאָן: די אידען האָבען איהם גאָר מיטגעבראַכט פון בבל. וואָרום ביי די פּרס׳ער איז דערדאָזיגער גלויבען געוועזען איינגעוואָרצעלט. די צדוקים האָבען זיך ניט צוגעהערט צו די אַלע ראיות, וואָס די פּרושים האָבען זיי אויף דעם געבראַכט פון די הייליגע שריפטען (סנהדרין צ׳) (ד). ביי די פּרושים איז דער גלויבען אין תחיית המתים געשטאַנען אויף

איין מדרגה מיט דעם גלויבען אין דעם געטליכען אורשפרונג פון דער
תורה: ביידע זיינען געווען גערעכענט פאר דאגמאטען, און אויף ביידע
האבען זיי געזאגט, אז ווער עס לייקענט דעריין, יענער האט ניט קיין
חלק אויף יענער וועלט.

### די וועכטער פון גלויבען.

אט די אלע אידעען און גלויבונגען זיינען אין דעם וויינגארטען פון
דער אידישער רעליגיאן קולטיווירט געווארען; דארטען האבען זיי
זייערע ווארצלען פאנאנדערגעלאזען. עס איז פון זיי אויסגעוואקסען א
פיעלצווייגיגער, ריזיגער, הויכער און פרוכטבארער בוים. משה'ס תורה
און די נביאים — דאס איז געוועזען דער באדען. צו די קוואלען פון
ווייזהייט האט דער בוים אויסגעשטרעקט זיינע ווארצלען. די געלערנטע
פון איטליכען דור האבען אויף איהם אויפגעפאסט, און דאס האט איהם
געמאכט וואקסען אלץ העכער, ארויסלאזענדיג אלץ מעהר שפראצלינגס
און לענגערע צווייגען. פון צייט צו צייט פלעגט מען צו איהם צופלאנצען
פרעמדע שפראצלינגס, אבער א דאנק דער קונסט פון זיינע וועכטער און
צוזעהער האבען דידאזיגע פרעמדע שפראצלינגס אין גאנצען אומגעביטען
זייער נאטור און זיינען געווען ניט צו דערקענען פון די אריגינעלע צוויי־
גען, מיט וועלכע זיי האבען זיך אויסגעגליכען אין שענקייט. אויף זיי
אלעמען איז געווען אויסגעגאסען א הייליגקייט, און אלע, וואס האבען זיי
געזעהען, האבען זיך מיט זיי געבענטשט. די אויפגעקלערטע צווישען
אונזער פאלק, די נאציאנאלע פארשטעהער און פיהרער, די, וועלכע זיינען
געווען בערופען אויפצופאסען אויף דעם לעבענסבוים — די תורה און די
אידישע רעליגיאן —, זיי אלע האבען ניט געקוקט מיט א קרום אויג
אויף די אנשויאונגען און אידעען פון אנדערע פעלקער. וואס זיי האבען
נאר געפונען פאר פערנינפטיג און ריכטיג, פאר צוועקמעסיג אין מאראלי־
שער הינזיכט אדער בעלעהרענד אין וויסענשאפטליכער הינזיכט, — דאס
אלץ האבען זיי צו זיך צוגעלאזען און האבען געגעבען אויף דעם זייער
הסכם: אז אמת האבען זיי אנגענומען פון יעדערען, פון וועמען זיי הא־
בען נאר געהערט. אזעלכע, פון אנדערע איבערגענומענע, אמת'ען זיינען
ביי זיי געווען פונקט אזוי הייליג, ווי זיי וואלטען געווען אויסגעוואקסען
אויף זייער אייגענעם באדען. זיי האבען זיך מיט אלע קרעפטען גע־
סטארעט נאר אויפצואווייזען, אז דידאזיגע אמת'ען באזירען אויף דער
אידישער תורה, אזוי אז זיי האבען דא פון די אנדערע פעלקער געקראגען

צוריק נאָר דאָס, וואָס יענע האָבען ביי זיי גענומען. ווען עס זיינען אָבער אויפגעשטאַנען צווישען זיי איינצעלנע פּערזאָנען אָדער גאַנצע סעקטעס, און יענע האָבען געוואָלט אַריבערטראָגען אין דעם וויינגאָרטען פון דער אידישער רעליגיאָן אַזוינע עקזאָטישע פלאַנצונגען, וועלכע זיינען דעם באָדען געווען ווילד פרעמד, וועלכע האָבען אין זיך ניט געהאַט דעם דופט פון דעם באַרג לבנון און די שענקייט פון דעם באַרג סיני — און אַזוינס האָט ווירקליך פּאַסירט אין פאַרשיידענע צייטען — דאַן האָבען זיי זיך מיט אַלע קרעפטען איינגעשטעלט פאַר אונזער נאַציאָנאַלער אייגענטימליכקייט און האָבען פאַר זייער רעליגיאָן דאָס לעבען געאָפּפערט. מיט דאָפּעלטער אויפמערקזאַמקייט האָבען דאַן די טרייע גערטנער אויפגעפּאַסט אויף זייער וויינגאָרטען. זיי זיינען געווען די שיצער פון דער תורה, וואָס האָבען ניט געלאָזט פאַרדאַרבען זי אָדער שטערען איהר ריינקייט. פיעלע מעגען זיך טראַכטען ביי זיך: דער שטאַם פון דעם בוים איז דאָך שוין אין דער ערד אָפּגעשטאָרבען. איז דען ניט גלייכער פאַר אונז, מיר זאָלען אומבייטען דעם שטאַם, פאַרפלאַנצען אויף זיין אָרט א יונגען און שטאַרקען בוים, וואָס זאָל זיך צוואַוואַקסען, פאַנאַנדערבליהען און ברענגען פרוכט, וואָס זאָל אַריבערשטייגען מיט זיין הערליכקייט דעם אַלטען בוים און זאָל אייביג לעבען? אויף דעם ווילען יענע זיי ענטפערן: אומזיסט זוכט איהר חסרונות אויף גאָטס תורה! זי איז נעגעבען געוואָרען, ווי אַן אייביגס געזעץ. איהר פונדאַמענט וועט קיינמאָל פון אָרט ניט געריהרט ווערען. און אַט דער בוים, וואָס אייך האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זיין שטאַם איז אין דער ערד אָפּגעשטאָרבען, — ער לעבט נאָך און וועט לעבען אייביג. זיין קראַפט איז ניט געמינדערט געוואָרען, זיין דופט האָט זיך ניט אויסגעוועבט. ער איז פריש, פּונקט ווי אין דעם טאָג, ווען ער איז פאַרפלאַנצט געוואָרען. ער הערט ניט אויף צו ברענגען פרוכט. ווי אַמאָל, אַזוי איצטער שפּראָצט ער און בליהט און ברענגט אַרום פראַכטפולע פרוכט, וואָס האָט א נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט.

## פיר און צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

### דאָס פערהעלטניס פון דער תורה שבעל פה צו די ווערק פון די עוואַנגעליסטען און צו זייערע אידעען.

דאָס פערהעלטניס צו
געגנער בכלל.

כמעט אין איטליכען דור זיינען אויף די אידענס קעפּ אַנגעשטאַנען געגנער, וועלכע האָבען געוואָלט אויסרייסען די אידישע רעליגיאָן מיט'ן וואָרצעל. וויפיעל פעלקער און רעגירונגען האָבען זיך אויף זיי אַנגע־זעצט און האָבען געטראַכט אויסצומעקען אין גאַנצען דעם אידישען נאָ־מען פון דער וועלט! וויפיעל געלערנטע און שרייבער פון אַנדערע פעל־קער האָבען געקוקט אויף זיי מיט פעראַכטונג, האָבען אָפּגעלאַכט פון זיי, זוכענדיג צו דערנידעריגען די אידישע תורה, מאַכען זייער רעליגיאָן און זייערע זיטען צו שאַנד און צו שפּאָט צווישען די פעלקער. אויך פון דעם אייגענעם קרייז זיינען אַנגעשטאַנען אויף זייערע קעפּ געגנער: דאָס זיי־נען געווען די רעליגיעזע סעקטעס פון די צדוקים און פון די אסיים און די אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטען צווישען די פרושים גופא. די דאָזיגע געגנערשאַפט, סיי פון אינעווייניג, סיי פון דרויסען, איז געווען אַ בייזע אַנשיקעניס פאַר'ן אידישען פאָלק. זי האָט אָבער געבראַכט נאָר מאַטע־ריעלען שאָדען, פון וועלכען די אָנהענגער פון דער אידישער רעליגיאָן האָבען נאַטירליך געליטען. קיין מאָראַלישען שאָדען, וואָס זאָל ווירקען אויף דער רעליגיאָן גופא, האָט עס ניט געבראַכט. וואָס מעהר געגנער עס זיינען אַנגעשטאַנען, אַלץ שטאַרקער איז ביי די אידען געוואָרען די ליעבשאַפט צו זייער רעליגיאָן. אַנטקעגען דער פיינדשאַפט פון דרויסען האָבען זיי זיך בעוואָפענט, כדי צו פערטיידיגען זיך; פון די אינעווע־ניגסטע געגנער האָבען זיי זיך אָפּגעצאַמט. יעדענפאַלס האָבען מיר

קיינמאָל ניט געזעהען און ניט געהערט, אז זיי זאָלען פערפאָלגען זייערע געגנער אין ביין אריין. מען דאַרף ניט קיין גרעסערע אפּיקורסות, ווי ביי זיי האָט זיך גערעכענט דאָס לייקענען אין דעם געטליכען אורשפּרונג פון דער תורה אָדער אין תחיית המתים. פונדעסטוועגען האָבען זיי פּאַר אזעלכע אפּיקורסים ניט בעשטימט קיין שום שטראָף אויף דער וועלט. זיי האָבען זיי נאָר געסטראַשעט מיט אַן אייביגער שטראָף נאָכ'ן טויט; זיי האָבען זיי אָפּגעזאָגט דעם חלק אויף יענער וועלט. אנדערש אָבער איז געווען זייער בעציהונג צו אַ געגנערשאַפט, וואָס איז ענטשטאַנען אין דער לעצטער צייט פון דעם בית המקדש און וואָס האָט זיי פאַרשאַפט פיעל מעהר הארצוועהטאָג, איידער אַלע פריהערדיגע געגנערשאַפטען.

די קריסטליכע לעהרע אין
איהר ערסטער סטאַדיע.

די געגנערשאַפט, וועגען וועלכער מיר ריידען, — דאָס האָבען מיט זיך פאַרגעשטעלט די קריסטליכע אידען. די אַנהענגערס פון דערדאָזיגער סעקטע זיינען פערפאָלגט געוואָרען, און איהר גרינדער איז פאַר'משפט געוואָרען צום טויט. די אורזאַכע, וועלכע האָט געבראַכט צו אַזאַ אומגליקליכען און טרויעריגען רעזולטאַט, איז געווען ניט די נייע ריכטונג, וואָס ער האָט געזאָלט אריינטראָגען אין דער אידישער רעליגיאָן, נאָר די גרונדזאַצען, אויף וועלכע ער האָט זיין ריכטונג געבויט. ער איז פאַר'משפט געוואָרען ניט פאַר זיין עצם לעהרע, נאָר פאַר די מיטלען און וועגען, ווי אַזוי ער האָט די עקזיסטענץ פון זיין לעהרע געוואָלט זיכערן. וואָרום, בעטראַכטען מיר נאָר זיין עצם לעהרע, דאַן זעהען מיר, אַז דאָס איז גאָר ניט קיין נייע לעהרע. זי איז פון אָנהויב ביז'ן סוף גענומען געוואָרען פון דער אידישער תורה, מעהר ניט, דאָ איז אַלצדינג מיט אַ נייעם מאַנטעל בעצויגען. אין זיין פערהעלטניס צו דער תורה שבעל פה האָט ער זיך געשטעלט אויף דעם שטאַנדפּונקט פון די צדוקים: ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אין גאַנצען אַן אויסגעטראַכטע מעשה, דאָס האָט מען די מענשען נאָר איינגעשמועסט און די פּרושים בענוצען זיך דערמיט אויף צו מאַכען צו נישט די געזעצען פון דער געשריבענער תורה (מאַטיאָס, קאַפּ. 15, פערזען 3 און 6). אין זיינע האַנדלונגען און אין זיין אויפפיהרונג איז ער געגאַנגען אויף דעם שניט פון די אסיים. זיין פערהעלטניס צו דעם אסיי יוחנן דעם טויפער און צו זיינע תלמידים בעווייזט, אַז ער האָט געהאַט צו דער לעהרע פון די אסיים אַ נייגונג. דיי־

זעלביגע זאך זעהט מען ארויס פון זיינע פיהרונגען און לעבענס־געוואוינ־הייטען, פון דער ריכטונג, אין וועלכער זיינע געדאנקען און גלויבונגען האבען זיך בעוועגט. ער האט זיך געבריהממט, אז ער איז א נביא און איהם איז געגעבען געווארען די מאכט אויסצוהיילען קראנקהייטען. איהם האט זיך געוואלט איינפיהרען געזעלשאפטליכען אייגענטום צווישען די מענשען. ער האט געהאלטען פון אסקעטיזם, פון אפקומען אבי ווי אויף ד ע ר וועלט. דאס זיינען אלץ כאראקטעריסטישע שטריכען פון די אסיים. יענע האבען אויך געשטרעבט צו דערגרייכען די מדרגה פון נבואה. זיי פלעגען היילען קראנקהייטען מיט דער הילף פון שפרעכע־רייען. זיי האבען געלעבט אין דחקות, ניט געיאגט זיך נאך רייכקייט, און וואס יעדערער פון זיי האט פארמאגט, האט געהערט צו דער גאנצער געמיינדע. אויף דעם אלעם געפינען מיר אנדייטונגען אין זייערע שריפ־טען. אבער ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס דער גרינדער פון דער נייער לעהרע איז געשטאנען נאהענט צו די אסיים, איז זיין לעהרע ניט נאר גרעסטענטיילס גענומען געווארען פון דער אידישער תורה, נאר דאס רוב שטימט זי נאך דוקא מיט די מיינונגען פון די פרושים. ער אליין זאגט אויף זיך עדות, אז ער איז ניט געקומען אפשאפען די תורה, וואס משה און די נביאים האבען געגעבען: ער איז געקומען פארפאלשטענדיגען זי (מאטיאס, קאפ. 5, פערז 17). אונטער „פארפאלשטענדיגען" האט ער געמיינט אריבערשטייגען די מאס פון פרומקייט, וואס די תורה פאר־לאנגט, צוגעבען נייע שטרענגהייטען צו די שטרענגע געזעצען פון דער תורה. דאס זעהט מען ארויס קלאר פון די פונקטען, וועלכע ער רעכענט דארטען אליין אויס אויף צו אילוסטרירען די פארפאלשטענדיגונג. אויף דער שפראך פון די בעלי התלמוד ווערט אזא מין פארפאלשטענדיגונג אנגערופען „מאכען א גדר צו דער תורה". בעטראכטען מיר די איינ־צעלנע פונקטען, אין וועלכע עס דריקט זיך אויס די פארפאלשטענדיגונג, דאן זעהען מיר, אז דאס רוב זיינען דאס אלץ גדרים, וואס די געלערנטע פון די פרושים האבען געמאכט. צ. ב. ער דרשנ'ט דארטען אזוי: אויב מען האט די פארצייטיגע אנגעזאגט „זאלסט ניט מארדען" און ווער עס האט גע'הרג'עט א מענשען, יענעם קומט טויטשטראף, — זאג איך אייך, אז אפילו ווער עס האט נאר דערצארנט דעם אנדערען, יענעם קומט אויך א שטראף. ווער עס רופט אן דעם אנדערען „רשע", ווער עס בעליידיגט דעם צווייטען, אנרופענדיג איהם „שוטה", יענער וועט אריינפאלען אין גיהנם (מאטיאס, קאפ. 5, פערז 22). דאס איז אלץ ביי איהם א גדר צו דעם „לא תרצח" (זאלסט ניט מארדען). פונקט אזא גדר האבען די

פרושים געמאַכט, זאָגענדיג: דער, וואָס זוכט פאַר זיך כבוד, שטעלענדיג דעם אַנדערען אין בזיונות, יענער האָט ניט קיין חלק אויף יענער וועלט (ירושלמי: חגיגה, פרק ב׳, הלכה א׳. זעה אויך מגילה כ״ח). ווען איינער רופט אָן דעם אַנדערען רשע, דערגעהט ער איהם דערמיט די יאָהרען (קדושין כ״ח) (1). ווען איינער בעליידיגט עפענטליך דעם צווייטען, איז אַלץ איינס, ווי ער פאַרגיסט בלוט, עס איז פאַר איהם גלייכער אַריינ־צואוואַרפען זיך לעבעדיגערהייט אין אַ קאַלך־אויווען, ער האָט ניט קיין חלק אויף יענער וועלט (בבא מציעא נ״ח און נ״ט. אבות, פרק ג׳, משנה י״א). צו דעם „זאָלסט ניט זינדיגען געשלעכטליך" מאַכט ער אַ גדר, אַז דער, וואָס האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויף אַ פרוי מיט בעגעהר, האָט שוין געשלעכטליך געזינדיגט (מאַטיאָס, קאַפּ. 5, פערז 28). דעמזעלביגען גדר האָבען די בעלי התלמוד געמאַכט: זיי האָבען פאַרזאָגט, מען זאָל ניט קוקען אויף פרויען, מען זאָל מיט אַ פרעמדער פרוי ניט בלייבען אַליין אין אַ צימער, מען זאָל ניט פאַרברענגען צופיעל מיט אַ פרוי, מען זאָל מיט איהר ניט שמועסען אין אַן עפענטליכען פּלאַץ. וועגען גט׳ען זיך האָט ער געמאַכט אַ גדר, אַז קיינער זאָל ניט גט׳ען זיין פרוי. סיידען ער האָט אויף איהר געפונען אַ חטא פון אונטרייהייט (מאַטיאָס, קאַפּ. 5, פערז 32), און דאָס שטימט מיט דעם דרש, וואָס די בית שמאי האָבען געלערנט (גיטין, די לעצטע משנה). צו דעם „זאָלסט ניט פאַרברענגען גאָטס נאָמען אומזיסט" האָט ער געמאַכט אַ גדר, אַז אַ מענש דאַרף זיך בכלל ניט שווערען. דאָס שטימט מיט דער מיינונג פון די אסיים, וועל־כע האָבען זיך גאַנצען אויסגעמיידט צו שווערען זיך. ווען ער זאָגט נאָך: אַ מענש דאַרף זעהען, אַז זיין וואָרט אַליין, אָהן אַ שבועה, זאָל זיין נענוג, זיין „יע" זאָל ווירקליך זיין „יע" און זיין „ניין" זאָל זיין „ניין" (מאַטיאָס, קאַפּ. 5, פערז 37), — חזר׳ט ער דאָ נאָר איבער וואָרט אין וואָרט דאָס, וואָס די פרושים האָבען געזאָגט (ספרא: קדושים, פרק ח׳. בבא מציעא מ״ט) (א). ווייטער, ווען ער זאָגט, אַז די מצוה פון ליעב־שאַפט צו גאָט און פון ליעב האָבען דעם צווייטען — דאָס איז דער וויכ־טיגסטער כלל אין דער תורה; אַז דער עיקר איז „ווי דו פאַרלאַנגסט, אַז דער אַנדערער זאָל דיך בעהאַנדלען, אַזוי זאָלסטו יענעם בעהאַנדלען", און דאָס איבעריגע אַלצדינג איז נאָר אַ פירוש אויף דעם; אַז מען דאַרף טאָן גוטס אפילו דעם פיינד (מאַטיאָס: קאַפּ. 22, פערזען 40—37; קאַפּ. 7, פערז 12 און קאַפּ. 5, פערז 44), — איז דאָס אַלץ האָט זיין גרונד אין תנ״ך, דאָס איז אויסגעדריקט אין די ווערק פון אונזערע גע־לערנטע, און דאָס שפּיגעלט זיך אָפּ אין דעם גאַנצען לעבען פון דעם

אידישען פאלק, אין זיין וועלט־פאליטיק, זינט זיי זיינען געווארען א פאלק ביז היינטיגען טאג. "וואס דו ווילסט ניט, אז דער אנדערער זאל טאן אנטקעגען דיר, א. אז. וו." — דאס איז געווען אן אלטס גלייכווערטעל (טוביה, קאפ. ד', פערז 16). הלל האט נאך געזאגט, אז דאס איז דער גאנצער אינהאלט פון דער תורה, און דאס איבעריגע איז נאר א פירוש אויף דעם (שבת ל'). אז די מצוה פון ליעב האבען דעם צווייטען, ווי זיך אליין, איז א וויכטיגער כלל אין דער תורה, — דאס האבען מיר אויך געהערט פון די פרושים (ספרא: קדושים, פרק ד'). וועגען וואוילטע־טיגקייט האבען זיי געזאגט, אז דאס איז איינע פון די זיילען, אויף וועל־כע די וועלט שטעהט (אבות, פרק א'). אז מען דארף העלפען אפילו א פיינד, — דאס ווערט אויסגעדריקט דייטליך אין תנ"ך (שמות, קאפ. כ"ג, פסוקים ד' און ה'. משלי, קאפ. כ"ה, פסוק כ"א). די תורה פארזאגט נאך, מען זאל איבערהויפט ניט טראגען אויף קיינעם קיין שנאה אין הארצען, מען זאל ניט פיהלען צו יענעם קיין האס און מען זאל קיין נקמה ניט נעהמען. הלל האט געזאגט: זאלסט ליעב האבען אלע מענשען און זאלסט זיי דערנעהענטערן צו דער תורה (ב). ווען ער זאגט: ווי א מענש אורטיילט וועגען אנדערע, אויף דעמזעלביגען אופן ווערט ער גע'משפט (מאטיאס, קאפ. 7, פערז 2),—געפינען מיר דאסזעלביגע אין די מאמרים: אורטיילענדיג וועגען דעם אנדערען, זאלסטו שטענדיג אויסלעגען אלצדינג פאר יענעם צו גוטען (אבות, פרק א'); ווער עס אורטיילט וועגען דעם אנדערען, אויסלעגענדיג אלצדינג צו גוטען, — פאר יענעם געפינט מען א זכות, ווען ער ווערט גע'משפט (שבת קכ"ז). ווען ער זאגט: ווער עס איז מוחל אנדערע, די, וואס האבען אנטקעגען איהם געזינדיגט, יענעם איז מען זיינע זינד מוחל (מאטיאס, קאפ. 6, פערז 14), — געפינען מיר עהנליכס אין דעם מאמר; ווער עס לאזט איבער דאס זייניגע, פון יענעם נעהמט מען ארונטער אלע זיינע זינד (יומא כ"ג). וואס ער הייסט געבען צדקה שטילערהייט, אז קיינער זאל דערפון ניט וויסען (מאטיאס, קאפ. 6, פערזען 4—1), געפינען מיר דאס אויך ביי די פרושים (חגיגה ה'. שקלים, פרק ה', לעצטע משנה. בבא בתרא ט'. ספרי: ראה, פיסקא קי"ז). דאסגלייכען מיט זיינע טעזיסען, אז די גרעסטע יחסנים ביי גאט זיינען די נידערגעשלאגענע, די אונטערדריקטע, די בעשיידענע און די, וואס לעכ־צען נאך גערעכטיגקייט; אז די, וואס האבען רחמנות אויף אנדערע, אויף יענע וועט גאט רחמנות האבען: אז די, וועמעס געוויסען עס איז ריין, וועלען זוכה זיין צו בעגעגענען די שכינה; אז די פרידענס־ליבענדע ווע־רען אנגערופען גאטס קינדער, און די, וואס ווערען פערפאלגט פאר זייער

עהרליכקייט, וועלען דערגרייכען דאָס הימלישע קיניגרייך (מאַטיאָס, קאַפּ. 5, פּערזען 3—10). דאָס אַלץ געפינען מיר וואָרט אין וואָרט ממש אין תנ"ך און אין די ווערק פון אונזערע געלערנטע. דהיינו: גאָט בעזוכט דעם נידערגעשלאָגענעם און דעם ביי זיך געפאַלענעם (ישעיה, קאַפּ. נ"ז, פּסוק ט"ו). די בעשיידענע וועלען ירשנ'ען די ערד (תהלים, קאַפּ. ל"ז, פּסוק י"א). ווער עס האַלט זיך נידעריג, יענעם דערהויבט גאָט (עירובין י"ג). דער בעשיידענער, דער, וואָס האַלט זיך קליין ביי זיך, יענער וועט האָבען עולם הבא (סנהדרין פּ"ח). דער, וואָס טוט גערעכטיגקייט, יענער וועט רוהען אין גאָטס געצעלט (תהלים, קאַפּ. ט"ו). ווער עס האָט רחמנות אויף לייטען, איבער יענעם דערבאַרמט מען זיך פון הימעל (שבת קנ"א). די, וואָס מיט אַ ריינעם געוויסען, יענע וועלען אַרויפשטייגען אויף גאָטס באַרג (תהלים, קאַפּ. כ"ד). די, וואָס לעבען גוט צווישען זיך, ווערען אָנגערופען גאָטס קינדער (ספרי: ראה, פּיסקא צ"ו). גאָט נעהמט זיך אָן פאַר דעם פערפאָלגטען (קהלת, קאַפּ. ג', פּסוק ט"ו. ז. אויף דעם מדרש רבה). די, וואָס ווערען בעליידיגט און בעליידיגען ניט, יענע זיינען גאָטס פריינד (שבת פּ"ח). דאָסגלייכען מיט זיינע איבעריגע לעהרען, דהיינו: די לעהרע וועגען גאָטס ליעבשאַפט צו זיינע בעשעפעניסען (מאַטיאָס, קאַפּ. 5, פּערז 45) — אַז ער שטרעקט אויס זיין גוטסקייט אויף אַ ל ע מ ע ן (אַז גאָט האָט רחמנות ניט נאָר אויף די אידען, נאָר אויך אויף אַנדערע פעלקער, אין דעריין האָבען די אידען געגלויבט פון שטענדיג אָן. אַזוי ווי דאָס איז שוין ערקלערט געוואָרען אין דעם פריהערדיגען קאַפּיטעל, איז אונז דאָ פאַרשפּאָרט אויפצואווייזען דאָס. אָבער, פּונקט ווי אַלע אידען אין זיין צייט האָבען געגלויבט, אַז צו די אידען האָט עפּעס גאָט אַ בעזונדער ליעבשאַפט, אַזוי האָט אויך דער גרינדער פון קריסטענטום געגלויבט, ווי דאָס ווערט אויסגעדריקט אין מאַטיאָס, קאַפּ. 15, פּערז 26, און אין אַנדערע ערטער); אַז מען דאַרף ליעב האָבען גאָט און אַנשליסען זיך אָן איהם: זיין אַזוי באַרמהערציג, ווי ער איז אַ באַרמהערציגער (לוקאַס, קאַפּ. 6, פּערז 36), ניט צווייפלען דעריין, אַז ביי גאָט איז אַלץ מעגליך, פאַרלאָזען זיך אין גאַנצען אויף איהם, ניט דאַג'ענען היינט, צי מאָרגען וועט זיין פונוואַנען צו לעבען (מאַטיאָס, קאַפּ. 6, פּערזען 31—34); זיין לעהרע וועגען דער פאַרגיטיגונג: אַז יעדערען ווערט בעצאָהלט אַקוראַט נאָך זיינע מעשים נאָך (מאַטיאָס, קאַפּ. 7, פּערז 2); אַז מען דאַרף טאָן גוטס, ניט פאָדערנדיג דערפאַר קיין לוין (לוקאַס, קאַפּ. 6, פּערז 35); אַז די, וואָס טוען גוטס שטילערהייט, ווערען בעלוינט דערפאַר עפענטליך (מאַטיאָס, קאַפּ. 6, פּערז 4)

(עהנליכעס צו דעם אלעם געפינט זיך: ספרי, עקב, פיסקא מ"ט. מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פרשה ב'. סוטה ג', ח' און מ"ח. ביצה ט"ז. אבות, פרק א' משנה ג'. און אנדערע ערטער): ווייטער, די לעהרע וועגען דעם הימלישען קיניגרייך, אונטער וועלכען די וועלט דארף דערגרייכען איהר פאלקאמענהייט: די זינד דארף אין גאנצען אויסגעפיהרט ווערען פון דער וועלט, דאס מאראליש גוטע דארף פארברייט ווערען, און דאס דארף ניט אפהענגען גאר פון גינסטיגע פאליטישע אומשטענדען (אין פיעלע ערטער). אט דאס אלץ איז דאך פון די גרונד־פרינציפען, אויף וועלכע די לעהרע פון די פרושים איז געגרינדעט (ג). אחוץ די אלע אויסגערעכענטע גרונדזאצען פון זיין לעהרע, איז אפילו זיינע אפאריזמען און משלים געפינען זיך גרעסטענטיילס אין אנדערע אידישע ווערק, בעזונדערס אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה. צ. ב.: דער שבת עקזיסטירט צוליעב אייך, ניט איהר צוליעב דעם שבת (מכילתא: כי תשא. מארקוס, קאפ. 2, פערז 27). ווער עס האט אביסעל געהערט, יענעם לאזט מען הערען א פולע (מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פרשה א'. מאטיאס, קאפ. 13, פערז 12) (2). פונקט ווי איך גיב אלצדינג אומזיסט, אזוי דארפט איהר טאן אומזיסט (בכורות כ"ט. מאטיאס, קאפ. 10, פערז 8). גענוג פאר דעם קנעכט, אז ער זאל זיין גלייך מיט זיין האר (ברכות נ"ח. תוספתא: סנהדרין, פרק ג'. מאטיאס, קאפ. 6, פערז 25). דיינע אייגענע האנדלונגען וועלען דיך דערנעהענטערן, דיינע אייגענע האנדלונגען וועלען דיך דערווייטערן (עדיות, פרק ה' לעצטע משנה. מאטיאס, קאפ. 12, פערז 37). ווער עס האלט זיך נידעריג, יענעם דערהויבט גאט (עירובין י"ג. מאטיאס, קאפ. 23, פערז 12). משיח וועט אנדערש ניט קומען, סיידען גאר אומגעריכט (סנהדרין צ"ז. מאטיאס, קאפ. 24, פערז 44). דער משל מיט דעם, וואס דערזעהט ביי דעם אנדערען א שפענדעל צווישען די צייהן און זעהט ניט ביי זיך א קראקווע צווישען די אויגען (ערכין ט"ז. מאטיאס, קאפ. 7, פערז 3). דער משל מיט דעם בעל הבית, וואס האט געדונגען ארבעטער (ירושלמי: ברכות, פרק ב', הלכה ח'. מאטיאס, קאפ. 20, פערז 1 און ווייטער). דאס זיינען נאר איניגע אילוסטראציעס פון פיעלע אויף צו בעווייזען, אז זיינע אפאריזמען אדער די אפאריזמען, וואס געהען אויף זיין נאמען, געפינען זיך דאס רוב אין די ווערק פון דער תורה שבעל פה. עס איז פארשפארט צו זאגען, אז די געלערנטע פון דער תורה שבעל פה האבען די אלע אפאריזמען פון איהם גענומען ניט איבערגענומען, ווארום מיר ווייסען דאך, ווי אזוי זיי האבען זיך געהיט פון אלצדינג, וואס האט נאר געהאט א

שייכות צו דער קריסטליכער לעהרע: זיי האבען אפילו קיין האלב ווארט
פון זיי ניט געוואלט הערען (ד). עס איז אלזא פאר אונז קלאר, אז די
לעהרע פון די פרושים — אט דאס איז דער קוואל, פונוואנען ער האט
דעם גרעסטען טייל פון זיין לעהרע געשעפט. פונקט ווי זיין לעהרע
איז גרעסטענטיילס אידענטיש מיט דער לעהרע פון די פרושים, אזוי האט
ער זיך בכלל אין רעליגיעזער הינזיכט אין וויכטיגע פונקטען פון די
פרושים ניט אפגעשיידט. ניט מיט זיין לעהרע אלזא האט ער זיך אנגע־
מאכט צרות: די מיטלען און וועגען, מיט וועלכע ער האט זיך בענוצט
אויף צו פארברייטען זיין לעהרע, — אט דאס האט גענגען איהם ארויס־
גערופען א שטארקע פארביטערונג. ער האט געפריידיגט זיין לעהרע,
שטיצענדיג זיך אויף דער נבואה, וואס איז איהם ענטפלעקט געווארען.
ער האט פיעלע פון די אידען בעאיינפלוסט און זיי געמאכט גלויבען אין
זיינע וואונדער און אין זיין געטליכער שליחות (ז. השמטת הש"ס אויף
סנהדרין מ"ג). ער האט עפענטליך ערקלערט און האט עס אפילו געזאגט
פאר זיינע ריכטער, אז ער איז גאטס זוהן (מאטיאס, קאפ. 26, פערז 63.
מארקוס, קאפ. 14, פערז 62). אט די דריי פונקטען זיינען געוועזען די
אורזאכע פון אלצדינג, וואס איז געגען איהם אפגעטאן געווארען. אזעלכע
גלויבונגען זיינען דאמאלסט ביי אידען געוועזען א נייס, און זיי האבען
דערזעהען דערין א געפאהר פאר דער אידישער רעליגיאן, וואס איהר וויכ־
טיגסטער פרינציפ איז די אבסאלוטע איינהייט גאטס. אמת טאקי, דער
גלויבען אין משיח'ן איז ביי אלע אידען איינגעבאקען אי הארצען, און
דאס איז זייער היילמיטעל אנטקעגען אלע צרות פון לעבען, פונדעסטוועגען
ווען פון העלער הויט יאוועט זיך אפ איינער און זאגט „איך בין דאס
דער אויסדערוועהלטער, וואס גאט האט מיך געשיקט", וועלען זיי זיך
ניט כאפען גלייך גלויבען, אז דאס איז טאקי אט דער, אויף וועמען זיי
האבען אויסגעקוקט די אויגען. אבער, מיט דעם, וואס זיי האבען דעם
טרעגער פון דער געפעהרליכער לעהרע בעזייטיגט, איז די געפאהר ניט
בעזייטיגט געווארען. נאך זיין טויט האבען זיך די געפעהרליכע גלויבונגען
נאך מיט מעהר פרישקייט פארשטארקט.

די צווייטע סטאדיע
פון קריסטענטום.

די קריסטליכע סעקטע האט זיך צוטיילט דאן אויף צוויי פראקציעס:
איינע איז געבליבען שטעהן אויפ'ן בודען פון דער אידישער רעליגיאן,

די אַנדערע האָט דעם פּראַקטישען טייל פון משה'ס תורה מבטל געווען. דער פיהרער פון דער צווייטער פראַקציע איז געווען פּאול, וואָס זיין אידישער נאָמען איז געווען שאול און ער האָט זיך געהאַלטען פאַר א גע־וועזענעם תלמיד פון ר' גמליאל הזקן. ער האָט אין זיין קרייז אָפּגע־שאַפט די אַקטועלע מצוות, און אין מיטעלפונקט פון דער רעליגיאָן האָט ער אַוועקגעשטעלט נאָר דעם גלויבען אין דעם משיח ישוע און אין זיין אויפלעבונג נאָכ'ן טויט. אַנווענדענדיג די דרש־מעטאָדס פון די אידישע געלערנטע, האָט ער געזוכט אויפצואווייזען, אַז דאָס אַלץ איז נאָך פון פריהער אַנגעזאָגט געוואָרען אין תנ"ך. די צווייטע פּראַקציע האָט בע־זיגט די ערסטע, און מיט דער צייט זיינען די קריסטליכע אידען אין גאַנ־צען פאַרשוואונדען. דאָס קריסטענטום איז געוואָרען א נייע רעליגיאָן, אויף וואָס דער גרינדער האָט זיך אַליין ניט געריכט. ווארום דער ע ר־ס ט ע ר ג ר י נ ד ע ר פון קריסטענטום האָט בפירוש געזאָגט, אַז ער איז געשיקט געוואָרען ספּעציעל צו די אידען און ער איז ניט געקומען אָפּצושאַפען די תורה, נאָר צו פאַרפאַלשטענדיגען זי (מאַטיאס, קאַפּ. 10, פערז 6 און קאַפּ. 5, פערז 17). ער האָט ערקלערט, אַז כאָטש אפילו דער עיקר זיינען די געזעצען פון ליעבשאַפט און גערעכטיגקייט, פונדעסט־וועגען דאַרף מען אויך די רעליגיעזע מנהגים ניט אַוועקמאַכען אונטער'ן האַנט (מאַטיאס, קאַפּ. 23, פערז 23. לוקאס, קאַפּ. 11, פערז 42). ער האָט זיך ווי ווייט מעגליך געהיט, אַז די געגנער זאָלען ניט האָבען צו וואָס צוצוצעפען זיך, זיי זאָלען אויף איהם ניט קענען זאָגען, אַז ער איז אויסען אָפּצושאַפען די תורה. ער האָט בפירוש פאַרזאָגט זיינע אַנהענגער, זיי זאָלען אָפּהיטען אַלע מצוות (מאַטיאס, קאַפּ. 5, פערזען 20—19). טאָמער ערלויבט ער יע אַמאָל עפּעס אַזוינס, וואָס די תורה האָט פאַרוועהרט, איז אָדער ער ברענגט פון דער תורה גופא א ראיה אויף דעם, אַז מען מעג דאָס, אָדער ער געפינט אַ־יס א מאָטיוו, פאַר וואָס די תורה האָט געהיי־סען אַזוי, און ער פיהרט אויס, אַז וויבאַלד די אורזאַכע האָט זיך געפעהלט, איז דאָס געזעץ פון דער תורה ניט גילטיג, ווייל אויף אַזאַ פאַל האָט עס די תורה גאָר ניט געמיינט. זיינע תלמידים האָבען אַמאָל געריסען זאַנ־גען אום שבת, און די פרושים האָבען איהם פירגעהאַלטען, פאַר וואָס ער האָט עס דערלאָזען. האָט ער געענטפערט, אַז ווען א מענש האָט ניט וואָס צו עסען, מעג ער על פי דין אַזוינס טאָן. ער האָט געבראַכט א ראיה פון דוד'ן, וואָס ער האָט אַמאָל, בעת עס איז אויסגעקומען שמאַל, גע־געסען דאָס הייליגע ברויט (3). ער האָט אַנגעוויזען אויך אויף דערויף, וואָס די כהנים טוען אום שבת די מלאכות, וואָס פאָדערט זיך אין בית

המקדש (מאטיאס, קאפ. 12, פערזען 8—1). דער עיקר איז: „דער שבת עקזיסטירט צוליעב אייך, ניט איהר צוליעב דעם שבת" (מארקוס, קאפ. 2, פערז 27). ווען ער וויל, פארקעהרט, פארוועהרען דאס גט'ען זיך, וואס די תורה ערלויבט עס, ערקלערט ער דאס אויך אויף אזאן אופן: פון אנהויב אן האט אזוי גאט געוואלט, אז דער הייראטס־בונד זאל זיין א שטענדיגער, וואס זאל קיינמאל ניט אויפגעלייזט ווערען. מעהר ניט, אין משה'ס צייט זיינען די אידען אין דער פרט געווען איינ־געשפארט, האט ער זיי דאס גט'ען זיך געמוזט ערלויבען (מאטיאס, קאפ. 19, פערז 8). אמאל האבען זיך מיט איהם די פרושים געהאמ־פערט, פארוואס זיינע תלמידים עסען אונגעוואשען — וואס דאס איז גע־גען א תקנה פון די געלערנטע — און ער זאגט זיי א ווארט ניט. האט ער זיי געענטפערט, אז די תקנות פון די געלערנטע — דאס זיינען אלץ אזעלכע זאכען, וואס מענשען האבען איינער דעם אנדערען איינגעשמור־עסט, אבער גאט האט עס גאר ניט געהייסען. דאס, וואס קומט אריין אין דעם מענשענס מויל, מאכט איהם ניט אומריין: עס קאן איהם אומ־ריין מאכען נאר דאס, וואס קומט ארויס פון זיין מויל (מאטיאס, קאפ. 15, פערז 11). פון ד י ווערטער זעהט אפילו אויס, אז ביי איהם האט ניט געהאט קיין בעטרעף דער גאנצער ענין פון פערבאטענע שפייזען. וואס די תורה האט פארוועהרט זיי צו עסען. פונדעסטוועגען, פון דעם, ווי ער פיהרט אויס ווייטער, זעהט מען, אז ער האט ניט געהאט דעם מוט ארויסצוזאגען דאס דייטליך. פארקעהרט, ער האט זיך געסטארעט אויס־לעגען זיינע אייגענע ווערטער אויף אזאן אופן, אז דאס זאל ניט געהן אויף א ל ע פערבאטענע שפייזען. ווארום ער לאזט אויס אזוי: די שלעכטע געדאנקען, וואס קומען ארויס פון דעם מענשענס הארץ, זיי מאכען איהם אומריין. ווען איינער עסט אבער נאר אונגעוואשען, ווערט ער דורך דעם ניט אומריין (דערזעלביגער ארט, פערז 20). ווי מיר זע־הען, שטעלט ער דא פריהער אוועק אן אלגעמיינעם פרינציפ, וואס איז געמיינט געווארען אנטקעגען אלע פערבאטענע שפייזען. ער אילוסטרירט איהם אבער מיט אן איינצעלנעם פאל, וואו עס האנדעלט זיך גראד ווע־גען אן אומריינקייט, וועלכע די געלערנטע האבען אליין איינגעפיהרט ווי א גזירה. דאס דארפען מיר פארשטעהן אט ווי: דער אלגעמיינער פרינציפ גיט אונז א שטיקעל בעגריף וועגען דעם, וואס ער האט ביי זיך אין הארצען געטראכט. דער איינצעלנער פאל אבער איז אזוי ווי צוגע־פאסט אויף צו פארענטפערען זיך, מען זאל צו איהם קיין טענות ניט קע־נען האבען. ווי דאס איז, מיר זעהען, אז ער האט ווי ווייט מעגליך אויס־

געמיידט אלצדינג, וואס וואלט אויסגעקוקט, אזוי ווי ער וויל אפשאפען א געזעץ פון דער תורה. דעריבער איז, די פון זיינע תלמידים, וואס האבען ניט פארשטאנען זיין רעכטען מיין, וואס האבען ניט געוואוסט פון זיינע פארבארגענע געדאנקען, יענע זיינען אין בעצוג צו די אקטועלע מצוות געבליבען שטעהן אויפ׳ן באדען פון דער אידישער רעליגיאן. פאול אבער האט גוט פארשטאנען זיין לעהרערס פארבארגענע געדאנקען, און ער האט ניט געציטערט דורכצופיהרען זיי פאקטיש. דאס, וואס ישוע האט שטילערהייט ביי זיך געטראכט, האט פאול ארויסגעזאגט אפען. ער האט גערעדט קלארע דבורים: זינט ישוע פון נצרת (נאזארעט) איז אויפגעטראטען און האט אנגעהויבען צו פריידיגען זיין לעהרע, זיינען אלע געזעצען און מצוות בטל געווארען, און די רעטונג פון יעדער איינציגען, סיי א איד, סיי ניט קיין איד, ליגט נאר אין גלויבען. ווער עס אנערקענט ישוע׳ס הערשאפט און זיין געטליכע שליחות, ווער עס גלויבט נאך דערצו אין זיין אויפלעבונג נאכ׳ן טויט, יענער געניסט אל דאס גוטס און געווינט דאס אייביגע גליק (10-טער בריוו צו די רוימער, פערזען 11—4). אט דאס האט ער געזאגט אין אלגעמיין. ריידענדיג וועגען געוויסע געזעצען ספעציעל, זאגט ער בעשטימט, אז דאס אפהיטען זיי איז פאר די אנהענגער פון דער רעליגיאן ניט קיין מוז. פון די בעזונדערס וויכטיגע זאכען, וואס ער האט אפגעשאפט, איז געווען די מצוה פון מילה. און זיינע אלע טעאריעס האט ער געשטיצט מיט פארשיידענע ראיות פון תנ״ך, ארויסגעדרונגען מיט דער הילף פון די דריש-מעטאדס, וואס זיינען געווען אנגענומען אין זיין צייט.

**תקנות און גזירות אין קאמף**
**געגען דעם קריסטענטום.**

אט די עטליכע קורצע בעמערקונגען וועגען דער טעטיגקייט פון ישוע און זיינע תלמידים, וועגען דעם רעכטען עצם פון זייער לעהרע און וועגען זייערע שטרעבונגען דארפען זיין גענוג אויף צו פארשטעהן דאס פערהעלטניס פון דער נייער רעליגיעזער סעקטע צום טראדיציאנעלען יודענטום. אין דער לעהרע פון דעם ערסטען גרינדער, אזוי גוט ווי אין פאול׳ס טעאריע, האבען זיי פאר דער אורשפרינגליכער אידישער לעהרע געמוזט דערזעהען א געפאהר. ביידענס גלויבענס-טעאריעס האבען ענט-האלטען אין זיך נייע עלעמענטען, וועלכע האבען אנגעריהרט דעם אל-

טען אידישען גלויבען. עס איז דעריבער זעלבסטפארשטענדליך, אז די גע־
לערנטע אין די ערסטע דורות האבען זיך אנטקעגען דעם געמוזט איינ־
שטעלען: ערקלערענדיג עפענטליך, אז די נייע אידעען און גלויבונגען
שטעהען אין ווידערשפרוך צו דער אידישער רעליגיאן, האבען זיי איינגע־
פיהרט פארשיידענע תקנות און גזירות, כדי די געפאהר צו בעזייטיגען.
צווייערליי תקנות און גזירות זיינען אויף דעם באדען געשאפען געווארען.
איינע פון זיי ענטהאלטען געזעצליכע בעשטימונגען וועגען די קריסטען:
ווי אזוי די אנהענגערס פון דער אידישער רעליגיאן דארפען זיך בעציהען
צו זיי. אנדערע זיינען געצילט געגען דעם קריסטענטום: זייער צוועק
איז צו פארווארענען, אז די קריסטליכע אידעען זאלען אויף די אידען
ניט קריגען קיין איינפלוס. וועגען די בעציהונגען צו די קריסטען זיינען
ניט פיעל תקנות צו אונז דערגאנגען. אבער, אט פון די ניט פיעלע
תקנות זעהט זיך ארוים, אז זיי זיינען ביי זיי אין די אויגען געווען פאר־
רעכענט פשוט פאר גויים. עס האט ניט לאנג געוועהרט, ביז זיי האבען
גוזר געווען, אז מען טאר ניט עסען פון זייער שחיטה, מען טאר ניט גע־
ניסען זייער ברויט און זייער וויין. אויף זייערע שריפטען האבען זיי
געקוקט, ווי אויף שריפטען פון פאלשע נביאים אדער מכשפים. זייערע
פרוכט האבען זיי בעטראכט ווי אזעלכע, פון וועלכע עס איז געוויס ניט
אפגעשיידט געווארען קיין תרומה און מעשר (חולין י"ג). פלייש, וואס
האט זיך געפונען אין זייערע הענט, איז געווען טריף. עס האט זיך גע־
רעכענט, פונקט ווי דאס פלייש פון א קרבן, וואס מען האט מקריב גע־
ווען צו די אפגעטער. זיי האבען גוזר געווען, אז מען טאר זיך
מיט זיי ניט מתחתן זיין (תוספתא: חולין, פרק ב') און א ספר תורה,
וואס א קריסט האט געשריבען, דארף מען פארברענען (גיטין מ"ה). די
אלע גזירות זיינען געצילט געווען געגען די אידישע קריסטען: ווען זיי
וואלטען געהאט דא אין זינען די גויים, וואס זיינען צוגעשטאנען צום
קריסטענטום, וואלט דאך זיי פארשפארט געווען צו גוזר זיין, אז מען טאר
ניט עסען פון זייער שחיטה און מען טאר ניט געניסען זייער ברויט און
זייער וויין: אנטקעגען די גויים האט אזא גזירה שוין פון לאנג אן עק־
זיסטירט. פיעל מעהר תקנות האבען זיי איינגעפיהרט, כדי צו פארהיטען
זיך פון די קריסטליכע טעאריעס און פון זייערע מנהגים. אמאל פלעגט
מען אויך די צעהן געבאטען (עשרת הדברות) זאגען אין קריאת שמע.
האט מען דאס אפגעשאפט, כדי די קריסטען זאלען ניט האבען אן וואס
אנצוצעפען זיך: זיי זאלען ניט קענען זאגען, אז נאר די עשרת הדברות
זיינען משה'ן געגעבען געווארען פון סיני (ברכות י"ב. ירושלמי: ברכות,

פרק א׳, הלכה ה׳). אין דער אמת׳ען איז טאקי אין דעם נאמען פון זייער משיח ישוע געזאגט געווארען, אז דער עיקר זיינען אייניגע פון די צעהן געבאטען און די מצוה פון ליעב האבען דעם צווייטען (מאטיאס, קאפ. 19, פערז 18). אט די תקנה וועגען אויסשליסען די עשרת הדברות פון קריאת שמע איז איינגעפיהרט געווארען אין דעם ערסטען יאהרהונדערט, נאך דער קריסטליכער צייטרעכענונג. ווארום ר׳ נתן, וואס האט געלעבט אז ערך אין מיטען פון דעם צווייטען יאהרהונדערט, נאך זייער צייט־רעכענונג, רעדט שוין וועגען דעם, ווי וועגען א זאך, וואס איז געשעהען אין דער פארגאנגענהייט. נאך א תקנה איז איינגעפיהרט געווארען צו־ליעב די קריסטען: מען זאל אין קריאת שמע די ווערטער „ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד" (געבענטשט איז דער נאמען פון זיין קיניגליכער הערליכקייט ביז אייביג) זאגען הויך, אויפ׳ן קול (פסחים נ״ו). דער זין פון דערדאזיגער ברכה איז די פייערליכע ערקלערונג, אז מען ווארפט זיך אונטער אין גאנצען אונטער דער הימלישער הערשאפט. דאס האבען איינגעפיהרט די זעלאטען, וועלכע האבען געזאגט, אז מען טאר ניט אנערקענען איבער זיך קיין יאך פון א מענשליכער רעגירונג, מען דארף אנערקענען נאר די הימלישע הערשאפט (ר׳ מאיר פרידמאן אין זיין פירוש „מאיר עין" אויף ספרי, ואתחנן, פיסקא ל״א) (ה). זיי פלעגען דאס זאגען שטילערהויט, כדי ניט צו אויפרייצען געגען זיך די רעגירונג. אזוי ווי זיי האבען אבער פיעלע פון די פרושים חושד געווען אין א נייגונג צום קריסטענטום (ירושלמי: ברכות, פרק ה׳, הלכה ג׳) און זיי האבען אפשר דערגאנגען, אז אייניגע פון זיי, זאגענדיג דעם „ברוך שם כבוד מלכותו" שטילערהויט, לעגען צו ישוע׳ס נאמען צו גאטס נאמען, האבען זיי איינגעפיהרט, אז מען מוז דאס זאגען הויך, כדי אלע זאלען הערען. אז ערך צום סוף פון דעם ערסטען יאהרהונדערט, נאך דער קריסטליכער צייטרעכענונג, אין דעם ערסטען דור נאכ׳ן חורבן האבען זיי צו דער ברכה „מכניע זדים" צוגעגעבען א געוויסען טייל (ו), וואס איז געצילט געגען די קריסטען, און דעריבער ווערט דידאזיגע ברכה ביי זיי אנגערו־פען „ברכת המינים" (ברכות כ״ח—כ״ט) (4). דאס, וואס זיי רופען אן די קריסטען „מינים", איז מחמת דעם, ווייל יענע האבען זיך אליין אנ־גערופען „מאמינים", ד. ה. גלויביגע („די אויפטואונגען פון די אפאס־טעלם", קאפ. 4, פערז 32 און אנדערע ערטער), און די אידען האבען דאס איבערגעלעגט אנדערש, פארבייטענדיג דאס ווארט „מאמינים" מיט דעם עהנליך קלינגענדען ווארט „מינים" (ז. די אנמערקונג פון דעם „מוסף הערוך" צו דער ערקלערונג אויף דעם ווארט „מין" אין דעם „ערוך"),

**וואס דאס איז אמאל געווען דער נאמען פון אן אנדער רעליגיעזער סעק־טע,** וועלכע האט געגלויבט אין צוויי גאטהייטען. די „ברכת המינים" האבען זיי געהאלטען פאר אזא וויכטיגע זאך, אז זיי האבען ארויסגעגע־בען א דין: ווען איימיצער האט פארפעהלט אט די ברכה אין שמונה עשרה, דארף מען איהם פארהאלטען און אויסזוכען, אפשר האט ער א שייכות צום קריסטענטום (ירושלמי: „ברכות, פרק ה׳, הלכה ג׳). זיי האבען בעשלאסען, אז די „גליונים" און „ספרי מינים" דארפען פארברענט ווערען (ז. פריהער, קאפ. 22, זייט 581). זיי האבען גוזר געווען, אז מען טאר זיך מיט זיי ניט ארייגלאזען אין קיינע דעבאטען און מען טאר זיך ביי זיי ניט היילען, אפילו ווען דער קראנקער איז אין אזא צושטאנד, אז אהן דער רפואה קאן ער ציהען נאר א גאנץ קורצע צייט (עבודה זרה כ"ז) (5). מען דארף זיך פון זיי ווער ווייסט ווי דערווייטערן (עבודה זרה י"ז. מכילתא: משפטים, פרשה כ׳. ז. דארטען דעם פירוש „מדת סופרים"), ווייל די פאלשע לעהרע האט עפעס פאר דעם מענשענס הארץ א געוויסע צוציהונגס־קראפט (ספרי: שלח, פיסקא ק"טו. עבודה זרה כ"ז). זיי האבען די קריסטליכע לעהרע צוגעגליכען צו נעצען און פאסט־קעס, וואס זיינען אנגעשטעלט אויף צו פאנגען די נשמה. אין דער אמת'ען זיינען טאקי א היבש ביסעל פון די געלערנטע פון די נעצען אויף א ווייל פארכאפט געווארען, ווי דאס האט פאסירט מיט ר׳ אליעזר בן הורקנוס (עבודה זרה ט"ז—י"ז), מיט בן דימא'ן, ר׳ ישמעאל'ס שוועס־טערס א זוהן (עבודה זרה כ"ז), מיט חנניה, ר׳ יהושע'ס ברודערס א זוהן, מיט יהודה בן נקוסא און מיט נאך אייניגע געלערנטע (מדרש רבה: קהלת, פרשה א׳ פסוק „כל הדברים יגעים", און פרשה ז׳ פסוק „מוצא אני מר ממות"). אפילו ביי קלייניגקייטען, וואו די עצם זאך איז ניט מעלה, ניט מוריד, איז וויבאלד די קריסטען האבען נאר איינגעפיהרט ביי זיך א געוויסען מנהג, האבען די אידען זיי ניט געטארט נאכטאן, אלץ כדי וואס מעהר צו דערווייטערן זיך פון זיי. צ. ב. ביי זיי איז געווען איינגעפיהרט צו שעכטען א בהמה איבער א גרוב, כדי דאס בלוט זאל אהינצו ארונטער־געהן; ווארום אפילו נאכדעם, ווי זיי האבען שוין אנגענומען דעם בע־שלום אפצושאפען די אקטועלע מצוות, האבען זיי נאך אלץ געהאלטען דערפון, אז א בהמה דארף געטויט ווערען דוקא דורך שחיטה, און זיי הא־בען אויך אנגעזאגט שטרענג, אז מען זאל ניט עסען קיין בלוט („די אויפ־טואונגען פון די אפאסטעלס", קאפ. 15, פערזען 20 און 29). אט אנט־קעגען דעם האבען די אידישע געלערנטע גוזר געווען, אז מען זאל ניט שעכטען איבער א גרוב, ווייל דאס וואלט הייסען נאכטאן זייערען א מנהג;

טוט ווער אזוי, דארף מען אויסזוכען, צי האט ער ניט עפעס א שייכות צו יענע (חולין מ"א. תוספתא: חולין, פרק ב'). דאסגלייכען האבען זיי גע'פסקנ'ט: ווען איינער זאגט „איך וועל ניט דאווגען פאר'ן עמוד אין קאלירטע קליידער", טאר מען איהם אפילו אין ווייסע קליידער ניט לאזען דאווגען פאר'ן עמוד; זאגט ער „איך וועל ניט דאווגען פאר'ן עמוד אין שיך", טאר מען איהם אפילו אהן שיך ניט לאזען דאווגען (מגילה כ"ד). דאס האט אויך א שטיקעל שייכות צום קריסטענטום. ביי די עכטע אסיים איז אזוי געוועזען דער מנהג: דאווגען אין ווייסע קליידער און אהן שיך. און די אסיים זיינען ביי זיי געוועזען אין חשד, אז זיי זיינען נוטה צום קריסטענטום (ר' שמעון סאנטא אין דעם יאהרבוך „ביכורים", באנד 1, זייט 183). אין דעמזעלביגען ארט (מגילה כ"ד) ווערט אויף אייניגע דער־צעהלט, אז בשעת זיי פלעגען לעגען תפילין, פלעגען זיי דעם של ראש ארויפזעצען אויפ'ן שטערן, אנשטאט אויפ'ן קאפ, און דעם של יד פלע־גען זיי אנבינדען אויפ'ן דאליאן, אנשטאט אויפ'ן ארם. דעם נוסח פון דער ברכה, וואו עס ווערט געזאגט, אז אלע לויבען און דאנקען גאט, הא־בען אייניגע געענדערט אויף „יברכוך טובים". דאס מיינט צו זאגען, אז נאר די גוטע בענטשען גאט (6). די אידען, וואס זיינען געווען נוטה צום קרים־טענטום, פלעגען אויף פארשיידענע אופנים אויסדריקען אין דאווגען זיי־ער גלויבען אין דער געטליכער דאפעל־פערזענליכקייט אדער, ווי זיי פלע־גען דאס אנרופען, „שתי רשויות" (צוויי מעכט). די געלערנטע האבען דעם קלענסטען וואונק אויף אזא מיין אדער אויף אז עהנליכען מיין ניט געקאנט ליידען, און זיי זיינען אין דעם פרט געווען העכסט פעדאנטיש (ברכות ל"ג). זיי האבען זיך געסטארעט אויפצואווייזען, אז די אלע ראיות פון תנ"ך, מיט וועלכע די קריסטען פלעגען בעגרינדען זייער גלויבען אין דער געטליכער דאפעל־פערזענליכקייט (דער גלויבען אין דער דריי־ פער־זענליכקייט, אדער דרייאייניגקייט, איז ערסט שפעטער ענטשטאנען) (ז), האבען ניט קיין ממשות. געגען פאול'ס לעהרע האבען זיי געווארענט אויפ'ן שטרענגסטען אופן. ר' שמעון בן גמליאל הזקן האט נאך געווא־רענט, אז מען זאל די פראקטישע אנוועדונג פון די רעליגיעזע געזעצען ניט פארנאכלעסיגען. ער האט עס אויסגעדריקט אין די ווערטער: ניט די טעאריע איז דער עיקר, נאר די פראקטיק (אבות, פרק א'). דאס איז גע־מיינט געווען אנטקעגען פאול'ן, וואס ער האט געזאגט, אז ניט מיט פראק־טישער טאט, נאר מיט'ן גלויבען אליין קאן א מענש אלצדינג פארדינען ביי גאט. אויף פאול'ן און זיינע מיטהעלפער האבען זיי דאס געזאגט: **דער**, וואס האט פון זיך ארונטערגעווארפען גאטס יאך, וואס האט גע־

בראכען גאָטס בונד (מילה) און טייטשט אויס פאַלש די תורה, יענער האָט ניט קיין חלק אויף יענער וועלט (ירושלמי: פאה, פרק א׳, הלכה א׳. סנהדרין צ״ט. תוספתא: סנהדרין, פרק י״ב); ווארום אָט די דריי פונק־טען שטעלען מיט זיך פאָר די כאַראַקטעריסטישע שטריכען פון זיין גאַנ־צער לעהרע (יעלינעק אין דער צייטשריפט „דער אָריענט" פאַר׳ן יאָהר 1847). פּאולס נאָכפאָלגער מיינען זיי, ווען זיי ריידען וועגען אזעל־כע, וואָס פאַרשעמען גאָטס וואָרט אין ברעכען גאָטס בונד (סנהדרין צ״ט. שבועות י״ג. ספרי: שלח, פיסקא קי״ב), ר׳ אלעזר המודעי האָט זיך אויסגעדריקט וועגען דעם (אבות, פרק ג׳. סנהדרין צ״ט. אבות דרבי נתן, פרק כ״ו) אזוי: ווען איינער פאַרשוועכט די הייליגקייטען (נאָך אַן אַנדער נוסח: די שבתים), פאַרשעמט די ימים טובים, ברעכט גאָטס בונד מיט אברהם אבינו און טייטשט אויס פאַלש די תורה, איז אַפילו ווען ער האָט אויף זיין חשבון גוטע מעשים און תורה, וואָס ער האָט געלערנט, קריגט ער אָלץ ניט קיין חלק אויף יענער וועלט. אזוינער איז טאַקי ווערט, מען זאָל איהם פאַרטרייבען פון דער וועלט (דער אַנגעוויזענער אָרט אין ספרי). דאָס איז אָלץ געמיינט געוואָרען אַנטקעגען פּאול׳ן און זיין לעהרע.

אין די עוואַנגעליעס, אין פּאולס שריפטען און אין די ווערק פון די איבעריגע אַפּאָסטעלס בעמערקען מיר, אז זיי זוכען צו ערקלערען די מאָטיוועז פון די מצוות. אין דערזעלביגער צייט ווערט דאָרטען דורכ־געפיהרט דער געדאַנק, אז גאָט פיהרט די וועלט נאָר מיט רחמנות (7). דאָס איז אָלץ מיט דעם מיין צו בעווייזען, אז די מצוות האָבען ניט קיין אַבסאָלוטע גילטיגקייט. אַנטקעגען דעם זיינען אַרויסגעטראָטען די אי־דישע געלערנטע, און זיי האָבען אָוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אז די מצוות פון דער תורה זיינען קאַטעגאָרישע בעפעהלען: אָט אזוי וויל גאָט, און מען דאַרף קיין מאָטיוועז ניט זוכען (ח). עס איז קלאָר, אז זיי האָבען דאָ געהאַט אַ בעזונדער מיין דערביי, בעת זיי האָבען אַנגע־נומען דעמדאָזיגען פּרינציפּ. די געלערנטע, וואָס זיינען מיט אזא כעס און היץ אַרויסגעטראָטען געגען דעם גריבלען זיך אין די מאָטיוועז פון די מצוות, זיינען געווען דאָס רוב אין די ערסטע דורות נאָך דער גרינ־דונג פון קריסטענטום. איינער פון זיי איז געווען ר׳ יוחנן בן זכאי. אז עס איז אַמאָל געקומען צו רייד וועגען בעשפּריצען אַן אומריינעם מיט ריינינגונגס־וואַסער, האָט ער אזוי געזאָגט צו זיינע תלמידים: איך שווער אייך, אז ניט דער טויטער קערפּער מאַכט אומריין און ניט דאָס וואַסער מאַכט ריין. מעהר ניט, גאָט ברוך הוא האָט געזאָגט „אזא געזעץ האָב איך אַרויסגעגעבען, אזוי הייס איך דיר טאָן, און דו טאָרסט ניט

איבערטרעטען מיין בעפעהל" (מדרש רבות: במדבר, פרשה י"ט). אין דעמזעלביגען גייסט האט גערעדט ר' אלעזר בן עזריה: א מענש דארף ניט זאגען „איך האב פיינט חזיר־פלייש, איך וויל ניט טראגען קיין שעטנז". פארקעהרט: איך וואלט יע וועלען, נאר מיין פאטער אין הימעל האט אזוי גוזר געווען, ווי עס שטעהט געשריבען: „און איך האב אייך אפגעטיילט פון די פעלקער, איהר זאלט זיין מיינע". ווען דער מענש טראכט אזוי, דאן היט ער זיך אויס פון אן עבירה און ער ווארפט זיך אונטער אונטער דעם יאך פון דער הימלישער הערשאפט (ספרא: קדושים, סוף פרק י"א). מיר געפינען אויך אנדערע פון די תנאים, וואס האבען ארויסגעזאגט פונקט אזא מיינונג (מגילה כ"ה). פון דער אנדער זייט זעהען מיר אבער, אז זיי גופא פלעגען יע אפטמאל זוכען צו ערקלערען די מאטיוועז פון די מצוות, און דערזעלביגער ר' יוחנן בן זכאי פלעגט ביי יעדער געלעגענהייט זוכען אריינצודרינגען אין דעם גייסט פון דער תורה, ענטדעקען דעם מאראלישען זין פון די געזעצען, ערקלערען דעם גרונד (ז. בבא קמא, ע"ט. מכילתא: יתרו, פרשה י"א; משפטים, פרשיות ב', י"ב און ט"ו. ירושלמי: סנהדרין, פרק א', הלכה ב'; תוספתא: בבא קמא, פרק ז'. אין די אלע ערטער ערקלערט ר' יוחנן בן זכאי דעם גרונד פון די מצוות). דערפון קענען מיר פאר־שטעהן, אז ווען זיי האבען בעשטימט, מען זאל ניט זוכען די מאטיוועז פון די מצוות, האבען זיי נאר געמיינט, מען זאל אויף דעם סמך ניט וועלען פראקטיש פון די מצוות בעפרייען זיך. אויף אזאן אופן איז דאס געווען נאר א צייטווייליגע בעשטימונג. פארצייטען האבען די אידישע געלערנטע דוקא ליעב געהאט אריינצולאזען זיך אין אזעלכענע חקירות. דאס האט הלל געטאן און, אויף איהם קוקענדיג, האבען אויך זיינע תלמידים אזוינס געטאן. ווען מיר דערזעהען, אז ביי זיי האט זיך אין דעם פרט פלוצלונג געביטען די מיינונג, איז ניט אנדערש, אז די אומשטענדען פון דעם מאמענט האבען זיי געצוואונגען דערצו. שפעטער צו, אז די צווינגענדע אורזאכע האט זיך געפעהלט, האט די בעשטימונג זיך לענגער ניט געקאנט האלטען. דעריבער זעהען מיר, אז די מאטיוועז פון די מצוות, וועגען וועלכע מען האט פריהער ניט געטארט טראכטען (ירושלמי: מגילה, פרק ד', הלכה י'), פלעגען שפעטער ארומגערעדט ווערען גאנץ ברייט (ויקרא רבה, פרשה כ"ז און אנדערע ערטער), און דאס האט קיינעם ניט אנגעהויבען צו ארען. זינט פאול'ס ריכטונג האט ביי די קריסטען געזיגט, האט זיך די לאגע געענדערט, און די שטעלונג פון די אידען צו די קריסטען איז אויך געווארען אנדערש, ניט ווי פון אנהויב. פאול איז

זיינע מיטהעלפער האבען געווענדט זייער גאנצע אויפמערקזאמקייט צו די פרעמדע פעלקער און, כדי צו קענען צוציהען יענע צו זייער לעהרע, האבען זיי אלע רעליגיעזע פליכט־טאטען מבטל געווען. זייער לעהרע האט אומגעביטען איהר כאראקטער, און מיט דער צייט איז דאס געוואָרען א נייע רעליגיאן, וואס האט צו דער אידישען תורה ניט געהאט קיין שום שייכות. סיי איהרע אנהענגער, סיי איהרע פיהרער זיינען געווען גרעסטענטיילס גויים. דער ברוך צווישען יודענטום און קריסטענטום איז געוואָרען א פאלשטענדיגער. אט דאן האט שוין זיי ניט געהאט וואס צו ארען, ווען ווער עס איז האט געזוכט צו ערקלערען די מאטיווען פון די מצוות.

די אלע תקנות און גזירות געגען די אידישע קריסטען האבען זיי אנגעווענדט מיט דער גרעסטער שטרענגקייט. זיי האבען די אידישע קריסטען ניט געהאלטען פאר פארפיהרטע און פארבלאנדזשעטע, נאר פאר אזוינע, וואס האבען זיך אפגעזאגט פון זייער גלויבען בכיוון, וויסענדיג, אז זיי זיינען ניט גערעכט. זיי פלעגען זיי רופען מיט דעם ספעציפישען זידעל־נאמען „מקדיחי תבשילם ברבים" (ברכות י"ז. סנהדרין ק"ג). ד. ה. אזוינע, וואס האבען זיך עפענטליך קאמפראמעטירט (8). זיי האבען געזאגט אויף זיי, אז זיי וויסען גאנץ גוט דעם אמת, ווער עס האט בעשאפען די וועלט, און דאך לייקענען זיי אין איהם (שבת קט"ז. ירושלמי: שבת, פרק ט"ז, הלכה א'). אט אויף אזוינע, וואס זיי וויסען, ווער זייער האר איז, נאר זיי ווילען איהם בכיוון ניט פאלגען, האבען זיי פארויסגעזאגט, אז אפילו אויב זיי שטעהען נאך דערווייל אויף א נידעריגען שטאפעל פון אומגלויבען, וועלען זיי סוף כל סוף אויפהערען אין גאנצען צו גלויבען: אזוינע הויבען אן מיט דערמיט, וואס זיי הערען אויף צו לערנען און זיינען ניט מקיים די מצוות; צוליעב דעם טאקי קענען זיי ניט צוזעהען, ווי אנדערע לערנען; זיי קריגען פיינט די געלערנטע, זיי שטערען אנדערע צו מקיים זיין די מצוות; זיי לייקענען אין די מצוות, וואס זיינען געזאגט געווארען אויפ'ן בארג סיני, און צום סוף לייקענען זיי אויך אין דעם רעכטען עיקר (ספרא: בחוקותי, פרשה ב'). קורץ, זיי האבען ניט געגלויבט אין דער אויפריכטיגקייט פון דער קריסט־ליכער סעקטע. זיי האבען גערעכענט, אז זייער גאנצער וואונש איז נאר צו בעפרייען זיך פון דעם יאך, וואס די תורה האט אויף די אידען ארויפגעלעגט. זיי האבען זיי דעריבער גערופען פארשטעלטע. די קריסט־ליכע לעהרע און צביעות זיינען ביי זיי געשטאנען אויף איין מדרגה. וואס פאר א שארפע ווערטער זיי האבען אנטקעגען זיי אנגעווענדט! עס איז רעכט געווען צו זאגען אויף זיי, אז זיי זיינען אמת'ע וועלט־אומ־

ברענגער: ווען זיי וואָלטען נאָר געהאַט די מאַכט, וואָלטען זיי אין אַ גוטער שעה די גאַנצע וועלט מיט איהרע אַלע איינוואוינער אונטער־געצונדען (בראשית רבה, פרשה מ"ח). אין דער צייט, ווען דאָס איז געזאָגט געוואָרען, איז דאָס געווען איבערטריבען. אָבער די פיעלע יאָהרען, וואָס זיינען פון דאַמאָלסט אריבער, האָבען דאָס דוקא בעשטעטיגט: אין פאַרשיידענע צייטען זיינען זייערע ווערטער מקוים געוואָרען. זיי האָ־בען געוואוסט, וואָס זיי האָבען גערעדט, וואָרום אויב זיי זיינען אַליין ניט געווען קיין נביאים, זיינען זייערע טאַטעס געווען נביאים.

**זייער בעציהונג צו די קריסטען**
**פון אַנדערע פעלקער. די ענדערונג**
**אין דעם נוסח פון ברכת המינים.**

עס זיינען דאָ פאַרבייגעלאָפען פאַר אונזערע אויגען די מעהרסטע פון די תקנות און גזירות, וואָס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען אין בעצוג צו די קריסטען, די פיעלע וואָרענונגען, וואָס די געלערנטע האָבען געגען זיי אַרויסגעלאָזען, דאָס שטרענגע אורטייל, וואָס זיי האָבען אַרויסגעצ־טראָגען וועגען זיי און וועגען זייערע פיהרונגען; אָבער צווישען דעם אַלעם איז ניטאָ קיין איינציגס וואָרט, וואָס איז געזאָגט געוואָרען אָדער וואָס האָט זיך געפּאַסט צו זאָגען אַנטקעגען יענע אַנגעהעריגע פון דער קריסטליכער סעקטע, וואָס האָבען געשטאַמט פון אַנדערע פעלקער. נאָר זיי האָבען אַנגענומען די לעהרע פון די אידישע קריסטען. דער קלענסטער אַנאַליז קאָן איבערצייגען יעדערען. ווער עס פאַרשטעהט ריכטיג אַ זאַך, אַז די אַלע פריהער דערמאָהנטע אורטיילען האָבען ניט קיין ברעקעל שייכות צו די קריסטען פון אַנדערע פעלקער: זיי זיינען אַלע געמיינט געוואָרען אַנטקעגען די אידישע קריסטען, וואָס האָבען גע־לעבט צווישען זיי און האָבען זיך נאָך גרעסטענטיילס געפיהרט ווי אידען: אָט אויף די האָט זיי שטאַרק פאַרדראָסען. פון דאַן אָבער, ווען זייער לעהרע איז אונטער פאַול'ס ווירקונג פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ נייער רעליגיאָן, וואָס האָט מעהר קיין שייכות ניט צו דער אידישער תורה, ווען פון די אידישע קריסטען האָט זיך ווייניג וואָס אָפּגעשטעלט און דאָס בי־סעלע האָבען זיך סוף כל סוף אין גאַנצען איבערגעשמד'ט, ווען עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז די מעהרסטע קריסטען זיינען געווען פון די גויים און זייערע פיהרער, די פאַרשטעהער פון דער קריסטליכער רעליגיאָן, זיינען אויך געווען פון די גויים, פון דאַן אַן האָבען די אידען ניט געפיהלט

מעהר קיין רעליגיעזען האָס אַנטקעגען די קריסטען. ווען עס האָט זיי פון איין זייט געקרענקט דאָס, וואָס פיעלע פון זייערע גלויבענסגענאָסען זיינען פאַר זיי פאַרלאָרען געגאַנגען, ווייל זיי זיינען צוגעשטאַנען צום נייעם גלויבען, דערפאַר אַבער האָט זיי פון דער אַנדער זייט הנאה געטאָן דאָס, וואָס איינינע גרונדזאַצען פון דער אידישער רעליגיאָן, איינינע פרינציפען פון גערעכטיגקייט, ליעבשאַפט און וואָילטעטיגקייט, ווי אויך איינינע פון די אידישע גלויבונגען זיינען דאָך פאַרשפרייט געוואָרען צווישען די פרעמדע פעלקער, אַזוי אַז פיעלע פון די, וואָס זיינען פריהער געווען געצענדינער און זיינען געווען פאַרזונקען אין אַבערגלויבען, זיינען איצטער צוגעצויגען געוואָרען צום גלויבען אין דעם איינציגען גאָט און זיי האָבען אָנגענומען די אידישע מאָראַל. כאָטש אפילו אין זייער גלויבען האָבען די קריסטען אריינגעמישט אַזאַ זאַך, ווי אַ שותף צו גאָט, פונדעסטוועגען האָבען די אידען זיי ניט גערעכענט פאַר געצענ־דינער (ז. תוספות אויף סנהדרין ס"ג, עמוד ב', צווייטען זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „אָסור לאָדם"; אויך תוספות אויף בכורות ב', עמוד ב', פינפטען זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „שמא יתחייב"). ווען אַ גוי גלויבט אין דעם אמת'ען גאָט, כאָטש אפילו ער נעהמט צו איהם אַריין נאָך איינעם אין שותפות, ווען ער היט נאָך דערצו אָפּ, אין זיינע בעציהונגען צו אַנדערע מענשען, די געזעצען פון גערעכטיגקייט און באַרמהערציגקייט, ווען ער היט זיך ניט צו בע'גזל'ענען קיינעם און פיהרט אַ מאָראַלישע לעבען. האָט ער — נאָך דער קבלה פון די פרושים — ערפילט גאָטס ווילען: ער האָט מקיים געווען יענע מצוות פון דער תורה, וועלכע גאָט האָט איינגעטיילט אַלע קינדער פון נח'ן, ד. ה. אַלע מענשען בכלל (סנהדרין נ"ו) (9). אַזאַ גוי ווערט גערעכענט פאַר אַ פרומען, און פרומע גויים האָבען א חלק אויף יענער וועלט (תוספתא: סנהדרין, פרק י"ג). עס איז אַלזאָ פאַר אידען געווען אַ גרויסע בעפרידיגונג אָט דאָס, וואָס משה'ס תורה האָט זיך דורכגעבראָכען אַ וועג צו די אַנדערע פעלקער, אַזוי אַז יענע האָבען אַ גרויסען טייל פון איהר אָנגענומען, און זיי האָבען אַנערקענט איהר געטליכע אָפּשטאַמונג. אָט דעריבער איז ביי זיי גע־ווען אַן אונטערשייד צווישען סתם גויים און גויים־קריסטען (ט). זיי האָבען בפירוש געזאָגט, אַז די אַלע בעשולדיגונגען, וואָס זיי האָבען אַרויס־געשטעלט געגען די אידישע קריסטען, האָבען צו די גויאישע קריסטען ניט געהאַט קיין שום שייכות (חולין י"ג). אַ גויאישער קריסט איז ביי זיי געווען געגליכען צו אַ האַלבען גר, אָדער „גר תושב" (עבודה זרה ס"ה) (10). קורץ גערעדט, מיר זעהען, אַז זינט די קריסטליכע רעליגאָן

האָט זיך פון דער אידישער אין גאַנצען אָפּגעטיילט און דער גרעסטער טייל פון איהרע אנהענגער זיינען געוועזן גויים, האָבען די אידען אַנטקעגען זיי קיין רעליגיעזען האַס ניט געפיהלט. פאַרקעהרט, זיי האָבען זיך געסטאַרעט פאַרהיטען, אַז די קריסטען זאָלען ניט האָבען קיין אויסרייד, פאַר וואָס צו זיין אַנגעשטויסען אויף זיי. צ. ב., ווערליג ווי עס ווערט דערצעהלט, איז צו דער צייט, ווען די קריסטליכע רעליגיאָן איז ענט־שטאַנען, ביי גאָר די פרומע אידען געוועזען א מנהג אַלע זונטאג צו פאַסטען. אין אַ צייט אַרום אָבער, אַז די קריסטען האָבען דעם זונטאג געמאַכט פאַר זייער רוהעטאָג, האָבען די אידען בעשלאָסען, מען זאָל זונטאג ניט פאַסטען. זיי האָבען פאַרקלערט אויף דעם, טאָמער וועלען דערפאַר די קריסטען פאַריבעל האָבען: זיי וועלען זאָגען „ווייל ביי אונז איז זונטאג אַ יום טוב, דעריבער פאַסטען די אידען דעם טאָג" (מסכת סופרים, פרק י"ז). פון דאַמאָלסט אָן האָט אויך די „ברכת המינים" קיין זין ניט געהאַט מעהר. דעריבער האָבען זיי דעם נוסח פון דער ברכה געענדערט אַזוי, אַז זי איז געווענדט געגען די פאַלשע בעשולדיגער. אייב די ערסטע קריסטען האָבען אויף דערדאָזיגער ברכה געקוקט קרום, מיינענ־דיג, אַז זי איז געצילט געגען זיי, איז דאָס נאָר, ווייל די בע'נבל'ער, די פאַלשע בעשולדיגער, האָבען זיי אַזוי איינגעשמועסט. אין דער אמת'ען האָבען די אידען צו די גוי'אישע קריסטען קיין רעליגיעזען האַס ניט געפיהלט. פאַרקעהרט, אין דעם, וואָס די געדאַנקען פון דער תורה זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען צווישען אַנדערע פעלקער, האָבען די אויפגעקלערטע פון די אידען שטענדיג געזעהען דעם ערסטען שריט צו דער פאַרוויר־קליכונג פון דער העכסטער פאַרבעשטימונג: אַז עס וועט קומען דער טאָג, ווען אַלע איינוואוינער פון דער וועלט וועלען אנערקענען די אמת'ע איינהייט, ווען גאָט וועט זיין איינער און זיין נאָמען וועט זיין איינער. אָבער דער אומזיסטער האַס פון איינצעלנע פערזאָנען און זייער ניט־פאַרגינען האָט אָפּגעהאַלטען די זאַך, און די האָפענונג פון די בעסערע איז נאָך ביז אַהער ניט מקוים געוואָרען. אַנשטאָט צו זוכען אַ וועג, ווי אַזוי מען זאָל קענען צווישען זיך דורכקומען און ברענגען פרידען אויף דער וועלט, האָבען זיי נאָר געטראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי אויס־צורייסען די אידישע רעליגיאָן מיט'ן וואָרצעל. די טאָכטער איז אַנגע־פאַלען אויף איהר אייגענער מוטער. די טאָכטער אַליין איז דעריין ניט שולדיג: דאָס האָבען איהר איהרע הויזלייט נאָר אויפגערייצט געגען די קינדער פון איהר מוטער. אָבער דעם מענשענס פלענער זיינען אומ־זיסט. די מוטער, ווי אַלט זי איז ניט, האָט זי נאָך ניט פאַרלאָרען איהר

יוגענד־קראפט: זי בליהט נאך אויף דער עלטער, פונקט ווי א גרינער בוים. זייער משיח אליין, ישוע, האט עס פיעל בעסער פארשטאנען, איידער די אלע, וואס זיינען ערשינען אלס זיינע פערטרעטער. ריידענדיג וועגען דער אייביגקייט פון אונזער תורה, האט ער געזאגט: הימעל און ערד וועלען אונטערגעהן און וועלען פארשווינדען, אבער פון דער תורה וועט קיין איינציגער אות ניט פארלארען געהן.

# פינף און צוואַנציגסטעס קאַפּיטעל.

## דער חורבן בית המקדש.

די לעצטע עטליכע צעהנדליג
יאָהר פאר'ן חורבן.

אין אינעווענינגסטע רייסערייען, אין רעליגיעזע מחלקות און פּאָלי־
טישע שטרייטיגקייטען, זיינען אַריבער די לעצטע עטליכע צעהנדליג
יאָהר פון דעם בית המקדש, און דאָס אַלץ האָט דערנעהענטערט די צו־
שטערונג פון טעמפּעל, די רואינירונג פון דעם לאַנד יהודה און פון דעם
אידישען פאָלק. אמת, פאַרצייכענס פון דער נאָהענטער קאַטאַסטראָפע
האָבען זיך שוין פריהער געוויזען, כל זמן הירודוס האָט געלעבט, האָבען
נאָך די אַרומיגע פעלקער פיעל וועניג רעספּעקטירט דעם אידישען שטאַאט.
די אידען גופא האָט זיך נאָך אויך געדוכט, אַז זיי האָבען אַן אייגענעם
שטאַאט, כאָטש אפילו אונטער רוימישער אויבער־הערשאַפט. אָבער נאָך
הירודוס'עס טויט איז זיין קיניגרייך צוברעקעלט געוואָרען. זיינע נאָכ־
פאָלגער אויפ'ן טראָן זיינען געווען ניט מעהר, ווי ווערקצייג אין די הענט
פון די רוימער אויף צו בערויבען דאָס אידישע פאָלק. דאָס שיקזאַל
פון דעם אידישען פאָלק איז געלעגען אין די הענט פון די רוימער, און זייער
בייטש האָט זיך זעהר שטאַרק געלאָזט פיהלען. די אידען האָבען געזיפצט
און געקרעכצט אונטער דעם יאָך פון די רוימישע אַדמיניסטראַטאָרען.
די רעגירער פון הירוסדוס'עס דינאַסטיע האָבען געגען דעם ניט געקאָנט
העלפען: זיי זיינען געווען ניט מעהר, ווי אַן אָנשטעל. די רויבלוסט
פון זייערע אונטערדריקער האָט זיך געשטאַרקט פון טאָג צו טאָג. וואָס
ווייטער האָבען זיי אַלץ שווערער און שווערער געמאַכט די לאַסט פון די
צינזען, אַזוי אַז דאָס פאָלק האָט לענגער ניט געקאָנט אויסהאַלטען. די
אַדמיניסטראַטאָרען, וועלכע האָבען געשאַרפט די ציינער אויף זייער רייכ־

טום, האָבען געהאַלטען אין איין בערויבען דאָס פאָלק, ארויפלעגענדי
זייער האַנט אויף אַלע אידישע פאַרמעגענס און גיטער. אויך אין זייערע
רעליגיעזע און געריכטליכע ענינים האָבען זיי זיך געמישט. זיי האָבען
בעשרענקט די מאַכט פון סנהדרין. דער סנהדריז איז געווען געצוואונגען
צו פאַרלאַזען זיין פלאַץ אין דער „לשכת הגזית“ און אָפּהאַלטען זייגע
זיצונגען ערגעץ אין א באַראַק (סנהדרין מ״א) (1). דאָס איז געשעהען
נאָכ׳ן טויט פון ר׳ גמליאל הזקן און אפשר נאָך אין די לעצטע
יאָהרען פון זיין לעבען (וואָרום ר׳ גמליאל הזקן איז נאָך יעדענפאַלס
געזעסען אין דער „לשכת הגזית“, ווי עס ווערט דערמאָהנט אין פאה, פרק
ב׳, משנה ו׳). און דאָס איז שוין אַזוי געבליבען אויך די גאַנצע צייט פון
זיין זוהן, ר׳ שמעון. אפילו כהנים גדולים האָבען די רוימישע אַדמיניס־
טראַטאָרען אַנגעשטעלט מיט זייער אייגענער מאַכט, ווענדליג ווי עס האָט
זיך פאַר זיי געלוינט. פאַרשטעהט זיך, זיי האָבען זיך קנאַפּ וואָס אינ־
טערעסירט מיט די מעלות און מיט די פעהיגקייטען פון דער אָדער יענער
פערזאָן: זיי האָבען אַנגעשטעלט דעם, ווער עס האָט זיי אָנגעבאָטען
א העכערען פרייז. דעריבער זיינען די כהנים גדולים פון יענער צייט געווען
פונקט אַזעלכע בערויבער, ווי די, וואָס האָבען זיי אַנגעשטעלט (פסחים
נ״ז).

דער אויפשטאַנד און
זיין טרויעריגער סוף.

דערדאָזיגער שרעקליכער צושטאַנד איז געווען די אורזאַכע, וואָס
ביים פאָלק האָט געפּלאַצט די געדולד, עס איז דערוועקט געוואָרען זיין
צאָרן, און עס האָט זיך צופּלאַקערט אַן אויפשטאַנד, וואָס האָט ניט געהאַט
צו זיך קיין גלייכען אין דער געשיכטע פון די אַמאָליגע פעלקער. אַזוי
ווי די בעוועגונג איז אָבער ניט אַנגעפיהרט געוואָרען נאָך איין פּלאַן, מיט
איין וואונש, נאָר עס פלעגען ביי זיי אַלע מאָנטאַג און דאָנערסטאַג
אויסברעכען אינעווייניגסטע סכסוכים און רייסערייען, האָט זיך דער
אויפשטאַנד ניט איינגעגעבען. פאַר׳שכור׳ט פון כעס, זיינען זיי אומגע־
גאַנגען ווי צומישטע און האָבען ניט פאַרשטאַנען, וואָס אַזאַ געפעהרליכער
מאָמענט האָט געפאָדערט פון זיי. אָט די צומישענים און די פּלאַנלאָ־
זיגקייט איז געווען זייער אומגליק, צוליעב דעם איז זייער האָפענונג
צורונען געוואָרען. צעהנדליגער טויזענטער שולדיגע און אומשולדיגע
האָבען דערפאַר מיט׳ן לעבען בעצאָהלט, און דיזעלביגע אורזאַכע האָט

געבראַכט צו דערצו, אַז די רוימער האָבן זיי פאַלשטענדיג בעזיגט : זיי האָבן איינגענומען אַלע פעסטונגען פון יהודה, זיי האָבן פאַרוויסט דאָס לאַנד, און אין זייער זיגרייכען מאַרש האָבן זיי געהאַט איין ערפאָלג נאָך דעם אַנדערען, ביז זיי האָבן איינגענומען אויך די הויפּט־שטאָדט. דאָן איז דער בית־המקדש פאַרברענט געוואָרען. דער באַרג ציון און די שטאָדט ירושלים זיינען פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַ קופּע רואינען, די אידען זיינען צושפּרייט געוואָרען איבער אַלע פיר עקען וועלט.

די האַלטונג פון די געלערנטע

אין דער צייט פון דעם אויפשטאַנד און נאָך דעם.

דאָס פייער פון דעם אויפשטאַנד האָט אָנגעצונדען אַלעמענס הערצער. סיי רייכע, סיי אָרימע, סיי געלערנטע, סיי פּראָסטע מענשען, האָבן זיך אַלע אין דעם אויפשטאַנד בעטייליגט. אַז אַ זייט זיינען נאָר גע־בליבען שטעהן אַ קליין הייפעלע פון די געלערנטע, מעהרסטענס פון די בית הלל, וואָס זיי פלעגען שטענדיג איבערלאָזען דאָס זייעריגע און זיי האָבן געקאָנט פאַרטראָגען בעליידיגונגען. ביי זיי זיינען די גאַנצע צייט די אויגען ניט געווען פאַרבלענדט. זיי האָבן די לאַגע בעטראַכט מיט אַ קלאָרען קאָפּ און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די אידען וועלען ניט קענען ביישטעהן אַנטקעגען די רוימער. זיי נאָר זיינען ניט געווען גע־נארט אין חשבון. זיי האָבן ריכטיג אָפּגעשאַצט די קרעפטען פון זייערע פיינד, וואָס זיי זיינען אַלע געווען געלערנטע קעמפּפער, געניט אין פיהרען מלחמה. וואָס פאַר אַ ווערדע האָבן אַנטקעגען זיי געהאַט די אידען, אַזאַ שוואַך, קליין פאָלק, דערצו נאָך צוריסען דורך אינעווענינסטע מחלקות, אָפּגעשוואַכט דורך געגענזייטיגען האַס (יומא ט׳), וואָס האָט פאַראַליזירט זייערע בעסטע קרעפטען! מיט גרוים הארצוועהטאָג האָבן זיי געקוקט אויף די רעליגיעזע שטרייטיגקייטען פון יענער צייט, אויף דעם אָפּפאַל פון די אידישע קריסטען, וועלכע זיינען אָפּגעטראָטען פון זייער עלטערליכען גלויבען אין דעם ענין פון דער אַלוועלטליכער איינ־הייט, וועלכע האָבן אָפּגעשאַפט מילה, שבת און אַלע אַקטועלע מצוות פון דער תורה (מדרש רבה : איכה, אויפ׳ן פּסוק „איכה ישבה“). אפילו די מחלקות צווישען בית שמאי און בית הלל האָבן זיי אויך פאַרשאַפט פיעל שמערצען. וואָרום דידאָזיגע מחלקות האָבן אויך איצטער אָנגע־נומען אַן אַנדער כאַראַקטער, ניט ווי אַמאָל. עס האָט זיך ניט געפיהרט

מעהר געלאַסען און פרידליך, מיט דעם וואונש צו דערגעהן דעם אמת און איבערצייגען איינער דעם אַנדערען, אַזוי ווי דאָס איז פריהער געווען. די בית שמאי פלעגען די פרידליכע דעבאַטען פערוואַנדלען אין אַ גיפ־טיגען שטרייט, וואו מען פלעגט אַריבערטרעטען די גרעניצען פון אָרענט־ליכקייט. געגענזייטיגע פיינדשאַפט און קריגערייען האָבען פאַרנומען דעם אויבען־אָן. אין די אַלע ערשיינונגען האָבען די אויפגעקלערטע געזעהען סימפּטאָמען פון פּאָליטישען אונטערגאַנג. זיי האָבען געזעהען, אַז די שרעק־ליכע קאַטאַסטראָפע איז אָנגעחתמ׳עט, און זיי האָבען זיך געבויגען פאַר דעם אונפאַרמיידליכען ׳שיקזאַל, וואָס גאָט האָט פאַר די אידען בעשטימט. דאָך אָבער זיינען זיי ניט אַריינגעפאַלען אין פאַלשטענדיגער פאַרצוויי־פלונג, וואָרום פון שטענדיג אָן זיינען די אידען געוועהנט געווען צו האָפען. ווי טיף עס איז צייטענווייז ניט געווען זייער שמערץ, ווי גרויס עס איז ניט געווען זייער טרויער, איז נאָך גרעסער פון דעם געווען זייער בטחון אין דעם גאָט פון זייערע עלטערן, אַז ער וועט זיי ניט אויף אייביג פאַרלאָזען. אָט אַזוי איז געוועזען אויך איצטער: די פאַרשטענדיגע צווישען זיי, די געלאַסענע און אויסגערעכענטע, האָבען ניט אויפגעגעבען זייער האָפענונג אויף אַ בעסערער צוקונפט. זיי האָבען געגלויבט, אַז אָט דאָס ביסעל געראַטעוועטע, וואָס האָבען זיך אָפּגעשטעלט נאָך דער קאַטאַסטראָפע, זיי זיינען בערופען פון גאָט אויפצוהאַלטען די עקזיסטענץ פון דעם אויסגעמאַטערטען פאָלק און זיין תורה. ניט דורך זייער קראַפט און בעוואָפענטער מאַכט, נאָר דורך זייער גייסט וועלען די אידען געהאַל־טען ווערען. דאָס, וואָס זיי האָבען פאָרויסגעזעהען און וואָס זיי האָבען אויף שפּעטער פאָרויסגעזאָגט, איז אין גיכען געקומען. מיט דעם פאַלען פון ציון און ירושלים איז אויסגעלאָשען געוואָרען דער לעצטער פונק פון זייער פּאָליטישער פרייהייט, אָבער די תורה און די רעליגיאָן זיינען מיט דער הילף פון דעם אָלהייליגען פון דער איבערקעהרענים געראַטע־וועט געוואָרען.

כאָטש אפילו עס איז אַ פאַקט, אַז די איבערגעבליבענע געלערנטע האָבען געראַטעוועט די תורה און האָבען זי איינגעהיט פאַר די קומענדיגע דורות, פונדעסטוועגען קאָן מען ניט אָפּלייקענען, אַז די פּאַסירונגען פון יענער צייט האָבען געהאַט אַ גרויסען איינפלוס אויף דער ענטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה. ביי דער קאַטאַסטראָפע זיינען דאָך אומגעקומען אַ גרויסע צאָהל פון די געלערנטע. ווער פון זיי איז גע׳הרג׳עט געוואָ־רען, ווער איז געגומען געוואָרען געפאַנגען, ווער איז צוראַבירט געוואָרען און אויסגעגאַנגען פון הונגער. און זיי זיינען דאָך געווען די טרעגער

פון דער תורה שבעל פה. ווען עס ווערט אומגעשטויסען דער, וואס האלט עפעס אונטער, קאן דען געמאלט זיין, אז דאס אונטערגעהאלטענע זאל ניט פאלען מיט איהם? היינט ווי קאן מען גאר דענקען, אז די תורה שבעל פה האט ניט געזאלט ליידען קיין שאדען, ווען אזוי פיעל פון איהרע טרעגער זיינען אומגעקומען? שוין אין דעם ערסטען דור נאכ'ן חורבן האבען זיי זיך געקלאגט, אז צוליעב די אויסערגעוועהנליכע פאסירונגען און צוליעב די צרות האט זיך אויסגעוועבט די וויסענשאפט ביי די געלערנטע (סוטה מ"ט). די אויסגערעכענטע פון די געלערנטע, וואס האבען געהאט א ווייטערען בליק און האבען געקאנט פארויסזעהען פון פריהער אויף שפעטער, האבען גלייך דערפיהלט, אז עס שטעהט פאר א גרויסע געפאהר, די תורה זאל אין גיכען פארגעסען ווערען, און זיי האבען געזוכט געגען דעם אן עצה.

ר' יוחנן בן זכאי און
זיינע נאכפאלגער.

ר' יוחנן בן זכאי איז געווען איינער פון הלל'ס תלמידים. ער איז געווען א גרויסער קענער אין תורה און אנדערע וויסענשאפטען (סוכה כ"ח. ירושלמי: נדרים, פרק ה', הלכה ו'). ער איז געווען בעלאדען מיט מצוות (ירושלמי: ברכות, פרק ב', הלכה ג') (2). ער איז צו יעדערען געווען פריינדליך (ברכות י"ז). בעת דער בית המקדש איז נאך געשטאנען, איז ער געווען א מיטגליד פון סנהדרין (סנהדרין מ'). ער פלעגט מיט דעם עולם לערנען תורה אויף א פרייען פלאץ אין מיטען שטאדט (פסחים כ"ו) און אין זיין גרויסען בית מדרש (די איינלייטונג צו איכה אין מדרש רבה). ער איז געווען פון די, וואס האבען געראטען אנהאלטען דעם פרידען מיט די רוימער (גיטין נ"ו). ער האט שטענדיג געפריידיגט פרידען צווישען איין מענשען און דעם אנדערען, צווישען איין שטאדט און דער אנדער שטאדט, צווישען איין פאלק און דעם אנדער פאלק, צווישען איין רעגירונג און דער אנדער רעגירונג, צווישען איין משפחה און דער אנדער משפחה (מכילתא: יתרו, פרשה י"א). אט דער גרויסער מאן (א) האט איינגעזעהען, אז אין די טרויעריגע געשעהעניסען פון זיין צייט האט געשטעקט א גרויסע געפאהר פאר דער ווייטערדיגער עקזיסטענץ פון דער תורה שבעל פה. מיט א בעזארגט הארץ האט ער געקלאגט: עס וועט נאך אויפשטעהן א דור, וואס וועט ערקלערען פאר

ריין אן אומריינע זאך, אויב נאר די אומריינקייט איז ניט אנגעוויזען בפירוש אין דער תורה (סוטה כ״ז). ווען ער האט זיך אזוי געקלאגט, האט ער געווים געזעהען פאר זיינע אויגען די געפאהר פאר דער לעהרע פון די פרושים, וואס האט זיך אנגערוקט פון צוויי זייטען. פון איין זייט זיינען געשטאנען די אלטע שונאים —— די צדוקים; פון דער אנדער זייט האבען זיך אונטערגערוקט די נייע שונאים — די אידישע קריס־טען. ווי די, אזוי יענע האבען געשווארען אייביגע פיינדשאפט צו דער תורה שבעל פה. ניט אומזיסט האט ער זיך פאר די צדוקים געשראקען: אין די לעצטע יאהרען פון דעם בית המקדש האבען זיי ווידער אמאל אויפגעהויבען דעם קאפ און האבען זיך דערשלאגען דערצו, אז איינער פון זיי איז געווען כהן גדול (תוספתא: פרה, פרק ב׳). זיי האבען די פרושים דערגאנגען די יאהרען מיט זייערע דעבאטען, וואו זיי האבען זייער לעהרע בעשטריטען (בבא בתרא קט״ו. מנחות ס״ה. ידים, פרק ד׳, משנה ו׳). ניט ווייניגער גרונד האט ער געהאט צו שרעקען זיך פאר די אידישע קריסטען, ווען עס האט אין זיין צייט געהאט פאר די אידען א געוויסע צוציהונגס־קראפט. די מחלקות צווישען די פרושים גופא זיינען איהם אויך גוט אריין אין די ביינער. אין דער צייט פון דעם אויפשטאנד זיינען די מחלקות פארשארפט געווארען, ווארום פון די בית שמאי האבען די אינסורגענטען געהאט מעהר שטיצע, איידער פון די בית הלל, און דעריבער האבען יענע געשטיצט די בית שמאי אין זייערע מחלקות געגען די בית הלל. די פארם, ווי אזוי די תורה שבעל פה איז דאמאלסט געלערנט געווארען, האט ביי ר׳ יוחנן בן זכאי געדארפט פאר־גרעסערן נאך מעהר די מורא, זי זאל מיט דער צייט ניט פארגעסען ווערען. מען האט געלערנט אויסוועניג, עס האט זיך אלץ געוועגדט אן גערענקען, אזוי אז די עקזיסטענץ פון דער לעהרע איז געווען אונשיידבאר פארבונדען מיט דער עקזיסטענץ פון די לערנער. היינט ווי אזוי זשע האט ער זיך ניט געזאלט שרעקען, אז די תורה וועט זיך ביסלאכווייז אויסוועבען און זי וועט מיט דער צייט אין גאנצען פארגעסען ווערען, ווען ער האט געזעהען, אז די טרעגער פון דער תורה, די לערנער, ווערען אלץ ווינצי־גער: זיי קומען אום דורך שווערד און דורך פייער, דורך הונגער און געפאנגענשאפט? בפרט נאך ווען ער האט גענומען אין בעטראכט, אז דער גרעסטער טייל הלכות און דינים העגגען אין דער לופטען און האבען ניט קיין אנהאלטספונקט אין דער געשריבענער תורה, אויף וועלכען זיי זאלען זיך קענען שטיצען! דאס אלץ האט ר׳ יוחנן בן זכאי׳ן געגעבען גענוג צו טראכטען און צו ברעכען דעם קאפ. ער האט אנגעשטרענגט

זיין גאַנצע ענערגיע און זיינע גאַנצע קרעפטען, כדי צו בעקעמפּפען די שעדליכע איינפלוסען און ווי עס איז בייגעקומען זיי. ווען ער האָט אין דער לעצטער צייט פון דער בעלאַגערונג דערזעהען, אַז ירושלים מוז באַלד פאַלען, האָט ער געזוכט אַן עצה, ווי אַזוי אַרויסצוכאַפּען זיך פון פייער. דאָס האָט זיך איהם איינגעגעבען מיט דער הילף פון זיינע תלמידים און פריינד. ער האָט זיך אַריבערגעכאַפּט הינטער'ן טויער פון שטאָדט און האָט אונגעשטערט דערגרייכט דעם פיינדליכען לאַגער. דאָרטען האָט ער זיך גלייך פאַרגעשטעלט פאַר וועספּאַסיאַנוס'ן, דעם דאַמאָלסטיגען רוימישען פעלדמאַרשאַל. יענער האָט גוט געוואוסט, וואָס עס האָט זיך געטאָן אינעווייניג, אין דער בעלאַגערטער שטאָדט ירושלים. ער האָט געוואוסט, ווער האָט געהאַלטען פאַר פרידען און ווער האָט געראַטען צו פיהרען מלחמה. ער האָט אַלזאָ געוואוסט, אַז ר' יוחנן בן זכאי האָט זיך ניט בעטייליגט אין אויפשטאַנד, נאָר ער האָט צוגערעדט שטענדיג צו פרידען. ר' יוחנן איז דעריבער געווען אַן אַנגענומענער גאַסט ביי וועספּאַסיאַנוס'ן. ער האָט איהם אויפגענומען גוטמוטיג און פריינדליך און האָט איהם צוגעזאָגט צו טאָן פון זיינטוועגען אַלצדינג, וואָס ער וועט פון איהם פאַרלאַנגען. עס איז קיין פראַגע ניט, אַז ער וואָלט געקאָנט אויסווירקען דאַמאָלסט ביי וועספּאַסיאַנוס'ן פאַרשיידענע פּריווילעגיעס און פרייהייטען. ר' יוחנן בן זכאי'ן זיינען אָבער גאָר ניט געלעגען אין זינען די אַלע צייטווייליגע טובות און פּאָליטישע הנחות. ער איז געווען בעזאָרגט נאָר וועגען איין זאַך: אַז די תורה זאָל ניט פאַרגעסען ווערען. דאָס האָט איהם אהערצו געבראַכט און דאָס האָט איהם דיקטירט, וואָס צו ריידען. ער האָט פאַרלאַנגט נאָר דאָס וויכטיגסטע, וואָס איז נויטיג געווען, כדי די רעליגיאָן אויפצוהאַלטען, דהיינו: עס זאָל זיי געגעבען ווערען אַ מעגליכקייט צו שטודירען ווייטער די תורה, ער זאָל איהם ערלויבען אויפקלייבען זיינע תלמידים אין דער שטאָדט יבנה און עפענען דאָרטען אַ ישיבה (גיטין נ"ו); אויך מען זאָל זיי ערלויבען צו האָבען אַ שטענדיגען אָרט, וואו צו דאַווענען, און איבערהויפּט מען זאָל זיי ניט שטערען צו פיהרען זיך נאָך די געזעצען פון דער תורה און אָפּהיטען אַלע מצוות (אָבות דרבי נתן, פּרק ד').

דיזעלביגע מורא, וואָס האָט ר' יוחנן בן זכאי'ן דיקטירט, וואָס צו בעטען ביי וועספּאַסיאַנוס'ן, די איינציגע דאגה, וואָס איז געווען דער בעוועג־גרונד פון זיינע שטרעבונגען און פון זיין ווייטערדיגער טעטיגקייט, אָט דיזעלביגע מורא, אַז די תורה שבעל פּה זאָל ניט פאַרגעסען ווערען, האָט דורכגעדרונגען די הערצער פון די איבעריגע געלערנטע אין

זיין דור און האט אויפגעוועקט זייער גייסט, זיי זאלען זוכען א וועג, ווי אזוי צו פארזיכערן די עקזיסטענץ פון דער תורה שבעל פה, זי זאל ניט פארגעסען ווערען, און זי זאל קענען ביישטעהן אנטקעגען איהרע געגנער. די געלערנטע, וואס זיינען פון דער קאטאסטראפע געראטעוועט געווארען, האבען באלד נאכ'ן חורבן אזא וועג געפונען. די ערסטע זאך האבען זיי גענומען זאמלען די הלכות, וואס יעדערער האט געהאט אויפ'ן קאפ, צוזאמענשטעלען זיי אין א געוויסער ארדנונג, כדי זיי זאלען ניט פארגעסען ווערען. דערביי האבען זיי זיך אפגעגעבען ניט נאר מיט די הלכות, וואס זיינען גילטיג אין אלע צייטען און אלע ערטער, נאר אויך מיט יענע הלכות, וועלכע האבען נאכ'ן חורבן ניט געהאט מעהר קיין פראקטישע בעדייטונג. אייניגע פון די געלערנטע האבען זיך מיט דער צוזאמענשטעלונג פון אזוינע הלכות דוקא ספעציעל אפגעגעבען. די פעסטגעשטעלטע הלכות פלעגען זיי אנאליזירען און גרינדליך בעטראכטען, כדי צו דערגעהן זייער גרונד, צו פארשטעהן זייער לאגיק און די קאנ־סעקוועטצען, צו וועלכע זי פיהרט. אגב, כדי צו ענטקרעפטען די געגנער־שאפט צו דער תורה שבעל פה, האבען זיי פאר די וויכטיגסטע פונקטען פון אלע הלכות געזוכט צו געפינען א שטיצפונקט אין דער געשריבענער תורה. צוליעב דעמדאזיגען צוועק זיינען די דרש־מעטאדס נאך פיעל מעהר, ווי פריהער, פארברייטערט געווארען. אט די ברייטערע דרש־מעטאדס זיינען אויסגעקלערט און בעגרינדעט געווארען פון די געלערנטע, וואס האבען זיך אפגעשטעלט נאכ'ן חורבן, בעזונדערס אין דעם בית מדרש פון ר' נחוניא בן הקנה און נחום איש גמזו. איהר העכסטע מדרגה האט די אויסברייטונג פון די דרש־מעטאדס דערגרייכט דורך זייערע תלמידים ר' עקיבא און ר' ישמעאל. עס האט זיך זיי איינגעגעבען, דרשנ'ענדיג אויף זייער שטייגער די תורה, אפצולערנען פון איטליכען פאסיקעל איבער א ווארט גאנצע בערג הלכות. אויף אזאן אופן האבען זיי ביי א גאנצער מאסע הלכות, וועלכע זיי האבען פון פריהער געהאט בקבלה, אויפגעוויזען, אז זיי שטאמען פון תורת משה. פון איצטער אז האט זיך שוין די תורה שבעל פה ניט גערעכענט פאר א מין לעהרע פון די זקנים אדער — ווי איהרע געגנער פלעגען זאגען — עפעס אזוינס, וואס מענשען האבען איינע די אנדערע איינגערעדט. וויבאלד עס איז פאר זיי בעוויזען געווארען, אז זי האט איהר פונדאמענט אין דער תורה, האט זי ביי זיי אין די אויגען געקראגען דיזעלביגע ווערדע, ווי די געזעצען און געבאטען, וואס שטעהען אין דער תורה געשריבען. וויבאלד זיי האבען געגלויבט, אז זייער אויסטייטשונג — אט דאס איז טאקי דער

ריכטיגער טייטש, וואָס די תורה האָט מיט אַן אמת געמיינט, האָבען זיי דאָך מיט פילער איבערצייגונג געקאָנט אָפּשלאָגען די טענות פון זייערע געגנער, וועלכע האָבען ניט אנערקענט די תורה שבעל פה. זיי האָבען זיי אויפגעוויזען, אַז דאָס איז גאָר ניט קיין נייע תורה, וואָס מענשען האָבען אַליין אויסגעטראַכט, נאָר דאָס איז די אורשפּרינגליכע כונה, וואָס ליגט אין די ווערטער פון דער תורה. דורך דעם ווערט פאַר אונז פאַרשטענדליך אַן ערשיינונג, אַז וועלכער מיר שטויסען זיך אַן אין דעם ערסטען דור נאָכ'ן חורבן: דאָס דרשנ'ען די תורה ווערט מיט אַמאָל אויס־געבריייט ביז גאָר אָהן אַ ברעג; עס דערגרייכט ניט סתם אַ העכערע מדרגה, נאָר די העכסטע מדרגה פון זיין ענטוויקלונג. עס איז ניט דאָ דער אָרט אָפּצושטעלען זיך אויף איינצעלהייטען, אריינצולאָזען זיך ווייטער אין די אַלגעמיינע בעטראַכטונגען, וועלכע מיר האָבען דאָ מיט אַ פּאָר שטריכען קוים וואָס בעריהרט. אַז מיר וועלען קומען צו דעם דור נאָכ'ן חורבן, וועט די זאַך פאַר אונז ווערען קלערער, און אונזער טעזיס וועט אילוסטרירט ווערען מיט צווינגענדע ראיות. דאָ האָבען מיר עס אָנגעריהרט נאָר מיט'ן שפּיץ פעדער, כדי צו בעגרייפען, וואָס פאַר אַ גרויסען איינפלוס די פּאַסירונגען אין דער לעצטער צייט פאַר'ן חורבן און דער חורבן גופא האָבען געהאַט אויף דער תורה שבעל פה. מיר זעהען דאָ פאַר אונזערע אויגען אַט וואָס: מיט דעם פאַרלאָרען געהן פון זייער צייטווייליגער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיגקייט איז ביי זיי די גייס־טיגע ירושה, וועלכע זיי האָבען געהאַט פון זייערע עלטערן, ניט געגאַנ־גען פאַרלאָרען. פאַרקעהרט: איצטער גראַד האָבען זיך אַלע בעסערע קרעפטען פאַרייניגט, כדי די ירושה גוט איינצופונדעווען: בעפעסטיגען איהר אונטערהאַלט, אויפהויבען איהר פּרעסטיזש און פאַרהייליגען זי.

די תורה שבעל פה איז ביי זיי געוואָרען דאָס העכסטע ציל, אין וועלכען עס זיינען געווען פאַרטאָן זייערע געדאַנקען. אויף דעם האָבען זיי געאַפּפּערט זייער אייגענס, אויף דעם האָבען זיי אָפּגעגעבען זייערע גאַנצע קרעפטען און זייער לעבען. די תורה איז געווען זייער האָפענונג, אין איהר האָבען זיי געזעהען זייער רוהם. דער וואונש צו קולטיווירען די תורה, פאַרהיטען זי פון אַלע בייזע אַנשיקעניסען, וואָס די צייט ברענגט, פון די שטיינער, וואָס די געגנער לעגען אָפּטמאָל אין וועג, אַט דער וואונש איז ביי זיי דאַמאָלסט געווען אַזוי שטאַרק און פעסט, אַז מיר געפינען ניט קיין גלייכען צו דעם ניט אין די פריהערדיגע, ניט אין די שפּעטערדיגע צייטען. די אַנדענקונג, וואָס זייער דאַמאָלסטיגע טעטיגקייט האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך, דער רעזולטאַט, וואָס איז דורך

דעם דערגרייכט געוואָרען, איז פאַר די קומענדיגע דורות געווען הייליג. דאָס איז געווען זייער טרויסט אין די שרעקליכע צרות, וואָס האָבען זיי געטראָפען אומעטום אין די לענדער, איבער וועלכע זיי זיינען צושפּרייט געוואָרען. די אָנדענקונג אָן זיי דאַרף ביי אונז איצטער אויך דינען אַלס מאָסשטאָב פאַר אונזער טעטיגקייט. אויף זיי קוקענדיג, דאַרפען אויך מיר היינט ניט בלייבען זיצען מיט צונויפגעלעגטע הענט, ווען די געשיכט־ליכע ענטוויקלונג און די פּאַסירונגען פון דער צייט פאָדערן פון אונז, אַז מיר זאָלען ווייטער בעאַרבעטען דעם באָדען פון דער תורה, וואָס איז אונז פון אונזערע עלטערן געבליבען בירושה. אונזער ריכטונג אויף דעמ־דאָזיגען הייליגען געביט דאַרף בעשטימט ווערען דורך דער געשיכטליכער ענטוויקלונג און די ענדערונגען, וואָס זי האָט מיט זיך געבראַכט. דער גייסט פון דער אידישער רעליגיאָן וועט דאָן זיך אַ הויב טאָן פון אונטער די חורבעס שטויב, וואָס האָבען זיך איבער איהם אָנגעקליבען פאַר אַזוי פיעל יאָהרען. די רעליגיאָן וועט איבעראַנייס קריגען איהר יוגענדקראַפט. עס וועלען ביי איהר אויסוואַקסען פליגלען, ווי ביי אַן אָדלער, און זי וועט זיך אייפהויבען צו אַ נייעם לעבען, פּונקט ווי זי האָט זיך דאַמאָלסט אויפגעהויבען פון אונטער די חורבות פון ירושלים.

## קאפיטעל 1.

### זייט 9, צייכען (א).

**ר׳ נחמן קראכמאל** אין זיין ווערק „מורה נבוכי הזמן״, קאפ. י״ג, ערקלערט די בעדייטונג פון דעם נאָמען „ת ו ר ה ש ב ע ל פ ה״ אויף צוויי־ערליי אופנים. זיי האָבען דאָס אָנגערופען „ד י מ י נ ד ל י כ ע ל ע ה ר ע״, ערסטענס, ווייל דער רעכטער עיקר פון דערדאָזיגער לעהרע איז מינדליך איבער־געגעבען געוואָרען משה׳ן אויפ׳ן באַרג סיני; צווייטענס, ווייל אין יענע דורות איז די געלערנטע די גאנצע צייט ניט ערלויבט געווען צו פארשרייבען וואָס עס איז פון דער תורה שבעל פה. עס ווייזט אָבער אויס, אַז דער נאָמען שטאַמט פון א שפּעטערדיגער עפּאָכע. די ערסטע, וועלכע בענוצען דעם אויסדרוק, זיי־נען שמאי און הלל (שבת ל״א); אי דאָס ווייזט אויס, אז דאָס האָבען די שפּע־טערדיגע זיי געלאָזט ריידען אין אַזאַ לשון. עס איז דאָ נאָך כדאי צו בעמער־קען, אַז די פאָרם „שבעל פה״ איז עטוואָס פרעמד דעם גייסט פון דער שפּראך; דער „ש״ איז אן איבעריגער און שטערט נאָר די דייטליכקייט. דער אויסדרוק „תורה שבעל פה״ נעהמט זיך גאָר פון זייער דרש אויף די ווערטער „ע ל פ י הדברים האלה כרת אתך ברית״ (לויט דידאָזיגע ווערטער האָב איך מיט דיר געשלאָסען א בונד). זיי האָבען אָפּגעלערנט דערפון, אַז דאָס, וואָס איז געגעבען געוואָרען מינדליך, טאָר ניט פארשריבען ווערען (תמורה י״ד). דער דרש איז געבויט אויף די ווערטער „על פי״, וועלכע זיי טייטשען אויס אין דעם זין פון „מינדליך״ אדער „אויסווענ׳ניג״. ווייבאַלד אזוי, איז מיט דערמיט, וואָס זיי רופען אָן די לעהרע „תורה שבעל פה״, מיינען זיי צו זאָגען, אַז די־דאָזיגע לעהרע איז אָנגעוויזען אין די ווערטער „על פי״ פון דעם פריהער ציי־טירטען פסוק. דאָס איז א קלאָרער בעווייז, אַז דער נאָמען „תורה שבעל פה״ איז ענטשטאַנען ניט פריהער, איידער דער דערמאָהנטער דרש.

### זייט 15, צייכען (ב).

**זעה, וואָס נ. קראכמאל** האָט וועגען דעם געשריבען אין זיין „מורה נבוכי הזמן״, קאפ. י״א, וואו ער קומט צום שלוס, אַז דער ספר קהלת איז פערפאַסט געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען, ווען די אידען זיינען נאָך געווען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון די פרס׳ישע קיניגס. זעה אויך די איינלייטונגען צו דער ביבעל פון די קריסטליכע געלערנטע. גרעץ, אין זיין „מאָנאַטסשריפט פיר די געשיכטע אונד וויסענשאַפט דעם יודענטומס״ פאר׳ן יאָהר 1869, רוקט עס אָפּ אויף פיעל שפּעטער, ביז צו דער צייט, ווען הירודוס האָט געקיניגט. יעדענ־פאַלס זיי זיינען איינשטימיג אין דעם, אַז דאָס ווערק שטאַמט ניט פון שלמה׳ן.

### זייט 16, צייכען (ג).

מיט ראיות, וואָס מען קאָן זיי בשום אופן ניט אָפּפרעגען, ווייזען אויף כמעט אלע קאָמענטאַטאָרען פון דער לעצטער צייט, אויך דער דערמאָהנטער ר׳ נחמן קראָכמאַל, אז די צווייטע העלפט פון דעם ספר ישעיה, פון קאַפּיטעל מ׳ ביז ס״ו, האָט ניט קיין שום שייכות צו ישעיה׳ן. איך האָב דאָ צוגעגעבען נאָך עטליכע ראיות, נאָר אזוי ווי דידאָזיגע אויספאָרשונג איז ניט ספּעציעל דער צוועק פון אונזער ווערק, האָב איך די פראַגע נאָר פון אויבען אויף אָנ־געריהרט. איך מאַך דעם לעזער אויפמערקזאַם אויף אַלץ, וואָס עס האָבען וועגען דער פראַגע געשריבען ר׳ נחמן קראָכמאָל אין זיין „מורה נבוכי הזמן“, קאַפּ. י״א, ווי אויך די געלערנטע: געזעניאוס, היציג, קנאָבעל, אומברייט, הערצפעלד און אנדערע. ביי איינע פון זיי ווערט די פראַגע בעהאַנדעלט אין זייערע קאָ־מענטאַרען און איינלייטונגען, ביי די אנדערע — אין זייערע אויספאָרשונגען און אָפּהאַנדלונגען וועגען די ווערק פון די נביאים.

### זייט 21, צייכען (ד).

די געלערנטע, די דרשנים, האָבען זיך אויף דעם שוין געשטעלט. ז. מכילתא: משפטים, פרשיות א׳, ג׳ און י״ז; אויך אונזער פּירוש „מדות סופרים“ אויף מכילתא, משפטים, פרשה י״ז, צייכען ר. זעה אויך תלמוד בבלי: קידושין כ״ב, און ספרא: בהר, פּרק ז׳, וואו זיי בעהאַנדלען די פראַגע וועגען שפּייזען דעם קנעכטס פרוי און זיינע קינדער.

### זייט 26, צייכען (ה).

זעה וועגען דעם אין מכילתא: בא, פּרשה י״ז; יתרו, פּרשיות ח׳ און י״א; משפטים, פּרשיות ז׳, ט״ו און כ׳; כי תשא, פּרשה א׳. ביי די אלע ווידער־שפּרוכען הויבען זיי אָן אין דעמזעלביגען נוסח „איין פסוק זאָגט אזוי“ און אז. וו. זעה אויך ספרי: נשא, פּיסקא מ״ב; ראה, פּיסקא קכ״ד, און אנדערע ערטער. אזעלכע ערטער זיינען דאָ אָהן א שיעור אויך אין תלמוד: צ.ב. סוטה כ״ז; בבא מציעא ל״ג; חולין כ״ד, פ״א און צ׳; ערכין כ״ט; מנחות ס״ב און ס״ו. אין די אלע ערטער קאָן מען זעהען, אז זיי האָבען מיט אייגענע סברות אויסגעגליכען די ווידערשפּרוכען. אין דער ביבליאָטעק פון דעם וויענער סע־מינאַר, וואָס געפינט זיך אונטער דער לייטונג פון ר׳ אהרן יעלינעק, איז דאָ אַ ווערק אין מאַנוסקריפּט אונטער דער אויפשריפט „מר קשישא“, פון דעמ־זעלביגען, ווער עס האָט פערפאַסט דעם ספר „חות יאיר“. אין דעמדאָזיגען ווערק, אין דער אפטיילונג „שני כתובים“, פּאָלעמיזירט דער פערפאַסער געגען דעם מחבר פון דעם פּירוש „קרבן אהרן“. ער שטימט איין מיט דער מיינונג פון דעם ראב״ד, און ער פילט זיך ניט צו ציטירען די מעהרסטע ערטער פון ש״ס, וואו עס ווערען בעטראַכט ווידערשפּרעכענדע פסוקים און די געלערנטע גלייכען אוים דעם ווידערשפּרוך מיט אן אייגענער סברה.

## קאפיטעל 2.

### זייט 41, צייכען (א).

**זעה ספרי, פּרשה נשא, פּיסקא ל״ט. רבי יונתן האָט געפּיהלט, אַז ווען מען**

זאָל טייטשען דעם „בכל המקום" אין פשטות, געהט עס אויף אומעטום. כדי צו בעווייזען, אז דאָס געהט נאָר אויפ'ן בית המקדש, האָט ער געמוזט איבער־דרעהען דעם פסוק. זעה אויך תלמוד בבלי: סוטה ל"ח.

## זייט 43, צייכען (ב).

ז. אייזענלאָהר: „דאָס פאָלק איזראעל אונטער דער הערשאַפט דער קעניגע", באַנד 2, זייטען 43—29, וואָס ער ציטירט דאָרטען פון פ. מאַווערס'עס ווערק „פעניציען", באַנד 2, זייט 318.

## זייט 44, צייכען (ג).

זעה סנהדרין ל"ט און תענית ד', ווי זיי טייטשען דאָרטען די ווערטער „ויקח את בנו... ויעלהו עולה... ויהי קצף גדול על ישראל" (און ער האָט גענומען זיין זוהן... און ער האָט איהם אויפגעבראַכט אלס א בראנד־אָפּפער... און דער צאָרן אנטקעגען ישראל איז געווען גרויס) אין מלכים ב', קאַפּ. ג', פסוק כ"ז. נאָכ'ן פשוט'ען זין פון די ווערטער, מיינט עס געוויס, אַז ער האָט דעם זוהן געבראַכט פאר א קרבן צו דעם אידישען גאָט.

## זייט 46, צייכען (ד).

דער נוסח אין דעם ספר שמואל, ווי ער איז פעסטגעשטעלט פון דער מסורה, איז צוויי מאָל „על הדם" און א דריט מאָל „אל הדם"; די בעדייטונג איז אין אַלע דריי ערטער דיזעלביגע. אין דער סעפּטואַגינטאַ ווערט דער „לא תאכלו ע ל ה ד ם", וואָס שטעהט אין דער תורה, איבערגעזעצט אזוי, ווי דאָ וואָלט געשטאַנען „ע ל ה ה ר י ם" (אויף די בערג), און דעם „לאכל ע ל הדם", וואָס שטעהט אין ספר שמואל, זעצען זיי איבער אזוי, ווי דאָ וואָלט געשטאַנען „לאכל א ת הדם" (עסען דאָס בלוט). נאָך אונזער מיינונג, האָט דאָ גאָר אַזאַ נוסח קיין זין ניט. פון די ווערטער „וישחטו א ר צ ה" (און זיי האָבען געשאָכטען א ו י ף ד ע ר ע ר ד) זעהט דאָך אויס, אז זיי האָבען ניט אריינגענומען דאָס בלוט אין א כלי אויף צו עסען עס, נאָר זיי האָבען עס געלאָזט רינען אויף דער ערד. ווען מיר זאָלען דאָ אוועקשטעלען „את הדם" (אנשטאט „על הדם" אָדער „אל הדם"), דאַן האָט דאָך דאָס וואָרט „ארצה" גאָר קיין בעדייטונג ניט. ער לאָזט אונז דאָ מיט א כיוון וויסען, אַז זיי האָבען געשאָכטען אויף דער ערד, ווייל דאָס געפינט זיך אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם, וואָס זיי האָבען געגעסען אויף דעמזעלביגען אָרט, וואו זיי האָבען געשאָכטען, און אין דעריבער שטעקט דאָ די זינד. אויב מיר זאָלען אָבער זאָגען, אז זיי האָבען געגעסען דאָס בלוט, איז דאָס, וואָס זיי האָבען געשאָכטען אויף דער ערד, ניט מעלה, ניט מוריד. דעריבער מוזען מיר זאָגען, אז אין דעם ספר שמואל איז דער ריכטיגער נוסח אָט דער, וועלכען מיר האָבען פאר אונזערע אויגען. אויב אזוי, איז שוין זעלבסטפאַרשטענדליך אויך אין דער תורה דער ריכטיגער נוסח אזוי, ווי די מסורה האָט פעסטגעשטעלט. וויבאַלד די, וואָס פאר'מסר'ן דאָרטען דאָס פאָלק, זאָגען, אז זיי ז י נ ד י ג ע ן, עסענדיג „על הדם", האָבען זיי דאָך מסתמא געמוזט האָבען אין זינען עפּעס א געזעץ, נאָך וועלכען אַזאַ זאַך ווערט גערעכענט פאר א זינד. קיין אַנדער געזעץ וועגען דעם איז

אָבער ערגעץ ניטאָ, אחוץ יענעם אָרט אין דער תורה. אויב אין יענעם אָרט דאַרף גאָר שטעהן „על ההרים“ (אנשטאט „על הדם“), דאַן עקזיסטירט ניט אַזאַ מין געזעץ, און אויף אַזאַן אופן, ווייסען מיר ניט, וואָס פאַר אַ חטא זיי האָבען געזעהען אין דעם עסען „על הדם“?

## זייט 48, צייכען (ה).

די גמרא (בבא בתרא י״ד) וויל האָבען, אז שמואל הנביא האָט געשריבען מגלת רות. אויף דעם געדאַנק האָט זיי געוויס אַרויפגעבראַכט אָט דאָס, וואָס זיי האָבען געזעהען, אַז דער גאַנצער צוועק פון דעם ספר איז צו בעווייזען, אַז דוד שטאַמט פון דעם שבט יהודה, וואָס פון איהם טאַקי האָבען, לויט דער פאָר־בעשטימונג, געזאָלט ארויסקומען די אידישע הערשער. אזוי ווי שמואל האָט געהאַט בדעה צו גרינדען א קיניגרייך אונטער דוד׳ס דינאַסטיע, האָט ער, הייסט עס, אפריהער נאָך בעקאַנט געמאכט דוד׳ס יחוס, כדי צו ווייזען, אַז נאָך זיין אָפּשטאַמונג איז ער ראוי צו זיין א קיניג. די טעאָריע ווערט אָבער אָפּגעפרעגט. ערסטענס, געפינען מיר ערגעץ ניט, אַז שמואל האָט עס נאָך פאַר זיין לעבען פאַרעפענטליכט, אַז ער האָט דוד׳ן געזאַלבט פאַר אַ קיניג. פאַרקעהרט, ער האָט אַלצדינג געטאָן בשתיקה. צווייטענס, די ווערטער „און עס איז געשעהען אין דער פערוואַלטונגס־צייט פון די ריכטער“ (ויהי בימי שפוט השופטים), בעוויי־זען, אַז צווישען די שופטים און דעם שרייבער פון דער מגלה איז געווען א גאַנץ לאַנגע צייט. עס וואָלט שוין געווען מעהר גרונד צו זאָגען, אז די מגלה איז געשריבען געוואָרען אין דער צייט פון רחבעמ׳ען, ווען די אידישע מלוכה איז צושפּאַלטען געוואָרען, און דער שרייבער האָט דאָ געוואָלט בעווייזען דעם יחוס פון דוד׳ס דינאַסטיע. דאָס איז אָבער אויך ווייטלויפיג. ווארום אויב אזוי, קומט דאָך אויס, אַז צווישען דער פּאַסירונג און דער צייט, ווען דער שרייבער האָט געלעבט, איז געווען ניט מעהר, ווי פינף דורות. ווען ער דריקט זיך אויס דאָרטען „פּ אַ ר צ י י ט ע ן האָט זיך אזוי געפיהרט ביי אידען: ביי אַן אויסקויף, ביי א בייט... איז א סימן, אַז דער שרייבער איז געווען גאַנץ ווייט פון דער צייט, ווען די געשיכטע האָט פּאַסירט. דאָס גופא איז א בעוויז אויך געגען דער טעאָריע פון דער גמרא, אז שמואל האָט די מגילה געשריבען. איינער (דער קריסטליכער געלערנטער בערטאָו אין זיין קאָמענטאַר אויף שופטים און רות, זייט 237) וויל האָבען, אַז די מגילה איז פערפאַסט געוואָרען א סך שפּעטער, ערסט אין דער צייט פון גלות. ער ברענגט אויף דעם ראיות פון דער שפּראַך, אין וועלכער עס בעמערקען זיך שוין שפּורען פון ארמ׳ישע פאָרמען און ווערטער, דהיינו: תדבקין, תדעין, תעשין, קיום, מרא. מיר בעגעגענען שוין דאָ דאָס וואָרט „שדי“ (אַלמעכטיגער) אנשטאָט „אל שדי“ (אַלמעכטיגער גאָט), אויך א גאנצען זאַץ „המר שדי לי מאד“ (דער אלמעכטיגער האָט מיר דאָס לע־בען זעהר פאַרביטערט), וואָס א געוויסער זאַץ אין דעם ספר איוב (קאפּ. כ״ז, פסוק ב׳) איז זעהר עהנליך צו איהם. עס איז אויך צו בעמערקען, אז דאָס ווערק טראָגט אויף זיך סימנים פון א מעהר וויסענשאַפטליכער בעאַרבעטונג. דער שרייבער בענוגענט זיך ניט דערמיט, נאָר צו דערצעהלען אונז די מעשה, וואָס איז געשעהען. ער גיט נאָך צו אויך זיינע אייגענע בעטראַכטונגען וועגען דעם.

**צ. ב.** ער ערקלערט דעם פאַרצייטיגען מנהג ביים שליסען אַן אָפּמאך, אויף ווי ווייט ער שיידט זיך אָפּ פון דעם מנהג, וואָס האָט געהערשט אין זיין צייט. אין דעמזעלביגען גייסט איז דאָס, וואָס ער רעכענט אויס צום שלום פון זיין ווערק דעם סדר היחוס פון דוד המלך. ביי גאָר די אלטע געשיכטסשרייבער איז אַזוינס ניט געווען אין דער מאָדע. אבער נאָך אלעמען קענען מיר אויך ניט זאָגען, אַז דאָס ווערק איז פערפאסט געוואָרען גאָר אין א שפּעטערדיגער עפּאָכע. עס איז דאָ אַ קלאָרער בעוויז, אַז די מגילה איז געשריבען געוואָרען אין אַן על־טערער צייט, — אָט דאָס, וואָס דאָ רעדט זיך וועגען „דערהאַלטען דעם פאַר־שטאָרבענעמס נאָמען אויף זיין נחלה". בענוצענדיג אַזאַ אויסדרוק, האָט דאָ דער שרייבער געוויס געהאט אין זינען דעם צוועק פון דעם דערמאָהנטען געזעץ וועגען אויסקויפען דאָס פאַרפרעמדטע לאנד־אייגענטום. דער צוועק איז געווען צו פאַרהיטען, אז דאָס לאנד זאָל ניט קענען איבערגעהן פון איין שבט צו דעם אַנדערען. דאָס בעווייזט, אז בעת די מגילה איז געשריבען געוואָרען, האָבען זיי נאָך אָפּגעהיט די גרעניצען, אין וועלכע דאָס לאנד איז געווען איינגעטיילט צווי־שען די שבטים. מערקווירדיג, וואָס אין משנה תורה ווערט גאָר ניט דערמאָהנט וועגען „דערהאלטען דעם פאַרשטאָרבענעמס נאָמען אויף זיין נחלה".

## זייט 51, צייכען (ו).

ז. ירושלמי: קידושין, פּרק א׳, הלכה ה׳, און מדרש רות: פון אָנהויב פלעגט מען מקבל קנין זיין דורך אַרונטערציהען דעם שוך, דערנאָך האָט מען דאָס אומגעביטען, און מען פלעגט מקבל קנין זיין דורך צוברעכען א פעסעל מיט פּרוכט. דערנאָך האָט מען אומגעביטען, אז מען זאָל מקבל קנין זיין דורך איינצאָהלען געלט, דורך א שריפטליכען אקט אָדער דורך אריינעהמען אויף א וועלכען עס איז אופן אין די הענט דעם אָביעקט פון דעם אָפּמאך. דאָ ווערט בפירוש געזאָגט, אז דאָס ארונטערציהען דעם שוך האָט אין א געוויסער צייט אויפגעהערט צו זיין דער סימבאָל פון שליסען אַן אָפּמאך; די בעלי התלמוד האָבען שוין אפילו ניט געוואוסט גענוי, ווי אַזוי דאָס איז דאַמאָלסט ביי בועז׳ן צוגעגאַנגען: ווער וועמען עס האָט געגעבען דעם שוך? (בבא מציעא מ״ז. ירושלמי: קידושין, פּרק א׳, הלכה ה׳). אַ סימן, אז עס איז שוין געווען א לאנגע צייט, זינט דאָס איז געוואָרען אויס מנהג. שפּעטער אָבער האָט דער מנהג איבעראַניים אָפּגעלעבט אין א ביסעל אַ געענדערטער פאָרם: מען האָט אָנגעהויבען צו מקבל קנין זיין מיט א טיכעל, וואָס דאָס איז שוין עהנליך צום אַרונטער־ציהען דעם שוך.

## זייט 56, צייכען (ז).

איך וויל דאָ נאָך אויפמערקזאם מאַכען, אַז אין דער גמרא (מכות י״א) ווערט געבראַכט איינעמס א מיינונג, נאָך וועלכער יהושע האָט אַריינגעשטעלט אין דער תורה די פּרשה וועגען די זיכערהייטספלעצער פאר ניט׳בכיוונ׳דיגע מערדערס (ערי מקלט). די גמרא דרעהט דאָרטען אפילו אויס אנדערש: אַז דער, וואָס האָט די מיינונג אַרויסגעזאָגט, האָט עס אייגענטליך אַזוי ניט גע־מיינט. מ י ר קענען אבער רעכענען, אז ער האָט עס יע געמיינט: ער האָט געוואָלט זאָגען, אז דאָס געזעץ וועגען די ערי מקלט איז איינע פון די זאכען,

וואָס משה האָט איבערגעגעבן יהושע׳ן אויסוועניג, און אַז עס איז געקומען די צייט, ווען דאָס געזעץ האָט געמוזט דורכגעפיהרט ווערען, ד. ה. ווען זיי האָבען איינגענומען דאָס לאַנד און האָבען זיך דאָרטען בעזעצט, דאַן האָט עס יהושע איינגעשריבען אין דער תורה. דידאָזיגע מיינונג האָט ער אַרויסגעדרונגען פון דעם צווייטען פסוק אין יהושע, קאפּ. כ׳, וואו גאָט זאָגט צו יהושע׳ן „רייד צו די קינדער פון ישראל און זאָלסט זיי אַזוי זאָגען: בעשטימט די זיכערהייטס־פּלעצער, וועגען וועלכע איך האָב מיט אייך גערעדט דורך משה׳ן“. אָט ווײלע עס שטעהט דאָרטען „איך האָב גערעדט“ (דברתי), איז אויסגעקומען ביי יענעם, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען א מינדליכען בעפעהל. אויב ער האָט עס טאַקי אַזוי געמיינט, הייסט עס, אז נאָך זיין מיינונג, איז יהושע געווען דער ערסטער, ווער עס האָט פאַרשריבען עניגים פון דער תורה שבעל פה.

## זייט 57, צייכען (ט).

נאָך דער מיינונג פון איינעם א געלערנטען פון די בעלי התלמוד איז די תורה געגעבען געוואָרען מגילות־ווייז (גיטין ס׳). אויב אַזוי אפילו, זיינען יעדענפאלס די אלע מגילות איינגעשלאָסען אין דעם „ספר התורה“, וואָס ווערט דערמאָהנט אין משנה תורה (דברים ל״א). ווען איימיצער זאָגט אונז, אז דער דערמאָהנטער „ספר התורה“ געהט נאָר אויף משנה תורה אָדער איבערהויפּט אויף וועלכע עס איז טיילען, וואָס זיינען דאמאָלסט געווען געשריבען, אבער ניט אויף דער גאנצער תורה, יענער איז מחויב צו ברענגען אויף דעם א בעווייז. עס איז ניט אונזער צוועק וועגען דעם צו דיספּוטירען. מיר ווילען דאָ נאָר דערמאָהנען נאָך אמאָל די מיינונג פון די בעלי התלמוד, אַז יהושע האָט אַ געוויסען טייל צוגעשריבען צו דער תורה. אין דער גמרא (מכות י״א) קומט דאָרטען פאָר וועגען דעם א מחלוקת צווישען ר׳ יהודה׳ן און רבי נחמיה׳ן. איינער פון זיי וויל האָבען, אז יהושע האָט דערשריבען די לעצטע אכט פסוקים פון דער תורה; דער אנדערער וויל האָבען, אז די פּרשה פון ערי מקלט האָט יהושע אריינגעשטעלט. בײדע שטיצען זיי זיך אויף די ווערטער „און יהושע האָט דידאָזיגע ווערטער איינגעשריבען אין דעם בוך פון גאָטס תורה“ (יהושע, קאפּ. כ״ד, פסוק כ״ו). דער, וואָס דרשנ׳ט, אַז דאָס געהט אויף די לעצטע אַכט פסוקים פון דער תורה, יענער טרעט דאָ אָפּ געוויס פון דעם פשט, ווארום וואָס פאר א שייכות האָבען יענע פסוקים פון דער תורה צו „דידאָזיגע ווערטער“, וועגען וועלכע עס רעדט זיך? נאָך דער מיינונג פון זיין אָפּאָנעט, האָט יהושע איינגעשריבען אין דער תורה די פּרשה וועגען ערי מקלט, נאָכדעם ווי ער האָט איינגענומען דאָס לאַנד און זיי האָבען זיך דאָרטען בעזעצט. ווערליג ווי די גמרא ערקלערט אונז זיין מיינונג, קומט עס ווידער אויס געגען דעם פשט פון דעם פסוק. ווי דאָס איז, די טענה, וואָס ווערט געבראַכט אין ספרי (וזאת הברכה, פיסקא שנ״ז) אין דעם נאָמען פון רבי מאיר (אין דער גמרא: בבא בתרא ט״ו און מנחות ל׳, ווערט דיזעלביגע טענה געבראַכט אין דעם נאָמען פון רבי שמעון): ווי אַזוי האָט עס משה געקאָנט געבען די תורה, ווען אין איהר האָט געפעהלט אפילו איין אות? איז גאָר ניט קיין טענה, ווארום מיר זעהען, אז אנדערע געלערנטע האָבען אַזאַ זאַך געהאלטען פאר גאנץ מעגליך, אַזוי אַז די פראַגע בלייבט אָפּען.

װעגען דעם, װאָס זײ פֿלעגען האַלטען די הײליגע שריפֿטען אין טעמ־פּעל, זעה די אײנלײטונגען צו דער ביבעל פֿון די קריסטליכע געלערנטע, װעלכע ברענגען אויף דעם ראיות. דער געאָגראַפֿער שטראַבאָ אין זײן װערק (בוך 14, זײט 734) דערצעהלט װעגען פֿיעלע פֿעלקער, װעלכע ער האָט בעזוכט אויף זײנע רײזען, אַז בײ זײ איז געװעזען דער מנהג צו האַלטען זײערע הײליגע שריפֿ־טען אין זײערע טעמפּעלס. אויך אײזיביאוס דערצעהלט װעגען אײנעם א פּריסטער פֿון צור, װאָס האָט געשריבען א װערק װעגען דער געשיכטע פֿון זײן פֿאָלק און זײן לאנד, אז זײנע ידיעות האָט יענער געשעפּט פֿון די שריפֿ־טען, װאָס זײנען געװען בעהאַלטען אין זײערע טעמפּעלס. ז. אויך, װאָס דער געלערנטער ע. א. מילער זאָגט װעגען די שריפֿטען פֿון ספּארטא אין זײן װערק װעגען די דאָריער (באנד 2, ז. 90). אויך װאָס עס זאָגט װעגען דעם ב. ג. ניעבוהר אין זײן װערק װעגען דער רוימישער געשיכטע (באנד 1, זײט 526).

## זײט 58, צײכען (י).

נאָך אין אן אָרט טרעפֿען מיר אָן דעם נאָמען „דביר" אין אן עהנליכער בעדײטונג. דאָס איז אין יהושע, קאַפּ. ט"ו, פּסוק ט"ו, װאו עס װערט געזאָגט װעגען דער שטאָדט דביר „און דער פֿאַרצײטיגער נאָמען פֿון דביר איז געװעזען ק ר י ת ס פ ר". עס איז קײן שום ספק ניט, אַז די שטאָדט האָט זיך אַזוי גערופֿען, װײל דאָרטען זײנען געװען בעהאַלטען זײערע הײליגע שריפֿטען. ז. די ערקלערונג אויפֿ'ן װאָרט „דביר" אין יוליוס פֿירסט'ס לעקסיקאָן. אין דער ארמ'ישער איבערזעצונג װערט דער נאָמען „קרית ספר" איבערגעזעצט „ארכי", און דאָס בעדײט אן אַרכיװ. אין דער גמרא (עבודה זרה כ"ד) געפֿינט זיך, אַז אין פּרס'ישער שפּראַך װערט א ספר אָנגערופֿען „דביר". געזעניוס ברענגט עס, און פֿון איהם שױן ציטירט עס אײנער א קריסטליכער קאָמענטאַטאָר טױ־ניאוס אין זײן קאָמענטאַר אויפֿ'ן ספר שופטים. ער בעמערקט אבער װעגען דעם, אז מען קען ניט ערקלערען די בעדײטונג פֿון אן אלטען העברעאישען װאָרט מיט זײן בעדײטונג אין פּרס'יש. מיט דעם בין איך געװיס אײנשטימיג. דערפֿאַר בין איך אבער ניט אײנשטימיג דאָ מיט אַן אַנדער פּונקט: אַז דער קאָ־מענטאַטאָר האָט פֿאַרשטאַנען, װאָס דער תלמוד האָט געמײנט. ער האָט איהם גע־װיס אפֿילו אין די אויגען ניט אָנגעזעהען. װארום אין תלמוד װערט עס אויס־געדריקט אויף אַזאַ אופֿן: פֿונװאַנען נעהמט זיך דאָס, װאָס די פּרס'ער רופֿען אָן א ספר „דביר"? — דאָס נעהמט זיך פֿונדאַנען: „און דער פֿאַרצײטיגער נאָמען פֿון דביר איז געװעזען קרית ספר". מען זעהט: דער תלמוד האָט דאָ גאָר ניט געהאַט בדעה צו זאָגען, אז די העברעאישע בעדײטונג פֿון דעם װאָרט נעהמט זיך פֿון פּרס'יש. פֿאַרקעהרט, ער האָט געמײנט צו זאָגען, אז דאָס, װאָס די פּרס'ער רופֿען אָן א ספר „דביר", האָבען זײ איבערגענומען פֿון העברעאיש. אין דעמזעלביגען קאַפּיטעל אין יהושע (פּסוק מ"ט) װערט דיזעלביגע שטאָדט קרית ספר (דביר) אָנגערופֿען קרית סנה. דאָס האָט אויך א שײכות צו דעם ענין פֿון לערנען. דאָס שטאַמט פֿון דעמזעלביגען װאָרצעל, װי „שנן" (לערנען) (ז. פֿירסט'ס ערקלערונג אויפֿ'ן װאָרט „סנן").

## קאפיטעל 3.

### זייט 65, צייכען (א).

נאָך דער מיינונג פון דעם געלערנטען ש. ד. לוצאַטאָ אין זיין פּירוש אויף ישעיה, קאפּ. א׳, פּסוק י״ז, דאַרף מען די ווערטער „לא תענה ברעך עד שקר“ טייטשען אזוי, פּונקט ווי דאָ וואָלט געשטאַנען „לא תענה ברעך ע נ י ת עד שקר“, ד. ה. „דו זאָלסט ניט זאָגען אויף דיין פריינד אָ ט ד אָ ס, ו ו אָ ס ע ס ז אָ ג ט אַ פאַלשער עדות“. נאָך ד ע ם טייטש זיינען מיר ניט מחויב צו זאָגען, אז דער וואָרצעל „ענה“ אליין שליסט אין זיך איין דעם בעגריף פון עדות־זאָגונג. ווען מיר זאָלען אויף דעמזעלביגען אופן ווען טייטשען די ווערטער „לענות בו סרה“ (זאָגען אויף איהם שלעכטס), דאַן מוזען מיר אָננעהמען, אז מיט דעם וואָרט „סרה“ כאַראַקטעריזירט דאָ דער פּסוק די רייד פון דעם עדות: זיינע רייד זיינען שלעכטס, ד. ה. זיי זיינען פאלש (ווי לוצאַטאָ אליין טייטשט טאַקי דאָרטען אין פּסוק ח׳). נעהמען מיר אבער אָן נאָר, אז דאָס וואָרט „סרה“ געהט אויף דער זאַך, וואָס דער בעשולדיגטער האָט, נאָך די רייד פון דעם עדות, געטאָן, ד. ה. „לענות בו סרה“ מיינט „אויסזאָגען אויף איהם, אַז ער האָט געטאָן שלעכטס“, דאַן וועט עס גאָר קיין זינען ניט האָבען, ווען מיר זאָלען דאָ אריינשטעלען דאָס וואָרט „ענית“, דאַן מוזען מיר שוין אונבעדינגט אָננעהמען, אז דער וואָרצעל „ענה“ אליין שליסט אין זיך איין דעם בעגריף פון עדות־זאָגונג. בעטראַכטען מיר די ציטירטע ווערטער אין זייער גאנצען צוזאַמענהאנג, דאַן זעהען מיר, אז לוצאטא׳ס פּירוש איז ניט ריכטיג. ווארום אין דער תורה (דברים י״ט, פּסוקים ט״ז—י״ח) לעזען מיר אַזוי: כי יקום עד חמס באיש לענות בו סרה ועמדו שני האנשים אשר להם הריב לפני ה׳ — ודרשו השופטים היטב והנה עד שקר העד שקר ענה באחיו (ווען א בייזוויליגער עדות וועט אַרויסטרעטען געגען א מענשען צו זאָגען אויף איהם שלעכטס, און די בײדע מענשען, וואָס האָבען דעם שטרייט, וועלען זיך שטעלען פאר׳ן געריכט, און די ריכטער וועלען גוט אויספאָרשען, און עס וועט זיך דערגעהן, אז דער עדות איז א פאַלשער עדות: ער האָט פאַלש גערעדט אנט־קעגען זיין ברודער...) דאָ זעהט מען קלאָר, אַז די תורה האָט געמיינט צו זאָגען: „אויב אן עדות וועט ארויסטרעטען געגען א מענשען, ב ע ש ו ל ד י ג ע נ ד י ג א י ה ם א י ן אַ פ ע ר ב ר ע כ ע ן, און נאָך דער אויספאָרשונג פון די ריכטער וועט זיך אַרויסווייזען, אז דאָס, וואָס דער עדות האָט געזאָגט, איז פאַלש...“ דאָ מוזען מיר שוין אָננעהמען, אז מיט דעם וואָרט „סרה“ ווערט בע־צייכענט דאָס גע׳מסר׳טע פערברעכען, ניט דער כאַראַקטער פון דער עדות־זאָגונג; ווארום דער כאראקטער פון דער עדות־זאָגונג ווייזט זיך אַרויס ערסט נאָך דער אויספאָרשונג פון די ריכטער. דעריבער איז קלאָר, אז דער וואָרצעל „ענה“ אַליין שליסט אין זיך איין דעם בעגריף פון עדות־זאָגונג. דאָס זעהט מען אַרויס אויך פון אזעלכע אויסדרוקען, ווי „וענתה בי צדקתי“ (און מיין גערעכטיג־קייט וועט פאר מיר עדות זאָגען), „חטאותינו ענו בנו“ (אונזערע זינד האָבען אנטקעגען אונז עדות געזאָגט).

## זייט 71, צייכען (ב).

אין ספר מלכים א׳, קאפּ. ח׳, פּסוקים ס״ה—ס״ו, שטעהט: און שלמה האָט דאמאָלסט געפּראוועט זיבען טעג יום טוב און גאָך זיבען טעג, אין איינעם פערצעהן טעג. אויפ׳ן אכטען טאָג האָט ער אָפּגעלאָזען דאָס פאָלק אהיים. אין דברי הימים ב׳, קאפּ. ז׳, פּסוקים ח׳—י׳, לעזען מיר: און שלמה האָט דאמאָלסט געפּראוועט זיבען טעג יום טוב, און אויפ׳ן אכטען טאָג האָבען זיי געפּראוועט שמיני עצרת. ווארום די איינהייליגונג פון דעם מזבח האָבען זיי געפּייערט זיבען טעג און זיבען טעג יום טוב. און דעם דריי און צוואנציגסטען טאָג אין זיבעטען חדש האָט ער אָפּגעלאָזען דאָס פאָלק. ווי שיקט זיך דאָס? נאָך איין ווערסיע האָט ער זיי אויפ׳ן אַכטען טאָג אָפּגעלאָזען, נאָך דער אַנדער ווערסיע איז יענער טאָג געווען שמיני עצרת, און נאָך דער ווערסיע פון ספר מלכים האָט די גאנצע פייערונג אין איינעם געוועהרט פּונקט פערצעהן טעג. ווי אַזוי האָט עס געקאָנט פּאַסירען? מוזען מיר זאָגען, אז דאָס איז געוועזען אזוי, ווי מיר האָבען געשריבען אין הויפּט־טעקסט. זיי האָבען בכיוון, מיט א בעזונדער מיין, אָנגעהויבען צו פייערן די איינהייליגונג דעם ניינטען אין חדש. דידאָזיגע פייערונג, וואָס האָט פארנומען די ערסטע זיבען טעג, האָט זיך געענדיגט דעם פופצעהנטען אין חדש, וואָס דאָס איז שוין געווען דער ערסטער טאָג סוכות. די איבעריגע טעג סוכות אין איינעם מיט שמיני עצרת האָבען אויסגעמאכט נאָך זיבען טעג. אויפ׳ן אכטען טאָג, רעכענענדיג פון דעם, ווען די צווייטע זיבען טעג האָבען זיך אָנגעהויבען, האָט ער אָפּגעלאָזט דאָס פאָלק. דאָס איז געווען דער דריי און צוואנציגטער אין זיבעטען חדש. נאָר אויף אַזאַן אופן ווערט פאַרענטפערט דער שיינבאַרער ווידערשפּרוך צווישען דיביידע ווערסיעס.

## זייט 72, צייכען (ג).

ווען דער שרייבער פון דברי הימים דערצעהלט אונז, אז גאָט האָט שלמה׳ן געזאָגט אין חלום: איך האָב זיך צוגעהערט צו דיין געבעט און איך האָב אנער־קענט אָט דעם אָרט, ער זאָל זיין פאר מיר אן אָפּפער־הויז (דברי הימים ב׳, קאפּ. ז׳, פּסוק י״ב), איז דאָס נאָר מחמת דעם, ווייל דער פערפאסער פון דברי הימים שילדערט די זאַך אין איינשטימיגקייט מיט די הערשענדע בעגריפען פון זיין צייט. אין דער שילדערונג פון דעם ספר מלכים, וואָס איז געגרינדעט אויף עלטערע און זיכערע קוועלען, ווערט אזוינס ניט דערמאָהנט גאָר.

## זייט 81, צייכען (ה).

נאָך דער מיינונג פון די געלערנטע: די וויטי, געזעניוס און ראָזענמילער, איז דאָס קאַפּיטעל א׳ פון ישעיה פערפאסט געוואָרען אין דער צייט פון דעם קיניג אחז, דאַן, ווען רצין, דער קיניג פון ארם, און פּקח בן רמליה, דער קיניג פון ישראל, האָבען געפיהרט מלחמה אנטקעגען דעם לאנד יהודה. אין די פּסוקים ב׳, ג׳ און כ״א בעקלאָגט זיך דער נביא, אז זייער גוטע אויפפיהרונג האָט זיך געענדערט צו שלעכטען, און פאר דעם גאנצען משך פון יאָהרען, אין וועלכע ישעיה האָט נבואה געזאָגט, איז אַזוינס נאָר אין דער צייט פון אחז געשעהען. אויף דער צייט פון אחז פּאסט זיך אויך דאָס, וואָס ער זאָגט דאָרטען: אייער לאנד איז פאַרוויסט געוואָרען, אייערע שטעדט זיינען מיט׳ן פייער אַוועק... און די טאָכטער פון ציון האָט זיך אָפּגעשטעלט איינע אַליין, ווי א ביידעל אין

אַ וויינגאָרטען... דאָס גערעט אויף דער מלחמה, ווען ארם און ישראל זיינען אויף זיי אָנגעפאַלען (מלכים ב׳, קאַפּ. ט״ז, פּסוק ה׳). דאָס גאַנצע לאַנד יהודה איז פון דער מלחמה פאַרפּליצט געוואָרען, און זיי האָבען דערגרייכט ביז ירושלים. דאָס מיינט געווים, אז די איבעריגע שטעדט זיינען שוין איינגענומען געוואָרען, און דעריבער האָט דער נביא געמעגט זאָגען, אז די טאָכטער פון ציון האָט זיך אָפּגעשטעלט איינע אליין. ווערליג ווי עס ווערט דערצעהלט אין דברי הימים ב׳, קאַפּ. כ״ח, האָבען זיי אָנגעטאָן גרויסע חורבנות אין דעם לאנד יהודה און האָבען גענומען פיעלע געפאנגענע. אויך די אדומים און די פּלשתים האָבען אין יענער צייט מיט זיי געפיהרט מלחמה און האָבען גענומען געפאנגענע. אין די אלע מלחמות איז אחז געשלאָגען געוואָרען (פּסוקים י״ז—י״ח אין דעם אָנגעוויזענעם קאַפּיטעל), און דעריבער פּאַסט דאָ דעם נביא׳ס רייד, ווען ער זאָגט „אייער לאַנד איז פאַרוויסט געוואָרען״. וועגען דעם רעליגיעזען צושטאַנד אין אחז׳עס צייט איז שוין אין הויפּט־טעקסט ערקלערט געוואָרען, אַז דעם ריטואל פון די קרבנות האָט ער דוקא אָפּגעהיט, ווי דאָס ווערט אויספיהרליך בעשריבען אין מלכים ב׳, קאַפּ. ט״ז. אמת, אין דברי הימים ב׳ (קאַפּ. כ״ט, פּסוקים ו׳—ז׳) ווערט געזאָגט, אז אין אחז׳עס צייט האָבען זיי אָפּגעקעהרט זייער געזיכט פון גאָטס וואוינאָרט... זיי האָבען ניט געריכערט קיין קטרת און האָבען ניט אויפגעבראכט אין טעמפּעל קיין בראנד־אָפּפערס. מיר דאַרפען זיך אבער אין דעם פּרט פארלאָזען נאָר אויפ׳ן ספר מלכים, ווייל דאָס איז די הויפּט־קוועלע. ווייטער, דאָס, וואָס ער בעקלאָגט זיך אין ישעיה קאַפּ. א׳, אַז עס פעהלט זיי דאָס פאַרשטענדניס פאַר גערעכטיגקייט און זיי דאַרפען זיך דאָס ערסט לערנען (פּסוק י״ז), אז די הארען זיינען רויבלוסטיג און פאַרדאָרבען, אז זיי קריוודען די שוואַכסטע פון פאָלק, די אלמנות און יתומים (פּסוק כ״ג), אויף דאָס אלץ בעקלאָגט זיך דער נביא אויך אין קאַפּ. ג׳ (פּסוקים י״ד—ט״ו), און קאַפּ. ג׳, פּונקט ווי קאַפּ. ב׳, איז געווים אין אחז׳עס צייט פערפאַסט געוואָרען. ווארום ניט אויף עוזיהו׳ס צייט, ניט אויף יותמ׳ס אָדער חזקיהו׳ס פּאַסט די רייד פון דעם נביא, אז זיי זיינען אָנגעפילט (מיט אָפּגעטער און אנדערע מיאוס׳קייטען) מעהר, ווי די מאָרגענלענדער (קאַפּ. ב׳, פּסוק ו׳ און די ווייטערדיגע פּסוקים, וואו עס רעדט זיך וועגען געצענדינסט). קאַפּ. ג׳ גערעט אויף די ערסטע יאָהרען פון אחז׳עס רעגירען, ווען די מאַטעריעלע לאַגע פון דער בעפעלקערונג איז נאָך געווען גוט, און דאָס האָט ביי זיי ארויסגערופען א שטאַרקע נייגונג צו לוקסוס און אלערליי פאַרגעניגענס, ווי דאָס ווערט דאָרטען אויספיהרליך געשילדערט אין די פּסוקים ט״ז און י״ח—כ״ג. קורץ, דער גאנצער אינהאלט פון די קאַפּיטלען ב׳ און ג׳ פּאַסט זיך נאָר אויף אחז׳ן און אויף די אומשטענדען פון זיין צייט. דאָס אלץ ווערט אויספיהרליך בעהאנדעלט אין ש. ד. לוצאטא׳ס קאמענטאר צום ספר ישעיה און אין די קאָמענטארען פון די קריסטליכע געלערנטע, די בעסטע פון וועלכע נעהמען אָן, אז די נבואה שטאַמט פון דער צייט, ווען אחז האָט געקיניגט. ז. געזעניוס, ראָזענמילער, היציג, עוואלד און קנאָבעל.

זייט 83, צייכען (ו).

די נבואה אין ישעיה, קאַפּ. כ״ט, איז געזאָגט געוואָרען אין דער צייט פון

חזקיהו; ווארום אין פסוק ט״ו רעדט ער וועגען די, וואָס בעהאלטען זייערע עצות פון גאָט און טוען אָפּ שטילערהייט זייער ארבעט. ער מיינט עס אָט די, וואָס האָבען געהאלטען אין שליסען א בונד מיט מצרים און פאַרלאָזען זיך אויף דעם. ווארום אונטער אחז'ן איז דאָס לאנד יהודה געוואָרען אָפּהענגיג פון דעם קיניג פון אשור, און זיי האָבען איהם געמוזט צאָהלען צינז (מלכים ב', קאפּ. ט״ז, פסוק ח'). חזקיה האָט רעוואָלטירט געגען דעם קיניג פון אשור און האָט זיך פון די אַרויפגעצוואונגענע פליכטען בעפרייט (מלכים ב', קאפּ. י״ח, פסוק ז'). עס ווייזט אויס, אז ער האָט דאמאָלסט געשלאָסען א בונד מיט מצרים און האָט זיך פאַרלאָזען אויף דעם (פסוק כ״א אין דעמזעלביגען קאַפּיטעל). אָט אויף דעם בונד האָט ישעיה געקוקט קרום (ישעיה: קאפּ. ל', פסוק ב', און קאפּ. ל״א, פסוק א'), און דאָס האָט ער געמיינט מיט זיינע ווערטער אין קאפּ. כ״ט, פסוק ט״ו. די גאנצע נבואה אין דעם קאַפּיטעל געהט אויף דער בעלאַגערונג, וואָס מען האָט געדאַרפט ערווארטען אין גיכען פון דעם קיניג פון אשור. אַלע מפרשים האָבען אויסגעטייטשט די נבואה אין דעם זין, אַז דאָס געהט אויף חזקיהו'ן. ז. פירוש ראב״ע, ווי אויך די קאָמענטאַרען פון לוּצאטא, געזעניוס, היציג און קנאבעל.

## זייט 84, צייכען (ז).

ישעיה אליין שטעלט אונז פאַר אין קאפּ. כ״ח, פסוקים ט'—י״ג, אַזאַ מין פּאָלעמיק צווישען איהם, דעם אמת'ען נביא, און די פאלשע נביאים מיט די כהנים. פארשטעלענדיג, ווי אַזוי די פאלשע נביאים ווילצלען זיך איבער איהם, לעגט ער זיי אריין אין די מיילער אַזוינע ווערטער: וועמען קומט ער דאָ לערנען וויסענשאַפט... נאָר וואָס אנטוועהנטע פון דער ברוסט? ער גיט צו א בעפעהל צו א בעפעהל, ער לעגט צו א שטריך צו א שטריך, דאָ א ביסעל און דאָרטען אביסעל. ווי א שטאַמלער אָדער ווי אין א פרעמדער שפּראַך רעדט ער צום פאָלק, זאָגענדיג, אז אין דערינען וועלען זיי געפינען זייער בעפרידיגונג, די בערוהיגונג פאר זייערע געמאַטערטע גייסטער... דאָס לאַכען זיי פון איהם אָפּ, וואָס ער וויל זיי ערקלערען גאָטס תורה, פּונקט ווי זיי וואָלטען געווען קליינע קינדער, וואָס וויסען גארנישט און פאַרשטעהען גאָרנישט אליין. זיי זאָגען, אז אין זיינע ערקלערונגען גיט ער צו פון זיך אַליין געזעצען צו די געזעצען פון דער תורה, אומעטום לעגט ער צו עפּעס פון דאָס זייניגע, און דעריבער קלינגען זיינע רייד פרעמד פאר'ן פאָלק, און זיי דוכט זיך אויס, אַזוי ווי ער רעדט צו זיי אויף א פרעמדער שפּראַך אָדער ער שטאַמעלט. זיי גלויבען ניט, אַז זיי וועלען דערגרייכען זייער גייסטיגע בעפרידיגונג, ווען זיי וועלען אָפּהיטען די אלע געזעצען, וואָס, נאָך זייער מיינונג, האָט ער דאָס פון זיך אליין צוגעגעבען, און דעריבער ווילען זיי איהם ניט פאָלגען. דער נביא ענדיגט מיט דעם, אז דערפאר וועט טאקי אַזוי זיין, ווי זיי ווילען: גאָטס רייד, וואָס ער האָט מיט אַן אמת גערעדט, וועט ביי זיי ווערען אַ צוגעגעבענע און אַן איבעריגע זאַך, כדי זיי זאָלען בעשטראָפט ווערען. ווייטער שילדערט ער דאָרטען, ווי אַזוי זיי וועלען אריינפאלען און זיי וועלען געבראָכען ווערען דורך דעם, וואָס זיי טראַכטען אויס אויף די רייד, וואָס גאָט האָט מיט אַן אמת געזאָגט, אַז דאָס זיינען ניט מעהר, ווי געזעצען, וועלכע דער נביא האָט פון זיך אַליין צוגעגעבען,

פונקט ווי די נביאים קומען מיט זייער אייגענעם ווילען, ניט אין גאָטס שליחות.

## זייט 90, צייכען (ח).

דער רד"ק אין זיין פירוש ערקלערט טאַקי אזוי, אז ירמיהו האָט דאָ גע־דאַט אין זינען די, וואָס האָבען געטאָן געגען דעם געזעץ. דער רד"ק איז דאָ אויסען צו פאַרענטפערן דעם נביא, מיר זאָלען ניט מיינען, אז ביי איהם איז דאָס רעכט געווען, וואָס זיי פלעגען זיך מאכען אן איינשניט אין לייב און אָ פליעך אויפ'ן קאָפּ צום צייכען פון טרויער נאָך א געשטאָרבענעם. דער גע־שיכטספאָרשער קאָן אבער אורטיילען נאָר נאָכ'ן פשוט'ען זין פון די ווערטער, בעטראַכטענדיג די פאקטען אַזוי, ווי זיי שטעהען פאר זיינע אויגען. ווער עס בעטראַכט די רייד פון דעם נביא אָהן א שום פניה, יענער מוז איינזעהען, אז די מעשה איז טאַקי אַזוי געוועזען: זיי פלעגען מאכען אן איינשניט אין לייב און א פליעך אויפ'ן קאָפּ נאָך א טויטען, ניט ווייל זיי האָבען זיך דאָס אָפּגע־לערנט פון אנדערע פעלקער, נאָר ווייל דאָס איז ביי זיי אליין געווען פון שטענ־דיג אָן אן איינגעוואָרצעלטער מנהג. אין דער תורה געפינען מיר וועגען דעם אָט וואָס: אין ויקרא, קאפּ. כ"א, פסוק ה', ווערט אָנגעזאָגט נאָר די כהנים, אַז זיי טאָרען ניט מאכען קיין פליעך אויפ'ן קאָפּ און קיין איינשניט אין לייב, און דאָס איז ניט געמיינט געוואָרען דוקא נאָך א געשטאָרבענעם, ווי די בעלי־התלמוד ערקלערען (ספרא, אמור, פרק א'). ביי די פריסטער פון דעם אָפּגאָט בעל איז דאָס מאַכען זיך איינשניטס אין לייב געווען א טייל פון זייער גאָטעסדינסט, ווי דאָס ווערט דערמאָהנט אין מלאכים א', קאפּ. י"ח, און די תורה פאַרזאָגט, אַז די כהנים זאָלען אזוינס ניט טאָן. אין ויקרא, קאפּ. י"ט, פסוק כ"ח רעדט זיך שוין וועגען אַ ל ע אידען, אָבער דאָרטען ווערט פארזאָגט נאָר, זיי זאָלען ניט מאַכען קיין איינ־שניט אין לייב. ערסט אין משנה תורה (דברים, קאפּ. י"ד, פסוק א') ווערט אלע אידען אָנגעזאָגט ביידע זאכען: ניט מאכען קיין איינשניט אין לייב און קיין פליעך אויפ'ן קאָפּ נאָך א געשטאָרבענעם. דאָ אָבער ווערט גלייך ערקלערט דער מאָטיוו: „ווייל דו ביסט א היוליגס פאָלק ביי גאָט, דיין האַר", ד. ה. דע־ריבער איז א יושר, איהר זאָלט זיך אלע פיהרען, ווי עס פאסט פאר הייליגע, פונקט ווי די כהנים (ז. קאַפּיטעל 5, זייט 119). דאָס געזעץ האָט זיך אבער ביים פאָלק ניט צוגענומען. אין ירמיהו'ס צייט האָט מען זיך יעדענפאלס אזוי ניט געפיהרט. דעריבער רעדט דער נביא וועגען מאַכען אַ פליעך אויפ'ן קאָפּ און אַן איינשניט אין לייב נאָך א געשטאָרבענעם, ווי וועגען א אידישען מנהג. אז אפילו די בעסערע און פרימערע צווישען זיי האָבען זיך אַזוי נוהג געווען, דאָס זעהט מען אַרויס פון דער מעשה מיט די מענשען, וואָס זיינען געקומען פון שמרון און שלו און האָבען מיטגעבראכט שפייזאָפּפערס און ווייה־רויך פאר'ן בית המקדש. אַז זיי האָבען דערהערט פון דעם חורבן, האָבען זיי צום צייכען פון טרויער אָפּגעגאָלט זייערע בערד, צוריסען אויף זיך די קליידער און געמאַכט איינשניטס אין לייב (ירמיהו, קאפּ. מ"א, פסוק ה').

אין ויקרא, קאפּ. י"ט און כ"א, ווערט דער איינשניט אין לייב אָנגערופען מיט'ן נאָמען „שריטה", אין אנדערע ערטער — מיט'ן נאָמען „גדידה". צו

„שריטה“ איז פונקט דיזעלביגע זאַך, ווי „גדידה“, אָדער דאָס זיינען צוויי בעזונדערע זאכען, — דאָס וויסען מיר ניט בעשטימט. יעדענפאלס איז קיין גרויסער אונטערשייד צווישען „שריטה“ און „גדידה“ געווים ניט געווען. נאָך דער מיינונג פון די בעלי התלמוד, האנדעלט זיך דאָ וועגען אן אויבערסטען שניט אָדער א קראַץ, וואָס רייבט אַראָפּ די הויט, ווארום זיי ריידען דאָרטען (מכות כ"א) וועגען א וואונד, וואָס קאָן געמאכט ווערען סיי מיט'ן האַנט, סיי מיט אן אינסטרומענט, און מיט'ן האנט קאָן מען נאַטירליך קיין טיפע וואונד אין פלייש ניט מאכען.

## ק א פּ י ט ע ל 4.

### זייט 93, צייכען (א).

ז. עוואַלד: „געשיכטע דעם פאָלקעס איזראַעל“, באַנד 3, זייט 146.

### זייט 98, צייכען (ב).

וועגען דער תפלה, ביי וועלכער שלמה פיגורירט אלס דער וואָרטפיהרער, (מלכים א', קאפּ. ח') זיינען די מעהרסטע פון די נייסטע קריטיקער געקומען צום שלוס, אז דעם גרעסטען טייל איהרען האָט א שפּעטערדיגער שרייבער אין שלמה'ס נאָמען פאַרעפענטליכט. דער וויכטיגסטער טייל פון דער תפלה, וואָס מען קאָן רעכענען, אז ער שטאַמט וויקרליך פון שלמה'ן, בעשטעהט, נאָך מיין מיינונג, פון די פּסוקים: כ"ג—כ"ו, כ"ח—ל' און מ"א—מ"ג.

איך דארף דאָ נאָך אויפמערקזאם מאכען אויף דערויף, וואָס איך בעטראַכט דאָ דוד'ן אלס דעם פערפאסער פון דעם פּסאַלם ס"ח. דאָס איז מחמת דעם, ווייל, ווי מען זעהט פון פּסוק כ"ח, איז דער פּסאַלם אָנגעשריבען געוואָרען, יעדענפאלס, איידער דער אידישער שטאַאַט איז צושפּאָלטען געוואָרען. און אַזוי ווי דאָרטען ווערט פיעל מאָל דערמאָהנט די געטליכע הילף און די שטיצע, וואָס זיי האָבען געהאט געגען דעם פיינד, בעווייזט עס, אז דער פּסאַלם איז געזונגען געוואָרען אין א צייט, ווען זיי האָבען זיך אומגעקעהרט פון א מלחמה ווי זיגער, און דאָס האָט ניט געקאָנט זיין אין שלמה'ס צייט. אויף אַזאַן אופן איז אפילו קשה, פאַר וואָס עפּעס ווערט דאָרטען דערמאָהנט אין פּסוק ל' א טעמפּעל אין ירושלים? אין דוד'ס צייט, ביז צו זיינע לעצטע יאָהרען, האָט זיך אין ירושלים נאָר געפונען א מזבח אויף צו ברענגען קרבנות. מיר זעהען אָבער, אַז אויך אין דברי הימים א', קאפּ. כ"ב, פּסוק א', ווערט דער מזבח אָנגערופען „דאָס הויז פון גאָט דעם האַר“. ז. וועגען דעם די־וועטי'ס קאָמענטאַר אויפ'ן ספר תהלים. דער פּסוק ל"ו, מיט וועלכען דער פּסאַלם ס"ח ענדיגט זיך, איז, ווי עס ווייזט אויס, צוגעגעבען געוואָרען שפּעטער, און נאָך מיין מיינונג איז אַזוינס מיט פיעלע פּסאלמען געשעהען. די פּסאלמען פלעגען געזונגען ווערען אין טעמפּעל, און זיי פלעגען אַמאָל צוגעבען עפּעס, וואָס עס האָט זיך געבעטען אין זייער צייט. ז. פּסאַלם נ"א, פּסוקים כ' און כ"א; פּסאלם ע"ב, פּסוקים י"ח און י"ט. אויך אין פיעלע אנדערע ערטער.

### זייט 107, צייכען (ג).

פאַרגלייכען מיר די לעצטע צוויי קאַפּיטלען פון דעם ספר יואל מיט די פריהערדיגע קאַפּיטלען, קענען מיר צווישען זיי ניט געפינען קיין שום צוזאַ־

מענהאנג. אין די ערסטע קאַפּיטלען רעדט זיך וועגען דעם אומגליק, וואָס איז געשעהען, ווען אלערליי מינים פון היישרעקען זיינען בעפאַלען דאָס לאַנד און האָבען אלצדינג פארוויסט: דער נביא רופט זיי צו טאָן תשובה און פאַרזיכערט זיי, אז אויב זיי וועלען תשובה טאָן, וועט גאָט איבער זיין פאָלק ישראל רחמנות האָבען, און אלע וועלען דערזעהען, אז זייער גאָט איז א גאָט. אין די לעצטע צוויי קאַפּיטלען ווערט וועגען דערדאָזיגער פאסירונג גאָר ניט דערמאָהנט. דאָ זיינען נאָר נבואות וועגען דער צוקונפט. דער נביא רעדט וועגען אומקעהרען צוריק פון געפאַנגענשאַפט די פאַרטריבענע פון יהודה און ירושלים. אַז די אידען זיינען צווישען אנדערע פעלקער צושפּרייט און דאָס אידישע לאַנד איז צווישען פרעמדע צוטיילט, וועגען דעם רעדט זיך דאָ, ווי וועגען אן עקזיסטירענדען פאקט. עס ווערט דערמאָהנט אויך וועגען די קאָסטבאַרקייטען, וואָס די פרעמדע האָבען ביי זיי אוועקגענומען און האָבען אריינגעבראַכט אין זייערע טעמפּעלס (ז. עזרא, קאפּיטעל א׳, פּסוק ז׳), וועגען די אידען, וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרען פאר קנעכט צו די גריכען. דאָ רעדט זיך אלץ וועגען אַזעלכע זאַכען, וועלכע האָבען פאַר׳ן חורבן ניט עקזיסטירט, און דעריבער איז קלאָר, אז די נבואות זיינען געוויס געזאָגט געוואָרען ניט פריהער פאר׳ן חורבן. ז. וועגען דעם נאָך אין „מורה נבוכי הזמן“, קאפּ. י״א.

## זייט 107, צייכען (ד).

עס איז אבער וואַהרשיינליך, אז דער אויסלאָז פון דעם ספר מלאכי געהערט ניט צום טעקסט גופא, נאָר די לעצטע פּסוקים: „געדענקט די לעהרע פון מיין קנעכט משה... איך שיק צו אייך אליהו הנביא...“ — דאָס איז א שלוסוואָרט צו דער זאמלונג פון תורה און נביאים (ז. זייט 240). דער טיטעל „אליהו הנביא“ געהט דאָ גאָר ניט אויף דעם אליהו, וואָס איז אמאָל געוועזען. ער רופט דאָ אָן סתם א נביא מיט׳ן נאָמען אליהו, פּונקט ווי יחזקאל (קאפּ. ל״ז, פּסוק כ״ד) רופט אָן דעם קינפטיגען קיניג מיט׳ן נאָמען „מיין קנעכט דוד“. עס גלויבט זיך, אז דאָס שלוסוואָרט צום ספר מלאכי שטאַמט פון א צייט, ווען זיי האָבען זיך זעהר גענומען צום האַרצען, וואָס די נבואה האָט זיך אָפּגעהאקט. דאָס שפּיגעלט זיך אָפּ אויך אין תהלים, קאפּ. ע״ד. אָט דער פּסאַלם, ווי עס איז קענטיג פון זיין גאנצען אינהאלט, איז פערפאסט געוואָרען אין דער צייט פון די חשמונאים, און דאָרטען (פּסוק ט׳) בעקלאָגט ער זיך אַזוי: „קיין צייכענס פאר אונז האָבען מיר ניט געזעהען. עס איז ניטאָ מעהר קיין נביא, און ביי אונז געפינט זיך ניט קיינער, ווער עס זאָל עפּעס וויסען“. אין פיעלע ערטער פון ספר חשמונאים בעגעגענען מיר דעם אויסדרוק „ביז עס וועט אויפשטעהן א נביא ביי אידען“ אָדער „ביז עס וועט אויפשטעהן אן אמת׳ער נביא ביי אידען“. מיר מעגען דעריבער רעכענען, אז אין יענער צייט איז דאָס שלוסוואָרט צום ספר מלאכי געמאכט געוואָרען. דאָס איז געווען, נאָכדעם ווי יהודה מאקאבי האָט געזיגט. די היילִיגע שריפטען, וואָס זיינען אין דער צייט פון די פערפאָלגונגען און אין דער מלחמה צוזעיט געוואָרען, האָט ער איצטער צוזאַמענגעקליבען, ווי דאָס ווערט דערצעהלט אין דעם ספר חשמונאים ב׳. אָט דאַן איז אַריינגעשטעלט געוואָרען דאָס שלוסוואָרט, און מיט דערמיט איז די זאמלונג פאַרענדיגט געוואָרען.

## קאפיטעל 5.

### זייט 112, צייכען (א).

דאָס וואָרט „חק“ ווערט דאָ בענוצט ניט אין דעם געוועהנליכען זין (אַ געזעץ), נאָר אין דעם זין פון אן אורטייל, וואָס גאָט האָט אויף זיי אַרויפגעלעגט. אין דעמזעלביגען זין בעגעגענען מיר דאָס וואָרט „חק“ אין דעם אויסדרוק „בטרם לדת חק“ (צפניה, קאפּ. ב׳, פסוק ב׳). דאָס בעדייט דאָרטען: „איידער עס איז געבאָרען געוואָרען דאָס אורטייל“, וואָס גאָט האָט פאר זיי בעשטימט. עהנליכעס צו דעם ווערט דאָרטען איבערגע׳חזר׳ט אין דעם ווייטערדיגען זאַץ „בטרם לא יבא עליכם חרון אף ה׳“ (איידער גאָטס ברענענדיגער צאָרן איז אגיף אייך אויסגעגאָסען געוואָרען). אין דעמזעלביגען זין דאַרף מען פאַרשטעהן דאָס, וואָס עס ווערט געזאגט אין מיכה (קאפּ. ז׳, פסוק י״א): יום לבנות גדריך יום ההוא ירחק־חק. די מפרשים מאטערן זיך זעהר, ווי אַזוי אינצוטייטשען דעם פסוק (ווייל דאָס וואָרט „חק“ אין זיין געוועהנליכען זין פּאַסט אהער גאָר ניט). איניגע נעהמען אָן, אז „חק“ איז דאָ נאָר א פאַרלענגערונג פון דעם וואָרט „ירחק“; די צווייטע זילבע פון דעם וואָרט ווערט איבערגע׳חזר׳ט, כדי צו פאַרשטאַרקען די ווירקונג, און דאָס מיינט צו זאָגען, אז דער טאָג איז נאָך זעהר ווייט. אין דער אמת׳ען מיינט גאָר דער פסוק אָט וואָס: עס וועט קומען אַ טאָג אויף צו אויפריכטען דיינע איינגעפאַלענע צאמען, און אין יענעם טאָג וועט דערווייטערט ווערען (ד. ה. אָפּגעשאַפט ווערען) ד אָ ס א ו ר ט י י ל, וואָס איז פון פריהער אויף זיי אַרויפגעלעגט געוואָרען.

### זייט 113, צייכען (ב).

ז. צונץ: „גאָטעסדיענסטליכע פאָרטרעגע“, קאפּ. 2 (פינפטע אָנמערקונג אויף זייט 16, לויט דער אויפלאגע פון 1892). ער רעכענט דאָרטען אויס צעהן פסאלמען, וואָס זיינען, נאָך זיין מיינונג, פערפאסט געוואָרען אין דעם משך פון די זיבעציג יאָהר, וואָס זיי זיינען געוועזען אין גלות. עוואַלד אין זיין קאָמענטאר אויף תהלים, זייט 217, רעכענט אויס נאָך אנדערע ניין פסאלמען. נאָך דער מיינונג פון אייכהאָרן אין זיין איינלייטונג צו די הייליגע שריפטען, באנד 3, זייט 469, האָבען נאָך אין זייער צייט די אלעקסאנדרי׳ער געהאלטען ירמיהו׳ן, יחזקאל׳ן, חגי׳ן און זכריה׳ן פאר די פערפאַסערס פון איניגע פסאַלמען. די־ וויטי אין דער איינלייטונג צו זיין קאָמענטאר אויף תהלים, זייט 22, ציטירט פון אגוסטי׳ס איינלייטונג, זייט 189, אז ער רעכענט דעם פסאלם מ״ח פאר מרדכי׳ס א ווערק, וואָס יענער האָט פערפאסט לכבוד דעם פרס׳ישען קיניג. איך האַלט ניט פון די אַלע השערות. אָבער איין זאַך איז פאַר יעדער פאַרשטענדיגען קלאָר: אַז פיעלע פסאלמען זיינען אין דער צייט פון גלות ענטשטאַנען. ז. „מורה נבוכי הזמן“, קאפּ. י״א.

### זייט 113, צייכען (ג).

דהיינו: די קאַפּיטלען י״ג, י״ד, כ״ג—כ״ז, ל״ד און ל״ה פון ישעיה. וועגען דעם אלעם ז. די קאָמענטאַרען פון געזעניוס, עוואַלד, היציג, קנאָבעל און די איבעריגע קריסטליכע קאָמענטאטאָרען. ז. אויך הערצפעלד: „געשיכטע דעם פאָלקעס איזראַעל“, ערסטער טייל, זייט 290, און „מורה נבוכי הזמן“, קאפּ. י״א. וועגען די לעצטע נבואות פון דעם ספר ירמיה, דהיינו וועגען קאפּ. נ׳ און דעם

גרעסטען טייל פון קאפּ. כ״א (פון אָנהויב ביז איינשליסליך פּסוק כ״ח), זיינען
אויך אַרויסגערופען געוואָרען ספקות, און מען וויל האָבען, אז דאָס איז שוין
פערפאסט געוואָרען אין גלות. ז. דאָס אָנגערופענע ווערק הערצפעלד׳ס, זייט
284. אַזוי ווי מיר זיינען נאָר אויסען געווען צו ווייזען, אז אין גלות האָט
זיך ביי זיי ענטוויקעלט א ברייטע פּראָפעטישע ליטעראטור, איז פאַר אונזער
צוועק גענוג דאָס, וואָס מיר האָבען ביזאַהער אנגעמערקט.

## זייט 113, צייכען (ד).

די ספרים שמואל און מלכים אין דער געשטאַלט, אין וועלכער מיר האָבען
זיי איצטער, האָבען נִיט געקאָנט צוזאַמענגעשטעלט ווערען פריהער, איידער אין
דער לעצטער העלפט פון דעם גלות־פּעריאָד. עס איז קלאָר, אַז דער לעצטער
פון זייערע פערפאַסערס, ד.ה. דער, וואָס האָט צוזאַמענגעשטעלט די איינצעלנע
בעשרייבונגען און געמאַכט פון זיי א גאַנצע זאַך, איז ביי ביידע ספרים געווען
איינער. ווארום מיר זעהען דאָך, אַז דער שרייבער פון דעם ספר שמואל האָט
געוואוסט, ווען דוד איז געשטאָרבען (והא ראיה: אין שמואל ב׳ קאפּ. ה׳ פּסוק
ה׳, ווערט אָנגעוויזען, ווי לאַנג דוד האָט געקיניגט). ווען ער וואָלט געהאַט
בדעה צו בעשרענקען זיין אַרבעט אויף דעם ספר שמואל, וואָלט ער דאָרטען
געוויס דערפיהרט די דערצעהלונג ביז דוד׳ס טויט און דערמיט וואָלט ער געענ־
דיגט. ער האָט אָבער אזוי נִיט געטאָן, און דאָס איז א סימן, אַז ער האָט געהאַט
בדעה צו פאָרטזעצען ווייטער זיין ווערק. אָט די פאָרטזעצונג הויבט ער אָן מיט
די לעצטע טעג דוד׳ס, ווייל דאָס איז צוזאמענגעבונדען מיט דער געשיכטע פון
שלמה׳ס רעגירונג אין די ערסטע יאָהרען זיינע. אויף אַזאַן אופן איז דער ספר
מלכים קיין אנדער זאַך, ווי א פאָרטזעצונג פון דעם ספר שמואל, און זיי קומען
ארויס ביידע פון איין קוואַל. און אַזוי ווי דער ספר מלכים ענדיגט זיך מיט
דעם מיטען פון דעם גלות־פּעריאָד, מוזען מיר זאָגען, אַז די צוזאַמענשטעלונג
פון די ביידע ספרים איז פארענדיגט געוואָרען נִיט פריהער, ווי אין דער צוויי־
טער העלפט פון דעם גלות־פּעריאָד. דאָס, וואָס די צוויי ספרים און אפילו
פאַרשיידענע טיילען אין יעדער איינעם פון זיי שיידען זיך אָפּ איינער פון דעם
אנדערען מיט זייער כאַראַקטער און מיט זייער שפּראַך, איז קיין בעוויז נִיט,
אַז זיי שטאַמען פון בעזונדערע פערפאַסערס (ווי עס וויל האָבען די וועטי אין
זיין איינליטונג, אויפלאַגע פון דעם יאָהר 1845, זייט 262). ווארום דער לעצ־
טער פערפאַסער, אָדער דער צוזאַמענשטעלער, איז דאָך מעהר נִיט געווען, ווי א
זאַמלער. ער האָט אַרויסגענומען אלצדינג פון עלטערע קוועלען און האָט איבער־
געשריבען וואָרט אין וואָרט. ער האָט נאָר געדאַרפט צוגעבען איניגע ווערטער
אויף צו פאַרבינדען די פאַרשיידענע טיילען, ווייטער גאָרנישט. דעריבער איז
גאָר קיין סברה נִיט, אז זיי זאָלען אלע גלייך אויסזעהען. ארויסגעהענדיג פון
ד ע ם שטאַנדפּונקט, קענען מיר אויך נִיט אָננעהמען פאר א בעוויז, אַז דאָס
ווערק איז פריהער צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען, אָט דאָס, וואָס עס ווערט געזאָגט
דאָרטען (שמואל א׳, קאפּ. כ״ז, פּסוק ו׳) „דעריבער געהערט די שטאָדט צקלג
צו די קיניגס פון יהודה ב י ז ה י י נ ט י ג ע ן ט אָ ג״, כאָטש פון די
ווערטער זעהט אויס, אַז דאָס איז געשריבען געוואָרען אין א צייט, ווען דער
אידישער שטאַאט איז שוין געווען צוטיילט, אָבער די קיניגס פון יהודה זיינען

נאָך געזעסען אויפ'ן טראָן. מיר ערקלערען דאָס אויך אויף דעמזעלביגען אופן: אזוי ווי דער צוזאַמענשטעלער האָט אַלצדינג אַרויסגענומען פון עלטערע קוועלען, האָט ער אָט די פראַזע אויך אָהן שום ספק איבערגעשריבען פון עפּעס אַן עלטערער שריפט און האָט ניט געענדערט די אורשפּרינגליכע פאָרם. אזוי ווי דידאָזיגע בעטראַכטונגען וועגען דער אַלטקייט פון דעם אָדער יענעם ספר זיינען ניט דער צוועק פון אונזער ווערק, וועלען מיר זיך בעגנוגענען מיט דעם, וואָס מיר האָבען ביזאַהער אויפגעמערקט, און מיר וועלען זיך ניט אריינלאָזען אין ווייטערדיגע בעטראַכטונגען וועגען די איבעריגע ספרים, וואָס געפינען זיך ביי אונז און וואָס מען איז אין צווייפעל: צי זיי שטאַמען פון יענער צייט אדער ניט. מיר ווילען דאָ נאָך אויפמערקזאם מאַכען אויף די נבואות פון דעם ספר עבדיה: מיר מוזען זאָגען, אַז דער חורבן און דער אָנהויב פון גלות זיינען געווען פריהער, איידער דידאָזיגע נבואות זיינען ערשינען. נאָך אויף איינס ווילען מיר אויפמערקזאם מאַכען: עס בעמערקט זיך א טענדענץ אָנצוהענגען אָן יענער עפּאָכע די ענטשטעהונג פון פאַרשיידענע ספרים, אזעלכע, ווי דניאל, עזרא, נחמיה און א טייל פון די אפּאָקריפישע שריפטען. די אלע השערות זיינען טיילווייז בעגרינדעט, טיילווייז אונבעגרינדעט. יעדענפאַלס זעהען מיר דערפון, אַז אין אַלע צייטען האָט מען געגלויבט און געהאַלטען, אַז די עפּאָכע פון גלות איז געווען א צייט, ווען די ליטעראַטור האָט ביי אידען געבליהט.

## זייט 115, צייכען (ה).

ווייטער, אין קאַפּיטעל 23 קומט אונז אויס צו ריידען וועגען דעם, אין וועלכער צייט דער ספר דניאל אין דער געשטאַלט, אין וועלכער ער געפינט זיך ביי אונז, איז פערפאַסט געוואָרען. מיט קומען דאָרטען צום שלוס, אַז דאָס איז געשעהען אין א שפּעטערער עפּאָכע, יעדענפאַלס ניט פריהער פון די חשמונאים. דאָך אָבער זעהט אויס, אַז די לעגענדע, וואָס ווערט דערצעהלט אין דעם ערסטען קאַפּיטעל, איז געווען פּאָפּולער אין פאָלק, ווארום מען זעהט דאָך פון יחזקאל, אז דניאל'ס פרומקייט האָט געהאַט א שם. דעריבער, ווען זיין פרומקייט, ווי זי ווערט דאָרטען געשילדערט, דריקט זיך אויס אויך אין ניט טרינקען קיין גוי'אישען וויין, איז דאָס א קלאָרער בעוויז, אַז אַזאַ איסור איז שוין פון לאַנג אָן געווען איינגעפיהרט.

## זייט 123, צייכען (ו).

מיר מוזען זאָגען, אַז אָט דער דרש זייערער שטאַמט פון א שפּעטערער צייט. עס ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען א קאָנסעקווענץ פון אַן אנדער דרש זייערען, וואָס איז אויך געבויט אויף דעם וואָרט „שארו". טייטשענדיג „שארו — זיין פרוי", לערנען זיי דאָרטען (בבא בתרא קי"א) אָפּ ,אַז דער מאַן ירשנ'ט זיין פרוי. מעגליך, אז געגען דער הלכה, נאָך וועלכער א מאַן ירשנ'ט זיין פרוי, האָבען די צדוקים אויך פּראָטעסטירט, פּונקט ווי זיי האָבען פּראָטעסטירט געגען אנדערע הלכות אין די ענינים פון ירושה (בבא בתרא קט"ו), ווייל אזוינס שטעהט ניט אין דער תורה געשריבען בפירוש. די פּרושים האָבען אויף דעם געוואָלט ברענגען א ראיה פון דער תורה, און זיי האָבען עס אויסגעפונען אין דעם וואָרט „שארו". היינט וויבאַלד זיי האָבען שוין איין אָרט געטייטשט „שארו — זיין פרוי", האָבען זיי ממילא געמוזט טייטשען אזוי אויך אין אַן

אַנדער אָרט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען דעם, צוליעב וועמען א כהן מעג אומריין מאַכען זיך. אָט דעריבער זאָגען מיר, אז די הלכה, נאָך וועלכער א כהן מעג זיך מאַכען אומריין צוליעב זיין געשטאָרבענער פרוי, שטאַמט, ווי עס ווייזט אויס, פון א שפּעטערער צייט. מיר זעהען אפילו, אַז א צייט שפּעטער האָט זיך די הלכה נאָך אַלץ געהאַלטען ביי זיי שוואַך, ווארום עס ווערט דער־צעהלט אויף דעם כהן יוסף, אז ער האָט ניט געוואָלט מאַכען זיך אומריין צוליעב זיין געשטאָרבענער פרוי, האָבען איהם זיינע ברידער, די כהנים, מיט געוואַלד ארייַנגעשטויסען אין הויז און האָבען איהם אומריין געמאַכט (ספרא: אמור, פרשה א׳. זבחים ק׳), ביי יוסיפוס׳ען אין זיינע „אידישע אַלטערטימער", בוך 3, קאַפּ. 12, וואו ער רעכענט אויס די געזעצען וועגען די כהנים, ווערט אויך אזוינס ניט דערמאָהנט.

## זייט 125, צייכען (ז).

מיר זעהען דאָ, אַז עס ווערט געמאַכט אן אונטערשייד צווישען דעם אינער־וועניגסטען טרויער, וואָס דער מענש פיהלט אין האַרצען, און די אויסערליכע סימנים פון טרויער, ווארום ער הייסט איהם נאָר ניט ווייזען קיין אויסערליכע סימנים פון טרויער, אָבער אין האַרצען מעג ער טרויערן נאָך זיין פרוי. אפשר אָט אין די רייד פון דעם נביא ליגט דער אורשפּרונג פון דעם, וואָס עס ווערט געזאָגט אין דער משנה (סנהדרין מ״ו), אַז אפילו דאָ, וואו מען טאָר ניט פּראַ־ווען קיין אבלות, פּראַוועט מען „אנינות", און דאָס הייסט טרויערן אין האַר־צען. ז. וואָס איך האָב געשריבען אין מיין ווערק „משפט לשון המשנה", זייט 48. וואָס בעלאַנגט צו די אויסערליכע סימנים פון טרויער, ווערען אין דער תורה (ויקרא, קאַפּ. כ״א, פסוק י׳) דערמאָהנט צוויי זאַכען: „פריעת הראש" (געוועהנליך ווערט אָנגענומען, אַז דאָס הייסט לאָזען ווילד וואַקסען די האָר אויפ׳ן קאָפּ) און דאָס צורייסען אויף זיך די קליידער. אייניגע האַלטען, אז „פריעת הראש" מיינט ארונטערנעהמען דעם קאָפּ־שמוק, ד. ה. געהן מיט א היילען קאָפּ (ז. די סעפּטואַגינטא. אַזוי פארשטעהען עס אויך ראזענמילער און מיכאעלים).

# קאפּיטעל 6.

## זייט 133, צייכען (א).

ז. „מורה נבוכי הזמן", קאַפּ. י״א. פון דער גמרא ווייזט אויס, אַז „סופר" ווערט ביי זיי אָנגערופען, דער, וואָס לערנט מיט דעם אַנדערען פון א בוך, ד. ה. דער, וואָס לערנט תנ״ך. צ. ב. אין ירושלמי: חגיגה, פרק א׳, הלכה ז׳: שלא החזיקו בשכר סופרים ומשנים (ווייל זיי האָבען ניט געדונגען קיין רביים אויף צו לערנען תנ״ך און משנה). אין „דרכי המשנה", זייט 3, ווערט ארויס־געזאָגט די מיינונג, אַז עזרא ווערט אָנגערופען „סופר מהיר", ווייל ער האָט זיך אָפּגעגעבען מיט די ספרים פון דער תורה אויף צו פאַרטייטשען זיי. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. „סופר מהיר" ווערט ער אָנגערופען, נאָר — ווייל ער איז גע־וועזן א קינסטלער אין דער מלאכה פון שרייבען, פונקט ווי מיר בעגעגענען אין תהלים, קאַפּ. מ״ה, פסוק ב׳: „לשוני עט סופר מהיר" (מיין צונג איז אזוי ווי די פעדער פון א געשיקטען שרייבער).

### זייט 133, צייכען (ב).

ז. קידושין ל׳ און ירושלמי: שקלים, פרק א׳, הלכה א׳. זיי זאָגען דאָרטען אויף עזרא׳ן, אז פונקט ווי ער פלעגט צעהלען די אותיות אין דער תורה, אַזוי פלעגט ער אויך צעהלען די רייד פון די געלערנטע, ד. ה. ער פלעגט אויסדריקען זייערע לעהרזאצען אין צאָהלען. ז. אויך חגיגה ט״ו און סנהדרין ק״ו, וואו זיי לערנען אָפּ דיביידע בעדייטונגען פון דעם וואָרט „סופר״ פון דעם פסוק „איה סופר איה שוקל איה סופר את המגדלים״ (וואו איז דער, וואָס האָט עס פאַר־צייכענט; וואו איז דער, וואָס האָט עס אָפּגעוואויגען; וואו איז דער, וואָס האָט איבערגעצעהלט די טורעמס) אין ישעיה, קאפּ. ל״ג.

### זייט 135, צייכען (ג).

אָט וואָס עס זאָגט וועגען דעם דער געלערנטער הערצפעלד („געשיכטע דעם פאלקעס איזראַעל״, ערסטער טייל, זייט 132): עס איז קיין שום ספק ניט, אַז אין גלות פלעגען זיי אויף אלע רעליגיעזע פאַרזאַמלונגען פאָרלייענען פאר׳ן עולם מוסר־רייד פון די הייליגע שריפטען, פון די עלטערע, ווי אויך פון די, וואָס זיינען אין גלות פערפאַסט געוואָרען. עס ווייזט אויס, אַז די מעהרסטע קאַפּיטלען פון דער צווייטער העלפט ישעיה האָבען זיי טאַקי ספּעציעל צוליעב ד ע ם צוועק איבערגעשריבען און געהאַלטען ביי זיך. אין דעם ספר ברוך, וואָס איז צוגעשיקט געוואָרען צו די אידען אין גלות, ווערט בפירוש ערקלערט, אז מען שיקט זיי דעם ספר, כדי זיי זאָלען שבת און יום טוב פון איהם לייענען (קאפּ. א׳, פערז 14). אמת, פון דעם ספר ברוך קאָן מען קיין ראיה ניט ברענ־גען, ווייל דער ספר איז פערפאַסט געוואָרען אין א שפּעטערער צייט, ווי דאָס ווערט ביי אונז ערקלערט ווייטער, אין קאַפּיטעל 22.

### זייט 137, צייכען (ד).

ער זאָגט דאָרטען אזוי: דערפאר וואָס ראובן האָט פאַראומרייניגט זיין פאָ־טערס געלעגער, איז זיין בכורה איבערגעגעבען געוואָרען צו יוסף׳ס זיהן. דאָס מיינט אָבער ניט — ערקלערט ער דאָרטען ווייטער — אַז זיי זאָלען זיך רעכענען פאַר די גרעסטע יחסנים: דער שטאַרקסטער צווישען זיינע ברידער איז געווען יהודה, און פון איהם איז ארויסגעקומען דער הערשער, נאָר די בכורה געהערט צו יוסף׳ן. דאָס איז א פירוש אויף די פסוקים ג׳ און ד׳ פון בראשית, קאפּ. מ״ט, וואו ער הויבט דאָרטען אָן מיט די ווערטער „ראובן, דו ביסט מיין ערסט־געבאָרענער...״ דאָרטען ווערט ניט געזאָגט: ווער מען יעקב האָט איבערגעגעבען די בכורה? ווער איז ערקלערט געוואָרען פאר דעם בכור און אין וואָסער פרט ווערט יענער גערעכענט פאר א בכור? דער ספר דברי הימים טייטשט עס אוים אַזוי, אַז די בכורה איז איבערגעגעבען געוואָרען יוספ׳ן. ער נעהמט זיך דאָס דערפון, ווייל בעת יעקב האָט יוספ׳ן געבענטשט פאר׳ן טויט, האָט ער איהם געזאָגט „אפרים און מנשה וועלען ביי מיר זיין פאררעכענט, אזוי ווי ראובן און שמעון״. דעריבער דריקט ער זיך אוים אזוי, אַז די בכורה איז איבערגע־געבען געוואָרען צו י ו ס פ ׳ ס ז י ה ן. אָבער ניט אין דעם פרט איז זיי איבערגעגעבען געוואָרען די בכורה, אז זיי זאָלען זיין די גרעסטע יחסנים און זיי זאָלען שפּילען די העכסטע ראָלע צווישען זייערע ברידער, ווארום יהודה

איז איבער זיינע ברידער דער הערשער. די בכורה איז איבערגעגעבען געוואָרען יוסף'ן אין ד ע ם פּרט, אַז פון איהם זאָלען ארויסקומען צוויי בעזונדערע שבטים.

### זייט 138, צייכען (ה).

דיזעלביגע טענדענץ זיינע ווייזט זיך ארויס אויך אין דעם, וואָס ער רופט אָן דעם בית המקדש „אָפּפער־הויז" (בית זבח). דאָס איז אויך געוועזען צוגע־פּאַסט צו די בעגריפען פון זיין צייט. ז. אנמערקונג (ג) צו קאפּיטעל 3.

### זייט 138, צייכען (ו).

ריידענדיג וועגען דעם, צו וויפיעל יאָהר די לוים ווערען צוגענומען צום דינסט, גיט אונז דער ספר דברי הימים אן ערקלערונג פון זיין זייט. נאָך דער תורה דאַרפען די לוים זיין יעדענפאַלס ניט איונגער פון פינף און צוואַנציג יאָהר, בעת זיי ווערען צוגענומען צום דינסט. ווארום אין איין אָרט (במדבר, קאפּ. ח', פסוק כ"ד) שטעהט, אז זיי דאַרפען דינען, זינט זיי זיינען אלט גע־וואָרען פינף און צוואַנציג יאָהר ביז פופציג יאָהר; אין אַן אַנדער אָרט (במדבר, קאפּ. ד', פסוק ג') שטעהט, אַז זיי דאַרפען דינען פון דרייסיג ביז פופציג יאָהר, און אזוי האָט זיך טאַקי געפיהרט ביז דוד'ס צייט (דברי הימים א', קאפּ. כ"ג, פסוק ג'). אָבער אין די לעצטע יאָהרען פון דוד'ס רעגירונג איז געוואָרען אנ־דערש. דער ספר דברי הימים דערצעהלט, אַז די לוים פלעגען אָנהויבען צו דינען צו צוואַנציג יאָהר, און ער ערקלערט אונז אויך דעם מאָטיוו. דוד האָט אַזוי געזאָגט: גאָט האָט שוין זיין פאָלק ישראל געהאָלפען, זיי זאָלען זיצען רוהיג אויף איין אָרט. זיין היילינטום בלייבט שוין אין ירושלים אויף שטענ־דיג, און די לוים וועט ניט אויסקומען מעהר צו טראָגען דעם משכן (דברי הימים א', קאפּ. כ"ג, פסוקים כ"ד—כ"ז). דאָ זעהען מיר דעם מאָטיוו, פאַר וואָס דוד האָט געענדערט דאָס געזעץ פון דער תורה. ז. וועגען דעם דעם רמ"בנ'ס איינווענדונגען אויף דעם רמ"בם'ס ספר המצוות, שורש ג'.

### זייט 138, צייכען (ז).

ז. צונץ, ז. 31; הערצפעלד: „געשיכטע דעם פאלקעס איזראעל", עקסקורס 2; און די איינלייטונגען צו די היילינע שריפטען.

### זייט 139, צייכען (ח).

ווי עס איז קלאָר בעוויזען געוואָרען, איז דער ספר עזרא אין זיין פאָר־ענדיגטער פאָרם, ווי מיר האָבען איהם איצטער, צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען שפּע־טער, עטליכע דורות נאָך עזרא'ן. עס איז אָבער אויך קלאָר, אַז אין דעם ספר געפינען זיך געוויסע טיילען, וואָס עזרא אליין האָט זיי אָנגעשריבען און דער צוזאַמענשטעלער פון דעם ווערק האָט זיי אהינצו אריבערגעטראָגען וואָרט אין וואָרט, ניט ענדערנדיג די פאָרם פון דער שפּראַך. צו דידאָזיגע טיילען געהע־רען די קאפּיטלען ח' און ט', וואו עזרא רעדט וועגען זיך אליין, אין דער ערס־טער פערזאָן. דיזעלביגע מעשה איז געשעהען מיט דעם ספר נחמיה. ער איז אויך צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען שפּעטער, אָבער די מעהרסטע טיילען פון איהם האָט נחמיה אליין געשריבען, און איינער פון דידאָזיגע טיילען איז דער בונ־

דעס־פּערטראַג. ווער עס אינטערעסירט זיך מעהר מיט דער פראַגע, זאָל נאָכ־זעהען צונץ „גאָטעסדיענסטליכע פאָרטרעגע", קאַפּ. 2 און הערצפעלד: „געשיכטע דעם פאלקעס איזראעל", ערסטער טייל, פון זייט 306 און ווייטער.

## זייט 139, צייכען (ט).

ז. וועגען דעם: קידושין ס"ח. רמב"ם „יד החזקה", אפּטיילונג „הלכות איסורי ביאה", פּרק י"ב, הלכה א'. טור אבן העזר, סימן מ"ד. ר' צבי הירש חיות אין זיין „מבוא התלמוד" קומט צום שלוס, אַז דאָס האָט נאָר עזרא איינ־געפיהרט, ווי א גזירה, אז מען זאָל זיך אויך מיט די איבעריגע פעלקער ניט טאָרען מתחתן זיין. ער איז אבער ניט גערעכט אין דעם פּרט.

## זייט 141, צייכען (י).

עס איז ביי אלעמען אָנגענומען און בעוואוסט, אז דאָס, וואָס מען טאָר ניט האַנדלען אום שבת, איז נאָר אַ גזירה פון די רבנים, און דער גרונד איז, ווייל דאָס קאָן ברענגען צום שרייבען אום שבת. אַזוי ערקלערען בפירוש די פּוסקים. אין ביצה כ"ז ווערט געבראכט א מאמר, וואָס ר' יהודה האָט געזאָגט אין שמואל'ס נאָמען: ווען מען בעשטעלט אום יום טוב ביי א קצב פלייש פון א בהמה, וואָס ער קלייבט זיך צו שעכטען אום יום טוב, טאָר מען לכתחלה ניט אָפּמאַכען קיין פּרייז אין געלט (מען מעג דעם פּרייז אינדירעקט אָפּמאַכען פאַרשטעלטערהייט). אויף דעם ערקלערט רש"י: ווייל האַנדלען אום שבת אדער אום יום טוב טאָר מען ניט, ווי עס איז פארזאָגט געוואָרען אין עזרא (דאָ ווערט געמיינט דער ספר נחמיה). אין ביצה ל"ז ווערט ציטירט פון דער משנה דער מאמר, אז מען טאָר ניט בעשטימען א בהמה פאר א קרבן אָדער צוזאָגען עפּעס אויפ'ן בית המקדש אום יום טוב, און די גמרא ערקלערט, אַז דאָס איז א גזירה, כדי מען זאָל ניט קומען צו האַנדלען אום יום טוב. אויף דעם גיט ר"שי א צווייענדיגע ערקלע־רונג: ערסטענס, דאָס איז ע ה נ ל י ך צו מסחר, ווייל דאָ געהט דאָך איבער אַ זאַך פון זיין אייגענעם רשות אין רשות פון דעם טעמפּעל, און האַנדלען טאָר מען ניט, ווי עס איז פאַרזאָגט געוואָרען אין תנ"ך (ישעיה, קאַפּ. נ"ח) „ניט טאָן קיין געשעפטען"; אָדער מען קאָן זאָגען, אַז האַנדלען טאָר מען ניט, כדי עס זאָל ניט קומען צו אָפּשרייבען זיך. אַי, קאָן מען פרעגען: אויב אַזוי, איז דאָך דאָס א גזירה צוליעב א גזירה? ניין, דאָס איז ניט קיין נייע גזירה, נאָר דאָס איז א טייל פון דער ערסטער גזירה. צווישען די צוויי ערקלערונגען ר"שי'ס איז פאַראַן אַ געוויסער ווידערשפּרוך, אויף וואָס דער רי"ף האָט שוין אויפ־מערקזאם געמאַכט. ווי דאָס איז, ביי ר"שי'ן איז דאָס גאָר ניט געווען קיין אָפּגעפרעסטע זאַך, אַז דער איסור צו האַנדלען איז נאָר א גזירה פון די רבנים: נאָך זיין ערסטער ערקלערונג, איז דאָס א קבלה פון די נביאים. ער האָט זיך דאָ געמוזט בערופען אויף ישעיה'ן, כדי צו געבען צו פאַרשטעהן, אַז נאָך פ אַ ר עזרא'ן האָט דער איסור עקזיסטירט, ווי מיר האָבען דאָס אין טעקסט פון אונ־זער ווערק אויפגעוויזען פון תנ"ך. דאָס, וואָס אין דעם פריהערדיגען אָרט (ביצה כ"ז) בערופט זיך ר"שי אויף עזרא'ן, איז מחמת דעם, ווייל ער האָט געוואָלט אויפווייזען, אַז מען טאָר ניט האַנדלען ניט נאָר אום שבת, נאָר אויך אום יום טוב, און אין ישעיה, קאַפּ. נ"ח, ווערט ניט דערמאָהנט וועגען יום טוב.

דערפאר אָבער אין נחמיה, קאפּ. י׳, ווערט אויסגעטייטשט בפירוש „מיר וועלען ניט קויפען אום שבת און אין קיין הייליגען טאָג“. קורץ, זיי האָבען דאמאָלסט געהאַלטען, אַז דער איסור צו האַנדלען אום שבת און יום טוב איז ניט קיין גזירה פון די רבנים, נאָר דאָס געהערט צו די זאַכען, וועלכע די תורה גופא האָט פארווערט. פאר מיר איז קלאָר, אַז די פארציטיגע האָבען שטענדיג אזוי געהאַלטען, ווי מען זעהט עס דייטליך פון תנ״ך. און פון תלמוד קאָן מען אויך ניט ברענגען קיין בפירוש׳ע ראיה אויף פארקעהרט.

## קאפּיטעל 7.

### זייט 155, צייכען (א).

ז. מיין ווערק „משפט לשון המשנה“, ווין תרכ״ז. דאָרטען האָב איך די אייגענשאַפטען פון דער משנה־שפּראַך אויספיהרליך בעהאַנדעלט. איך האָב דאָרטען אָנגערופען אלע פאָרשער פון היינטיגער צייט און פון פריהער, וואָס האָבען אָנגעשריבען זייערע אויספאָרשונגען וועגען דער גראַמאַטיק פון דערדאָזיגער שפּראַך. ווער עס אינטערעסירט זיך מעהר מיט דער פראַגע, אויף ווי וויים די אַלטע העברעאישע שפּראַך איז ארונטער פון איהר אַמאָליגען צושטאַנד און עס איז פארדאָרבען געוואָרען איהר שענקייט אין גלות, יענער זאָל נאָכזעהען די איינלייטונגען צו די הייליגע שריפטען, בעזונדערס: געזעניוס „געשיכטע דער העברעאישען שפּראַכע און שריפט“; די וויטי „לעהרבוך דער היסטאָריש־קריטישען איינלייטונג אין די קאנאנישען אונד אפּאקריפישען ביכער דעם אַל־טען טעסטאַמענטס“, ז. 67; הארטמאנ׳ס איינלייטונג צום ספר קהלת און האַ־ווערניק׳ס איינלייטונג צו זיין קאמענטאר אויפ׳ן ספר דניאל.

### זייט 162, צייכען (ב).

מיר האָבען שוין פריהער (אנמערקונג „ב“ צו קאַפּיטעל 4) אָנגעוויזען, אַז אין היבש עטליכע פּסאַלמען, וואָס פלעגען געזונגען ווערען אין בית המקדש, האָבען זיי צוגעגעבען שפּעטער געוויסע פּסוקים, וואָס האָבען געפּאַסט פאר זייער צייט. עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבען צוליעב דעמזעלביגען מאָטיוו אויך גע־וויסע טיילען געענדערט אָדער ארויסגעוואָרפען. דער פּסאַלם „תהלה לדוד“ (תהלים קאפּ. קמ״ה) איז, נאָך מיין מיינונג, איינער פון די, וועלכע עס איז נאָך ביי זיי אין גאַנץ אַלטע צייטען געווען אנגענומען צו זאָגען אין דאַווגען. דע־ריבער גיבען איהם אָפּ די בעלי התלמוד אזא וויכטיגען פּלאַץ, ווי יעטוועדער אַלטער תפלה. אָט אין דעם פּסאַלם געהען די פּסוקים כסדר נאָכ׳ן אלף־בית. עס פעהלט אבער א פּסוק, וואָס זאָל זיך אָנהויבען מיט׳ן אות „נ“. אין תלמוד ווערט עס ערקלערט אויף אַזאַ אופן: דער „נ“ איז אויסגעלאָזען געוואָרען, ווייל מיט איהם הויבט זיך אָן אין אן אנדער אָרט (עמוס, קאפּ. ה׳) א פּסוק, וואו עס רעדט זיך וועגען דער אידישער מפּלה (פּסוק ב׳). די ערקלערונג איז אָבער ניט מעהר ווי אן אגדה׳איסטישער דרש. דער ווירקליכער גרונד איז אן אנדערער: דער פּסוק, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט׳ן אות „נ“, האָט מסתמא, נאָך זיין אינהאַלט נאָך, ניט געפּאַסט פאר זייער צוועק, אויף צו זאָגען אין דאַוונען; דעריבער האָבען זיי איהם ארויסגעוואָרפען. אין דעם פּסאַלם „לדוד

בשנותו את טעמו" (תהלים קאפ. ל"ד), וואו די פסוקים געהען אויך נאָכ'ן אלף־בית, זעהט מען בעשיינפערליך, אז דער פסוק, „פני ה' בעושי רע..." (גאָט איז אין כעס אויף די, וואָס טוען שלעכטס...) קלעפּט זיך ניט צו דעם וויטער־דיגען פסוק „צעקו וה' שמע..." (זיי האָבען געשריען, און גאָט האָט זיך צו־געהערט...) אויף וועמען געהט עס, וואָס ער זאָגט דאָרטען, אַז זיי האָבען גע־שריען? ווער זיינען געוועזען די שרייער? עס ווייזט אויס, אַז אנשטאט דעם פסוק „פני ה' בעושי רע...", וואָס הויבט זיך אָן מיט א „פ", האָט דאָ געדארפט שטעהן דער לעצטער פסוק פון דעמזעלביגען פסאלם „פודה ה' נפש עבדיו..." (גאָט לייזט אויס די נשמה פון זיינע קנעכט...), וואָס הויבט זיך אויך אָן מיט א „פ". דאַן שטימט שוין גוט דער וויטערדיגער פסוק „צעקו וה' שמע...", דאָס געהט אויף די, וואָס ווערען אָנגערופען גאָטס קנעכט, וואָס פאַרלאָזען זיך אויף איהם... דער לעצטער פסוק פון דעם פסאַלם, וואָס הויבט זיך אָן מיט א „ת", איז: „תמותת רשע רעה" (די שלעכטסקייט וועט טויטען דעם רשע...). אזוי ווי זיי האָבען אָבער ניט געוואָלט ענדיגען די תפלה מיט א שלעכט וואָרט, האָבען זיי ארויסגענומען פון מיטען דעם פסוק „פודה ה' נפש עבדיו..." און האָבען איהם אוועקגעשטעלט, ווי א צוגאָב, צום סוף. אויף זיין אָרט, כדי עס זאָל אין מיטען ניט פעהלען דער „פ", האָבען זיי ארייגעשטעלט א נייעם פסוק „פני ה' בעושי רע...", כאָטש ער האָט ניט קיין שום צוזאַמענהאַנג מיט דעם וויטערדיגען. ווי איך האָב געהערט, האָט שוין ר' ש. ל. ראפּאָפּאָרט אויף דעם אויפמערקזאם געמאכט. מען קאָן געפינען נאָך אנדערע פאַלען, עהנליך צו דעם. עס וועט ניט זיין קיין וויטלויפיגע השערה, ווען מיר וועלען זאָגען, אַז דאָס איז אויך די סופרים'ס ארבעט, ווארום זיי זיינען געוועזען די, וואָס האָבען די עלטערע תפלות מתקן געוועזען און זיי האָבען אויך געמאַכט אנדערע אויסבעסערונגען אין די הייליגע שריפטען. אָט דעם ענין רעדט ארום ברייט ר' א. גייגער אין זיין ווערק „אורשריפט דער ביבעל"; ער האָט אָבער איבערגע־כאַפּט די מאָס. ווער עס אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט דער פראַגע און וויל זיך אין דעם ענין פארטיפען, יענער זאָל נאָכזעהען זיין ווערק. פאר אונזער צוועק איז גענוג דאָס, וואָס מיר האָבען דאָ אָנגעוויזען.

## זייט 164, צייכען (ג).

אין פירוש רש"י אויף נדרים ל"ז ווערט ניט ערקלערט ביי „מקרא סופרים", וואָס עס בעדייט דאָ ספּעציעל דאָס וואָרט „סופרים". עס ווייזט אויס, אז, נאָך זיין מיינונג, ווערען דאָ אָנגערופען „סופרים" אין אַלגעמיין די, וועלכע לערנען, ווי אזוי צו לייענען ריכטיג, און „מקרא סופרים" ווערט אנגערופען ז י י ע ר מעטאָד פון לייענען, ד. ה. אייגענטליך דער געוועהנליכער, אנגענו־מענער מעטאָד. ביי „עטור סופרים" ערקלערט ער אויך ניט, וואָס ווערט גע־מיינט ספּעציעל מיט דעם וואָרט „סופרים". אפשר האָט ער עס דאָ פאַרשטאַנען אזוי, ווי דאָס ווערט ביי אונז דערמאָהנט אין הויפּט־טעקסט, דהיינו: אז דאָס געהט אויף סתם שרייבער, ניט אויף די בעוואוסטע געלערנטע פון דער ערסטער עפּאָ־כע, וועלכע ווערען אָנגערופען סופרים. דער רא"ש אין זיין פירוש זאַגט אונז אויך גאָרנישט ספּעציעל וועגען דער בעדייטונג פון דעם וואָרט „סופרים"; דאָס ווערט ניט ערקלערט אויך אין תוספות. אָבער, ווי מיר האָבען שוין אויפ־

געוויזען אין הויפט־טעקסט, קאָן גאָר ניט זיין קיין שום צווייפעל, אַז דאָס געהט אויף די בעוואוסטע סופרים פון דער ערסטער עפּאָכע. אזוי האָט עס פארשטאַנען דער ר״ן, ווי ער זאָגט אין זיין פירוש אויף „מקרא סופרים“, און אזוי טײַטשט עס אויך דער „ערוך“ אין זיין ערקלערונג אויף „עיטור סופרים“. ווער עס טראַכט זיך אריין גוט אין ר׳ יצחק׳ס רייד אין דער גמרא, יענער וועט זיך לייכט איבערצייגען, אז די טערמינס „מקרא סופרים“ און „עטור סופרים“ האָט ר׳ יצחק אליין ניט אויסגעטראַכט. די טערמינס זיינען פון לאַנג אָן געװען בעקאנט, און ר׳ יצחק גיט נאָר אויף זיי אַן ערקלערונג. אַזוי ווי זיי האָבען ניט געקאָנט ביי זיך פועל׳ען צו זאָגען, אז די שריפטען זיינען ווען עס איז געװען פארגרייזט, האָבען זיי אויף א לעגענדארישען וועג געזוכט צו ערקלערען אויף פארשיידענע אופנים די בעדייטונג פון דידאָזיגע אַלטע טער־מינס. אָט דעריבער האָבען זיי ערקלערט, אז דאָס איז אלצדינג א הלכה למשה מסיני. אונז, פאר דעם צוועק פון אונזערע אויספאָרשונגען, קענען אזעלכע ערקלערונגען ניט נוצען: זיי העלפען אונז ניט ארויסקריכען פון פלאָנטער צוליעב די ווידערשפּרוכען, וועלכע זיי ענטהאַלטען אין זיך. דאָס איז איבער־הויפּט ניט ד ע ר באַזיס, אויף וועלכען דער פאָרשער פון אלטערטום קאָן זיך שטיצען.

## זייט 168, צייכען (ד).

צוליעב ד ע ם מאָטיוו האָבען זיי געהייסען לייענען: אין ישעיה, קאפּ. י״ג, פסוק ט״ז, „תשכבנה“ אנשטאט „תשגלנה“; אין מלכים ב׳, קאפּ. י״ח, פסוק כ״ז, „צואתם“ אנשטאט „חוריהם“ און „מימי רגליהם“ אנשטאט „שיניהם“; אין מלכים ב׳, קאפּ. י׳, פסוק כ״ז „למוצאות“ אנשטאט „למחראות“ (ז. מגילה כ״ה און מסכתא סופרים, פרק ט׳).

## זייט 168, צייכען (ה).

אומעטום, וואו דאָס צייטוואָרט „ראה“ ווערט געבראכט אין דער פאסיווער פאָרם (בנין נפעל), פאָדערט עס דעם דאטיוו, ד.ה. אָדער נאָך איהם קומט דאס פערהעלטניס־וואָרט „אל“, „על“, אָדער דאָס ווייטערדיגע וואָרט הויבט זיך אָן מיט׳ן פּרעפיקס „ל“. ווען מיר בעגעגענען אָבער דאָס צייטוואָרט „ראה“ אין צוזאַמענהאנג מיט׳ן פערהעלטניס־וואָרט „את“, צ.ב. „ראה את ה׳„ אדער „ראה את אלהים“, דארפען מיר פאַרשטעהן, אַז דאָ איז לכתחלה געװען די אקטיווע פאָרם (בנין קל), נאָר פון גאָטס כבוד וועגען האָבען זיי דאָס איבערגעמאַכט אין א פאסיוו. אין תהלים, קאפּ. מ״ב, פסוק ג׳, בעגעגענען מיר דעם זאַץ „מתי אבוא ואראה פני אלהים“, און דאָס ווערט געטייטשט „ווען וועל איך קומען און וועל ג ע ז ע ה ע ן ו ו ע ר ע ן (פאַר) גאָטס געזיכט“. דאָ האָבען אויך די סופרים די אקטיווע פאָרם פון דעם וואָרט „ואראה“ (איך וועל זעהען) אי־בערגעמאַכט אין א פאסיווער (איך וועל געזעהען ווערען). אין תהלים, קאפּ. פ״ד, פסוק ח׳, בעגעגענען מיר „יראה א ל אלהים“, און דאָס בעדייט „(ער) ערשיינט פאר גאָט“. דאָ איז שוין דאָס וואָרט „יראה“ לכתחלה געשטעלט געװאָ־רען אין דער פאסיווער פאָרם, ווארום עס ווערט געברויכט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פערהעלטניסוואָרט „אל“. קענטיג, אָט דער פּסאַלם איז שפּעטער פער־פאַסט געוואָרען, און דער שרייבער האָט זיך שוין אין דעם פרט געהיט.

זייט 169, צייכען (ו).

די מפרשים פון תנ"ך האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט דער פראגע: פונוואַנען נעהמט זיך דער אונטערשייד צווישען דעם „קרי" און דעם „כתיב"? דאָס, וואָס דער רד"ק און דון יצחק אברבנאל האָבען וועגען דעם ענין געשריבען, שטימט מיט אונזער מיינונג. דער שרייבער פון דער הקדמה צו דער גרויסער אויפלאַגע פון תנ"ך „מקראות גדולות", געדרוקט אין ווענעציא, מאַכט געגען אזעלכע מיינונגען גוואלדען. אָבער אין אלע זיינע טענות זעהען מיר ניט קיין שום בעוויז און קיין שום לאָגיק; גלאַט געגוואלדעוועט. ז. אויך „מעשה אפוד", וויגער אויפלאַגע, קאפּ. ז'.

## קאפּיטעל 8.

זייט 172, צייכען (א).

אין ירושלמי: ברכות, פּרק א', הלכה ז', ציטירט ער די רייד פון בית הלל און רופט זיי אָן „דברי סופרים". אין תלמוד בבלי: ראש השנה י"ט און תענית י"ז, רופען זיין אָן „דברי סופרים" די תקנות, נאָך וועלכע מען טאָר ניט פאַסטען אין בעשטימטע טעג, וואָס זיינען אויסגערעכענט אין מגילת תענית. אין משנה ב' פון ידים, פּרק ג', רופען זיי אָן „דברי סופרים" די גזירה, נאָך וועלכער די הייליגע שריפטען מאכען אומריין די הענט, כאָטש דאָס איז פון די בעוואוסטע אכצעהן גזירות, וואָס זיי האָבען איינגעפיהרט ניט לאַנג פאר'ן חורבן. ז. דאָרטען די מפרשים אויף דער משנה. אין נדה ס"ט רופען זיי אָן „דברי סופרים" די גזירה, וואָס זיי האָבען אָנגענומען אנטקעגען די געצענדינער, אז מען זאָל זיי האַלטען פאר אומריין, פּונקט ווי א „זב" (א פּליסזיכטיגער. דאָס איז אזוינער, ביי וועמען עס רינט פון געשלעכטס־אָרגאַן א קראנקהאַפטע פּלי־סיגקייט). דאָס שטאַמט גאָר דער עיקר פון הלל'ן. ווארום אָט די גזירה איז אידענטיש מיט דער גזירה, וואָס ווערט דערמאָהנט אין שבת פּ"ג: מען האָט גוזר געווען, אז מען זאָל זיך פון די געצענדינער אין יעדער פּרט היטען, פּונקט ווי פון פּליסזיכטיגע, כדי זיי זאָלען ניט קענען צוגעוועהנען אידישע קינדער צום אוננאַטירליכען געשלעכטליכען פּערקעהר (ז. נדה ל"ד און פּירוש רש"י אויף דעם). דאָס איז אלזא דיזעלביגע גזירה, וואָס זיי האָבען איינגעפיהרט — טאַקי צוליעב דעמזעלביגען גרונד, — אַז אפילו א קינד פון א געצענדינער זאָל געהאַלטען ווערען פאר אומריין פּונקט ווי א פּליסזיכטיגער, וואָס דאָס איז, נאָך דער מיינונג פון דער גמרא (שבת י"ז), איינע פון די אַכצעהן גזירות. אין ספרא, שמיני, פּרשה ח', ווערט געבראַכט ר' יוסי'ס א מיינונג, אז דאָס, וואָס אומריינע פּליסיגקייטען מאַכען אומריין די כלים, איז ניט קיין געזעץ פון דער תורה, נאָר דאָס איז פון די „דברי סופרים". רבי האָט אויך אויפגעוויזען, אז ר' יוסי איז גערעכט, און ר' אליעזר זאָגט, אַז ביי פּליסיגקייטען איז איבערהויפּט ניט שייך קיין אומריינקייט. ער ברענגט א ראיה פון יוסי בן יועזר, וועלכער האָט עדות געזאָגט, אַז די פּליסיגקייטען פון שלאכט־הויז זיינען ריין. ווי דאָס איז, ווען ר' יוסי זאָגט דאָרטען, אַז דאָס, וואָס אומריינע פּליסיגקייטען מאַכען אומריין די כלים, איז נאָר א גזירה פון די „סופרים", האָט ער דאָ געווים ניט געהאַט אין זינען די פּאַרציייטיגע סופרים,

ווארום מיר זעהען דאָך, אַז אין דער צייט פון יוסי בן יועזר האָט נאָך די גזירה ניט עקזיסטירט. מען קאָן אָנווייזען נאָך פיעלע עהנליכע פאַלען.

### זייט 172, צייכען (ב).

אין דעם זאמעלבוך „ביכורים" פון יאָהר תרכ"ד, ארויסגעגעבען פון ר' נפתלי קעלער, געפינט זיך מיינער אַן ארטיקעל אונטער'ן נאָמען „עיון תפלה", וואו איך רייד וועגען דער עלטערער אָפּשטאַמונג פון די אכצעהן ברכות. מיינע אַרגומענטען אין דעם דערמאָהנטען ארטיקעל זיינען געצילט געגען דעם פער־פאַסער פון דער „הגיון לב", וועלכער וויל האָבען, אַז די מעהרסטע תפלות זיינען געגרינדעט געוואָרען אין דער צייט פון די חשמונאים און א טייל פון זיי ערסט נאָכ'ן חורבן. אָט אנטקעגען דעם האָב איך געזאָגט, אַז די ראיות, אויף וועלכע ער שטיצט זיך, זיינען זעהר שוואַכע, און אויב מען זאָל בויען אויף אַזעלכע ראיות, קאָן מען שוין אַננעהמען פאר ריכטיג די קבלה פון די בעלי התלמוד, נאָך וועלכער אַלע תפלות זיינען געמאכט געוואָרען פון די אנשי כנסת הגדולה. אַי, וואָס צווישען די תפלות געפינען זיך אַזוינע, וואָס פון זייער אינהאַלט איז קענטיג, אַז זיי זיינען פערפאַסט געוואָרען אין א צייט, ווען דער בית המקדש איז געווען חרב און די אידען זיינען געווען אין א שלעכטער לאַגע? קאָן מען זאָגען, אַז יענע תפלות זיינען פערפאסט געווארען נאָך פריד־ער, אין דער צייט פון גלות בבל. איך בין דאָ נאָר אויסען געווען צו ערקלערען, אויף וואָס פאַר א גרונד די בעלי התלמוד האָבען געקאָנט זאָגען, אַז די תפלות זיינען אזוי אַלט. אָבער איך בין גאָר ניט אויסען געווען און איך האָב גאָר ניט געהאט בדעה ארויסצוזאָגען דאָס, ווי א פּאָזיטיווע מיינונג פון מיין זייט. אַזוי ווי איך האָב זיך אָבער אין איניגע ערטער פון יענעם ארטיקעל ניט גענוג פּינקטליך אויסגעדריקט, האָב איך דעם לעזער געגעבען א גרונד צו רעכע־נען, אַז איך האָב דאָרטען אנגעשריבען מיין פּערזענליכע מיינונג. צוליעב דעם זיינען פיעלע, מיט וועמעס מיינונג מען דאַרף זיך רעכענען, ארויסגע־טראָטען מיט שאַרפע טענות געגען מיר. דעריבער האָב איך דאָ געפונען פאר נויטיג צו מאַכען אויפמערקזאַם אויף דעם מיספערשטענדניס און ערקלערען מיין ווירקליכען מיין.

### זייט 173, צייכען (ג).

ז. אנמערקונג (ב) צו קאפּ. 4 און אויך אנמערקונג (ב) צו קאפּ. 7.

### זייט 174, צייכען (ד).

ז. ברכות י"א, יומא ס"ח און פירוש רש"י אין ביידע ערטער. דער מחבר פון „הגיון לב" שרייבט, אַז אויך די צווייטע ברכה פון שמונה עשרה, "אתה גבור", איז ניט געבליבען אין איהר אורשפּרינגליכער געשטאַלט, נאָר עס זיינען צוגעגעבען געוואָרען היבש עטליכע ווערטער, וואו עס ווערט צום צווייטען און צום דריטען מאָל דערמאָהנט וועגען תחיית המתים. דאָס איז אַלץ כדי ארויס־צושלאָגען פון קאָפּ ביי די צדוקים, וואָס זיי האָבען געלייקענט אין תחיית המתים. און דידאָזיגע סעקטע, וואָס האָט ניט געגלויבט אין תחיית המתים, איז ענטשטאַנען ערסט שפּעטער, אין דער צייט פון אַנטיגנוס איש סוכו. אַזוי זאָגט דער „הגיון לב". מיר איז ניט געפעלען די מעשה, וואָס מען זוכט אַלץ

אין איטליכען ווארט פון די פארציימיגע געלערנטע א בעזונדער כונה, אז זיי זיינען רק אויסען געווען צו בעווייזען זייער געגנערשאפט אנטקעגען אנדערס דענקענדע. אמת, נאך די שריפטליכע און מינדליכע ווערק פון די געלערנטע אין פארשיידענע דורות קענען מיר אורטיילען וועגען דעם, וואס פאר א אידעען עס האבען געהערשט אין דער צייט, ווען דידאזיגע ווערק זיינען מינדליך אדער שריפטליך פערפאסט געווארען. ווען מיר זעהען, אז אין דער צווייטער ברכה פון שמונה עשרה, „אתה גבור", רעדט זיך פון אנהויב ביז'ן סוף וועגען תחיית המתים, קענען מיר דערפון שליסען, אז אין דער צייט, ווען די ברכה איז פער־פאסט געווארען, האבען די פאלקספיהרער געשטרעבט איינצופלאנצען ביים פאלק דעם גלויבען אין תחיית המתים. אבער קיין זאך צווינגט אונז ניט צו זאגען, אז דעריבער בעטאנען זיי מיט אזא אויסדריקליכקייט עטליכע מאל נאכאנאנד דעם ענין פון תחיית המתים, ווייל עס האט שוין דאן עקזיסטירט א בעזונדער סעקטע, וואס האט געלייקענט דעריין. אט האבען מיר דאך פאר אונז א ביי־שפיל — די ערסטע ברכה פון שמונה עשרה, וואו עס ווערט ניט איין מאל בעטאנט, אז מיר געניסען דעם זכות פון די אבות. און דאס איז געוויס ניט געמיינט געווארען אנטקעגען א וועלכער עס איז סעקטע, וואס האט אין דעם פרינציפ פון זכות אבות געלייקענט. זיי זיינען נאר אויסען געווען צו פאר־שטארקען ביים פאלק דעם בטחון אין גאט, אז ער וועט זיי העלפען צוליעב דעם זכות פון די אבות. פונקט אזוי האבען זיי מיט דער צווייטער ברכה געוואלט פארשטארקען ביים פאלק דעם גלויבען אין דעם לוין, וואס שטעהט פאר אין דער צוקונפט.

### זייט 176, צייכען (ה).

צווישען די תקנות, וואס עזרא האט איינגעפיהרט, רעכענען זיי אויך אין בבא קמא פ"ב די פאלגענדע: אז דער, וואס האט געהאט א נאכט־צופאל, זאל זיך מוזען טובל זיין, איידער ער זעצט זיך לערנען. אין ירושלמי: שבת, פרק ב', זאגען זיי, אז אט די תקנה האט גאר דער בית דין פון שמאי און הלל איינ־געפיהרט. וועגען דער תקנה פון הבדלה זיינען אויך דא אזעלכע צווייפעלס. ז. „הגיון לב", זייט 406.

### זייט 179, צייכען (ו).

וועגען דעם, וועלכע געצייג מען מעג ריהרען פון ארט אום שבת, האבען זיי געזאגט (תוספתא: שבת. פרק ט"ו), אז נאך דער ערסטער גזירה, וואס איז אמאל געוועזען אין קראפט, האט מען קיינע געצייג ניט געטארט ריהרען, אחוץ נאר די דריי: א מעסער אויף צו שניידען געפרעסטע פייגען, א לעפעל אויף אראפצונעהמען דעם שוים פון א טאפ און א קליינעם טיש־מעסער. אט די ערס־טע גזירה, זאגען זיי (שבת קכ"ג), שטאמט פון נחמיה בן חכליה. זיי האבען זיך דא געוויס געשטיצט אויף דערויף, וואס זיי האבען אויסגעפונען אין קאפ. י"ג פון דעם ספר נחמיה, אז ער פארזאגט זעהר שטרענג, מען זאל אפהיטען די הייליגקייט פון שבת אויפ'ן האר. אויף דעם סמך האבען זיי אנגענומען, אז דאס האט מסתמא ער איינגעפיהרט די גזירה. ווען מיר זאלען אבער די זאך א ביסעל נעהענטער בעטראכטען, וועלען מיר גלייך אויסגעפינען, אז דאס איז ניט ריכטיג. דער לעפעל אויף אראפצונעהמען דעם שוים ווערט ביי זיי אנגע־

רופען דאָרטען „זומאַליסטרון". דאָס איז א גריכיש וואָרט, און דאָס אליין בעווייזט שוין, אז דאָס איז א גזירה פון א שפּעטערער צייט. זי איז איינגע־פיהרט געוואָרען יעדענפאַלס ניט פאַר דעם, ווי זיי זיינען בעקאַנט געוואָרען מיט די גריכען. פריהער, איידער זיי זיינען געקומען אין בעריהרונג מיט די גריכען, האָבען זיי געוויס ניט געוואוסט גאָר פון אזא סאָרט לעפעל; ווארום ווען זיי וואָלטען יע געוואוסט, וואָלטען זיי דאָך געהאַט פאַר דעם א העברעאישען אָדער ארמ'ישען נאָמען. פאַר וואָס זשע רופען זיי דאָס אָן מיט א גריכישען נאָמען? א פּנים, אַז זיי האָבען די עצם זאַך איבערגענומען פון די גריכען און ממילא האָבען זיי שוין איבערגענומען אויך דעם גריכישען נאָמען. אויב אזוי, מוזען מיר זאָגען, אַז די גזירה האָט ניט געקאָנט עקזיסטירען, איידער די גרי־כען זיינען ארייגעדרונגען אין ארץ ישראל.

## זייט 185, צייכען (ז).

דער מעטאָד פון ארויסדרינגען קאָנסעקווענצען האָט אין דער תורה גופא זיין וואָרצעל. די דרשנים פלעגען פון איין קאָנסעקווענץ ארויסדרינגען א צווייטע און אזוי ווייטער. צ.ב.: די תורה זאָגט, אז ווער עס עסט חמץ אום פּסח, יענער איז אויס איד. די קאָנסעקווענץ דערפון איז: עס זאָל קיין חמץ אין דיין הויז ניט געזעהען ווערען. אַן אנדער קאָנסעקווענץ דערפון איז: אין דעם ערסטען טאָג זאָלט איהר אויסראַמען דעם זויערטייג. די ביידע קאָנ־סעקווענצען זיינען אָנגעוויזען בפירוש אין דער תורה. א ווייטערדיגע קאָנ־סעקווענץ פון דעם אויסראַמען דעם חמץ איז דאָס, וואָס אין דער נאַכט אויף דעם פערצעהנטען טאָג אין ניסן דאַרף מען בודק חמץ זיין. א קאָנסעקווענץ דערפון איז: אין ערטער, וואוהין מען ברענגט קיינמאָל קיין חמץ ניט אריין, דאַרף מען ניט נאָכזעהען. א ווייטערדיגע קאָנסעקווענץ דערפון איז די בעשטימונג: ביז צום וויפיעלטען ראַנד פעסער אין א ווינקעלער מען דאַרף נאָכזעהען. איך האָב קיין בעווייז ניט אויף דעם, אַז בשעת די סופרים האָבען מיט דעם עולם געלערנט דעם פּסוק „אבער אין דעם ערסטען טאָג זאָלט איהר אויסראַמען..." האָבען זיי שוין גלייך די אלע קאָנסעקווענצען ארויסגעדרונגען. אָבער כמעט מיר קענען זיך די זאַך גאָר אנדערש ניט פאָרשטעלען, ווי אזוי: בשעת דער רבי האָט דעם תלמיד ערקלערט, אז מען מוז אויסראַמען דעם חמץ פון הויז, כדי ער זאָל זיך דאָרטען פּסח צייט ניט געפינען, האָט ער איהם גלייך געמאַכט אויפמערקזאם אויף דער וויכטיגקייט נאָכצוזעהען אין אלע ערטער, וואוהין מען פלעגט געוועהנליך ארייגברענגען חמץ, כדי ער זאָל דאָרטען ניט בלייבען איבער פּסח. אָט אזוי פלעגט עס ביי זיי געהן מיט דעם ארויסדרינגען פון איין זאַך א צווייטע: דער ערסטער וואָרצעל איז געווען דער טעקסט פון דער געשרי־בענער תורה, אָבער אין די ווייטערדיגע קאָנסעקווענצען איז שוין דער וואָרצעל ניט קענטיג געווען.

## זייט 187, צייכען (ח).

מיר דוכט, אַז אפילו אין תנ"ך בעגעגענען מיר דעם וואָרצעל „הלך" אין דעם זין פון „א שטייגער" אָדער „אַן אָרדענונג". צ. ב. „צופיה ה ל י כ ו ת ביתה" (משלי, קאפּ. ל"א), וואָס דאָס בעדייט „זי פּאַסט אויף אויף איהר „הויז־אָרדענונג". דאָס וואָרט ווערט געלעזען „הליכות", אָבער דער „כתיב" איז דאָ

„הילכות". אויף אַזאַן אופן איז דאָס די מעהרצאָהל פון דעם וואָרט „הלכה" אין דער צוזאַמענהאנגס־פאָרם (סמיכות).

## קאפיטעל 9.

### זייט 195, צייכען (א).

אָט זיינען די דריי משניות, וואו עס ווערט דערמאָהנט דער טערמין „הלכה למשה מסיני". די ערסטע (פאה, פרק ב׳, משנה ו׳): נחום דער שרייבער האָט געזאָגט: עס איז א הלכה למשה מסיני: ווען איינער האָט געזעיט צוויי־ערליי סאָרטען ווייץ אויף זיין פעלד, איז אויב ער דענקט זיי צו דרעשען אין איינעם, דאַרף ער איבערלאָזען אויף׳ן פעלד נאָר איין פאה; אויב ער דענקט זיי צו דרעשען בעזונדער, דאַרף ער איבערלאָזען צוויי בעזונדערע פאות. ר׳ גמליאל הזקן, וואָס ער איז געווען דער נשיא, האָט פריהער פון דער הלכה ניט געוואוסט. און אויב ער האָט דערפון ניט געוואוסט, ווי אַזוי זשע קאָן מען זאָגען, אז דאָס איז געווען אַן אלגעמיין אנערקענטע און בעוואוסטע הלכה? די צווייטע (עדיות, פרק ח׳, משנה ז׳): ר׳ יהושע האָט געזאָגט: איך האָב בקבלה פון ר׳ יוחנן בן זכאי, וואָס ער האָט עס איבערגענומען ווי א הלכה למשה מסיני, אז אליהו הנביא וועט ניט קומען פסקנ׳ען, וואָס איז אומריין און וואָס איז ריין. עס איז קלאָר, ער האָט מיט דעם ניט געמיינט צו זאָגען, אז משה האָט אַראָפּגעבראַכט פון בארג סיני, ווי אַ הלכה: וואָס אזוינס אליהו הנביא וועט ווען עס איז טאָן? אַזאַ זאַך לעגט זיך ניט אויף׳ן שכל. אין דער אמת׳ען האָט דאָ ר׳ יהושע נאָר איבערגע׳חזר׳ט נאָך א מאָל זיין מיינונג, וועלכע ער האָט שוין אין אַן אַנדער אָרט איינמאָל אַרויסגעזאָגט. דהיינו: ר׳ יהושע האָט אַרויסגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אז זינט די תורה איז די אידען געגעבען געוואָרען, ליגט עס אין זייער קאָמפּעטענץ צו ענטשיידען אלערליי ספקות מיט זייער אייגענעם פאַרשטאַנד, נאָכ׳ן בעשלוס פון דער מעהרהייט, און דער הימעל האָט זיך אין דערינען ניט צו מישען (בבא מציעא, נ"ט). אין דעמזעלביגען זין האָט ער דאָ אויך געזאָגט, אז דאָס איז גאָר ניט אליהו׳ס אויפגאַבע צו ערקלערען, וואָס איז אומריין און וואָס איז ריין: דאָס ליגט ניט אין דער קאָמפּעטענץ פון די נביאים, נאָר אין דער קאָמפּעטענץ פון די געלערנטע, און דער נביא קאָן דאָ מיט זיין מאַכט גאָרנישט ניט ענדערן, ווייל אַזוי איז פון סיני בעשטימט געוואָרען, ד. ה. עס איז איינגעשלאָסען אין דעם געזעץ פון דער תורה, אַז די געלערנטע זאָלען אלצדינג ענטשיידען. אָט אין דעם זין בענוצט ער דאָ דעם אויסדרוק „הלכה למשה מסיני". דער פאַל אליין איז גענוג אויף צו געבען אונז א ריכטיגע פאַרשטעלונג וועגען דעם, וואָס איינענטליך דערדאָזיגער אויסדרוק בעדייט. ז. דאָרטען דעם פירוש הרמב"ם. די דריטע (ידים, פרק ד׳, משנה ג׳): עס איז א הלכה למשה מסיני, אז אין די לענדער פון עמון און מואב איז מען מחויב צו געבען מעשר עני אין דעם יאָהר פון שמיטה. אַז דערדאָזיגער דין שטאַמט ניט פון סיני, דאָס איז קלאָר, ווי דער טאָג. דאָס איז גאָר ניט קיין געזעץ פון דער תורה, נאָר א תקנה, וואָס די געלערנטע האָבען אין א שפּעטערדיגער צייט אליין איינגעפיהרט. דער רא"ש האָט שוין אויף דעם אויפמערקזאַם געמאַכט אין זיין פירוש אויף דער ציטירטער

**משנה** און אויך אין „פסקי הרא״ש", אָפּטײלונג „**הלכות מקואות**", א׳. דאָס־זעלביגע זאָגט אויך דער ר״ש אין זײַן פּירוש. ז. אויך רמב״ם „**יד החזקה**", אָפּטײלונג „**הלכות מתנות עניים**", פּרק ו׳, הלכה ה׳, און פּירוש „**כסף משנה**" אויף דעם.

## זײַט 195, צייכען (ב).

אין ספרא: צו, פּרק י״א, װערען אויסגערעכענט דרײַ זאַכען, װאָס זײַנען א הלכה למשה מסיני: 1) אויף די חלות און קיכלאַך, װאָס װערען געבראַכט װי א צוגאָב צו א דאַנק־אָפּפער (קרבן תודה), דאַרף מען פאַרניצען א האַלבען לוג אייל; 2) אויף די חלות און קיכלאַך, װאָס װערען געבראַכט װי א צוגאָב צו א נזיר׳ס קרבן, דאַרף מען פאַרניצען א פערטעל לוג אייל; 3) צװישען דעם סוף פון איין מענסטרואַציע־װאָך און דעם אָנהויב פון א נייער מענסטרואַציע מוז זײַן א צװישענצייט פון װעניגסטענס עלף טעג (ד. ה. אויב ביי א פרוי האָבען זיך אין דעם משך פון די עלף טעג בעװיזען סימנים פון אומריינקייט, װערט זי בעטראַכט ניט װי א פרוי אין דער צייט פון מענסטרואַציע, נאָר װי איינע, װאָס ליידט פון פליסזיכטיגקייט, װאָס פאַר אזא זײַנען די דינים אנדערס). דיזעלביגע ברייתא װערט געבראַכט אויך אין דער גמרא (נדה ע״ב). אין בעצוג צו דעם צװייטען פּונקט איז בײַ אונז אין דער גמרא דער נוסח אנדערש, איידער אין ספרא. נאָך דעם געענדערטען נוסח פון דער גמרא, האַנדעלט זיך אין דעם צװייטען פּונקט ניט װעגען אייל, נאָר װעגען װיין, און דאָס מיינט, אז פאַר טרינקען װיין קומט דעם נזיר א שטראָף נאָר דאַן, אויב ער האָט אויסגעטרונקען ניט װעניגער, װי א פערטעל לוג. עס װייזט אבער אויס, אז די בעלי תוספות האָבען דאָ געהאַט פאַר זיך אין דער גמרא פּונקט אזא נוסח, װי אין ספרא. װאָרום װי עס װערט דאָרטען װייטער ערקלערט אין דער גמרא (נדה ע״ג), האָט ר׳ עקיבא די ערסטע און די דריטע זאַך אָפּגעלערנט מיט א דרש פון דער תורה, און תוספות גיט נאָך צו דאָרטען, אז װעגען דער צװייטער זאַך איז אויך ר׳ עקיבא ניט געװען איינשטימיג (אַז דאָס איז א הלכה למשה מסיני), כאָטש דאָס װערט ניט דערמאָהנט בפּירוש. דערפון זעהט מען, אַז נאָכ׳ן נוסח פון דער גמרא, װאָס די בעלי תוספות האָבען געהאַט פאַר זיך האַנדעלט זיך דאָ װעגען אייל, פּונקט װי עס שטעהט אין ספרא. װאָרום װען עס זאָל זיך דאָ האַנדלען װעגען דער מאָס װיין, פאַר װעלכער דעם נזיר קומט א שטראָף, װאָלט דאָך קיין שום זינען ניט געהאַט דאָס, װאָס זיי זאָגען, אז ר׳ עקיבא איז מיט דעם ניט איינשטימיג, כאָטש אפילו דאָס װערט ניט דער־מאָהנט בפּירוש. — בײַ דער מאָס װיין פאַר א נזיר איז ר׳ עקיבא מיט דער עצם הלכה ניט איינשטימיג, װי דאָס װערט בפּירוש ערקלערט אין אן אנדער אָרט (נזיר ל״ד). נאָך ר׳ עקיבא׳ס מיינונג, קומט דעם נזיר א שטראָף, אפילו װען ער האָט אויסגעטרונקען װעניגער פון א פערטעל לוג װיין. ז. נזיר ל״ח און דאָרטען אין תוספות דעם זאַץ, װאָס הויבט זיך אָן מיט׳ן װאָרט „נזיר". ז. אויך ירושלמי: נזיר, פּרק ו׳, הלכה א׳. אין תוספות אויף עירובין ד׳, אין דעם זאַץ, װאָס הויבט זיך אָן מיט דעם װאָרט „גפן", װערט ציטירט א מאמר פון תוספתא, װאו די זאַך װערט ערקלערט. אַזוי צי אַזוי, אָבער בײַ די אַלע דרײַ פּונקטען איז ר׳ עקיבא ניט איינשטימיג מיט דעם, **אז דאָס איז א הלכה למשה מסיני**.

## זייט 195, צייכען (ג).

**איין ארט אין תוספתא איז פאה, פרק ג׳. דארטען ווערט בעהאנדעלט די פראגע, צי א גארב, וואס איז איבערגעלאזען געווארען אין פעלד אנגעשפארט** אן א צאם, ווערט גערעכענט פאר „שכחה" אדער ניט (ז. משניות: פאה, פרק ו׳, משנה ב׳). וועגען דעם זאגט ר׳ אילעאי: איך האב אנגעפרעגט ביי ר׳ יהושע׳ן, וועגען וואס פאר א סארטען גארבען איז פאראן א מחלוקת צווישען בית שמאי און בית הלל? האט ער מיר געזאגט, אז די מחלוקת איז וועגען א גארב, וואס איז איבערגעלאזען געווארען אנגעשפארט אן א צאם, און אז. וו. דערנאך האב איך געפרעגט ביי ר׳ אליעזר׳ן, האט ער מיר געזאגט, אז וועגען סתם א גארב, וואס איז איבערגעלאזען געווארען אנגעשפארט אן א צאם, איז גאר קיין מחלוקת ניטא: אלע זיינען מודה, אז דאס ווערט גערעכענט פאר „שכחה". די מחלוקת איז נאר וועגען א גארב, וואס איז צוגעגרייט געווארען אויף צו ברענגען אין שטאדט אריין. ווייטער פיהרט דארטען אויס ר׳ אילעאי אזוי: אז איך האב פארגעבראכט דעם ענין פאר ר׳ אליעזר בן עזריה, האט ער געזאגט „כ׳לעבען, אט דאס איז טאקי פון די זאכען, וואס זיינען געזאגט גע־ווארען משה׳ן אין חורב". אלזא, נאך ר׳ אליעזר בן עזריה׳ס מיינונג, איז עס א הלכה למשה מסיני, אז א גארב, וואס איז איבערגעלאזען געווארען אנגעשפארט אן א צאם, ווערט גערעכענט פאר „שכחה" (ז. פירוש ר"ש אויף פאה, פרק ו׳, משנה ב׳. ז. אויך די גמרא אין ירושלמי: פאה, פרק ו׳, הלכה ב׳). ר׳ ז. פראנקל אין „דרכי המשנה", ז. 21, וואונדערט זיך: וויבאלד דא איז א מחלוקת צווישען בית שמאי און בית הלל, טא וואס איז שייך צו זאגען, אז עס איז א הלכה למשה מסיני? דאס איז אבער א טעות פון זיין זייט. ניט דער פונקט פון דער מחלוקת איז א הלכה למשה מסיני, נאר יענער פונקט, ביי וועלכען צוויי־שען בית שמאי און בית הלל איז, נאך ר׳ אליעזר׳ס מיינונג, קיינמאל קיין מחלוקת ניט פארגעקומען, דהיינו: אז סתם א גארב, וואס איז איבערגעלאזען געווארען אנגעשפארט אן א צאם, ווערט גערעכענט פאר „שכחה".

דער צווייטער ארט אין תוספתא איז חלה, פרק א׳. די פראגע איז דא, צי מען דארף נעהמען „חלה" פון טייג, בעת מען באקט די חלות און קיכלאך, וואס ווערען געבראכט ווי א צוגאב צו א דאנק־אפפער אדער צו א נזיר׳ס קרבן? וועגען דעם זאגט ר׳ אילעאי: איך האב דאס אנגעפרעגט ביי ר׳ יהושע׳ן, האט ער געזאגט, אז מען דארף פון ד ע ם טייג ניט נעהמען קיין „חלה". אז איך בין געקומען צו ר׳ אליעזר׳ן און האב ביי איהם געפרעגט, האט ער מיר אזוי געזאגט: אויב דער אייגענטימער באקט עס אליין פאר זיך, איז ער פטור פון „חלה"; אויב אבער אן אנדערער באקט עס און יענער וועט עס איהם דער־נאכדעם פארקויפען, איז דער בעקער מחויב צו נעהמען דערפון „חלה". צום סוף פיהרט דא אויך אויס ר׳ אילעאי ווי פריהער: אז איך האב פארגעבראכט דעם ענין פאר ר׳ אליעזר בן עזריה, האט ער געזאגט „כ׳לעבען, אט דאס איז טאקי פון די זאכען, וואס זיינען געזאגט געווארען משה׳ן אין הורב". אלזא, אין ביידע פאלען איז ר׳ יהושע מיט די הלכות דירעקט ניט איינשטימיג. וועגען דעם מיין פון ר׳ אליעזר בן עזריה׳ס ווערטער זיינען זיי אויך ניט געווען **זיכער, צי דאס איז געזאגט געווארען ערנסט, אין דעם טאן פון א בעשטעטי־**

גונג אָדער פארקעהרט, אין א איראָנישען טאָן, ווי איינער זאָגט: צי דען מוזען מיר אָננעהמען ר׳ אליעזר׳ס רייד ווי עפּעס אזוינס, וואָס שטאַמט פון סיני? (ז. פּסחים ל״ח). אין דעם ערסטען פאַל ווערט נאָך אין דער משנה גופא (פּאה, פּרק ו׳, משנה ב׳) איבערגעגעבען א נ אָ נ י ם דיזעלביגע ווערסיע, וועלכע ר׳ אילעאי גיט איבער אין דעם נאָמען פון ר׳ יהושע. דעריבער מוזען מיר זאָגען, אַז ר׳ אליעזר׳ס קבלה איז ניט געווען קיין אלגעמיין אנערקענטע הלכה.

## זייט 195, צייכען (ד).

אָט זיינען די זיבען ברייתות. ח ו ל י ן מ״ב: די אכצעהן אַנאָמאַליעס. צוליעב וועלכע א בהמה איז טריף, זיינען געזאָגט געוואָרען משה׳ן אויפ׳ן באַרג סיני. אין דער משנה, וואו די אַנאָמאַליעס זיינען אויסגערעכענט, ווערט אָבער צום סוף אויף דעם געגעבען אן אלגעמיינער סימן: אויב דאָס איז אזא אנאָמאַליע, מיט וועלכער א בהמה קאָן ניט לאַנג לעבען, איז זי טריף. ביי א זאַך, וואָס זיי האָבען ווירקליך געהאַלטען פאר א הלכה למשה מסיני, פלעגען זיי געוועהנליך ניט אָנווייזען קיין אלגעמיינעם סימן און ניט ערקלערען קיין גרונד. מ נ ח ו ת ל״ה א ו ן א נ ד ע ר ע ע ר ט ע ר: אז תפילין דאַרפען זיין פירקאַנטיג — דאָס איז א הלכה למשה מסיני. ש ב ת ע״ט. צוויי הלכות ווערען דאָרטען אָנגערופען „הלכה למשה מסיני“: תפילין שרייבט מען אויף פּאַרמעט, וואָס ענטהאלט אין זיך דעם אויבערסטען טייל פעל (צו די האָר צו); א מזוזה שרייבט מען אויף פּאַרמעט, וואָס ענטהאלט אין זיך דעם אונטערסטען טייל פעל (צום פלייש צו). איינער א תנא האַלט אָבער דאָרטען, אַז בדיעבד איז איןביידע פאלען כשר, אפילו אויב מען האָט געטאָן פארקעהרט. ווי איז אזוינס מעגליך ביי א הלכה למשה מסיני? די הלכה איז דאָך אויסגעדריקט אין א קאַטעגאָרישער פאָרם. פונוואַנען זשע נעהמט ער זיך דאָס צו מאַכען אן אונ־טערשייד צווישען לכתחלה און בדיעבד? י ר ו ש ל מ י: מ ג י ל ה, פּ ר ק א׳, ה ל כ ה ט׳. עלף הלכות ווערען דאָרטען אויסגערעכענט: מען שרייבט תפילין מיט טינט; מען דריקט אוים ליניעס אויפ׳ן פּאַרמעט; מען בינדט איבער די פּרשיות מיט האָר; דאָ, וואו דער פּאַרמעט ווערט דורכגעלעכערט, לעגט מען ארויף א שטיקעל פּאַרמעט פון דער אנדער זייט; אָט דער שטרייף פּאַרמעט ווערט צוגעקלעפּט מיט קליי; אויף צו צונויפנעהען פארשיידענע טיילען בענוצט מען נאָר פּאָדים, וואָס איז געמאכט געוואָרען פון אָדערן; אויף דעמזעלביגען אופן ווערען געמאכט אלע נעט אין די תפילין; צווישען איין שורה און דער אנדערער דאַרף מען איבערלאָזען א בעשטימטען שטח; עס דאַרף איבערגעלאָזען ווערען א געוויסער שטח צווישען איין אות און דעם אנדערען; עס דאַרף איבערגעלאָזען ווערען א בעשטימטער שטח צווישען איין עמוד און דעם אנ־דערען; עס דאַרפען איבערגעלאָזען ווערען ליידיגע ברעגען פון אויבען און פון אונטען. ס ו כ ה מ״ד. אָט די דריי הלכות ווערען דאָרטען אָנגערופען „הלכה למשה מסיני“: 1) ווען צעהן יונגע ביימער וואַקסען אָפּגעטיילט איינער פון דעם אנדערען אויף א „בית סאה“ (א שטח פון 50 איילען אויף 50 איילען, אָדער 2500 קוואדראט־איילען), מעג מען פון־זייערטוועגען אין דעם יאָהר פון פאר־שמיטה אויפ׳ן גאַנצען שטח אקערן די ערד ביז׳ן רעכטען ערב ראש השנה (כאָטש אפילו אזוי דאַרף מען א צייט פריהער אויפהערען צו בעאַרבעטען די

פעלדער); 2) דאָס, וואָס מען פלעגט סוכות געהן ארום און ארום דעם מזבח מיט ערבות דערביי; 3) דאָס, וואָס מען פלעגט סוכות בעגיסען דעם מזבח מיט וואַסער. די דריי זאַכען זיינען אבער ניט אנערקענט געוואָרען פון אלעמען, ווי א הלכה למשה מסיני. די מצוה פון ערבה און בעגיסען דעם מזבח מיט וואַסער זוכען אייניגע אָפּצולערנען מיט א דרש פון דער תורה. עס איז דא אויך א מיינונג, אז די אלע דריי זאכען האָבען די לעצטע נביאים גאָר איינגעפיהרט (ירושלמי: סוכה, פרק ד׳, הלכה א׳). ירושלמי: מגילה, פרק א׳, הלכה ט׳: דאָס; וואָס די אותיות כ, מ, נ, פ, צ, ווערען צום סוף וואָרט גע־שריבען אנדערס, ווי אין מיטען וואָרט, איז א הלכה למשה מסיני. אָבער דאָר־טען גופא זיינען אנדערע מיט דעם ניט איינשטימיג. נדה מ״ה. א כהן מעג התונה האָבען מיט א מיידעל, וואָס האָט פארלאָרען איהר אומשולד, איידער זי איז אַלט געווען דריי יאָהר. ר׳ עקיבא האַלט עס אָבער ניט פאר א הלכה למשה מסיני, נאָר ער וויל דאָס מיט דער לאָגיק בעגרינדען. דעריבער איז פאר איהם אן אונטערשייד, צי זי האָט בשעת מעשה געפיהלט א געשלעכטליכען גענוס אָדער ניט. ווען זיינע תלמידים האָבען איהם אנטקעגען דעם אויפמערקזאם געמאַכט, אז פונקט ווי די גאנצע תורה איז געגעבען געוואָרען משה׳ן פון סיני, אזוי איז דאָס אויך א הלכה למשה מסיני, זיינען זיי אין דעם גאָר ניט געווען פעסט איבערצייגט. מעהר ניט, ווייל זיי האָבען ניט געוואוסט דעם גרונד פון דער הלכה און ר׳ עקיבא׳ס ערקלערונג איז זיי ניט געפעלען גע־וואָרען, האָבען זיי געזאָגט: צו וואָס דאַרפען מיר זוכען א וויטלויפיגען גרונד? עס איז דאָך שוין גלייכער צו זאָגען, אַז דאָס איז א הלכה למשה מסיני, פונקט ווי מיר זיינען געוועהנט צו זאָגען ביי אלע הלכות, וואָס מיר ווייסען ניט זייער אורשפרונג און גרונד. אלזא, פון די צוואנציג הלכות בלייבען נאָר צוועלף, וועלכע קיינער בעשטרייט ניט, און די צוועלף הלכות האָבען צו טאָן מיט די דינים פון תפילין.

## זייט 195, צייכען (ה).

אין עירובין ד׳ ווערט איבערגעגעבען אין רב׳ס נאָמען, אז אָט די דריי זאַכען זיינען א „הלכה למשה מסיני״: 1) די כללים וועגען דעם, וואָס פאר א גרויס אדער א מאָס עס פאָדערט זיך ביי דער אָנווענדונג פון געוויסע געזעצען; 2) די כללים וועגען דעם, ווען א געוויסער פלאַץ ווערט גערעכענט פאר אָפּגעצאַמט אדער אָפּגעטיילט; 3) די פאָדערונג, אַז דער, וואָס געהט טובל זיין זיך, טאָר ניט האָבען אויף זיך קיין שום זאַך, וואָס זאָל ניט לאָזען דאָס וואַסער צוקומען צו א וועלכען עס איז טייל פון זיין קערפער. דאָסגלייכען האָט ר׳ יוחנן געזאָגט, אַז די בעשטימונגען וועגען דעם, ביי וואָס פאר א מאָס פון דער זינד דעם זונדיגען קומט א שטראָף, זיינען א הלכה למשה מסיני (יומא פ׳). אָבער סיי וועגען די מאָס־בעשטימונגען אנטקעגען בעשטראָפען, סיי וועגען די מאס־בעשטימונגען אין אלגעמיין זיינען דאָ אויך אנדערע מיי־נונגען, וועלכע זאָגען, אז דאָס איז ניט קיין הלכה למשה מסיני (די אָנגעוויזענע ערטער אין עירובין און יומא. אויך סוכה ו׳). עס איז דאָ א מיינונג, אז אַלע מאָס־בעשטימונגען האָבען די געלערנטע אליין איינגעפיהרט (ירושלמי: פאה, פרק א׳, הלכה א׳). אין ספרא: שמיני, פרק ז׳ געפינען מיר, אַז ביי דער

אומריינקייט פון א שרץ האָבען די געלערנטע אזוי בעשטימט: א טייל פון זיין קערפּער, וואָס איז ווענינסטענס די גרויס ווי א לינז, מאכט אומריין. ביי אנדערע מאָס־בעשטימונגען, אויסער די, וואָס זיינען דאָרטען אויסגערעכענט אין דער גמרא, בעגעגענען מיר שטענדיג דעם אויסדרוק „די געלערנטע האָבען בעשטימט אַזאַ מאָס" (ספרי: בהעלתך, פיסקא ס"ט, און כי תצא, פיסקא רכ"ב. תוספתא: בבא מציעא, פּרק ב', און אנדערע ערטער). וועגען דעם, וואָס ביים טובל זיין זיך טאָר מען ניט האָבען אויף זיך עפּעס אזוינס, וואָס לאָזט ניט צו דאָס וואסער צו א וועלכען עס איז טייל פון דעם קערפּער, זיינען אויך ניט אלע איינשטימיג, אז דאָס איז א הלכה למשה מסיני. די גמרא אליין פרעגט דאָרטען א קשיה: ס'טייטש? דאָס לערנען מיר דאָך גאָר אָפּ פון דער תורה? ווען זיי פאַרענטפערן אפילו די קשיה, זיינען זיי נאָר אויסען דערמיט צו ער־קלערען, וואָס עס קאָן ענטפערן דער, ווער עס האַלט עס פאר א הלכה למשה מסיני. זיי בעטראַכטען דאָרטען (סוכה ו' און אנדערע ערטער) א ספּעציפישען פאַל: ווען דער גרעסטער טייל האָר אויף'ן קאָפּ איז ביי איינעם מיט עפּעס בעשמירט און ער פיהלט עס. אז מען איז ניט יוצא מיט'ן טובל זיין זיך אין אזא צושטאַנד, דאָס רופען זיי אָן דאָרטען „דבר תורה" און דער אויסדרוק ווערט מעהרסטענס בענוצט אין געגענזאַץ צו א „הלכה למשה מסיני" (זעה ירושלמי: סוכה, פּרק ד', הלכה א', און אנדערע ערטער). אז די כללים פון אָפּגעצאָמטקייט זיינען א הלכה למשה מסיני, דאָס ווערט אויך אין דער גמרא (סוכה ו') בעשטריטען. מ נ ח ו ת ל"ה. דער בריק פון תפילין (תיתורא של תפילין). דאָס איז דער פאַרלענגערטער טייל פון אן אינעווייניגסטען וועגטעל, וועלכער ווערט אומגעבויגען און דעקט צו אלע פיר קעסטעלאך מיט די פּרשיות) איז א הלכה למשה מסיני. ע י ר ו ב י ן צ"ז א ו ן מ נ ח ו ת ל"ה. דער שלייף (קשר) פון תפילין איז א הלכה למשה מסיני. שבת ס"ב. דער „ש" פון תפילין איז א הלכה למשה מסיני (ז. דאָרטען תוספות. ז. אויך עירובין צ"ז און תוספות אויף דעם). מ נ ח ו ת ל"ה. די עפענונג, דורך וועלכער די רצועה ווערט דורכגעצויגען (מעברתא של תפילין), איז א הלכה למשה מסיני. אנטקעגען ד י פיר פונקטען, וואָס זיינען שייך צו תפילין, טרעט אין דער גמרא קיינער ניט ארויס. ס נ ה ד ר י ן פ"ב. ווען איינציער האָט געהאט געשלעכטליכע בעציהונגען מיט אן ארמ'ישער פרוי, מעגען איהם פרומע לייט, וואָס נעהמען זיך אָן פאר גאָטס כבוד, טויטען. דאָס ווערט אין דער גמרא פאָרגעשטעלט ווי א הלכה למשה מסיני. אָבער ווען מען בעטראַכט עס נאָר אויפמערקזאם, דאן זעהט מען, אז די גאנצע ערקלערונג טראָגט דאָרטען א ריין לעגענדארישען כאראקטער. ק י ד ו ש י ן ל"ט. עס איז א הלכה למשה מסיני, אז דאָס געזעץ פון דער תורה, וואָס פאַרווערט צו עסען די פרוכט פון א בוים אין די ערסטע דריי יאָהר (ערלה), איז גילטיג ניט נאָר אין ארץ ישראל, נאָר אויך אין אנדערע לענדער. דאָס איז אבער ניט אלעמענס מיינונג, און אין דער גמרא קומט פאָר וועגען דעם א מחלוקת. מ נ ח ו ת ל"ה. עס איז א הלכה למשה מסיני, אז די רצועות צו תפילין דארפען זיין שווארצע. אָבער פון דער ווייטערדיגער דיסקוסיע אין דער גמרא איז קלאָר, אז פיעלע פון די פאַרצייטיגע האָבען זיך ניט אזוי נוהג געווען. זיי מאַטערן זיך דאָרטען

ווי עס איז צו פאַרענטפערן דאָס, כדי עס זאָל ניט זיין אפּגעפרעגט די מיינונג פון דעם, ווער עס האַלט עס פאַר א הלכה למשה מסיני. נ ד ר י ם ל"ז. דאָ האָבען מיר דעם מאמר „מקרא סופרים ועטור סופרים וקריין ולא כתיבן וכתיבן ולא קריין הלכה למשה מסיני". וועגען דעם האָבען מיר אויספיהרליך גערעדט אין דעם זיבעטען קאַפּיטעל (זייטען 169—162). דאָרטען האָבען מיר ערקלערט, וואָס איז דער מעהר מיט דער הלכה. מ נ ח ו ת ל"ב. עס איז א הלכה למשה מסיני, אַז דער פּארמעט, אויף וועלכען מען שרייבט א מזוזה, דאַרף זיין אָפּגעווי־רעט. ווען מיר זאָלען אָבער אריינקוקען אין מגילה י"ח, וועלען מיר אויסגעפינען, אַז אייניגע זיינען מיט דער הלכה ניט איינשטימיג. אלזא, צווישען אלע הלכות פון דער קאַטעגאָריע „הלכה למשה מסיני", וועלכע די אמוראים ציטירען, זיי־נען פאַראַן נאָר פיר, וואָס קיינער בעשטרייט ניט. אין גאַנצען האָבען מיר זעכצעהן הלכות פון ד ע ר קאַטעגאָריע, ביי וועלכע עס זיינען ניטאָ קיין מחלקות.

### זייט 199, צייכען (ו).

אין פאָלגענדע ערטער דריקען זיי זיך אויס סתם „דאָס איז א הלכה": ש ב ת קל"ב. די מצוה פון מהל זיין א קינד וועגט אריבער די הייליגקייט פון שבת. י ב מ ו ת ע"ו. דאָס געזעץ פון דער תורה, נאָך וועלכען גרים פון די מצרים און אדומים ווערען ניט אריינגענומען אין דער אידישער גע־מיינדע (ד.ה. אידען פון ריינער געבורט טאָרען זיך מיט זיי ניט מתחתן זיין) ביז'ן דריטען דור, איז אויף פרויען ניט חל (ד.ה. זיי ווערען אריינגענומען גלייך). נזיר כ"ח. דער פאָטער קאָן מאַכען זיין זוהן פאַר א נזיר, אָבער ניט די מוטער. נזיר ל'. ווען א נזיר האָט אָפּגעלעגט געלט אויף די קרבנות, וואָס ער וועט דאַרפען ברענגען, בעת ער וועט זיך אָפּגאָלען (ד. ה. בעת ער וועט ענדיגען דעם טערמין פון זיין נזירות), און ער איז אין מיטען גע־שטאָרבען, מעג נאָר זיין זוהן (אויב ער איז אויך א נזיר) פאַרניצען דאָס געלט פאַר דעמזעלביגען צוועק. נזיר כ"ה. ווען א נזיר האָט אָפּגעלעגט געלט אויף די קרבנות, ניט אויסטייטשענדיג, וועלכס געלט איז פאַר וועלכען קרבן בעשטימט, און ער איז אין מיטען געשטאָרבען, דאַרף דאָס גאַנצע געלט אוועק־געגעבען ווערען ווי א נדבה אויפ'ן בית המקדש (ד. ה. עס דאַרפען דערפאַר געבראַכט ווערען בראַנד־אָפּפערס. נזיר נ"ז. א ביין פון א טויטען, די גרויס ווי א גערסט, מאַכט אומריין א נזיר. סוטה ט"ז. דריי הלכות: 1) דאָס בלוט פון א פויגעל אָדער א ווילדער חיה, וואָס ווערט געשאָכטען, מוז פאַרדעקט ווערען ניט דוקא מיט שטויב; עס איז רעכט מיט אן אנדער זאַך. 2) דעם נזיר קומט א שטראָף, ווען ער נעהמט אראָפּ די האָר ניט דוקא מיט א גאָלמעסער, נאָר אפילו מיט אן אנדער זאַך. 3) א גט קאָן געשריבען ווערען אויף אלצדינג (ניט דוקא אויף פּארמעט). אין די אלע ערטער ערקלערען די מפרשים, אז עס ווערט געמיינט „הלכה למשה מסיני". איך געפין אבער ניט, אז דאָס זאָל זיין אַזוי אויסגעטייטשט בפירוש אין דער גמרא. דערפאַר געפינען מיר אין אַן אַנדער אָרט, אַז זיי רופען אָן סתם מיט דעם נאָמען הלכה זייער אויסטייטשונג „עמוני ולא עמונית" (ז. פריהער, זייטען 188 און 189), וואָס דאָס איז געווים געווען א ניי געשאַפענע הלכה. דיזעלביגע זאַך איז מיט דער אויס־

טויטשונג וועגן ווייבספּערזאָנען פון די מצרים און אדומים. דער, וואָס וועט אַריינקוקן אין די אַלע ערטער, וועלכע מיר האָבן דאָ אָנגעצייכנט, וועט זעהען, אז ביי די מעהרסטע פון די אויסגערעכנטע הלכות זייגען אין דער גמרא פאַראַן מיינונגס־פאַרשיידענהייטען.

## זייט 199, צייכען (ז).

פאָלגענדע הלכות רופען זיי אָן מיט דעם נאָמען „הלכתא גמירא". פ ס ח י ם פ"א. ווען מען האָט מקריב געווען פאַר איינעם דעם קרבן פסח אָדער מען האָט מקריב געווען די קרבנות פאַר א נזיר און דערנאָכדעם האָט זיך דערגאַנגען, אז דער אייגענטימער איז בשעת מעשה געווען אומריין, ווייל ער איז אריינגעגאנגען אין א הויז אָדער ער איז געזעסען אויף א שטיין, אונטער וועלכען עס געפינט זיך אין דער ערד א בעהאַלטענער קבר (טומאת התהום), ווערט איהם די אומריינקייט פאַרגעבען, און ער דאַרף קיין נייע קרבנות ניט ברענגען. ב ב א ק מ א ג'. ווען איינעמס אַ בהמה האָט געהענדיג פאַרצעפּעט מיט די פיס שפּענער, און זיי זיינען אָפּגעשפּרונגען און האָבען צובראָכען אַן אַנדערענס אַ זאַך, דאַרף דער אייגענטימער פון דער בהמה יענעם בעצאָהלען א האלבען שאָדען. ח ו ל י ן ט'. ווען א זאַך האָט זיך געפונען אין אַן עפענטליכען פּלאַץ און עס איז דאָ א גרונד צו צווייפלען, צי זי איז געבליבען ריין אָדער זי איז אומריין געוואָרען, ווערט זי גערעכענט פאַר ריין. ח ו ל י ן ע"ב. דער, וואָס האָט זיך צוגעריהרט צו דעם דעקעל אָדער צו דער וואנט פון א קבר, ווערט אומריין. אויך אין פיעלע אנדערע ערטער בעגעגנען מיר דעם אויסדרוק „הלכתא גמירי". אָבער, דאָס וואָרט „גמירי" האָט ניט די בעדייטונג פון „הלכה למשה מסיני". אַ ראיה קאָן מען ברענגען פון סנהדרין ק"א, וואו עס ווערט פאַרגעשטעלט, אז י ר ב ע ם ב ן נ ב ט האָט אַזוי געזאָגט „גמירי שאין ישיבה בעזרה אלא למלכי בית יהודה בלבד" (מיר ווייסען, אז זיצען אין דער עזרה מעגען נאָר די מלכים פון דוד'ס דינאַסטיע). ז. דעם פּירוש „תוספות יום טוב" אויף זבחים, פּרק א', משנה ג'. אין פּסחים נ"ב פאַרטייטשט רש"י „גמירי" — „מסורת מאבותינו" (א זאַך, וואָס מיר האָבען בקבלה פון אונזערע עלטערן).

## זייט 199, צייכען (ח).

פון שבת, פּרק א', משנה ג', און תרומות, פּרק ב', משנה א', איז קענטיג, אז „באמת אמרו" האָט ניט די בעדייטונג פון „הלכה למשה מסיני". ז. דאָרטען די פּירושים פון ר' עובדיה מברטנורא און „תוספות יום טוב". אין בבא מציעא ס' געפינען מיר אין דער גמרא אַזאַ ערקלערונג: אומעטום, וואו עס שטעהט „באמת אמרו", איז דאָס א „הלכה", און רש"י זאָגט דאָרטען, אַז דאָס הייסט: עס איז וועגען דעם ניטאָ וואָס צו צווייפלען און קלערען. ווי דאָס איז, די גמרא רופט עס אָן סתם מיט'ן נאָמען „הלכה" און ניט „הלכה למשה מסיני". אין שבת צ"ב ווערט געבראכט א ברייתא מיט דעמזעלביגען אינהאלט (כל באמת הלכה היא). דאָ ווערט עס אויך אָנגערופען סתם מיט'ן נאָמען „הלכה". אין ירושלמי אבער בעגעגענען מיר אין וויפיעל ערטער אַזאַ נוסח: אומעטום, וואו עס שטעהט „באמת אמרו", איז דאָס א „הלכה למשה מסיני".

די ווערטער „למשה מסיני" זיינען דאָ נאָר אַן אָנמערקונג, וואָס א וועלכער עס איז דורכזעהער האָט געמאכט ביי דער זייט און א ניט געניטער איבער־שרייבער האָט עס דערנאָכדעם אריינגענומען אין טעקסט.

## קאפיטעל 10.

### זייט 222, צייכען (א).

איך קאָן זיך דאָ ניט איינהאַלטען פון מאַכען א פּאַרוואורף אייניגע פון די אידישע היסטאָריקער דערפאַר, וואָס זיי פאַלען אָן אויף דעם מאַן און זאָגען אויף איהם, אז כדי אונטערצו'חנפ'ענען זיך צו די רוימער, האָט ער דעם אמת פאַרבויגען. זיי טרעטען דאָ איבער די רייד פון אונזערע געלערנטע, וועלכע האָבען געזאָגט: ניט וואַרף קיין שמוץ אין א ברונען, פון וועלכען דו האָסט וואסער געטרונקען. ווען ניט יוסיפון, וואָלט קיינער קיין אידישע גע־שיכטע ניט געקאָנט שרייבען.

### זייט 223, צייכען (ב).

ז. מכילתא: משפטים, פרשה ד': דאָרטען דרשנ'ען זיי דעם פסוק, „מעם מזבחי תקחנו למות" (פון מיין מזבח זאָלסטו איהם אַרונטערנעהמען אויף צו שטאַרבען) אַזוי, אַז אויב מען דאַרף איהם שוין הינריכטען, זאָל מען איהם פון מזבח ארונטערנעהמען, נאָר אויב מען דאַרף נאָך ערסט משפט'ען איהם, זאָל מען איהם ניט ארונטערנעהמען פון מזבח. אין ברכות ל"ב לערנען זיי אָפּ פון דעם פסוק „ידיכם דמים מלאו" (אייערע הענט זיינען פול מיט בלוט), אַז א כהן, וואָס האָט גע'הרג'עט א מענשען, טאָר מען ניט לאָזען דוכענען. א פשיטא שוין, אז ער טאָר ניט צוגעלאָזען ווערען צום גאָטעסדינסט ביים מזבח. ז. תוספות אין סנהדרין ל"ה (דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „שנאמר"). עס איז נאָך אלעמענס מיינונג יעדענפאַלס קלאָר, אז לכתחלה טאָר מען אַזוינס ניט דערלאָזען, אז א כהן, וואָס האָט גע'הרג'עט א מענשען, זאָל אָפּריכטען דעם גאָטעסדינסט. מיט די אלע הלכות און דינים איז שווער צו ברענגען אין האַר־מאָניע די מעשה, וואָס ווערט ביי אונז אין הויפּט־טעקסט דערצעהלט.

### זייט 226, צייכען (ג).

זעה וואָס עס האָט וועגען דעם געשריבען צונץ אין זיין „גאָטעסדיענסטליכע פאָרטרעגע", זייט 34. ז. אויך הערצפעלד „געשיכטע דעם פאָלקעס איזראַעל", באנד 1, זייט 195, און יאסט „געשיכטע דעם יודענטומס אונד זיינער סעקטען," באַנד 1, זייט 95. אין דער צייטשריפט „בן חנניה", יאָהר 1, זייט 198, זאָגט אַרויס ר' ליבוש לעוו זיין השערה, אז דער שמעון הצדיק, וואָס ווערט דער־מאָהנט, ווי איינער פון די לעצטע, וואָס זיינען געווען אין דער כנסת הגדולה, איז גאָר געווען שמעון חשמונאי.

### זייט 231, צייכען (ד).

ער בענוצט דאָרטען (קהלת, קאפּ. ה', פסוק ה') דאָס וואָרט „לחטיא" ניט אין דעם זין פון „מאכען זינדיגען". ד. ה. ער מיינט ניט צו זאָגען, אז דער מענש זאָל זיך ניט אויסריידען מיט'ן מויל עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל איהם

ברענגען צו זינד. עס איז מעהר וואַהרשיינליך, אז דאָס וואָרט „לחטיא“ שטאַמט דאָ פון דעם וואָרצעל „חטא“ אין דעם זין פון „פאַרדאַרבען“ (ד. ה. „לחטיא את בשרך“ מיינט דאָ „צו פאַרדאַרבען דיין לייב“), ווי מיר בעגעגענען דאָס אין משלי, קאַפּ. כ׳, פסוק ב׳. רײדענדיג וועגען דער מאַכט פון דעם קיניג, דריקט ער זיך דאָרטען אוים אזוי: „מתעברו חוטא נפשו“, און דאָס בעדייט, אַז ווער עס דערצאָרנט איהם (דעם קיניג), יענער פאַרדאַרבט זיך אליין. דאָס־גלייכען „וחוטא נפשך“ (און דו פאַרדאַרבסט זיך אליין) אין חבקוק, קאַפּ. ב׳, פסוק י׳.

## זייט 232, צייכען (ה).

וועדליג ווי עס ווערט דערצעהלט אין תלמוד, איז שמעון הצדיק פערציג יאָהר צייט געוועזן כהן גדול. צונץ און אנדערע פאָרשער פון אלטערטום ווייזען אויף, אַז ער איז ניט לענגער ווי צוואנציג יאָהר געוועזן אין אַמט. איך געפין דאָ פאר נויטיג אויפמערקזאַם צו מאכען אויף דערויף, וואָס איך האָב געשריבען אין דעם „הצופה למגיד“ פון יאָהר תרכ״ז, נומ. 32, זייט 253, וועגען די לעגענדעס, וואו עס ווערען דערצעהלט די נסים, וואָס פלעגען אין בית המקדש געשעהען אין דער צייט פון שמעון הצדיק און וואָס האָבען זיך גע־פעהלט נאָך זיין טויט, דהיינו: אַז מען פלעגט יום כפור וואַרפען גורל צווישען די צוויי בעק, וועלכער פון זיי זאָל געהן פאר א קרבן צו גאָט, פלעגט שטענדיג אויספאלען דער גורל אויף דעם, וואָס איז געשטאַנען פון דער רעכטער האנט; דאָס לעמפּעל, וואָס איז אויסגעקומען צו דער מערב־זייט, פלעגט קיינמאָל ניט אויסגעהן; דאָס פייער אויפ׳ן מזבח פלעגט ברענען אלץ שטאַרקער, און מען פלעגט א גאנצען טאָג ניט דאַרפען צולעגען קיין האָלץ; די שפּייז פון דעם עומר, פון דעם שתי הלחם און פון דעם לחם הפנים האָט אין זיך געהאט אַזאַ זעטיגקייט, אז יעדער כהן, וועמען עס פלעגט אָנקומען נאָר א כזית, פלעגט ווערען גלייך זאַט (יומא ל״ט. תוספתא: סוטה, פרק י״ג. ירושלמי: יומא, פרק ו׳, הלכה ג׳). ווי איך האָב דאָרטען ערקלערט, געהען די אלע לעגענדעס ניט אויף דעם ערסטען שמעון הצדיק און ניט אויף דעם צווייטען, נאָר אויף אַן אַנדער שמעון הצדיק, וואָס האָט געלעבט א סך שפּעטער, אין דער צייט פון דעם רוימישען קיסר קאַליגולא, אַן ערך דרייסיג יאָהר פאַר׳ן חורבן. ז. אויך מגילת תענית, פרק י״א.

## זייט 234, צייכען (ו).

תוספות שטיצט זיך דאָ אויף דעם דרש זייערען, וואו זיי ווילען האָבען, אַז דער פסוק „בכל המקום אשר אזכיר את שמי אבוא אליך וברכתיך“ (אין יעטוועדען אָרט, וואו איך וועל לאָזען דערמאָהנען מיין נאָמען, וועל איך צו דיר קומען און וועל דיך בענטשען) איז פאַרדרעהט, און עס דאַרף זיין „אין יעטוועדען אָרט, וואוהין איך וועל קומען צו דיר, דאָרטען וועל איך לאָזען דערמאָהנען מיין נאָמען“. פונדאַנען איז געדרונגען, אז מען טאָר ניט דער־מאָהנען גאָטס נאָמען אין אָריגינאל, סיידען נאָר דאָ, וואו די שכינה ענט־פלעקט זיך. און אַזוי ווי נאָכ׳ן טויט פון שמעון הצדיק האָבען זיי שוין מעהר ניט זוכה געוועזן דערצו, אז די שכינה זאָל זיך אין בית המקדש ענט־פלעקען, האָבען זיי דעריבער אויפגעהערט צו בענטשען מיט׳ן שם המפורש.

תוספות האָט דאָ, אָהן שום ספק, געהאט אין זינען די פאַרשיידענע נסים אין בית המקדש, וועלכע האָבען, נאָך דער לעגענדע נאָך, אויפגעהערט נאָכ׳ן טויט פון שמעון הצדיק. אבער דאָס אלץ, ווי מיר האָבען שוין אין דער פאָריגער אַנמערקונג אָנגעוויזען, געהט גאָר ניט אויף דעם ערסטען שמעון הצדיק. נאָך דער מיינונג פון תוספות קומט אויס, אז זינט שמעון הצדיק איז געשטאָרבען, האָבען זיי שוין קיינמאָל ניט זוכה געווען דערצו, אַז די שכינה זאָל זיך אין בית המקדש ענטפּלעקען, אַזוי אַז אַזאַ אָרט, וואו גאָט האָט געהייסען דער־מאָהנען זיין נאָמען, האָט מעהר ניט עקזיסטירט בכלל. דאָס שטימט אבער ניט מיט דער ברייתא אין סוכה נ״ג און מיט דעם, וואָס ווערט געזאָגט אין מכילתא: יתרו, פרשה י״א (ז. דאָרטען אויך מיין פירוש „מדת סופרים”). מיר געפינען ניט צווישען די בעלי התלמוד קיין איינעם אפילו, ווער עס זאָל זאָ־גען, אז עס איז געווען א צייט, ווען גאָט האָט ניט ענטפּלעקט זיין שכינה אין בית המקדש. דער עיקר איז אָט וואָס. מיט זייער דרש אויפ׳ן פסוק „בכל המקום אשר אזכיר את שמי” זיינען זיי אין דער ברייתא גאָר ניט אויסען גע־ווען אויסצושליסען א וועלכע עס איז צייט. נאָך דער מיינונג פון די בעלי התלמוד, איז כל זמן דער בית המקדש איז געשטאַנען, איז גאָר ניט געווען אַזאַ צייט, ווען גאָט האָט דאָרטען ניט געלאָזט רוהען זיין שכינה. מיט זייער דרש אויפ׳ן פסוק זיינען זיי נאָר אויסען געווען צו בעשרענקען דעם אָרט: אַז אוי־סער׳ן בית המקדש האָט מען ניט געטאָרט בענטשען מיט׳ן שם המפורש.

### זייט 238, צייכען (ז).

אין זייערע איינלייטונגען צו די הייליגע שריפטען איז ביי די ביבעל־קריטיקער א גאַנצע פּאַרטומלעניס וועגען דעם, ווען די ביבעל איז גע־שלאָסען געוואָרען. איניגע רוקען דאָס אָפּ ביז צו דער צייט פון די חשמונאים: דאמאָלסט האָט מען אָנגעהויבען צו לייענען אויסצוגען פון די נביאים פאַר׳ן עולם; דעריבער האָבען זיי די הייליגע שריפטען געמוזט איינשליסען אין איין זאמלונג (האווערניק, ציטירט פון קליריקוס, ערסטער טייל, זייט 68). אַלס א בעווייז ווערט נאָך געבראכט דאָס, וואָס אין דעם ספר דניאל געפינען זיך אזעלכע זאכען, וועלכע האָבען ניט געקאָנט געשריבען ווערען פאַר דער צייט פון די חשמונאים (בויער׳ס איינלייטונג, זייט 36). אנדערע זאָגען, אז אין נחמיה׳ס צייט איז שוין צונויפגעשטעלט געוואָרען א זאמלונג. זיי שטי־צען זיך אויף דערויף, וואָס עס שטעהט געשריבען אין דעם ספר חשמונאים ב׳, קאפּ ב׳, פערזען 13-14. דאָרטען ווערט בפירוש דערמאָהנט א זאמלונג פון שריפטען, וואָס נחמיה האָט פאַרעפענטליכט (בלעעק ביי האווערניק 69). אַ צווייטע זאמלונג איז געמאַכט געוואָרען אין דער צייט פון די חשמונאים. ווער קאָן דאָס אויסרעכענען די אלע אויסגעטראכטע השערות, מיט וועלכע עס שטעי־לען זיך אליין צופרידען די דערמאָהנטע געלערנטע און זייערע פיעלע קאָלע־גען, וואָס האָבען וועגען דעם ענין געשריבען. דער זיכערסטער בעוועיז איז, נאָך מיין מיינונג, דאָס שלוסוואָרט אין דעם ספר קהלת, ווי עס ווערט ביי אונז אין הויפּט־טעקסט ערקלערט. דאָס, וואָס עס ווערט אין תלמוד דערצעהלט, אז עס איז זעהר שווער אָנגעקומען, ביז די געלערנטע האָבען ביי זיך גע׳פועל׳ט אריינ־צונעהמען מגילת אסתר אין די הייליגע שריפטען, אָט דאָס מאכט נאָך מעהר

וואהרשיינליך די השערה, אז די ביבעל איז אין א פריהערדיגער עפּאָכע געשלאָ־סען געוואָרען. אָבער, כאָטש אפילו זיי האָבען קיין נייע ספרים מעהר ניט אריינגענומען, פונדעסטוועגען פלעגען זיי נאָך צוגעבען איינצעלנע פרשיות צו געוויסע ספרים, ווי דאָס איז שוין ביי אונז ערקלערט געוואָרען. ז. „מורה נבוכי הזמן", קאפּ. י"א, וואו ער בעהאַנדעלט די פראגע אויספיהרליך און זאָגט אַרויס פערנינפטיגע געדאנקען. ז. אויך צונץ „גאָטעסדיענסטליכע פארטרעגע", זייט 34.

## זייט 240, צייכען (ח).

ז. די פערצעהנטע זייט פון דער איינלייטונג צו מיין פירוש „מדות סופרים" אויף מכילתא: וואָס איך האָב דאָרטען געשריבען אין דעם נאָמען פון ר' אהרן יעלינעק. אָט דיזעלביגע מיינונג ווערט ביי מיר אויסגעדריקט דאָ אין הויפּט־טעקסט.

## זייט 240, צייכען (ט).

ז. אָנמערקונג (ד) צו קאַפּיטעל 4. ווי מען קאָן זעהען פון דאָרטען, האָב איך פּערזענליך אן אנדער מיינונג וועגען דעם שלוסוואָרט צום ספר מלאכי.

## זייט 244, צייכען (י).

וועגען דער בעדייטונג פון אָט דער לעגענדע האָט אויספיהרליך געשריבען גייגער אין זיין „אורשריפט דער ביבעל", זייט 398 און ווייטער, און ער זאָגט דאָרטען אַרויס ריכטיגע געדאַנקען.

## זייט 253, צייכען (יא).

ר' שרירא גאון אין זיין בריוו צו דער געמיינדע פון קירואן, וואָס איז אָפּגעדרוקט אין דעם ספר יוחסין, דערמאָהנט אין היבש עטליכע ערטער, אַז רבי האָט די משנה געשריבען. צו דערזעלביגער מיינונג איז צוגעשטאַנען דער רמב"ם אין זיין פאָררעדע צו משניות. וועגען דער שריפטליכער פערפאסונג פון דער משנה וועלען מיר נאָך אויף דעם געהעריגען פלאץ ריידען ספּעציעל. ר' יעקב חגיז אין דער פאָררעדע צו זיין פירוש „עץ חיים" אויף משניות רעדט פיעל וועגען דעם, און ער ברענגט ראיות אויף צו שטיצען רש"י'ס מיי־נונג, וואָס ער זאָגט אַרויס אין פיעלע ערטער פון ש"ס, דהיינו: אַז זיי פלעגען אפילו קיין איין וואָרט ניט פאַרשרייבען פון דער תורה שבעל פה. ר' שמואל דוד לוצאטא שטיצט אויך אונטער דיזעלביגע מיינונג אין „כרם חמד", דריטער טייל. דאַסגלייכען ר' צבי הירש חיות אין זיין ווערק „מבוא התלמוד". אבער זייערע אלע ארגומענטען זיינען געבויט אויף א גאנץ שוואַ־כען פונדאַמענט: ר' זכריה פראַנקעל אין זיין „דרכי המשנה", זייט 217, זאָגט וועגען דעם ענין אַרויס פערנינפטיגע און ריכטיגע געדאנקען. ער קומט צו דעמזעלביגען שלוס, ווי ר' שרירא גאון האָט געשריבען. דער געלערנטער לעב־רעכט אין זיין ווערק „קריטישע לעזע", זייט 12 זאָגט אויך אַרויס קאַטעגאָריש, אַז זיי פלעגען יע פאַרשרייבען זאכען פון דער תורה שבעל פה. דיזעלביגע מיינונג ווערט איבערגע'חזר'ט אין דעם ווערק „וויסענשאַפטליכע בלעטער", זייט 3. זעה נאָך, וואָס איך האָב געשריבען אין דער איינלייטונג צום ספרא, וואָס איז געדרוקט געוואָרען אין יאָהר תרכ"ב אין ווין מיט'ן פירוש ראב"ד און

מיט מיין ווערק „מסרת התלמוד". אין אונזער איצטיגען ווערק וועלען מיר נאָך האָבען די געלעגענהייט צו בעהאנדלען די פראגע. ז. ווייטער, קאַפּיטעל 22; אויך „דור דור ודורשיו", חלק ב', קאַפּיטלען י"ט און כ"ב. אויספיהר־ליך וועגען דעם האָב איך געשריבען אין „דור דור ודורשיו", חלק ג', קאפּ. כ'. ז. אויך „דור דור ודורשיו", חלק ד', קאפּ. 17 און דאָרטען אנמערקונג 4. ז. אויך פריהער, אַנמערקונג (ז) צו קאפּ. 2, וואו איך האָב אַרויסגעזאָגט דעם פאָלגענדען געדאנק: ווערליג ווי איינער וויל האָבען אין דער גמרא, האָט משה איבערגעגעבען יהושע'ן אויסוועניג די פרשה פון „ערי מקלט" און יהושע האָט עס שפּעטער איינגעשריבען אין דער תורה; אויף אַזאַ אופן קומט אויס, אַז יהושע איז געוועזן דער ערסטער, ווער עס האָט פאַרשריבען זאַכען פון דער תורה שבעל פּה.

## קאפּיטעל 11.

### זייט 259, צייכען (א).

אָט דעם גאנצען געדאנק, וואָס איך האָב דאָ אויסגעדריקט, אָנהויבענדיג פון די ווערטער „ווען מיר זאָלען" ביז'ן צייכען, האָב איך געהערט פון מיין פריינד ר' אהרן יעלינעק אויף איינער פון זיינע פאָרלעזונגען אין אונזער לעהר־אַנ־שטאַלט. אַזוי ווי דער געדאַנק איז מיר זעהר געפעלען געוואָרען, האָב איך איהם אונטערגעטראָגען מיינע לעזער, און זאָלען זיי אויך הנאה האָבען.

### זייט 261, צייכען (ב).

גרעץ אין זיין „געשיכטע דער יודען", באנד 3, קאפּ. 2 און נאָטע 2, קומט צום שלוס, אז די איבערזעצונג איז געמאכט געוואָרען אין דער צייט פון פּטאלעמיי פילאמעטאר, אן ערך הונדערט יאָהר שפּעטער פון פּטאלעמיי פילא־דעלפוס. אבער צווישען די אלע השערות און מיינונגען, וואָס פאַרשיידענע פאָרשער האָבען וועגען דעם ענין אַרויסגעזאָגט, געפינען מיר ניט קיין שטרענג בעוויזענעם פאקט, וואָס מען זאָל ניט קענען פון אַן אַנדער אָרט אָפּפרעגען. די מעהרסטע פון די, וואָס איך האָב אָנגעטראָפען, שטימען איין אין דעם פונקט, אז די איבערזעצונג איז פאַרווירקליכט געוואָרען אין דער צייט פון פּטאלעמיי פילאדעלפוס. אָט די מיינונג האָט מיך צופרידען געשטעלט און דעריבער האָב איך זי אָנגענומען. ר' זכריה פראנקעל אין זיין ווערק „פאָר־שטודיען צו דער סעפּטואגינטא" ברענגט די מיינונגען פון די מעהרסטע קריסט־ליכע פאָרשער, מיט וועלכע מיר געהען זיך צונויף.

### זייט 262, צייכען (ג).

די פונקטען, אין וועלכע די סעפּטואגינטא שטימט מיט דער קבלה, זיינען אָנגעוויזען אין די ווערק פון ר' זכריה פראנקעל. ז. „דרכי המשנה", זייטען 11 און 314; אויך זיינע ווערק: „פאָרשטודיען צו דער סעפּטואגינטא" און „איבער דען איינפלוס פאַלעסטינענזישער עקזעגעזע אויף די אלעקסאנדרינישע הערמענעאטיק".

### זייט 266, צייכען (ד).

אין בבלי: כתובות כ"ה, געפינען מיר אַזאַ נוסח: אַלעקסאנדריא פון מצרים האָט זיך פון אָנהויב אויך גערעכענט ווי סוריען, ווייל דאָרטען איז

געווען אן איינגעאָרדענטער בית דין. אַזוי איז אויך דער נוסח אין תוספתא: כתובות, פרק ג׳ און פאה, פרק ד׳. משמעות, אז זיי האָבען דאָ גערעדט פון גאַר אמאָליגע צייטען. אבער אין ירושלמי: כתובות, פרק א׳, האָב איך געפונען אַזאַ נוסח: דאָסגלייכען אין אלעקסאנדריא אין דער צייט, ווען דאָרטען זיצט א בית דין. דער אונטערשייד צווישען די ביידע נוסחאות בעשטעהט אין אָט וואָס: נאָכ׳ן בבלי און נאָך דער תוספתא איז נאָר אמאָל, פאַרצייטען, אין אלעקסאנדריא געווען אן איינגעאָרדענטער בית דין; דערנאָך האָט ער אויפגעהערט צו עקזיסטירען און איז קיינמאָל ניט איינגעפיהרט געוואָרען איבעראנייס. נאָכ׳ן ירושלמי האָט זיך דאָס ניט איין מאָל געביטען: געווען צייטען, ווען דאָרטען האָט פונקציאָנירט א בית דין, און געווען צייטען, אז ניט.

### זייט 267, צייכען (ה).

מיין בעהויפטונג, אז פאר די אידען פון גריכענלאנד איז ביי זיי געווען איינגעפיהרט צו שרייבען א גט אויף גריכיש, דאַרף דעם לעזער ניט וואונדערן. מיר ווייסען דאָך, אז אין ארץ ישראל איז ביי זיי נאָך פון ווען אָן געווען איינגעפיהרט צו שרייבען א גט אויף ארמ׳יש, ווייל דאָס איז געוועזען די שפּראַך, אויף וועלכער דאָס פאָלק האָט גערעדט. מיר געפינען אויך, אַז אין דער צייט פון די גאונים פלעגען זיי אין איניגע ערטער שרייבען א גט אויף פרס׳יש. ז. „הלכות גדולות", אָפּטיילונג „הלכות גטין". אויך „שאלות ותשובות שערי צדק".

### זייט 274, צייכען (ו).

ז. גייגער „אורשריפט דער ביבעל" פון זייט 100 און ווייטער; בעזונדערס וואָס ער ציטירט אויף זייט 104 פון עפּיפאניוס׳ן.

### זייט 277, צייכען (ז).

ז. הערצפעלד „געשיכטע דעם פאָלקעס איזראעל", צווייטער טייל; יאסט „געשיכטע דעם יודענטומס אונד זיינער סעקטען", ערסטער טייל, און היציג „געשיכטע דעם פאָלקעס איזראָעל", צווייטער טייל.

## קאפיטעל 12.

### זייט 287, צייכען (א).

אין „דרכי המשנה", זייט 32, ערקלערט ער די הלכה אַזוי: די צייטגענאָסען פון ר׳ יוסי האָבען עס געוואָלט מאכען שטרענג אויף אַזוי פיעל, אַז דער, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן א טויטען, זאָל אליין ווערען אן „אבי אבות הטומאה" (ז. דעם איבערזעצערס אנמערקונג צו דעמזעלביגען קאַפּיטעל, צייכען 14), פונקט ווי דער טויטער גופא. האָט ר׳ יוסי עדות געזאָגט, אז דער, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן א טויטען, ווערט נאָר אן „אב הטומאה", אבער ניט קיין „אבי אבות הטומאה". די ערקלערונג איז געבויט אויף דעם אונטערשייד צווישען די ווערטער „מסתאב" (ווערט אומריין) און „מסאב". דער פערפאַסער פון „דרכי המשנה" האלט, אז „מסאב" קאָן מען זאָגען נאָר אויף אַזאַ טרעגער פון אומריינקייט, ווי א טויטער, א פליסזיכטיגער, וואָס ער איז אן „אבי אבות הטומאה". „מסתאב" אבער איז, נאָך זיין מיינונג, א קלענערע מדרגה פון

אומריינקייט, איידער „מסאב“, און דאָס האָט טאַקי יוסי געמיינט צו זאָגען, אַז דער אָנריהרער ווערט נאָר א „מסתאב“, ד. ה. אן „אב הטומאה“, אָבער ניט קיין „מסאב“, ווי דער טויטער גופא. עס איז אבער א פראַגע, צי דער אָרי־גינעלער נוסח איז טאַקי „מסתאב“, אַזוי ווי עס שטעהט ביי אונז אין דער משנה. ווארום אין דער גמרא (עבודה זרה ל"ז) איז דער נוסח „מסאב“. דער רמב"ם האָט אויך אין דער משנה געהאט פאר זיך דעם נוסח „מסאב“, און אויף דעם שטיצט זיך ר׳ עובדיה מברטנורא אין זיין פירוש. דער נוסח „מסאב“ ווערט אויך ציטירט אין תוספות נזיר מ"ב. נאָר אפילו ווען מיר זאָלען אנ־נעהמען, אַז דער נוסח „מסתאב“ איז דער ריכטיגער, קאָן מען נאָך אַלץ צווייפ־לען, צי דער פירוש גופא איז ריכטיג. אויב די חסידים פון יענער צייט האָבען געוואָלט מאכען דעם, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן א טויטען, פאַר אן „אבי אבות הטומאה“, איז דער פראַקטישער פועל יוצא פון דעם וואָלט געווען אָט וואָס: אַז א צווייטער, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן א י ה ם, וואָלט געוואָרען אומריין אויף גאנצע זיבען טעג, פונקט ווי ער וואָלט זיך אָנגעריהרט אָן דעם טויטען גופא. אויב יוסי האָט ערקלערט, אַז דאָס איז ניט אַזוי: דער, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן א טויטען, איז אין בעצוג צו זיין אומריינקייט ניט גלייך צום טויטען גופא, דאַן הייסט עס, אַז א צווייטער, וואָס האָט זיך אָן א י ה ם אָנגעריהרט, ווערט נאָר אומריין ביז אָוועגט, ניט אויף זיבען טעג, ווי דער, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן דעם טויטען גופא. אויף אַזאַ אופן איז דאָס פונקט דיזעלביגע ערקלערונג, וועלכע די גמרא גופא האָט דאָר־טען געוואָלט געבען. די גמרא דריקט עס דאָרטען אוים אויף אַזאַן אופן: ז י י האָבען גוזר געווען, אַז דער, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן דעם אָנריה־רער, זאָל אויך ווערען אומריין (אויף זיבען טעג, פונקט ווי ער וואָלט זיך אָנגעריהרט אָן דעם טויטען גופא). איז ער (יוסי) געקומען און האָט גע־זאָגט, אַז דער, וואָס האָט זיך אליין אָנגעריהרט (אָן דעם טויטען), איז אומ־ריין, אָבער דער, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן דעם אָנריהרער, איז ניט אומ־ריין (אויף זיבען טעג); סיידען זיי זיינען אַלע דריי געווען אין איין צייט פאַרבונדען צווישען זיך (ד .ה. דער צווייטער האָט זיך אָנגעריהרט אָן דעם ערסטען אין דעמזעלביגען מאָמענט, ווען יענער איז געווען אין בעריהרונג מיט׳ן טויטען. אין אַזאַ פאל — נעהמען זיך אָן דאָרטען — איז אַלץ איינס, ווי דער צווייטער וואָלט זיך אליין אָנגעריהרט אָן דעם טויטען). רבא אין דער גמרא ענטזאגט זיך אבער אָנצונעהמען דעמדאָזיגען פירוש. דעריבער האָב איך זיך פון איהם אויך אָפּגעטרייסעלט און איך האָב בעסער אָנגענומען דעם פירוש, וועלכען רבא גיט דאָרטען איבער אין ר׳ נחמנ׳ס נאָמען. עס איז אינטערע־סאַנט, וואָס אין צוזאַמענהאנג מיט דעם דערצעהלט דאָרטען ר׳ יהודה אַזאַ מעשה: יוסי בן יועזר האָט אָנגעשטעקט פלעקער און האָט אָנגעצייכענט, אז ביזאהער איז אן עפענטליכער פלאץ (רשות הרבים) און פונדאנען אָן איז אַ פריוואטער פלאץ (רשות היחיד). מיר קענען ניט זאָגען בעשטימט, אז די מעשה האָט א דירעקטע שייכות צו יענער הלכה וועגען אומריינקייט (ביי א צווייפעלהאפטער אומריינקייט ווענדט זיך אָן דעם, צי דאָס קומט פאָר אין אַ רשות הרבים אָדער אין א רשות היחיד), אבער עס איז קלאָר, אז אָט די מעשה האָט ר׳ נחמנ׳ען אַרויפגעבראכט אויפ׳ן געדאַנק זיין פירוש.

## זייט 291, צייכען (ב).

אין דער גמרא (בבא בתרא קל״ג) שטעהט, אז זיין שוועד איז געווען א קראנצענפלעכטער (גדיל כלילא) ביים קיניג ינאי. אַט דער ינאי איז, נאָך מיין מיינונג, געווען יונתן, דער זוהן פון מתתיהו השמונאי.

## זייט 292, צייכען (ג).

ז. גייגער „אורשריפט דער ביבעל״, זייט 116 און ווייטער. ער זאָגט דאָרטען אויך, אז דאָס וואָרט „אשכל״ איז צוזאַמענגעשטעלט פון די ווערטער „איש כל״, ווי דאָס ווערט ערקלערט אין דער גמרא. „אשכל״ איז אויף אַזאַן אופן די גענויע איבערזעצונג פון דעם גריכישען וואָרט „קאַטאָליקאָי״, און דער נאָמען „אשכלות״ האָט זיך געפּאַסט פאר די העבערע געמיינדע־בעאַמטע, וועלכע האָבען געהאט צו טאָן מיט אלע עניניס פון דער פערוואלטונג. אַזוינע צוויי בעאמטע ווערען דערמאָהנט אין ירושלמי: שקלים, פּרק ה׳, הלכה ב׳, וואו זיי ווערען אָנגערופען מיט׳ן גריכישען נאָמען „קתוליקין״. דאָס איז געווען דאָס העכסטע אמט אונטער דעם נשיא און דעם כהן גדול. ווייטער, וואָס גייגער וויל דאָרטען האָבען, אז די „זוגות״ וואָס ווערען דערמאָהנט אין תלמוד, זיי־נען געווען דיזעלביגע „אשכלות״, איז דאָס נאָך ניט קיין בעוויזענער פאקט. פריהער פאר יוסי בן יועזר ווערען ערגעץ ניט דערמאָהנט קיין „זוגות״; און נ אָ ך איהם זיינען ניט געווען קיין געמיינדע־בעאמטע, וואָס האָבען געהאט צו טאָן מיט א ל ע עניניס פון דער פערוואלטונג. עס זיינען געווען אַזוינע, אָבער זייער זאך איז געווען נאָר די רעליגיאָן און די תורה. דאָס איינציגע, אויף וואָס גייגער שטיצט זיין השערה, אז די „זוגות״ — דאָס זיינען געוועזען די „אשכלות״, איז די ברייתא אין ירושלמי, סוף פון מסכת סוטה. דער נוסח פון יענער ברייתא איז אַזוי: „אויף אלע ז ו ג ו ת, וואָס האָבען זיך געשטעלט אן דער שפּיץ זינט נאָך משה׳ס טויט ביז יוסי בן יועזר, קאָן מען געפינען א פלעק; ווייטער, ביז יהודה בן בבא האָט זיך געשטעלט אן דער שפּיץ, קאָן מען אויף זיי געפינען א פלעק (פ ו ן ד ע ם א י ב ע ר ז ע צ ע ר: דער פּערפאַסער ברענגט די ברייתא אין אזא נוסח, אַזוי ווי גייגער ציטירט זי. אין אונזערע גמרות פון דעם ירושלמי איז דער נוסח א ביסעל אנדערש: אויף אַלע „זוגות״ פון נאָך משה׳ס טויט אָן ביז יוסי בן יועזר און יוחנן בן יוסף קאָן מען געפינען א פלעק. ווייטער, ביז ר׳ יהודה בן בבא קאָן מען אויף זיי ניט געפינען קיין פלעק). אָט פונדאַנען נעהמט זיך דאָס גייגער, אז די „זוגות״ — דאָס זיינען געוועזען די „אשכלות״. מען קאָן זיך אבער אויף ד ע ר ברייתא ניט שטיצען, ווייל עס פעהלען אין איהר געוויסע שטיקער און זי איז פאַרגרייזט פון אָנהויב ביז׳ן סוף. דער ריכטיגערער נוסח איז אין תוספתא: בבא קמא, פּרק ח׳. דאָרטען שטעהט „אשכלות״ אנשטאט „זוגות״; און אנשטאט „מען קאָן געפינען א פלעק״ שטעהט דאָרטען פאַרקעהרט „מען קאָן נ י ט געפינען קיין פלעק״. אָבער, דער נוסח אין תוספתא איז אויך אַ בי־סעל פאַרגרייזט: דאָרטען הויבט זיך אָן ווייטער „זינט יוסי איז געשטאָר־בען...״ און עס ווערט ניט אויסגעפיהרט, וואָס אייגענטליך איז געשעהען נאָך יוסי׳ס טויט. אויף צו פאַרריכטען דעם פעהלער, מוזען מיר דאָ אָנקומען צום ירושלמי און אָננעהמען, אז אָט צו די ווערטער „זינט יוסי איז געשטאָרבען״

געהערט עס, וואָס זיי זאָגען דאָרטען, אַז מען קאָן אויף די אשכלות יע געפינען אַ פלעק. פון ביידע ערטער צוזאַמען קענען מיר אַלזאָ צונויפשטעלען דעם ריכטיגען טעקסט: אויף אלע אשכלות, וואָס האָבען זיך געשטעלט אָן דער שפיץ זינט נאָך משה׳ס טויט ביז יוסי בן יועזר, קאָן מען נ י ט געפינען קיין פלעק; נאָך יוסי׳ס טויט קאָן מען אויף זיי י ע געפינען א פלעק. אַזאַ נוסח האָבען געוויס געהאַט פאַר זיך די געלערנטע פון דעם תלמוד בבלי (ז. תמורה ט״ו). ז. „דור דור ודורשיו״, חלק ג׳, צווייטע אנמערקונג צו קאפּ. 4. דאָרטען האָב איך אַרויסגעזאָגט אַן אַנדער השערה וועגען דער ענטשטע־הונג פון דעם וואָרט „אשכלות״.

## זייט 296, צייכען (ד).

דער גאַנצער פסאַלם „הודו לה׳ כי טוב״ (תהלים קאפּ. קי״ה) איז אויף דער צייט, ווען די חשמונאים האָבען געזיגט, אָנגעמאָסטען. ווען די ברייתא זאָגט דאָרטען (שבת כ״א), אז מיט א יאָהר שפּעטער (נאָכ׳ן נס פון חנוכה) „האָבען זיי עס איינגעשטעלט און געמאכט פאר א יום טוב, וואָס זאָל געפייערט ווערען מיט ל ו י ב ג ע ז א נ ג א ו ן ד א נ ק ז א ג ו נ ג (וקבעו ועשאו יום טוב ב ה ל ל ו ה ו ד א ה), געהט עס אויף די צוויי בעזונדערע טיילען פון „הלל״, וואָס דער ערסטער הויבט זיך אָן מיט׳ן וואָרט „הללויה״ און ענדיגט זיך מיט דעמזעלביגען וואָרט, און דער צווייטער הויבט זיך אָן מיט׳ן פסוק „הודו לה׳ כי טוב...״ און ענדיגט זיך מיט דעמזעלביגען פסוק. די ברייתא איז זעהר אַן אַלטע. דער, וואָס האָט מתקן געווען, מען זאָל חנוכה זאָגען „על הנסים״ און „בימי מתתיהו״, האָט שוין פאַר זיינע אויגען געהאַט די ברייתא, ווארום ער דריקט זיך דאָרטען אויס „וקבעו שמונת ימי חנוכה אלה ל ה ו ד ו ת ו ל ה ל ל לשמך הגדול״ (און זיי האָבען איינגעשטעלט דידאָזיגע אכט טעג חנוכה אויף צו ד אַ נ ק ע ן א ו ן ל ו י ב ע ן דיין גרויסען נאָמען). דאָס איז דערזעלביגער לשון, ווי אין דער ברייתא „קבעו ועשאו יום טוב ב ה ל ל ו ה ו ד א ה״. מעהר ניט, די ברייתא דריקט זיך אויס פּינקטליכער: דעריבער איז דאָרטען פריהער „הלל״ און דערנאָך „הודאה״, אַזוי ווי עס געהען די ביידע טיילען פון הלל איינער נאָך דעם אַנדערען. דער, וואָס האָט מתקן געווען די תפלה, איז געווען ניט אַזוי פּינקטליך און האָט פאַרביטען דעם סדר. אפשר האָט ער גאָר ניט פאַרשטאַנען, אַז אין דער ברייתא ליגט אין די ווערטער „בהלל והודאה״ א בעזונדער מיין און דאָס געהט אויף די צוויי בעזונדערע טיילען פון „הלל״.

## זייט 296, צייכען (ה).

ז. גרעץ „געשיכטע דער יודען״, ענד פון באַנד 3, נאָטע 1, וואו ער פאַר־ריכט גוט דעם נוסח אין מגילת תענית. מען דאַרף נאָך דאָ אָנמערקען אָט וואָס: אין דער משנה אין עדיות איז דער נוסח „בני חשמונאים״; אין דער גמרא, אין יומא און עבודה זרה, איז דער נוסח „בית חשמונאי״. אפשר דאַרף דאָ גאָר זיין „בית דין של חשמונאים״. דער אויסדרוק „נמנו עליהן וגנזו״ (מען האָט וועגען זיי אָפּגעשטימט און מען האָט זיי בעהאלטען) אין מגילת תענית, פרק ח׳, ווייזט אויך, אז דאָ רעדט זיך וועגען א בית דין.

## זייט 297, צייכען (ו).

נאָכ׳ן טעקסט פון דער משנה, וועלכען מיר האָבען פאַר אונז, קומט אויס, אַז די צווייטע העלפט, וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער „אַפילו ווען דער קיניג בעגריסט...“ איז ניט קיין פאָרטזעצונג פון דער ערסטער העלפט (וואו עס ווערט דערצעהלט א מעשה, ווי אַזוי די ערסטע חסידים פלעגען זיך נוהג זיין), נאָר דאָס איז א זעלבסטשטענדיגער זאַץ, וואו עס רעדט זיך וועגען דעם, ווי אַזוי מ ע ן ד אַ ר ף טאָן. מיר דוכט אָבער, אַז די צווייטע העלפט איז אויך לכתחלה געמיינט געוואָרען נאָר אין דער פאָרם פון א דערצעהלונג, וואָס כאַראַקטעריזירט די ערסטע חסידים (אַזוי ווי מיר האָבען עס ציטירט אין דעם הויפּט־טעקסט). מעהר ניט, דער שרייבער פון דער משנה האָט דאָ געענדערט די פאָרם: אנשטאָט וואָס דאָס איז אין דעם אורשפּרינגליכען אָריגינאַל געוועזען אויסגעדריקט ווי א דערצעהלונג, האָט ער דאָס גאָר אויסגעדריקט אין דעם פאָרם פון א הלכה: אַז מען טאָר טאַקי ניט מפסיק זיין אין דאַוונען, אפילו ווען דער קיניג בעגריסט אָדער א שלאַנג פלאָנטערט זיך אונטער די פיס. און דאָס איז אין עצם אַ זאַך, וואָס קלינגט מאָדנע. אויף די ערסטע חסידים איז געווים קיין חידוש ניט, וואָס זיי האָבען ניט געוואָלט מפסיק זיין אין דאַוונען, אפילו ווען עס איז זיי געגאַנגען אום לעבען: דאָס איז געווען דער כאַראַקטעריס־טישער שטריך פון די חסידים. אָבער אַז די שפּעטערדיגע געלערנטע זאָלען אַוועקשטעלען אַזוינס ווי א הלכה, דאָס איז שוין אַ גרויסער חידוש, ווארום מיר זעהען דאָך, אז זיי הייסען אומעטום מחלל שבת זיין, אפילו פון ספק וועגען, ווען דאָס איז אפשר נאָר נויטיג, כדי צו פאַרהיטען א מענשענס לעבען, און דעריבער זיינען זיי ניט געווען איינשטימיג מיט די חסידים אין דער פראַגע פון הרג׳ענען שלאַנגען און עקדעשען אום שבת. ר׳ יוסף און ר׳ ששת האָבען קענטיג געפיהלט, אז אין דער משנה איז דאָ עפּעס ניט גלאַט (ברכות ל״ב און ל״ג), זיי ריידען אָבער ניט וועגען דעם, ווי אַזוי מען דאַרף די משנה און פשטות פאַרשטעהן. פון דער מעשה, וואָס ווערט דאָרטען ווייטער דער־צעהלט וועגען איין חסיד, זעהט מען, אז די חסידים פלעגען טאַקי ניט מפסיק זיין אין דאוונען פאר קיין פאל ניט, און דאָס בעשטעטיגט מיין מיינונג.

## זייט 305, צייכען (ז).

ר׳ ישמעאל האָט ניט געהאלטען פון די דרש׳ען, וואָס זיינען געבויט אויף די דאָפּעל־ווערטער (ירושלמי: נדרים, פרק א׳, הלכה א׳, און סוטה, פרק ז׳, הלכה ה׳. אויך פיעלע אַנדערע ערטער). ער פלעגט איבערהויפּט ניט אָנער־קענען אַמאָל א דרש, וואָס איז געבויט אויף דער „מדת הרבוי“ (שבועות כ״ו און פיעלע אַנדערע ערטער). וועגען די דאָפּעל־ווערטער ז. תוספות: סוטה כ״ד, דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „ר׳ יונתן“, און מנחות י״ז, דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „מאי“. דאָס דרשנ׳ען די דאָפּעל־ווערטער האָט זיך ביי זיי ענט־וויקעלט אין פאַרשיידענע ריכטונגען, דהיינו: א) די פאַרדאָפּעלונג ווייזט, אַז די ווירקונג קומט פאָר ניט נאָר אין דער געגענוואַרט, נאָר אויך אין דער צו־קונפט און זי ווערט גאָר אין מיטען ניט איבערגעהאַקט. ד. ה. די ווירקונג ווערט דאָ פאַרשטאַרקט אין ד ע ם פּרט, וואָס זי פאַרציהט זיך אויף אַן אונ־בעשרענקטער ציית. צו ד ע ם מין געהערט דער דרש פון די ערסטע זקנים

אויפ'ן „מחה תמחה", אַז דאָס געהט אויך אויף יענער וועלט. דאָסגלייכען: „ה כ ר ת ת כ ר ת" (זי וועט אָפּגעשניטען ווערען) — אויך אויף יענער וועלט (סנהדרין ס"ד. ספרי: שלח, פיסקא קי"ב); „פ ק ד י פ ק ד" (ער וועט נעהמען אין זינען — אויך אויף יענער וועלט (מכילתא: בשלח, פרשה א'). ב) עהנליך צו דעם איז אַזאַ מין דרש: „א ם ר א ה ת ר א ה" (אויב דו וועסט שענקען אויפמערקזאמקייט) — אויב דו וועסט שענקען אויפמערק־זאַמקייט, איז רעכט, אַז ניט, וועסטו זעהען, וואָס איך וועל טאָן (ברכות ל"א). „ג א ה ג א ה" (ער טריאומפירט) — ער ו ו ע ט נאָך ערסט טריאומ־פירען (מכילתא: בשלח, מסכתא שירה, פרשה ב'). „אם ב א י ב א" (אויב ער וועט אַריינקומען — אויב ער וועט אַריינקומען צום צווייטען מאָל (ויקרא, קאפּ. י"ד, פּסוק מ"ה). „אם פ ש ה ת פ ש ה (אויב זי וועט זיך ווייטער פאַרשפּרייטען) — אויב זי וועט זיך פאַרשפּרייטען אפילו אויפ'ן אַכטען, ניינ־טען אָדער צעהנטען טאָג (ספרא: תזריע, פּרשה ד'). די סוטה דאַרף ענטפערן „א מ ן א מ ן" — אויף דער פאַרגאַנגענהייט און אויף דער קומענדיגער צייט (סוטה י"ח). ג) די פאַרדאָפּעלונג ווייזט, אז די ווירקונג וועט סוף כל סוף אַרויסרופען אַן אַנדער ווירקונג, עהנליך צו איהר, און דאָס וועט זיין א לוין אָדער א שטראָף. צ. ב. „אם ש מ ו ע ת ש מ ע" (אויב דו וועסט זיך צוהע־רען — ווען א מענש שטרענגט זיך אָן כאָטש אַ ביסעל צו הערען, לאָזט מען איהם הערען אפולע (מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פּרשה א'). „ואם ה ע ל ם י ע ל י מ ו את עיניהם" (און אויב זיי וועלען זיך מאַכען ניט זעהענדיג) — אויב זיי וועלען זיך איין זאַך מאַכען ניט זעהענדיג, וועלען זיי צום סוף פיעלע זאכען פאַרזעהען (ספרא: קדושים, פּרשה י'). ד) די פאַר־דאָפּעלונג ווייזט, אז די טאַט דאַרף ווידערהאָלט ווערען עטליכע מאָל, ביז די ווירקונג וועט דערגרייכען דעם צוועק. צ. ב. „ה ו כ י ח ת ו כ י ח" (זאָלסט זאָגען דעם אנדערען מוסר) — אפילו הונדערט מאָל (בבא מציעא ל"א). „ו ר פ א י ר פ א" (און ער זאָל איהם היילען) — אפילו פיר אָדער פינף מאָל (מכילתא: משפטים, מסכתא נזיקין, פּרשה ו'). „א ב ד ת א ב ד ו ן" (איהר זאָלט זיי פערניכטען) — פונדאַנען איז געדרונגען, אַז מען דאַרף די היילִיגע בוימער פון די געצענדינער פריהער אויסהאקען און דערנאָך אויסרויי־סען די וואָרצלען (עבודה זרה מ"ה). „ש ל ח ת ש ל ח את האם" (זאָלסט די מוטער אוועקשיקען) — אפילו פיר און פינף מאָל נאָכאַנאַנד, אויב זי קעהרט זיך אום צוריק (חולין קמ"א). „ואם פ ר ו ח ת פ ר ח הצרעת" (און אויב די קרעץ וועט זיך אויסשלאָגען) — אפילו אויב זי וועט זיך אויס־שלאָגען ביסלאכווייז, ניט מיט א מאָל (ספרא: תזריע, פּרשת נגעים, פּרק ג'). ה) די פאַרדאָפּעלונג ווייזט, אַז די זאַך דאַרף צוויי מאָל געטאָן ווערען. צ. ב. „אם א מ ר י א מ ר העבד" (אויב דער קנעכט וועט זאָגען) — סיידען ער וועט זאָגען צוויי מאָל (קידושין כ"ב). „אם ע נ ה ת ע נ ה" (אויב דו וועסט פייניגען) — סיידען ער וועט פייניגען איין מאָל און נאָך אמאָל (מכילתא: משפטים, מסכתא נזיקין, פּרשה י"ח). ו) די פאַרדאָפּעלונג ווייזט, אז די זאַך קאָן געטאָן ווערען אויף אַלערליי מעגליכע אופנים. אין ד ע ם זין ווערען אויסגעטייטשט די מעהרסטע דאָפּעל־ווערטער, ווי: „ה כ ה ת כ ה את יושבי

העיר ההיא לפי חרב" (זאָלסט אומברענגען די איינוואוינער פון יענער שטאָדט מיט'ן שווערד) — אויב מען קאָן זיי ניט אומברענגען מיט'ן שווערד, דאַרף מען זיי אומברענגען אויף אַן אנדער אופן (בבא מציעא ל"א). „ואם מ א ן י מ א ן אביה" (און אויב איהר פאָטער וועט ניט וועלען) — דער פאַרפיהרער דאַרף בעצאָהלען שטראָף, אפילו אויב די מיידעל האָט ניט קיין פאָטער (כתובות מ"ד). „אם ע נ ה ת ע נ ה (אויב דו וועסט פייניגען) — אַלץ איינס צי מען פייניגט אפּולע, צי מען פייניגט אַביסעל (מכילתא: משפטים, מסכתא נזיקין, פרשה י"ח). אויף דעמזעלביגען שטייגער דרשנ'ען זיי אין בבא מציעא ל"א און אנדערע ערטער די דאָפּעל־ווערטער: „ח ב ל ת ח ב ל" (דו וועסט נעהמען אין משכון), „ה ש ב ת ש י ב" (זאָלסט אומקעהרען), „נ ת ן ת ת ן" (זאָלסט געבען), „פּ ת ו ח ת פ ת ח" (זאָלסט אויפעפענען), „ה ע נ ק ת ע נ י ק" (זאָלסט געבען מיט א פולער האַנט), „ה ע ב ט ת ע ב י ט נ ו" (זאָלסט איהם לייהען). פון דעמעזלביגען מין איז דער דרש אויף „א ש ם א ש ם" (ער האָט זיך פאַרזינדיגט) אין ספרא, ויקרא, פרק כ"א. ז) די פאַרדאָפּעלונג ווייזט, אז דאָ רעדט זיך וועגען צוויי בעזונדערע אַקטען. צ. ב. „האכל יאכל" (עס וועט געגעסען ווערען) — דאָ רעדט זיך סיי וועגען דעם טייל פון דעם קרבן, וואָס ווערט געגעסען, סיי וועגען יענעם טייל, וואָס ווערט פאַרברענט אויפ'ן מזבח (מנחות י"ז). „דרש דרש" (ער האָט נאָכ־געפאָרשט) — נאָך צוויי בעזונדערע זאכען האָט ער נאָכגעפאָרשט (זבחים ק"א). „שכב ישכב" (ער וועט ליגען) — דאָ רעדט זיך וועגען ליגען אויף צווייערליי אופנים (ספרא: מצורע, פרקי זבים, פרק ז'). ח) די פאַרדאָפּעלונג ווייזט, אַז דאָס געהט אויך אויף אַן אַנדער זאַך, וואָס איז ניט דירעקט אויסגעדריקט אין דעם פסוק. צ. ב. „ואם ג נ ב י ג נ ב מעמו ישלם" (אויב דאָס וועט ביי איהם גע'גנב'עט ווערען, דאַרף ער בעצאָהלען) — ער דאַרף בעצאָהלען אויך, אויב עס ווערט ביי איהם פארפאלען (מכילתא: משפטים, מסכתא נזיקין, פרשה ט"ז). „אם ה מ ר י מ ר" (אויב ע ר וועט אומבייטען) — אויב אַ פרוי וועט אומבייטען, איז אויך דיזעלביגע זאַך (תמורה ב'). „ג א ו ל י ג א ל נ ה" (ער וועט זי אויסלייזען) — אפילו ווען די פרוי אָדער דער יורש קומט אויסלייזען א הויז, וואָס איז געשענקט געוואָרען אויפ'ן טעמפּעל, דאַרף אויך צוגערעכענט ווערען א פינפטעל צום ווערט (ספרא: בחקתי, פרשה ד'). אָט אַזוי זיינען זיי פון צייט צו צייט מיט דעמדאָזיגען דרש־מעטאָד גע־גאַנגען אלץ ווייטער און ווייטער, ביז אָהן אן עק.

## זייט 307, צייכען (ח).

דאָס, וואָס דאָ ווערען איבערגעגעבען צוויי בעזונדערע נוסחאות, איז נאָר מחמת דעם, ווייל דיביידע פראַזען קלינגען עהנליך איינע צו דער אנדערער, און די הערער זיינען וועגען דעם געווען אין צווייפעל. צווישען דעם חולם און דעם וואָרט „יופי" און דעם קמץ אין דעם וואָרט „יה" הערט זיך ניט קיין אונטערשייד אין דער אויסשפּראַכע; דעריבער קלינגט עס עהנליך „יופי לך" און „יה ולך". מיר דוכט, אז פון דערזעלביגער אורזאכע שטאַמט אויך דאָס, וואָס זיי זיינען געוועזען אין צווייפעל וועגען דער פראַזע, וואָס פלעגט גע־זאָגט ווערען בשעת הקפות. נאָך איין מיינונג, איז דער נוסח געווען „אנא ה'

הושיעה נא" (אָה, גאָט, העלף!). נאָך ר' יהודה'ס מיינונג, פלעגען זיי זאָגען „אני והו הושיעה נא", און עס איז ניט קלאָר, וואָס בעדייט דער „אני והו"? בעטראכטען מיר אָבער גוט די אויסשפּראכע פון די ווערטער „אני והו", דאַן זעהען מיר, אז דאָס איז גאַנץ נאָהענט צו דער אויסשפּראכע פון די ווערטער „אנא יהוה", אויב מען זאָל גאָטס נאָמען לייענען דאָ אזוי, ווי ער שטעהט גע־שריבען. דאָס, וואָס זיי האָבען פון „אנא יהוה" איבערגעמאכט אויף „אני והו", איז מחמת דעם, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט גאָר דייטליך אויסשטעלען גאָטס נאָמען אין אָריגינאַל. אויב אזוי, דאַן מוזען מיר דערפון שליסען, אַז גאָטס נאָמען אין אָריגינאַל פלעגט ביי זיי אויסגעשפּראָכען ווערען ניט מיט א שוא אונטער'ן „י", ווי די נקודה אין אונזערע ספרים בעווייזט, נאָר מיט א חירק, ווייל נאָר אין אַזאַ פאַל איז די אויסשפּראכע פון „אני והו" עהנליך צו דער אויסשפּראכע פון „אנא יהוה". איך זאָג ניט בעשטימט, אז מיין השערה איז ריכטיג. יעדענפאלס איז זי מעהר וואהרשיינליך, איידער די השערה פון תלמוד, וועלכע ערקלערט די בעדייטונג פון דעם „אני והו" מיט א גימטריא (סוכה מ"ה און פּירוש רש"י).

# קאפּיטעל 13.

## זייט 321, צייכען (א).

גרעץ אין „געשיכטע דער יודען", באַנד 3, נאָטע 12, שרייבט וועגען דעם אזוי: די פּרושים האָבען געזאָגט, אז א שטראם, וואָס קומט אריין פון אן אומ־ריינער כלי אין א ריינער, מאַכט ניט אומריין דאָס ריינע. גרעץ האָט דאָ גע־מיינט צו זאָגען פארקעהרט: א שטראם, וואָס קומט אריין פון א ריינער כלי אין אן אומריינער, מאַכט ניט אומריין דאָס ריינע. פונוואַנען האָבען זיך דאָס די צדוקים גענומען, אַז די פליסיגקייט אין דער ריינער כלי ווערט יע אומריין? נאָך מיין מיינונג, האָבען זיי זיך דאָ געשטיצט אויפ'ן פּסוק „און יעטוועדעס געטראַנק, וואָס ווערט געטרונקען, אין יעטוועדער כלי ווערט אומריין." (ויקרא, קאפּ. י"א, פּסוק ל"ד). זיי האָבען געהאלטען, אז אלערליי כלים נעהמען זיך אָן מיט אומריינקייט און זיי מאַכען אויך אומריין אנדערע זאכען דורך דער לופט (ווי עס איז דאָ אַזאַ הוה־אמינא אין ספרא, שמיני פּרק ט'), ד. ה. שפּייזען און געטרענק ווערען אומריין, אפילו ווען זיי קומען נאָר אין בעריהרונג מיט דער לופט, וואָס איז איינגעשלאָסען אין אן אומריינער כלי. דעריבער איז ביי זיי אויסגעקומען, אַז ווי נאָר דער ריינער שטראם קומט אריין אין דער לופט, וואָס איז איינגעשלאָסען אין דער אומריינער כלי, ווערט ער שוין אומריין. און אזוי ווי עס שיקט זיך ניט צו זאָגען, אז איין טייל פון דעם שטראם איז אומ־ריין און אן אנדער טייל פון דעמזעלביגען שטראם איז ריין, האָבען זיי דעם גאַנצען שטראָם ערקלערט פאר אומריין, און ממילא האָבען זיי שוין געמוזט האַלטען פאר אומריין אויך דאָס וואַסער, וואָס איז פארבליבען אין דער ריינער כלי.

## זייט 321, צייכען (ב).

אין משנה און אין דער גמרא ווערט ניט דערמאָהנט אָט די מחלוקת. איך האָב אָבער געפונען אויף דעם א רמז אין ירושלמי: סנהדרין, פּרק א', חלכה ב',

וואו עס ווערט געזאָגט, אז פ ו ן אָ נ ה ו י ב (בראשונה) פלעגט מען א דאָקומענט וועגען חליצה אזוי שרייבען: מיר, די און די, זיינען דערביי געזעסען... און זי האָט א שפיי געטאָן פאַר אונז אין די אויגען אזוי, אַז די שפּייאכץ האָט זיך געזעהען אויף דער ערד. פון דאָרטען זעהט אויס, אז דאָס איז געווען אַן אלטע תקנה. אין יבמות ל"ט ווערט אפילו ערקלערט, אַז דאָס האָט ר' יהודה אזוינס איינגעפיהרט. מעגליך, אַז די אלטע תקנה איז אין א צייט ארום בטל געווארען — א סימן אויף דעם האָבען מיר אין דעם אויסדרוק „פון אָנהויב" — און ר' יהודה האָט זי בעניית: מיר דוכט, אז פון אָנהויב האָבען זיי טאַקי געהאַלטען פאר וויכטיג צו שרייבען, אז די שפּייאכץ האָט זיך געזעהען אויף דער ערד, כדי צו דעמאָנסטרירען דערמיט, אַז מען דאַרף ניט פאָלגען די צדוקים, וואָס זיי האָבען געזאָגט, אז זי דארף איהם א שפיי טאָן אין פנים ארײן. אז די צדוקים זיינען אראָפּ פון סצענע, איז די זאַך בטל געוואָרען. צוליעב געוויסע מאָטיווען, וואָס ווערען ערקלערט אין דער גמרא, האָט ר' יהודה איבעראַניים איינגעפיהרט דעם דאָקומענט וועגען חליצה, און ער האָט איבערגענומען דעם פאַרצייטיגען נוסח, וואו עס ווערט דערמאָהנט, אַז די שפּייאכץ האָט זיך געזעהען אויף דער ערד, כאָטש אפילו דאָס איז ניט קיין בעדינגונג, פון וועלכער די גילטיגקייט פון דער חליצה הענגט אָפּ. ז. ירושלמי: יבמות, פרק י"ב, הלכה ו'; אויך תוספתא: יבמות, פרק י"ב. ווי דאָס איז, פון אָנהויב איז ביי זיי געווען איינגעפיהרט, אז מען האָט געמוזט דוקא שרייבען „עס האָט זיך געזעהען אויף דער ערד", אין געגענזאַץ צו דער מיינונג פון די צדוקים.

## זייט 326, צייכען (ג).

אין זיין ווערק „אורשריפט דער ביבעל", פון זייט 100 און ווייטער, זאָגט ר' אברהם גייגער ארויס פערנינפטיגע געדאַנקען וועגען דער ענטשטעהונג און דער ענטוויקלונג פון דער צדוקים־פּאַרטיי. אייניגע פון זיינע געדאַנקען זיינען מיר זעהר צוניץ געקומען. איך געפין דאָ פאר נויטיג איבערצוגעבען אין קורצען דאָס, וואָס ער זאָגט וועגען דער ענטשטעהונג פון דער פּאַרטיי. גאָר פון אָנהויב איז די שפּאַלטונג ארויסגעקומען צוליעב פערזענליכע אַמביציעס. די צדוקים — דאָס זיינען געווען די כהנים פון צדוק'ס פאמיליע. זיי האָבען זיך גערעכענט פאר דער אריסטאָקראַטיע צווישען די כהנים און האָבען סיי אין פּאָליטישע, סיי אין רעליגיעזע ענינים די העכסטע ראָלע געשפּילט. זיי זיינען געווען די ערסטע צווישען די סופרים, און פון זיי פלעגען ארויסגעהן די אויסטייטשונגען און ערקלערונגען אויף די מצות און געזעצען פון דער תורה. פאַרשטעהט זיך, אז זיי האָבען געהאַט א היבשען חלק אין דער ענטוויקלונג פון דער תורה שבעל פה. זיי זיינען אייגענטליך געווען די טרעגער פון דער טראַדיציע. מיט דער צייט אָבער זיינען זיי פון זייער גדולה ארונטערגעשטויסען געוואָרען, און דאָס האָט ביי זיי ארויסגערופען א געפיהל פון קנאה און ריוואַ־ליטעט אנטקעגען די איבעריגע געלערנטע. דער אַנטאַגאָניזם, וואָס זיי האָבען געפיהלט אין זייערע הערצער, האָט געבראכט אויך צו מיינונגס־פארשיידענהייטען (דאָס פריהער דערמאָהנטע ווערק, זייט 133). נאָך אלעם דעם פיהרט דאָר־טען אויס גייגער אזוי: די צדוקים זיינען געווען די אָנהאַלטער פון דער טראַדיציע, די אלטע הלכות און די קבלות האָבען געשטאַמט פון זיי; די וויי־

טערדיגע ענטוויקלונג פון די הלכות און די נייע דרש־מעטאָדס — דאָס איז שוין געווען די אויפטואונג פון די פּרושים. אָט דער שלום גייגער׳ס איז ניט קיין ריכטיגער, נאָך מיין מיינונג. אויב די צדוקים, וואָס האָבען זיך אָפּגע־טיילט, זיינען געווען פון די סופרים, איז דאָך קלאָר, אַז פּ אַ ר דער שפּאַל־טונג זיינען די פּרושים און די צדוקים געווען איינס. זיי האָבען אין איינעם געווירקט אויף דעם געביט פון שטודירען די תורה, ערקלערען דעם טעקסט פון די הייליגע שריפטען. זיי האָבען געפּאָלגט די אנווייזונגען פון די אנשי כנסת הגדולה אין דעם ענין פון „בעטראַכטען אויפמערקזאם און געלאַסען א דין, אריינקריגען וואָס מעהר תלמידים און מאַכען א גדר צו דער תורה“. מיר זעהען, אז די פּרושים זיינען נאָך דער שפּאַלטונג אויך געגאַנגען אין דער־זעלביגער ריכטונג, אָפּהיטענדיג די אַלע כללים. פּאַרקעהרט זעהען מיר, אַז די צדוקים זיינען נאָך דער שפּאַלטונג ניט געגאַנגען אין דערדאָזיגער ריכטונג, זיי האָבען די כללים אוועקגעוואָרפען. נאָך דעם נאָך קענען מיר אורטיילען, אַז צוליעב קנאה און צוליעב פּערזענליכע אַמביציעס האָבען זיי פאַרלאָזען די ריכ־טונג, אין וועלכער זיי זיינען פריהער אין איינעם מיט די פּרושים געגאַנגען, און זיי זיינען אוועק מיט אַן אנדער וועג. אלזא, די צדוקים זיינען געווען די געגנער פון דער אלטער ריכטונג, ניט, פאַרקעהרט, איהרע אָנהענגער. די פּרושים זיינען געבליבען אויף זייער פריהערדיגען וועג, נאָר זיי זיינען געגאַנגען אלץ העכער און העכער. די צדוקים אבער זיינען אראָפּ פון דעם וועג, מיט וועלכען זיי זיינען פריהער געגאַנגען, ווי דאָס פּאַסירט שטענדיג מיט א געגנער, ביי וועמען די געגנערשאַפט נעהמט זיך פון א זייטיגער פּנייה. נעהמען מיר נאָר אָן, אַז די סופרים און די געלערנטע האָבען פון שטענדיג אָן אויסגעטייטשט און ווייטער ענטוויקעלט די תורה, דאַן מוזען מיר אנערקענען, אז דידאָזיגע אויפגאַבע האָבען די פּרושים ערפילט נ אָ ך דער שפּאַלטונג, פּונקט אזוי ווי פריהער. פון דער אנדער זייט מוזען מיר מודה זיין, אז די צדוקים האָבען נ אָ ך דער שפּאַלטונג אזוינס ניט געטאָן. אויף אזאַן אופן האָבען זיי, ניט די פּרושים, פאַרלאָזען דעם טראַדיציאָנעלען וועג.

## זייט 334, צייכען (ד).

עס איז צו בעדויערן, וואָס ביי פיעלע שרייבער איז היינטיגע צייטען גע־וואָרען א מאָדע צו בויען השערות אויף דעם סמך פון א וועלכען עס איז צווויי־פעלהאַפטען און שוואַכען רמז. געפינען זיי נאָר אין א מאמר פון תלמוד כאָטש א ברעקעל עהנליכקייט צו א מיינונג, וואָס א וועלכע עס איז סעקטע האָט פערטראָטען, בעשליסען זיי גלייך, אַז דער מאמר שטאַמט געוויס פון איינעם, וואָס איז געווען אַן אנהענגער פון יענער סעקטע. נאָך מעהר, אמאָל ווערט ביי זיי פון איין וואָרט בעשאַפען א גאַנצע סעקטע. אזוי צ. ב. וויל איינער האָבען, אַז די ותיקין־לייט זיינען געווען די אסיים אָדער אז די „ענוים“, וועגען וועלכע עס רעדט זיך אין תהלים, זיינען געווען אזא סעקטע פון לוים. אין דער אמת׳ען האָבען אזעלכע השערות און אנדערע פון דעם מין קיין סענס ניט.

## קאפיטעל 14.

### זייט 338, צייכען (א).

די גמרא (גיטין ח׳) זוכט צו ערקלערען, פאר וואָס עפּעס סיריען איז געגליכען צו ארץ ישראל? די ערקלערונג איז: ווייל „כבוש יחיד שמה כבוש" (אין ווערטליכער איבערזעצונג הייסט עס „די עראָבערונג פון אן איינצעלנעם ווערט אויך אָנגערופען עראָבערונג") ד. ה. ניט נאָר די לענדער, וואָס יהושע האָט איינגענומען, נאָר אויך וואָס די שפּעטערדיגע האָבען איינגענומען, ווער־רען גערעכענט פאר א טייל פון ארץ ישראל, און דוד האָט דאָך אין זיין צייט איינגענומען דאָס לאנד סיריען. פאר וואָס עפּעס די שפּעטערדיגע עראָבערונגען ווערען אנגערופען „כבוש יחיד", — דאָס ערקלערען די מפרשים אויף פארשיי־דענע אופנים (ז. תוספות צו עבודה זרה כ״א). אויב מיר זאָלען אננעהמען יענע מיינונג, וועלכע זאָגט, אז די היילינקייט פון אן אָרט, וואָס די אידען האָבען איינמאָל פארנומען, איז ניט פארבליבען אויף שטענדיג (סיידען זיי האָבען איהם ווידער פארנומען צום צווייטען מאָל), בוצט דאָך אונז גאָר ניט די אויבען דערמאָהנטע ערקלערונג וועגען סיריען. וואָס איז די פּעולה, וואָס דוד האָט אמאָל געהאט איינגענומען סיריען, וויבאלד די צוריקגעקומענע פון גלות האָבען ניט פארנומען דאָס לאנד? אין דער אמת׳ען, איז די הלכה ארויס־געגעבען געוואָרען אין דער צייט פון יוחנן, נאָכדעם ווי ער האָט א טייל פון סיריען איינגענומען. דאן האָבען זיי איינגעפיהרט די דריי תקנות, וואָס זיינען אויסגערעכענט אין תוספתא, אין דעם אָרט, וועלכער ווערט ביי אונז אין הויפּט־טעקסט ציטירט. געווים האָבען זיי אין א צייט ארום צוגעגעבען נאָך איניגע תקנות. אומזיסט פרעגט דאָרטען תוספות (עבודה זרה כ״א. דער זאץ, וואָס הויבט זיך אָן „קסבר") אויף ד ע ם פּונקט א קשיה. זעה דאָרטען נאָך, ווייל איך מאַך דאָס דאָ קורץ. איך וויל דאָ נאָך אָנצייכענען די מעהרסטע ערטער, וואו זיי בעהאנדלען די פראגע וועגען סיריען. דער, וואָס וועט נאָכזעהען, וועט אליין קענען אורטיילען, וואָס איז געזאָגט געוואָרען פריהער און וואס שפּעטער: דמאי, פּרק ו׳, משנה י״א; שביעית, פרק ו׳, משניות ב׳ און ו׳, מעשרות, פרק ה׳, משנה ה׳; חלה, פרק ד׳, משניות ז׳ און י״א; ערלה, פרק ג׳, משנה ט׳, ראש השנה, פרק א׳, משנה ד׳, בבא קמא, פרק ז׳, משנה ז׳; עבודה זרה, פרק א׳, משנה ח׳, אהלות, פרק י״ח, משנה ז׳. תוספתא: פאה, פרק ד׳ (ווערט געבראכט אויך אין דער גמרא, כתובות כ״ה); כתובות, פרק ג׳; דמאי, פרק א׳; תרומות, פרק ב׳; שביעית, פרק ד׳; מעשר ראשון, פרק ג׳; ערלה, פרק א׳; שקלים, פרק ב׳; עבודה זרה, פרקים ב׳, ד׳ און ה׳. ז. אויך די גמרא אויף די אָנגעצייכענטע משניות.

### זייט 339, צייכען (ב).

אין דער גמרא (גיטין ח׳) ווערט די הלכה אויסגעלעגט אנדערש. קודם כל ווערט געזאָגט קאַטעגאָריש, אַז דער באָדען פון סיריען איז אומריין. דערנאָך ווערט געבראכט אזא מאמר: ווער עס וויל ארייגקומען אהינצו רייגערהייט, מעג אריינקומען. פרעגט גלייך די גמרא א קשיה: סטייטש, דער באָדען פון סיריען איז דאָך אומריין? און זי פארענטפערט עס אויף אזאן אופן: ער קאן זיך לאָזען אריינברענגען אהינצו אין א קאָרב, אין א קאַסטען, אין אן אל־

מער (ד. ה. בלייבענדיג אָפּגעצאַמט פון דעם אומרייניעם באָדען). אין תוספתא (בבא קמא פון כלים, פרק א׳) איז דער נוסח אזוי: אויב ער קאָן אריינקומען אהינצו רייגערהויט, איז זי ריין. ווער איז די „זי"? דאָס מיינט, קענטיג, אז די ערד (דער באָדען) פון סיריען איז ריין. נאָך דער ערקלערונג פון דער גמרא, האָט גאָר דער נוסח פון תוספתא קיין זין ניט. פארגלייכען מיר אָבער דעם אינהאלט פון דער ברייתא מיט דער ציטירטער משנה פון אהלות, דאן זעהט מען, אז דער נוסח פון תוספתא איז דער ריכטיגער, ווארום אין דער משנה געהט אויך דאָס וואָרט „טהורה" (זי איז ריין) אויפ׳ן באָדען. ז. דאָרטען די פירושים פון רמב"ם און ר"ש. זייער ערקלערונג אויף דערדאָזיגער משנה שטימט מיט אונזער ערקלערונג, ניט מיט דער אויסלעגונג פון דער גמרא. עס גלויבט זיך מיר ניט, אז די בעלי הגמרא האָבען דאָ געהאט פאר זיך אן אנדער ברייתא, ניט די, וואָס אין תוספתא. ווען מען קוקט זיך נאָר צו גוט, זעהט מען, אַז דאָס איז פאָרט דיזעלביגע ברייתא. מעהר ניט, אין דער גמרא איז דער נוסח פאר־גרייזט, און אָט דער פארגרייזטער נוסח האָט עס אָנגעמאַכט, אַז זיי האָבען אויס־געטייטשט די הלכה אויף אן אנדער אופן, אָפּווייכענדיג פון דעם פשוט׳ען טייטש, וואָס איז פון דער משנה געדרונגען.

## זייט 344, צייכען (ג).

אויף זייט 178 פון דעם ציטירטען ווערק ווייזט דאָרטען אויף גייגער, אז אין תלמוד איז פארבליבען א שפור פון יענער אלטער הלכה, נאָך וועלכער מען פלעגט אין דעם דריטען יאָהר דארפען אפּשיידען דרייערליי מעשר. ער ציטירט די ברייתא פון ספרי, ראה, פיסקא ע"ב: ר׳ יוסי זאָגט: אפשר וואָלט מען געקאָנט מיינען (יכול), אַז עס קומט א שטראָף נאָר פאר „טבל", ד. ה. פאר אזוינע תבואות, פון וועלכע עס איז גאָרנישט ניט אָפּגעשיידט? ווי איז אבער, ווען מען האָט אָפּגעשיידט תרומה און ניט אָפּגעשיידט קיין מעשר ראשון, ווען מען האָט אָפּגעשיידט מעשר ראשון און ניט אָפּגעשיידט קיין מעשר שני, ווען מען האָט אָפּגעשיידט מעשר שני און ניט אָפּגעשיידט קיין מעשר עני? פונוואַנען ווייסען מיר, אז אויך דערפאר קומט א שטראָף? און אזוי ווייטער. פון דער גאנצער פראזעאָלאָגיע זעהט אויס, אז דאָ רעדט זיך וועגען דרייערליי מעשר אין איין יאָהר. איך האָב אָבער דידאָזיגע ראיה מיט א כיוון דורכגעלאָזען, ווייל ווען מיר זאָלען אפילו אננעהמען, אז מיר האָבען דאָ ווירקליך א שפור פון אן אלטער הלכה, וואָס שיידט זיך אָפּ פון דער נייער, איז נאָך א פראגע, אין וואָסער פּרט זי שיידט זיך פון איהר אָפּ? צי האָט טאַקי די אלטע הלכה פארלאנגט — ווי גייגער נעהמט אָן — אז מען זאָל אין דעם דריטען יאָהר געבען דרייערליי מעשר, אדער זי האָט אויך נאָר געהייסען אין דעם דריטען יאָהר פארבייטען מיט דעם מעשר עני אן אנדער מעשר; מעהר ניט, אנשטאַט וואָס די נייע הלכה הייסט אין דעם דריטען יאָהר פארפעהלען דעם מעשר שני, האָט די אלטע הלכה געהייסען פארפעהלען דעם מעשר ראשון. דער ציטירטער דרש פון ספרי ראה, פיסקא ע"ב, לאָזט זיך אויך אויף אזאן אופן גוט איינטייטשען; בפרט נאָך אז מיר געפינען אזא מיינונג, ווי א הוה־אמינא, אין ספרי, ראה, פיסקא ק"ט. א צווייטע ראיה ברענגט גייגער פון ספרי, כי תבא, פיסקא ש"ב, וואו עס הויבט זיך אָן אזא מין דרש: אין דעם דריטען יאָהר... אפשר וואָלט מען געקאָנט

מיינען (יכול), אז אין דעם יאָהר דאַרף מען געבען צווייערליי מעשר? מיר ווייסען נאָר (אין לי אלא) פון מעשר עני אליין, וואָס פון איהם רעדט דער פּסוק. פונוואַנען זשע לערנען מיר אָפּ אויף די איבעריגע מעשרות? נאָך גוי־גער'ס מיינונג, דאַרף מען דאָס פאַרשטעהן אָט ווי: אפשר וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז אין דעם יאָהר דאַרף מען געבען צווייערליי מעשר? אדער אפשר וואָלט מען געקאָנט מיינען, אז אין דעם יאָהר דאַרף מען געבען נאָר מעשר עני? לאָזט אונז דער פּסוק וויטער הערען „את כל" (אלע). מיט דעם האָט ער צוגעגעבען אויך די איבעריגע... איך מוז אָבער זאָגען, אז ניט אין ספרי, ניט אין ספרא, ניט אין מכילתא האָב איך ערגעץ ניט געפונען, זיי זאָלען בענוצען די פאַרבינדונגס־ווערטער „יכול" און „אין לי" אײנס נאָך דעם אנדערען אין אַזאַ צוזאַמענהאַנג. די ביידע פאַרבינדונגס־ווערטער ווייזען דאָך, אַז ער מיינט צו זאָגען: נאָכ'ן פּסוק נאָך, האָט מען אין פלוג געקאָנט מיינען אזוי און אזוי. היינט וויבאַלד ער האָט געזאָגט; מען האָט געקאָנט מיינען, אז דאָ רעדט זיך וועגען צווייערליי מעשר, ווי אזוי זשע וועט ער ג ל י י ך זאָגען, אז נאָכ'ן פּסוק נאָך ווייסען מיר נאָר פון איין מעשר? מיר מוזען זאָגען, אז דאָ פעהלט עפּעס, און עס דאַרף זיין אזוי, ווי עס שטעהט אין ספרי, ראה פיסקא ק"ט, וואו די צוויי הוה־אמינא'ס זיינען אין גאַנצען אָפּגעטיילט איינע פון דער אנדערער.

## זייט 347, צייכען (ד).

ז. אונזער השערה אין „דור דור ודורשיו", חלק ב'. דאָרטען האָבען מיר אָנגעוויזען, אז זיי האָבען געהאַט נאָך אַן אנדער גרונד אויף איינצופיהרען אזא מין תקנה: אַן עהנליכער מנהג האָט מאַקי עקזיסטירט ביי די גריכען. עס איז אלזא ריכטיג, וואָס זיי זאָגען וועגען דעם אין תלמוד, אז דאָס איז געוועזען דער שטייגער פון געצענדינסט. זעה דאָרטען נאָך אויפמערקזאַם.

## זייט 350, צייכען (ה).

מיר זיינען דאָ ניט אויסען צו דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע וועגען די כותים, וועגען זייערע כאַראַקטעריסטישע אייגענשאַפטען און זייער גלויבען. ר' רפאל קירכהיים אין זיין ווערק „כרמי שומרון" האָט אָט דעם טייל גרינדליך בעאַרבעט און האָט ארויסגעזאָגט ריכטיגע און פערנינפטיגע געדאַנקען. אייניגע פון זיינע געדאַנקען זיינען מיר צוניץ געקומען. דאָסגלייכען האָט וועגען זיי אויספיהרליך געשריבען יאָסט אין זיין ווערק „געשיכטע דעם יודענטומס אונד זיינער סעקטען", באַנד 1, פון זייט 44 און ווייטער.

## זייט 352, צייכען (ו).

די דינים, אַנטקעגען וועלכע די כותים זיינען געגליכען צו אידען, זעה ברכות, פּרק ז', משנה א'; דמאי, פּרק ג', משנה ד', פּרק ה', משנה ט' און פּרק ז', משנה ד'; תרומות, פּרק ג', משנה ט' (ז. אויך נדה, פּרק ד', משנה ב'). פאַראַן אויך אנדערע משניות, וואו די כותים ווערען געגליכען צו גויים. ז. ברכות, פּרק ח', משנה ח'; שקלים, פּרק א', משנה ה'; טהרות, פּרק ה', משנה ח'. דאָס זיינען אלץ אנאָנימע הלכות, וואָס שטאַמען פון אן עלטערער עפּאָכע. זיי זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען אין דער צייט פון יוחנן כהן גדול און נאָך איהם.

די הלכות, וואו די כותים ווערען געגליכען צו אידען, זיינען ארויסגעגעבען געוואָרען א סך שפּעטער, בעת זיי זיינען געווען מעהר טאָלעראַנט צו די כותים. מיט דערמיט ערקלערט זיך דער ווידערשפּרוך, וואָס איז, דוכט זיך אויס, פאַראַן צווישען די פאַרשיידענע הלכות. ז. חולין י"ג. ריידענדיג וועגען די „מינים", זאָגען זיי דאָרטען, אז זייער ברויט איז אליך איינס, ווי דאָס ברויט פון די כותים. ז. דאָרטען תוספות. ז. אויך תוספות אין חולין ד', דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „מצת כותי". די מיינונג, אז עסען דאָס ברויט פון א כותי איז אליך איינס, ווי עסען חזיר־פליוש, ווערט איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון ר' אליעזר; קומט ר' עקיבא און וואַרפט דאָרטען אריין אַזאַ וואָרט: שווייגט! איך וועל אייך ניט אויסזאָגען, וואָס ר' אליעזר האָט וועגען דעם ענין געזאָגט. ער האָט געמיינט צו זאָגען, אַז ר' אליעזר האָט דעם ענין א סך גרינגער געמאַכט. הייסט עס דען, אַז זיי זיינען צווישען זיך ניט געווען אייניג וועגען דעם, וואָס פאר א קבלה ר' אליעזר האָט איבערגעגעבען? ניין, וועגען דעם איז ביי זיי ניט געוועזען קיין פראגע. עס איז בעוואוסט, אז ביי ר' אליעזר'ן איז געווען דער שליסעל פון אלטע קבלות. און ער האָט טאַקי איבערגעגעבען אזוי, ווי ער האָט געהערט: אז עסען דאָס ברויט פון א כותי איז אליך איינס, ווי עסען חזיר־פליוש. דאָס איז געווען א גזירה, וואָס איז, נאָך מיין מיינונג, ארויסגעגעבען געווארען אין יוחננ'ס צייט. אָט וועגען ד ע ר גזירה ווערט עס דערצעהלט אין פרקי דרבי אליעזר, מעהר ניט, אנשטאט וואָס דאָרטען האָט געדאַרפט שטעהן יוחננ'ס נאָמען, שטעהט דאָרטען גאָר, אז עזרא האָט עס איינגעפיהרט. ווייטער, וואָס ר' עקיבא גיט איבער אין ר' אליעזר'ס נאָמען, דאָס איז אן אנדער זאַך; דאָ האנדעלט זיך שוין וועגען ר' אליעזר'ס פּערזענליכער מיינונג, ווי אזוי ער האָט געקוקט אויף די כותים פון זיין צייט, ווען מען האָט זיך צו זיי פערהאלטען מעהר טאָלעראנט. דאָס איז אפשר געשעהען מחמת דעם, ווייל אין די לעצטע יאָהרען פון דעם בית המקדש, אין דער צייט פון דעם אויפשטאַנד, האָבען זיך די כותים פאראייניגט מיט די אידען געגען די רוימער, און די שנאה צווישען זיי האָט דאַן אויפגעהערט. ז. „כרמי שומרון, ז. 10.

## זייט 355, צייכען (ז).

נאָך דער דיסקוסיע פון דער גמרא (מנחות ק"ט. ז. דאָרטען פירוש רש"י) קומט אויס, אז אין דעם לעצטען פאל האָט יענער נאָר יוצא געווען אנטקעגען זיין נדר, איהם קומט אָבער נאָך אליך „כרת" דערפאר, וואָס ער האָט מקריב געווען דעם קרבן אויסער'ן בית המקדש פון ירושלים. עס איז אבער א חידוש: ווי לעגט זיך דאָס גאָר אויפ'ן שכל, אז יענער האָט מיט'ן קרבן יוצא געווען און פונדעסטוועגען קומט איהם נאָך כרת? אפילו אין דעם ערסטען פאַל, ווען איינער האָט צוגעזאָגט א קרבן סתם און האָט איהם מקריב געווען אין בית חניו, זאָגען זיי נאָר אין דער משנה, אז ער האָט מיט'ן קרבן ניט יוצא געווען. פאר וואָס זאָגען זיי ניט, אז אחוץ דעם קומט איהם נאָך כרת? ווען זיי וואָלטען געהאלטען, אז עס קומט כרת, וואָלט דאָך דאָ געווען דער רעכטער פּלאַץ אויסצוטייטשען דאָס. אמת, אין תוספתא, מנחות, פרק י"ג, ווערט טאַקי אויסגעטייטשט דייטליך: ביי דעם ערסטען פאַל „ער איז נ י ט יוצא, און איהם קומט כרת". ביי דעם צווייטען פאַל — „ער איז יוצא, און איהם קומט כרת"

(פ ו ן ד ע ם א י ב ע ר ז ע צ ע ר : אין צוקערמאנדעל׳ס אויסגאבע פון תוספתא ווערט אין דעם אָנגעוויזענעם אָרט דער צווייטער פאַל איבערהויפּט ניט דערמאָהנט). דאָס ענדערט אָבער ניט די זאַך, ווייל די ברייתות, וואָס ווערען דאָ געבראַכט אין תוספתא, זיינען ניט פון די עלטערע ברייתות. ווער עס קוקט זיך צו גוט, יענער קאָן גלייך דערקענען, אַז דאָס איז פון די שפּעטער פער־פאַסטע ברייתות, וואָס זיינען צוגעפּאַסט געוואָרען צו די אויספיהרונגען פון דער גמרא. אַזעלכע ברייתות זיינען דאָ פיעל אין תוספתא, ווי דאָס וועט ער־קלערט ווערען ביי אונז שפּעטער, ווען אונז וועט אויסקומען צו ריידען וועגען דער תוספתא בכלל. אַז די ציטירטע ברייתות זיינען ניט פון די עלטערע, דאָס זעהט מען דערפון, וואָס די בעלי הגמרא האָבען זיך מיט זיי ניט בענוצט. די פראַגע וועגען כרת איז פארבונדען מיט דעם פּירוש, וואָס ר׳ המנונא גיט דאָרטען אויף דער משנה. די גמרא זוכט דאָרטען אויפצואווייזען די ריכטיגקייט פון זיין פּירוש, און דאָך בערופען זיי זיך ניט אויף די ברייתות פון דער תוספתא. רבא, וואָס וויל דאָרטען פון זיין זייט ערקלערען די משנה, האָט אויך ניט גע־וואוסט פון דער תוספתא. ווייטער ווערט דאָרטען געבראַכט א מאמר פון רבה בר בר חנה, וואָס ער האָט געזאָגט אין ר׳ יוחנן׳ס נאָמען: ווען איינער האָט געזאָגט „איך נעהם אויף זיך צו ברענגען א קרבן עולה און מקריב זיין איהם אין בית חניו“ און ער האָט איהם מקריב געווען ערגעץ וואו אין ארץ ישראל (אָבער ניט אין בית המקדש), האָט ער יוצא געווען אנטקעגען זיין נדר, נאָר איהם קומט כרת. פונדאַנען איז געדרונגען, אַז אויב ער האָט מקריב געווען אין בית חניו, קומט איהם קיין שטראָף ניט; ווארום ווען ר׳ יוחנן וואָלט גע־האַלטען, אז פאר מקריב זיין אין בית חניו קומט אויך כרת, וואָלט ער עס בעדארפט זאָגען, און יענס וואָלט פאר אונז געווען א גרעסערע נייס, איידער דאָס, וואָס ער לאָזט אונז דאָ הערען (אַז עס קומט כרת פאר מקריב זיין אין גאָר א זייטיגען פּלאץ). עס בעווייזט גאָרנישט אויך די אנדער ברייתא, וואָס ווערט דאָרטען געבראַכט: ווען איינער האָט געזאָגט „איך נעהם אויף זיך צו ברענגען א קרבן עולה און מקריב זיין איהם אין דער מדבר“ און ער האָט איהם מקריב געווען אויף יענער זייט ירדן, האָט ער יוצא געווען אנטקעגען זיין נדר, אבער איהם קומט כרת. דאָ רעדט זיך אלץ וועגען מקריב זיין א קרבן אין א זייטיגען פּלאַץ, וואו דאָס איז ניט געוועזען ערלויבט. אין בית חניו אָבער איז יע ער־לויבט געווען צו מקריב זיין קרבנות, ווייל די צייט האָט עס געפּאָדערט, און זיי האָבען בפּירוש געזאָגט (מנחות ק״ט, עמוד ב׳), אַז דאָרטען פלעגען געבראַכט ווערען קרבנות פון גאָטס וועגען (לשם שמים). דער אויסדרוק בעווייזט, אַז זיי זיינען דאָ אויסען געווען צו פארענטפערן זיך, פאַר וואָס ביי זיי איז רעכט געווען צו לאָזען שעכטען קרבנות אויסער׳ן בית המקדש פון ירושלים. דאָס, וואָס תוספות וויל האָבען, אַז דאָרטען פלעגען געבראַכט ווערען קרבנות פאר גויים, שטימט ניט מיט דער ווירקליכקייט. די אונטערסטע שורה איז: דאָס, וואָס זיי פיהרען דאָרטען אויס, אַז מען איז יוצא און עס קומט כרת, איז ניט מעהר, ווי א פּלפּול.

## זייט 359, צייכען (ח).

**אין „דרכי המשנה“, זייט 34, פרעגט ר׳ זכריה פראנקעל: וואָס פאר א זינען**

האָט געהאַט דער ענטפער פון די איבעריגע געלערנטע? צי דען איז ביי זיי ר׳ יהושע ניט געווען בעגלויבט? אויב אזוי, האָבען זיי געזאָלט פרעגען ביי אנדערע, וואָס זיינען געקומען פון אלעקסאנדריא, צי דאָס, וואָס ר׳ יהושע האָט דערצעהלט, איז ריכטיג? אויף וואָס זעהענדיג האָבען זיי בעשלאָסען, אז פאר אלע אידען זיינען די ווייץ ריין? און ער פארענטפערט זיין קשיה אזוי: דאָס וואַסער, וואָס איז אָנגעשעפּט געוואָרען מיט׳ן עמער, איז אַבזיכטליך ארויפגעגאָסען געוואָרען אויף צו אָנטרינקען די ערד. פון דעם וואַסער פלעגט זיך דאָס רוב אָפּשטעלען א פייכטקייט, וואָס פלעגט ארויפקומען אויף די אָפּגעשניטענע ווייץ. עס איז פאַראַן אַ הלכה: ווען מען האָט אַבזיכטליך ארויפגעגאָסען וואַסער מיט׳ן צוועק צו בענעצען איין זאַך און צום סוף זיינען דורך דעם בענעצט געוואָרען אנדערע זאכען, וואָס מען איז גאָר לכתחילה ניט אויסען געווען, ווע־רען אויך יענע אנדערע זאַכען פעהיג אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט. אָט די הלכה האָט דאָ ר׳ יהושע אָנגעווענדט אויף דעם פאַל מיט די ווייץ. די אי־בעריגע געלערנטע האָבען געהאלטען, אז יענע הלכה איז גילטיג נאָר דאַן, ווען מען איז אויסען געווען צו בענעצען אַ זאַך, וואָס איז ניט בעפעסטיגט צום באָ־דען. דאָ אָבער האָט מען געוואָלט בענעצען דעם באָדען גופא, און מען קאָן דאָס פאַרגלייכען מיט אזא מין פאַל: ווען מען האָט אונטער רעגען־וואַסער אונטער־געשטעלט איינגעבויגענערהייט א כלי, כדי דאָס וואַסער זאָל בעשווענקען א וואַנט, און פון אָט דעם וואַסער זיינען אנדערע זאַכען בענעצט געווארען, ווערען יענע זאַכען ניט פעהיג אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט (מכשירין, פרק ד׳, משנה ג׳, נאָך דער אויסטייטשונג פון די מפרשים). אָט אין דעם, הייסט עס, זיינען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאנגען. פאר א פלפול קאָן דאָס אלץ אָנגעהן. ווען מען זאָל דאָס אָבער ערנסט בעטראכטען, קאָן מען דאָס אָפּפרעגען. דאָס אָנגעשעפּטע וואַסער איז דאָ בענוצט געוואָרען ניט נאָר אויף צו אָנטרינקען און ווייך מאַכען דעם באָדען, נאָר אויך אויף צו ווייך מאַכען די אָפּגעטיילטע שטיקער ערד, וואָס זיינען פון אויבען געלעגען. עס איז דעריבער א פראַגע, צי הייסט עס דאָ, אַז דאָס וואַסער איז בעשטימט געווען פאר א זאַך, וואָס איז צום באָדען בעפעס־טיגט. עס איז דאָך פאראן א משנה (מכשירין, פרק ג׳, משנה ד׳): ווען איינער האָט בעשפריצט זיין הויז, האָט אוועקגעלעגט ווייץ דאָרטען, און זיי זיינען פייכט געווארען, ווענדט זיך אזוי: אויב די פייכטקייט איז געקומען פון דעם וואַסער, זיינען די ווייץ פעהיג אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט. אויסערדעם, קומט דאָך אויס נאָך פראַנקעל׳ס ערקלערונג, אַז דאָ איז געווען א מחלוקת צווי־שען ר׳ יהושע׳ן און די איבעריגע געלערנטע. פאר וואָס זשע זאָגען זיי אומע־טום, אַז פריהער זיינען ביי אידען ניט געווען קיין מחלקות? דעריבער מוזען מיר זאָגען. אז ר׳ יהושע האָט דאָ גאָר ניט געמיינט, אז די ווייץ זיינען אויף געוויס אומריין. ער האָט געוויס געמיינט נאָר, אז עס איז דאָ א חשד: אפשר זיינען די ווייץ פייכט געוואָרען און זיי זיינען אומריין געווארען (ווי דאָס ווערט ביי אונז אין הויפט־טעקסט ערקלערט). די איבעריגע געלערנטע האָבען געענטפערט: אויב ער וויל פאר זיך אליין מאכען דאָס שטרענג, פארקלערענדיג אויפ׳ן צעהנטען פאַל, קאָן ער דאָס טאָן; אויף אנדערע קאָן ער אזא שטרענגהייט ניט ארויפלעגען. א ראיה אויף דעם האָבען מיר פון אן אנדער מאמר אין

תוספתא, טאַקי דאָ אויף דעמזעלביגען אָרט: חליפתא בן קוינא האָט געזאָגט: דער קנאָבעל פון דעם אָרט בעל בכי איז אומריין, ווייל מען בעשפריצט איהם מיט וואַסער און דערנאָך וויקעלט מען איהם. האָבען די איבעריגע געלערנטע געזאָגט: אויף אַזאַן אופן טאָ זאָל דער קנאָבעל פאר חליפתא'ן זיין אומריין און פאר אלע אידען ריין. דער מאָטיוו פון די איבעריגע געלערנטע איז דאָ אויך געווען דערזעלביגער: מען איז ניט מחויב צו פארקלערען אויף אזא ווייט־לויפיגען פאַל, אפשר איז דער קנאָבעל בעשפריצט געוואָרען מיט וואסער; וואַרום ווען זיי וואָלטען געוואוסט, אז דאָס איז געוויס געטאָן געווארען, וואָלט דאָ גאָר ביי קיינעם קיין פראגע ניט געקאָנט זיין, אז דער קנאָבעל איז געוואָרען פעהיג אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט. וויבאלד די תוספתא בענוצט דאָ פונקט דיזעלביגע ווערטער, ריידענדיג פריהער וועגען חליפתא'ן און דערנאָך וועגען ר' יהושע'ן, איז קיין שום ספק ניט, אז דאָס האָט אויך איןביידע ערטער פונקט דיזעלביגע בעדייטונג. פאראן נאָך א משנה (מכשירין, פרק ג', משנה ה'): ווען איינער בעשפריצט זיין דרעשבאָדען, איז ער ניט מחויב צו פארקלערען אויף דעם, טאָמער האָבען זיך דאָרטען פארוואלגערט ווייץ און זיי זיינען פייכט געווארען. בעטראכט מען נאָר אויפמערקזאם דידאָזיגע משנה, דאַן זעהט מען, אז דאָס איז דערזעלביגער דין, וואָס איז, נאָך אונזער ערקלערונג, אויסגעדריקט אין דער תוספתא. ריידען וועגען דעם לענגער איז איבעריג.

זייט 362, צייכען (ט).

דער נוסח, אין וועלכען די מעשה ווערט דערצעהלט אין תלמוד, איז קענטיג, זעהר אַן אַלטער, און אין איהם פעהלען וויכטיגע טיילען (דאָס, וואָס איז ביי אונז אין הויפט־טעקסט איינגערינגעלט אין האלבע לבנות, איז אין תלמוד ניטאָ). נאָך דעם נוסח פון תלמוד איז דאָ שווער צו פארשטעהן אָט וואָס: א) וואָס בעדייט עס „די אידישע געלערנטע האָבען פאַרלאָזען דעם פּלאַץ מיט כעס"? אויב דאָס מיינט, אז דער קיניג איז אויף זיי געוואָרען אין כעס — ווי רש"י ערקלערט, — האָט דער זאַץ בעדאַרפט שטעהן ניט דאָ, וואו ער געפינט זיך, נאָר ווייטער, נאָכדעם ווי עס איז געזאָגט געוואָרען, אז אלעזר האָט דעם קיניג אויפגעהעצט געגען די פרושים. ב) יהודה אליין האָט דעם קיניג בעליידיגט, און ער איז אויף אלע פרושים אין כעס געוואָרען! די פרושים גופא זיינען דאָך אויך אויף יהודה'ן אין כעס געוואָרען, ווי יוסיפון דערצעהלט. ג) וואָס האָט אלעזר געמיינט מיט די ווערטער „פאר א פּראָסטען אידען איז אזוי דער דין. דו ביסט דאָך קיניג און כהן גדול, זאָל פאר דיר אויך זיין דער־זעלביגער דין?" נאָך רש"י'ס ערקלערונג מיינט עס: א פּראָסטער מענש קאָן נאָך פארטראָגען א בעליידיגונג. אזא בעדייטונג ליגט אבער ניט אין דעם בע־גריף פון דעם וואָרט „דין". מיר דוכט דעריבער, אז דאָ פעהלט א גאנצער זאַץ, וואו עס ווערט געזאָגט, אז זיי האָבען יהודה'ן פאר'משפט צו מלקות, ווי דאָס ווערט אויך דערצעהלט ביי יוסיפונ'ען. מען דארף זיך אלזא פאַרשטעלען די מעשה אויף אזאַן אופן. נאָכדעם ווי די זאַך איז אויסגעפאָרשט געווארען און עס האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז דער חשד איז א פאַלשער, האָבען די אידישע געלערנטע מיט כעס פארלאָזען דעם פּלאַץ: זיי זיינען געווען אין כעס אויף יהודה'ן, ווי דאָס ווערט געשילדערט ביי יוסיפונ'ען. דערנאָך, אז זיי האָבען

יהודה׳ן פאר׳משפט צו מלקות, האָט אלעזר צום קיניג געזאָגט: קיניג ינאי! פאר אויסטראַכטען א בלבול אויף א פּראָסטען אידען איז אַזוי דער דין, אַז דעם אויסטראַכטער קומט מלקות. דו ביסט דאָך אבער קיניג און כהן גדול. איז דען ניט א יושר, ער זאָל קריגען א גרעסערע שטראָף? דאָס שטימט מיט יוסי־פוס׳ס בעשריבונג, וואו די זאַך ווערט טאַקי אַזוי געשילדערט: אַז נאָכדעם ווי זיי האָבען יענעם פאַר־משפט צו מלקות, האָט דער צדוקי אויפגעהעצט יוחנן׳ען געגען די פּרושים. פון דער מעשה קענען מיר אַרויסנעהמען, אַז וואָס איז שייך צו בעשטראָפען פאַר אויסטראַכטען א בלבול מיט מלקות, זיינען אין דער עצם זאַך די צדוקים געווען איינשטימיג מיט די פּרושים. אויב אַזוי, דאַן מוזען מיר זאָגען, אז זיי האָבען טאַקי אויסגעטייטשט אין דעם זין פון מלקות די ווערטער „ויסרו אותו" (און זיי זאָלען איהם בעשטראָפען), וואָס זיינען געזאָגט געוואָרען אין דער תורה ביי דעם, ווער עס האָט אויסגעטראַכט א בלבול; ניט זיי האָבען דאָס אָפּגעלערנט מיט א גזירה שוה, ווי די גמרא (כתובות מ״ו) וויל האָבען. אין ספרי, כי תצא, פיסקא רל״ח, טייטשען זיי אויך „ויסרו" אין דעם זין פון מלקות, און עס ווערט ניט דערמאָהנט קיין גזירה שוה. נאָך א זאַך קענען מיר אָפּלערנען פון דער מעשה. נאָך דער מיי־נונג פון די צדוקים, ווענדט זיך די גרויס פון דער שטראָף פאַר דעם אויס־טראַכטער אָן דעם, צי דער בעליידיגטער איז א מענש אין א העכערער שטעלונג אָדער א נידעריגערער. נאָך דער מיינונג פון די פּרושים, איז דאָס געזעץ פאַר אַלעמען גלייך. ז. וואָס איך האָב געשריבען אין דער צייטשריפט „השחר", אַרויסגעגעבען פון ר׳ פּרץ סמאָלענסקי, צווייטער יאהרגאנג, העפט 3.

## קאפיטעל 15.

### זייט 368, צייכען (א).

נאָך דעם נוסח פון תלמוד בבלי (דער אָנגעוויזענער אָרט אין סוטה), האָט זיך יהושע בן פרחיה אויפגעהאלטען אין אלעקסאנדריא, און ער האָט זיך אומ־געקעהרט אין ארץ ישראל, בעת שמעון בן שטח האָט איהם גערופען. נאָכ׳ן ירושלמי (חגיגה, פּרק ב׳, הלכה ב׳, און סנהדרין, פּרק ו׳, הלכה ו׳), איז די מעשה געווען מיט יהודה בן טבאי. עס זיינען דאָ אויך פאַרשיידענע מיינונ־גען וועגען דעם, ווער פון דעם פּאָר איז געווען דער נשיא? נאָך איין מיינונג, איז שמעון בן שטח געווען דער נשיא און יהודה בן טבאי — דער אב בית דין; נאָך אַן אַנדער מיינונג, איז די מעשה געווען פאַרקעהרט (חגיגה ט״ז. די אָנ־געוויזענע ערטער אין ירושלמי). דאָס אלץ לאָזט זיך ערקלערען, ווען מען נעהמט אין בעטראַכט די ווערסיע פון דעם תלמוד בבלי אין בעצוג צו דעם בריוו, וואָס שמעון בן שטח האָט געשיקט קין אלעקסאנדריא. עס איז אמת, אַז יהושע בן פרחיה איז אנטלאָפען פון ירושלים, נאָכדעם ווי יוחנן, פערפאָל־גענדיג די פּרושים, האָט איהם אַרונטערגעזעצט פון זיין אמט. ער איז אַוועק קין אַלעקסאנדריא און איז דאָרטען געזעסען, ביז שמעונ׳ען האָט זיך איינגע־געבען צו בעזיגען די צדוקים. דאמאָלסט האָט שמעון בן שטח געשריבען קין אַלעקסאנדריא און האָט צוריקגערופען יהושע בן פרחיה׳ן, ער זאָל איבערנעמען פאַרנעהמען דעם פּלאַץ פון א נשיא, וואָס ער האָט פאַרנומען, איידער ער איז

אנטלאָפֿען געוואָרען. שמעון איז דאַן געוואָרען אב בית דין. אויב מיר זאָ־
לען נאָר אָננעהמען, אז זיין ערסטען ערפֿאָלג געגען די צדוקים האָט שמעון
בן שטח געהאט נאָך אין דער צייט, ווען אלכסנדר ינאי האָט געלעבט, און אַז
דאמאָלסט טאַקי האָט ער געשריבען דעם בריוו קיין אלעקסאנדריא, אויב אַזוי,
האָט עס גאָר קיין אנדערער, אויסער יהושע בן פּרחיה, ניט געקאָנט זיין, צו
וועמען דער בריוו איז געווען געווענדט. ווארום ביז יענער צייט, ווען שמעון
בן שטח האָט אומגעקעהרט צו זייער פריהערדיגען צושטאַנד די פּרושים, איז
דאָך „די וועלט געווען וויסט און ווינד" (קידושין ס"ו). ד. ה. זינט יוחנן
איז געוואָרען א צדוקי, ביז צו דער צייט פון שמעונ׳ס ערפאָלג איז ניט געווען
ניט קיין נשיא, ניט קיין אב בית דין פון די פּרושים. דער לעצטער נשיא פון
די פּרושים פ אַ ר יענער צייט איז געווען יהושע בן פּרחיה. היינט ווע־
מען, אויסער איהם, האָט עס שמעון בן שטח געקאָנט מיינען, ווען ער האָט גע־
שריבען „מיין מאַן האלט זיך אויף ביי דיר"? ער האָט דאָך דאָ זיכער געמיינט
דעם נשיא, וואָס האָט זיך דאַן אויפגעהאלטען אין אלעקסאנדריא. און ווער האָט
געקאָנט זיין דער נשיא, אויב ניט יהושע בן פּרחיה? עס איז אַלזאָ קלאָר, אַז
יהושע איז געווען דער, ווער עס האָט זיך אומגעקעהרט אויף שמעונ׳ס איינ־
לאדונג, און ער איז געווים איבעראניים געוואָרען נשיא, ווי ער איז געוועזען
אמאָל. דאַן איז שמעון געוואָרען אב בית דין. שפּעטער, אַז ינאי פון זיין
זייט האָט אָנגעהויבען צו פערפאָלגען די פּרושים, זיינען ווידער פיעלע גע־
לערנטע אנטלאָפען קיין אלעקסאנדריא, און עס איז געווען זעהר א שרעקליכע
צייט פאר די פּרושים, ביז ינאי איז געשטאָרבען. אין דעם משך פון דערדאָ־
זיגער טרויעריגער צייט איז, מעגליך, יהושע געשטאָרבען, ווארום ער איז שוין
געווען אין עלטערע יאָהרען. נאָך ינאי׳ס טויט איז שמעון געוואָרען דער
נשיא, און יהודה בן טבאי איז געוואָרען אב בית דין. אַזוי איז דאָס, נאָך
מיין השערה, געוועזען. דערפון איז ביי די שפּעטערדיגע ארויסגעקומען א צו־
מישעניס. זיי האָבען געהערט, אַז שמעון בן שטח איז אמאָל געוועזען אב בית
דין; האָבען זיי א טעות געהאט און געמיינט, אז דאָס איז געווען אין דער
צייט, ווען יהודה בן טבאי איז געווען זיין קאָלעגע. דערפון נעהמט זיך די
אונריכטיגע ווערסיע פון תלמוד, אז יהודה בן טבאי איז געווען דער נשיא.
דאַסגלייכען מיט שמעונ׳ס בריוו. זיי האָבען געוואוסט, אז אין ינאי׳ס צייט
זיינען פיעלע געלערנטע אַנטלאָפען קיין אַלעקסאַנדריא — ווי יוסיפון דער־
צעהלט עס—, האָבען זיי גערעכענט, אַז יהודה בן טבאי איז אויך געווען צווי־
שען די אנטלאָפענע. און אַזוי ווי זיי האָבען געוואוסט, אז יהודה בן טבאי
איז געוועזען שמעונ׳ס קאָלעגע, האָבען זיי גערעכענט, אז ער איז דאָס געמיינט
געווען אין דעם בריוו, וואָס שמעון בן שטח האָט געשריבען. אָט דערפון נעהמט
זיך דער טעות אין דעם ירושלמי.

### זייט 375, צייכען (ב).

ז. גרעץ „געשיכטע דער יודען", באנד 3, נאָטע 12. ז. אויך די גמרא אין
סנהדרין, פ"ז און ווייטער, און ירושלמי: סנהדרין, פרק י"א, הלכה ד׳. דער
רמ"בם („יד החזקה", אָפּטיילונג „הלכות ממרים", פּרק ד׳) האָט גע׳פסקנ׳ט
אַזוי, ווי ר׳ מאיר זאָגט אין דער גמרא (דהיינו: אַז די שטראָפבאַרקייט פון

דעם „זקן ממרה“ ווענדט זיך אָן דעם, צי פאַר דער עצם עבירה קומט כרת). אָט די ברייתא, וואו עס קומט פאָר וועגען דעם א מחלוקת צווישען ר׳ מאיר, ר׳ יהודה און ר׳ שמעון, ווערט אין ירושלמי גאָר ניט געבראכט. דערפאר ווערט דאָרטען דאָס געזעץ, אין דעם נאָמען פון ר׳ הושעיה און ר׳ זירא, אויסגע־טייטשט אנדערש, ניט אזוי ווי ר׳ מאיר זאָגט. דער רמ״בם האָט זיך מיט דעם ניט גערעכענט. מיר האלטען פאר ריכטיג די מיינונג, וואָס מיר האָבען געשרי־בען אין הויפּט־טעקסט.

## זייט 375, צייכען (ג).

דער פאַרזאָג פון „ניט אָפּטרעטען“ (לא תסור) געפינט זיך אין דערזעל־ביגער פרשה פון דער תורה, אויף וועלכער עס איז געגרינדעט דאָס געזעץ וועגען א „זקן ממרה“. קענטיג, אַז נאָך פון פאַרצייטען אָן איז דידאָזיגע פרשה ביי זיי גע׳דרשנ׳ט געוואָרען אויף צוויי׳ערליי אופנים. כאָטש אפילו זיי האָבען אויסגעטייטשט, אז דאָס איז געזאָגט געוואָרען אנטקעגען א געלערנטען, וועל־כער וואַרפט זיך ניט אונטער אונטער דעם בעשלוס פון דעם גרויסען בית דין, פונדעסטוועגען האָבען זיי זיך גערעכענט דאָ אויך מיט׳ן פּראָסטען פשט פון די ווערטער, וועלכער ווייזט, אז דאָס איז געזאָגט געוואָרען אנטקעגען יעדערען, ווער עס פאָלגט ניט די ענטשיידונג פון די געלערנטע און טוט ניט אַזוי, ווי זיי הייסען. די תורה פאַרזאָגט יעדער איינציגען אידען צו האַנדלען אַזוי, ווי זיי (די ריכטער און כהנים) וועלען זאָגען, פאָלגען דער תורה, וואָס זיי וועלען איהם לערנען, ניט אָפּטרעטען אויף א האָר פון דעם, וואָס זיי וועלען זאָגען. אָט אויף דעם סמך האָבען די שפּעטערדיגע געזאָגט, אז די תקנות און די גזירות פון די געלערנטע זיינען אויך זאכען, וואָס ג אָ ט האָט געהייסען, ווייל דאָס איז איינגעשלאָסען אין די ווערטער „לא תסור“. אַז מען האָט אפילו גאָר פאַרצייטען אזוי פאַרשטאַנען די פרשה, אויף דעם קאָן מען נאָך ברענגען א ראיה פונדאנען: זיי האָבען אָפּגעלערנט מיט א דרש, אז אלץ, וואָס איז גע־זאָגט געוואָרען אין דער פרשה, געהט אויך אויף די ענטשיידונגען פון דעם גרויסען בית דין אין יבנה (ספרי: שופטים, פיסקא קנ״ג), און דאָ האָבען זיי שוין ניט געקאָנט האָבען אין זינען דאָס געזעץ וועגען א „זקן ממרה“, ווייל זיי זאָגען אליין, אז פאר אויסטייטשען א געזעץ פון דער תורה אנדערש, איידער דער בית דין פון יבנה האָט אויסגעטייטשט, קומט ניט קיין טויט־שטראף (ספרי: שופטים, פיסקא קנ״ד); ריידענדיג וועגען דעם בית דין פון יבנה, מיינען זיי נאָר די אלגעמיינע פליכטגילטיגקייט פון זיינע ענטשיידונגען פאר אלע אידען. אָט דער דרש איז אָהן שום ספק געלערנט געוואָרען באלד נאָכ׳ן חורבן, בעת זיי האָבען איינגעפונדעוועט זי׳ער ישיבה אין יבנה. ז. „דור דור ודורשיו“, חלק ב׳, קאפּ. 5, וואו איך האָב ערקלערט, ווי אזוי דערדאָזיגער דרש איז ענט־שטאַנען.

## זייט 381, צייכען (ד).

מיר ווילען דאָ נאָך אויפמערקזאם מאכען אויף דער בעוואוסטער לעגענדע, וואָס ווערט דערצעהלט וועגען שמעון בן שטח. ער האָט אמאָל געזעהען, ווי איי־נער יאָגט זיך נאָך דעם צווייטען און טרייבט איהם אַריין אין א פּוסטקע. שמעון איז נאָכגעלאָפען און, אַז ער איז צוגעקומען צום פלאַץ, האָט ער ביים פער־

פאָלגער אין האנט געזעהען א שווערד, פון וועלכען עס האָט געקאַפּעט בלוט, און לעבען איהם האָט זיך נאָך געצאַפּעלט דער גע'הרג'עטער. זאָגט שמעון צו יענעם: רשע! ווער האָט דעם מאַן גע'הרג'עט: איך צי דו? אָבער וואָס קאָן איך מאכען? דיין לעבען איז ניט אין מיין רשות, ווייל די תורה האָט געזאָגט, אז נאָר אויף דער בעשטעטיגונג פון צוויי עדות זאָל דער, וועמען עס קומט טויטשטראף, געטויט ווערען. אַזוי איז דער נוסח אין סנהדרין ל"ז. אין ירושלמי (סנהדרין, פרק ד', הלכה ט') פעהלט די ערקלערונג וועגען דער נויטיגקייט פון צוויי עדות. דאָרטען זאָגט ער נאָר סתם: וואָס קאָן איך מאַכען? דיין לעבען איז ניט אין מיין רשות, אָבער דער, ווער עס וויים אלעמענס פארבאָרגענע געדאנקען, יענער וועט זיך מיט דיר אָפּרעכענען. אין דעם פאַל זיינען געווען צוויי אורזאכען, פאַר וואָס מען האָט דעם מערדער געמוזט פריי לאָזען: ערסטענס, איז שמעון געווען נאָר איין עדות; צווייטענס, האָט ער דאָך ניט געזעהען מיט די אויגען, ווי יענער האָט דעם מאַן גע'הרג'עט, ער האָט נאָר פאַרשטאַנען, אז אַזוי איז דאָס געווים געווען, און דאָס הייסט, אז ער האָט עס נאָר געוואוסט על פי השערה. דערצעהלענדיג די מעשה מיט שמעון בן שטח, איז די ברייתא גאָר ניט אויסען געווען דערמיט צו ב ע ו ו י י ז ע ן, אז מען קאָן ניט אָננעהמען די עדות־זאָגונג פון דעם, ווער עס וויים נאָר די זאַך על פי השערה. דאָס ווערט מיט דער מעשה גאָר ניט בעוויזען, ווייל פון שמעונ'ס ווערטער, וואָס ער האָט געזאָגט צו דעם מערדער „דיין לעבען איז ניט אין מיין רשות“, איז גאָר ניט גערדונגען, אז ער האָט עס געמיינט, ווייל ער וויים נאָר די זאַך על פי השערה און ניט ווייל ער איז נאָר איין עדות. די עצם הלכה, אַז מען טאָר ניט צולאָזען קיין עדות־זאָגונג על פי השערה, איז געווען אַן אלגעמיין אָנגענומענע און בעוואוסטע הלכה, וואָס האָט זיך ניט גענויטיגט אין קיין שום בעווייזען. דערצעהלענדיג די מעשה מיט שמעון בן שטח, איז די ברייתא נאָר אויסען געווען צו אילוסטרירען, וואָס אַזוינס עס ווערט אָנגערופען על פי השערה: אַז אפילו אונטער אַזעלכע אומשטענדען, וואָס שליסען אוים יעטוועדען צווייפעל, ווי דאָס איז געווען ביי שמעון בן שטח, הייסט עס נאָך אלץ על פי השערה, קוים האָט דער עדות ניט געזעהען מיט די אויגען. דעריבער ווען שמעון בן שטח וואָלט אפילו צו זיך געהאט נאָך איין עדות, וואָלט עס אויך ניט געהאָלפען. דאָס איז גאנץ קלאָר, און מיר דאַרפען ניט אָנקומען גאָר צו דער געמאַטערטער ערקלערונג פון תוספות, אז שמעון בן שטח האָט טאַקי געהאט נאָך איין עדות צו זיך.

## זייט 381, צייכען (ה).

ז. קנאָבעל'ס קאָמענטאר אויף שמות, קאפּ. כ"א. ער ברענגט דאָרטען פון די אינדישע און גריכישע געזעצגעבער, אז ביי זיי איז אויך אַזוי געווען אָנגענומען: פאר א קערפּערליכע בעשעדיגונג האָט מען יענעם געדאַרפט אָפּטאָן דיזעלביגע זאך. נאָך דיאָדאָר'ס בעהויפּטונג, איז ביי די אלטע מצרים געווען אַ געזעץ, אז פאלשע עדות קומט דיזעלביגע שטראָף, וועלכע דער אָנגעקלאָגטער האָט צוליעב זיי געזאָלט קריגען. דאָס שטימט מיט דעם געזעץ פון דער תורה אין דער אויסטייטשונג פון די פרושים. נאָך די רוימישע געזעצען, וואָס זיינען ביי זיי געווען פאַרשריבען אויף די צוועלף טאָוולען, האָט מען אויך דעם

בעשעדיגער געדאַרפט אָפּטאָן דיזעלביגע זאַך, סיידען ביידע צדדים זיינען צוויי־שען זיך מושוה געוואָרען, ער זאָל בעפרידיגען מיט געלט. אין א צייט אַרום ערשט איז די געלט־בעפרידיגונג געוואָרען די נאָרם.

### זייט 392, צייכען (ו).

מיר האָבען שוין ערקלערט, אז צווישען די דרש'ען פון די פרושים גע־פינען זיך אָפּטמאָל שפּורען פון מיינונגען, וועלכע די צדוקים האָבען אַרויס־געזאָגט. דידאָזיגע מיינונגען זיינען דאָס רוב איינגעשלאָסען אין די דרש'ען ווי הוה־אמינא'ס, וואו דער דרשן הויבט אָן מיט די ווערטער „יכול", „או אינו" און אנדערע עהנליכע פאַרבינדונגס־ווערטער. עס איז דעריבער ניט אויס־געשלאָסען, אז די צדוקים האָבען אַ ז ו י געהאלטען: דאָס, וואָס די תורה זאָגט וועגען גאָלד, זילבער און אנדערע מעטאלען, געהט ניט אויף פאַרענדיגטע כלים, נאָר אויף אונפאַרענדיגטע. אַזאַ הוה־אמינא געפינט זיך אין ספרי, מטות, פיסקא קנ"ח. (מיר ציטירען דאָ דעם ספר נאָך ר' מאיר פריעדמאנ'ס אויס־גאבע, וואו דער נוסח איז געגרינדעט אויף אַן אַלטען מאַנוסקריפּט): „אָבער דאָס גאָלד און דאָס זילבער..." — דאָס מיינט פאָלשטענדיג פאַרטיגע כלים. אפשר וואָלט מען געקאָנט זאָגען אנדערש, אז דאָס מיינט אונפאַרענדיגטע כלים? דאָס קאָן מען אָפּלערנען... און אַז. וו. אָט די הוה־אמינא — דאָס איז אפשר גע־ווען דער פּירוש, וועלכען די צדוקים האָבען אויף דעם פּסוק געגעבען. ער־קלערען די פּרושים, אז דער פּירוש איז ניט ריכטיג. זיי לערנען אָפּ מיט א קל וחמר, אז פאַרענדיגטע מעטאַלענע כלים נעהמען זיך יע אָן מיט אומריינ־קייט. אין חולין כ"ה און אין תוספתא: חולין, פּרק א', און בבא מציעא פון כלים, פּרק ב', געפינען מיר א הלכה: אונפאַרענדיגטע מעטאַלענע כלים נעהמען זיך ניט אָן מיט אומריינקייט, אונפאַרענדיגטע הילצערנע כלים נעהמען זיך יע אָן מיט אומריינקייט. מיר דוכט, אז דער גרונד פון אָט דער הלכה ליגט אויך אין דערזעלביגער אורזאכע, וועלכע איך האָב דאָ אָנגעוויזען: ו ו י י ל די צדוקים האָבען געהאלטען, אז דער פּסוק פון דער תורה, וואו עס רעדט זיך וועגען גאָלד. זילבער און אנדערע מעטאלען, געהט נאָר אויף אונפאַרענדיגטע כלים, האָבען די פּרושים, אין געגענזאַץ צו דער מיינונג פון די צדוקים, אויס־געטייטשט מיט א בעזונדער כונה, אז אונפאַרענדיגטע מעטאלענע כלים נעהמען זיך דוקא ניט אָן מיט אומריינקייט.

### זייט 393, צייכען (ז).

אַזוי, דוכט מיר, איז דער ריכטיגער טייטש פון דער ברייתא אין ירושלמי, און דאָס שטימט אויך מיט דעם טעקסט פון דער ברייתא אין תלמוד בבלי (כתובות פ"ב). עס איז קלאָר, אז די לעצטע תקנה איז דאָ בעשטאַנען דערין, וואָס זיי האָבען איינגעפיהרט, אז מיט דעם געלט פון דער ווייבס כתובה זאָל דער מאַן האנדלען. ווייבאלד אַזוי, איז דאָך שוין ניט געווען קיין בעזונדער אָפּגעלעגטע ווערטזאַך אויף צו זיכערן די כתובה, און ממילא האָט מען געמוזט איינשרייבען אין דער כתובה, אז אלע גיטער דעם מאַנס ווערען גערעכענט אַזוי ווי פאר'משכונ'ט אויף צו זיכערן דעם חוב פון דער כתובה. אַזוי זעהט עס אויס אויך פון תוספתא · כתובות, פּרק י"ב. איך האָב אָבער בעמערקט, אַז

גרעץ („געשיכטע דער יודען“, באנד 3, נאָטע 14) קאָריגירט דעם נוסח פון דער ברייתא אין ירושלמי, און ער מאַכט עס אַזוי: פון אָנהויב פלעגט מען איינלעגען די כתובה ביי דער ווייבס עלטערן, איז פאר דעם מאַן געווען לייכט צו גט'ען זיין פרוי. האָט מען איינגעפיהרט, אז דאָס געלט פון דער כתובה זאָל דער מאַן האלטען ביי זיך; מען האָט איינגעפיהרט, ער זאָל פאַר דעם געלט פון דער כתובה איינקויפען זילבערנע אָדער גילדערנע בעכערס, טעלער און שיס־לען. פלעגט נאָך אלץ פאסירען, אז ווי נאָר דער מאַן פלעגט אמאָל ארייןקומען אין כעס, פלעגט ער זאָגען: נעהם זיך דיין כתובה! דעריבער האָט מען איינ־געפיהרט א נייע תקנה: אז מיט דעם געלט פון דער ווייבס כתובה זאָל דער מאַן האנדלען. אַזוי איז געווען, ביז עס איז געקומען שמעון בן שטח און האָט איינגעפיהרט, מען זאָל איינשרייבען אין דער כתובה, אז אלע גיטער דעם מאַנס ווערען גערעכענט אַזוי ווי פאר'משכונ'ט אויף צו זיכערן דעם חוב פון דער כתובה. נאָך ד ע ר ווערסיע קומט אויס, אז נאָך פריהער פאַר שמעון בן שטח איז געווען איינגעפיהרט, דער מאַן זאָל האנדלען מיט דעם געלט פון דער ווייבס כתובה; שמעון בן שטח האָט דאָ נאָר אויפגעטאָן דאָס: מען זאָל איינ־שרייבען אין דער כתובה, אז דער חוב ווערט געזיכערט מיט אלע גיטער דעם מאנס. עס איז אבער גאנץ אויסגעשלאָסען, אז זיי האָבען ווען עס איז ערלויבט דעם מאן צו האנדלען מיט דעם געלט פון דער ווייבס כתובה, ניט איינפיהרענ־דיג גלייכצייטיג די בעווארעניס, אז דער חוב ווערט מיט אלע גיטער געזי־כערט. יעדער תלמוד'יסט ווייס, אז איינס אָהן דאָס אנדערע איז אונמעגליך. אין תוספתא ווערט בפירוש געזאָגט, אז ביידע זאכען האָט איינגעפיהרט שמעון בן שטח: דאָס געלט פון דער כתובה זאָל זיך געפינען ביי דעם מאַן (ד. ה. ער זאָל מיט איהם האנדלען) און אין דער כתובה זאָל דער בעוואוסטער פונקט איינ־געשריבען ווערען. אין דעם ירושלמי ווערט בפירוש געזאָגט, אז שמעון בן שטח האָט איינגעפיהרט, דער מאַן זאָל האנדלען מיט דעם געלט פון דער ווייבס כתובה. אַלזאָ, גרעצ'ס טעקסט־אויסבעסערונג איז דאָ גאנץ איבעריג. די ברייתא אין ירושלמי נויטיגט זיך נאָר אין אן ערקלערונג, ניט אין א טעקסט־אויסבעסערונג.

## קאפיטעל 16.

### זייט 401, צייכען (א).

דערצעהלענדיג וועגען דעם אלטען, וואָס האָט די בעלאַגערער געגעבען די עצה, בענוצט די גמרא אין מנחות ס"ד דעם אויסדרוק „לעז להם בחכמת יונית“. נאָך גרעצ'ס ערקלערונג („געשיכטע דער יודען“, באַנד 3, נאָטע 15) מיינט עס: ער האָט זיי אויפמערקזאם געמאכט אויף די דיפּלאָמאַטישע קונצען, וואָס זיי האָבען זיך אויסגעלערנט פון די גריכען. אנטקעגען דעם האָבען מיר אָנ־צואווייזען אָט וואָס: א) דאָס וואָרט „לעז“ ווערט נאָר בענוצט אין דעם זין פון זאָגען עפּעס אין א פרעמדער שפראך. ב) ווען מיר זאָלען אפילו אָננעה־מען, אַז די גריכישע שפּראך (לשון יונית) און די גריכישע קענטעניס (חכמת יונית) זיינען צוויי בעזונדערע זאכען — ווי עס איז דאָ אַזאַ מיינונג אין דער גמרא (בבא קמא פ"ג) — איז יעדענפאלס, אַז עס זאָלען נאָך זיין צווייערליי סאָרטען „חכמת יונית“, וועגען דעם איז ערגעץ קיין רייד ניט אין

תלמוד. דעריבער אויב מיר זאָלען דאָ אָננעהמען, אז „חכמת יונית“ מיינט די דיפּלאָמאַטישע קונסט פון די גריכען, דאַן מוזען מיר זאָגען, אַז אומעטום, וואו עס שטעהט „חכמת יונית“ (ניט „לשון יונית“) האָט עס דיזעלביגע בעדייטונג. דאָס איז אבער אויסגעשלאָסען, ווייל אין בבא קמא פ"ג רעדט זיך וועגען „חכמת יונית“, ווי וועגען א זאך, וואָס מען האָט געלערנט מיט קינדער, און וועגען לערנען דיפּלאָמאַטיע מיט קינדער קאָן דאָך קיין רייד ניט זיין. ג) פון דער גמרא אין בבא קמא פ"ג, וואו זיי פאַרענטפערן ר' גמליאל'ן, פאר וואָס מען האָט ביי איהם געלערנט „חכמת יונית“, זעהט מען בעשיינפּערליך, אַז זיי מאכען ניט קיין אונטערשייד צווישען דער „חכמת יונית“, וואָס מען האָט ביי איהם אין הויז געלערנט מיט קינדער, און יענער „חכמת יונית“, מיט וועלכער דער אלטער האָט זיך בענוצט. ד) די ברייתא גופא דערצעהלט דאָך, אז צוליעב דער מעשה מיט יענעם אלטען, וואָס ער האָט זיך בענוצט מיט „חכמת יונית“, האָט מען פאַרוועהרט צו לערנען „חכמת יונית“ מיט קינדער. הייסט עס דאָך, אז דאָס איז אלץ דערזעלביגער מין „חכמת יונית“.

ווייטער, פרעגט מען דאָ נאָך אַן אנדער קשיה: ווי אַזוי קאָן דאָס זיין, אַז די גזירה, מען זאָל ניט לערנען קיין „חכמת יונית“, איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין יענער צייט? מיר ווייסען דאָך, אַז אַזאַ גזירה איז ארויסגעגעבען געוואָרען א סך שפּעטער! דאָס איז אָבער גאָר ניט קיין קשיה. מיר האָבען דאָס געזעהען אויך ביי אנדערע עהנליכע פאַלען, וואו צייטווייליגע אורזאכען האָבען אַרויסגערופען פאַרשיידענע גזירות, און דערנאָך, אז די אורזאכע האָט זיך געפעהלט, האָבען זיי דאָס אָפּגעלאָזען. עס איז דעריבער ניטאָ וואָס צו וואונדערן זיך, ווען מיר דערוויסען זיך פון א שפּעטערער צייט, וואָס זיי האָבען דאמאָלסט אַרויסגעגעבען א גזירה, אז מען טאָר ניט לערנען „חכמת יונית“, כאָטש אפילו אַזאַ גזירה האָט שוין פון לאנג אָן עקזיסטירט (ז. תוספות בבא קמא פ"ב, דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „ואסור לאדם“), פונקט ווי מיר וואונדערן זיך ניט אויף אלע אנדערע תקנות און גזירות, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרען אין די עלטערע דורות און זיינען אין די שפּעטערדיגע דורות בעניים געוואָרען. אויף אזעלכע זאכען האָבען זיי א תירוץ: דאָס איז פאַרגעסען געוואָרען, און מען האָט עס איבעראניים איינגעפיהרט. אָדער: די תקנה איז איינמאָל ארויסגעגעבען געוואָרען, נאָר זי איז ניט אָנגענומען געוואָרען; האָט מען זי אין א צייט ארום ווידער ארויסגעגעבען, און דאַן איז זי אָנגענומען געוואָרען. אָט דעריבער האָב איך אָנגענומען די ווערטער פון דער ברייתא אין פּשטות און איך האָב פונדאַנען געדרונגען, אז די גזירה, מען זאָל ניט לערנען מיט קינדער קיין גריכיש, איז צום ערסטען מאָל ארויסגעגעבען געוואָרען אין יענער צייט.

זייט 405, צייכען (ב).

אין דריי ערטער ווערט אין תלמוד דערצעהלט, אַז שמעיה און אבטליון האָבען געשטאַמט פון גרים (ר' ז. פראנקעל אין „דרכי המשנה“, זייט 37, דערמאָהנט נאָר וועגען שמעיה'ן אליין, אַז ער האָט געשטאַמט פון גרים, און איך ווייס ניט, פונוואַנען ער נעהמט עס). אין יומא ע"א ווערט דערצעהלט, אַז דער כהן גדול האָט זיי אמאָל אָנגערופען „בני עממין“ (קינדער פון פרעמדע פעלקער). אין גיטין נ"ז ווערט געזאָגט: פון סנחריב'ס קינדס־קינדער זיינען גע־

װען אַזױנע, װאָס האָבען מיט'ן גאַנצען עולם געלערנט תורה. און װער זײנען דאָס געװעזען? שמעיה און אבטליון. אין עדיות פרק ה' זאָגט עקביא בן מהללאל, אַז מען טאָר ניט אױספּראָװען מיט פאַרשאָלטענעם װאַסער (מים המאררים) אַן איבערגעגאַנגענע פון א פרעמדען גלױבען. װען מען האָט איהם דערצעהלט א מעשה, אַז שמעיה און אבטליון האָבען אַזאַ פרוי יע געגעבען טרינ־קען די „מים המאררים", האָט ער געענטפערט „דוגמא השקוה" (אין װערטערלי־כער איבערזעצונג הײסט עס „א גלײכע זאַך האָבען זײ איהר געגעבען טרינקען").

װאָס בעדײט עס? אַן ערקלערונג אויף דעם געפינען מיר אין ירושלמי: מועד קטן, פרק ג', הלכה א'. דאָרטען װערט געזאָגט: „דכוותה השקוה" (װײל איהר גלײ־כען, האָבען זײ איהר געגעבען טרינקען), ד. ה. װײל זײ זײנען אלײן אויך געװען גרים, פונקט אַזױ װי זי, האָבען זײ איהר געגעבען טרינקען. אַזױ טײטשט עס אויך דער רמב"ם. גרעץ („געשיכטע דער יודען", באנד 3, נאָטע 16) װיל אָפּלײקענען די גאַנצע מעשה, אַז שמעיה און אבטליון האָבען פון גרים געשטאַמט. ער שטעלט אַרױס צװײ טענות אנטקעגען דעם: א) א גר טאָר ניט זײן קײן דײן. ב) די ערקלערונג, אַז „דכוותה" מײנט זײער גלײכען, שטימט ניט מיט דעם זין פון דעם װאָרט. ער מײנט צו זאָגען, אַז אויב אַזױ, װאָלט זיך דער ירושלמי בעסער בעדאַרפט אױסדריקען „דכוותיהן השקוה" (דאָס װאָלט געהײסען: װײל זי איז געװען זײער גלײכען, האָבען זײ איהר געגעבען טרינקען). די ברייתא פון גיטין נ"ז דערמאָהנט גרעץ גאָר ניט. דאָס איז געװיס מחמת דעם, װײל דער אויספיהר פון דער גמרא „און װער זײנען דאָס געװען? שמעיה און אבטליון" געהערט ניט צו דער ברייתא גופא. אבער דאָס, װאָס עס װערט דערצעהלט אין יומא ע"א, איז דאָך געװיס א שטאַרקער בעװײז. פאַר װאָס האָט זיך גרעץ מיט ד ע ם ניט גערעכענט? די חקירה, אַז דאָ האָט בעדאַרפט זײן „דכוותיהן" און ניט „דכוותה" — דאָס איז ניט מעהר, װי א גע־מאַטערטער קנײטש. מיט װאָס איז דאָ שלעכט „דכוותה"? דער ירושלמי האָט געמײנט צו זאָגען: זײ האָבען איהר געגעבען טרינקען, װײל זײ זײנען געװען איהר גלײכען. אַזױ טײטשט עס רש"י אין ברכות י"ט. תוספות, אין דעם זאַץ, װאָס הױבט זיך אָן מיט'ן װאָרט „דוגמא", טײטשט דאָרטען אויך אַזױ, װי מיר טײטשען. אפילו װען מיר זאָלען שױן נאָכגעבען גרעצ'ן, אַז עס איז ניט געדרונגען פונדאַנען, אַז שמעיה און אבטליון זײנען יע געװען גרים, איז דאָך דאָ יעדענפאַלס ניטאָ אויך קײן ראיה אויף ניט. הײנט פאַר װאָס זשע זאָלען מיר ניט גלױבען דער גמרא, װען זי זאָגט בפירוש: „און װער זײנען דאָס געװען? שמעיה און אבטליון"? און פאַר װאָס זאָלען מיר גלאַט צומאַכען די אויגען און ניט װעלען קוקען אויף דער ברייתא אין יומא ע"א, װאו זײ זאָגען בפירוש, אַז זײ האָבען געשטאַמט פון פרעמדע? אויף דעם ענטפערט גרעץ, אַז לכתחלה איז אין דער ברייתא געװען גאָר אַן אַנדער נוסח, נאָר דערנאָך האָבען זײ דעם נוסח געענדערט, צופּאַסענדיג איהם צו דער פאַלשער מײנונג, װאָס זײ האָבען געקראָגען, אַז שמעיה און אבטליון זײנען געװען גרים. אבער איך פאַרשטעה ניט: פאַרװאָס זאָלען מיר א קלאָרע און דײטליכע ברייתא פער־װאַנדלען אין א פאַרגרײזטע צוליעב עפּעס א קנײטש, װאָס מען װיל אױס־דרעהען אין דעם ירושלמי? פאַר װאָס זאָלען מיר עפּעס זאָגען, אַז דאָס איז

ביי זיי נאָר געווען א השערה, וואָס איז אין גאנצען געבויט אויף די ווערטער „דכוותה השקוה" אין ירושלמי? פאַר וואָס זאָלען מיר ניט זאָגען פאַרקעהרט: דאָס, וואָס די ברייתא אין יומא דערצעהלט, איז א פאקט; דער אויספיהר פון דער גמרא אין גיטין איז ריכטיג, און ווייל זיי האָבען דאָס געוואוסט, דעריבער האָט די גמרא אין ירושלמי אויף אזאן אופן געטייטשט די ווערטער „דוגמא השקוה" פון דער משנה אין עדיות? נאָך גרעצ'ס מיינונג, איז דער אויספיהר פון דער גמרא אין גיטין א טעות, די ברייתא אין יומא איז א פאַרגרייזטע, און דאָס אלץ מחמת דעם, ווייל גרים טאָרען ניט זיין קיין דיינים. ווי מיר האָבען אבער ערקלערט אין דעם הויפט־טעקסט, איז מיט דערמיט די זאַך גאָר ניט אָפּגעפרעגט. דאָס זעהט מען ארויס קלאָר פון יבמות מ"ה און ק"ב און פון קידושין ע"ג (ז. דאָרטען פירוש רש"י). אין ספרי געפינען מיר אויך אַן עהנליכע ערקלערונג: די געלערנטע האָבען געזאָגט צום קיניג אגריפא „דו ביסט אונזערער א ברודער", ווייל זיין מוטער איז געווען פון אידישער געבורט. וועגען דער בעדייטונג פון די ווערטער „דוגמא השקות" שליסט זיך אַן גרעץ אַן דעם פירוש פון ר' האי גאון (ז. אין דעם „ערוך" די ערקלערונג אויף דעם וואָרצעל „דגם"), נאָך וועלכען דאָס מיינט אָט וואָס: זיי האָבען איהר געגעבען טרינקען ניט קיין אמת'ע „מים המאררים", נאָר כלומר'שט „מים המאררים". זיי זיינען אויסען געווען נאָר אָנצושרעקען איהר, כדי זי זאָל זיך מודה זיין. דאָס איז פונקט ווי שלמה המלך האָט כלומר'שט געהייסען צושניידען דאָס לעבעדיגע קינד. אויף ד ע ם פירוש איז אָבער פאַראַן וואָס צו פרעגען. אין דער משנה אין עדיות ווערט דערצעהלט, אז מען האָט אויף עקביא בן מהללאל ארויפגעלעגט די שטראָף פון „נידוי" דערפאר, וואָס ער האָט זיך אזוי גראָב אויסגעדריקט וועגען שמעיה און אבטליון. אויב ער האָט גאָר געמיינט צו זאָגען, אז יענע האָבען נאָר געמאכט דעם אָנשטעל, אז זיי גיבען איהר „מים המאררים", כדי צו דערגעהן דעם אמת, איז וואָס איז דאָ געווען פאַר א גראָבקייט פון זיין זייט? פאר וואָס האָט איהם געקומט א שטראָף? ז. דאָרטען דעם רמב"ם: ער האָט צונויפגעפלאָכטען אין איינעם די ביידע פירושים.

## קאפיטעל 17.

### זייט 424, צייכען (א).

**אין ספרי**: וזאת הברכה, פיסקא שנ"ז, ווערט געזאָגט, אַז צו פערציג יאָהר איז הלל געקומען פון בבל, פערציג יאָהר האָט ער געשטודירט און פערציג יאָהר איז ער געווען א פיהרער ביי אידען. אין שבת ט"ו ווערט געזאָגט, אז הלל איז געוואָרען נשיא הונדערט יאָהר פאַר'ן חורבן. אויב ער איז דאמאָלסט אַלט געווען אַכציג יאָהר, ווי דאָס קומט אויס נאָכ'ן ספרי, דאן ווייזט דער חשבון, אז ער איז געבאָרען געוואָרען אין דעם יאָהר דריי טויזענט זעקס הונדערט פופציג, נאָך דער אידישער צייט־רעכענונג. מיר ווייסען אָבער, אז הלל איז שוין געווען א געלערנטער, בעת ער איז געקומען פון בבל, ווארום ער האָט צוגעטראָפען די אָנגענומענע הלכות און האָט אויף זיינע דרש'ען געקראָגען א בעשטעטיגונג (ספרא: תזריע, פרק ט'; תוספתא: נגעים, פרק א'. ירושלמי: פסחים, פרק ו', הלכה א'). אויב ער איז דאָרטען פערציג יאָהר

נאָכאנאנד געזעסען און געלערנט, ווי קומט עס, וואָס די נשיאים (די בני בתירה) האָבען פון איהם ניט געוואוסט? און ווערליג ווי עס ווערט דער־צעהלט אין מסכת פסחים, האָבען זיי איהם גאָר ניט געקענט; איינער פון די תלמידים האָט זיי נאָר אויפמערקזאם געמאכט אויף איהם, זאָגענדיג: דאָ געפינט זיך א מאַן מיט'ן נאָמען הלל הבבלי. אין דער אמת'ען זיינען די דאַטעס פון דעם ספרי ניט אזוי פינקטליך. עס ווייזט אויס, אז יונגערהייט נאָך איז הלל געקומען קיין ארץ ישראל לערנען תורה ביי שמעיה און אבטליון. אפשר האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק אין בבל, בעת הירודוס האָט די געלערנטע פער־פאָלגט. דערנאָכדעם, אז עס איז אין לאַנד געוואָרען רוהיג, איז ער צוליעב עפּעס ווידער געקומען אין ארץ ישראל, און דאָ האָט זיך גראד געטראָפען די מעשה, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזען דערמיט, אז ער איז געוואָרען נשיא, ווי דאָס ווערט ביי אונז אין הויפּט־טעקסט דערצעהלט. אפשר איז ער צו פערציג יאָהר געוואָרען נשיא און פערציג יאָהר איז ער געוועזען אין אמט, ד. ה. ער האָט אין גאַנ־צען געלעבט אכציג יאָהר, ווי גרעץ מאכט דעם חשבון („געשיכטע דער יודען", באַנד 3, קאפּ. 9). אויב ער איז געוואָרען נשיא הונדערט יאָהר פאַר'ן חורבן און ער איז דאמאָלסט אלט געווען פערציג יאָהר, דאַן קומט אויס, אַז ער איז געבאָרען געוואָרען הונדערט און פערציג יאָהר פאַר'ן חורבן, ד. ה. אין דעם יאָהר דרייטויזענט זעקסהונדערט ניינציג. עס איז אבער ניטאָ קיין שום זי־כערע ראיה, נאָך וועלכער מיר זאָלען קענען בעשטימען גענוי, אין וועלכען יאָהר הלל איז געבאָרען געוואָרען, ווארום מיר ווייסען ניט בעשטימט, ווי לאנג ער האָט געלעבט. דעריבער האָב איך ניט בעשטימט גענוי די צייט פון זיין גע־בורט, איך האָב נאָר אָנגעוויזען, אין וועלכער צייט אַן ערך דאָס איז געווען.

### זייט 431, צייכען (ב).

מען ווייס ניט בעשטימט, צי דער ר' יהודה בן בתירה, וועגען וועלכען דאָ רעדט זיך, איז דערזעלביגער, וואָס ווערט דערמאָהנט אין פסחים ג': יענער האָט געלעבט אין דער צייט פון בית המקדש און נאָך דעם. ר' ז. פראנקעל („דרכי המשנה", ז. 96) וואונדערט זיך: ווי אַזוי האָט עס יענער ר' יהודה בן בתירה געקאָנט זאָגען: „וואָס קאָן איך העלפען? די געלערנטע האָבען דאָרטען גע'פּסקנ'ט, אז די פרוי טאָר ניט עסען קיין תרומה, כל זמן זי איז ניט גע־שטאַנען אונטער דער חופּה"? אַזאַ בעשלוס האָט דאָך ערסט אָנגענומען א שפּע־טערדיגער בית דין, נ אָ ך דער צייט פון ר' טרפון און ר' עקיבא, ווי מען זעהט עס פון דער משנה אין כתובות נ"ז. אויף אַזאַ אופן האָט דאָך יענער ר' יהודה בן בתירה געלעבט א סך פריהער, איידער די תקנה איז איינגעפיהרט געוואָרען. פראנקעל האָט דאָ אבער פאַרזעהען די ברייתא פון ירושלמי: כתובות, פּרק ה', הלכה ד'. דאָרטען ווערען געבראכט דריי פאַרשיידענע הלכות, וואָס זיינען וועגען דער פראגע אָנגענומען געוואָרען אין פאַרשיידענע צייטען. די עלטסטע הלכה איז געווען: ניט קיין כהנ'ס א טאָכטער, וואָס איז פארקנאסט געוואָרען צו א כהן, מעג גלייך עסען תרומה. דאָס איז נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה, און דאָס שטימט מיט'ן דרש פון ר' יהודה בן בתירה. אין א צייט אַרום האָבען זיי דאָס געענדערט אזוי: ווען עס זיינען אריבער צוועלף חדשים (זינט דער מאַן האָט אָפּגערעדט מיט דער פרוי, ער זאָל איהר אריינגעהמען צו זיך

אין הויז), וואָס דאַן איז ער שוין מחויב צו שפּייזען איהר, מעג זי שוין עסען תרומה. דער לעצטער בית דין האָט בעשלאָסען: די פרוי טאָר בשום אופן ניט עסען קיין תרומה, כל זמן זי איז ניט געשטאַנען אונטער דער חופה. אָט אויך דער ברייתא איז געגרינדעט די משנה פון כתובות נ"ז. מעהר ניט, די עלטסטע הלכה פעהלט אין דער משנה; עס ווערען געבראַכט נאָר די מיטעלסטע און די לעצטע הלכות, און אָט די מיטעלסטע הלכה פון דער ברייתא ווערט אין דער משנה אָנגערופען די עלטסטע (משנה ראשונה). דער הויפּט־פּונקט פון דער הלכה בעשטעהט אין דעריבען: ווען עס איז געקומען די צייט (ד. ה. עס זיינען אריבער די צוועלף חדשים, זינט ער האָט מיט איהר אָפּגערעדט) און ער האָט איהר ניט אריינגענומען, איז ער איהר מחויב צו שפּייזען, און זי מעג עסען תרומה. וועגען די דעטאַלען פון דער הלכה איז דאָ א מחלוקת צווישען ר' טרפונ'ען און ר' עקיבא'ן, אבער קיינעם וועט גאָר ניט איינפאלען צו זאָגען, אַז ר' טרפון און ר' עקיבא זיינען געווען די גרינדער פון דער הלכה. עס איז דעריבער זעהר מעגליך, אז אלע דריי הלכות האָבען עקזיסטירט נאָך פּאַר דער צייט פון ר' טרפון און ר' עקיבא. אויב אַזוי, איז דאָך קיין וואונדער ניט, וואָס דער עלטערער ר' יהודה בן בתירה האָט פון די אלע דריי פאַרשיידענע הלכות געוואוסט. עס זעהט אויס, אַז כאָטש אפילו ר' טרפון און ר' עקיבא טייטשען אויס די מיטעלסטע הלכה און דאָס בעווייזט דאָך, אַז אין זייער צייט איז יענע הלכה געוועזען אין קראַפט, פונדעסטוועגען פלעגען זיי צייטענווייז אמאָל אָפּווייכען פון אָט דער הלכה און אָנווענדען גאָר די עלטסטע הלכה, נאָך וועלכער א פארקנאסטע צו א כהן מעג עסען תרומה, ווי נאָר דער כהן האָט איהר מקדש געווען. ווארום אין תוספתא: כתובות, פרק ה', ווערט דערצעהלט א מעשה אויף ר' טרפונ'ען, אַז ער האָט אמאָל אין א הונגער־יאָהר מקדש געווען דרייהונדערט פרויען, כדי ער זאָל זיי מעגען געבען עסען תרומה. אַלזאָ, מיר מוזען זאָגען, אז אין א נויטפאל פלעגען זיי אָנווענדען דאָס געזעץ פון דער תורה, נאָך דער עלטסטער הלכה, וואָס שטימט מיט דעם דרש פון ר' יהודה בן בתירה.

### זייט 434, צייכען (ג).

ז. וואָס איך האָב וועגען דעם ענין געשריבען אין דער איינלייטונג צו מכילתא מיט מיין פּירוש „מדות סופרים".

### זייט 435, צייכען (ד).

אין אבות, פּרק ב', משנה ד' און ווייטער, ווערען געבראַכט אפאָריזמען אין דעם נאָמען פון הלל. דער תוספות יום טוב ברענגט די מיינונג פון אייניגע ר' מנחם עזריה אין זיין ספר „עשרה מאמרים", אַז דאָס איז ניט הלל הזקן, נאָר אַן אנדער הלל, ר' יהודה הנשיא'ס אַן אייניקעל. אייניגע פון די משניות, די משנה ו', שטאַמט, נאָך זיין מיינונג, יע פון הלל הזקן, אבער די צוזאַמענשטעלער פון די משניות האָבען ניט גענוי אָפּגעהיט דעם סדר. דאָס, וואָס ער האַלט, אז די משנה ו' שטאַמט יע פון הלל הזקן, איז געוויס מחמת דעם, ווייל איהר אינהאלט ווערט געבראַכט אויך אין דער גמרא (סוכה נ"ג), און דאָרטען ווערט בפירוש אָנגערופען הלל הזקן. אין אבות דרבי נתן ברענגט ער אפאָריזמען פון איינעם, וואָס ער רופט איהם אָן סתם הלל. אזוי ווי ער

**דערמאָהנט** איהם נאָך ר׳ יהודה הנשיא, ווייזט אויס, אז ער האָט דאָ געהאַט **אין** זינען דעם אנדער הלל. צווישען די אפאָריזמען, וועלכע ער רעכענט אויס **דאָ**רטען, געפינען מיר אויך דעם זאַץ „וואָס מעהר פליויש איינער קלייבט אָן אויף זיך, אלץ מעהר ווערים גרייט ער פאַר זיך", און דערזעלביגער זאַץ גע־פינט זיך אין אבות, פרק ב׳, משנה ז׳. אפנים, זיי האָבען געהאלטען, אז די אלע פיר משניות פון אבות פרק ב׳, אָנהויבענדיג פון משנה ד׳ און ענדי־גענדיג מיט משנה ז׳, שטאַמען פון דעם צווייטען הלל. דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. עס ווייזט אויס, אַז פון משנה ט״ז פרק א׳ ביז די ווערטער „הלל אומר" אין משנה ד׳ פרק ב׳, איז דאָס א שפּעטער צוגעגעבענער טייל. מיט די ווערטער „הלל אומר" אין פרק ב׳, משנה ד׳ הויבט זיך אָן ווידער די פאָרט־זעצונג פון די קבלות אין זייער כראָנאָלאָגישען סדר. און טאַקי, נאָך הלל׳ס אפאָריזמען, מיט וועלכע עס ענדיגט זיך די משנה ז׳, הויבט אָן די משנה ח׳ מיט ר׳ יוחנן בן זכאי, וואָס ער האָט איבערגענומען פון הלל און שמאי און אז. וו. צו דעמזעלביגען שלום קומט אויך ר׳ יום טוב צונץ אין זיין גרויסען ווערק „גאָטעסדיענסטליכע פאָרטרעגע".

## זייט 445, צייכען (ה).

**אין** בבא בתרא קל״ד ווערט דערצעהלט אַזאַ מעשה. איינער איז געווען אין כעס אויף זיינע קינדער דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך געפיהרט ניט ווי עס בעדאַרף צו זיין, האָט ער זיי ענטזאגט פון ירושה און האָט אָפּגעשריבען זיינע גיטער צו יונתן בן עוזיאל. וואָס האָט יונתן בן עוזיאל געטאָן? א דריטעל האָט ער פאַרקויפט, א דריטעל האָט ער אַוועקגעשענקט אויפ׳ן טעמפּעל און א דריטעל האָט ער אָפּגעגעבען דעם געשטאָרבענעמס קינדער. שמאי׳ען האָט עס פאַרדראָסען, פאר וואָס יונתן בן עוזיאל האָט, געגען דעם וואונש פון דעם אָפּזאָגער, זיינע קינדער געגעבען א טייל. האָט ער זיך א לאָז געטאָן צו יונתן בן עוזיאל מיט זיין שטעקען און מיט זיין רייזע־זאַק (בא עליו במקלו ותרמילו). זאָגט צו איהם יענער: שמאי! אויב דו קאָנסט מאַכען צו נישט, וואָס איך האָב פאַרקויפט און וואָס איך האָב אַוועקגעשענקט אויפ׳ן טעמפּעל, דאַן נאָר קאָנסטו אויך מאַכען צו נישט, וואָס איך האָב אָפּגעגעבען. דער אר־גומענט האָט שמאי׳ען איבערצייגט, און ער האָט געזאָגט: בן עוזיאל האָט מיר געגעבען א גאָב! אויף די ווערטער „בא עליו במקלו ותרמילו" זאָגט דער רש״בם אין זיין פירוש, אז דאָס מיינט: ער איז געקומען צו איהם דורכרייידען זיך. גרעץ דרינגט פון די ווערטער אַרויס, אז שמאי האָט זיך א לאָז געטאָן אויף עוזיאל׳ן מיט׳ן שטעקען, ער האָט איהם געוואָלט צווינגען, און דאָס איז א סימן פון אויפרעגבאַרקייט. אבער די ברייתא האָט עס אַזוי ניט גע־מיינט. נאָך מיין מיינונג, קומט אויס פאַרקעהרט: דאָס, וואָס שמאי איז גע־גאַנגען צו איהם און האָט איהם ניט געפאָדערט צו זיך, ווי דער שטייגער איז ביי א רבי׳ן מיט זיינעם א תלמיד, דאָס בעווייזט דאָך, אז שמאי האָט זיך אנטקעגען איהם געהאלטען גאנץ פּראָסט. די ווערטער „במקלו ותרמילו" קאָן מען ניט טייטשען אַזוי, אז ער איז געקומען סטראשען איהם מיט א שטעקען און צווינגען איהם. ווארום אויב אַזוי, צו וואָס האָט ער נאָך גענאָרפט האָ־**בען מיט זיך דעם זאַק? אין דער אמת׳ען איז דער אויסדרוק „בא במקלו**

ותרמילו" גיט מעהר ווי א געוואוינהייטס-פראַזע (ווי אין אידיש צ. ב. „געקומען האַק און פּאַק און אנטלאָפען"), מיט וועלכער זיי פלעגען זיך שטענדיג בענוצען, ווען עס פלעגט קומען צו רייד וועגען לאָזען זיך אין וועג אָדער אַנקומען פון דער פרעמד. אַזוי צ. ב. אין שבת ל"א. אַז זיי ריידען דאָרטען וועגען א גר, וואָס איז נאָר וואָס אריינגעטראָטען אין דער אידישער געמיינדע, דריקען זיי זיך אויס „גר שבא במקלו ותרמילו" (אַ גר, וואָס איז געקומען מיט זיין שטעקען און רייזע-זאַק). אין ראש השנה כ"ה, וואו עס ווערט דערצעהלט די מעשה, ווי אזוי ר' יהושע איז אוועקגעגאנגען צו ר' גמליאל'ן, דריקען זיי זיך אויס „ער האָט גענומען זיין שטעקען און זיין געלט אין האַנט" (נטל מקלו ומעותיו בידו). די, וואָס ווילען האָבען, אַז שמאי האָט אויף איהם געוואָלט אָנפאַלען, קענען זיך דאָ נאָר שטיצען אויף דעם וואָרט „עליו" (אויף איהם), וואָס ווערט בענוצט אין דער דערצעהלונג. מען קאָן מיינען, אַז דאָס הייסט „ער האָט זיך אויף איהם א לאָז געטאָן מיט'ן שטעקען". אויף אַזאַן אופן וואָלט עס געהאַט די-זעלביגע בעדייטונג, ווי דער אויסדרוק, „כי אתה בא אלי במקלות" (דו טרעטסט גאָר אַרויס אנטקעגען מיר מיט שטעקענס) ביי דער מעשה מיט גלית הפלשתי און דוד'ן (שמואל א', קאפּ. י"ז). עס לוינט זיך אבער ניט צוליעב אַזאַ קנייטש אוועקצוגעהמען ביי די ווערטער „בא במקלו ותרמילו" זייער פשוט'ען זין. אגב דאַרף מען דאָ נאָך נעהמען אין בעטראַכט אָט וואָס. אין ירושלמי: נדרים, פּרק ה', הלכה ו', ווערט די גאנצע מעשה דערצעהלט גאָר אויף אַן אנדער אופן, פּונקט דער היפוך פון דעם, ווי דאָס ווערט דערצעהלט אין דעם תלמוד בבלי. דעריבער איז פון דער מעשה איבערהויפּט שווער אַרויסצונעהמען וואָס עס איז, וואָס זאָל זיין ניצליך פאַר דער געשיכטע.

## קאפיטעל 18.

### זייט 450, צייכען (א).

גרעצ'ס מיינונג איז, אז שמעיה און אבטליון האָבען געשטאַמט פון די אַלעקסאנדריער. נאָך ד ע ר השערה נאָך, איז גערעכט ר' אהרן יעלינעק, ווען ער זאָגט, אז שמעיה און אבטליון זיינען אפשר געווען בעקאנט מיט דער גריכישער פילאָזאָפיע און זיי האָבען געוואוסט אריסטאָטעל'ס כללים פון לאָגיק. נאָך דעם מוסטער פון יענע כללים האָבען זיי אריינגעבראכט א סיסטעם אין די מעטאָדס, נאָך וועלכע די תורה ווערט גע'דרשנ'ט. זיי האָבען פעסטגעשטעלט זייער צאָהל און האָבען זיי אָנגערופען מיט בעשטימטע נעמען. פון זיי האָט עס הלל איבערגענומען דאָס סיסטעם פון די מעטאָדס, זייער צאָהל און זייערע נעמען. אבער אויב אַזוי, האָבען דאָך די מעטאָדס געדאַרפט געהן אויף דעם נאָמען פון שמעיה און אבטליון.

### זייט 450, צייכען (ב).

אין ספרא, צום סוף פון ר' ישמעאל'ס ברייתא, רעכענט ער אויס הלל'ס מעטאָדס אזוי: קל וחומר; גזירה שוה; שני כתובים; כלל ופרט; כיוצא בו במקום אחר; דבר הלמד מענינו. דאָ פעהלט איינער צום צאָהל. אין אבות

דרבי נתן, פרק ל״ז, רעכענט ער אויס: קל וחומר; גזירה שוה; א בנין אָב פון איין פסוק. א בנין אָב פון צוויי פסוקים; כלל ופרט; פרט וכלל (אַן אַל־געמיינע בעצייכענונג, וואָס קומט נאָך א ספּעציפישער בעצייכענונג); כיוצא בו ממקום אחר; דבר הלמד מענינו. דאָ איז שוין מיט איין מעטאָד מעהר. אין תוספתא, סנהדרין, פרק ז׳, איז דער נוסח אין אלצדינג אַזוי, ווי אין אבות דרבי נתן; מעהר ניט, אנשטאָט די צוויי מעטאָדס „כלל ופרט" און „פרט וכלל", ווערט דאָרטען גערעכענט איינער — „כלל ופרט וכלל" (אַן אלגעמיינע בעצייכענונג, דערנאָך א ספּעציפישע בעצייכענונג, דערנאָך ווידער אַן אַלגעמיינע בעצייכענונג). אויף אַזאַן אופן קומט אויס אקוראט זיבען (פ ו ן ד ע ם א י ב ע ר ז ע צ ע ר: אין צוקערמאנדעל׳ס אויסגאבע פון תוספתא שטימט דער סדר אין גאנצען מיט דעם סדר פון אבות דרבי נתן). מיר דוכט אָבער, אַז דער ריכטיגער נוסח איז אין ספרא; מעהר ניט, דאָרטען איז דורכגעלאָזען געוואָרען דער „בנין אָב". ז. וואָס איך האָב געשריבען אין די קאַפּיטלען 16, 17 און 19. בעטראכט מען עס אין צוזאַמענהאנג מיט די ספּעציפישע מעטאָדס, וואָס הלל האָט, ווי מיר האָבען געזעהען, אָנגעווענדעט אין זיינע דרש׳ען, דאַן קאָן מען די מעטאָדס, וואָס זיינען אויסגערעכענט אין ספרא (ווערליג ווי איך האָב נאָך אריינגעשטעלט אהינצו דעם „בנין אב") ענטדעקען אין די דרש׳ען פון די עלטערע געלערנטע.

## זייט 450, צייכען (ג).

רש״י האָט זיך אָנגעשלאָסען אן דער מיינונג פון די גאונים (ז. פירוש רש״י אין סוכה ל״א, גיטין מ״א און נדה י״ט). דאָסגלייכען דער רמב״ם אין זיין איינלייטונג צו משניות. דער ראב״ד אין זיין פירוש אויף ר׳ ישמעאל׳ס ברייתא אין ספרא זאָגט, אז דער קל וחומר און דער מעטאָד, ווי אַזוי צו פאַר־ענטפערן א ווידערשפּרוך צווישען צוויי פסוקים, זיינען אָנגעוויזען אין דער תורה און די איבעריגע מעטאָדס זיינען געגרינדעט אויף קבלה. דער ראב״ד דריקט זיך אויס פאָרזיכטיג: ער רופט עס ניט אָן מיט׳ן נאָמען „הלכה למשה מסיני", ווייל עס איז ניטאָ אויף דעם קיין ראיה פון ש״ס. ז. תוספות אין זבחים כ״ח. אַזאַ מיינונג זאָגט ארויס אויך דער רמב״ן אין זיינע איינוווענדונגען אויף דעם ספר המצוות, שורש ב׳. אויף זעהר א געמאַטערטען אופן שטעלט ער עס פאָר, ווי אַזוי די הלכה איז איבערגעגעבען געוואָרען. אנדערע האָבען אויך געפּרואווט פאָרשטעלען עס דייטליך, און דאָס האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען. ז. פירוש רש״י אין קידושין י״ז, דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן מיט׳ן וואָרט „מיכה", און תוספות, שבת צ״ז, דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „גזירה שוה". ז. אויך אין תענית כ׳ דעם פירוש, וואָס געהט אויף רש״י׳ס נאָמען.

## זייט 452, צייכען (ד).

דעם מעטאָד פון „רבוי" האָבען נאָך די ערסטע זקנים אָנגעווענדט אין זייערען א דרש (ז. פריהער, זייטען 304 און 305). דעם מעטאָד פון „מיעוט" בעגעגענען מיר ביי הלל׳ן אין זיין דרש אויף די ווערטער „ונרפא הנתק" (און די קרעץ האָט זיך אויסגעהיילט). ער דרשנ׳ט אַזוי: „ולא שניתק נתק בתוך נתק" אדער, נאָך אַן אנדער נוסח, „להביא נתק בתוך נתק", ד. ה. ער לערנט דאָר־

טען אָפּ מיט דעם דרש, אז כאָטש אפילו דער, וואָס איז איינמאָל ערקלערט גע־וואָרען פאר ריין, ווייל ביי איהם האָט זיך אויסגעהיילט די קרעץ, ווערט ניט איבעראַניים אומריין, ווען די קרעץ האָט זיך דערנאָכדעם ווידער בעוויזען אויף דעמזעלביגען אָרט, איז דאָס אָבער ניט געזאָגט געוואָרען אויף אַזאַ פאַל, ווען צום צווייטען מאָל האָט זיך די קרעץ בעוויזען אין צוויי בעזונדערע פלעקען, איינגעשלאָסען איינער אין דעם אנדערען און אָפּגעטיילט איינער פון דעם אנ־דערען מיט א קרייז פון געזונטער הויט; דאַן ווערט עס גערעכענט פאר א נייע קרעץ, און דער קראנקער איז אומריין (ספרא: תזריע, פרק ט׳. ז. דאָרטען מיין פירוש „מסרת התלמוד״).

## זייט 452, צייכען (ה).

ז. דריטע זייט פון מיין איינלייטונג צו מכילתא מיט מיין פירוש „מדת סופרים״. ז. אויך דאָס ווערק „תלפיות״ פון ר׳ מרדכי פלונגיאַן.

## זייט 452, צייכען (ו).

צו דעמדאָזיגען טיפּ פון לאָגישע גלייכונגען געהערט אַזאַ דרש, ווי „זאת תורת המנחה״ (אָט דאָס איז דאָס געזעץ וועגען א שפּייז־אָפּפער) — דאָסזעלביגע געזעץ איז גילטיג פאר אלע שפּייז־אפּפערס (ספרא: צו, פרשה ב׳); אדער וואו די תורה גופא ווייזט אָן דורך דעם פּרעפיקס „כ״, אַז דאָ ווערט געגליכען איין ענין צו דעם אנדערען, צ. ב. „כחטאת כאשם״ — ווי ביי א זינד־אפּפער, אזוי אויך ביי א שולד־אָפּפער (ספרא: צו פרק ט׳. ז. אויך זבחים י״א). זעה נאָך: זבחים צ״ז; מנחות פ״ג; ספרא: אחרי מות, פרשה ג׳, פירוש „מסרת התלמוד״, צייכען „ר״.

## זייט 453, צייכען (ז).

פּונקט אויף דעם וועג לערנען זיי אָפּ: אז דער פאָטער קאָן לאָזען זיין קליינע טאָכטער מקדש זיין אויף דיזעלביגע אופנים, ווי מען איז מקדש א גרויסע (כתובות מ״ו); אז פּונקט ווי א בלינדער כהן (אפילו ווען ער איז בלינד נאָר אויף איין אויג) טאָר ניט בעקוקען קיין אויסשלאַג, אזוי טאָר א בלינדער קיין דיין ניט זיין (נדה נ׳). אנגעווענדיג אויף אזאַן אופן דעם היקש, זיינען זיי דערגאנגען אויך צו אַזאַ דרש, ווי „ומתו גם שניהם״ (און זיי זאָלען ביידע געטויט ווערען) — סיידען זיי זיינען ביידע גלייך שטראָפּבאָר, ד. ה. ביי זיי איז געוועזען א קלער, אַז ווען א גרויסער האָט געשלעכטליך געזינדיגט מיט א פאַרקנאַסטער מיידעל, וואָס זי איז נאָך א קליינע און איהר קומט ניט דעריבער קיין טויטשטראָף, קריגט ע ר אויך ניט די שטראָף (סנהדרין ס״ו).

## זייט 453, צייכען (ח).

ביי די עלטערע געלערנטע געפינען מיר ניט קיין ברעקעל רמז אויף דעם, אַז זיי זאָלען דרשנ׳ען „סמוכים״. עס איז קיין שום ספק ניט, אַז דאָס איז א וויטערדיגע ענטוויקלונג פון דעם היקש. וויבאַלד מען האָט שוין ניט נאָכגע־קוקט מעהר נאָך דעם לאָגישען גרונד, וואָס ליגט אין דעם מעטאָד פון היקש, און מען פלעגט צוגלייכען איין ענין צו דעם אנדערען אויף דעם סמך פון דעם ריין אויסערליכען צוזאַמענהאַנג צווישען זיי, וואָס זיי ווערען דערמאָהנט אין איין פסוק, — וויבאַלד אזוי האָבען זיי שוין דערנאָכדעם גערעכענט, אַז עס

מאַכט ניט אויס, ווען אפילו ניט אין איין פסוק: אבי נאָר זיי שטעהען נאָ־ הענט איינער לעבען דעם אנדערען, קאָן מען שוין וואָס עס איז דערפון אפלער־ נען. מיט קיין דרש־מעטאָד איז מען ניט אוועק אזוי ווייט פון דעם פשוט׳ען זין, ווי מיט דעם דרשנ׳ען „סמוכים“. מיט רעכט טענ׳עט ר׳ יהודה (יבמות ד׳): צי דען ווייל עס שטעהט נאָהענט איינס לעבען דעם אנדערען, זאָלען מיר אויף דעם סמך הינריכטען א מענשען דורך פארשטיינען? מיר געפינען אין היבש עטליכע ערטער פון תלמוד, אז די בעלי הגמרא, ציטירענדיג א געוויסע ברייתא, גיבען צו פון זיך אליין די ווערטער „וסמיך ליה“ (און עס שטעהט נאָהענט), ווייל זיי נעהמען אָן, אַז די ברייתא דרשנ׳ט דאָ „סמוכים“, כאָטש אפילו אין דעם אורשפּרינגליכען טעקסט פון דער ברייתא איז דאָס ניט געווען אויסגעדריקט דייטליך. צ. ב. אין קידושין נ״ג בערופען זיי זיך ביי א געוויסען דרש אויף דער נאָהענטקייט פון דעם פסוק „אם על תודה יקריבנו“ (אויב ער וועט עס ברענגען אלס דאנק־אָפּפער); דערזעלביגער דרש געפינט זיך אין ספרא, צו פּרק י׳, און דאָרטען בערופען זיי זיך ניט אויף דער נאָהענטקייט. אין פסחים כ״ח בערופען זיי זיך ביי א געוויסען דרש אויף דער נאָהענטקייט פון די ווערטער „היום אתם יוצאים“ (היינט געהט איהר ארויס); דערזעלביגער דרש געפינט זיך אין מכילתא, בא, פּרשה ט״ז, און דאָרטען בערופען זיי זיך ניט אויף דער נאָהענטקייט. ז. וואָס איך האָב דאָרטען געשריבען אין דעם פּירוש „מדת סופרים“, צייכען „ל“. דיזעלביגע זאַך בעגעגענען מיר אין פיעלע ערטער.

## זייט 454. צייכען (ט).

פון די אורשפּרינגליכע סימנים פון „רבוי“ און „מיעוט“ זיינען ארויס־ געקומען וויטערדיגע אָפּצווייגונגען, וועלכע שליסען אין זיך איין די מעהרסטע דרש׳ען פון די שפּעטערדיגע געלערנטע. זיי האָבען עס אויסגעצויגען אזוי ווייט, אז זיי האָבען אָנגעהויבען צו דרשנ׳ען איינצעלנע אותיות און אפילו פּינטעלאך אין דער הורה. אויף ר׳ עקיבא׳ן האָבען זיי געזאָגט, אז פון איט־ ליכען פּאַסיקעל פלעגט ער אָפּלערנען גאנצע בערג פון הלכות. ווען זיי גיבען וואָס צו אדער זיי שליסען וואָס אויס אויף דעם סמך פון אזעלכע ווערטער, ווי: כל (יעטוועדער, אלע), גם, אף (אויך), אך, רק (נאָר), אתו (איהם), או (אָדער), הוא (ער), היא (זי), שטימט עס אייגענטליך מיט דער ריכטיגער בעדייטונג פון דידאָזיגע ווערטער. זיי האָבען אָבער אין זייער אויסטייטשונג זעהר איבערגעכאפּט די מאָס, און דורך דעם זיינען ווילדע דרש׳ען ארויסגעקו־ מען. לאָמיר נעהמען צ. ב. דעם כלל, אז „כל“ איז א סימן פון „רבוי“. אָט איז איין פאַל: די תורה זאָגט „כ ל שאור לא תקטירו ממנו“ (וואָס פאר א זויער־ טייג עס זאָל ניט זיין, זאָלסטו דערפון אויפ׳ן מזבח ניט רויכערן) און זיי לערנען אָפּ, אויף ר׳ אליעזר׳ס שטייגער, פון דעם וואָרט „כל“, אז אין א שפּייז־ אָפּפער טאָר ניט אריינקומען אפילו א ט י י ל זויערטייג (מנחות נ״ח). א צווייטער פאַל: די תורה זאָגט „כ ל זכר בבני אהרן יאכלנה“ (אלע מאנס־ פּערזאָנען צווישען אהרנ׳ס קינדער זאָלען עס עסען), און זיי לערנען אָפּ פון דעם וואָרט „כל“, אז אפילו יענע כהנים, וועלכע ווערען צוליעב א קערפּערליכען דעפעקט ניט צוגעלאָזען צום מזבח, קריגען א חלק פון די הייליגע שפּייזען.

אין די בײדע פֿאַלן געפֿינט זיך דער דרש ניט אין קײן שום װידערשפּרוך צום פּשוט'ן זין פֿון די װערטער. אָבער אָט איז אַן אַנדער פֿאַל. די תורה זאָגט „ו כ ל ח ט א ת אשר יובא מדמה אל אהל מועד... באש תשרף" (יעדער ז י נ ד - אָ פּ פ ע ר, װאָס א טײל פֿון זײן בלוט איז ארײנגעבראכט געװאָרען אינעװעניג אין דעם אהל מועד, דאַרף אין גאַנצען פֿאַרברענט װערען), און ר' עקיבא לערנט אָפּ פֿון דעם װאָרט „כל", אַז דאָס געהט אױך אױף אַלע אַנדערע קרבנות, ניט דוקא נאָר אױף א זינד־אָפּפער. ד אָ ס איז שױן געגען דעם פּשוט'ן זין. נאָכ'ן פּשוט'ן זין קומט אױס פֿאַרקעהרט: אַז דאָ רעדט זיך נאָר װעגען א זינד־אָפּפער, װי ר' יוסי הגלילי האָט טאַקי ר' עקיבא'ן געענטפֿערט (זבחים פ"ב). דאָסגלײכען אַזאַ פֿאַל: די תורה זאָגט „כל אוכל חלב מן הבהמה אשר יקריב ממנה... ונכרתה..." (יעדערער, װער עס עסט חלב פֿון די פֿיה, װ ע ל כ ע מ ע ן ב ר ע נ ג ט פ א ר א ק ר ב ן, קריגט כרת), און זײ לערנען דאָ אָפּ פֿון דעם װאָרט „כל", אַז אפילו װען מען עסט די חלב פֿון א בהמה, װאָס האָט געהאַט אין זיך א בראַק (און אַזאַ האָט דאָך ניט געטאָרט בענוצט װערען פֿאַר א קרבן), איז אױך דיזעלביגע זאַך (פּסחים מ"ג. ספרא: צו, פּרשה י'). דאָס הױבט ניט אָן צו שטימען מיט'ן פּשט פֿון די װערטער — דאָס הײסט שױן טאַקי פֿאַרדרעהען דעם פּשט. װאָרום דאָס װערט אױסגע־טײטשט אַזױ, פּונקט װי דאָ װאָלט געשטאַנען ניט „כל אוכל חלב" (יעדערער, װער עס עסט חלב), נאָר „אוכל כל חלב" (װער עס עסט װעלכען עס איז סאָרט חלב). אַלס סימנים פֿון „רבוי" און „מעוט" טײטשען זײ אױס אױך אײנ־צעלנע אותיות, װי „ה", „ו", „מ". ז. יבמות נ"ד, קידושין ט' און מ"א, סוטה כ"ח. אין סנהדרין נ"א לערנט עפּעס אָפּ ר' עקיבא פֿון א „ו" און ר' ישמעאל שלאָגט איהם אָפּ, ז. אױך תוספות אין סנהדרין י"ד, דעם זאַץ, װאָס הױבט זיך אָן „ורבי שמעון". אין די אַלע ערטער שטימט ניט דער דרש מיט'ן פּשט פֿון דעם פּסוק. אַז דער פּרעפֿיקס „מ" איז א סימן אױף אױסשליסען עפּעס, דאָס האָט יע א געװיסען גרונד אין דעם פּשט. װאָרום אין פֿיעלע ערטער װײזט טאַקי דער פּרעפֿיקס „מ", אַז דאָס געזאָגטע געהט ניט אױף דאָס גאַנצע, נאָר אױף א טײל. מען קאָן אָבער ניט זאָגען, אַז אומעטום האָט דער פּרעפֿיקס „מ" װאָס פֿאַרבײט דאָס װאָרט „מן" (פֿון), אַזאַ בעדײטונג, װי זײ װילען האָבען מיט זײער דרש. װען די תורה זאָגט דאָרטען בײ דעם ענין פֿון קרבנות „ולקח מדם הפר" (און ער זאָל נעהמען פֿון דעם אָקסעם בלוט) און זײ טײטשען דאָס אױס, אַז דאָס געהט נאָר אױף דעם בלוט פֿון דער שחיטה, אָבער ניט אױף דעם בלוט, װאָס װערט אױסגעקװעטשט פֿון דעם פֿלײש, (זבחים כ"ה. ספרא: ויקרא, דיבורא דחובה, פּרשה ג) קאָן מען ניט זאָגען, אַז דער פּשוט'ער זין שליסט עס אױס. אין אַזאַ פֿאַל אָבער: װען די תורה זאָגט בײ די אומרײנע חיות „אשר יפול מנבלתם עליו יטמא" (אױף װאָס עס װעט ארױפֿפֿאַלען עפּעס פֿון זײער טױטען קערפּער, װערט אומרײן) און זײ לערנען אָפּ דערפֿון (ספרא: שמיני, פּרק י"א), אַז עס איז פֿאַראַן נבלות, װאָס מאַכען יע אומרײן, און עס איז פֿאַראַן א נבלה, װאָס מאַכט ניט אומרײן (דהיינו, װען דער טײל פֿון דעם קערפּער איז אַזױ אױסגעטריקענט, אַז ער קאָן ניט מעהר אָפּגעפֿרישט װערען דורך װײקען אין װאַסער, דאַן מאַכט ער ניט אומרײן); אדער, װען די תורה

זאָגט ביי די ריינע פיה „כי ימות מ ן הבהמה... הנוגע בנבלתה יטמא" — (אויב עס ווערט וואָס פּגר'ן פון דעם פּיה, איז דער, וואָס ווערט זיך אָנריהרען אָן דעם טויטען קערפּער ווערט אומריין) און זיי לערנען אָפּ דערפון (ספרא: שמיני, פּרשה י'), אַז עס איז פאַראַן גע'פּגר'טע בהמות, וואָס מאַכען יע אומריין, און עס איז פאראן א גע'פּגר'טע בהמה, וואָס מאַכט ניט אומריין (דהיינו: א טריפ'ע, וואָס איז געשאָכטען געוואָרען), — אָט אויף אזעלכענע דרש'ען קאָן דער אנהעגנגער פון פּשט זאָגען אזוי: פאר א דרש קאָן דאָס נאָך אָנגעהן, אָבער דער פּראָסטער טייטש פון דעם פּסוק איז ניט אזוי. ר' עקיבא'ס תלמידים האָבען געבויט פארשיידענע דרש'ען אויף דעם, וואָס אייניגע ווערטער אין דער תורה זיינען אָנגעפינטעלט פון אויבען (ז. פּסחים צ"ג, מנחות פ"ז און נזיר כ"ג). געוויס האָבען זיי דאָס געהאַט בקבלה פון זייער רבי'ן, ר' עקיבא.

## זייט 455, צייכען (י).

אַזאַ מיינונג זאָגט אַרויס אין פאַרשיידענע ערטער דער ראב"ע. ז. רמ"בם: „ספר המצוות", שורש ב'. דער רמ"בן אין זיינע איינוועגדונגען טרעט ארויס געגען דעם. ז. תוספות אין עירובין כ"ג, דעם זאַץ, וואָס הייבט זיך אָן „פשטיה". דאָרטען ווערט אויסגעפיהרט, אז יעדער דרש, וואָס שטימט ניט מיט דעם פשט פון דעם פּסוק, איז נאָר אן אסמכתא. ממילא קומט אויס, אז יעדער פאַל־שטענדיגער דרש שטעלט מיט זיך פאָר דעם ריכטיגען טייטש פון דעם פּסוק. ז. אברהם גייגער'ס צייטשריפט, באַנד 5, זייט 67.

## זייט 461, צייכען (יא).

איך האָב דאָ מיט א כיוון אונטערגעשטריכעלט, אז דער קניוטש ליגט דאָ אין דעם וואָרט „אחת" (איינע), ניט אין דעם וואָרט „בעשותה" (דורך דעם, וואָס ער וועט טאָן), ווי עס וויל האָבען תוספות אין שבת ג'. נאָך דער מיינונג פון תוספות, ווערט דער „בעשותה" אויסגעטייטשט פון דער גמרא אזוי, פונקט ווי דאָ וואָלט געשטאַנען „בעשות אותה" (ווען מען טוט ז י, די זאַך, וואָס מען טאָר ניט). די אלע געמאַטערטע סברות פון תוספות זיינען אבער ניט מעהר, ווי א פּלפּול, און עס איז ניט רעכט, אז מיר זאָלען אויף דעם סמך פון אזעטיגע שוואַכע סברות אנבינדען די בעלי התלמוד אזוינע פּירושים, וואָס שטימען ניט ניט מיט דער לאָגיק, ניט מיט די כללים פון דער שפּראך. פארקעהרט, ווען ניט דאָס וואָרט „אחת", וואָס ווייזט אויף א גאנצע זאך (ווארום אויף א טייל פון א זאַך קאָן מען ניט זאָגען „איינע"), וואָלט מען פון דעם וואָרט „בעשותה" דוקא געקאָנט אָפּלערנען, אז דאָס געהט אויך אויף א טייל. אזא דרש געפינען מיר גראד אין ספרי: שלח, פּיסקא ק"י. ער פרעגט דאָרטען א קשיה: פאר וואָס עפּעס ווערט די אפּהענגיגקייט פון דעם קומען אין ארץ ישראל ביי דער מצוה פון חלה אויסגעדריקט אנדערש, איידער ביי די איבעריגע מצוות, וואָס זיינען אפּהענגיג פון דעם לאַנד? ביי אנדערע מצוות ווערט עס אויסגעדריקט מיט די ווערטער „כי תבואו" (אַז איהר ו ו ע ט קומען) אָדער „כי יביאך" (אז ער, ד. ה. גאָט, ו ו ע ט דיך ברענגען). דאָ אָבער, ביי דער מצוה פון חלה, שטעהט „בבואכם אל הארץ" (ביי אייער אריינקומען אין דעם לאַנד). מיט דערמיט לאָזט אונז די תורה הערען, אז ווי נאָר זיי שטעלען א פוס אין ארץ

ישראל, זיינען זיי שוין גלייך מחויב צו ערפילען די מצוה פון חלה. דער מיין איז דאָ גאנץ קלאָר: די צוקונפט־פאָרם „תבואו“ ווייזט אויף א פארענ־דיגטע זאך, ווען זיי וועלען שוין מיט דעם אריינקומען, ד. ה. מיט דעם בעזעצען זיך אין לאנד זיין פארטיג. די פארם „בבואכם“ ווייזט אויף א טיילווייזען אריינקומען, ד. ה. ווי נאָר דאָס אריינקומען האָט זיך אנגעהויבען. אויף דעמ־זעלביגען אופן האָט מען אויך דאָ געקאָנט דרשנ׳ען: ווען עס וואָלט געשטאַנען „ועשתה“ אדער „תעשה“ (זי וועט טאָן), וואָלט עס געמיינט א פארענ־דיגטע טאָט; וויבאַלד עס שטעהט אבער „בעשותה“, קאָן מען טייטשען, אז דאָס געהט אויך אויף א טיילווייזע טאָט. ווען זיי דרשנ׳ען פארקעהרט, אז דאָס מיינט דוקא א פארענדיגטע טאָט, איז דער דרש זייערער נאָר געבויט אויף דעם וואָרט „אחת“.

## זייט 461, צייכען (יב).

דאָס אפלערנען וואָס עס איז מיט די דרש־מעטאָדעם: צי מיט א קל וחומר, צי מיט א „כלל ופרט“, צי מיט איינעם פון די איבעריגע מעטאָדעס, — דאָס אלץ ווערט אָנגערופען „מדרש“ (קידושין י׳. ירושלמי: קידושין, פרק א׳, הלכה ב׳). עס איז אָבער א חידוש, וואָס מיר געפינען אין תוספתא: סנהדרין, פרק ז׳, אזא מאמר: ווען די תלמידים פרעגען דעם רבי׳ן גלייכצייטיג וועגען א מדרש און א קל וחומר, דארף ער זיך פארנעהמען מיט׳ן מדרש. הייסט עס, אז א קל וחומר איז עפּעס אנדערש, ווי מדרש! דער רמב״ם („יד החזקה“, אפטיילונג „הלכות תלמוד הורה“, פרק ד׳, הלכה ח׳) האָט איבערגענומען דעם מאמר פון תוספתא, נאָר ער ברענגט איהם אין אזא נוסח: ווען מען פרעגט דעם רבי׳ן גלייכצייטיג וועגען מדרש און וועגען אגדה, דארף ער זיך פארנעהמען מיט׳ן מדרש; וועגען אגדה און א קל וחומר, דארף ער זיך פארנעהמען מיט׳ן קל וחומר; וועגען א קל וחומר און א גזירה שוה, דארף ער זיך פארנעהמען מיט׳ן קל וחומר. עס קומט אויס, אז אין געגענזאץ צו דעם ש״ס, ווערט דא געמאכט אן אונטערשייד צווישען מדרש און זאכען, וואָס ווערען אפגעלערענט מיט די מעטאָדעס. מיר קענען דערפון נאָר ארויסנעהמען אָט וואָס: דאָס וואָרט „מדרש“ פלעגען זיי בענוצען אמאָל אין דעם בעשרענקטען זין, אמאָל אין דעם ברייטען זין. „מדרש“ אין דעם בעשרענקטען זין ווערט אנגערופען דאָס טייטשען די פסוקים אָהן דער הילף פון די מעטאָדעס. „מדרש“ אין דעם ברייטען זין פון דעם וואָרט שליסט אין זיך איין אלערליי פירושים און אויסטייטשונגען, אויף וואָס פאר א וועג זיי האָבען זיי ניט ארויסבעקומען.

## זייט 463, צייכען (יג).

הלל האָט גע׳דרשנ׳ט: איין פסוק זאָגט „און דו זאָלסט שעכטען צום קרבן פסח שאָף און רינדער“ און אן אנדער פסוק זאָגט „פון די שאָף און פון די ציגען זאָלט איהר נעהמען“. וואָס בעדייט עס? דאָס איז אזוי: אויפ׳ן קרבן פסח גופא מוז מען טאקי האָבען שאָף (אדער ציגען), נאָר אויפ׳ן קרבן חגיגה, וואָס ווערט געבראכט ווי א צוגאָב צום קרבן פסח, קאָן מען נוצען ניט נאָר שאָף, נאָר אויך רינדער (ירושלמי: פסחים, פרק ו׳, הלכה א׳. זעה וועגען דעם אויך: בבלי, פסחים ע׳ און מנחות פ״ב; מכילתא: בא, פרשה ד׳). נאָך א דרש (אין דעמזעלביגען אָרט אין ירושלמי): אין איין פסוק שטעהט „זעקס טעג זאָלסטו

עסען מצה״, אין אַן אנדער פסוק שטעהט „זיבען טעג״. וואָס בעדייט עס?
איז דער תירוץ: מצה פון אלטע תבואה קאָן מען עסען אלע זיבען טעג פסח, מצה פון נייע תבואה — נאָר זעקס טעג (אנהויבענדיג פון דעם צווייטען טאָג פסח). דערזעלביגער דרש ווערט געבראכט אנאָנים, ווי א צווייטער פירוש (דבר אחר), אין מכילתא: בא, פרשה ח׳. אין ספרי: ראה, פיסקא קל״ד, ווערט ער געבראכט אין דעם נאָמען פון ר׳ שמעון און אין מנחות ס״ו אין דעם נאָמען פון ר׳ שמעון בן אלעזר (ז. דאָרטען אין תוספות). אין די ביידע פאַלען האָט הלל אויסגעגליכען דעם ווידערשפרוך מיט זיין אייגענער לאָגיק.

## זייט 463, צייכען (יד).

זיין דרש אויף די ווערטער „ונרפא הנתק״ (ז. אָנמערקונג „ד״ צו דעמזעלביגען קאַפּיטעל) שטימט ניט גענוי מיט דער בוכשטאַבליכער בעדייטונג. טייטשענדיג בוכשטאַבליך, קומט אויס, אז נאָרהאַרב די בעדינגונג איז איינמאָל ערפילט געוואָרען — די קרעץ האָט זיך אויסגעהיילט, בלייבט ער שוין ריין. הלל האָט אָבער אזוי ניט געטייטשט, ווייל די סברה איז מחייב פאַרקעהרט. ער האָט אַזוי פאַרשטאַנען דעם מיין פון דער תורה: וויבאַלד די קרעץ־קראַנקהייט מאַכט אומריין, קאָן מען יענעם ניט ערקלערען פאַר ריין, סיידען ער האָט זיך אויסגעהיילט אין גאַנצען. אויף דעמזעלביגען שניט דרשנ׳ט הלל די ווערטער „טהור הוא וטהרו הכהן״ (איז ער ריין, און דער כהן זאָל איהם ערקלערען פאר ריין). ער שטעלט זיך אויף דעם, צו וואָס מען דאַרף דאָ האָבען אי דעם „טהור הוא״ אי דעם „וטהרו הכהן״? ווען עס וואָלט נאָר געשטאַנען „טהור הוא״, וואָלטען מיר אפשר געקאָנט מיינען, אז ער מעג זיך אַליין ערקלערען פאַר ריין און געהן געזונטערהייט. לאָזט אונז דער פסוק הערען, אַז ניין: ער מוז וואַרטען, ביז דער כהן וועט איהם ערקלערען פאר ריין. ווען עס וואָלט געשטאַנען נאָר „וטהרו הכהן״, וואָלטען מיר אפשר געקאָנט מיינען, אַז אפילו ווען דער כהן האָט א טעות געהאט און האָט אויף אַן אומריינעם געזאָגט „ריין״, איז ער שוין ריין, לאָזט אונז דער פסוק הערען, אז דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרען נאָר דאַן, ווען יענער איז טאַקי אין דער אמת׳ען ריין. הלל וויל דאָ פאַרוואָרענען, מען זאָל ניט מיינען, אז עס איז אין גאַנצען ביים כהן אין האַנט צו ערקלערען איינעם פאר ריין אָדער אומריין. די אומריינקייט ווענדט זיך אָן דעם נאָר, צי די קרעץ איז נאָך פאַראַן; די ריינקייט, פאַרקעהרט, ווענדט זיך אָן דעם, צי דאָס האָט זיך שוין אויסגעהיילט. דער כהן איז דאָ נאָר דער עקספּערט, וואָס בעשטימט, צי די קרעץ איז נאָך דאָ אָדער זי האָט זיך אויסגעהיילט (ז. ספרא: תזריע, פרק ט׳, און תוספתא: נגעים, פרק א׳). אָט איז נאָך א דרש זיינער, וואָס איז געבויט נאָר אויף דער לאָגיק. ביי א נזיר, וואָס איז אין מיטען אומריין געוואָרען, הייסט די תורה, אז ער זאָל זיך אויפ׳ן זיבעטען טאָג אפּגאָלען און אויפ׳ן אכטען טאָג זאָל ער ברענגען פאר א קרבן צוויי טויבען. זאָגט הלל, אז אויב ער האָט זיך אָפּגעגאָלט אין דעם אַכטען טאָג, זאָל ער די קרבנות ברענגען אויפ׳ן ניינטען טאָג. די לאָגיק איז דאָ אַזא: וויבאַלד די תורה פאַרלאַנגט, אז דאָס אָפּגאָלען זיך און דאָס ברענגען קרבנות זאָל געשעהען אין צוויי בעזונדערע טעג, איינער נאָך דעם אנדערען, איז ביי איהם אויסגעקומען, אז אויב ער האָט זיך צוליעב א וועלכער עס איז סיבה אָפּגעגאָלט

ערסט אויפ'ן אכטען טאָג, דאַרפען די קרבנות געבראַכט ווערען ניט אין דעמ־זעלביגען טאָג, נאָר אויף מאָרגען, כאָטש אפילו עס שטעהט געשריבען, אז די קרבנות דאַרפען געבראַכט ווערען אין דעם אכטען טאָג.

## זייט 463, צייכען (יח).

בעשטימענדיג, אז אויב די נבלה פון אן אומרייגנער חיה איז אריינגעפאַ־לען אין א קוואַל אָדער אין א וואַסער־באַסיין, ווערט דאָס וואַסער ניט אומ־ריין, גיט דאָרטען צו דער פסוק „ונוגע בנבלתם יטמא" (אָבער דער, וואָס ריהרט זיך אָן אָן דער נבלה, ווערט אומריין). אויף דעם ערקלערט הלל (ספרא: שמיני, פרשה ט'), אַז דאָס מיינט: אפילו ווען אין וואַסער גופא האָט זיך איימיצער אָנגעריהרט אָן דער נבלה, ווערט ער אומריין. דאָס שטימט מיט'ן פשט פון דעם פסוק, און די סברה איז אויך מחייב אַזוי. וואָרום שטעלט זיך פאַר, אַז איימיצער איז זיך טובל אין וואַסער פון זיין אומריינקייט און בשעת מעשה גופא האלט ער אָן אומריינע זאַך אין דער האַנט, איז א סברה צו זאָגען, אַז ער זאָל זיין ריין?

## זייט 463, צייכען (יו).

ביים קרבן פסח שטעהט געשריבען אין דער תורה „על מצות ומרורים יאכלוהו" (מיט מצה און מרור זאָל מען איהם עסען). הלל האָט עס פאַר־שטאַנען אזוי, אז מען זאָל נעהמען צו שטיקלאַך פון די אַלע דריי מינים (פלייש פון דעם קרבן פסח, מצה און מרור) און עסען אין איינעם (פסחים קט"ו). דאָס האָט אבער הלל נאָר פאר זיך אליין אַזוי איינגעפיהרט. עס ווערט ערגעץ ניט דערמאָהנט, ער זאָל זאָגען, אז אַזוי איז דער דין, און מען מוז אַזוי טאָן. ער פון זיין זייט האָט זיך אַזוי נוהג געווען, ווייל ער האָט גערעכענט, אז אַזוי איז מעהר מצוה. ווען די ברייתא, וואָס ווערט דאָרטען אין דער גמרא ציטירט, שטעלט די פראגע: אפשר דאַרף מען דאָס צונויפלעגען אין איינעם, אַזוי ווי הלל פלעגט טאָן? — האָט זי מיט דעם ניט געמיינט גאָר צו זאָגען, אַז הלל האָט אַזוי געהייסען אַלעמען טאָן. זי שטעלט נאָר די פראגע: אפשר איז טאַקי דער דין אַזוי, אַז מען מוז טאָן, אַזוי ווי הלל פלעגט טאָן? און זי ענטפערט, אז ניט. צווישען הלל'ן און דער ברייתא איז דאָ קיין שום מחלוקת ניטאָ. די בעלי הגמרא האָבען דאָס אבער אנדערש פאַרשטאַנען.

## זייט 463, צייכען (יז).

שמאי'ס דרש'ען: „עד רדתה" (ביז זי וועט פאַלען) — אפילו ווען עס קומט אוים צו מלחמה האַלטען אום שבת (שבת י"ט. תוספתא: עירובין, פרק ג'). „אותו הרגת בחרב בני עמון" (דו האָסט איהם גע'הרג'עט דורך דעם שווערד פון די בני עמון) — פונדאַנען איז געדרונגען: ווען איינער זאָגט צו זיינעם א שליח „געה, הרג'ע א מענשען!", איז דער, וואָס האָט געגעבען די שליחות, פעראַנטוואָרטליך (קידושין מ"ג). אומריינער זויערטייג און אומ־ריינע ביי־פראָדוקטען, מיט וועלכע מען ריכט צו די שפייז, מאַכען ניט אומ־ריין, סיידען די מאָס זייערע איז די גרויס ווי אן איי (ערלה, פרק ב', משנה ה'). דאָס האָט ער געווים אָפּגעלערנט מיט דעמזעלביגען דרש, וואָס ווערט דער־מאָהנט אין ספרא: שמיני, פרק ט': „מכל האוכל א ש ר י א כ ל... יטמא"

(פון אלע עסענוואַרגען, וואָס עס ווערט געגעסען... ווערט אומריין). דאָס בעוויזט, אז עסענוואַרגען נעהמען זיך אָן מיט אומריינקייט, אפילו ווען עס געפינט זיך נאָר א ברעקעל פון זיי. וואָלטען מיר דאָך אפשר געקאָנט מיינען, אז אפילו אויף צו מאכען אומריין אנדערע זאַכען, איז אויך גענוג א ברעקעל פון זיי? לאָזט ער אונז הערען מיט די ווערטער „אשר יאכל“, אַז עסענוואַרגען מאכען ניט אומריין אנדערע זאַכען, סיידען זיי זיינען די גרויס ווי אן איי. אין מכילתא: יתרו, פרשה ז׳, ווערט געבראכט אין דעם נאָמען פון אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גרון אזא דרש: „זכור את יום השבת לקדשו“ (געדענק דעם טאָג פון שבת אויף צו האלטען איהם הייליג) — פון זונטאג אָן זאָלסטו שוין האָבען אין זינען דעם קומענדיגען שבת: טאָמער וועט זיך דיר עפּעס מאכען א גוטע זאַך, זאָלסטו זי אָנגרייטען אויף שבת. עס זעהט אויס, אז אָט דעם דרש האָבען זיי געהאט בקבלה פון שמאי׳ען, ווארום מען האָט אויף איהם געזאָגט, אז ער פלעגט א גאנצע וואָך עסען לכבוד שבת: האָט זיך איהם געמאכט א שען שטיקעל פלייש, פלעגט ער עס אָנגרייטען אויף שבת. פלעגט זיך איהם דערנאָכדעם מאכען א בעסערס, פלעגט ער דאָס אָנגע־גרייטע אויפעסען און דאָס בעסערע לאָזען אויף שבת (ביצה ט״ז). דאָס שטימט אויך מיט דעם ווערטעל, וואָס ווערט דאָרטען איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון די בית שמאי: פון דעם ערסטען טאָג נאָך שבת זאָלסטו גלייך האָבען אין זינען דעם שבת.

## זייט 464, צייכען (יח).

אין הלל׳ס נאָמען ווערען איבערגעגעבען פאָלגענדע הלכות. ווען איינער האָט אָנגעקליבען אין א קאָרב פרוכט אויף צו עסען זיי שבת, טאָר ער פון די פרוכט ניט פאַרזוכען, כל זמן פון זיי איז ניט אָפּגעשיידט געוואָרען קיין מעשר (כאָטש אפילו אַזוי מעג מען יע פאַרזוכען ניט קיין גע׳מעשר׳טע פרוכט, כל זמן זיי זיינען נאָך ניט אריינגענומען געוואָרען אין שייער אָדער אין הויף). דאָסגלייכען ווען איינער קלייבט אָפּ פרוכט אין א קאָרב, כדי צו שיקען דאָס צו א פריינד, טאָר ער פון די פרוכט ניט פאַרזוכען, כל זמן ער האָט ניט אָפּגעשיידט קיין מעשר (תוספתא: מעשר ראשון, פרק ג׳. ז. אויך ביצה ל״ה). אָט דיביידע הלכות ווערען איבערגעגעבען אין הלל׳ס נאָמען אין אַזאַ נוסח: ר׳ יהודה האָט געזאָגט: הלל פאַר זיך אַליין האָט גע׳פסקנ׳ט, אז מען טאָר ניט. רש״י אין ביצה ל״ה ערקלערט עס אזוי: הלל אליין נאָר האָט געזאָגט, אז מען טאָר ניט, אָבער די איבעריגע געלערנטע פון זיין צייט זיינען מיט איהם ניט געווען איינשטימיג. וועגען דעם ערסטען פאַל, ווען איינער האָט אָנגעקליבען אין א קאָרב פרוכט אויף צו עסען זיי שבת, איז דאָ א מחלוקת צווישען בית שמאי און בית הלל. פונדאַנען פאַרשטעהט מען, אז פון אָנהויב האָט פּאַסירט אַזאַ מעשה ביי הלל׳ן, און ער האָט נאָר פאר זיך אליין גע׳פסקנ׳ט לחומרא. דערנאָך האָבען דאָס זיינע תלמידים איבערגענומען פון איהם, און זיי האָבען דאָס געמאַכט פאר א הלכה. הלל האָט געהאלטען, אז אנטלייהען ביי דעם אנדערען א מאָס תבואה אויף דעם תנאי אָפּצוגעבען צוריק פּונקט דיזעלביגע מאָס איז ניט רעכט, אפילו ווען דער אנטלייהער האָט גלייך מיט וואָס אָפּצוגעבען (צ. ב. ווען ער בעט, מען זאָל

איהם אויסלייהען נאָר אויף א ווײַלע, ביז זיין זוהן וועט קומען צוריק אָדער ביז ער וועט געפינען דעם שליסעל פון שפּייכלער); דאָסגלייכען טאָר א פרוי ניט לייהען איהר פריינדין א לאבען ברויט מיט דעם תנאי אָפּצונעהמען צוריק פונקט אַזאַ לאבען. עס מוז אָפּגעשאצט ווערען אין געלט. אַז ניט, קאָן דאָך אויסקומען, אויב דער פּרייז פון ווייץ וועט זיך אין מיטען הויבען, אַז יענער וועט קריגען צוריק דאָס זייניגע מיט פּראָצענט (בבא מציעא ע"ה. תוספתא: בבא מציעא, פּרק ו'). הלל האָט איבערגעגעבען די הלכה, אַז דער קרבן פּסח וועגט אריבער די הייליגקייט פון שבת און אַז מען מעג איבערטרעטען דעם איסור פון „שבות" דאָ, וואו עס האנדעלט זיך וועגען אַ מצוה־זאַך (פּסחים ס"ו). ער האָט איינגעפיהרט, אז דער, וואָס ברענגט א קרבן עולה, זאָל די בהמה בעשטימען פאר א קרבן ערסט דאַן, ווען זי איז שוין געבראכט געוואָרען צו דער עזרה, ניט פריהער (נדרים ט'). שמאי'ס הלכות זיינען פאָלגענדע. לינזענוויקע פון תרומה מעג מען געבען עסען א בהמה נאָר טרוקענע (מעשר שני, פּרק ב', משנה ד'). ווען איינער האָט אויסגעביטען זיין מעשר שני אויף געלט און ער האָט פון דעם געלט א סלע (אַ גרויסע מטבע, וואָס ער קאָן ניט אויסגעבען אויף עסענוואַרג פאַר איין מאָל), זאָל ער איהם אויף קלענערע מטבעות ניט אויסבייטען. ווי דען זשע? ער זאָל איבערלאָזען דעם סלע ביים קרעמער און אויף דעם חשבון נעהמען ביסלאכווייז עסענוואַרג (מעשר שני, פּרק ב', משנה ט'). דער זיץ פון א שטוהל (אָהן די איבעריגע טיילען) ווערט אויך אומריין (אויב אויף דעם איז געזעסען א פליסזיכטיגער), דאָסגלייכען א שטוהל, וואָס איז איינגעבויט אין א קנעט־קאַסטען (כלים, פּרק כ"ב, משנה ד'). אַ פערטעל קב ביינער פון א טויטען קערפּער מאַכט אומריין די זאַכען, וואָס געפינען זיך מיט איהם אונטער איין דאַך, אפילו ווען עס ענטהאלט אין זיך נאָר איין איינציגען ביין, אויב נאָר דערדאָזיגער ביין קומט פון דעם רוקען־סיסטעם אָדער פון שארבען (נזיר נ"ג, עדיות, פּרק א', משנה ז). אָט זיינען די מחלקות צווישען שמאי און הלל. שמאי זאָגט, מען זאָל זיך ניט אָנלעהנען; הלל זאָגט, מען זאָל זיך יע אָנלעהנען (חגיגה, פּרק ב', משנה ב'). שמאי זאָגט, אז די אומריינקייט פון א פרוי ווירקט נאָר פון דעם מאָמענט אָן, ווען זי האָט געזעהען, אז זי איז אומריין; הלל זאָגט, אַז די אומריינקייט ווירקט אויך צוריק אויף דער גאנצער צייט פון דעם לעצטען מאָל אָן, ווען זי האָט נאָכגעזעהען און זי איז דאמאָלסט געוועזן ריין (נדה, פּרק א', משנה א'). שמאי זאָגט: אפילו פון איין קב טייג איז מען מחויב צו אָפּשיידען חלה; הלל זאָגט: נאָר פון צוויי קבים (עדיות, פּרק א', משנה ב'). הלל זאָגט, אַז א הין אָנגעשעפּטס וואסער מאכט פּסול א מקוה; שמאי זאָגט, אז ניין קבים (עדיות, פּרק א', משנה ג'). ווען מען האָט אָנגעקליבען אין א קאָרב וויינטרויבען אויף צו מאכען פון זיי ווייַן און זיי זיינען פייכט געוואָרען פון זייער אייגענעם זאפט, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגען דורך זיי, זאָגט שמאי, אַז דורך דעם זיינען די וויינטרויבען פעהיג געוואָרען אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט, און הלל זאָגט, אז ניט (ז. שבת ט"ו). ביי איניגע פון די הלכות איז שמאי דער מוקיל. זעה, וואָס איך האָב געשריבען אין דער איינלייטונג צו מכילתא מיט מיין פּירוש „מדות סופרים".

## זייט 466, צייכען (יט).

**אין דער גמרא, אין יומא ע"ז, איז דער נוסח אַזוי: ער האָט איהם ניט** געוואָלט דערלאנגען עסען אפילו מיט איין האנט, האָבען די געלערנטע אויף איהם גוזר געווען, ער זאָל איהם דערלאנגען עסען מיט בײדע הענט. שמאי'ס גרונד ווערט אין דער גמרא ערקלערט „משום שיבתא" (ווייל א בייזער גייסט מיט'ן נאָמען שיבתא טראָגט זיך ארום איבער די הענט, כל זמן מען האָט ניט אָפּגעגאָסען קיין נעגעל־וואַסער). אויף אַזאַן אופן קומט אויס, אז די גאנצע מניעה איז דאָ געווען, ווייל ער האָט יום כפור ניט געוואָלט וואַשען די הענט, ניט ער האָט געוואָלט איינגעוועהנען דעם קליינעם אין מצוות. דער נוסח פון תוספתא, וועלכען מיר האָבען אין אונזער הויפּט־טעקסט ציטירט, ווייזט דייטליך, אז דער מאָטיוו, פאר וואָס ער האָט איהם ניט געוואָלט געבען עסען, איז ביי שמאי ען געווען דאָס, וואָס ער האָט דעם קליינעם געוואָלט איינ־געוועהנען אין מצוות. איך האָב דאָ נאָכגעפאָלגט דער ווערסיע פון דער תוספתא. די ווערסיע פון דער גמרא איז עפּעס ניט גלאַט.

## זייט 468, צייכען (כ).

**א פּרוזבול ווערט בענוצט ביי יעטוועדער הלואה, אלץ אײנס, צי עס איז** געליהען געוואָרען אויף א שטר־חוב אָדער בלויז אויפ'ן וואָרט. מעהר ניט, נאָכ'ן תלמוד קומט אויס, אַז ווען מען האָט געליהען אויף א שטר־חוב, קאָן דער קרעדיטאָר פאַרשפּאָרען דעם פּרוזבול, איבערגעבענדיג אנשטאט דעם שטר־חוב צו בית־דין, ווארום עס איז דאָ אַזאַ משנה, אז ווען די שטרי־חובות זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו בית דין, ווירקט ניט אויף זיי די שמיטה. נאָך רש"י'ס מיינונג, בעשטעהט מאַקי דער עצם פּרוזבול אין דעם, וואָס די שטרי־הובות ווערען איבערגעגעבען צו בית דין. די ווערטער „איך גיב אייך איבער" (מוסרני לכם) אין דעם נוסח פון פּרוזבול פאַרטייטשט רש"י אין גיטין ל"ו אַזוי: איך גיב אייך איבער די שטרי־חובות, אַז איהר זאָלט זיין די מאָהנער, און איך וועל ניט מאָהנען. אין מכות ג' זאָגט רש"י בפירוש, אַז איבערגעבען די שטרי־חובות צו בית דין — אָט דאָס איז דער פּרוזבול. תוספות טרעט דאָרטען אַרויס געגען דעם. איבערגעבען די שטרי־חובות צו בית דין און מאכען א פּרוזבול — דאָס זיינען, נאָך דער מיינונג פון תוספות, צוויי בעזונ־דערע זאכען. אַזוי האלט אויך דער רמב"ם („יד החזקה", אָפּטיילונג „הלכות שמיטה", פּרק ט'). אויף אַזאַן אופן איז דאָ רש"י מיט זיין מיינונג געבלי־בען איינער אליין. אויף וואָס איז זיין מיינונג געבויט? אויף דעם דרש, וואָס געפינט זיך אין ספרי: ראה, פּיסקא קי"ג: „אשר יהיה לך את אחיך תשמט" (וואָס דו וועסט האָבען ב י י ד י י ן ב ר ו ד ע ר, זאָלסטו פריי לאָזען) — אבער ניט ווען די שטרי־חובות זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו בית דין. אויף דעם סמך, האָבען זיי געזאָגט, האָט הלל איינגעפיהרט די תקנה פון פּרוזבול. פון ערסטען קוק זעהט עס אויס ווי א בעשטעטיגונג אויף רש"י'ס מיינונג. אבער אין ירושלמי: שביעית, פּרק י', הלכה ב', ווערט אין צוזאַמענהאנג מיט דעם דרש געגעבען אַזאַ מין ערקלערונג: אָט דאָ האָבען זיי פאר'ן פּרוזבול געפונען א שטיצפּונקט אויף צו בעווייזען, אַז ער נעהמט זיך פון דער תורה. — צי דען האָט זיך דער פּרוזבול גענומען פון דער תורה?

— נאָכדעם, ווי הלל האָט איינגעפיהרט די תקנה, האָבען זיי פאר דעם געפונען, אויף וואָס אָנצושפארען זיך, אין דער תורה. אויף אַזאַן אופן קאָן מען זאָגען, אז דער ספרי האָט אָט וואָס געמיינט: וויבאלד נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה ווירקט ניט די שמיטה, ווען די שטרי־חובות זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו בית דין, האָט שוין אויף דעם סמך הלל איינגעפיהרט דעם פרוזבול. אַזוי טאָקי ערקלערט עס דער ר"ן, און ער שטיצט זיך דערביי אויף דער משנה: ווען מען האָט געליהען אויף א משכון אָדער מען האָט איבערגעגעבען די שטרי־חובות צו בית דין, ווירקט ניט די שמיטה; ווען עס איז דאָ א פרוזבול, ווירקט ניט די שמיטה (שביעית, פרק י', משניות ב' און ג'). דאָס, וואָס רש"י לעגט אַריין אין דעם נוסח פון פרוזבול דעם מיין: א י ה ר זאָלט זיין די מאָהנער, און איך וועל ניט מאָהנען, — דאַרף מען ניט פאַרשטעהן אין דעם זין, אַז בית דין וועט דעם חוב אליין מאָהנען. ווארום אין דעם וויטערדיגען נוסח פון פרוזבול ווערט דאָך אויסגעטייטשט בפירוש: אַז איך זאָל איינמאָהנען, ווען איך וועל וועלען. הייסט עס, אז בית דין אליין וועט ניט מאָהנען. רש"י האָט דאָ געמיינט אָט וואָס: וויבאלד עס איז געמאכט געוואָרען א פרוזבול, איז אַז ער וועט דערנאָך מאָהנען דעם חוב, וועט זיך דאָס רעכענען, אַזוי ווי בית דין מאָהנט עס און ניט ער אליין מאָהנט. אַז מאכען א פרוזבול הייסט ניט איבערגעבען דעם שטר־חוב צו בית־דין, דאָס זעהט מען אַרויס פון דער משנה אין כתובות פ"ט: ווען איינער שטעלט צו א שטר־חוב און ער האָט ניט צו איהם קיין פרוזבול, קאָן ער ניט מאָהנען. הייסט עס, אזביידע זאַכען: אי דער שטר־חוב, אי דער פרוזבול, געפינען זיך ביים קרעדיטאָר אין די הענט. איך האָב דאָס אלצדינג ערקלערט, ווייל איך האָב געזעהען, אז אנדערע האָבען וועגען דעם ענין א טעות געהאט. איך מוז דאָ נאָך זאָגען, אז נאָך מיין מיינונג, איז דער דרש, וואו זיי לערנען אָפּ פון דעם „אשר יהיה לך את אחיך תשמט", אַז די שמיטה ווירקט ניט, ווען די שטרי־חובות זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו בית דין, — אָט דער גאנצער דרש זייערער איז א נייַ אויסגעפונענער, נאָכדעם ווי הלל האָט איינגעפיהרט זיין תקנה. זיי האָבען ביי זיך ניט געקאָנט רעכט מאכען, ווי אַזוי האָט עס הלל מיט זיין תקנה געקאָנט אָפּשאַפען אין גאנצען דאָס געזעץ פון פריילאָזען די חובות אין שמיטה, אַ זאַך, וואָס שטעהט אין דער תורה בפירוש געשריבען? זיי האָבען זיך געסטאַרעט געפינען אויף דעם כאָטש א קוועלכען עס איז שטיצפונקט אין דער תורה. זיי האָבען אָפּגעלערנט מיט א דרש, אז אויב די שטרי־חובות זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו בית דין, דאַן איז טאקי נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה ווירקט ניט די שמיטה. פון דעם איז שוין צו הלל'ס תקנה ניט אַזוי ווייט, און אויף אַזאַן אופן האָבען זיי פאר דער תקנה געקראָגען א שטיצפונקט אין דעמזעלביגען דרש אויפ'ן פסוק. ווען עס וואָלט ביי זיי פון פריהער אָן געווען אזוי אויסגעטייטשט דער פסוק, אז דער, וואָס האָט איבערגעגעבען זיינע שטרי־חובות צו בית־דין, האָט ניט וואָס צו מורא האָבען פאר שמיטה, דאַן וואָלט גאָר ניט געווען אַזוי נויטיג איינצופיהרען א תקנה, וואָס זאָל אָפּשאַפען דאָס געזעץ פון דער תורה.

זייט 471, צייכען (כא).

ז. ירושלמי: שביעית, פרק ד', הלכה ב', און סנהדרין, פרק ג', הלכה ה',

אויך פירוש תוספות יום טוב אויף שביעית, פרק ד׳, משנה ב׳. ז. אויך **תלמוד** בבלי, סנהדרין כ״ו, און אין תוספות דאָרטען דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן מיט דעם וואָרט „משרבו״. דער ערסטער תירוץ, וואָס תוספות גיט דאָרטען, איז: ווייל זיי האָבען געהאלטען, אַז אין דער צייט פון דעם צווייטען בית המקדש איז דער גאנצער ענין פון שמיטה נאָר געווען א תקנה פון די רבנים און, נאָכ׳ן געזעץ פון דער תורה, זיינען זיי אין יענער צייט פון דעם געווען פטור, דעריבער האָבען זיי אייניגע זאכען ערלויבט. אַזאַ תירוץ פּאַסט זיך אָבער גאָר ניט פאר דער צייט פון הלל און שמאי. אין די ערסטע יאָהרען, ווען די געגנערשאפט פון די צדוקים איז נאָך געווען שטאַרק, וואָלטען זיי גע־ווים ניט ערלויבט קיין שום פאַרגרינגערונג ביי אַזאַ מין תקנה, וואָס זי האָט יעדענפאלס א שטיקעל וואָרצעל אין דער תורה און זי איז אָנגענומען געוואָרען נאָך אין דער צייט פון די ערסטע סופרים. אדרבה, ביי אזעלכע תקנות פון די סופרים פלעגען זיי פאָדערן נאָך מעהר שטרענגקייט, איידער ביי די געזעצען פון דער תורה. מיט דעמזעלביגען תירוץ זוכט די גמרא (גיטין ל״ו און ירושלמי, שביעית, פרק י׳, הלכה ב׳) צו פאַרענטפערן הלל׳ן, פאר וואָס ער האָט, געגען דעם געזעץ פון דער תורה, איינגעפיהרט דעם פרוזבול. זיי זאָגען דאָרטען אַרויס אַן עהנליכע מיינונג, אז דאָס געזעץ וועגען פריי לאָזען חובות אין דעם יאָהר פון שמיטה איז אין דער צייט פון דעם צווייטען בית המקדש געווען נאָר א תקנה פון די סופרים. אַזאַ מין פאַרענטפערונג האָט דאָ קיין האַפט ניט. פון ד ע ם שטאַנדפּונקט וואָלט הלל דוקא ניט געמאַכט קיין פאַרגרינגערונג, כדי די צדוקים זאָלען ניט אויספיהרען. די בעלי הגמרא האָ־בען געקוקט אויף דער זאַך מיט אנדערע אויגען, ווייל אין זייער צייט האָט מען זיך שוין מיט די צדוקים ניט געדאַרפט רעכענען. פונדעסטוועגען האָט רבא פאַרשטאַנען, אז ד אָ ס האָט ניט געקאָנט זיין הלל׳ס מאָטיוו. ער שטעלט דאָרטען אַרויס אַן אנדער מאָטיוו: אַז אין געלט־זאַכען זיינען די גע־לערנטע שטענדיג בערעכטיגט צו בעשטימען, ווי ביי זיי קומט אויס, כאָטש ניט אַזוי, ווי די תורה האָט געהייסען (גיטין ל״ו. ז. דאָרטען פירוש רש״י).

## זייט 475, צייכען (כב).

אין מדות, פרק ה׳, משנה ד׳, ווערט אַזוי געזאָגט: אין דער „לשכת הגזית״ פלעגט זיצען סנהדרין און בעהאנדלען די פראגען וועגען כהונה. אין קידושין ע״ו זאָגען זיי: ד אָ ר ט ע ן זיינען געזעסען אָט די, וואָס פלעגען רעווי־דירען דעם יחוס פון די כהנים און פון די לוים. וואו איז דאָס דער „דאָר־טען״? זאָגט רש״י: דאָס מיינט, אין דער „לשכת הגזית״. רש״י האָט זיך דאָ נאַטירליך געשטיצט אויף דער משנה אין מדות. דאָ איז אבער עפּעס ניט גלאַט. פאַר וואָס זאָגען זיי דאָ ניט בפירוש „עס פלעגט זיצען סנהדרין״, אַזוי ווי עס שטעהט אין דער משנה? אויסער דעם רעדט זיך דאָ וועגען די, וואָס פלעגען רעווידירען דעם יחוס פון די כהנים און פון די לוים (מיחסי כהונה ולויה). עס ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען גאָר א בעזונדער אַמט. קענטיג, עס האָט עקזיסטירט א בעזונדער בית דין ספּעציעל צו ד ע ם צוועק: רעווי־דירען דעם יחוס פון די כהנים. אין דער אמת׳ען, איז דאָס טאַקי קלאָר אויס־געדריקט אין ספרי קרח, פיסקא קט״ז. ציטירענדיג דעם פסוק „ואתה ובניך

תשמרו את כהנתכם לכל דבר המזבח ולמבית לפרכת" (און דו מיט דיינע זיהן זאָלט איהר אָפּהיטען אייער פּריסטער־שטאַנד אנטקעגען אלצדינג, וואָס איז שייך צום מזבח און צו אינעווענינ צו הינטער'ן פּרכת), זאָגען זיי דאָרטען: אָט פונדאנען האָבען זיי געדרונגען, אז הינטער'ן פּלאץ, וואָס איז געווען פאר־האנגען מיט'ן פּרוכת, איז געווען אַן אָרט, וואו מען פלעגט רעווידירען דעם יחוס פון די כהנים. ווער זיינען געווען די „אָפּהיטער פון דעם פּריסטער־שטאַנד"? ד. ה. ווער זיינען געווען די ריווידירער פון דער פּריסטערליכער אָפּשטאַמונג? אהרן און זיינע זיהן. אַלזאָ, די בעאמטע, וואָס האָבען גע־דאַרפט פעסטשטעלען דעם יחוס פון די כהנים, זיינען געזעסען אין א בעזונדער אָרט, הינטער'ן פּלאץ, וואָס איז געווען פאַרהאנגען מיט'ן פּרוכת. אין תוספתא: חגיגה, פרק ב', געפינען מיר אפילו ווידער, אז די בעאמטע, וואָס האָבען גע־האט צו טאָן מיט דעם יחוס פון די כהנים און פון די לוים, זיינען געזעסען אין דער „לשכת הגזית". עס זעהט אבער אוים, אז דאָס איז געזאָגט געוואָרען ניט אַזוי פּינקטליך, און די ווערסיע פון דעם ספרי איז די ריכטיגע. אין ספרי אבער איז געווים ניט געמיינט געוואָרען די „לשכת הגזית". וועגען דער „לשכת הגזית" וואָלטען זיי זיך ניט אויסגעדריקט אין אַזאַ פאָרם „עס איז געוועזען אַן אָרט". אָט פונדאנען טאַקי נעהמען מיר אונזער השערה, אַז עס איז געווען א בעזונדער אָרט הינטער'ן פּלאץ, וואָס איז געווען פאַרהאנגען מיט'ן פּרוכת, און דאָרטען זיינען געזעסען די, וואָס האָבען רעווידירט דעם יחוס פון די כהנים. די רעווידירער זיינען אליין געווען כהנים, און דאָס איז געווען דער „בית דין של כהנים", וואָס ווערט דערמאָהנט אין דער משנה פון כתובות י"ב און אין ראש השנה, פרק א', משנה ז'. ז. וואָס איך האָב וועגען דעם ענין געשריבען אין א בעזונדער ארטיקעל, וואָס איז געווען געדרוקט אין דער העב־רעאישער צייטונג „המגיד" פון יאָהר תרכ"ז.

## קאפיטעל 19.

### זייט 482, צייכען (א).

ר' ז. פראנקעל אין „דרכי המשנה", זייט 53, אָנמערקונג 8, רעכענט דעם יוחנן החרוני צווישען שמאי'ס תלמידים, און ר' צדוק'ן רעכענט ער גאָר ניט. דאָס איז אבער ניט ריכטיג, ווארום אין דער גמרא, אין יבמות ט"ו, ווערט די מעשה דערצעהלט אין אַזאַ נוסח: ר' אלעזר בר צדוק זאָגט: בשעת איך האָב געלערנט תורה ביי יוחנן החרוני, האָב איך געזעהען אמאָל אין א הונגער־יאָהר, אַז ער האָט געגעסען טרוקען ברויט מיט זאַלץ. האָב איך דאָס מיין פאָ־טער דערצעהלט. זאָגט ער צו מיר: געה, טראָג איהם אוועק אייל בערטען. אַז איך האָב איהם געבראכט די איילבערטען, האָט ער א קוק געטאָן און האָט בע־מערקט, אז זיי זיינען פייכט. זאָגט ער צו מיר: איך עס ניט קיין איילבערטען (נאָכ'ן נוסח פון תוספתא: איך עס ניט קיין פייכטע איילבערטען). בין איך געקומען און איך האָב עס דערצעהלט דעם פאָטער. זאָגט ער צו מיר: געה, זאָג איהם, אז איך האָב געהאלטען די איילבערטען אין א געלעכערטען קרוג (אַזוי האָט בית הלל געפּאָדערט; דאָס איז כדי דער זאַפט זאָל ארונטערגעהן און די איילבערטען זאָלען ניט ווערען פעהיג אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט).

מעהר ניט, די הייזוען האָט די לעכער פאַרשטאָפּט (און דאָס מאכט שוין, אפילו נאָך בית הלל'ס מיינונג, ניט אוים). כאָטש אפילו ער איז געווען שמאי'ס אַ תלמיד, פונדעסטוועגן האָט ער אלצדינג געטאָן, אַזוי ווי בית הלל האָט גע־הייסען. ר' ז. פראנקעל נעהמט אָן, אַז דער זאַץ, „כאָטש אפילו ער איז געווען שמאי'ס א תלמיד" געהט אויף יוחנן'ען. ניט אזוי ערקלערט דאָרטען תוספות אין דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „אמר". יעדענפאלס פון תוספתא זעהט מען גאנץ קלאָר, אַז דער זאַץ געהט אויף ר' צדוק'ן. נאָכדעם ווי דאָרטען ווערט דערצעהלט דער אָנהויב פון דער מעשה אַזוי, ווי אין דער גמרא, ווערט דאָרטען, אין תוספתא, דער סוף אַזוי איבערגעגעבען: זאָגט ער (זיין פאָטער) צו איהם: זאָג איהם, דער קרוג איז געווען א געלעכערטער, אזוי ווי בית הלל פארלאנגט; מעהר ניט, די הייזוען האָט די לעכער פאַרשטאָפּט. מיט דערמיט לאָזט מען אונז וויסען, אַז ער פלעגט אפילו געוועהנליכע שפייזען (חולין) אנדערש ניט עסען, סיידען זייער ריינקייט איז געווען אָפּגעהיט, און אַז כאָטש אפילו ער איז געווען פון שמאי'ס תלמידים, האָט ער זיך געפיהרט אזוי, ווי בית הלל האָט געהייסען. אזוי ווערט עס איבערגעגעבען אויך אין תוספתא, עדיות, פּרק ב'. פון דער פראַזעאָלאָגיע זעהט מען בעשייגפּערליך, אַז דער זאַץ „מיט דער־מיט לאָזט מען אונז וויסען און אז. וו." געהט אויף ר' צדוק'ן. די מעשה איז דאָס אזוי געווען. ווען יוחנן החרוני האָט בעמערקט, אַז די איילבערטען זיינען פייכט, האָט ער פארקלערט אויף דעם, טאָמער זיינען זיי אומריין געווארען. ער האָט גערעכענט, אַז ר' צדוק פיהרט זיך געוויס אזוי, ווי זיינע רביים פון בית שמאי, וואָס זיי האָבען ניט געהאלטען דערפון, אַז דער קרוג מוז זיין א געלע־כערטער. ער, יוחנן, וואָס איז געווען פון בית הלל, האָט יע געהאַלטען דערפון, דעריבער האָט איהם ר' צדוק אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל זיך ניט שרעקען פאר אומ־ריינקייט, ווייל דער קרוג איז געווען א געלעכערטער, פּונקט ווי בית הלל פאר־לאַנגט. און כדי עס זאָל ניט זיין ביי אונז קיין חידוש, פאר וואָס עפּעס ר' צדוק האָט אין דעם פאַל געטאָן אזוי, ווי בית הלל הייסט, ערקלערט די ברייתא, אַז ער האָט זיך בכלל געפיהרט אזוי, ווי בית הלל הייסט, כאָטש אפילו ער, ר' צדוק, איז געווען שמאי'ס א תלמיד. דאָס איז געוויס דער ריכטיגער מיין פון דער תוספתא. אזוי האָט אויך די גמרא געמיינט, און אזוי האָט עס טאַקי דאָרטען תוספות פארשטאַנען.

### זייט 483, צייכען (ב).

דאָרטען ווערט דערצעהלט, אז בבא בן בוטא פלעגט אלס א פרייוויליגען קרבן פון זיין זייט, אלע טאָג ברענגען אן „אשם תלוי" (ז. קאפּיטעל 21, זייט 544), אחוץ נאָר אין דעם ערסטען טאָג נאָך יום כפור. אי דאָס, האָט ער זיך געשוואָ־רען, אז ער וואָלט אויך אין יענעם טאָג דעם קרבן געבראַכט, ווען מען וואָלט איהם נאָר געלאָזען. אבער זיי פלעגען איהם זאָגען: וואַרט כאָטש אָפּ א טאָג, ביז ביי דיר וועט קענען זיין א וועלכער עס איז ספק. מיר האָבען דאָ אַלזא פאר אונז א פאַקט, וואָס פלעגט טאָג טעגליך געשעהען אין בית המקדש. בבא בן בוטא פלעגט אלע טאָג ברענגען אן „אשם תלוי", כאָטש ער איז ניט געווען מחויב, און די כהנים פלעגען דעם קרבן מקריב זיין, אחוץ נאָר אויף מאָרגען נאָך יום כפור; אין יענעם טאָג האָבען זיי דעם קרבן ניט אנגענומען און האָבען

איהם געהייסען ווארטען. שטיצענדיג זיך אויף דעם פאַקט, האָט ר' **אליעזר** ארויסגעגעבען א הלכה: יעדערער קאָן, ו ו ע ן ער וויל, כאָטש **אלע טאָג**, ברענגען אן „אשם תלוי". די איבעריגע געלערנטע (די „חכמים") זיינען **אבער** מיט איהם ניט איינשטימיג. זיי זאָגען: מען דארף ניט ברענגען קיין **„אשם** תלוי", סיידען מען האָט אויף זיך א בעשטימטען חשד, אַז מען האָט אפשר ניט ווילענדיג געטאָן עפּעס אזוינס, פאר וואָס עס וואָלט געקומט כרת, ווען דאָס וואָלט געווען בכיוון. ווי אזוי האָבען די „חכמים" געקוקט אויף דער מעשה מיט בבא בן בוטא? זיי האָבען דאָך געוויס ניט געלייקענט דעם פאַקט. זיי האָבען געוויס געגלויבט, אז די מעשה איז טאַקי אזוי געוועזען. הייסט עס, אַז זייער מיינונג איז ניט ריכטיג? ניין, די „חכמים" האָבען געמוזט האַלטען אזוי: כאָטש אפילו מען האָט זיך אין דער צייט פון דעם בית המקדש פאקטיש נוהג געווען אנדערס, פונדעסטוועגען איז פאָרט דער דין אזוי, ווי זיי זאָגען.

## זייט 485, צייכען (ג).

מ ש נ י ו ת. ברכות, פרק ח', משניות א', ב', ג', ד' און ה' (די לעצטע ענטהאלט צוויי מחלקות). פאה, פרק ג', משנה א'. כלאים, פרק ד', משניות א' (צוויי מחלקות) און ה'. שביעית, פרק א', משנה א', און פרק ד', משנה ד'. תרומות, פרק א', משנה ד' (ז. אויך תוספתא, תרומות, פרק ד'). מעשר שני, פרק ב', משניות ג', ד', ח' און ט'; פרק ג', משניות ו', ז', ט' און י"ג; פרק ח', משניות ו' און ז'. חלה, פרק א', משנה ו'. ערלה, פרק ב', משנה ד'. ג מ ר א א י ן ב ב ל י. ברכות מ"ג (צוויי מחלקות). ג מ ר א א י ן י ר ו ש ל מ י: תרומות, פרק ג', הלכה ד' (דיזעלביגע מחלוקת ווערט דערמאָהנט אויך אין תוספתא, תרומות, פרק ג', אבער דאָרטען איז דער נוסח פארקעהרט: בית שמאי פארגרינגערט, בית הלל מאכט שטרענגער). ת ו ס פ ת א. ברכות פרק ג' (צוויי מחלקות. ז. אויך עירובין מ' און תוספתא, ראש השנה, פרק ב'); **דמאי, פרק ב'**; כלאים, פרק ד'; מעשר שני, פרק ג' און פרק ה' (צוויי מחלקות).

## זייט 485, צייכען (ד).

מ ש נ י ו ת. ברכות, פרק א', משנה ג'. פאה, פרק ו', משניות א' און ו' (ז. אין ירושלמי); פרק ז', משנה ז'. (ז. אויך מעשר שני, פרק ה', משנה ג'). שביעית, פרק ד', משנה י'. ת ו ס פ ת א: תרומות, פרק ג' (זעה דארטען גוט נאָך).

## זייט 485, צייכען (ה).

**ג מ ר א א י ן ב ב ל י:** ברכות כ"ג, ל"ו (ז. אויך תוספתא: כלאים, פרק ב') און נ"ג. מ ש נ י ו ת. ברכות, פרק ו', משנה ז'. דמאי, פרק א', משנה ג', און פרק ו', משנה ו'. שביעית: פרק ד', משנה ב' (צוויי תקנות) און משנה ד'; פרק ה', משנה ח'; פרק ח', משנה ג'. ת ו ס פ ת א: שביעית, פרק ד' און פרק ו'; תרומות, פרק ב' (ז. גמרא: חולין קל"ו), און מעשר שני, פרקים ג' און ה'.

## זייט 485, צייכען (ו).

הלכות, וואו בית שמאי פארגרינגערט: פאה פרק ו', משניות א' און ב'. כלאים, פרק ב', משנה ו' (ז. דעם פירוש תוספות יום טוב), און פרק ו', משנה

**א׳.** מעשרות, פרק ד׳, משנה ב׳. חלה, פרק א׳, משנה ו׳. **ת ו ס פ ת א:** תרומות, פרק ג׳ (ז. אויך משניות, עדיות, פרק ה׳). **אויסטייטשונגען,** ביי וועלכע בית שמאי פארגרינגערט: פאה, פרק ו׳, משנה א׳. מעשר שני, פרק ה׳, משנה ג׳ (צוויי אויסטייטשונגען). דער פאל, וואו די בית הלל **האָבען זיך** אפגעזאָגט פון זייער מיינונג, איז אין תרומות, פרק ה׳, משנה ד׳.

זייט 485, צייכען (ז).

**ג מ ר א א י ן ב ב ל י.** שבת י״ב (צוויי הלכות. ז. אויך תוספתא: שבת, פרק י״ז), י״ט, כ״א, מ״ב און קכ״ז (צי מען מעג ארימע לייט געבען עסען פון „דמאי". אָט די הלכה קאָן מען אפשר צורעכענען צו די גזירות); עירובין ו׳, ל׳ און מ״ח; פסחים ט״ו (ז. אויך ירושלמי: פסחים, פרק א׳, הלכה ו׳, און תוספתא: פסחים, פרק א׳), כ׳ (ז. אויך תוספתא: פסחים, פרק א׳) און ל״ו; ביצה י״א (צוויי הלכות. ז. אויך תוספתא: יום טוב, פרק א׳), י״ז, י״ט, כ״א און כ״ב; חגיגה ח׳; מועד קטן כ׳ (ז. תוספתא: מועד קטן, פרק ב׳); יומא פ׳ (דאָ איז בית שמאי דער מוקיל). **מ ש נ י ו ת.** שבת, פרק כ״א, משנה ג׳. ערובין, פרק א׳, משנה ב׳; פרק ו׳, משניות ד׳ און ו׳; פרק ח, משנה ו׳. פסחים, פרק א׳, משנה ב׳; פרק ד׳, משנה ה׳; פרק ח׳, משנה ט׳ (בית שמאי איז דאָ דער מוקיל. נאָך דער גמרא אין תלמוד בבלי האנדעלט זיך דאָ וועגען א גזירה, נאָכ׳ן ירושלמי קומט אוים אנדערש); פרק י׳, משנה ו׳. ביצה, פרק א׳, משנה א׳ (עס איז א טעות, ווען מען מיינט, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען א גזירה), משנה ב׳ (אין דיביידע משניות איז בית שמאי דער מוקיל), משנה ה׳ (דריי הלכות) און משנה ו׳; פרק ב׳, משניות א׳, ד׳ און ה׳. חגיגה, פרק א׳, משניות א׳, ב׳ און ג׳; פרק ב׳, משנה ד׳. ראש השנה, פרק א׳, משנה א׳ (אין א פרט איז דאָ בית שמאי דער מוקיל. ז. דעם פירוש „טורי אבן"). סוכה, פרק א׳, משנה ז׳, און פרק ג׳, משנה ט״ו. שקלים, פרק ב׳, משנה ג׳. **ג מ ר א א י ן י ר ו ש ל מ י.** שבת, פרק א׳, הלכה ג׳. עירובין, פרק ו׳, הלכה ז׳. פסחים, פרק ג׳, הלכה ו׳. ביצה, פרק א׳, הלכה א׳ (ז. עדיות, פרק ה׳, משנה א׳, וואו עס ווערען אויסגערעכענט די הלכות, ביי וועלכע בית שמאי **איז** דער מוקיל). **ת ו ס פ ת א:** פסחים, פרק ז׳. יום טוב, פרק א׳.

זייט 485, צייכען (ח).

**מ ש נ י ו ת.** שבת, פרק א׳, משנה ה׳ (ז. די גמרא אין ירושלמי אויף דער משנה. ז. אויך תוספתא: שבת, פרק א׳) און משנה ו׳ (צוויי אויסטייטשונגען). ביצה, פרק א׳, משנה א׳. סוכה, פרק א׳, משנה ב׳ (ז. די גמרא אין בבלי). **ג מ ר א א י ן ב ב ל י.** שבת כ״ה (צי מען דארף אין א ליילאך איינמאכען ציצית? דאָ איז בית שמאי דער מוקיל. ז. מנחות מ׳ און עדיות, פרק ד׳, משנה י׳). שבת קל״ה (ז. אויך: תוספתא, שבת, פרק ט״ז; ירושלמי, יבמות, פרק ח׳, הלכה א׳, און ספרא, תזריע, פרק א׳). יומא ס״א (בית שמאי האלט דאָרטען, אז עס מוז געטאָן ווערען אקוראַט, ווי עס שטעהט געשריבען אין פסוק).

זייט 485, צייכען (ט).

**מ ש נ י ו ת.** שבת, פרק א׳, משניות ז׳ און ח׳ (ז. ירושלמי, שבת, פרק

א׳, **הלכה ח׳** און תוספתא: שבת, פרק א׳); פרק ג׳, משנה א׳ (ז. תוספתא, שבת, פרק ג׳). ביצה, פרק א׳, משניות ג׳ (צוויי גזירות), ה׳ (וועגען אָפּלעגען דעם דעקעל פון א קעסטעל), ז׳, ח׳ און ט׳; פרק ב׳, משנה ב׳, סוכה, פרק ב׳, **משנה ז׳** (דאָ האנדעלט זיך וועגען א גזירה, וועדליג ווי עס ווערט ערקלערט **אין** דער גמרא, סוכה ג׳); פרק ג׳, משנה ה׳. שקלים, פרק ח׳, משנה ו׳ (ז. ספרא: צו פרק ח׳ און פירוש ראב״ד). **ג מ ר א א י ן ב ב ל י.** שבת י״ח. פסחים ב׳ (וועגען א פאַס תרומה־וויין, וואָס איז אומריין געוואָרען). **ג מ ר א א י ן י ר ו ש ל מ י.** שבת, פרק א׳, הלכה ח׳ (וועגען ארויס־פאָהרען פאר שבת מיט א שיף).

## זייט 485, צייכען (י).

**מ ש נ י ו ת.** יבמות, פרק ג׳, משנה א׳ (בית שמאי דער מוקיל. ז. עדיות, פרק ד׳) און משנה ה׳ (בית שמאי דער מוקיל); פרק ד׳, משנה ג׳ (א ציוויל־רעכטס־פראגע); פרק י״ג, משנה א׳ (פיר מחלקות); פרק ט״ו, משניות ב׳ און ג׳ (אין די ביידע משניות איז בית שמאי דער מוקיל, און די בית הלל האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון זייער מיינונג, אָנשליסענדיג זיך אָן דער מיינונג פון בית שמאי). כתובות, פרק ד׳, משנה י׳; פרק ה׳, משנה ו׳ (בית שמאי דער מוקיל. ז. עדיות); פרק ח׳, משנה א׳. קידושין, פרק א׳, משנה א׳ (בית שמאי דער מוקיל). נדרים, פרק ג׳, משניות ב׳ און ג׳ (דריי מחלקות אין דער לעצטער). נזיר, פרק ג׳, משנה ו׳ (בית שמאי דער מוקיל. ז. עדיות, פרק ד׳, משנה י״א); פרק ה׳, משניות א׳ (דריי הלכות. ז. שקלים, פרק ב׳, משנה ג׳), ב׳, ג׳ (עס ווייזט אויס, אז דאָ האָט זיך בית הלל אָנגעשלאָסען אָן דער מיי־נונג פון בית שמאי. ז. תוספתא, נזיר, פרק ג׳) און ה׳. סוטה, פרק ד׳, משנה ב׳. **ג מ ר א א י ן ב ב ל י.** יבמות ט״ו (בית שמאי דער מוקיל, ז. עדיות, פרק ד׳, משנה ו׳), פ׳ (ז. נדה, פרק ה׳, משנה ט׳), פ״ט (א ציוויל־רעכטס־פראגע) און קכ״ב. כתובות י״ז, נ״ט און ס׳ (ז. תוספתא, נדה, פרק ב׳). קידושין מ״ג. נדרים כ״ח און ס״ט (בית שמאי דער מוקיל. ז. תוספתא, נדרים, פרק ו׳). נזיר נ״ב. **ג מ ר א א י ן י ר ו ש ל מ י.** גיטין, פרק ח׳, הלכה ח׳ (צוויי הלכות וועגען א פרוי, וואָס האָט זיך ערלויבט אויסגעלאסענהייט מיט א קליינעם אינגעל. ז. אויך די גמרא אין בבלי, סנהדרין ס״ט, און תוספתא, סוטה, פרק ה׳). סוטה, פרק ג׳, הלכה ג׳. **ת ו ס פ ת א.** יבמות, פרק א׳ (בית שמאי דער מוקיל). נזיר, פרק א׳ (ז. אויך יבמות קכ״ב), פרק ב׳ און פרק ג׳ (ז. ירושלמי, סוטה, וואו דאָס ווערט גערעכענט צווישען די פיר און צוואנציג פונק־טען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל).

## זייט 485, צייכען (יא).

**מ ש נ י ו ת.** יבמות, פרק א׳, משנה ג׳ (דריי מחלקות. דאָ האָבען מיר אויך פונקטען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל. ז. די גמרא אויף דער משנה אין בבלי און אין ירושלמי) און פרק ו׳, משנה ו׳. גיטין, פרק ט׳, משנה י׳.

## זייט 485, צייכען (יב).

**מ ש נ י ו ת.** גיטין, פרק ד׳, משנה ה׳ (די בית הלל האָבען זיך אָפּגעזאָגט

פון זייער מיינונג); פרק ח׳, משניות ד׳ (בית שמאי דער מוקיל. ז. עדיות, פרק ד׳, משנה ז׳), ח׳ און ט׳ (בית שמאי דער מוקיל. ז. עדיות, פרק ד׳, משנה ז׳). גמרא אין בבלי. גיטין נ״ה (ז. תוספתא, בבא קמא, פרק י׳). נדרים י׳ (ז. אויך תוספתא, נדרים, פרק א׳) און ע״ז. תוספתא: נזיר, פרק א׳ (דיזעלביגע מחלוקת, ווי אין נדרים י׳. זעה דאָרטען נאָך).

## זייט 485, צייכען (יג).

משניות. בבא מציעא, פרק ג׳, משנה י״ב. בבא בתרא, פרק ט׳, משניות ח׳ און ט׳. עדיות, פרק א׳, משנה א׳ (פון די פאַלען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל, ווערליג ווי ר׳ יהודה גיט איבער), משנה ב׳ (פון די פאַלען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל, ווי ר׳ יוסי גיט איבער. ז. כלאים, פרק ד׳, משנה ה׳, און פירוש תוספות יום טוב); פרק ד׳, משנה ו׳ (צוויי הלכות. בית שמאי דער מוקיל); פרק ה׳, משנה ג׳ (צוויי הלכות. פון די פאַלען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל, ווערליג ווי ר׳ ישמעאל גיט איבער). גמרא אין בבלי. בבא־מציעא ק״א. עבודה זרה ט״ו.

## זייט 485, צייכען (יד).

בבא קמא ס״ה. דאָרטען האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ פאַל: ווען א גאַסען־פרוי האָט געקראָגען אין געצאָהלט א געוויסען פראָדוקט און דאָס איז אומגע־אַרבעט געוואָרען אין א נייעם פראָדוקט (צ. ב. זי האָט געקראָגען וויינטרויבען און דערפון איז געמאכט געוואָרען וויין); צי ווערט אויך דער נייער פראָדוקט גערעכענט פאר „אתנן זונה״, וואָס טאָר ניט גענוצט ווערען אין בית המקדש, אָדער ניט. ווי די גמרא ערקלערט, דרשנ׳ען זיי דאָ פאַרשיידען דעם פסוק. די צווייטע מחלוקת ביים אויסטייטשען א פסוק איז אין בבא מציעא, פרק ג׳, משנה י״ב.

## זייט 485, צייכען (יה).

עדיות, פרק א׳, משנה י״ד (די בית הלל האָבען זיך דאָ אָפּגעזאָגט פון זייער מיינונג. דאָ האַנדעלט זיך וועגען א גזירה. ז. אויך כלים, פרק ט׳, משנה ב׳); פרק ה׳, משנה א׳ (דריי הלכות, וואו בית שמאי איז דער מוקיל, ווערליג ווי ר׳ יהודה גיט איבער. איינע פון זיי, וועגען רייגעם בלוט ביי אַ קרעצי־גער, איז, נאָך דער מיינונג פון דער גמרא אין נדה ל״ד, ניט קיין גזירה); פרק ה׳, משנה ג׳ (פון די פאלען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל, ווערליג ווי ר׳ ישמעאל גיט איבער. ז. ידים, פרק ג׳, משנה ה׳) און משנה ד׳, (פון די פאלען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל, ווערליג ווי ר׳ אליעזר גיט איבער. נאָך דער ערקלערונג פון דער גמרא, איז דאָס ניט קיין גזירה). איך האָב דאָ פון מסכת עדיות ציטירט נאָר יענע מחלוקות, וועלכע איך האָב ניט ציטירט אויף דעם געהעריגען פלאץ פון אנדערע מסכתות.

## זייט 485, צייכען (יו).

חולין, פרק א׳, משנה ב׳. גמרא. ערכין כ״ז. מנחות מ״א (וויפיעל פעדים מען דאַרף האָבען אין ציצית און ווי לאַנג זיי דאַרפען זיין) און ס״ג. תוספתא. זבחים, פרק ד׳ (דריי הלכות. דאָס זייגען קאָנסעקווענצען פון

דער מחלוקת, וואָס ווערט געבראַכט אין זבחים, פּרק ד׳, משנה א׳. ביי צוויי פון די הלכות איז בית שמאי דער מוקיל. ז. די גמרא אין זבחים ל״ח).

## זייט 485, צייכען (יז).

**משניות.** חולין, פּרק י״א, משנה ב׳. כריתות, פּרק א׳, משנה ו׳ (ז. אויך ספרא, תזריע, פּרק ג׳). זבחים, פּרק ד׳, משנה א׳. בכורות, פּרק ה׳, משנה ב׳. **גמרא.** חולין פּ״ח. מנחות מ״א (ז. ספרי: שלח, פּיסקא קט״ו, און וכי תצא, פּיסקא רל״ד). בכורות ל״ג (ז. תוספתא, בכורות, פּרק ג׳).

## זייט 485, צייכען (יח).

חולין, פּרק ח׳, משנה א׳ (פון די פאַלען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל, ווערליג ווי ר׳ יוסי גיט איבער).

## זייט 485, צייכען (יט).

**משניות.** נדה, פּרק י׳, משנה א׳ (דריי הלכות). כלים, פּרק י״ד, משנה ב׳ (בית שמאי דער מוקיל. ז. פּירוש תוספות יום טוב, דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „בית הלל״. ז. אויך תוספתא, כלים, בבא מציעא, פּרק ד׳); פּרק י״ח, משנה א׳; פּרק כ׳, משנה ב׳; פּרק כ״ב, משנה ד׳ (צוויי הלכות. ז. עדיות, פּרק א׳, משנה י״א); פּרק כ״ו, משנה ו׳; פּרק כ״ח, משנה ד׳; פּרק כ״ט, משנה ח׳ (צוויי הלכות). אהלות, פּרק ב׳, משנה ג׳ (צוויי הלכות); פּרק ה׳, משניות א׳, ב׳ און ג׳ (דאָ האָבען זיך די בית הלל אָפּגעזאָגט פון זייער מיינונג. ז. עדיות, פּרק א׳ משנה י״ד); פּרק ז׳ משנה ב׳ (צוויי הלכות. ז. תוספתא, אהלות, פּרק ח׳); פּרק י״א, משניות א׳ (ז. תוספתא, אהלות, פּרק י״ב), ג׳, ד׳, ה׳, ו׳ (אין די אַלע פיר משניות איז בית שמאי דער מוקיל, אין עדיות ווערט נאָר די ערסטע הלכה געדערמאנט, ווייל דער מאָטיוו איז דאָ איינער) און ח׳, פּרק י״ג, משניות א׳ און ד׳; פּרק ט״ו, משנה ח. פּרה, פּרק י״ב, משנה י׳ (ז. תוספתא, פּרה, פּרק י״א). טהרות, פּרק ט׳, משניות ה׳ און ז׳; פּרק י׳, משנה ד׳. מקואות, פּרק א׳, משנה ח׳; פּרק ד׳, משנה ה׳ (ז. פּירוש ר״ש. נאָך זיין ערקלערונג, קומט אויס, אַז בית הלל איז מיט דער הלכה ניט איינשטימיג); פּרק ה׳, משנה ו׳ (בית שמאי איז דער מוקיל, נאָך ר׳ יוסי׳ן, אין עדיות, פּרק ה׳, משנה ב׳). מכשירין, פּרק א׳, משניות ב׳, ג׳ און ד׳; פּרק ה׳, משנה ד׳ און משנה ה׳ (צוויי הלכות. אין פּרק ה׳, משנה ט׳ ווערט געבראַכט א הלכה אין דעם נאָמען פון בית שמאי, און עס ווערט ניט דערמאָהנט, אַז בית הלל איז ניט איינשטימיג). זבים, פּרק א׳, משניות א׳ און ב׳. טבול יום, פּרק א׳, משנה א׳. עוקצין, פּרק ג׳, משניות ו׳ (צוויי הלכות. די דריטע האָב איך שוין געדערכענט. ביי איינער פון די הלכות איז בית שמאי דער מוקיל), ח׳ און י״א. **גמרא.** נדה כ״ט. **תוספתא.** נדה, פּרק ה׳. כלים, בבא קמא, פּרק ו׳ (ז. כלים, פּרק ט׳, משנה ה׳). כלים, בבא מציעא, פּרק א׳ (דאָ איז דער נוסח פאַרגרייזט. אין עדיות, פּרק ה׳, משנה א׳, ווערט די הלכה געדערכענט צווישען די, ביי וועלכע בית שמאי איז דער מוקיל, ווערליג ווי ר׳ יהודה גיט איבער), פּרק ג׳ און פּרק ד׳. כלים, בבא בתרא, פּרק ה׳ (צוויי הלכות). אהלות, פּרק ט״ו (ז. אהלות, פּרק ט״ו, משנה ט׳) און פּרק ט״ז (ז. אהלות, פּרק ט״ז,

משנה ד׳). זבים, פרק א׳ (פינף הלכות). טבול יום, פרק ב׳ (דריי הלכות, וועדליג ווי עס ווערט איבערגעגעבען דורך ר׳ ישמעאל ב״ר יוחנן בן ברוקה). מקואות, פרק ד׳.

## זייט 485, צייכען (כ).

משניות. נדה, פרק ב׳, משניות ד׳ און ו׳; פרק ו׳, משניות ד׳, ו׳, ז׳ און ח׳ (צוויי הלכות). כלים, פרק ט׳, משנה ח׳ (די בית הלל האָבען זיך דאָ אָפּגעזאָגט פון זייער מיינונג. ז. עדיות, פרק א׳); פרק י״א, משנה ג׳. אהלות, פרק י״ח, משניות א׳, ד׳ און ח׳. מקואות, פרק ד׳, משנה א׳; פרק י׳, משנה ו׳. גמרא. נדה ע״א. תוספתא. כלים, בבא קמא, פרק ב׳. פרה, פרק ד׳ (ז. פרה, פרק ה׳, משנה א׳). טהרות, פרק ח׳.

## זייט 486, צייכען (כא).

די איבעריגע מחלקות זייערע, וואו בית הלל איז דער מחמיר, ז. אין עדיות, פרק א׳, משניות י״ב און י״ג (דאָרטען האָבען זיך די בית הלל אָפּגעזאָגט פון זייער מיינונג). אַחוץ דעם ווערען דערמאָהנט נאָך אייניגע פאַלען אין עדיות, פרק ה׳: אין משנה א׳ וויטערדיגע דריי פאַלען, נאָך ר׳ יהודה׳ן נאָך; אין משנה ב׳ נאָך איין פאל נאָך ר׳ יוסי׳ן נאָך; אין משנה ג׳ נאָך איין פאל, נאָך ר׳ ישמעאל׳ן נאָך; אין משנה ד׳ נאָך איין פאל, נאָך ר׳ אליעזר׳ן נאָך. די מחלקות זיינען ביי הלכות און אויסטייטשונגען. אין גאנצען ווערען אין מסכת עדיות אָנגעוויזען פיר און צוואַנציג פאַלען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל. די בעלי התלמוד און די מפרשים פון תלמוד האָבען געפיהלט, אַז דאָס איז ניט די גענויע צאָהל. ז. יומא פ׳; ירושלמי, פאה, פרק ו׳, הלכה ב׳; תוספות אין כתובות ע״ח און קידושין ב׳. אַן אַנדערס מאָל קאָריגירען די בעלי הגמרא אין א ברייתא דעם נוסח, כדי עס זאָל ניט אויסקומען, אז בית שמאי איז דער מוקיל. אַזוי צ. ב. אין בכורות ל׳. די ברייתא, וואָס ווערט דאָרטען בעטראַכט, בעגעגענען מיר אין תוספתא, דמאי, פרק ב׳, אין אַזאַ נוסח, וועדליג ווי זי איז קאָריגירט געוואָרען אין דער גמרא. אין תוספתא, תרומות, פרק ג׳, האָבען מיר אויך א מחלוקת, וואו בית שמאי איז דער מוקיל. דיזעלביגע מחלוקת ווערט געבראַכט אין ירושלמי, תרומות, פרק ג׳, הלכה ב׳, און דאָרטען איז דער נוסח פאַרקעהרט. ז. יבמות כ״ה, חולין ק״ה, מעשר שני, פרק ד׳, משנה ח׳; און פירוש תוספות יום טוב אויף כלאים, פרק ו׳, משנה א׳. אָבער נאָך אַלע תירוצים קאָן מען פאָרט ניט אָפּלייקענען דעם פאַקט, אז אחוץ יענע פיר און צוואַנציג פונקטען, וואָס זיינען אויסגערעכענט אין מסכת עדיות, זיינען דאָ נאָך אייניגע פונקטען, וואו בית שמאי איז דער מוקיל.

## זייט 487, צייכען (כב).

רש״י וועיזט דאָרטען אָן אויף דער משנה אין ברכות, דף י׳, וואו בית הלל בעגרינדעט בית שמאי׳ס מיינונג. אין שביעית, פרק א׳, משנה א׳, ערקלערט בית הלל די גרויס, וואָס בית שמאי בעשטימט. פון בית הלל׳ס ערקלערונג, וואו זיי בעגרינדען זייער אייגענע מיינונג, קאָן מען אמאָל פאַרשטעהן אויך בית שמאי׳ס מיין, וואָס יענע האָבען ניט אויסגעדריקט דייטליך. צ. ב. אין אהלות, פרק י״א, משנה ג׳, ווערט בעטראַכט אזא פאַל: ווען דאָס דאַך פון

אַ געצעלט איז אויף דורך און דורך צושפּאָלטען געוואָרען (אַזוי אַז דאָס האָט אויפגעהערט צו זיין איין געצעלט אנטקעגען אומריינקייט) און א מענש האָט זיך אוועקגעשטעלט אונטער'ן שפּאַלט, איז, נאָך בית שמאי'ס מיינונג, רעכענט זיך ניט דער שפּאלט פאר פאַרשטעלט און, נאָך בית הלל'ס מיינונג, רעכענט זיך יע דער שפּאַלט פאר פארשטעלט (אַזוי, אַז דאָס ווערט ווידער איין געצעלט, און ווען אין איין טייל געפינט זיך א טויטער קערפּער, ווערען אויך די זאַכען, וואָס געפינען זיך אין דעם אנדער טייל, אומריין). בית הלל'ס מאָטיוו איז דאָ: ווייל דעם מענשענס קערפּער רעכענט זיך פאַר אינעוועניג פוסט, און דעריבער איז דער אויבערסטער טייל זיינער געגליכען צו א זאַך, וואָס איז אויפגעהויבען פון דער ערד (פאַרשטעלען דעם שפּאלט אין א דאַך אַנטקעגען אומריינקייט קאָן נאָר אַ זאַך, וואָס איז אויפגעהויבען פון דער ערד וועניגסטענס אויף א טפח). פון דעם פאַרשטעהען מיר אויך בית שמאי'ס מאָטיוו: זיי האָבען ניט געהאלטען, אז דעם מענשענס קערפּער רעכענט זיך פאר אינעוועניג פוסט אויף אַ טפח.

## זייט 487, צייכען (כג).

בית הלל ערלויבט צו בענוצען זיך מיט דעם אויסלייז־געלט פון דעם מעשר שני אויף צו ברענגען א קרבן הגיגה דעם ערסטען טאָג פסח (חגיגה ז' און ח'). אין גיטין נ"ה און תוספתא, בבא קמא, פרק י', רעדט זיך וועגען א תקנה, וואָס די בית הלל האָבען איינגעפיהרט, כדי צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון אַ בעל תשובה, ווען ער וויל אומקעהרען צוריק, וואָס ער האָט ביי יענעם פאַר־נומען. זיי האָבען ערלויבט צו בענוצען זיך מיט „דמאי" אויף צו שפּייזען אָרימע לייט אָדער סאָלדאַטען, וואָס זיינען צושטעלט געוואָרען ביי די איינ־וואוינער אין די הייזער (שבת קכ"ז). דאָס איז כדי צו מאַכען לייכטער די מצוה פון צדקה און אויך צו פאַרגרינגערן די לאַגע פון די, וועמען עס קומט אויס צו שפּייזען די אורחים (פירוש רמב"ם אויף דמאי, פרק ג', משנה א').

## זייט 487, צייכען (כד).

אַזוי זעהט עס אויס פון זייער מחלוקת ביי דער פראַגע וועגען א מוטער, וואָס האָט אויף זיך גענומען א נדר, זי זאָל ניט זויגען איהר קינד (כתובות נ"ט). פון דעמזעלביגען מיטלײדס־געפיהל שטאַמט זייער תקנה, אז מען דאַרף ניט האָבען קיין גרויסע סומע אויף צו מקדש זיין א פרוי: עס איז גענוג א פּרוטה (קידושין, פרק א', משנה א'). דאָס איז כדי צו מאַכען גרינגער די זאַך פאַר אַן אָרימאַן. זיי האָבען אויך ערלויבט צו פאַרבויגען אַמאָל דעם אמת, כדי אַנדערע צופרידען צו שטעלען (כתובות י"ז).

## זייט 490, צייכען (כה).

זייער מחלוקת ביי אַזאַ פאַל, ווען איינער האָט פאַרנומען א זאַך, וואָס מען האָט איהם געגעבען בעהאלטען. בית הלל זאָגט, אז ער דאַרף בעצאָהלען אַזוי פיעל, וויפיעל די זאַך איז ווערט געווען, בשעת ער האָט זי פאַרנומען (ניט ווי בית שמאי וויל האָבען, אַז אויב פאר דער צייט איז דער פּרייז געשטיגען אָדער געפאַלען, דאַרף ער איןביידע פאַלען בעצאָהלען דעם העכערען פּרייז) און ער איז פאַראַנטוואָרטליך נאָר דאַן, אויב ער האָט די זאַך ווירקליך פאַר־

גומען, נית אויב ער האָט נאָר געטראַכט צו פאַרנעהמען (בבא מציעא, **פרק ג׳,** משנה י״ב).

## זייט 490, צייכען (כו).

דמאי, פרק א׳, משנה ו׳: די בית הלל האָבען געהאַלטען, אַז א „חבר" **מעג פאַרקויפען איילבערטען יעדערען, ווער עס היט נאָר אָפּ מעשר, כאָטש אפילו יענער היט ניט אָפּ די דינים פון ריינקייט און אומריינקייט. מען איז ניט מחויב צו פאַרקלערען אויף דעם, טאָמער ווילען ביי יענעם די איילבערטען פיינט ווערען און ער וועט זיי עסען אומריינערהייט. וויבאַלד יענער קאָן דאָך זיי אויפעסען, איידער זיי זיינען פיינט געוואָרען, האָט שוין דער פאַר־קויפער א היתר. ז. שביעית, פרק ה׳, משנה ח׳ (וועגען פאַרקויפען אין שמיטה אַ קוה); תוספתא, שביעית, פרק ד׳ (וועגען פאַרקויפען אין שמיטה א פעלד) און פרק ו׳ (וועגען פארקויפען די פרוכט פון דעם שמיטה־יאָהר); שבת י״ח (וועגען פאַרקויפען א זאַך צו א גוי). ז. אויך שבת, פרק א׳, משניות ז׳ און ח׳, און אויך עבודה זרה ט״ו.**

## זייט 491, צייכען (כז).

ברכות, פרק ח׳, משנה א׳. דאָ האַנדעלט זיך וועגען קידוש מאַכען שבת און יום טוב אויף וויין, וואָס דאָס איז געווען אַן אַלטע הלכה. די מחלוקת איז ביי זיי נאָר וועגען דעם, צי מען דאַרף פריהער זאָגען די ברכה פון „בורא פרי הגפן" און דערנאָך די ברכה פון „מקדש השבת" (אום יום טוב „מקדש ישראל והזמנים") אָדער פאַרקעהרט. שבת, פרק ג׳, משנה א׳. עס איז ביי זיי געווען אַן אַלטע הלכה: ווען מען האָט אַן ערד־אויווען (וואו אונטען ווערט געהייצט און דער טאָפּ ווערט אַרויפגעשטעלט פון אויבען) אויסגעהייצט מיט האַלץ, טאָר מען אויף איהם ערב שבת גאָרנישט ניט אַרויפשטעלען, וואו די קוילען זיינען ניט אַרויסגעשאַרט געוואָרען. ביי זיי איז געווען א מחלוקת: צי נאָכדעם, ווי די קוילען זיינען שוין אַרויסגעשאַרט געוואָרען, מעג מען אַלצדינג אַרויפשטעלען אָדער ניט אַלצדינג. יבמות פ׳. עס איז געווען ביי זיי אַן אַלטע הלכה: דעם געשטאָרבענעמס ברודער טאָר ניט מייבם זיין זיין שוועגערין און זי דאַרף פון איהם אויך ניט האָבען קיין חליצה, אויב ער אָדער זי איז פיזיש אונפעהיג צו האָבען קינדער. צווישען בית שמאי און בית הלל איז געווען א מחלוקת וועגען דעם, ווי אַזוי די הלכה דאַרף אָנגעווענדט ווערען. ז. אויך ברכות, פרק ח׳, משניות ב׳, ג׳ און ד׳; ביצה, פרק ב׳, משנה א׳; פסחים, פרק א׳, משנה א׳, כלאים, פרק ד׳, משנה א׳, און פרק ו׳, משנה א׳.

## זייט 491, צייכען (כח).

שביעית, פרק א׳, משנה א׳ (די אַלטע הלכה בעשטימט, ביז ווי שפּעט אין דעם יאָהר פון פאַר שמיטה מעג מען אקערן א פעלד, וואו עס וואַקסען בוימער); תרומות, פרק א׳, משנה ד׳ (ווען מען איז שולדיג תרומה פון אייל, טאָר מען ניט געבען אנשטאַט דעם קיין איילבערטען); חולין, פרק א׳, משנה ב׳ (מען טאָר ניט שעכטען מיט א סערפּ, וואָס האָט ציינער). ביי די אַלע הלכות גע־הען זיי זיך פאַנאַנדער וועגען די בעדינגונגען, פון וועלכע די ווירקונג פון דער הלכה העננט אָפּ. ביי דער מחלוקת אין שבת פרק ג׳, משנה א׳. (ז. די פאַ־

ריגע אָנמערקונג) געהען זיי זיך פאַנאַנדער אויך וועגן דעם, צי דאָס, וואָס מען האָט ערב שבת אַרויפגעשטעלט, מעג מען אום שבת נאָר ארונטערנעהמען אָדער מען מעג אויך ארונטערנעהמען און דערנאָכדעם ווידער אַרויפשטעלען. ז. שבת י״ט און ירושלמי, שבת, פרק א׳, הלכה ח׳ (וועגן שיקען פ א ר שבת אַ בריוו מיט א גוי, און וועגן אַרויספאָהרען נאָהענט צו שבת מיט א שיף). ז. אויך יבמות, פרק ג׳, משנה א׳; מעשר שני, פרק ד׳, משנה ח׳, און פרק ה׳, משנה ו׳.

## זייט 491, צייכען (כט).

**שביעית, פרק ה׳, משנה ג׳.** די אלטע הלכה זאָגט, אז פרוכט פון דעם שמיטה־יאָהר טאָר מען ניט פאַרקויפען אויפ׳ן מאָס, און ביי זיי איז א מחלוקת, צי דאָס מיינט אויך, אז מען טאָר ניט פאַרקויפען אויפ׳ן בינדעל. ז. אויך ערלה, פרק ב׳, משנה ד׳; מעשר שני, פרק ב׳, משניות ג׳ און ד׳; פרק ה׳, משנה ו׳.

## זייט 491, צייכען (ל).

**פאה, פרק ו׳, משנה ה׳.** בית שמאי זאָגט: ביז דריי שטיק געהערט צו די אָרימע לייט (צ. ב. ביז דריי גארבען אויב מען האָט פאַרגעסען אין פעלד, רע־כענט זיך דאָס אלץ נאָך פאר „שכחה״, און דאָס קומט די אָרימע לייט. אויב מעהר, ווי דריי גארבען, איז שוין דאָס ניט קיין „שכחה״, און דאָס קומט ניט די אָרימע לייט). בית הלל זאָגט: ביז צוויי שטיק געהערט צו די אָרימע לייט (ד. ה. אפילו דריי גארבען אויב מען האָט פאַרגעסען, איז שוין דאָס אויך ניט קיין „שכחה״). בית שמאי׳ס מאָטיוו איז, ווייל אין דברים כ״ד רע־כענט די תורה אויס דרייערליי אָרימע לייט: א גר, א יתום און אַן אלמנה. די בית הלל האָבען אויסגערעכענט מיט׳ן שכל, אז דאָ רעדט זיך נאָר וועגן דיזעלביגע צ ו ו י י קאַטעגאָריעס: פרעמדע און אָרימע לייט, וואָס ווערען דערמאָהנט אין ויקרא י״ט ביי דעם געזעץ וועגן „לקט״ און „פאה״. אַי, וואָס אין דברים ווערען אויסגערעכענט בעזונדער יתומים און אלמנות? איז דאָס מחמת דעם, ווייל די תורה כאפט אָן דעם געוועהנליכסטען פאַל (און דער מעהר בעקאַנטער טיפ פון אָרימע לייט זיינען יתומים און אלמנות). פאה, פרק ז׳, משנה ו׳: בית שמאי זאָגט: ווען מען בייט אויס אויף געלט די פרוכט פון דעם פערטען יאָהר, דאַרף מען ניט צוגעבען קיין פינפטעל צום ווערט (ווי דאָס פאָדערט זיך ביי מעשר שני), ווייל דאָס שטעהט ניט געשריבען אין דער תורה בפירוש. ד. ה. זיי טייטשען דאָ בוכשטאבליך. תוספתא, שבת, פרק א׳. בית שמאי זאָגט: „זעקס טעג זאָלסטו האָרעווען און טאָן דיין גאַנצע אַרבעט״ (ששת ימים תעבוד ועשית כ ל מלאכתך). דאָס מיינט, אז ערב שבת דאַרף שוין דיין ווערק זיין פאָלשטענדיג פאַרענדיגט (ד. ה. מען טאָר ניט אָנהויבען ערב שבת אַזאַ ארבעט, וואו דער פראָצעס וועט פון זיך אַליין פאָרטגעזעצט ווערען אום שבת. ז. שבת, פרק א׳, משנה ה׳). זיי טייטשען דאָ אויס בוכ־שטאַבליך די ווערטער „כל מלאכתך״. בית הלל טייטשט אויס דעם פסוק אַזוי, פונקט ווי דאָ וואָלט געשטאַנען „כל ששת ימים תעשה מלאכה״, ד. ה. אַלע זעקס טעג מעג דיין ארבייט געטאָן ווערען (אין ירושלמי: שבת, פרק א׳, הלכה ה׳, ווערט בית הלל׳ס מיינונג בעגרינדעט מיט א גאנץ אנדער דרש). שבת קל״ה.

ווען א אינגעל איז געבאָרען געוואָרען א גע'מהל'מער, זאָגט בית שמאי, אז מען דאַרף ביי איהם פונדעסטוועגען אַרויסלאָזען א טראָפּען בלוט, און בית הלל זאָגט, אז מען דאַרף נים. דער גרונד פון דער מחלוקת איז: די בית שמאי האָבען געטייטשט די ווערטער „בשר ערלתו" (דאָס פלייש פון זיין פאָדער־הויט) בוכשטאַבליך. דעריבער איז ביי זיי אויסגעקומען, אז מען דאַרף אַ שניט טאָן אין פלייש, אפילו ווען קיין פאָדער־הויט איז ניטאָ. די בית הלל האָבען געהאלטען, אז די תורה איז נאָר אויסען די בעזייטיגונג פון דער פאָ־דער־הויט, און וויבאלד עס איז קיין פאָדער־הויט ניטאָ, איז פארשפּאָרט גאָר צו מהל זיין (ז. תוספתא, שבת, פרק ט"ו־ט"ז; ירושלמי: יבמות, פרק ח', הלכה א'; ספרא, תזריע, פּרק א'). י ו מ א מ "א. בית שמאי האַלט, אז ווען ביי דעם נזיר איז דער קאָפּ אין גאַנצען א פליעכאַוואַטער, דאַרף מען פונ־דעסטוועגען דורכפיהרען מיט א גאלמעסער איבער זיין קאָפּ, ווייל עס שטעהט געשריבען, אז ער דאַרף זיך אָפּגאָלען. ז. אויך ברכות, פּרק א', משנה ג'; מעשר שני, פּרק ה', משנה ג'; תוספתא, תרומות, פּרק ג'; גיטין, פּרק ט', משנה י'; בבא מציעא מ"ד (וועגען דעם, ווער עס האָט ג ע ו ו אַ ל ט פאַרנעהמען א זאַך, וואָס מען האָט איהם געגעבען בעהאלטען), חולין פּ"ח (וועגען צודעקען דאָס בלוט מיט אַש), בכורות ל"ב און ל"ג (וועגען דעם פלייש פון א בכור מיט א בראק: צי ניט קיין כהנים און אומרייניע, וועמעס אומריינקייט עס שטאַמט פון זייער אייגענעם קערפּער, מעגען עס עסען). דעמזעלביגען אונטערשייד בעמערקען מיר ביי די מעהרסטע אויסטייטשונגען, וואו די בית שמאי מיט די בית הלל געהען זיך פאַנאַנדער.

### זייט 493, צייכען (לא).

עהנליכס צו יענער הלכה אין דער משנה געפינט זיך אין תוספתא, מעשר שני, פּרק ג'. זעה דאָרטען. אין ירושלמי, מעשר שני, פּרק א', הלכה ג', איז ביי דעמזעלביגען ענין, אנשטאט „בית שמאי אומרים" (בית שמאי זאָגט), דער נוסח „כדברי בית שמאי" (ווי בית שמאי האָט געהאלטען). אָט דאָס איז דער ריכטיגער נוסח.

### זייט 493, צייכען (לב).

ז. תוספתא, זבים, פּרק א': אז ר' עקיבא פלעגט פאָרברענגען הלכות פאר זיינע תלמידים, פלעגט ער הייסען, אז ווער עס האָט וואָס עס איז געהערט, זאָל צוגעהן און זאָגען... האָט ר' שמעון געזאָגט: אזוי האָבען די בית הלל געזאָגט צו די בית שמאי... דאָ זעהט מען קלאָר, אז ר' שמעון גיט איבער די מיינונגען פון בית שמאי און בית הלל ניט מיט זייערע אייגענע ווערטער, נאָר ווי ער דריקט עס אוים אין זייערע נעמען. עס איז ניט נויטיג צו ברענגען אפולע ראיות אויף דעם: ווער עס איז געניט אין דער גמרא און אין די ברייתות, וועט אנטרעפען אין פיעלע ערטער אַזוינס.

### זייט 497, צייכען (לג).

זייערע מחלוקות ביי צווילרעכטס־פראַגען: ג מ ר א. יבמות ל"ח און פּ"ט; גיטין נ"ה (ז. אויך תוספתא, בבא קמא, פּרק י'); בבא מציעא ק"א; מ ש נ י ו ת: בבא מציעא, פּרק ג', משנה י"ב; בבא בתרא, פּרק ט', משניות

ח׳ און ט׳. זייערע מחלקות ביי קרבנות: זבחים, פרק ד׳, משנה א׳. ג מ ר א. זבחים ל״ח (ז. אויך תוספתא, זבחים, פרק ד׳); ביצה י״ט (די מחלוקת וועגן אָנלעהנען זיך); בבא קמא ס״ה (ז. אנמערקונג ,יד׳ צו דעמזעלביגען קאַפּי־טעל). תוספתא: פסחים, פרק ז׳.

## זייט 502, צייכען (ל״ד).

ר׳ זכריה פראנקעל אין „דרכי המשנה״, זייט 53, רעכענט, אַז די אַכצעהן גזירות זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען די ערסטע צייט, ווען די בית שמאי און די בית הלל האָבען זיך אָפּגעטיילט איינע פון די אַנדערע. גרעץ („גע־שיכטע דער יודען״, באנד 3, נאָטע 26) קומט צום שלוס, אז דאָס איז גע־שעהען גאָר אין ערך פיר יאָהר פאַר׳ן חורבן. זיינע ראיות זיינען פאָלגענדע: א) פון ר׳ אליעזר׳ס און ר׳ יהושע׳ס רייד, ווי זיי ווערען געבראַכט אין דער גמרא פון דיביידע תלמודים און אין תוספתא, ז ע ה ט א ו י ס, אז זיי ריידען וועגען עפּעס אַזוינס, וואָס איז געשעהען ניט לאַנג. אויף אַזאַ מין ראיה איז אונז פאַרשפּאַרט דאָ צו ענטפערן. דאָס איינציגע, וואָס מיר ווילען דאָ זאָגען, איז: אונז זעהט אויס פּונקט פאַרקעהרט, און ר׳ זכריה פראַנקעל קאָן פאַר אונז גוט זאגען. ב) אין דער משנה (עבודה זרה כ״ט) ווערט דער־צעהלט: ר׳ ישמעאל האָט אמאָל געפרעגט ר׳ יהושע׳ן, פאַר וואָס עפּעס האָט מען גוזר געווען, אז מען טאָר ניט עסען קיין גויאישען קעז? האָט איהם ר׳ יהושע פאַרשלאָגען די רייד. אויף דעם ערקלערט די גמרא (עבודה זרה ל״ה) אין עולא׳ס נאָמען, אז דאָס איז ווייל די גזירה איז געווען א נייע. אין ירושלמי איז דער נוסח: ווייל מען האָט ערסט ניט לאַנג איינגעפיהרט דעם איסור. אָט פונדאנען נעהמט זיך דאָס גרעץ, אז דאָס איז געווען א שפּעטערע גזירה. אבער, לאָמיר בעטראַכטען די ווערטער פון דער גמרא אין זייער גאנ־צען צוזאַמענהאנג. ר׳ יהושע האָט ר׳ ישמעאל׳ן ניט געענטפערט קיין תירוץ, ווייל דאָס איז געווען „א נייע גזירה, און מען פרעגט ניט אויף דעם קיין קשיות״. ווייטער פיהרט דאָרטען אויס די גמרא אַזוי: אַז מען פלעגט איינ־פיהרען א גזירה אין ארץ ישראל, פלעגט מען פ אַ ר צוועלף חדשים ניט ער־קלערען דעם גרונד. אַלזאָ, נאָך דער גמרא קומט אויס, אַז טאַקי אין דער צייט פון ר׳ יהושע און ר׳ ישמעאל איז די גזירה אַרויסגעגעבען געוואָרען, און בשעת ר׳ ישמעאל האָט ר׳ יהושע׳ן געפרעגט, איז נאָך ניט געווען אריבער קיין צוועלף חדשים; דעריבער, הייסט עס, האָט ער ניט געטאָרט ערקלערען דעם גרונד. אויב אַזוי, דאַן מוזען מיר זאָגען, אז די גזירה וועגען קעז איז אַרויסגעגעבען געוואָרען היבש עטליכע יאָהר נאָכ׳ן חורבן, ווארום אין דער צייט פון חורבן איז נאָך ר׳ ישמעאל געווען א קינד. אויף אַזאַן אופן, טאָ וואָס פאר א שייכות האָט דער גאנצער ענין צו יענע אכצעהן גזירות, וואָס זיי־נען פ אַ ר ׳ ן חורבן ארויסגעגעבען געוואָרען? עס איז קלאָר, אז די אמוראים האָבען שוין ניט געוואוסט וואָס און ווען וועגען דער גזירה. אין ירושלמי ווערט געזאָגט, אז ר׳ יהושע האָט זיך פון ר׳ ישמאל׳ן אָפּגעשטופּט, ווייל דער איסור איז געווען ניט לאנג איינגעפיהרט און ר׳ ישמעאל איז נאָך געווען א קליינער. דאָס מאכט אבער אליץ נאָך דעם ענין ניט קלאָר. אויב ר׳ יהושע האָט ר׳ ישמעאל׳ן פאַרשלאָגען די רייד, ווייל יענער איז נאָך געווען א קליי־

נער, פאר וואָס זשע ווענדט ער זיך צו איהם אין דעמזעלביגען געשפּרעך מיט'ן צורוף „מיין ברודער ישמעאל"? נאָך מעהר, ווי עס ווערט דערצעהלט אין דער משנה, האָט דאָך ר' יהושע איהם יע געפּרואווט ענטפערן פאַרשיידענע תירוצים און ערסט נאָכדעם, ווי ר' ישמעאל האָט די תירוצים ניט אָנגענומען, האָט ער איהם פאַרשלאָגען די רייד. פאַר וואָס האָט ער דאָס גלייך ניט געטאָן? די מעשה איז געווים געווען אַזוי. ר' יהושע אליין האָט אויך ניט געוואוסט גענוי דעם מאָטיוו. אַז ר' ישמעאל האָט איהם געפרעגט, האָט ער געזוכט דעם מאָטיוו אויסצוגעפינען. ר' ישמעאל האָט אבער זיינע ערקלערונגען ניט אָנ־גענומען און האָט אַרויסגעשטעלט געגען זיי וויכטיגע טענות. דאַן האָט איהם ר' יהושע פאַרשלאָגען די רייד. קורץ, פון דער גמרא קאָן מען דאָ איבערהויפּט קיין שום ראיה ניט ברענגען. מיר קענען זיך פאַרלאָזען נאָר אויף דער משנה, און פון דאָרטען זעהט אויס, אַז דאָס איז געווען אן אלטע גזירה. ג) נאָך דער מיינונג פון ר' שמעון בן יוחאי, איז איינע פון די אכצעהן גזירות בעשטאַ־נען דערין, אז מען זאָל ניט אָננעהמען פון גויים קיין נדבות אויף צו ברענגען קרבנות אין בית המקדש. אַזאַ גזירה דערמאָהנט גראָד יוסיפון. ווערליג ווי ער דערצעהלט, האָט עס איינגעפיהרט אלעזר בן חנניה, און דאָס איז געשעהען אין די לעצטע יאָהרען פון דעם בית המקדש. דערפון, הייסט עס, קענען מיר שליסען, אז אלע אכצעהן גזירות זיינען דאַן איינגעפיהרט געוואָרען. אָט דער בעווייז וואָלט יע געווען א בעווייז, ווען מיר וואָלטען געוואוסט אויף געווים, אַז דאָס ניט־אָננעהמען קיין נדבות איז געווען איינע פון די אכצעהן גזירות. אַזוי ווי דאָס גופא איז נאָך א פראַגע, קענען מיר איבערקעהרען דאָס בלאַט און אויספיהרען פונקט פאַרקעהרט: וויבאלד יוסיפון זאָגט, אז אלעזר בן חנניה האָט איינגעפיהרט די גזירה, מען זאָל ניט אָננעהמען קיין קרבנות פון גויים, איז פונדאַנען געדרונגען, אז ר' שמעון בן יוחאי'ס השערה איז ניט ריכטיג, ד. ה. דידאָזיגע גזירה איז ניט געווען איינע פון יענע אַכצעהן גזירות, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען א סך פריהער, אין דער צייט פון חנניה בן חזקיה. גרעץ וויל נאָך אויפווייזען, אז אין דער משנה פון שבת י"ג (פרק א', משנה ד') איז דער נאָמען פאַרגרייזט: עס דאַרף זיין „אלעזר בן חנניה" אנשטאט „חנניה בן חזקיה". גרעץ וויל האָבען, אז אַזאַ נוסח (אלעזר בן חנניה) האָט פאר זיך געהאט אין דער משנה דער מחבר פון דעם „סדר הדורות". דאָס איז אבער ניט ריכטיג. ריידענדיג וועגען חנניה'ן, וואָס ער האָט פער־פאַסט די מגילת תענית, ציטירט דער מחבר פון „סדר הדורות" (אין זיין ווערק וועגען די תנאים און די אמוראים) די פאָלגענדע אנמערקונג פון דעם „ספר היוחסין": „ער האָט אבער ניט די גאנצע מגילה געשריבען, ווארום פון ראש השנה, פרק א' איז קענטיג, אז ר' יהודה בן שמוע איז געווען ר' מאיר'ס א תלמיד און פונדעסטוועגען ווערט ער דערמאָהנט אין מגילת תענית. אין דעם ערסטען פרק פון מסכת שבת, און צום סוף פון מגילת תענית שטעהט, אז ר' אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גרון מיט זיינע קאָלעגען האָבען אָנגעשריבען די מגילת תענית". פון דעם, וואָס ער ציטירט דאָ אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם נאָמען פון אלעזר בן חנניה דעם ערסטען פרק פון מסכת שבת, האָט גרעץ געדרונגען, אז ביי איהם אין דער גמרא איז אין יענער משנה געשטאַנען

„אלעזר בן חנניה" אנשטאט „חנניה בן חזקיה". אין דער אמת'ען אבער האָט דאָ דער מחבר פון „סדר הדורות" די ציטאַטע פון דעם „ספר היוחסין" זעהר פאַרקירצט, און דאָס האָט גרעצ'ן געבראַכט צו זיין טעות. די אנמערקונג אין דעם „ספר היוחסין" גופא לעזט זיך אַזוי: „עס ווייזט אויס, אַז ניט די גאנצע (מגילת תענית) האָט ער (חנניה בן חזקיה) געשריבען; ווארום, ווי מיר זעהען אין דעם ערסטען פרק פון מסכת ראש השנה, איז יהודה בן שמוע, וואָס ער האָט גע'פועל'ט, אז עס זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען די רעליגיעזע פערפאָלגונ־גען געגען אידען, געוועזען ר' מאיר'ס א תלמיד, און ער ווערט דערמאָהנט אין מגילת תענית. ער (ד. ה. חנניה בן חזקיה) האָט אויך ערקלערט די פאַרבאָרגע־ניסען פון דעם ספר יחזקאל... ער ווערט דערפאר צו גוטען דערמאָהנט, ווי דאָס ווערט געבראַכט אין דעם פרק „התכלת" און אין דעם ערסטען פרק פון מסכת שבת (און דאָס איז טאקי מיט אַן אמת פאַראַן דאָרטען). צום סוף פון מגילת תענית (דאָ פעהלט אין אָריגינאַל א וואָרט. דאָ האָט געדאַרפט זיין „שטעהט געשריבען"), אז ר' אלעזר בן חנניה בן חזקיה בן גרון און זיינע קאָלעגען האָבען די מגילת תענית געשריבען". אַלזאָ, פונוואנען איז געדרונגען, אז ער האָט אין דער משנה וועגען די אכצעהן גזירות געהאט דעם נוסח „אלעזר בן חנניה"? ווייטער וויל גרעץ האָבען, אז אלע עלטערע קוועלען ווייסען נאָר פון אלעזר בן חנניה. ער שטיצט זיך דערביי אויף מכילתא, פרשה יתרו, און ספרי, שלום פון פרשה כי תצא. איך הויב ניט אָן צו פאַרשטעהן אַזאַ ראיה. צי דען, וויל מיר געפינען צוויי דרש'ען פון אלעזר בן חנניה, מוזען מיר דעריבער זאָגען, אז אין אלע אנדערע ערטער, וואו עס ווערט דערמאָהנט דער נאָמען חנניה בן חזקיה, איז אין די ספרים א גרייז? צי דען איז דאָס נאָר א פאַרבלענדע־ניס, וואָס אין רב'ס מאמר, וועלכער ווערט געבראַכט אין דריי פאַרשיידענע ער־טער פון תלמוד, ווערט ער אָנגערופען אליץ חנניה בן חזקיה? אין דער משנה און אין דער ברייתא פון מסכת שבת איז אומעטום חנניה בן חזקיה. זאָלען מיר דאָס אליץ ערקלערען פאר גרייזען צוליעב דעם פאַרגרייזטען נוסח פון ספרי? ווארום די ברייתא פון ספרי ווערט געבראַכט אויך אין מנחות מ"ה, און דאָר־טען איז דער נאָמען חנניה (ז. אויך דעם נוסח אין ילקוט). ווערליג ווי עס ערקלערט דאָרטען תוספות אין דעם זאַץ, וואָס הויבט זיך אָן „כי", דאַרף מען אויך אין ספרי לעזען „חנניה". די ראיה, וואָס גרעץ ברענגט פון „הלכות גדולות", איז אויך ניט קיין ראיה. ווארום אזוי שטעהט אין „הלכות גדולות": „און זיי האָבען אָנגעשריבען די מגילת תענית אין דעם דאַכצימער פון (אלעזר בן) חנניה בן חזקיה בן גרון, בעת זיי זיינען געקומען געוואָהר ווערען (דער בית דין, וואָס נ אָ ך זיי, האָט גענומען און האָט עס בעהאלטען)". די ווער־טער, וואָס זיינען אריינגערינגעלט אין האלבע לבנות, געהערען ניט צו דעם מחבר פון „הלכות גדולות". דאָס האָט איינער צוגעשטעלט פון דער זייט, שטוי־צענדיג זיך אויף דעם מפרש צו מגילת תענית. היינט ווער קאָן זיך דאָס נעה־מען א רעכט צו מאכען א גרייז אין דער משנה, אין דער ברייתא און אין דער גמרא צוליעב דעם נאָר, ווייל דער מפרש צו מגילת תענית האָט א טעות גע־האָט? נאָך א ראיה ברענגט גרעץ אויף צו בעווייזען, אז די אכצעהן גזירות זיינען אַרויסגעגעבען געוואָרען אין יוסיפונ'ס צייט, אין די לעצטע יאָהרען

פון דעם בית המקדש. יוסיפון דערצעהלט, אז די אידען פון סיריען און קיסרין האָבען זיך געווענדט צו יוחנן גישקאלא, ער זאָל זיי צושיקען אידי־שען איול, ווייל זיי טאָרען ניט עסען קיין גויאישען איול. איז דאָך א קשיה: ווי האָבען זיי פריהער געטאָן? אלא וואָס, מסתמא איז פריהער ניט געוועזען קיין איסור אויף גויאישען איול. איז דאָס אָבער אווירקליכע ראיה? מען קאָן דאָך זיך פאָרשטעלען די זאך אנדערס. פריהער האָבען זיי נאָך געהאט ביי זיך אידישען איול, און דאָן איז ביי זיי גראד אויסגעגאַנגען, האָבען זיי מורא געהאט, זיי זאָלען ניט זיין געצוואונגען צו עסען דעם איול, וואָס מען טאָר ניט. אַ סימן אויף דעם, אַז די גזירה אויף גויאישען איול איז אַן אַלטע, געפינען מיר אין דער ברייתא פון ירושלמי, שבת, פרק א׳, הלכה ד׳: ר׳ יוחנן האָט געזאָגט אין דעם נאָמען פון ר׳ אלעזר בן צדוק: איך האָב בקבלה, אַז וואָס פאַר א גזירה בית דין האָט ניט אַרויסגעגעבען, אויב נאָר דער גרעסטער טייל פון דעם עולם האָט עס ניט אָנגענומען, איז די גזירה קיין גזירה ניט. זיי האָבען טאַקי נאָכגעפאָרשט און האָבען אויסגעפונען, אז עס איז געווען א גזירה אויף איול. ר׳ אלעזר בן צדוק האָט געלעבט אין דער צייט פון בית המקדש און נאָך דעם. ווען ער זאָגט „איך האָב בקבלה", רעדט ער דאָ נאַטירליך וועגען עפּעס אַזוינס, וואָס איז צו איהם איבערגעגאַנגען בקבלה פון אַן עלטערער צייט. ער זאָגט, אז די, פון וועמען ער האָט געהאט די קבלה, האָבען נאָכגעפאָרשט און האָבען אויסגעפונען, אז עס איז געווען א גזירה אויף איול. דער אויס־דרוק בעווייזט, אז דאַ האנדעלט זיך וועגען אַן אלטער גזירה. די אונטערסטע שורה איז: אלע ראיות, וואָס גרעץ ברענגט דאָ, פאַלען איין, ווייל זיי האָבען ניט אויף וואָס צו שטיצען זיך.

## קאפיטעל 20.

### זייט 506, צייכען (א).

אין הוריות ג׳ זאָגען זיי: אונזערע רביים האָבען זיך געשטיצט אויף ר׳ שמעון בן גמליאל און ר׳ אלעזר בן צדוק, וועלכע האָבען געזאָגט, אז מען טאָר ניט אַרויפלעגען אויף דעם עולם קיין גזירה, סיידען דער גרעסטער טייל פון דעם עולם קאָן אויסהאלטען דאָס. אין בבא בתרא ס׳ רעדט וועגען דעם ר׳ יהושע, ווי וועגען א בעוואוסטען און אָנגענומענעם פּרינציפּ (ז. תוספתא, סוטה, פרק ט״ו. דאָרטען איז אבער וועגען דעם נוסח א פראַגע). אַז דער ר׳ גמליאל, מיט וועמען די מעשה האָט פּאַסירט, איז געווען ר׳ גמליאל הזקן, דאָס זעהט מען דערפון, וואָס ר׳ יהושע און ר׳ פּפּיס שטיצען זיך אויף דערדאָזיגער מעשה, ווען זיי זאָגען עדות (אין עדיות, פרק ז׳), אַז מען מעג מאכען אַן עיבור אויף א תנאי. די מעשה גופא איז דאָרטען א טייל פון זייער עדות־זאָ־גונג. אפשר איז די עצם הלכה, אז מען מעג מאכען אַן עיבור אויף א תנאי, צוליעב יענער פּאַסירונג געגרינדעט געוואָרען.

### זייט 509, צייכען (ב).

די גמרא (אין סנהדרין י״א) זעהט א בעזונדער עניוות אין דעם, וואָס דער נשיא דערמאָהנט דאָ אין בריוו זיינע קאָלעגען (דאָרטען ווערט פריהער

געבראכט אין דעם נאָמען פון ר׳ שמעון בן גמליאל א נוסח, וואו דער נשיא רעדט נאָר אין זיין אייגענעם נאָמען, ניט דערמאָהנענדיג זיינע קאָלעגען), און זי זאָגט ארויס די מיינונג, אז דאָס איז אודאי געשעהען „בתר דעברוהו". וואָס איז דער טייטש „בתר דעברוהו"? ווערליג ווי רש"י און תוספות ערקלערען, מיינט עס „נאָכדעם ווי מען האָט איהם אראָפּגעוואָרפען", ד. ה. די גמרא נעהמט אָן, אַז די מעשה, וואָס ווערט דערצעהלט, געהט אויף דעם שפּעטערדיגען ר׳ גמליאל, פון יבנה (איהם האָט מען געוועסט אראָפּגעוואָרפען פון זיין אַמט אַלס נשיא און דערנאָכדעם האָט מען איהם ווידער ארויפגעזעצט. דעריבער, הייסט עס, איז ער ניט געווען אזוי שטאָלץ ביי זיך). אין דער אמת'ען אבער געהט עס ניט אויף יענעם ר׳ גמליאל, ווי דאָס ווערט ביי אונז אין הויפּט־טעקסט ערקלערט. ר׳ הירש חיות אין זיין ווערק „דרכי הוראה" טייטשט דעם „בתר דעברוהו" אנדערס. נאָך זיין ערקלערונג, מיינט עס „נאָכדעם ווי זיי האָבען דאָס יאָהר שוין געמאכט פאר אן עיבור" און דאָס געהט אויף יענעם אויסנאהמספאל, ווען ר׳ גמליאל, ווי עס ווערט דערצעהלט, איז אמאָל ניט געווען דערביי, בשעת מען האָט געדאַרפט בעשטימען אן עיבור, און זיינע קאָלעגען האָבען דעם עיבור געמאכט אויף א תנאי — אויב דער נשיא וועט אויף דעם מסכים זיין. דעריבער, הייסט עס, האָט ער זיך אין דעם בריוו בערופען אויף זיינע קאָלעגען. אבער, אויב אַזוי, פאר וואָס זשע דערמאָהנט ער אויך זיך אין דעם בריוו? ער איז דאָך דערביי ניט געוועזען! ווען מיר זאָלען אבער נעהמען אין בעטראכט דעם שטענדיגען נוסח, וואָס ווערט איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון ר׳ שמעון בן גמליאל, ו ו ע ד ל י ג ו ו י ע ר ו ו ע ר ט ג ע ב ר א כ ט א י ן י ר ו ש ל מ י, דאַן זעהען מיר, אז נאָכ'ן ירושלמי דערמאָהנט אויך אין יענעם נוסח דער נשיא זיינע קאָלעגען. און ר׳ שמעון בן גמליאל גיט דאָ איבער דעם נוסח, ווי אזוי מען האָט זיך בכלל נוהג געווען צו שרייבען פּאַרציימען, בעת דער בית המקדש איז געשטאַנען; ווארום אין ירושלמי און אין תוספתא הויבט זיך דאָס אָן אויף אַזאַן אופן: ר׳ ינאי גיט איבער אין דעם נאָמען פון ר׳ שמעון בן גמליאל, אז ער (דער נשיא) פלעגט אָנזאָגען אזוי און אַזוי. אויב עס איז אַזוי געווען דער מנהג, אז דער נשיא פלעגט ש ט ע נ ד י ג שרייבען אין זיין נאָמען און אין דעם נאָמען פון זיינע קאָלעגען, איז דאָך שוין ניטאָ קיין גרונד אָנצונעהמען, אז דער ציטירטער בריוו ר׳ גמליאל'ס געהט דוקא אויף יענעם אויסנאהמספאל, ווען מען האָט גע־מאַכט דעם עיבור אָהן איהם, ווי ר׳ הירש חיות וויל האָבען. ווי דאָס איז, איין זאַך איז פאר אונז קלאָר: אז דער שרייבער פון דעם ציטירטען בריוו איז גע־ווען ר׳ גמליאל הזקן. נאָך אויף עפּעס וויל איך דאָ אויפמערקזאם מאכען. יאסט („געשיכטע דעם יודענטומס אונד זיינער סעקטען", באנד 3, ז. 382) וויל האָבען, אז פון ר׳ גמליאל הזקן שטאמט אויך א געוויסע הלכה, נאָך וועל־כער מען מעג אין דער נאכט פון פסח בראָטען א ציגעלע אויף אַזאַן אופן, ווי מען פלעגט בראָטען דעם קרבן פסח (ביצה כ"ב). ווער עס בעטראַכט דאָרטען די משניות אין זייער צוזאַמענהאנג, יענער זעהט גלייך, אז דאָס איז ניט ריכטיג, און עס איז ניט כדאי אויף דעם לענגער אָפּצושטעלען זיך.

## זייט 509, צייכען (ג).

אין דער משנה פון פסחים קט"ז ווערט דערמאָהנט סתם ר' גמליאל, אָבער דאָס איז געווים ר' גמליאל הזקן, ווארום בית שמאי און בית הלל שליסען זיך אָן אָן זיינע רייד. יעדערער, ווער עס בעטראַכט נאָר די משנה, קאָן זעהען, אַז ביז דעם אָרט, וואו עס הויבט זיך אָן די מחלוקת צווישען בית שמאי און בית הלל, איז דאָס אלץ געזאָגט געוואָרען פון ר' גמליאל'ן. זעה דאָרטען נאָך, ווייל איך האָב דאָס געמאכט דאָ בקיצור.

## זייט 510, צייכען (ד).

עס איז דאָ כדאי נאָך אויפמערקזאם צו מאכען אויף דער מעשה, וואָס ווערט דערצעהלט וועגען ר' חנינא'ן, וואָס זיין פאָטער האָט איהם געמאכט פאר א נזיר און האָט איהם געבראכט צו פיהרען צו ר' גמליאל'ן (נזיר כ"ט). דאָס איז אויך געוועזען ר' גמליאל הזקן, ווארום עס ווערט ערגעץ ניט דערמאָהנט, אַז נאָכ'ן חורבן זיינען אויך געוועזען נזירים. דאָס איז מחמת דעם, ווייל עס איז דאַן ניט געווען שוין קיין מעגליכקייט אָפּצוהיטען אלע דינים פון ריינקייט און אומריינקייט און עס איז אויך ניט געווען וואו צו ברענגען די קרבנות, וואָס א נזיר איז מחויב. דער רמב"ם פּסקנ'ט אפילו (יד החזקה, אָפּטיילונג „הלכות נזירים“, פּרק ב', הלכות כ' און כ"א), אַז מען קאָן אויף זיך נעהמען נזירות אויך איצטער. דער ראב"ד טרעט אַרויס געגען דעם. ער זאָגט, אַז איצטער (ווייל עס איז ניטאָ קיין רייניגונגס-וואסער) זיינען אין ארץ ישראל אלע פּונקט אַזוי אומריין, ווי אין אנדערע לענדער, און מען טאָר הײנט דעריבער ערגעץ ניט נעהמען אויף זיך קיין נזירות. אויב מען זאָל אָננעהמען דעם רמב"ם'ס מיינונג פאר ריכטיג, האָט די מעשה מיט ר' חנינא'ן געקאָנט פּאַסירען אויך אין דער צייט פון דעם צווייטען ר' גמליאל, וואָס איז געוועזען אין יבנה. די מעשה איז אבער ניט דאַן געשעהען, ווי מען זעהט עס פון תוספתא, נדה, פּרק ה', און פון ירושלמי, נזיר, פּרק ד', הלכה ו'. דאָרטען ווערט אַזוי דערצעהלט. אַז דער אינגעל האָט ר' גמליאל'ן געענטפערט זעהר קלוג, האָט איהם ר' גמליאל א קוש געטאָן אין קאָפּ און האָט געזאָגט: איך בין זיכער, אַז ער וועט זיין א מורה הוראה ביי אידען. אָט צו דעם גיט דאָרטען צו ר' אלעזר בן צדוק: איך האָב איהם טאַקי געזעהען, ווען ער איז געווען א מורה הוראה ביי אידען. מען זעהט פון דער שפּראַך, אַז ער רעדט דאָ וועגען א זאַך, וואָס איז געשעהען מיט פיעלע יאָהרען צוריק, ניט אין דער צייט פון דעם צווייטען ר' גמליאל, וואָס ער איז געווען ר' אלעזר'ס א צייטגענאָסע און אינגער פון איהם.

## זייט 510, צייכען (ה).

ז. תוספתא, צום סוף פון מסכת עדיות: „נשתכחו תלמידיו נקרא רבן“, ד. ה. אין א שפּעטערדיגען דור, ווען זיינע תלמידים זיינען שוין פאַרגעסען געוואָרען, ווערט דער געלערנטער אָנגערופען „רבן“. ז. אויך „דרכי המשנה“, ז. 58. ער זאָגט דאָרטען: עס זעהט אויס, אַז דעריבער האָט מען איהם גערופען „רבן“, ווייל ער איז געוועזען דער ערסטער, וואָס איז אייגער אַליין געשטאַנען אָן דער שפּיץ פון סנהדרין און האָט ניט געהאט ביי דער זייט קיין

אב בית דין. דאָס איז אבער ניט ריכטיג. מען קאָן אָנווייזען אויף אנטיגנוס איש סוכו און אויף שמעונ'ען, הלל'ס זוהן. עס איז ניט כדאי אויף דעם לענגער אָפּצושטעלען זיך.

## זייט 513, צייכען (ו).

אין אבות דרבי נתן, פרק ל"ח, ווערט דערצעהלט וועגען ר' שמעון בן גמליאל הזקן, אז ער איז גע'הרג'עט געוואָרען. אין מסכת שמחות ווערט די געשיכטע דערצעהלט אויף אן אנדער אופן, און דאָרטען ווערט צוגעגעבען: אז די מעשה איז דערגאנגען צו ר' עקיבא'ן... און אז. וו. מוזען מיר זאָגען, אז דאָס איז געווען ניט ר' שמעון בן גמליאל הזקן. אין מכילתא, משפטים, מסכתא נזיקין, פרשה י"ח, ווערט דערמאָהנט סתם ר' שמעון בן גמליאל, און דאָס איז דאָס ריכטיגע. ז. דאָרטען אונזער פירוש „מדות סופרים".

## זייט 515, צייכען (ז).

פונקט ווי א גט ווערט געשריבען אין דעם מאנס נאָמען, ווי עס איז געזאָגט געוואָרען אין דער תורה „וכתב לה ספר כריתות" (און ער וועט איהר אָנשרייבען א שיידונגס-בריוו). דאָס איז מחמת דעם, ווייל דער מאַן איז דאָך ניט געצוואונגען צו גט'ען זיין פרוי; ווען ער טוט עס, נעהמט ער אויף זיך א פאַרפליכטונג (ריכטיגער, ער זאָגט זיך אָפּ פון זיין רעכט), און דעריבער איז די סברה מחייב, אז ע ר דאַרף שרייבען דעם גט. אין ירמיה (קאפּ. ל"ב, פסוק י') זאָגט ער „און איך האָב עס איינגעשריבען אין א קאָנטראַקט". דאָ האָט דער קויפער געשריבען, כאָטש אפילו דער פאַרקויפער איז דאָך דער, וועלכער עס נעהמט אויף זיך די פאַרפליכטונג: ע ר זאָגט זיך אָפּ פון זיין אייגענטום. דער קויפער דאַרף דאָך האָבען דעם בעוויז, אז דער פריהערדיגער אייגענטימער (דער פאַרקויפער) האָט איהם אָפּגעטראָטען זיין רעכט, און דערצו קאָן דאָך ניט נוצען דאָס, וואָס ער, דער קויפער, האָט אליין אנגעשריבען. פונדעסטוועגען זעהען מיר, אז דעם קאָנטראַקט האָט געשריבען ירמיה, וואָס ער איז געווען דער קויפער. נאָך מעהר, עס איז ביי זיי געווען איינגעפיהרט א געזעץ: פעלדער ווערען געקויפט פאַר געלט; מען שרייבט עס איין אין א קאָנטראַקט און מען חתמ'עט, און עדות בעשטעטיגען. ווער עס זאָל שרייבען, דאָס ווערט ניט אויסגעטייטשט, און מיר מוזען אָננעהמען, אז עס מאַכט ניט אוים, ווער עס זאָל ניט זיין דער שרייבער. דער עיקר איז די בעשטעטיגונג פון די עדות. אָט אויף דעם סמך האָבען די געלערנטע דאָ ביי דעם אַלטען אזא זאַך ערלויבט.

## זייט 516, צייכען (ח).

אין ירושלמי: בבא קמא, פרק ה', הלכה ה', געפינט זיך א דרש אויף זיין נאָמען. אין בבלי, בבא קמא מ"ט, ווערט דערזעלביגער דרש איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון ר' אליעזר בן יעקב. אין מכילתא: משפטים, פרשה ח', ווערט אָט דער דרש איבערגעגעבען אויף אַזאַן אופן: אבא יוסי בן חנן גיט איבער אין דעם נאָמען פון ר' אליעזר. דער אבא יוסי בן יוחנן איש ירושלים, וואָס ווערט דערמאָהנט אין יבמות נ"ג, האָט ניט צו יענעם אבא יוסי בן חנן קיין שייכות. ז. דאָרטען נאָך.

### זייט 526, צייכען (ט).

אָט אזוי דריקט ער זיך אויס וועגען דעם אין „דרכי המשנה": איניגע פון די בעשטימונגען, ביי וועלכע עס ווערט אָנגעמערקט אין תלמוד „בראשונה היו אומרים" (אמאָל האָט מען געהאַלטען) זיינען געווען בלויז מנהגים. אנ־דערע אבער זיינען געווען הלכות, וואָס די פריהערדיגע געלערנטע האָבען אַרויסגעגעבען, נאָר שפּעטער האָבען זיי געפונען פאר נויטיג צו ענדערן זיי: צי ווייל זיי האָבען געוואָלט מאכען אַ נייעם גדר, צי ווייל זיי האָבען אויס־געפונען א נייעם דרש אָדער די אורזאכע, וואָס האָט אמאָל די הלכה אַרויסגע־רופען, האָט זיך געפעהלט.

## קאפיטעל 21.

### זייט 535, צייכען (א).

עס געהט ניט אריין אין דעם פּלאַן פון אונזער ווערק צו ארומרויידען ברייט דעם ענין פון דעם אידישען חשבון נאָך דער לבנה. מיר וועלען דאָ נאָר אָנווייזען דאָס, וואָס אנדערע האָבען אין דער לעצטער צייט וועגען דעם ענין געשריבען, און דאָס וועט פאר אונז זיין גענוג. ז. דעם אַרטיקעל פון דעם אַלטען געלערנטען, ר׳ חיים זעליג סלאָנימסקי אין דער צייטשריפט „בית תלמוד", באנד 1, זייט 253, און וואָס איך האָב איהם דאָרטען געענטפערט; אויך אין באנד 2, וואָס עס האָט אויף דעם געענטפערט דער געלערנטער ר׳ אברהם עפּשטיין. בעזונדערס איז כדאי נאָכצוזעהען אין דעם ווערק פון דעם דערמאָהנטען געלערנטען, אברהם עפּשטיין, „מקדמוניות היהודים", זייטען 1־22.

### זייט 539, צייכען (ב).

דאָס, וואָס איך האָב דאָ געשריבען, איז גענומען געוואָרען פון ר׳ אהרן יעלינעק׳ס ווערק, פון דעם, וואָס ער האָט געשריבען אין „בית המדרש", באנד 3, אויף דער עלפטער זייט פון דער איינלייטונג, אין דעם אַרטיקעל וועגען מדרש ויסע. מעהר וועגען דעם ענין זעה אין דעם אָנגעוויזענעם ארטיקעל אין „בית המדרש" און אויך אין דער אנמערקונג אויף זייט 11 פון דעם ווערק „מקדמוניות היהודים", וואָס מיר האָבען אין אונזער פאָריגער אנמערקונג דערמאָהנט.

### זייט 541, צייכען (ג).

אין ברכות, פּרק א׳, משנה ב׳, ווערט בעשטימט, אז די צייט פון קריאת שמע אין דער פריה הויבט זיך אָן פון דעם מאָמענט, ווען עס ווערט אַזוי ליכ־טיג, אז מען קאָן שוין דערקענען צווישען בלאָ און ווייס. אָט דעם סימן האָבען, ווייזט אויס, די תנאים פון נאָכ׳ן חורבן געגעבען. פריהער האָבען זיי אפשר געהאט אַן אנדער סימן, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט דער עקזיס־טענץ פון דעם בית המקדש, ווי עס ווערט צ. ב. דערצעהלט אין יומא ל״ז: פון דער גאָלדענער מנורה, וואָס איז געווען ביים אַריינגאַנג אין טעמפּעל, פלעגט אָפּשלאָגען שטראַהלען, ווי נאָך די זון פלעגט אויפגעהן. האָבען אלע געוואוסט, אַז די צייט פון קריאת שמע האָט זיך אָנגעהויבען. נאָכ׳ן חורבן זיינען זיי געווען געצוואונגען צו געבען אַן אַנדער סימן. פאַר דער קריאת שמע פון

אָווענט איז געבליבען דער אַלטער סימן (ווען די כהנים, וואָס האָבען זיך אין דעם טאָג טובל געווען, עסען זייערע תרומות), ווייל נאָכ'ן חורבן האָבען זיי נאָך אויך אָפּגעהיט די דינים פון ריינקייט און אומריינקייט אנטקעגען תרומה. פונדעסטוועגען האָבען אויך דעמדאָזיגען סימן פון די תנאים פון נאָכ'ן חורבן שפּעטער אומגעביטען אויף אן אנדערען, ווי דאָס ווערט אין תלמוד ערקלערט.

## זייט 541, צייכען (ד).

כאָטש אפילו דאָרטען ווערען איבערגעגעבען אין דעם נאָמען פון איינ־צעלנע געלערנטע פאַרשיידענע מאָס־בעשטימונגען וועגען פּאה, פונדעסטוועגען זעהט אויס, אז די אלטע הלכה איז געווען, ווי ר' יהודה בן בתירה זאָגט: ווען דאָס פעלד איז ווענינסטענס אזוי גרויס, אז מען קאָן ניט ארונטערנעהמען אלצדינג מיט איין שניט, איז מען שוין מחויב צו איבערלאָזען פּאה. אָט דאָס איז, וואָס זיי מיינען דאָרטען מיט די ווערטער „והלכה כדבריו" (און די הלכה איז אַזוי, ווי ער זאָגט). דאָס מיינט ניט צו זאָגען, אַז ד ע ר ד י ן איז אַזוי, ווי ער זאָגט, כאָטש אפילו זיינע קאָלעגען זיינען מיט איהם ניט איינ־שטימיג. אויף אַזאַן אופן געהט אַראָפּ די קשיה, וואָס תוספות יום טוב פרעגט דאָרטען. זעה דאָרטען נאָך.

## זייט 560, צייכען (ה).

די ערקלערונג פון די דריי לעגענדעס, וואָס ווערען דערצעהלט וועגען הלל'ן, האָב איך געהערט פון ר' אהרן יעלינעק אויף זיינע פאָרלעזונגען אין אונזער לעהר־אינסטיטוט. דאָס איז א גרינדליכע ערקלערונג, ווי עס פּאַסט זיך פאר דעם, ווער עס האָט עס געזאָגט.

# קאפּיטעל 22.

## זייט 570, צייכען (א).

**הערצפעלד** („געשיכטע דעם פאָלקעס איזראַעל", באנד 1, זייט 318) צווייפעלט, ווער האָט דאָ ווענען געקאָפּירט? מיר דוכט, אז דער ספר ברוך האָט גע־קאָפּירט דעם ספר דניאל, ניט פאַרקעהרט. באלד, אין אָנהויב פון דער תפלה (ברוך, קאַפּ. א', פערז 15) בענוצט ער די ווערטער פון דניאל, קאפּ. ט', פּסוק ז' „לך ה' הצדקה ולנו בושת הפנים" (דו, גאָט, ביסט גערעכט, און מיר דאַר־פען זיך שעמען). ער האָט אבער, פאַרקירצענדיג דניאל'ס תפלה, א טייל פון דעם פּסוק ז' דורכגעלאָזען. א טייל פון דעם זאַץ „גם ליושבי יהודה וירושלים למלכינו ושרינו לכהנים ולנביאים" (אויך די איינוואוינער פון יהודה און ירושלים, אונזערע קיניגם און אונזערע האַרען, די כהנים און די נביאים) האָט ער גענומען פון פּסוק ח' אין דעמזעלביגען קאַפּ. פון דניאל. דאָ האָט ער אָבער געענדערט דעם נוסח און צוגעגעבען. אין קאַפּ. א', פערז 16 ווענדט זיך ברוך צו גאָט אין דער צווייטער פּערזאָן און באלד נאָכדעם, אין פערז 17 רעדט ער וועגען איהם אין דער דריטער פּערזאָן: „און מיר האָבען זיך ניט צוגעהערט צו ז י י ן שטים צו פאָלגען ז י י נ ע געבאָטען און געזע־צען, וואָס ע ר האָט אונז פאַרזאָגט". דאָס איז מחמת דעם, ווייל ער האָט

נאָכגעשריבען דעם טעקסט פון דניאל, קאפּ. ט׳, פּסוק י׳. אין דניאל דאַרף טאַקי זיין דאָ די דריטע פּערזאָן, ווייל ער האָט אויך אין דעם פּאָריגען פּסוק ט׳ גערעדט וועגען גאָט אין דער דריטער פּערזאָן, דאַן ווען דער שרייבער פון ספר ברוך האָט דעם אינהאלט פון דניאל׳ס פּסוק ט׳ דורכגעלאָזען, און עס קלינגט עפּעס מאָדנע, ווען ער בענוצט אין זיין פּערז 17 די דריטע פּערזאָן. ער האָט ניט געקוקט אויף דעם, ווייל ער האָט נאָכגעשריבען דעם טעקסט און ער האָט ניט געענדערט די שפּראַך פון אָריגינאל. אין קאפּ. ב׳, פּערז 17 בענוצט ער דעם אויסדרוק פון דניאל, קאפּ. ט׳, פּסוק י״ח „נייג צו דיין אויער און הער, עפען אויף דיינע אויגען און זעה“. אין דניאל פּאַסט דאָרטען דער אויסדרוק „עפען די אויגען און זעה“, ווייל דאָס געהט אויף „די פּאַר־וויסטונגען און די שטאָדט“, וועלכע ער דערמאָהנט גלייך נאָכדעם. אין ספר ברוך ווערט אבער מיט די ווערטער „עפען אויף דיינע אויגען און זעה“ דער זאַץ אָפּגעהאקט. ער שליסט דאָרטען ווייטער מיט דעם פּסוק פון תהלים „כי אין במות זכרך“ (צווישען די טויטע איז ניטאָ ווער עס זאָל דיך דערמאָהנען), אַזוי אז דער אויסדרוק „עפען די אויגען און זעה“ בעט זיך דאָ גאָר ניט. עס ווייזט אויס, אז דאָס איז נאָר געקאָפּירט.

## זייט 573, צייכען (ב).

וועגען דעם ספר עזרא ד׳ ז. דאָס ווערק פון דאָקטאָר הילגענפעלד וועגען דער אידישער אַפּאָקאַליפּטיק און דאָס ווערק פון דאָקטאָר לאַנגען וועגען די אַנשויאונגען פון די אידען אין ארץ ישראל בעת דער גרינדונג פון קריס־טענטום.

## זייט 577, צייכען (ג).

וועגען דער געשיכטע פון דעם ספר היובלים האָבען געשריבען: יעלינעק אין זיין איינלייטונג צום „בית המדרש“, באנד 3; טרייענפעלז אין דער צייט־שריפט „דער אָריענט“ פון יאָהר 1846; בעער אין זיין ווערק וועגען דעם פּערהעלטניס פון דעם ספר היובלים צו די מדרשים; פראַנקעל אין זיין צייט־שריפט פון יאָהר 1856; דילמאַן אין עוואַלד׳ס יאָהרבוך, בענד 2 און 3; לאַנ־גען אין זיין ווערק וועגען די אנשויאונגען פון די אידען אין ארץ ישראל בעת דער גרינדונג פון קריסטענטום. אין דעם ערסטען יאָהר פון דער צייט־שריפט „השחר“, אַרויסגעגעבען פון פּרץ סמאָלענסקי, איז דער ספר היובלים איבערגעדרוקט אין א העברעאישער איבערזעצונג פון דאָקטאָר שלמה רובין מיט אן איינלייטונג, וואָס ענטהאלט אין זיך די געשיכטע פון דעמדאָזיגען ספר. ער ווייזט דאָרטען אויף מיט קלאָרע ראיות, אַז דאָס ווערק איז פּער־פאַסט געוואָרען אין העברעאיש.

## זייט 582, צייכען (ד).

דער אַנגענומענער בעשלוס איז געווען, אַז די ספרים, וואָס זיינען גע־שריבען געוואָרען „מכאן ואילך“ (פון דאַן אָן און ווייטער), מאַכען ניט אומ־ריין די הענט. נאָך אונזער טייטש, מיינט דער „מכאן ואילך“ — פון דאַן אָן, זינט דער ספר בן סירא איז אָנגעשריבען געוואָרען. ר׳ צבי גרעץ אין זיין פּירוש אויפ׳ן ספר קהלת (ערגענצונגען צום סוף פון דעם ווערק, זייט 166)

טייטשט דעם „מכאן ואילך" אנדערש: דאָס מיינט אָדער זינט דער פאַרזאַמלונג אין דעם הויז פון חנניה בן חזקיה, אָדער זינט דעם טאָג, ווען ר' אלעזר בן עזריה איז בעשטימט געוואָרען פאר א נשיא, ווייל אין יענעם טאָג איז אויך פערהאַנדעלט געוואָרען די פראגע וועגען איניגע ספרים, צי זיי מאכען אומריין די הענט אָדער ניט (ידים, פרק ג', משנה ה'). אויף צו שטיצען זיין מיינונג ציטירט גרעץ פון ירושלמי, סנהדרין, פרק י', הלכה א', אַזאַ מאמר: ר' עקיבא זאָגט, עס האָט ניט קיין חלק אויף יענער וועלט אויך דער, וואָס לעזט „ספרים היצונים",— צ. ב. די „ספרי מינים"; אבער ווען מען לעזט דעם ספר בן סירא, דעם ספר בן לענה, ספרי המירס (פון דעם איבערזעצער. ווע־גען דער בעדייטונג פון „ספרי המירס" זיינען דאָ פאַרשיידענע מיינונגען. איני־גע פון די מיינונגען איז, אז דאָס מיינט האָמער'ס שריפטען) און אלע ספרים, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען „מכאן ואילך", איז אַלץ איינס, ווי מען לעזט א בריוו. גרעץ מיינט דאָ אָט וואָס: וויבאלד דאָ ווערען אָנגערופען דרייערליי ווערק, וואָס זיינען געשריבען געוואָרען אין פאַרשיידענע צייטען, קאָן דאָך ניט זיין, אז דער „מכאן ואילך" זאָל געהן אויף דער צייט, ווען די ווערק זיינען געשריבען געוואָרען; דעריבער מוזען מיר זאָגען, אז דאָס געהט אויף דער צייט פון דער פאַרזאַמלונג. איך קאָן דאָ ניט פסקנ'ען, צי גרעץ איז גערעכט אָדער ניט, ווייל ער ציטירט פון דעם ירושלמי א נוסח, וועלכען איך געפין דאָרטען גאָר ניט. אין דעם ירושלמי, וועלכער געפינט זיך ביי אונז, איז דער נוסח אַזוי: עס האָט ניט קיין חלק אויף יענער וועלט דער, ווער עס לעזט „ספרים חיצונים", צ. ב. דעם ספר בן סירא און דעם ספר בן לענה; אָבער ווען מען לעזט „ספרי המירס" און אלע ספרים, וואָס זיינען געשריבען גע־וואָרען „מכאן ואילך", איז... און אַז. וו. נאָך דעם נוסח קומט אויס, אַז דער „מכאן ואילך" געהט גאָר אויף דער צייט, ווען די „ספרי המירס" זיינען געשריבען געוואָרען. דער דערמאָהנטער געלערנטער זוכט צו בעווייזען, אז דער ספר קהלת איז געשריבען געוואָרען אין די לעצטע יאָהרען פון הירודוס'עס רעגירונג, און אין דעם דאכצימער פון חנניה בן חזקיה האָבען די בית שמאי און די בית הלל דיסקוטירט די פראגע, צי מען זאָל איהם אַריינעהמען אין כלל פון די היילינע שריפטען און צי ער מאכט אומריין די הענט. אַזוי ווי זיי האָבען ניט געקאָנט קומען צו קיין שלום, איז די פראגע געבליבען אָפען ביז אין א צייט ארום, ווען מען האָט ר' אלעזר בן עזריה'ן געמאכט פאר א נשיא. איך מוז זיך ענטשולדיגען, וואָס איך האָב זיך אין דעם פרט מיט גרעץ'ס שלום ניט גערעכענט. אין דער ריכטיגקייט פון זיינע בעווייזען קאָן מען זעהר שטאַרק צווייפלען, בעזונדערס, ווייל ער ציטירט אַזעלכע נוסחאות, וועלכע געפינען זיך ניט אין אונזערע ספרים. עס איז ניט דאָ דער פלאַץ אָפצושטעלען זיך לענגער אויף דעם. איך וויל דאָ נאָר אָנווייזען דעם וויכ־טיגסטען מאָטיוו, וואָס האָט מיך בעוואויגען אָפּצואווייכען פון זיין מיינונג. דאָס איז, ווייל איך האָב געפונען, אז הלל האָט ציטירט א פסוק פון קהלת (תוספתא: ברכות, צום סוף פון פרק ב'). הייסט עס, אז אין הלל'ס צייט האָט מען שוין דעם ספר קהלת געהאלטען פאר א טייל פון די היילינע שריפ־טען. נאָך פריהער פאר הלל'ן האָט שמעון בן שטח ציטירט (ירושלמי: ברכות,

פרק ז׳, הלכה ב׳. אויך פיעלע אנדערע ערטער) פון דעם ספר קהלת צוויי זאַצען: „בצל החכמה בצל הכסף“ (אונטער דעם שאָטען פון וויזהייט איז מען געשיצט, ווי אונטער דעם שאָטען פון געלט) און „ויתרון דעת החכמה תחיה בעליה“ (די מעלה פון וויסענשאַפט איז, וואָס די וויזהייט האלט אויף איהר אייגענטימער דאָס לעבען). אויב ביי די בית שמאי מיט די בית הלל איז געווען א מחלוקת, צי דער ספר קהלת מאַכט אומריין די הענט, הייסט עס ניט, אַז עס איז דאַן געוועזען די פראגע, צי מען זאָל ערסט דעם ספר אין דעם כלל פון די הייליגע שריפטען אריינכנעהמען. צו די הייליגע שריפטען האָט דער ספר פון לאנג אָן געהערט. זיי האָבען איהם אָבער דאַן געוואָלט קאָנפיסקירען, פונקט ווי זיי האָבען געוואָלט קאָנפיסקירען דעם ספר יחזקאל.

## זייט 587, צייכען (ה).

צ. ב. ופרשו את השמלה“ (און זיי זאָלען אויסשפּרייטען דאָס קלייד) — דאָס איז א משל (מכילתא: משפטים, פרשיות ו׳ און י״ג). אין דריי ערטער האָט ר׳ ישמעאל אויסגעטייטשט די ווערטער פון דער תורה ווי א משל. „פאַר א בלינדען זאָלסטו ניט אַוועקלעגען קיין שטרויכלונג אין וועג“ — דאָס מיינט, זאָלסט ניט פאַרפיהרען דעם, ווער עס איז בלינד אין דער זאַך (ספרא: קדושים, פרשה ב׳). „דו זאָלסט רעספּעקטירען אַן אלטען מאַן“ — דאָס מיינט א גע־לערנטען (קידושין ל״ב). „מפני שיבה תקום“ (פאַר דעם, וואָס האָט גראָעע האָר, זאָלסטו אויפשטעהן) זעצט איבער דער תרגום אונקלוס „מן קדם סבר באורייתא תקום“ (פאר דעם, וואָס איז א קענער אין דער תורה, זאָלסטו אויפ־שטעהן). עהנליכס צו דעם געפינען מיר אין דעם ספר הכמת שלמה (קאפ. ד׳, פערזען 9—8). „הין צדק יהיה לכם“ (די מאָס פון דעם הין זאָל זיין ביי אייך א ריכטיגע) — דאָס מיינט, אז דיין „יע“ און דיין „ניין“ זאָלען זיין ריכטיג (בבא מציעא מ״ט). „אל תחלל את בתך להזנותה“ (זאָלסט ניט מאַכען דיין טאָכטער פאר א גאַסען־פרוי) — דאָס איז א משל אַנטקעגען דעם, ווער עס גיט אוים זיין טאָכטער פאר אַן אלטען מאַן (סנהדרין ע״ו). דעם „לא תאכלו על הדם“ (איהר זאָלט ניט עסען אויף בלוט) טייטשען זיי אוים אלע־גאריש אויף פאַרשיידענע אופנים (סנהדרין ס״ג). דאָסגלייכען דעם „לא תטע לך אשרה“ (זאָלסט ניט פלאנצען קיין „אשרה“), „לא תסיג גבול רעך“ (זאָלסט ניט איבעררוקען דאָס גרעניץ־צייכען צו דיין שכנ׳ס לאנד) און פיעלע אזוינע.

## זייט 587, צייכען (ו).

„ערסט א וויינשטאָק איז פון פאָרענט צו מיר“ — דער וויינשטאָק דאָס איז די תורה (חולין צ״ב). „און גאָט האָט איהם אָנגעוויזען א בוים“ — ער האָט איהם געוויזען די ווערטער פון דער תורה, וואָס זיי זיינען געגליכען צו א בוים (מכילתא: בשלח, מסכתא ויסע, פרשה א׳). „צאינה וראינה בנות ציון במלך שלמה“ (געהט אַרויס, איהר, טעכטער פון ציון, און קוקט זיך איין אין דעם קיניג שלמה): איבערמאַכענדיג פון „בנות ציון“ אויף „בנים המצוינים“ (אויסגעצייכענטע קינדער) און פון „במלך שלמה“ אויף „במלך שהשלום שלו“ (אין דעם קיניג, וואָס דער פרידען איז זיינער), טייטשען זיי אוים, אז דאָס

איז א משל אנטקעגען די אידען און גאָט (צום סוף פון מסכת תענית. אויך אין ספרא און אין „סדר עולם"). עס איז פאַרשפּאָרט אָפּצוגעבען זיך לענגער מיט בײשפּילען, ווייל אלע ווערק פון דער תורה שבעל פּה זיינען פול מיט עהנ־ליכע אויסטייטשונגען. דער גאַנצער שיר השירים ווערט ביי זיי אויסגעטייטשט נאָר ווי א משל, און זיי זאָגען אויף איהם, אז ער איז דער העכסטער צווישען די הייליגע ספרים. זיי רופען איהם אָן „דאָס הייליגסטע צווישען די הייליגע" (קדש קדשים).

## זייט 587, צייכען (ז).

די אײנהייליגונגס־קרבנות (מילואים) ווערען אָנגערופען אנגענעהמער גע־רוך (ריח ניחוח): ווייל גאָט האָט זיך געקראָגען א פריינד, מאכט ער פאר איהם א יום טוב (ספרא: צו, מכילתא דמלואים). אויסטייטשענדיג די ווערטער „אל תזנה הארץ" (דאָס לאנד זאָל ניט ווערען פראָסטיטואירט), ערקלערט די תוספתא (קידושין, פּרק א') די שעדליכקייט פון געשלעכטליכער אויסגעלאַ־סענקייט. פאַר וואָס האָט מען געהייסען צוגרייטען דעם קרבן פּסח מיט פיר טעג פריהער, איידער ער ווערט געשאָכטען? כדי זיי זאָ־לען די גאַנצע צייט זיין פאַרטאָן אין דער מצוה (מכילתא: בא, פּרשה ה'). גאָט האָט געטויט אלע ערסטגעבאָרענע פון מצרים, פ ו ן מ ע נ־ש ע ן ב י ז פ י ה — פון וועמען עס האָט זיך אָנגעהויבען די זינד, פון יענעם האָט זיך אָנגעהויבען די שטראָף (מכילתא: בא, פּרשה ז'. עהנליכע ערקלערונגען וועגען גאָטס שטראָף גיט די גמרא אין סוטה ט'). פאַר וואָס האָט די תורה געהייסען ברענגען פּסח דעם עומר און שבועות דעם שתי הלחם? ווייל פּסח צייט ווערען די תבואות אויף די פעלדער צייטיג און שבועות צייט — די פרוכט אויף די בוימער, האָט גאָט געזאָגט: ברענגט מיר דעם עומר, כדי די תבואות פון די פעלדער זאָלען זיין געבענטשט, און דעם שתי הלחם, כדי די פרוכט פון די בוימער זאָלען זיין געבענטשט (ראש השנה ט"ז. תוספתא: ראש השנה, פּרק א', און סוכה, פּרק ג'). ר' יוחנן בן זכאי האָט ליעב געהאט צו ערקלערען דעם גרונד פון די מצוות (ז. בבא קמא ע"ט, קידושין כ"ב; ירושלמי: קידושין, פּרק א', הלכה ב'; תוספתא: בבא קמא, פּרק ז'; מכילתא: משפּטים, פּרשה י"ב). פאַר וואָס האָט די תורה אַזוי פיעל מאָל פאַרזאָגט, אז מען זאָל ניט קרינקען א גר? ווייל עס איז מיט זיי שווערער אויסצוקומען (בבא מציעא נ"ט). פאַר וואָס עפּעס דאַרף דאָס שפּייז־אָפּפער פון א סוטה געמאכט ווערען פון גערסטען־מעהל? ווייל זי האָט זיך געפיהרט מעשה בהמה, טאָ זאָל זי ברענגען פאר א קרבן די שפּייז פון א בהמה (סוטה י"ד. זעה אויך סוטה ח'). די איבערזעצער פלעגען אויך ערקלערען אָפטמאָל דעם גרונד פון די מצוות אין זייערע איבערזעצונגען (ירושלמי: ברכות, פּרק ה', הלכה ג'). שפּעטער איז דאָס אריין אין דער מאָדע ביי פיעלע געלערנטע צו ערקלע־רען דעם גרונד, פאר וואָס די תורה האָט געהייסען אזוי און אַזוי (קידושין ס"ח און פיעלע אנדערע ערטער). אין פיעלע ערטער פון אונזער ווערק האָבען מיר שוין אויפמערקזאם געמאכט, אז ביי אונזערע פאַרצייטיגע געלערנטע איז אַזוי געוועזען דער מנהג. ז. דעם ספר „מאור עינים", קאפּ. ו'. ער ברענגט דאָרטען פיעלע ערטער, וואו די בעלי המדרש ערקלערען דעם גרונד, און זייערע ערקלערונגען שטימען מיט פילאָנ'ס פירושים.

# קאפיטעל 23.

## צייכען 599, צייכען (א).

„שם המפורש“ — דאָס איז אַזוי ווי א פּריוואַטער נאָמען. דאָ וואָלט אויגענטליך בעסער געפּאַסט דער אויסדרוק „שם המפורט“. דאָס צייטוואָרט „פּרט“ בעדייט ספּעציפיצירען, אָנווייזען קאָנקרעט אן איינצעלנעם פאַל אָדער אַן איינצעלנע פּערזאָן, צ. ב. פּרט את הנדר (ספּעציפיצירען דעם נדר), פּרט את החטא (אָנווייזען קאָנקרעט די זינד). די ווערטער „פּרט“ און „פּרש“ ווערען אָבער אָפטמאָל פאַרביטען. צ. ב. אין פסחים כ״א שטעהט „עד שיפרט לך הכתוב“ (סיידען דער פּסוק זאָל דיר אויסטייטשען בפירוש); אין דעמזעלביגען זאַץ אין ירושלמי שטעהט „שיפרש“ אנשטאט „שיפרט“. עס איז דעריבער מעגליך, אַז „שם המפורש“ האָט דיזעלביגע בעדייטונג, ווי „שם המפורט“, און דאָס איז, וואָס ביי אונז הייסט א פּריוואטער נאָמען.

## זייט 629, צייכען (ב).

אין פּסוק שטעהט „ובעת ההיא ימלט עמך כל הנמצא כתוב בספר“. די מפרשים ערקלערען, אז דער „כל הנמצא“ (יעדערער, ווער עס געפינט זיך) איז שייך צו דעם וואָרט „עמך“ (דיין פאָלק). דאַן דאַרף מען טייטשען דעם זאַץ אַזוי: אין יענער צייט וועט פון דיין פאָלק אויסגעלייזט ווערען יעדערער, ווער עס געפינט זיך איינגעשריבען אין בוך, ד. ה. וועמעס נאָמען עס איז פאַרשריבען אין דעם בוך פון לעבען. נאָך מיין מיינונג, פעהלט דאָ אַן אות אין דעם וואָרט „כל“. עס האָט בעדאַרפט זיין „ככל“. דאָ איז איין „כ“ פאַרפעהלט געוואָרען, ווייל דאָס פריהערדיגע וואָרט „עמך“ ענדיגט זיך אויך מיט א „ך“, אַזוי אז דאָ זיינען שוין אָהן דעם פאַראַן צוויי „כ“׳ען איינער נאָך דעם אַנדערען. ווען מען זאָל דאָ לעזען „ככל“ אנשטאט „כל“, וועט דער טייטש זיין אַזוי: אין יענער צייט וועט דיין פאָלק אויסגעלייזט ווערען, ווי עס שטעהט געשריבען אלצדינג אין דעם ספר. דאָס וואָרט „ספר“ געהט אויף דעם ארמ׳ישען טייל פון דעם ספר דניאל, וואָס ער רעכענט זיך פאַר א בעזונדער ספר און דאָרטען איז אויסגעשריבען אלצדינג וועגען משיח׳ס קיניגרייך.

## זייט 633, צייכען (ג).

דער נוסח פון דער גמרא איז „והתורה חוזרת ללומדיה“ (און די תורה וועט קומען צוריק צו איהרע לערנער). מיר דוכט אָבער, אז לכתחלה איז דאָ געוועזן דער נוסח, פונקט ווי אין מדרש שיר השירים (אויפ׳ן פּסוק „התאינה“), „והתורה חוזרת לחדושה ומתחדשת לישראל“ (און די תורה וועט זיך אומקעהרען צו איהר צושטאַנד פון נייקייט און זי וועט ביי די אידען בענייט ווערען). מעהר ניט, אין דער גמרא האָבען זיי דעם נוסח געענדערט, כדי עס זאָלען ניט האָבען קיין אויסרייד אָט די, וועלכע קומען מיט טענות, אַז משיח־צייט וועט זיין א נייע תורה. איניגע געלערנטע האָבען טאַקי פאַרשטאַנען דעם זאַץ אין מדרש אין אַזאַ זין, ווי דאָס ווערט געבראַכט אין די וויטי׳ס ווערק וועגען די גרונדזאצען פון דעם אידישען גלויבען, זייט 176. זיי האָבען דאָ ניט פאַרשטאַנען דעם פּשט פון די ווערטער. דער זאַץ האָט א שייכות

צו דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרען פריהער, אז אין דעם דריטען יאָהר וועט די תורה ביי די לערנער פאַרגעסען ווערען. אָט אנטקעגען דעם זאָגען זיי, אז אין דעם פינפטען יאָהר וועט זי זיך אומקעהרען צו דעם צושטאַנד פון נייקייט: נאָכדעם ווי זי איז פארגעסען געוואָרען, וועט זי אויסזעהען ביי די לערנער ווי א נייע. אַזוי איז פון שטענדיג אָן געוועזען זייער שטייגער אויסצודריקען זייער ליעבשאפט צו דער תורה: די תורה איז ביי די לערנער אזוי טייער, פונקט ווי אין דעם טאָג, ווען זי איז נאָר וואָס געגעבען געוואָרען (ז. ספרי, ואתחנן, פיסקא ל"ג, און ברכות ס"ג). אָבער אויך איינינע פון די אידישע געלערנטע איז ניט געוועזען פרעמד דער געדאנק, אז משיח וועט ברענגען א נייע תורה. אין ילקוט, ישעיה, רמז רצ"ו, ווערט בפירוש געזאָגט, אז גאָט זיצט (אין גן עדן) און לערנט די נייע תורה, וואָס ער וועט ווען עס איז געבען דורך משיח'ן. דער, ווער עס האָט עס געזאָגט, האָט געוויס געהאַט אין זינען דאָס, וואָס ווערט געזאָגט אין דער גמרא (נדה ס"א), אז אין דער קיפנטיגער וועלט (לעתיד לבא) וועלען בטל ווערען די מצוות. דאָס געהט אבער דאָרטען ניט אויף משיח־צייט, נאָר אויף דער צייט נאָך תחית המתים.

### זייט 640, צייכען (ד).

אויף צו בעגרינדען דעם גלויבען אין תחיית המתים האָט ר' גמליאל די צדוקים געבראכט ראיות פון דער תורה, פון די נביאים און כתובים. עס איז א חידוש אין פלוג, פאַר וואָס עפּעס ר' גמליאל האָט זיך ניט געשטיצט אויפ'ן ספר דניאל. נאָר אפשר האָט ר' גמליאל בכיוון אויסגעמיידט צו ברענגען א ראיה פון אַזאַ פערהעלטניסמעסיג יונגען ווערק, ווי דער ספר דניאל, ווייל ד אָ ס האָבען דאָך די צדוקים גע'טענ'עט, אַז דעם גלויבען אין תחיית המתים האָבען זיי איבערגענומען פון די פּרס'ער, און דעריבער איז פון די לעצטע שריפטען קיין ראיה ניט.

## קאפיטעל 24.

### זייט 646, צייכען (א).

פון זיינע רייד וועגען פאַרפאָלשטענדיגען זעהט מען, אַז ער מיינט טאַקי צוגעבען מעהר שטרענגקייט, ווי מיר האָבען ערקלערט. דעריבער איז טאַקי ריכטיג דער אלטער נוסח פון דער גמרא אין שבת קט"ז „אנא לא למיפחת אתיתי לאסופי אתיתי" (איך בין ניט געקומען פאַרקלענערן, איך בין געקו־מען נאָך צוגעבען עפּעס), ניט ווי דער טעקסט־קאָריגירער וויל דאָרטען אַריינ־שטעלען אין מיטען דאָס וואָרט „ולא" (דאַן וואָלט עס הייסען: איך בין ניט געקומען ניט צו פאַרקלענערן, ניט וואָס עס איז צוצוגעבען). אפשר דאַרף דאָ אין מיטען זיין גאָר דאָס וואָרט „אלא" (נאָר).

### זייט 647, צייכען (ב).

דאָס, וואָס די פּרושים האָבען ניט אויסגעטייטשט בפירוש, אַז מען דאַרף אַרויסווייזען ליעבשאפט צו א פיינד, איז מיט א בעזונדער מיין: נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה טאָר גאָר איין איד דעם אנדערען קיין שונא ניט זיין, ווארום עס שטעהט געשריבען „זאָלסט אין דיין האַרצען ניט פיהלען קיין האָס צו דיין

ברודער". הייגט ווי אזוי זאָלען זיי פאַרזאָגען אזוינס, ווען נאָכ'ן גוזעץ נאָך טאָר גאָר אַזאַ פאַל ניט געמאָלט זיין?

### זייט 649, צייכען (ג).

וואָס ער פאַרשטעהט אונטער דעם הימלישען קיניגרייך, דאָס האָט ער ניט אויסגעטייטשט דייטליך. דאָס איז איהם געווען פאַרשפאָרט אויסצוטייטשען, ווייל ער האָט זיך געווענדט צו די אידען, און זיי האָבען געוואוסט, וואָס די פאַרפאָלקאָמונג פון דער גאַנצער וועלט אונטער דער הימלישער הערשאַפט בעדייט. דאָס מיינט: די אָפּגעטער זאָלען פארשווינדען, די רשעים זאָלען זיך א קעהר טאָן צו גאָט, אלע לעבעדיגע בעשעפעניסען זאָלען דערמאָהנען גאָטס נאָמען און אלע איינוואוינער פון דער ערד זאָלען זיך אונטערוואַרפען אונטער זיין הערשאַפט (ווי דאָס ווערט אויסגעדריקט אין דער תפלה פון „עלינו לשבח").

### זייט 650, צייכען (ד).

איניגע פון די ציטירטע מאמרים ווערען אפילו געבראַכט אין דעם נאָמען פון שפּעטערדיגע תנאים, אָבער דאָס בעווייזט נאָך ניט, אַז זיי שטאַמען ניט פון אַ פריהערדיגער עפּאָכע. וואָרום מיר ווייסען פון פיעלע מאמרים, וואָס זיינען בעשטימט אַלטע (ווייל מיר בעגעגענען זיי נאָך אין דעם ספר בן סירא און אין אנדערע עלטערע ווערק) און פונדעסטוועגען ווערען זיי וואָרט אין וואָרט אין תלמוד ציטירט אין דעם נאָמען פון שפּעטערדיגע תנאים, ניט ווייל יענע האָבען זיי געבראַכט אויף דער וועלט, נאָר ווייל ביי יענע זיינען די ווערטלאַך שטענדיג געווען אויפ'ן צונג.

### זייט 655, צייכען (ה).

מיר דוכט, אז די ווערטער „אלהינו מלך העולם" (אונזער גאָט, דער קיניג איבער דער וועלט), וואָס ווערען געזאָגט אין יעדער ברכה, זיינען צוגעגעבען געוואָרען שפּעטער, בעת עס זיינען אַרויף אויפ'ן סצענע די זעלאָטען, אָדער קנאים, וועלכע האָבען געפרײדיגט, אז מען טאָר ניט אַנערקענען איבער זיך קיין שום מענשליכע הערשאפט: די הימלישע הערשאפט איז די איינציגע. פריהער האָבען די ווערטער „מלך העולם" אין די ברכות געפעהלט. אַזוי צ. ב. אין תהלים „ברוך אתה ה' למדני חקיך" (געבענטשט ביסטו גאָט, מאַך מיר וויסען דיינע געזעצען). אין די ברכות פון שמונה עשרה זיינען אויך ניטאָ די ווערטער „מלך העולם" ניט אין אָנהויב, ניט צום שלוס פון יעטוועדער ברכה. דעריבער האָבען איניגע געלערנטע געהאַלטען, אז עס מאַכט ניט אויס, ווען מען פאַרפעהלט די ווערטער „מלך העולם" אין א ברכה.

### זייט 655, צייכען (ו).

זעה וואָס איך האָב וועגען דעם געשריבען אין „בכורים" פון יאָהר תרכ"ד (זייט 92). איך האָב דאָרטען געבראַכט א ראיה פון תוספתא, וואו עס ווערט געזאָגט „און מען שליסט איין אין דער ברכה פון „מכניע זדים" דעם זאַץ וועגען די „מינים". הייסט עס, אז די גאנצע ברכה פון „מכניע זדים" האָט פון לאַנג אָן עקזיסטירט. מען האָט נאָר ארייגעשטעלט אהינצו א נייעם זאַץ געגען די „מינים". אין ירושלמי: תענית, פרק ב', הלכה ב', ווערט געזאָגט: אויב

איימיצער וועט דיר זאָגען, עס קומט דאָך אויס, אז עס איז פאַראַן נאָר זיבעצעהן ברכות, זאָלסטו איהם ענטפערן: די ברכה געגען די „מינים“ האָבען נאָך די געלערנטע אין יבנה אריינגעשטעלט (ז. אויך ירושלמי: ברכות, פרק ד׳, הלכה ג׳). מיט דעם ווערט אָט וואָס געמיינט: אין דער צאָהל פון די אכצעהן ברכות געהט נ י ט אריין די ברכה פון „את צמח“ (מיט איהר וואָלט געווען ניינצעהן), ווייל זי איז צוגעגעבען געוואָרען שפּעטער (ז. במדבר רבה און מדרש תנחומא, קרח), נאָכדעם ווי עס איז שוין געווען איינגעפיהרט די „ברכת המינים“. דעריבער. אויב מען זאָל רעכענען, אז אויך די ג אַ נ צ ע ברכה פון „מכניע זדים“ איז א נייע (ניט נאָר דער זאַץ געגען די „מינים“), דאַן וואָלט דאָך אויסקומען, אז לכתחלה איז נאָר געווען זיבעצעהן ברכות. פאר וואָס זשע רופט מען עס „שמונה עשרה?“ אויף דערויף ענטפערט ער: דער זאַץ געגען די „מינים“ איז איינגעשטעלט געוואָרען אין יבנה, ד. ה. אין יבנה האָבען זיי דעמדאָזיגען זאַץ אריינגעשטעלט אין דער ברכה פון „מכניע זדים“. די עצם ברכה איז אָבער געווען נאָך פון פריהער, אזוי אז די צאָהל קומט אויס ריכטיג. אויף אזאן אופן דארף מען זיך פאָרשטעלען די זאַך אזוי. פון אָנהויב איז נאָר דערמאָהנט געווען די אויסלייזונג אין דער ערסטער ברכה „ומביא גואל“ (און ער ברענגט אן אויסלייזער), אין דער זיבעטער ברכה „וגאלנו מהרה“ (און דו זאָלסט אונז באלד אויסלייזען) און אין דער צעהנטער ברכה „תקע בשופר גדול“ (בלאָז אין דעם גרויסען שופר). וועגען דוד׳ס דינאַסטיע איז גאָר ניט דערמאָהנט געוואָרען. אין א צייט ארום האָבען זיי צוגעגעבען א זאַץ וועגען דוד׳ן: אין דער ברכה פון „בונה ירושלים“ (דער אויפבויער פון ירושלים) האָבען זיי אַריינגעשטעלט די ווערטער „וכסא דוד לתוכה תכין“ (און דוד׳ס טראָן זאָלסטו דאָרטען אויפריכטען). די עצם ברכה, ווי זי איז לכתחלה פערפאַסט געוואָרען, ענדיגט זיך מיט די ווערטער „ובנה אותה בנין עולם“ (און דו זאָלסט זי אויפבויען אויף אייביג), און דעריבער פאַסט דאָ דער שלוס „בונה ירושלים“. נ אָ ך שפּעטער האָבען זיי צוגעגעבען אַ בעזונדער ברכה „את צמח“, וואו עס רעדט זיך ספּעציעל וועגען א שפּראָצלינג פון דוד׳ס פאמיליע. דאָס איז געצילט געווען געגען די קריסטען, וועלכע האָבען געזאָגט, אז משיח בן דוד איז שוין געקומען.

### זייט 657, צייכען (ז).

ז. סנהדרין ל״ז און ל״ח. אויך מכילתא: יתרו, מסכתא בחדש, פרשה ה׳ (ז. דאָרטען מיין פירוש „מדות סופרים“) און בשלח, מסכתא שירה, פרשה ד׳. אין ירושלמי: סנהדרין, פרק א׳, הלכה א׳, איז דאָ אַזאַ דרש: „אני ה׳ ראשון“ (איך, גאָט, בין דער ערסטער) — דאָס מיינט, איך האָב ניט איבערגענומען די מאַכט פון קיין אנדערען; „ומבלעדי אין אלהים“ (און אויסער מיר איז קיין גאָט ניטאָ) — דאָס מיינט, איך האָב ניט קיין שותף צו זיך; „ואת אחרונים אני הוא“ (און מיט די לעצטע בין איך אליין) — דאָס מיינט, איך וועל קיינמאָל קיין אנדערען ניט איבערגעבען די מאַכט. ז. אויך ירושלמי, ברכות, פרק ט׳, הלכה א׳; בראשית רבה, פרשה ח׳, און שמות רבה, פרשה כ״ט. נאָך א דרש זויערער איז דאָרטען פאראַן אויף דעמזעלביגען פסוק. „אני ראשון“ — דאָס מיינט, איך האָב ניט קיין פאָטער; „ומבלעדי אין אלהים“ — דאָס מיינט, איך

האָב גיט קיין זוהן. ז. נאָך קהלת רבה אויפ'ן פסוק „יש אחד ואין שני לו", דברים רבה אויפ'ן פסוק „שמע ישראל" און ירושלמי, שבת, צום סוף פון פרק ו'. ביי די תנאים ביז צום סוף פון דעם צווייטען יאָהרהונדערט, נאָך דער קריסט־ליכער צייטרעכענונג, ווערט דער בעגריף פון דריי־איינציגקייט מיט קיין האַלבען וואָרט ניט דערמאָהנט, זיי ריידען נאָר וועגען צוויי גאָטהייטען (שתי רשויות). דעם ערסטען רמז אויף דעם קריסטליכען גלויבען אין דער דריי־איינציגקייט גע־פינען מיר ביי ר' שמלאי'ן אין ירושלמי, ברכות, פרק ט', הלכה א'. די „מינים" האָבען געוואָלט בעגרינדען זייער מיינונג אויף דעם פסוק „א ל א ל ה י ם ה' הוא יודע" (גאָט, דער האַר, אליין ווייס), וואו גאָט ווערט אנגערופען מיט דריי בעזונדערע נעמען. ר' שמלאי ערקלערט זיינע תלמידים, אז די אלע דריי נעמען זיינען איינס. א סימן, אז יענע האָבען מיט דערמיט געוואָלט בעווייזען די דריי־איינציגקייט. אין קהלת רבה אויפ'ן פסוק „יש אחד" איז אויך דאָ א רמז אויף דעם. אפשר וועט אונזער אנמערקונג אביסעל אויפקלערען אָט די פארפלאָנטערטע פראגע, וועגען וועלכער די קריסטליכע פאָרשער קענען ניט קו־מען צו קיין טאָלק: פון ווען אָן האָט זיך אָנגעהויבען דער גלויבען אין דער דריי־איינציגקייט?

### זייט 658, צייכען (ח).

ז. מגילה כ"ח און ירושלמי: מגילה, פרק ג', הלכה ו'. אילוסטרירענדיג, ווי אזוי מען טאָר נ י ט ערקלערען דעם גרונד פון א מצוה, ברענגט דאָרטען דער ירושלמי אזא משל. דעם פסוק פון דער תורה, וואָס פארווערט צו שעכ־טען אין איין טאָג א בהמה — א מוטער מיט איהר קינד, פארטייטשען י ע נ ע אזוי: איהר, קינדער פון מיין פאָלק ישראל! אזוי ווי מיר אין הימעל זיינען בעלי רחמים, אזוי זאָלט איהר אויף דער ערד זיין בעלי רחמים. א קוה אדער א שאָף, די מוטער מיט איהר קינד, זאָלט איהר ניט שעכטען ביידען אין איין טאָג. ניט קוקענדיג אויף דעם, געפינען מיר ביי זיי גופא, אין ויקרא רבה, פרשה כ"ז, און דברים רבה, פרשה כי תצא, פונקט אַזאַ מין ערקלערונג וועגען די מצוות. דער ווידערשפרוך ווערט ביי אונז אין הויפּט־טעקסט ערקלערט. אין „בכורים", באנד 1, זייט 183, האָט ר' שמעון סאנטא וועגען דעם ענין ארויסגעזאָגט פערנינפטיגע געדאנקען.

### זייט 662, צייכען (ט).

איך וויל דאָ אויפמערקזאם מאַכען אויף א ווערטפולען ארטיקעל פון ר' דוד אפּענהיים, ערשינען אין גרעצ'ס מאָנאַטסשריפט פון יאָהר 1870, מאָנאַט מאַי, זייט 238. דער ארטיקעל ענטהאלט אין זיך א קריטיק אויף רענאנ'ס ווערק וועגען די אפּאסטעלם. בעזונדערס אינטערעסאנט איז דאָס, וואָס ער צי־טירט דאָרטען פון ר' יעקב עמדין, פון זיינע אנמערקונגען צום ספר „סדר עולם", וואָס איז ערשינען אין האמבורג אין יאָהר תק"יז.

## קאפּיטעל 25.

### זייט 669, צייכען (א).

די הויפּט־טעטיגקייט פון ר' יוחנן בן זכאי איז געוועזן נאָכ'ן חורבן. אין

דעם ווייטערדיגען טייל פון אונזער ווערק, באַלד פון אָנהויב וועלען מיר איהם אָפּגעבען א בעזונדער אָרט. דאָ דערמאָהנען מיר נאָר דאָס, וואָס עס איז גלייך נויטיג צו וויסען, ווייל דאָס האָט א שייכות צו די לעצטע יאָהרען פון דעם בית המקדש און צום חורבן.

# קאַפּיטעל 1

## זייט 10, צייכען (1).

מיר מאַכען אויפמערקזאַם דעם לעזער, אַז דאָס וואָרט „קבלה“ ווערט אין דעם בוך בענוצט אין זיין אַלגעמיינער אורשפּרינגליכער בעדייטונג, נ י ט אין דער ספּעציפישער בעדייטונג, וואָס דאָס וואָרט האָט בעקומען אין די לעצטע עטליכע הונדערט יאָהר. אונטער „קבלה“ אין דעם ס פּ ע צ י פ י ש ע ן זין פון דעם וואָרט פאַרשטעהט מען עפּעס געהיימניספולעס, אַזעלכע פאַרבאָרגענע סודות, וואָס ווערען ענטדעקט אויף אַן איבערנאַטירליכען וועג נאָר צו אויסער־געוועהנליכע צדיקים און וואָס אַ געוועהנליכער מענש קאָן ניט און טאָר דאָס ניט וויסען. בענוצען מיר אָבער דאָס וואָרט „קבלה“ אין זיין אורשפּרינגליכער בעדייטונג, דאַן מיינען מיר דערמיט נאָר צו זאָגען, אַז עפּעס אַזוינס, ו ו אָ ס א י ז א ו נ ז ב ע ו ו א ו ס ט , איז דערגאַנגען צו אונז אויף אַזאַ אופן, וואָס איין דור האָט עס אויסוועניג איבערגעגעבען צום צווייטען, יענער צום דריטען און אַזוי ווייטער אין אַ משך פון פיעלע דורות. דאָ האַנדעלט זיך אַלזאָ דוקא וועגען אָ פּ ע נ ע ז אַ כ ע ן , ניט וועגען פאַרבאָרגענע סודות. אַז צו דעם ערסטען, פון וועמען עס ציהט זיך די קבלה, איז דאָס ענטדעקט געוואָרען אויף אַן איבערנאַטירליכען וועג, דאָס איז אין דעם וואָרט „קבלה“ אַליין נאָך ניט איינגעשלאָסען. מיר קענען האָבען פון קדמונים בקבלה אַזעלכע זאַכען, וואָס יענע האָבען אַליין אויפגעטאָן אָדער וואָס זיי האָבען אויסגעפונען אויף אַ נאַטירליכען וועג. ערסט ווען צו דעם וואָרט „קבלה“ ווערט נאָך צוגעגעבען דאָס וואָרט „מסיני“, דאַן בעדייט עס שוין, אַז דאָס איז אויף אַן איבערנאַטירלי־כען וועג ענטדעקט געוואָרען צו משה רבנו אויפ׳ן באַרג סיני.

## זייט 14, צייכען (2).

שמואל הנביא האָט אויסגעפונען על־פּי דרש, אַז ניט קיין כהן מעג אויך שעכטען אַ קרבן (שחיטה כשרה בזר). דוד המלך האָט איינגעפיהרט, אַז יעדערער, וואָס געהט אין מלחמה, זאָל איבערלאָזען אַ גט פאַר זיין ווייב. דוד המלך פלעגט פּסקנ׳ען שאלות און פלעגט זיך מישב זיין וועגען דעם מיט מפיבושת׳ן. דוד המלך פלעגט ניט אַרויסזאָגען קיין מיינונג וועגען אַ דין אין דער געגענוואַרט פון עירה היאירי, ווייל יענער איז געוועזען זיין רבי, ד. ה. ער האָט זיך געהיט ניט צו זיין קיין „מורה הלכה בפני רבו“.

די אַלע זאַכען ווערען אין תלמוד דערצעהלט ניט אַלס קבלות: זיי ווערען אַרויסגעדרונגען על־פּי דרש פון פאַרשיידענע פּסוקים.

### זייט 15, צייכען (3).

דאָס וואָרט „ציים" האָט עטליכע פאַרשיידענע בעדייטונגען, און די מפרשים געהען זיך פאַנאַנדער וועגען דעם, אין וואָס פאַר אַ זין דאָס וואָרט ווערט דאָ בענוצט. אייניגע פאַרטייטשען דאָס „שיפען", אַנדערע — „שיפסלייט", אַנדערע גאַר — „די איינוואוינער פון אַ ווילדערניס".

### זייט 17, צייכען (4).

פונדאַנען ברענגט די גמרא אַ ראיה, אַז פון דרכי שלום וועגען מעג מען אַמאָל פאַרבויגען דעם אמת.

### זייט 17, צייכען (5).

דער ספר „מאור עינים", וואָס ווערט דאָ ציטירט, איז פערפאַסט געוואָרען פון ר' עזריה מן האדומים. דער מאמר, פון וועלכען ער ברענגט די ראיה, געפינט זיך אין דעם לעצטען פרק פון ירושלמי, מסכתא תענית. דאָרטען ווערט בעהאַנדעלט די פראַגע, אין וועלכען טאָג דער חורבן האָט פאַסירט. דער ירושלמי שטעלט זיך דאָ אָפּ אויפ'ן צווייטען פסוק פון ירמיה, קאַפּ. ל"ט, און אויף די ערסטע צוויי פסוקים פון יחזקאל, קאַפּ. כ"ו. אַנאַליזירענדיג די פסוקים אויף זייער שטייגער, קומט דער ירושלמי צום שלוס, אַז דאָ איז עפּעס אַ טעות אין חשבון (קלקול חשבונות יש כאן). דאָ בלייבט אָבער אָפען די פראַגע, ווער זשע האָט דעם טעות געמאַכט? דער ירושלמי זאָל מיינען, אַז ד י נ ב י א י ם ה אָ ב ע ן ג ע ה אָ ט אַ ט ע ו ת, דאָס לעגט זיך ניט אויפ'ן שכל. ערקלע־רען דאָס די מפרשים אַזוי: ד ע ר ע ו ל ם האָט געהאַט אַ טעות אין חשבון, ווייל פון די צרות איז ביי אַלעמען געווען פאַרדרעהט דער קאָפּ. און די נביאים, כאָטש אפילו זיי האָבען דאָך קיין טעות ניט געקאָנט האָבען, האָבען זיי פונדעסט־וועגען אונטערגעהאַלטען דעמזעלביגען טעות, כדי ניט אָפּצושטעהן פון דעם עולם.

### זייט 21, צייכען (6).

שרה האָט אַברהמ'ען געגעבען פאַר אַ ווייב איהר דינסט הגר. רחל און לאה האָבען יעקב'ן געגעבען אַלס קעבסווייבער זייערע דינסטען: בלהה און זלפה.

### זייט 24, צייכען (7).

צ. ב., אין במדבר, קאַפּ. ד' שטעהט, אַז די לוים דאַרפען אָנהויבען צו דינען אין דעם עלטער פון דרייסיג יאָהר, און אין קאַפּ. ח' שטעהט, אַז צו פינף און צוואַנציג יאָהר דאַרף יעדערער פון זיי אַריינטרעטען אין דינסט. עהנליכע ווידערשפּרוכען געפינט מען ניט זעלטען אין דער תורה.

### זייט 25, צייכען (8).

צ. ב., וועגען דעם עלטער פון די לוים מאַכט די גמרא אַזאַ פשרה: צו פינף און צוואַנציג יאָהר הויבט ער זיך אָן צו לערנען דעם דינסט, און צו דריי־סיג יאָהר הויבט זיך אָן זיין ווירקליכער דינסט (חולין, כ"ד).

### זייט 27, צייכען (9).

חטאת חיצונה ווערט אָנגערופען אַ זינד־אָפּפער, פון וועלכען דאָס בלוט איז ניט אַריינגעבראַכט געוואָרען אינעווייניג, אין דעם הייליגסטען אָרט פון דעם

טעמפעל. דאָס פלייש פון אַזאַ זינד־אָפּפער האָבען געדאַרפט עסען די כהנים. אהרן אָבער האָט זיך ענטזאָגט צו עסען פון דעם קרבן אין דעם טאָג, ווען ביי איהם זיינען געשטאָרבען צוויי זיהן, ווייל ער איז דאַמאָלסט געוועזען אין טרויער. פונוואַנען זשע האָט זיך דאָס אהרן גענומען, אַז ער טאָר ניט עסען קיין פלייש פון אַ קרבן, בעת ער איז אין טרויער? משה האָט איהם דוקא געהייסען דאָס עסען. ערקלערט אונז אויף דעם די גמרא אין זבחים ק"א, אַז אהרן האָט עס אַרויסגעדרונגען מיט אַ קל והומר פון מעשר: מה דאָך מעשר, וואָס דאָס איז ניט אַזאַ הייליגע זאַך, ווי אַ קרבן, טאָר מען ניט עסען אין טרויער (דברים, קאַפּ. כ"ו, פסוק י"ד), אַ פּשיטא שוין דאָס פלייש פון אַ קרבן טאָר מען אודאי ניט עסען.

### זייט 28, צייכען (10).

דער ספר דברים ווערט אָנגערופען אויך משנה תורה, ד. ה. די איבער'חזר'ונג פון דער תורה.

### זייט 29, צייכען (11).

ושט און קנה — די שפּייזרעהר און דער גאָרגעל, וואָס די גרעסטע העלפט פון זיי מוז איבערגעשניטען ווערען, כדי די שחיטה זאָל זיין כשר.

### זייט 30, צייכען (12).

אייגענטליך איז פון „שעריך", דער ריכטיגער טייטש „דיינע טויערן". אין חומש ווערט עס אָבער זעהר אָפט בענוצט אין דעם זין פון סתם אַ ישוב (אין געגענזאַץ צו דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך דער טעמפּעל). דאָס איז מסתמא דערפאַר, ווייל פאַרצייטען איז יעדער ישוב געוועזען אַרומגעצאַמט, און מען פלעגט מוזען אַריינקומען אַהין דורך אַ טויער.

### זייט 32, צייכען (13).

הלכה ווערט אָנגערופען יענער טייל פון תלמוד, וואו עס ווערען בעהאַנדעלט פאַרשיידענע פראַגען פון געזעץ. דער איבעריגער טייל פון תלמוד, וואָס ענט־האַלט אין זיך פּירושים אויף דעם עפּישען טייל פון דער ביבעל, פאַרשיידענע דערצעהלונגען, אַלגעמיינע בעטראַכטונגען, לעגענדעס, משלים און דאַסגלייכען, — אָט דער טייל ווערט אָנגערופען אגדה.

### זייט 32, צייכען (14).

אין דעם ספר „יסוד התשובה" ווערט אויסגערעכענט, וואָס פאַר אַ תשובה מען מוז אויף זיך נעהמען פאַר יעדער זינד.

## קאַפּיטעל 2

### זייט 35, צייכען (1).

אין ויקרא קאַפּ. כ"ג ווערט פאַרגעשריבען: פון דעם ערסטען שניט פון די פעלדער דאַרף מען ברענגען אַן עומר (אַזאַ מאָס) תבואה צום כהן, און ער זאָל דאָס אויפהויבען פאַר גאָט. דאָס דאַרף געשעהען „אויף מאָרגען נאָך שבת" (ממחרת השבת). ביז אקוראַט אָט דעם טאָג (ע ד ע צ ם ה י ו ם ה ז ה)

טאָר מען ניט פאַרזוכען פון דעם נייעם שניט ניט קיין ברויט, ניט קיין רויחע זאַנגען, ניט קיין געטריקענטע. פון דעם טאָג אָן (אין חומש ווערט נאָך אמאָל איבערגע'חזר'ט „ממחרת השבת") דאַרף מען אָפּצעהלען זיבען וואָכען ביז צו דעם יום טוב פון שבועות. די בעלי התלמוד האָבען אויסגעטייטשט, אַז „ממחרת השבת" — דאָס מיינט, אויף מאָרגען נאָך דעם ערסטען טאָג פסח, און פון יענעם טאָג אָן הויבט מען אָן צו „צעהלען ספירה".

## זייט 35, צייכען (2).

**אשרה — אַ מין הייליגער בוים ביי די געצענדינער פון יענער צייט.**

## זייט 36, צייכען (3).

במה ווערט אָנגערופען אַ מזבח, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין אַ זייטיגען אָרט, ניט וואו דער טעמפעל געפינט זיך. נאָך דער תורה, האָבען די במות געדאַרפט פאַרשווינדען, זינט עס איז אויפגעשטעלט געוואָרען דער משכן. פאַקטיש אָבער האָט מען זיך מיט די במות בענוצט נאָך אַ סך שפּעטער, אפילו די גאַנצע צייט פון דעם ערסטען בית המקדש. ביי די מעהרסטע פון די גאָטספאַרכטיגע מלכים, פון וועלכע די ביבעל דערצעהלט אונז, ווערט צוגעגעבען אין דעמזעלביגען נוסח: „נאָר די במות האָט ער ניט אָפּגעשאַפט" (רק את הבמות לא הסיר).

## זייט 42, צייכען (4).

די גבעונים האָבען געהערט צו יענע זיבען אומות, וואָס די תורה האָט פאַרזאָגט אויסראָטען זיי. האָבען זיי זיך פאַרשטעלט פאַר וואַנדערער, וואָס קומען פון אַ ווייטער מדינה, און האָבען אויף אַזאַ אופן אויסגענאַרט ביי די עלטסטע פון דער געמיינדע אַ שבועה, אַז מען וועט זיי לאָזען לעבען (יהושע, קאַפּ. ט'). נאָך די שפּעטערדיגע אויסטייטשונגען פון די בעלי התלמוד, וואָלט אַזאַ אויסגענאַרטע שבועה, וואו מען האָט ניט וויסענדיג געשוואָרען צו טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס מען טאָר ניט, ניט בעדאַרפט האָבען קיין קראַפט.

## זייט 46, צייכען (5).

לחם הפנים — דאָס זיינען די צוועלף חלות, וואָס זיינען געלעגען אויפ'ן טיש פון דעם הייליגען געצעלט (אוהל מועד), און מען פלעגט זיי אומבייטען אלע שבת.

## זייט 48, צייכען (6).

שמשון האָט מיט זיינע אייגענע הענט גע'הרג'עט טויזענטער פלשתים, און שמואל האָט מיט זיינע אייגענע הענט גע'הרג'עט אגג'ן, דעם קיניג פון עמלק.

## זייט 50, צייכען (7).

דאָס רעכט אויסצולייזען אַ נחלה פון פרעמדע הענט האָט עקזיסטירט ניט דוקא נאָר אין בעצוג צו אַ געשטאָרבענעם. די תורה שרייבט פאָר (ויקרא, קאַפּ. כ"ה): ווען איינער איז פאַראָרימט געוואָרען און האָט געמוזט פאַרקויפען זיין לאַנד־אייגענטום, איז ניט נאָר ער פערזענליך, נאָר אפילו זיין נאָהענטער קרוב בערעכטיגט „אויסצולייזען די נחלה", ד. ה. אויסצוקויפען זי פון דעם נייעם אייגענטימער געגען יענעמס ווילען. אין דער תורה ווערט

אפילו אַנגעוויזען, ווי אַזוי דער ווערט פון דער נחלה דאַרף אָפּגעשאַצט ווערען אין אַזאַ פאַל: דאָס ווענדט זיך אָן דעם, וויפיעל יאָהרען עס זיינען נאָך געבליבען ביז יובל, ווען דאָס לאַנד דאַרף סיי ווי סיי אומגעקעהרט ווערען אומזיסט צום אַמאָליגען אייגענטימער אָדער צו זיינע יורשים. דאָ, אין דעם פאַל, ביי רות'ן, איז ערקלערט געוואָרען, אַז דער, וואָס ענטזאגט זיך פון יבום, פאַרלירט צוליב דעם זיין זכות אויף אויסצולייזען די נחלה. וואָרום דער נעהענטסטער קרוב האָט די נחלה גראָד געוואָלט אויסלייזען. ערסט ווען בועז האָט איהם ערקלערט, אַז צו דער נחלה געהערט אויך דעם פאַרשטאָרבענעמס פרוי, דאַמאָלסט האָט ער זיך ענטזאגט.

## זייט 51, צייכען (8).

דאָס איז אַביסעל אַ געענדערטע פאָרם פון דעם סימבאָל, וואָס ווערט בענוצט ביי חליצה געבען, וואו איין צד (די פרוי) ציהט אַרונטער ביי דעם אַנדער צד (דעם מאַן) דעם שוך פון פוס.

## זייט 52, צייכען (9).

עולה (אַ בראַנד־אָפּפער) — דאָס איז אַזאַ קרבן, וואָס ווערט אין גאַנצען פאַרברענט אויפ'ן מזבח. נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה (ויקרא, קאַפּ. א'), קאָן נאָר אָן „ער“ בענוצט ווערען פאַר אַזאַ קרבן.

## זייט 53, צייכען (10).

אין דעם תוספות, וואָס דער פּערפאַסער וויייזט אָן, ווערט געזאָגט, אַז אויב איינער האָט געשאָכטען דעם קרבן פסח, איידער ער האָט אויסגעראָמט דעם חמץ פון הויז, האָט ער דערמיט נאַטירליך פאַרדינט אַן עבירה; פונדעסטוועגען איז דער קרבן פסח כשר, און מען קאָן מיט איהם יוצא זיין.

## זייט 54, צייכען (11).

דיאָדאָרוס סיקולוס — א גריכישער היסטאָריקער. געלעבט אין דער צייט פון יוליוס צעזאַר. דיאָדאָרוס האָט אָנגעשריבען אַן אַלוועלטליכע געשיכטע אין 40 ביכער, פון וועלכע א היבשער טייל איז פאַרלאָרען געגאַנגען.

## זייט 56, צייכען (12).

כדי צו פאַרשטעהן דאָס. מוז מען זיך קלאָר מאַכען דעם שטאַנדפונקט פון יענע, וואָס זאָגען צ. ב., אַז די תורה איז פערפאַסט געוואָרען אין די צייטען פון עזרא. קיינעם נאַטירליך איז קיינמאָל ניט איינגעפאַלען צו זאָגען, אַז גראָד אין די צייטען פון עזרא איז די תורה, ווי עפּעס אַ נייע זאַך ,געגעבען געוואָרען אויף אַן איבערנאַטירליכען וועג. ניט ווייניגער נאַאיוו וואָלט געווען צו גלויבען, אַז דאַמאָלסט האָט איימיצער די תורה אין גאַנצען אויסגעטראַכט פון קאָפּ. ווען מען זאָגט, אַז די תורה איז פערפאַסט געוואָרען אין די צייטען פון עזרא, מיינט מען דאָס, אַז זי איז דאַמאָלסט צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פון אַלערליי געשריבענע און ניט געשריבענע געזעצען, טראַדיציעס, היסטאָרישע, פילאָזאָפישע און פּאָעטישע ווערק, וואָס זיינען געווען פּאָפּולער אין פאָלק. דאָס הייסט, אַז אַ היבשער טייל פון דעם, וואָס איז אַריין אין דער געשריבענער תורה, האָט אַ

לאַנגע צייט פריהער געלעבט אין פאָלק אַלס טראַדיציע. אויף אַזאַן אופן קומט אויס, אַז כאָטש אפילו אונזער פּערפאַסער געהט אַרוים פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז די פינף חומשים פון דער תורה זיינען פאַרענדיגט געוואָרען נאָך פ אַ ר דער צייט פון די ערסטע נביאים, פונדעסטוועגען איז דער גרונד־געדאַנק פון זיין טעאָריע וועגען תורה שבעל פּה, דהיינו: אַז די תורה שבעל פּה האָט זיך אָנגעהויבען נאָך פריהער פאַר דער תורה שבכתב, דוקא מעהר צוגעפּאַסט צו יענער טעאָריע, וואָס זאָגט, אַז די תורה איז אין אַ שפּעטערדיגער עפּאָכע צוזאַ־מענגעשטעלט געוואָרען.

זייט 58, צייכען (13).

עזרה — אַ פאַרזאַמלונגספּלאַץ אין בית המקדש.

## ק אַ פּ י ט ע ל 3

### זייט 66, צייכען (1).

אין יהושע, קאַפּ ז׳ ווערט דערצעהלט אַזאַ מעשה: אין מיטען מלחמה האָט זיך פון די אידען מיט אַ מאָל אָפּגעטאָן די הצלחה. יהושע האָט אָנגע־הויבען מתפּלל זיין צו גאָט, און מען האָט איהם מגלה געווען, אַז דאָס איז, ווייל איינער האָט געריהרט פון דעם חרם (די קאָנפיסקירטע גיטער פון די בעזיגטע, וואָס האָבען געדאַרפט געהערען צום טעמפּעל, און קיינער האָט זיי ניט געטאָרט נעהמען פאַר זיך). מען האָט געדאַרפט אויסגעפינען דעם שולדיגען. יהושע האָט פאַרזאַמעלט אַלע אידען, און מען האָט צווישען זיי געוואָרפען גורל. דער גורל איז אויסגעפאַלען אויף עכנ׳ען, אָבער אויף דעם סמך אַליין האָט מען איהם ניט געקאָנט פאַר׳משפּט׳ען. יהושע האָט זיך גענומען מיט עכנ׳ען אַריינ׳טענ׳ען, ביז יענער האָט זיך מודה געווען, און דאַן האָט מען איהם פאַרשטיינט.

### זייט 67, צייכען (2).

די מעשה מיט שמעון בן שטח ווערט אין סנהדרין דערצעהלט, כדי צו אילוסטרירען דערמיט אַן אַנדער פּרינציפּ: אַז מען טאָר ניט פאַר׳משפּט׳ען אַ מענשען אויף דעם סמך פון א י נ ד י ר ע ק ט ע ב ע װ י י ז ע ן אָ ד ע ר ה ש ע ר ו ת. אין סנהדרין ווערט פריהער ערקלערט, ווי אַזוי די עדות ווערען אויסגעפאָרשט. איינע פון די פראַגען, וואָס מען שטעלט זיי, איז: אפשר ווייסט איהר דאָס נאָר על פּי השערה? דערנאָך ווערט דאָרטען אילוסטרירט, וואָס ווערט אָנגערופען על פּי השערה: אפשר האָט איהר דעם בעשולדיגטען געזעהען נאָכיאָגענדיג זיך נאָך איינעם, ביז זיי זיינען ביידע אַריין אין אַ פּוסטקע; דערנאָך האָט איהר דאָרטען געפונען איינעם פון זיי אַ נאָר וואָס דער׳הרג׳עטען, און ביי דעם אַנדערען אין האַנט האָט איהר געזעהען אַ שווערד, איינגעריכט אין בלוט? אויב איהר האָט נ אָ ר דאָס געזעהען, איז גלייך, ווי איהר האָט גאָרנישט געזעהען. אַלס אַ צוגאָב דערצו ווערט דאָרטען דער־צעהלט אַ מעשה, אַז מיט שמעון בן שטח האָט טאַקי אַזוינס ווירקליך פּאַסירט.

### זייט 67, צייכען (3).

רבי עקיבא און רבי טרפון האָבען געזאָגט, אַז, ווען זיי וואָלטען געזעסען

אין סנהדרין, וואָלט קיינמאָל קיין מענש צום טויט ניט פאַר'משפט געוואָרען.

### זייט 67, צייכען (4).

בן סורר ומורה ווערט אָנגערופען איינער, וואָס זיין פאָטער און מוטער האָבען איהם פאַרקלאָגט פאַר געריכט, בעשולדיגענדיג איהם אין אונגעהאָרזאַמ־קייט און אונמאָראַלישער פיהרונג. נאָך דער תורה, קומט אַ בן סורר ומורה טויטשטראָף. די משניות אין סנהדרין פרק ח' מאַכען די זאַך אָפּהענגיג פון פיעלערליי בעדינגונגען. אין דער גמרא (סנהדרין ע"א) ווערט נאָך געבראַכט אין דעם נאָמען פון ר' יהודה, אַז נאָר דאַן קענען עלטערן ערקלערען זייער זוהן פאַר אַ בן סורר ומורה, ווען די עלטערן זיינען פאָלשטענדיג עהנליך איינער צו דעם אַנדערען סיי אין וואוקס, סיי אין אויסזעהען, סיי אין זייערע שטימען! און טאַקי דאָ גופא ווערט אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז אַזאַ פאַל, ווי אַ בן סורר ומורה, האָט אין דער ווירקליכקייט קיינמאָל ניט פאַסירט און וועט ניט פאַסירען.

### זייט 68, צייכען (5).

אין דעם ציטירטען אָרט ווערט אָט וואָס געזאָגט וועגען שלמה'ן: די תורה פאַרזאָגט, אַז א קיניג טאָר ניט האלטען קיין פיעלע פערד, כדי דאָס פאָלק זאָל זיך ניט דאַרפען ווענדען צוליעב דעם אין מצרים; ער טאָר אויך ניט נעהמען קיין פיעלע ווייבער, כדי זיי זאָלען ניט אָפּקעהרען זיין האַרץ. נעהמענדיג אין בעטראַכט די מאָטיוווען, האָט שלמה געשטעלט אויף זיך, אַז ער וועט טאָן די ביידע זאַכען, און ער וועט זיך פונדעסטוועגען איינהיטען פון די שעדליכע פאָלגען. לסוף איז ער טאַקי אין ביידע פּרטים געשטרויכעלט געוואָרען: ער איז געוואָרען אַ נאָהענטער מחותן מיט מצרים, און די ווייבער האָבען איהם אויף דער עלטער אין גאַנצען אַראָפּגעפיהרט פון וועג.

### זייט 71, צייכען (6).

דאָס איז דער חדש תשרי. דאַן האָבען נאָך די חדשים ניט געהאַט זייערע נעמען. זיי האָבען זיך גערופען נאָך זייער סדר נאָך, אָנפאַנגענדיג פון ניסן: ערסטער, צווייטער, דריטער און אַז. וו.

### זייט 72, צייכען (7).

די תפלה איז אַ גאַנץ לאַנגע, און מיט קיין האַלב וואָרט ווערט אין איהר ניט דערמאָהנט וועגען די קרבנות. נאָך דער תפלה קומט אויס, אַז דער בית המקדש איז נאָר אַ געבעט־הויז, וואו דאָס אידישע פאָלק דאַרף אויסגיסען זיין האַרץ פאַר זיין פאָטער אין הימעל און געפינען אַ טרויסט און הילף אין אַלע זיינע שוועריגקייטען און ליידען (מלכים א', קאַפּ. ח').

### זייט 85, צייכען (8).

ביי דעם ענין פון פסח שני רעדט זיך אין דער תורה נאָר וועגען ברענגען דעם קרבן, ווייטער גאָרנישט (במדבר, קאַפּ. ט'). די ביידע סבות, וואָס ווערען אָנגעוויזען, אַלס אַ מניעה צו פייערן אין דער צייט, האָבען אַ שייכות נאָר צו דעם קרבן פסח. אין דעם פּרט פון ניט עסען די זיבען טעג פסח קיין חמץ און ניט אַרבעטען דעם ערסטען און דעם לעצטען טאָג קאָן דאָך יעדערער פאַר

זיך אָפּהיטען אין דער צייט דעם יום טוב, וואו און אין וואָס פאר א צושטאַנד ער זאָל זיך דאַן ניט געפינען.

זייט 89, צייכען (9).

תחום שבת ווערט אָנגערופען אַ בעשטימטע שטרעקע (צוויי טויזענט איילען), וואָס ווייטער טאָר מען ניט געהן שבת הינטער׳ן שטאָדט.

## קאַפּיטעל 4

זייט 93, צייכען (1).

בכדי ריכטיג צו פאַרשטעהן דעם פּערפאַסער, דאַרף מען זיך קלאָר מאַכען, וואָס אייגענטליך ער האָט דאָ אין זינען, ווען ער זאָגט, אַז די האָפענונג אויף משיח׳ן האָט ניט קיין גרונד אין דער תורה. אין דעם ברייטערען זין פון דעם וואָרט שליסט אין זיך איין דער גלויבען אין משיח׳ן דריי פאַרשיידענע עלע־מענטען:

1) די נאַציאָנאַלע אויפלעבונג פון דעם אי־דישען פאָלק אין זיין לאַנד. אַלע טיילען פון פאָלק דאַרפען זיך פאַרייניגען אין זייער אייגען לאַנד. דאָס אידישע פאָלק דאַרף בעפרייט ווערען פון יעטווועדען אויסערליכען דרוק אָדער יאָך. זייער נאַציאָנאַלע פריי־הייט און זעלבסטשטענדיגקייט דאַרף ווערען אויף אייביג געזיכערט.

2) די מאָראַלישע אויסבעסערונג פון דער גאַנצער מענשהייט דורך זייער בעקעהרונג צו גאָט (תקון עולם במלכות שדי). אַלע פעלקער דאַרפען אַוועקוואַרפען זייערע געטער און אָנערקענען דעם איינציגען גאָט און זיין תורה. יעדער אונרעכט און האַס מוז פאַרשווינדען, עס דאַרף קומען דער אייביגער פרידען.

3) די פאַרווירקליכונג דאַרף קומען דורך דער פּאָליטישער און מאָראַלישער קראַפט פון אַ בעזונדער שליח פון גאָט אין דער פּערזאָן פון אַ קעניג, וואָס שטאַמט פון דוד׳ס הויז. דאָס וואָרט משיח שליסט אין זיך איין ממילא דעם בעגריף פון אַ קיניג, וואָרום משיח הייסט אייגענטליך געזאַלבטער. אויף דעם ערסטען פון אָט די דריי עלעמענטען דאַרף מען ניט זוכען אין דער תורה קיין בעווייזען. ער איז אויסגעדריקט אַזוי דייטליך, וואָס דייטליכער קאָן שוין ניט געבען. נאָך אין דעם ספר בראשית ווערט געזאָגט, אַז דאָס לאַנד כנען איז בעשטימט פאַר די אידען: גאָט האָט עס בפירוש פאַרשפּראָכען אברהמ׳ען, יצחק׳ן און יעקב׳ן. ווייטער איז די תורה פול מיט הבטחות, אַז די אידען וועלען אין זייער לאַנד לעבען גליקליך און פריי, אויב נאָר זיי וועלען פאָלגען די געזעצען פון דער תורה. אין ויקרא, קאַפּ. כ״ו און אין דברים, קאַפּ. כ״ט און ל׳ ווערט נאָך פאָרויסגעזאָגט, אַז אויב אפילו די אידען וועלען זינדיגען און וועלען דערפאַר פאַרטריבען ווערען פון זייער לאַנד, וועט אויך דאַן פון זיי גאָט ניט אָפּטאָן זיין חסד, און נאָכדעם ווי זיי וועלען זיך אויסלייטערן אין גלות פון זייערע זינד און וועלען תשובה טאָן מיט׳ן גאַנצען האַרצען, וועט ער זיי אומקעהרען צוריק אין זייער לאַנד, און זיי וועלען דאָרטען לעבען נאָך גליקליכער, ווי פרי־

הער. אַלזאָ, יעדערער, וואָס האָט נאָר געגלויבט אין דער תורה און האָט גע־פיהלט, אז אין זיין צייט זיינען די הבטחות נאָך ניט מקוים געוואָרען, האָט ממילא געמוזט גלויבען, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען די הבטחות וועלען מקוים ווערען. אָט דער עלעמענט פון דעם גלויבען אין משיח'ן איז געווים געגרינדעט אויף דער תורה. ווען דער פערפאַסער ווייזט אויף, אַז די האָפענונג אויף משיח'ן האָט ניט קיין גרונד אין דער תורה, מיינט ער דאָס נאָר אויף די צוגעקומענע צוויי עלעמענטען פון דעמדאָזיגען גלויבען („תקון עולם במלכות שדי" און די פערזענליכקייט פון דעם משיח). דעם ערסטען עלע־מענט, דעם נאַציאָנאַלען, רופט ער אָן „אַלגעמיי־נע פאָרבעשטימונגען" (יעודים כלליים).

### זייט 94, צייכען (2).

די ווערטער „עד כי יבוא שילה" אין דעם פסוק, וואָס ווערט דאָ בעטראַכט, קאָן מען טייטשען אויף צוויי ערליי אופנים: „ביז שילה וועט קומען" (אין דעם פאַל ווערט אָנגענומען, אַז שילה איז דער נאָמען פון אַ פּערזאָן) אָדער „ביז ער וועט קומען אין שילה" (אין דעם פאַל ווערט אָנגענומען, אַז שילה איז דער נאָמען פון אַן אָרט). די, וואָס דרשנ'ען דעם פסוק אויף משיח'ן, האַלטען פון דעם ערסטען טייטש. אונזער פערפאַסער אָבער נעהמט אָן דעם צווייטען טייטש, שטיצענדיג זיך אויף דעם, וואָס אַן אָרט מיט'ן נאָמען שילה איז טאַקי געווען, און דאָרטען איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען דער משכן.

### זייט 103, צייכען (3).

„חזקיה" און „אל גבור" האָבען אין העבּרעאיש דיזעלביגע בעדייטונג: שטאַרקער גאָט.

## קאַפּיטעל 5

### זייט 117, צייכען (1).

דאָס פלייש פון אַ חיה, וואָס אַ רויבטיר האָט איהר צוריסען, — אָט דאָס איז די אורשפּרינגליכע בעדייטונג פון דעם וואָרט „טרפה". שפּעטער איז די בעדייטונג פון דעם וואָרט אונענדליך פאַרברייטערט געוואָרען.

## קאַפּיטעל 6

### זייט 133, צייכען (1).

יאשיה בן אָמון ווערט געשילדערט אין דער ביבעל, ווי דער אויפ־ריכטיגסטער צווישען די גאָטספאָרכטיגע מלכים, וואָס זיינען געווען נאָך שלמה'ן. און גראַד וועגען איהם ווערט דערצעהלט, אַז בשעת מע, האָט אויף זיין בעפעהל געמאַכט אַ רעמאָנט אין בית המקדש, האָט מען דאָרטען אומגעריכטערהייט געפונען אַ ספר תורה, און אַז מען האָט גענומען ל..ענען, איז דער אינהאַלט פאַר אַלעמען געווען אַ גרויסע איבערראַשונג. דאָס בעווייזט, אַז מען האָט שוין פון לאַנג אָן קיין קאָפּיע פון דער תורה ניט אָנגעזעהען אין די אויגען.

## זייט 133, צייכען (2).

צ. ב. אויף ד ר ײ ז אַכען שטעהט די וועלט (על ש ל ש ה דברים העולם עומד); פ י ע ר ע ר ל ײ מדות איז פאַראַן ביי מענשען (א ר ב ע מדות באדם); ז י ב ע ן מעלות האַט אין זיך אַ קלוגער (ש ב ע ה דברים בחכם).

## זייט 137, צייכען (3).

צעהלען די אידען האַט זיך עפּעס פון שטענדיג אָן ביי זיי גערעכענט פאַר אַ סכנה. די תורה דערצעהלט, אז בשעת משה האַט אין דער מדבר גדאַרפט צעהלען די אידען, האַט ער געהייסען יעדערען ברענגען א האַלבען שקל, כדי מען זאַל פון דעם געלט, וואָס וועט אַריינקומען, וויסען, וויפיעל זיי זיינען, און מען זאַל ניט דאַרפען צעהלען די מענשען.

## זייט 142, צייכען (4).

נאָך ד ע ר ערקלערונג קומט אויס, אַז דאָ ווערט שוין ניט איבערגע־חזר'ט צוויי מאָל איין זאַך: „אונזערע פּיה" — דאָס זיינען די אומרייגע, וואָס זייערע ערסט־געבאָרענע דאַרפען אויסגעלייזט ווערען, און „אונזערע שאָף און רינדער" — דאָס זיינען די ריינע, וואָס זייערע ערסט־געבאָרענע דאַרפען געבראַכט ווערען פאַר אַ קרבן. נאָך דער גמרא קומט אויס, אַז נאָר דער בכור פון אַן אייזעל דאַרף אויסגעלייזט ווערען; דעם בכור פון אַן אַנדער אומרייגעם פיה, צ. ב. אַ פערד, דאַרף מען ניט אויסלייזען.

## זייט 145, צייכען (5).

אין מדרש רות ווערט דערצעהלט אַ געוויסע לעגענדע וועגען דעם פאַר־פליכטונגס־קאָנטראַקט; אין ירושלמי: ברכות, פּרק א', און אין בראשית רבה, פּרשה ע"ח, ווערט ציטירט די תפלה, וואָס געפינט זיך אין נחמיה, קאַפּ. ט'. די ביידע זאַכען ווערען דאָרטען בעטראַכט אַלס די ווערק פון די אנשי כנסת הגדולה.

# קאַפּיטעל 7

## זייט 150, צייכען (1).

סיי אין ישעיה קאַפּ. ל"ו, סיי אין נחמיה קאַפּ. י"ג ווערט די העברעאישע שפּראַך אָנגערופען „יהודית", ניט „עברית", ווי מען רופט זי אָן היינט אויף העברעאיש.

## זייט 151, צייכען (2).

„איל קמצא" — דאָס איז א מין היישערעק. זיין ריינקייט בעשטעהט אין דעם, וואָס ער איז כשר צום עסען. „די פליסיגקייטען פון שלאַכטהויז" — דאָס מיינט מען דאָס בלוט און דאָס וואַסער אין דעם אָרט, וואו די קרבנות ווערען געשאָכטען. אין וואָס עס בעשטעהט זייער ריינקייט, וועגען דעם זיינען אין דער גמרא (עבודה זרה, ל"ז) פאַראַן צוויי פאַרשיידענע מיינונגען. איין מיינונג איז, אַז זיי זיינען גאָר ניט „מקבל טומאה", ד. ה. זיי נעהמען זיך ניט אָן מיט אומרייגקייט, ווען זיי קומען אין בעריהרונג מיט אַן אומרייגעם קער־פּער. אַן אַנדער מיינונג איז, אַז פאַר זיך אַליין זיינען זיי יע מקבל טומאה,

נאָר זיי גיבען ניט איבער ווייטער די אומריינקייט צו אַ זאַך, וואָס קומט מיט זיי דערנאָך אין בעריהרונג.

### זייט 151, צייכען (3).

**אַן ערקלערונג אויף די ווערטער „ווער עס בענוצט זיך מיט דער קרוין...“** געפינען מיר אין אָבות, פּרק ד׳, משנה ה׳, וואו רבי צדוק זאָגט: ווען דו לערנסט די תורה, זאָלסטו דאָס ניט מאַכען פאַר אַ ק ר ו י ן צ ו ג ר ו י ס ה אַ ל ט ע ן ז י ך דערמיט און אויך ניט פאַר אַ גראָב־אייזען צו גראָבען דערמיט (ד. ה. ניט מאַכען דאָס פאַר אַ פּרנסה), און אַזוי האָט טאַקי הלל געזאָגט „ווער עס בענוצט זיך מיט דער קרוין, געהט אַוועק פון דער וועלט“.

### זייט 159, צייכען (4).

אין פלוג קומט אויס, אַז ווען אַ פּסוק לעזט זיך גלאַט אין זיין איצטיגער פאָרם, איז דערפון גאָר ניט קיין ראיה, אַז אין איהם איז נ י ט געמאַכט געוואָרען קיין אויסבעסערונג. פאַרקעהרט, אַן אויסבעסערונג — אין דעם געוועהנליכען זין פון דעם וואָרט — ווערט דאָך אייגענטליך געמאַכט מיט דעם צוועק, כדי עס זאָל אויסקומען גלאַטער. דאָ אָבער האַנדעלט זיך וועגען אַן אַנדער מין אויסבעסערונגען, וואָס האָט ניט צו טאָן מיט דער גלאַטקייט פון דער שפּראַך. אויב עס איז ריכטיג, אַז די סופרים האָבען אין די אָנגעוויזענע ערטער געענדערט דעם טעקסט, האָבען זיי דאָס געטאָן, ווי דאָס ווערט ערקלערט אין די מדרשים, נאָר צוליעב דעם, ווייל אין דעם אורשפּרינגליכען אויסדרוק האָבען זיי געפונען אן אום־כבוד פאַר גאָט (אין איין פאַל, פאַר משה׳ן). צ. ב. אין זכריה, קאַפּ. ב׳, פּסוק י״ב, זאָגט דער נביא אין גאָטס נאָמען „ווער עס ריהרט אייך אָן, איז אַלץ איינס, ווי ער וואָלט אָנגעריהרט דעם שוואַרצאַפּעל פון ז י י ן אויג“ (כל הנוגע בכם כנוגע בבבת ע י נ ו ). ערקלערט דער מדרש, אַז דאָס מיינט מען גאָטס אויג. אַזוי ווי עס איז אָבער ניט נאָך גאָטס כבוד נאָך אַזאַ מין אויסדרוק, אַז איימיצער קאָן כלומר׳שט אָנריהרען דעם שוואַרצאַפּעל פון גאָטס אויג, האָבען זיי פון „עיני“ (מיין אויג) געמאַכט „עינו“ (זיין אויג). נאָר ביי איניגע פון די אָנגעוויזענע פאַלען ווערט אין דעם מדרש גופא ער־קלערט, ווי אַזוי עס איז, נאָך זייער מיינונג, לכתחלה דער נוסח געוועזען. ביי די איבעריגע ווערט נאָר געזאָגט, אַז צוליעב דעמזעלביגען גרונד (כיוצא בו) איז דאָ און דאָ אויך דער נוסח געענדערט געוואָרען. עס ווערט אָבער ניט ער־קלערט, ווי אַזוי, נאָך זייער מיינונג נאָך, עס האָט דאָ אייגענטליך געדאַרפט זיין, און אויף דעם ברעכען שוין דעם קאָפּ די מפרשים. אין איניגע פאַלען לעזט זיך דער איצטיגער נוסח גאַנץ גלאַט, און נאָך דער השערה פון די מפרשים, ווי אַזוי עס האָט דאָרטען לכתחלה געזאָלט זיין, קומט עס אויס דוקא ניט גלאַט. צ. ב. וועגען דעם „איש ל א ה ל י ו ישראל“ (יעדערער צו זיינע געצעלטען, ישראל!) אין שמואל ב׳, קאַפּ. כ׳, פּסוק א׳ ערקלערען די מפרשים, אַז דאָ האָט געזאָלט זיין „לאלהיו“ (צו זיין גאָט) אָנשטאָט „לאהליו“ (צו זיינע געצעלטען). דאָרטען רעדט זיך וועגען שבע בן בכרי, וואו ער וויל אָפּציהען די אידישע מאַסען פון דוד׳ן. עס איז גאַנץ פאַרשטענדליך, ווען ער שריַיט צו זיי אויס: מיר האָבען גאָרנישט צו טאָן מיט דוד׳ן, געהט זיך פאַנאַנדער יעדערער אהיום? אָבער וואָס פאַר אַ זין וואָלט דאָ געהאַט „יעדערער צו זיין גאָט“?

### זייט 159, צייכען (5).

אין די ציטירטע מדרשים ווערען בעטראַכט צעהן אָנגעפּינטעלטע ערטער אין דער תורה, און זיי ערקלערען דאָרטען אויף זייער שטייגער, על פּי דרש, וואָס פּאַר אַ כונה עס ליגט אין די פּינטעלאַך. צ. ב. אין בראשית, קאַפּ. ל"ז, אין דעם פּסוק „וילכו אחיו לרעות את צאן אביהם בשכם" (און זיינע ברידער זיינען אַוועקגעגאַנגען פּיטערן זייער פאַטערס שאָף אין שכם) איז דאָס וואָרט „את" אָנגעפּינטעלט. בעוויזט עס, נאָך זייער מיינונג, אַז אין דער אמת'ען האָבען גאָר יוסף'ס ברידער ניט געהאַט בדעה צו פּיטערן אין שכם די שאָף, נאָר זיי זיינען געגאַנגען אַהינצו עסען און טרינקען. עהנליכע ערקלערונגען גיבען זיי דאָרטען אין ביין פּאַלען. דער צעהנטער פאַל — דאָס איז דער פּסוק „הנסתרות ליהוה אלהינו והנגלות לנו ולבנינו עד עולם" (די פאַרבאָרגענע זאַכען געהערען צו אונזער גאָט, דעם האַר; די אָפּענע זאַכען זיינען פאַר אונז און אונזערע קינדער ביז אייביג) אין דברים, קאַפּ. כ"ט. די ווערטער „לנו ולבנינו" זיינען געפּינטעלט. אויף דעם זאָגען זיי אַט וואָס: עזרא האָט אזוי געזאָגט: אַז אליהו וועט קומען און וועט צו מיר זאָגען „פאַר וואָס האָסטו אזוי געשריבען?" וועל איך צו איהם אַזוי זאָגען „איך האָב דאָך שוין אָנגעפּינטעלט אויף זיי". און אויב ער וועט מיר זאָגען „דו האָסט ריכטיג געשריבען", דאַן וועל איך די פּינטעלאַך אַרונטערנעהמען. דאָ ווערט אויסגעדריקט קלאָר דער געדאַנק, אַז די פּינטעלאַך זיינען אַ סימן אויף ספקות, וואָס עזרא האָט געהאַט וועגען דעם טעקסט. דאָס שטימט אפילו ניט מיט זייערע ערקלערונגען אויף די איבעריגע 9 ערטער, וואו זיי לעגען אריין אין די פּינטעלאַך אַנדערע, זייטיגע כונות.

### זייט 160, צייכען (6).

די בעלי המסורה, וואָס האָבען ענדגילטיג פעסטגעשטעלט דעם טעקסט פון דער ביבעל, די אויסלעגונג פון די ווערטער, דעם אופן, ווי אַזוי זיי ווערען געלעזען, מיט די אַלע פאַרשיידענע צייכענס, ווי עס איז אָנגענומען ביז היינטיגען טאָג, זיינען געווען אַ היבשע צייט נאָכדעם, ווי דער תלמוד איז געשלאָסען געוואָרען. אויספיהרליך וועגען זיי רעדט דער פּערפאַסער אין איינעם פון זיינע וויטערדיגע בענד.

### זייט 163, צייכען (7).

וואָס איז אַזוינס „מקרא סופרים" און „עטור סופרים", — דאָס ווערט דאָרטען אין דער גמרא אייגענטליך גאָר ניט ערקלערט. עס ווערען נאָר געבראַכט ביישפּילען צו אילוסטרירען דעם ענין. אַלס ביישפּיל פון „מקרא סופרים" ווערען געבראַכט די ווערטער: ארץ, שמים, מצרים. נאָך רש"י נאָך, מיינט עס פּשוט דעם אופן, ווי אַזוי די ווערטער ווערען געלייענט. דער ר"ן און אַנדערע מפרשים שטרייכען דאָ אונטער אָט וואָס: אַזעלכע ווערטער, ווי ארץ, שמים, מצרים, ווערען ניט אַלע מאָל גלייך געלייענט: ארץ — אַמאָל מיט א סגל אונטער'ן „א", אַמאָל מיט א קמץ; שמים, מצרים — אַמאָל מיט א פּתח אונטער'ן „מ" אָדער אונטער'ן „ר", אַמאָל מיט אַ קמץ. יעדענפאַלס, ביי די אַלע מפרשים קומט אויס, אַז דאָ האַנדעלט זיך פּשוט וועגען די כללים פון לייענען. אַלס ביישפּיל פון „עטור סופרים" ברענגט די גמרא די זאַצען: אחר תעברו

(דערנאָך וועט איהר געהן ווייטער. בראשית, קאַפּ. י"ח) ; צדקתך כהררי אל (דיין גערעכטיגקייט איז גרויס, ווי די העכסטע בערג. תהלים, קאַפּ. ל"ו) און נאָך איניגע. רש"י ערקלערט דאָ, אַז „עטור סופרים" מיינט, אין וואָס פאַר אַ סדר די ווערטער דאַרפען אויסגעשטעלט ווערען, כדי עס זאָל אויסקומען שענער דער זאַץ. דער ר"ן געפינט אין די אַלע זאַצען איבעריגע ווערטער, וואָס זיינען צוגעגעבען געוואָרען נאָר פון שענקייט וועגען, און דאָס איז, נאָך איהם נאָך, דער מיין פון „עטור סופרים". דער פירוש הרא"ש, פאַרקעהרט, וויל האָבען, אַז דאָ, אין די ווערטער, זיינען פאַרפעהלט געוואָרען איניגע אותיות, און דאָס איז דער מיין פון „עטור סופרים". דער רא"ש שטיצט זיך אין ז'ין פירוש אויף דעם, וואָס אין ארמ'יש האָט דאָס וואָרט „עטר" די בעדייטונג פון אָפּשאַפען אָדער בעזייטיגען. מיר וועלען נאָך אָנווייזען דאָ איניגע ביישפּילען פון „קרי ולא כתיב" און „כתיב ולא קרי", וואָס ווערען געבראַכט אין דער גמרא: 1) ק ר י ו ל א כ ת י ב : אין ירמיה, קאַפּ. ל"א, פסוק ל"ז ווערט געלעזען „הנה ימים ב א י ם " (עס וועלען ק ו מ ע ן אַזעלכע טעג), כאָטש דאָס וואָרט „באים" שטעהט ניט געשריבען ; אין שמואל ב', קאַפּ. ח', פסוק ג' ווערט געלעזען „בנהר פ ר ת " (אויפ'ן טייך פרת), כאָטש דאָס וואָרט „פרת" שטעהט ניט געשריבען. 2) כ ת י ב ו ל א ק ר י : אין יחזקאל, קאַפּ. מ"ח, פסוק ט"ז שטעהט געשריבען „חמש ח מ ש מאות", און עס ווערט געלעזען נאָר „חמש מאות" (פינפהונדערט) ד. ה. דאָס צווייטע מאָל „חמש" ווערט ניט געלעזען ; אין רות, קאַפּ. ג', פסוק י"ב שטעהט געשריבען „כי א ם גאל אָנכי", און עס ווערט געלעזען נאָר „כי גאל אָנכי" (אַז איך בין אַן אויסלייזער), ד. ה. דאָס וואָרט „אם" ווערט ניט געלעזען.

### זייט 164, צייכען (8).

מען קאָן זיך ניט פאָרשטעלען, אַז די סופרים האָבען געענדערט דעם טעקסט פון דער תורה, ווייל זיי האָבען געהאַט בקבלה, אַז עס האָט דאָרטען געדאַרפט זיין אנדערס, ווי עס איז געשטאַנען. אַ קבלה, וואָס איז אין איין דור פאַרגעסען געוואָרען, איז דאָך שוין אָפּגעהאקט געוואָרען אויף שטענדיג. אויב עס איז יע דערגאַנגען צו זיי אַזאַ מין קבלה, הייסט עס, אַז אין אַלע דורות פאַר זיי האָבען די פאָלקספיהרער געוואוסט, אַז עס דאַרף זיין אנדערס, ווי עס שטעהט געשרי־בען. פאַר וואָס זשע האָט מען דאָס אין די פריהערדיגע דורות ניט אויסגע־בעסערט? מען קאָן זיך דאָ פאָרשטעלען נאָר איינס פון די ביידע: אָדער די סופרים האָבען איבערהויפּט ניט געענדערט דעם טעקסט, אָדער זיי האָבען זיך אויף וועלכען עס איז גרונד גענומען דאָס רעכט צו ענדערן, אָבער ניט זיי האָבען דאָס געהאַט בקבלה.

### זייט 168, צייכען (9).

אַזעלכע אונגלייכהייטען צווישען דעם „קרי" און דעם „כתיב" זיינען פאַראַן אָהן אַ שיעור אין דער ביבעל. אין איניגע געצעהלטע פאַלען האָט ניט דער „קרי" מיט'ן „כתיב" גאָר קיין עהנליכקייט (צ. ב. גאָטס נאָמען „יהוה" ווערט געלייענט „אדוני"). געוועהנליך אָבער בעשטעהט נאָר דער אונטערשייד צווישען דעם „קרי" און דעם „כתיב" אין דעם, וואָס אַ וועלכער עס איז אות אין דעם וואָרט ווערט אומגעביטען, צוגעגעבען אָדער אַרויסגעוואָרפען. איין

אות ענדערט אָבער אָפטמאָל אין גאַנצען די בעדייטונג, צ. ב.: לֹא — ניט, לוֹ — צו איהם; נַעַר — אַ אינגעל, נַעֲרָה — אַ מיידעל.

## זייט 169, צייכען (10).

דער פּערפאַסער נעהמט אָן, אַז די עלטערע איבערזעצער, ווי אונקלוס און יונתן, האָבען ניט געוואוסט פון קיין מסורה, וועלכע הייסט אַמאָל לעזען אַנדערש, ווי עס שטעהט געשריבען. אויב אַזוי, האָבען זיי דאָך געמוזט איבערזעצען פונקט נאָך דעם געשריבענעם טעקסט, וועלכען זיי האָבען פאַר זייערע אויגען געהאַט. ווען מיר זעהען אַלזאָ, אַז גרעסטענטיילס שטימט זייער איבערזעצונג דוקא מיט אונזער איצטיגען „קרי", איז פונדאַנען אַ ראיה, אַז אונזער „קרי" איז אין זייער צייט געווען אויך דער „כתיב", און דער נוסח איז שפּעטער פאַרגרייזט געוואָרען.

# קאַפּיטעל 8.

## זייט 177, צייכען (1).

דער אידישער חדש ווערט פון שטענדיג אָן גערעכענט נאָך דער לבנה. אַ ריכטיגער חדש — דאָס איז אַ משך פון צייט, אין וועלכען די לבנה מאַכט אַ פולען קרייז אַרום דער ערד. דאָס געוועהרט עפּעס מעהר, ווי ניין און צוואַנציג טעג מיט אַ האַלבען. אַזוי ווי מען קאָן דאָך ניט אָנהויבען רעכענען דעם חדש פון מיטען מעת-לעת, האָבען איניגע חדשים צו 29 טעג, אַנדערע — צו 30 טעג, און אויף אַזאַן אופן גלייכט זיך דאָס אויס. שפּעטער אַ סך זיינען אויסגעאַרבעט געוואָרען בעשטימטע כללים, נאָך וועלכע עס ווערט אויסגערעכענט פאַר וויפיעל יאָהרען פאָרויס, פון וועלכען טאָג עס הויבט זיך אָן יעדער חדש און, ממילא, אין וועלכען טאָג עס פאַלט אויס יעדער יום טוב. אַנדערש איז דאָס געווען אין דער צייט פון דעם צווייטען בית המקדש און אַ היבשע צייט נאָך דעם. זיי פלעגען זיך ניט פאַרלאָזען אויף קיינע חשבונות, נאָר זיי פלעגען אַרויסשיקען מענשען אויף צו דערהיטען דעם מולד. ווי נאָר עס האָט זיך געענדיגט דער ניין און צוואַנציגסטער טאָג אין חדש, פלעגען יענע שוין אָנ־הויבען אויפפּאַסען. פלעגען די אויפפּאַסער אין דעם משך פון דעם ערסטען מעת-לעת נאָך דעם ניין און צוואַנציגסטען טאָג דערזעהען דעם מולד און פלעגען וועגען דעם עדות זאָגען ביי בית דין, פלעגט מען יענעם טאָג ערקלערען פאַר דעם אָנפאַנג פון אַ נייעם חדש, און דער פריהערדיגער חדש האָט געהאַט בלויז 29 טעג. פלעגט זיך אָבער די נייע לבנה אין דעם ערסטען מעת-לעת ניט בעו־ווייזען, דאַן האָט מען יענעם טאָג גערעכענט פאַר דעם דרייסיגסטען פון דעם פריהערדיגען חדש, און דער נייער חדש האָט זיך אָנגעהויבען ערסט צו רעכענען פון מאָרגען. ביי אַלע ימים טובים, וואָס קומען אויס אין מיטען חדש, פלעגט ביז יום טוב בית דין שוין וויסען גענוי, פון וועלכען טאָג עס האָט זיך אָנ־געהויבען דער חדש, און ער האָט דעריבער ניט געהאַט קיין שום גרונד צו מאַכען צוויי טעג יום טוב אַנשטאָט איינעם. אַנדערש איז אָבער מיט ראש השנה, וואָס דאָס איז דער ערסטער טאָג אין חדש. אַז עס האָט זיך געענדיגט דער ניין און צוואַנציגסטער טאָג אין אלול, האָבען זיי דאָך ניט געקאָנט גלייך וויסען, צי אין דעם נאָהענטסטען מעת-לעת וועט זיך די נייע לבנה בעווייזען אָדער ניט. פלעגען

זיי פון ספק וועגן גלייך אָנגעהמען יום טוב. ווייטער האָט זיך שוין געווענדט אָן דעם רעזולטאַט פון דער אויפפּאַסונג. פלעגען דעם ערסטען טאָג ראש השנה די אויפפּאַסער קומען און עדות זאָגען, אַז זיי האָבען געזעהען דעם מולד, פלעגט מען יוצא זיין מיט איין טאָג ראש השנה. אַז ניט, פלעגט מען מוזען מאַכען אַ צווייטען טאָג ראש השנה. עס איז אָבער אַ געוויסע צייט ביי זיי געווען אָנגענומען, אַז נאָר ביז אַ בעשטימטער שעה זאָל מען דעם ערסטען טאָג ראש השנה וואַרטען אויף די עדות. זיינען זיי ביז צו דער בעשטימטער צייט ניט געקומען, פלעגט מען שוין גלייך בעשליסען אָנהויבען רעכענען דעם נייעם חדש פון מאָרגען, ד. ה. מאַכען אַ צווייטען טאָג ראש השנה. אין אַזאַ פאַל פלעגט מען אָבער דעם ערסטען טאָג ראש השנה ניט פערוואַנדלען אין מיטען אין א וואָכעדי־גען טאָג, נאָר מען פלעגט איהם שוין פאַרענדיגען ווי א יום טוב. אָט אין די עט־ליכע שעה איז אויסגעקומען, אַז בית דין גופא פייערט מיט א טאָג פריהער דעם יום טוב, כאָטש אפילו עס איז שוין ביי איהם ניט געווען קיין ספק, אַז דער ריכטיגער ראש השנה איז מאָרגען. אָט דאָס איז, וואָס רש"י מיינט מיט די ציטירטע ווערטער .

## זייט 178, צייכען (2).

וועגען דער בעדייטונג פון דעם ספּעציפישען אויסדרוק „סוד העבור" זיינען דאָ פאַרשיידענע מיינונגען (ז. אין דעם „ערוך השלם"). די מעהרסטע מפרשים פאַרטייטשען דאָס „דער סעקרעט פון דעם עיבור", ד. ה. די כללים, נאָך וועלכע דער עיבור ווערט בעשטימט. פאַר וואָס אייגענטליך דאָס זאָל אָנגערופען ווערען „סעקרעט", דאָס איז ניט אַזוי קלאָר. עס איז דאָ אָבער אויך אַן אַנדער מיינונג. די אורשפּרינגליכע בעדייטונג פון דעם וואָרט „סוד" איז אַן אסיפה פון מענשען, וואָס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, כדי צו בעראַטען זיך וועגען וואָס עס איז. אַזאַ אסיפה פלעגט שטענדיג צונויפגערופען ווערען אויף צו בעשטימען דעם עיבור. אַז דידאָזיגע אסיפה גופא פלעגט אָנגערופען ווערען „סוד העבור", דאָס זעהט מען קלאָר פון דער גמרא אין כתובות קי"ב. דאָרטען ווערט דערצעהלט אויף ר' אלעזר'ן, אז מען האָט איהם אַ ו ו ע ק ג ע ז ע צ ט אין דעם סוד העיבור (כי אותבוהו בסוד העיבור). דאָ רעדט זיך שוין זיכער וועגען דער אסיפה, ניט וועגען דעם „סעקרעט" פון דעם עיבור.

דאָ איז כדאי נאָך אָנצומערקען אָט וואָס. דאָס וואָרט „עיבור" ווערט ביי אונז איצטער אָנגעווענדט נאָר אויף אַ יאָהר, וואָס האָט אַן איבעריגען חדש. אין תלמוד ווערט אָבער דאָס וואָרט „עיבור" אָנגעווענדט אויך אויף אַ חדש, וואָס האָט 30 טעג אָנשטאָט 29.

## זייט 183, צייכען (3).

די תורה פאַרזאָגט, אַז בעת מען נעהמט אַרונטער די תבואה פון פעלד, זאָל מען ניט אַרונטערנעהמען אין גאַנצען, נאָר מען זאָל איבערלאָזען אַ ברעג (פאה), און דאָס זאָל זיין פאַר אָרימע לייט. ווי גרויס עס זאָל זיין דער איבערגעלאָזענער ברעג, דאָס שטעהט ניט געשריבען. דאָסגלייכען ווערט פאַר־געשריבען, אַז די ערסטע פון די פריה צייטיג געוואָרענע פרוכט (ביכורים) זאָל מען ברענגען אין טעמפעל. וויפיעל פרוכט מען זאָל ברענגען, דאָס ווערט ניט בעשטימט. ווייטער, יעדער מאַנספּערזאָן איז מחויב געווען צו קומען דריי

מאָל אַ יאָהר אין ירושלים, כדי צו ערשיינען פאַר גאָט אין טעמפּעל. ווי לאַנג דאָס ערשיינען אין טעמפּעל (ראָיון) זאָל געוועהרען, וויפיעל מאָל יעדערער זאָל אין טעמפּעל אַריינגעהן, דאָס ווערט ניט בעשטימט.

### זייט 183, צייכען (4).

פּתות — דאָס איז די מעהרצאָהל פון דעם וואָרט „פּתה" (פּערוואלטער).

### זייט 184, צייכען (5).

ביי די סופרים איז דער עיקר למוד בעשטאַנען אין לערנען דעם טעקסט פון דער תורה. פּארטייטשענדיג און ערקלערענדיג א פּסוק, פלעגען זיי שוין פּאר איינס בעטראַכטען אויך די דעטאַלען, וועלכע זיינען געווען נאָר א ווייטערדי־גע ענטוויקלונג פון דעם, וואָס עס שטעהט אין דעם פּסוק. ממילא פלעגט אויס־קומען, אַז אַלערליי דינים פלעגען בעטראַכט ווערען פּונקט אין דעמזעלביגען סדר, ווי זיי קומען פאָר אין דער תורה. אַנדערס איז דאָס געווען ביי די שפּעטערדיגע בעלי המשנה. ביי זיי איז דאָס לערנען די דינים שוין געוואָרען אַ זעלבסטשטענדיגער ענין. זיי פלעגען בעטראַכטען די דינים, און וואָס פאַר אַ סדר ביי זיי פלעגט אויסקומען, ניט דוקא אַזוי, ווי דאָס קומט פאָר אין דער תורה. פאָרמולירענדיג די דינים, ברענגט גאָר דאָס רוב ניט די משנה אויף דעם קיין ראיה פון דער תורה (ד אָ ס איז שוין אַ בעזונדער ענין פאַר די בעלי הגמרא), און אפילו דאָ, וואו די משנה גופא בערופט זיך אויף אַ פּסוק פון דער תורה, קומט געוועהנליך אַפריהער דער דין, דערנאָך ערסט די ראיה אויף דעם פון דער תורה, פאַרקעהרט, ווי דאָס איז געווען ביי די סופרים. נאָר אין די מדרשים (מדרש רבות, מכילתא, ספרא, ספרי און דאָסגלייכען) בעגעגענען מיר נאָך דעמזעלביגען סדר הלמוד, ווי עס איז געווען אַמאָל ביי די סופרים.

### זייט 184, צייכען (6).

ב ר י י ת א ווערט אָנגערופען אַ לעהרזאַץ, וואָס שטאַמט פון דיזעלביגע תנאים, ווי די משנה, אָבער ער ווערט געבראַכט ניט אין דער משנה, נאָר אין דער גמרא, אין תוספתא אָדער אין אַ וועלכען עס איז פון די מדרשים.

## ק אַ פּ י ט ע ל 9.

### זייט 195, צייכען (1).

אמוראים ווערען אָנגערופען די שפּעטערדיגע פון די בעלי התלמוד, וואָס זיי ערקלערען די משנה.

### זייט 197, צייכען (2).

נאָך דער גמרא אין הוריות ד' (עמוד א'), איז ד אָ ס ביי זיי געווען דער רעכטער סימן פון אַ מצוה, וואָס שטעהט געשריבען אין דער תורה ב פּ י ר ו ש: אַז אפילו די צדוקים האָבען דערין מודה געווען. אין דער משנה פון סנהדרין פּ"ח ווערט דער ענין פון תפלין געבראַכט, ווי אַ ביישפּיל פון אַ מצוה, וואָס שטעהט געשריבען אין דער תורה בפירוש. פונדאַנען איז געדרונגען, אַז אין דעם עצם ענין פון תפילין האָבען מודה געווען אפילו די צדוקים.

### זייט 199, צייכען (3).

אין תמורה ט"ז ווערט פריהער דערצעהלט די לעגענדע, אז באַלד נאָך משה'ס טויט זיינען פיעלע הלכות פאַרגעסען געוואָרען. דערנאָך ווערט דאָרטען געבראַכט די הלכה וועגען פינף פאַרשיידענע פאַלען, וואו אַ בהמה, וואָס איז בעשטימט געוועזען פאַר אַ קרבן, מוז יעדענפאַלס געטויט ווערען, אויב צוליעב געענדערטע אומשטענדען קאָן מען דעם קרבן ניט ברענגען. אין דער ווייטערדיגער דיסקוסיע וועגען דעם ענין ווערט געבראַכט איינעמס אַ מיינונג, אַז „ארבעה נ ת נ ו להם והעמידום על חמש" (מען האָט זיי ג ע ג ע ב ע ן נאָר פיער פאַלען, און זיי האָבען דערפון געמאַכט פינף) און אַ צווייטענס אַ מיינונג, אַז „אחת נ ת נ ה להן והעמידוה על חמש" (מען האָט זיי געגעבען נאָר איין פאַל, און זיי האָבען דערפון געמאַכט פינף). דער מיין איז דאָ, אַז די הלכה, ווי זי איז לכתחלה געגעבען געוואָרען פון סיני, בעציהט זיך נ י ט אויף אַלע פינף פאַלען, נאָר אַזוי ווי די הלכה איז טיילווייז פאַרגעסען געוואָרען, און זיי האָבען זיך ניט געקאָנט דערמאָהנען גענוי, אויף וועלכע פאַלען דאָס געהט, האָבען זיי פון ספק וועגען אָנגעווענדט די הלכה אויף אלע פינף פאַלען.

### זייט 203, צייכען (4).

אורים ותומים — דאָס איז געוועזען עפּעס אַ מין אָראַקעל, וואָס דער כהן גדול פלעגט טראָגען אויפ'ן ברוסט און נאָך דעם פלעגט ער טרעפען, וואָס צו ענטפערן אויף פאַרשיידענע פראַגען, מיט וועלכע מען פלעגט זיך צו איהם ווענדען. פון וואָס די אורים ותומים זיינען בעשטאַנען, דאָס ווייס מען ניט קלאָר. יעדענפאַלס, ווי דער תלמוד בעהויפּטעט, איז אין דער צייט פון דעם צווייטען בית המקדש קיין אורים ותומים ניט געוועזען.

### זייט 203, צייכען (5).

דאָס קאָן מען פאַרשטעהן נאָר אין דעם זין, אַז פון אָנהויב איז אפשר דער אויסדרוק „הלכה למשה מסיני" בענוצט געוואָרען נאָר בלשון גוזמא און זיי האָבען געמיינט דערמיט צו זאָגען, אז דאָס איז זעהר אַן אַלטע און אָנגע־נומענע הלכה. שפּעטער יעדענפאַלס איז דער אויסדרוק „הלכה למשה מסיני" אין בעצוג צו געוויסע הלכות, אויף וועלכע זיי ברענגען ניט קיין ראיה פון דער תורה, געווים געמיינט געוואָרען ערנסט.

### זייט 212, צייכען (6).

אין דעם ציטירטען אָרט פרעגט די גמרא א קשיה: ווי אַזוי זאָגען מיר אין דער ברכה אויף חנוכה ליכט „אשר צונו"? וואו האָט עס גאָט געהייסען אָנצינדען חנוכה ליכט? און זיי ווייזען אָן אויף דעם אָרט אין דברים, קאַפּ. י"ז, וואו די תורה הייסט פאָלגען אלץ, וואָס די געלערנטע וועלען הייסען.

### זייט 212, צייכען (7).

דאָסזעלביגע זאָגט דער ירושלמי אויך וועגען בצלאל'ן, וואָס ער האָט געבויט

דעם משכן: אפילו דאָ, וואו משה האָט איהם ניט געזאָגט, ווי ער זאָל מאַכען, האָט ער צוגעטראָפען אַקוראַט אַזוי, ווי גאָט האָט משה׳ן געהייסען. ביידע זאַכען לערנען זיי אָפּ מיט אַ דרש פון אַ פסוק. וואָס זיי זיינען אָבער אויסען דערמיט צו בעווייזען, איז אָט וואָס: אַז יעדער ענין, אויף וועלכען בית דין שטרענגט זיך נאָר אָן מיט אַלע קרעפטען (נותנין נפשן עליו), ווערט סוף כל סוף אויסגעפיהרט אַזוי, ווי דאָס איז געזאָגט געוואָרען משה׳ן אויפ׳ן באַרג סיני. אַז בית דין זאָל צייטווייליג האָבען אַ טעות, — דאָס, ווייזט אויס, האָבען זיי ניט געהאַלטען פאַר אויסגע־שלאָסען. זיי זיינען נאָר געווען איבערצייגט, אַז סוף כל סוף מוז אָנגענומען ווערען אַ ריכטיגער בעשלוס, וואָס שטימט טאַקי מיט דער אורשפּרינגליכער כונה פון דער תורה, ווי זי איז געגעבען געוואָרען פון סיני.

### זייט 213, צייכען (8).

דער „תוספות יום טוב“ שטעלט זיך אָפּ אויף דערזעלביגער פראַגע, מיט וועלכער אונזער פּערפּאַסער פּאַרנעהמט זיך: ווי אַזוי איז דאָס מעגליך עפּעס צו מחדש זיין, אויפטאָן אַ נייס אין דער תורה, אויב אַלצדינג איז שוין פון פריהער געגעבען געוואָרען? און ער פּאַרענטפערט עס אויף אַזאַן אופן. אייניגע הלכות זיינען אויסוועניג געזאָגט געוואָרען משה׳ן מיט דעם אויפטראַג צו איבערגעבען זיי ווייטער (אַזעלכע הלכות געהערען צו דער קאַטעגאָריע „הלכה למשה מסיני“ אין דעם ענגערען זין פון דעם וואָרט). ביי אַנדערע זאַכען אָבער, ספּעציעל ביי די פּירושים און אויסטייטשונגען, האָט גאָט נאָר בעוויזען משה׳ן, וואָס עס וועט מיט דער תורה אין דער צוקונפט פּאַסירען. ער האָט איהם אָבער גאָר ניט בעפאָלמעכטיגט דאָס אוימיצען איבערצוגעבען. זיין מיינונג שטיצט נאָך דער „תוספות יום טוב“ אויף דעם, וואָס אין דעם מאמר, וואו די גמרא רעדט וועגען דעם (מגילה י״ט), ווערט בענוצט דער אויסדרוק „הראה“ (ער האָט בעוויזען), ניט „מסר“ (ער האָט איבערגעגעבען), פּונקט ווי מען ווייזט אַמאָל איינעם אַ זאַך, וואָס מען מיינט גאָר ניט איבערצוגעבען אין יענעמס רשות. אויף אַזאַן אופן קומט אויס, אַז פאַר די, וואָס האָבען די אויס־טייטשונגען און די פּירושים שפּעטער געמאַכט, ווי אויך פאַר די, וואָס האָבען דאָס פון יענע געהערט, זיינען דאָס ווירקליך געווען נייסען, כאָטש אפילו משה האָט אַלצדינג פריהער געזעהען בנבואה. אַזוי, ווייזט אויס, האָבען זיי זיך טאַקי די זאַך פאָרגעשטעלט.

### זייט 214, צייכען (9).

פון איין זייט געפינען מיר אין תלמוד אַזעלכע מאמרים, ווי „אין לך אלא שופט שבימיך“ (דאַרפסט זיך רעכענען נאָר מיט דעם ריכטער פון דיין צייט), „יפתח בדורו כשמואל בדורו“ (יפתח אין זיין צייט איז פּונקט אַזאַ אויטאָריטעט, ווי שמואל אין זיין צייט). פון דער אַנדער זייט אָבער איז אין תלמוד פאַראַן, אַז איין בית דין קאָן ניט אָפּשאַפען דעם בעשלוס פון אַן אַנדער בית דין, סיידען ער שטעהט העכער פון יענעם סיי אין דער צאָהל פון די מיטגלידער, סיי אין זייער געלעהרזאַמקייט. דער רמב״ם אין זיין „יד החזקה“

פסקנ׳ט וועגען דעם ענין אַזוי: ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַ געוויסער ת ק נ ה, וואָס א וועלכער עס איז בית דין האָט איינגעפיהרט און אלע אידען האָבען דאָס אָנגענומען, טאָר דאָס ניט אַן אַנדער בית דין גלאַט אין דער וועלט אַריין אָפּשאַפען: ער דאַרף זיין מעהר קאָמפּעטענט פון יענעם, וואָס האָט עס איינגעפיהרט. ווען עס האַנדעלט זיך אָבער וועגען א זאַך, וואָס ווערט אָפּגעלערנט מיט א דרש פון דער תורה, דאָ, פאַרקעהרט, מעג יעדער בית דין (פאַרשטעהט זיך, אַז דאָ רעדט זיך נאָר וועגען דעם גרויסען בית דין אָדער סנהדרין) ענדערן דעם בעשלוס פון אַ פריהערדיגען, ווייל אין א ו י ס ט י י ט ש ע ן די געזעצען פון דער תורה איז יעדער בית דין אין זיין צייט קאָמפּעטענט.

## זייט 215, צייכען (10).

ווי יוסיפון שילדערט די זאַך, איז ביי די אידען אין יענער צייט געווען אָנגענומען, אַז מען מעג יע מלחמה האַלטען אום שבת, אָבער נאָר דאַן, ווען עס קומט אויס צו פערטיידיגען זיך געגען אַ דירעקטען אָנפאַל פון דעם שונא. ווען דער שונא מאַכט אָבער אין דעם טאָג ניט קיין אָנפאַל, נאָר ער טוט עפּעס אַן אַרבעט, וואָס קאָן איהם ביי אַ שפּעטערדיגען אָנפאַל צוניץ קומען, איז אויף צו שטערען איהם אין אַזאַ אַרבעט טאָר מען ניט מחלל שבת זיין. פּאָמפּיי האָט עס געוואוסט, און ער פלעגט אויסנוצען דעם שבת׳דיגען טאָג, כדי אונגעשטערט צו בויען א וואַל אנטקעגען דער פעסטונג פון ירושלים, פון וועלכען ער האָט דערנאָך געקאָנט בעשיסען די שטאָדט.

## זייט 216, צייכען (11).

דאָרטען רעדט זיך וועגען דער מלחמה, וואָס די איבעריגע שבטים האָבען געפיהרט געגען דעם שבט בנימן צוליעב דער פּרוי פון גבעה (פּלגש בגבעה). פריהער האָבען די אידען געשוואָרען, אז קיינער זאָל ניט געבען זיין טאָכטער פאַר אַ ווייב צום שבט בנימן. דערנאָך האָבען זיי אַליין געזוכט מיטלען, ווי אַזוי אויסצודרעהען זיך פון דער שבועה (שופטים, קאַפּ. כ״א). דער מדרש ערקלערט עס אויף זיין שטייגער: פריהער האָבען די אידען אָפּגעלערנט מיט אַ דרש פון אַ פּסוק, אַז דער שבט בנימן איז אַן איבעריגער און ער מעג אונטערגעהן; דערנאָך האָבען זיי אויסגעפונען מיט אַ דרש פון אַן אַנדער פּסוק, אַז דער שבט בנימן דאַרף בלייבען.

## זייט 217, צייכען (12).

פון די ווערטער ווייזט אויס, אַז, נאָך יענעמס מיינונג, האָט די תורה לכתחלה פאַר׳דאגע׳ט, מען זאָל קענען ענדערן געוויסע געזעצען, אויסטייטשענדיג זיי אָט אַזוי, ווי עס בעט זיך נאָך די אומשטענדען פון יעדער צייט. דער, וואָס האָט געהאַט אַזאַ פאַרשטעלונג, האָט ווירקליך געקאָנט גלויבען, אַז יעדערע פון די פאַרשיידענע אויסטייטשונגען, וואָס א וועלכער עס איז בית דין האָט אין זיין צייט וועגען אַן ענין אַרויסגעגעבען, איז דאַמאָלסט געווען די ריכטיגע, ווייל די תורה האָט לכתחלה געמיינט, אַז אונטער אַזעלכע און אַזעלכע אומשטענדען זאָל מען אַזוי און אַזוי אויסטייטשען.

## קאפיטעל 10.

### זייט 227, צייכען (1).

דער פערפאסער מיינט ניט דערמיט צו זאגען, אז דער „גרויסער ראט", וועלכען אנטיוכוס דער גרויסער דערמאהנט דא, איז געווען די כנסת הגדולה. נאך זיין השערה נאך (ווי דאס ווערט אויספיהרליך ערקלערט אין דעם ווייטער־דיגען קאפיטעל), איז דאס שוין געווען ניט די כנסת הגדולה, נאר דער שפעטער געגרינדעטער סנהדרין. דער פערפאסער מיינט דא נאר צו בעווייזען, אז ווען די כנסת הגדולה וואלט זיך יע געהאלטען ביז צו דער צייט פון אנטיוכוס דעם גרויסען, וואלט זי אין זיין צייט ניט געדארפט בטל ווערען.

### זייט 228, צייכען (2).

א נזיר, ווען ער איז אפגעווען אין דעם צושטאנד די צייט, אויף וועלכער ער האט אויף זיך גענומען נזירות, האט געדארפט אפגאלען און פארברענען זיינע האר (במדבר, קאפ. ו').

### זייט 229, צייכען (3).

אן ערקלערונג אויף דעם, פאר וואס עפעס גאט ווערט אנגערופען ביי זיי „מקום", וועט דער לעזער געפינען ווייטער, אין דעם דריי און צוואנציגסטען קאפיטעל.

### זייט 232, צייכען (4).

די אייגענטליכע בעדייטונג פון דעם ווארט „מלאך" איז א שליח. אזוי ווי דער נביא, דער פרוידיגער און דער געלערנטער ווערט גערעכענט פאר א שליח פון גאט, ווערט ער אנגערופען ביי זיי מלאך.

### זייט 237, צייכען (5).

אונטער „שלוס־ווארט" דארף מען דא (ווי אויך ווייטער אויף זייט 240) פארשטעהן אזעלכע ווערטער, וואס געהערען ניט צו דעם עצם ווערק, נאר די צוזאמענשטעלער האבען דאס פון זיך אליין צוגעגעבען. דאס איז אונגעפעהר אזוי, ווי היינטיגע צייטען א מין „נאכווארט פון דעם ארויסגעבער".

### זייט 241, צייכען (6).

פון די כתובים ווערט אין דעם ציטירטען ארט דערמאהנט נאר די מגילה.

### זייט 243, צייכען (7).

דאס ווערק איז געשריבען געווארען ספעציעל מיט'ן צוועק צו פערטיידיגען די אידען אנטקעגען די אנפאלען פון זייערע געגנער, צווישען וועלכע עס איז געווען אייגער מיט'ן נאמען אפיאן.

### זייט 243, צייכען (8).

דער חשבון איז איבערהויפט א ביסעל געקינסטעלט. די צאהל 24 בעקומט זיך, רעכענענדיג עזרא און נחמיה פאר איין ספר און גאנץ תרי עשר ווידער פאר איין ספר. יוסיפון האט מסתמא גערעכענט אויף אן אנדער אופן, און ביי איהם האט זיך בעקומען די צאהל 22.

### זייט 249, צייכען (9).

מגילת תענית — דאָס איז זעהר אַן אַלטער ספר, וואו עס ווערען אויס־גערעכענט די טעג, אין וועלכע מען טאָר ניט פאַסטען, ווייל אין יענע טעג זיינען געשעהען פאַרשיידענע ישועות און נסים. אין ש״ס איז די מגילת תענית ניט אַריינגענומען געוואָרען.

### זייט 250, צייכען (10).

ג נ אָ ס ט י ק ע ר — אַ געוויסע רעליגיאָנס־פילאָזאָפישע שולע אין דער ערסטער עפּאָכע פון קריסטענטום.

### זייט 252, צייכען (11).

צו „מדרש אגדה“ געהערען אַלערליי דרש׳ען, וועלכע ווערען ניט בענוצט אויף צו בעגרינדען דערמיט אַ הלכה. דאָס זיינען, אַזוי צו זאָגען, ריין טעאָרעטישע דרש׳ען, אָן וועלכע עס ווערען אָנגעהאַנגען אַלגעמיינע בעטראַכ־טונגען און גלויבונגען, ווי אויך פאַרשיידענע דערצעהלונגען און לעגענדעס. אַלס ביישפּיל קאָן דינען דער דרש אויפ׳ן פּסוק „נתנו מרועה אחד“, וואָס ווערט געבראַכט אין קאַפּיטעל 9 (זייטען 209—208). אויף דעם געביט פון „מדרש אגדה“ פלעגען ביי זיי קיין אָפּשטימונגען געוועהנליך ניט פאָרקומען: יעדע־רער האָט דאָ געהאַט די פרייהייט צו דרשנ׳ען, וואָס ער האָט געוואָלט, נאַטיר־ליך האַלטענדיג זיך נאָר אין די אַלגעמיינע גרעניצען פון דער אידישער רעלי־גיאָן.

## קאַפּיטעל 11.

### זייט 257, צייכען (1).

צווישען די היסטאָרישע דאָקומענטען, וואָס זיינען פאַרבליבען פון די עלטערע צייטען, געפינט זיך אַ בריוו, וואָס איינער מיט׳ן נאָמען אַריסטיאַס האָט כלומר׳שט געשריבען צו זיינעם אַ ברודער מיט׳ן נאָמען פילאָקראַטיס, וואו ער דערצעהלט איהם, אַז ער, אַריסטיאַס, איז געפאָהרען אין אַ שליחות פון דעם קיניג פּטאָלעמיי צו פערהאַנדלען מיט׳ן כהן גדול וועגען איבערזעצען די תורה אין גריכיש. ער בעשרייבט דאָרטען אויך, ווי אַזוי די גאַנצע מעשה איז צוגעגאַנגען. אַלע היסטאָרישע קריטיקער זיינען געקומען צום שלוס, אַז דאָס איז אַ פאַלשער דאָקומענט, און דער נאָמען אַריסטיאַס איז אַן אויסגעטראַכ־טער. דאָס האָט מיט אַ צייט שפּעטער איינער אַזאַ פאַלשען בריוו פאַרעפענט־ליכט, כדי צו בעווייזען די גרויסקייט פון דער תורה און בעזונדערס דעם גרויסען יחוס פון דער גריכישער איבערזעצונג. יעדענפאַלס זעהט מען פון דעם אַרויס, אַז אין דער צייט, ווען דער בריוו איז פאַרעפענטליכט געוואָרען, איז די לעגענדע וועגען דער ענטשטעהונג פון דער גריכישער איבערזעצונג געוועזען שוין פאַרבריינט.

### זייט 259, צייכען (2).

צעלזוס — אַ גריכישער שרייבער פון צווייטען יאָהרהונדערט, נאָך דער קריסטליכער צייט־רעכענונג. אין זיינעם אַ ווערק שטעלט ער פאָר אַ ויכוח צווישען אַ רעכטגלויביגען אידען און אַזאַ, וואָס האָט אָנגענומען דעם קריסט־ליכען גלויבען. דער פּערפאַסער פון זיין זייט פערהאַלט זיך פיינדליך צו בוידען.

אָריגינעס, איינער פון די גרינדער פון דער קריסטליכער קירכע, האָט אָנגע־
שריבען אַ ווערק „געגען צעלזוס'ן".

זייט 262, צייכען (3).

דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ פאַל, ווען איינער האָט איבערגענומען געוויסע
זאַכען צו היטען, און מען האָט זיי ביי איהם גע'גנב'עט. איהם קומט אַ שבועה,
אַז ער האָט אַליין פון די זאַכען גאַרנישט פאַרנומען, און מען האָט זיי ווירקליך
גע'גנב'עט.

זייט 263, צייכען (4).

דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ פאַל, ווען נאָכ'ן פראָצעס האָט זיך אַרויסגע־
וויזען, אַז די עדות, אויף וועמעס רייד מען האָט איינעם פאַר'משפט, זיינען
געווען פאַלשע. די תורה שרייבט פאָר, אַז אין אַזאַ פאַל קומט די עדות דיזעלביגע
שטראָף, צו וועלכער דער אומשולדיגער איז דורך זיי פאַר'משפט געוואָרען.
אין דער גמרא (מכות ה') ווערט געבראַכט איינעמס אַ מיינונג, אַז די טויט־
שטראָף קריגען די פאַלשע עדות נאָר דאַמאָלסט, אויב דער אומשולדיג פאַר'־
משפט'ער איז נאָך ניט הינגעריכט געוואָרען. האָט זיך אָבער זייער פאַלשקייט
אַרויסגעוויזען לאחר המעשה, נאָכדעם ווי יענער איז שוין הינגעריכט גע־
וואָרען, דאַן איז פאַרפאַלען: אין אַזאַ פאַל בלייבען די פאַלשע עדות גראַד
אונבעשטראָפט. די מיינונג שטיצט זיך אויף דעם, ווייל אין דער תורה שטעהט
„כאשר זמם", ד. ה. „ווי ער האָט געטראַכט צו טאָן", אָבער ניט ווי ער האָט
שוין געטאָן.

זייט 265, צייכען (5).

פרשת סוטה — דאָס זיינען די ווערטער, מיט וועלכע דער כהן דאַרף
בעשווערען אַ פרוי, וואָס דער מאַן איהרער האָט אויף איהר געוואָרפען אַ חשד,
אַז זי איז איהם אונטריי (במדבר, קאַפּ. ה').

זייט 265, צייכען (6).

ווידוי מעשר — דאָס איז אַ בעשטימטע ערקלערונג, וואָס יעדערער האָט
געדאַרפט אָפּזאָגען, נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגע'פטר'ט אין גאַנצען אַלע התחיבות
פון מעשר פאַר אַ משך פון דריי יאָהר (דברים, קאַפּ. כ"ו, פסוק י"ג).

זייט 265, צייכען (7).

דאָס בעשווערען אַן עדות, ווי דאָס פיהרט זיך אין די היינטיגע געריכטען,
דהיינו: אַז איידער דער עדות ווערט אויסגעפרעגט, הייסט איהם דער ריכטער
שווערען, אַז ער וועט זאָגען דעם אמת, אַזאַ זאַך געפינען מיר ניט אין דער
אידישער געזעצגעבונג. דער אידישער דין ווייס פון אַזאַ מין בעשווערען אַן
עדות (שבועת העדות): ווען איינער, וואָס מאָהנט עפּעס ביי דעם צווייטען,
שטעלט אַרויס אַ דריטען פאַר אַן עדות און יענער זאָגט, אַז ער ווייס גאַרנישט,
קאָן איהם דער, וואָס האָט איהם אַרויסגעשטעלט פאַר אַן עדות, בעשווערען.
דער עדות דאַרף גאָר פון זיין זייט די שבועה ניט איבערזאָגען. עס איז
גענוג, אַז ער האָט אויסגעהערט די בעשווערונג, ווערט שוין גערעכענט, אַז ער
האָט געבראָכען אַ שבועה, אויב ער האָט אין דער אמת'ען יע געוואוסט וועגען
דער זאַך, נאָר ער האָט ניט געוואָלט זאָגען.

## קאַפּיטעל 12.

### זייט 282, צייכען (1).

ווערליג ווי זיי האָבען אויסגעטייטשט דאָס געזעץ פון דער תורה, זיינען די, וואָס זיינען געקומען עולה לרגל זיין, געווען מחויב צו ברענגען צוויי־ערליי קרבנות: פריד־אָפּפערס (שלמים), פון וועלכע דער אייגענטימער פלעגט עסען דאָס פלייש, און בראַנד־אָפּפערס (עולות). דער קרבן שלמים פלעגט געבראַכט ווערען דוקא אום יום טוב, און דאָס האָט געהייסען „חגיגה".

### זייט 282, צייכען (2).

„שבות" — דאָס איז אַ געוויסע קאַטעגאָריע פון מלאכות, וועלכע נאָך גאָר די ערסטע געלערנטע האָבען גע'אסר'ט צו טאָן אום שבת אָדער אום יום טוב, כאָטש אפילו דאָס געהט ניט אַריין אין דעם כלל פון אַ האַרבער מלאכה (מלאכת עבודה). צו די שבות'ען זיינען איינגעפיהרט געוואָרען, ווי אַ גזירה, אָדער זיי האָבען די מלאכות גע'אסר'ט, אויסטייטשענדיג אויף אַזאַן אופן דאָס געזעץ פון דער תורה, — וועגען דעם זיינען דאָ פאַרשיידענע מיינונגען (אין דער גמרא ווערען די שבות'ען בעטראַכט, ווי גזירות). איינע פון די זאַכען, וואָס געהען אַריין אין דעם איסור פון „שבות", איז אַרויפזעצען זיך רייטענדיג אויף אַ בהמה. וועגען אָנלעהנען זיך אויף אַ בהמה איז זיי אויסגעקומען, אַז דאָס איז אַלץ איינס, ווי אַרויפזעצען זיך רייטענדיג, און דעריבער געהט עס אויך אַריין אין דעם איסור פון „שבות".

### זייט 286, צייכען (3).

ווען אַן אומרייניע זאַך פאַלט אַריין אין אַ ליימענער כלי, דאַרף מען די כלי צוברעכען, דאַן ווען אַ הילצערנע כלי דאַרף נאָר אָפּגעטונקט ווערען אין וואַסער, און זי ווערט ריין (ויקרא, קאַפּ. י"א). וועגען גלאָזוואַרג ווערט אין דער תורה ניט דערמאָהנט. זיי האָבען אָבער ג י ט אויסגעטייטשט דאָס געזעץ פון דער תורה אַזוי, אַז דאָס, וואָס עס ווערט דאָרטען געזאָגט וועגען ליימענע כלים, געהט אויך אויף גלאָזוואַרג. זיי האָבען דאָס ערקלערט נאָר ווי א גזירה מדרבנן, און צוליעב דעם גופא איז שוין אין איניגע פּרטים יע געווען אַ חילוק צווישען ליימענע כלים און גלעזערנע.

### זייט 287, צייכען (4).

זעה אָנמערקונג (2) צו קאַפּיטעל 7.

### זייט 289, צייכען (5).

עס זיינען ביי זיי געווען איינגעשטעלט פאַרשיידענע מדרגות אין דעם, ביז ווי ווייט מען האָט געדאַרפט זיין אָפּגעהיט פון טומאָה. מיט וואָס אַ הייליגערער זאַך איינער האָט געהאַט צו טאָן, אַלץ מעהר אָפּגעהיטקייט האָט זיך פון איהם געפאָדערט. דער כהן, וואָס איז געווען אָפּגעהיט גענוג, אַז ער האָט געמעגט עסען תרומה, איז ניט נאָר געווען ניט גענוג ריין אויף צו מעגען עסען דאָס פלייש פון א קרבן, נאָר אפילו זיין בגד האָט אַן אַנדערען, וואָס איז געווען מעהר אָפּגעהיט, געקאָנט מאַכען אומריין אויף אַזוי פיעל, אַז ער זאָל דאָס פלייש פון א קרבן ניט טאָרען עסען.

זייט 291, צייכען (6).

דער נוסח, ווי אַזוי דאָס איז פאַרשריבען געוואָרען אין פנקס, ווערט אין דער גמרא איבערגעגעבען אויף צוויי־ערליי אופנים. איינע זאָגען, מען האָט פאַרשריבען „יוסי בן יועזר האָט אַריינגעבראַכט איינס, און זיין זוהן האָט אַ ר י י נ ג ע ב ר א כ ט ז ע ק ס" (וואָרום אזוי פיעל מעסטלאַך גאָלד האָט ער דאַך געשענקט). אַנדערע זאָגען, מען האָט פאַרשריבען „יוסי בן יועזר האָט אַריינגעבראַכט איינס, און זיין זוהן האָט אַ ר ו י ס ג ע נ ו מ ע ן זיבען".

זייט 292, צייכען (7).

וואָס די משנה האָט געמיינט מיט די ווערטער „די אשכלות זיינען בטל געוואָרען", דאָס איז ניט קלאָר, און וועגען דעם זיינען פאַראַן פאַרשיידענע השערות (זעה דעם „ערוך").

זייט 293, צייכען (8).

מען איז געוועהנט געוואָרען אָנצורופען די גאַנצע משפחה מיט'ן נאָמען „מאַקאַבעיער". דאָס איז אָבער ניט ריכטיג. ווי די היסטאָריקער בעהויפטען, האָט נאָר יהודה אַליין געהאַט דעם ביינאָמען „מאַקאַבי". די גאַנצע משפחה איז בעוואוסט געווען נאָר אונטער'ן נאָמען „חשמונאים". עס איז ניט קלאָר, פונוואַנען דער נאָמען „מאַקאַבי" האָט זיך גענומען. עס זיינען אפילו דאָ פאַר־שיידענע מיינונגען וועגען דעם, ווי אַזוי מען דאַרף אויסלעגען דעם נאָמען אויף העברעאיש: צי מ כ ב י אָדער מ ק ב י.

זייט 298, צייכען (9).

אַ טפח — דאָס איז אַזוי ווי אַ האַנט די ברייט.

זייט 299, צייכען (10).

שמחת בית השואבה — אַ פייערליכע צערעמאָניע, וואָס פלעגט פאָרקומען חול המועד סוכות, ווען מען פלעגט אָנשעפּען וואַסער אויף צו בעגיסען דעם מזבח.

זייט 301, צייכען (11).

לוג, קב — אַזעלכע מאָסען פאַר דראָבנע זאַכען און פליסיגקייטען. אַ לוג האָט געהאַלטען עפּעס מעהר, ווי אונזערע אַ האַלבע קוואָרט. אַ קב האָט געהאַלטען פיר לוגים. נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה, ווערט יעדערער אומריין, ווער עס האָט זיך געפונען אונטער איין דאַך מיט אַ געשטאָרבענעם. ביי זיי איז דאָ געשטאַנען די פראַגע: ווי איז דער דין, ווען איימיצער האָט זיך געפונען אונטער איין דאַך מיט אַ טייל פון אַ טויטען קערפּער, ניט מיט אַ גאַנצען קער־פּער? ווי גרויס האָט געדאַרפט זיין דער טייל, אַז ער זאָל מאַכען אומריין?

זייט 302, צייכען (12).

ווען איינער, וואָס האָט אויף זיך גענומען אַ בעשטימטע צייט נזירות, איז אין מיטען דעריבען אומריין געוואָרען, איז די צייט, וואָס ער איז שוין אָפּגעווען אין נזירות, פאַרלאָרען געגאַנגען, און ער האָט געדאַרפט אָנהויבען צו רעכענען די צייט אויף דאָס נייע. ביי דעם קרבן פסח איז די, וואָס זיינען אין דער ריכ־טיגער צייט פון פסח געווען אומריין, האָבען געדאַרפט פראַווען פאַר זיך בעז־זונדער אַ „פסח שני" אין אַ חדש אַרום.

זייט 303, צייכען (13).

דאָ האַנדעלט זיך וועגען אַזאַ פאַל, ווען איינער איז אומריין געוואָרען, נאָר ער האָט עס בשעת מעשה ניט בעמערקט און האָט דעריבער ניט אויס־געמיידט אַלצדינג, וואָס אַן אומריינעם איז ניט ערלויבט. אויב ער האָט זיך דערנאָכדעם דערפון דערוואוסט, האָט ער געדאַרפט ברענגען אַ קרבן צו פאַר־געבען אויף דעם, וואָס ער האָט דאָ ניט וויסענדיג געזינדיגט.

זייט 304, צייכען (14).

אַ זאַך, וואָס די אומריינקייט ליגט אין איהר גופא, ווערט אָנגערופען אין תלמוד „אַב הטומאָה" (דער פאָטער פון אומריינקייט). אַ זאַך, וואָס אין איהר גופא איז ניטאָ קיין שום אומריינקייט, מעהר ניט, זי האָט זיך אָנגענומען מיט אומריינקייט פון אַן אַנדער זאַך, מיט וועלכער זי איז געקומען אין בעריהרונג, ווערט דאָס רוב אָנגערופען „ולד הטומאָה" (די געבורט פון אומריינקייט). צווישען די אַב־הטומאָה'ס איז אָבער געווען נאָך אַ העכערע מדרגה פון אומ־ריינקייט, וואָס זיי האָבען גערופען „אבי אבות הטומאָה" (דער אורפאָטער פון אומריינקייט). אַ מענשליכער טויטער קערפּער איז געווען אַן „אבי אבות הטומאָה". דער, וואָס האָט זיך אָן איהם אָנגעריהרט, איז אומריין געוואָרען ניט נאָר ביז אָוונט (ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דעם, וואָס האָט זיך אָנגעריהרט אָן אַ געוועהנליכען אַב־הטומאָה), נאָר אויף גאַנצע זיבען טעג, און כל זמן זיין אומריינקייט איז ניט אַריבער, איז ער, דער אָנריהרער, אַליין געווען גערעכענט פאַר אַן „אַב הטומאָה".

זייט 304, צייכען (15).

כלל ופרט — דאָס איז איינער פון די מעטאָדס (מדות), נאָך וועלכע די תורה ווערט גע'דרשנ'ט. ווי מען קאָן זעהען פון דעם ציטירטען דרש, בעשטעהט דער מעטאָד פון „כלל ופרט" אין פאָלגענדעם: ווען אַ געזעץ איז אויסגעדריקט אין דער תורה פריהער אין אַן אַלגעמיינער פאָרם (כלל) און דערנאָך אין אַ מעהר ספּעציפיצירטער פאָרם (פרט), הייסט עס, אַז דער גאַנצער כלל געהט נאָר אויף אַזעלכע זאַכען, וועלכע זיינען עהנליך צו דעם אָנגעוויזענעם פרט.

זייט 307, צייכען (16).

אין אַזאַ זאַך בעשולדיגט די אידען פון דער צייט פון דעם עוסטען בית המקדש דער נביא יחזקאל (קאַפּ. ח').

זייט 308, צייכען (17).

ניקאַנאָר — אַ גריכישער פעלדהער, וואָס איז גע'הרג'עט געוואָרען אין דער מלחמה מיט די חשמונאים. זיי האָבען איהם אָנגעטאָן אַזאַ בזיון נאָכ'ן טויט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געבריהמט, אַז ער וועט צושטערען דעם טעמפּעל.

## קאַפּיטעל 13.

זייט 313, צייכען (1).

על פי דין איז מען געוועהנליבע שפּייז (חולין) ניט מחויב געווען אָפּ־

צותיטען אַזוי שטרענג פון אומריינקייט, ווי הייליגע שפייז (צ. ב. מעשר, תרומה, פלייש פון א קרבן).

### זייט 314, צייכען (2).

ווי די מפרשים (ר׳ עובדיה מברטנורה, תפארת ישראל) ערקלערען, איז דאָ דער גרונד געווען, ווייל קליינע פיה איז שווער איינצוהיטען, זיי זאָלען זיך ניט פיטערן אויף פרעמדע פעלדער. נאָך דער משנה אין בבא קמא ע״ט האָבען זיי איבערהויפט גוזר געווען אויף א ל ע מ ע ן, אז מען טאָר ניט האָדוועון קיין קליינע פיה אין ארץ ישראל, און ווי ר״שי ערקלערט דאָרטען, איז דאָס מחמת דעם, ווייל די פיה עסען אָפּ די פעלדער, און דאָס קאָן זיין א שטערונג צו דערצו, אַז א גרעסערע אידישע בעפעלקערונג זאָל קענען לעבען אין ארץ ישראל.

### זייט 320, צייכען (3).

ביי אן אומריינעם, וואָס דאַרף זיך טובל זיין אויף צו ווערען ריין, ווערט אין דער תורה אין בעשטימטע פאַלען צוגעגעבען „וטמא עד הערב" (און ער בלייבט אומריין ביז אוונט). ד. ה. אז די טבילה אליין מאַכט איהם נאָך ניט פאָלשטענדיג ריין. ער דאַרף נאָך אָפּוואַרטען, ביז די זון וועט פאַרגעהן, און דאַן ווערט ער ערסט ריין. פונדעסטוועגען האָבען די פרושים אויסגעטייטשט, אַז אַ כהן, וואָס האָט זיך דעם טאָג טובל געווען פון זיין אומריינקייט, מעג זיך גלייך מתעסק זיין ארום דער פרה אדומה, ניט וואַרטענדיג ביז אוונט.

מאכען א פרה אדומה פלעגט אויסקומען ניט אָפט: די אַש פון איין קוה פלעגט סטייען אויף א גאַנץ לאַנגער צייט. דידאָזיגע אַש פלעגט בענוצט ווערען אויף אריינצוטאָן א ביסעל דערפון אין דעם וואַסער, מיט וועלכען מען פלעגט אין בעשטימטע פאַלען בעשפריצען אן אומריינעם, איידער ער פלעגט ווערען ריין.

### זייט 320, צייכען (4).

א שפייז אָפּפער, פון מעהל און אייל, פלעגט אָפטמאָל געבראַכט ווערען, ווי א זעלבסטשטענדיגער קרבן, און דאָס פלעגט געשעהען אויף אַזאַן אופן, אַז נאָר איין הויפען דערפון פלעגט פאַרברענט ווערען אויפ׳ן מזבח; דאָס איבעריגע פלעגען עסען די כהנים. אין בעשטימטע פאַלען אָבער, וואו מען פלעגט ברענגען פאַר אַ קרבן א בהמה, פלעגט זיך פאָדערן דערצו נאָך אלס א צ ו ג אָ ב א שפייז־אָפּפער. אָט וועגען אזעלכע שפייז־אָפּפערס (מנחת בהמה) איז צווישען זיי געווען א חלוקי דעות: צי דאָס דאַרף אין גאַנצען פאַרברענט ווערען, אָדער די כהנים מעגען דערפון עסען.

### זייט 320, צייכען (5).

נאָכ׳ן געזעץ פון דער תורה (במדבר, קאפּ. כ״ז), קומט א טאָכטער נאָר דאמאָלסט ירושה, ווען עס איז ניט געבליבען קיין זיהן. ווען עס איז יע דאָ א זוהן, קריגט ער די גאַנצע ירושה, און דער טאָכטער קומט גאָרנישט. ווי די בעלי התלמוד האָבען אויסגעטייטשט, געהט איבער דעם זוהנס זכות צו זיינע יורשים, ו ו ע ר ז י י ז א ָ ל ע ן נ י ט ז י י ן. איצטער לאָמיר נעה־מען אַזאַ פאַל: איינער האָט געהאַט א זוהן מיט א טאָכטער. דער זוהן איז גע־

שטאַרבען פריהער פאַר׳ן פאָטער און האָט איבערגעלאָזען נאָך זיך א טאָכטער. דערנאָך איז געשטאָרבען דער פאָטער, און עס האָבען זיך אָפּגעשטעלט זיין אייגענע טאָכטער און זיין איניקעל, דעם זוהנס טאָכטער. די פּרושים האָבען געזאָגט, אז די איניקעל ירשנ׳ט אין גאַנצען: זי געניסט דאָ דעם זכות פון איהר פאָטער, וואָס איהם, ווי א זוהן, וואָלט דאָך געקומט די גאנצע ירושה. די צדוקים אָבער האָבען אויף אַזאַ פאַל געלערנט דעם קל וחמר: מה דאָך דעם זוהנס טאָכטער קריגט ירושה, א פשיטא שוין די אייגענע טאָכטער.

זייט 321, צייכען (6).

דעי קל וחמר איז דאָ געוועזען אזוי: מה דאָך אַז דער אייגענטימער איז פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם שאדען, וואָס עס האָט אָנגעמאכט זיינע א בהמה, וואָס אנטקעגען איהר האָט דאָך דער אייגענטימער קיין שום פליכטען ניט; א פשיטא שוין אז ער דאַרף זיין פעראַנטוואָרטליך פאַר דעם שאדען, וואָס עס האָט אָנגעמאכט זיינער א קנעכט, אנטקעגען ווערמען דער האַר האָט דאָך געוויסע פליכטען. די פּרושים אָבער האָבען אנדערש געלערנט: פאַר אַ בהמה איז איהר בעל הבית פעראַנטוואָרטליך, ווייל זי אליין איז ניט קיין בר דעת; דער קנעכט אָבער איז א בר דעת, דעריבער קאָן מען דעם האַר זיינעם פאַר איהם ניט מאכען פעראַנטוואָרטליך.

זייט 321, צייכען (7).

נאָך דער אויסטייטשונג פון די פּרושים, מיינט עס נאָר, אַז זי זאָל אויסשפּייען פאַר איהם אין די אויגען, אָבער ניט איהם אין פּנים אריין.

זייט 321, צייכען (8).

די איבעריגע בעלי התלמוד טייטשען אויס דידאָזיגע ווערטער אלעגאריש; זיי זאָגען: דאָס מיינט נאָר, אז מען זאָל די זאַך געגוי אויספאָרשען, כדי צו דערגעהן דעם אמת.

זייט 324, צייכען (9).

אונטער אָפּקלאַפּען די ערבות (חיבוט ערבה) דאַרף מען דאָ פאַרשטעהן ניט דעם עצם פּראָצעס פון אָפּקלאַפּען, נאָר דאָס געהן ארום און ארום דעם מזבח מיט ערבות דערביי (צי זיי פלעגען האלטען די ערבות אין האַנט בשעת די הקפות אָדער די ערבות זיינען געווען אויסגעשטעלט ארום מזבח אויף דער ערד, וועגען דעם זיינען אין דער גמרא פאַראַן פאַרשיידענע מיינונגען). דאָס פלעגט געטאָן ווערען אלע זיבען טעג סוכות: די ערסטע זעקס טעג פלעגט מען געהן איין הקפה, דעם לעצטען טאָג זיבען הקפות. ווען איינער פון די ערסטע זעקס טעג פלעגט אויספאלען שבת, פלעגט מען עס יענעם טאָג דורכלאָזען. אין דעם זיבעטען טאָג אָבער האָבען זיי עס געהאלטען פאַר אַזוי וויכטיג, אז מען פלעגט עס ניט דורכלאָזען, אפילו ווען עס פלעגט אויספאלען שבת. דאָס אָפּקלאַפּען די ערבות איז, ווייזט אויס, געווען נאָר א שפּיל, מיט וואָס מען פלעגט זיך פרעהליך מאכען נאָך די הקפות. אַלס אַן אנדענקונג אָן דעם איז פאַרבליבען דער מנהג פון שלאָגען הושענות דעם לעצטען טאָג חול המועד סוכות (הושענא רבה).

זייט 324, צייכען (10).

דידאָזיגע מאָדנע גזירה ערקלערט מען דערמיט, וואָס זיי האָבען געוואָלט

פאַרהיטען, אז מען זאָל לעבען די הייליגע שריפטען ניט האַלטען קיין עסענ־וואַרג. פריהער זיינען זיי געווען געוועהנט אַוועקצולעגען דוקא לעבען די הייליגע שריפטען די תרומה. צוליעב דעם פלעגען זיך אהינצו פאַרקלייבען מייז און פלעגען קאַליע מאכען די שריפטען.

### זייט 324, צייכען (11).

נאָך דער גמרא קומט אויס, אַז „צדוקים" און „ביתוסים" זיינען סינאָ־נימען (ז. פריהער, זייט 272). דאָך אָבער ווילען האָבען אייניגע פאָרשער, אז די ביתוסים זיינען געווען א בעזונדער גרופע, וואָס האָט זיך שפּעטער אָנגעשלאָסען אָן די צדוקים (א. גייגער „אורשריפט דער ביבעל", זייט 102).

### זייט 328, צייכען (12).

זיי האָבען געמיינט צו זאָגען, אז אויב מען זאָל אַזוי ציטערן, טאָר מען קיינמאָל ניט דערמאָהנען גאָטס נאָמען, ווייל אינעווייניג אין דעם מענשענס קערפּער איז שטענדיג פאַראַן אומריינקייט. דער שמועס ווערט דאָ געבראַכט לויט דעם פאַרפאָלשטענדיגטען נוסח פון די „הגהות הג"רא". אין דער תוספתא גופא פעהלט די ערסטע העלפט פון דעם שמועס, און די צווייטע העלפט ווערט געבראַכט, ווי די טענה פון די „טובלי שחרית", ניט ווי דער ענטפער פון די פרושים.

## קאַפּיטעל 14.

### זייט 339, צייכען (1).

זעה אַנמערקונג (6) צו קאַפּיטעל 11.

### זייט 340, צייכען (2).

וועדליג ווי די בעלי התלמוד האָבען אויסגעטייטשט דאָס געזעץ פון דער תורה, זיינען די כהנים פונקט אַזוי בערעכטיגט צום מעשר, ווי די לוים, ווייל אין דעם כלל פון לוים געהען אריין אויך די כהנים (ווארום זיי שטאַמען דאָך אויך פון דעמזעלביגען שבט לוי). אַזוי ווי עס איז ניט געווען קיין געזעץ, אז דער מעשר דאַרף צוטיילט ווערען צווישען אַלעמען, וועלכע זיינען דערצו בערעכטיגט, און דער, וואָס האָט געדאַרפט געבען דעם מעשר, האָט גע־קאָנט אויסקלייבען צווישען די בערעכטיגטע, וועמען ער האָט געוואָלט, איז ביי זיי געוואָרען א מנהג אָפּצוגעבען דעם מעשר דעם כהן, און די לוים זיינען אויסען געבליבען. אין דער גמרא (יבמות פ"ו) איז אפילו פאַראַן אַ מיינונג, אַז דאָס האָט עזרא איינגעפיהרט אַזאַ מנהג, ווייל ער האָט פאַר עפּעס געוואָלט קנס'ענען די לוים.

### זייט 342, צייכען (3).

דער „מעשר המעשר" (ז. פריהער, זייט 142) ד. ה. די תרומה פון דעם מעשר, האָט געהאט דיזעלביגע הייליגקייט, ווי אנדערע תרומה. „פרעמדע", ד. ה. די, וואָס געהערען ניט צו דער הויזגעזינד פון א כהן, האָבען דערפון ניט גע־טאָרט געניסען, דעריבער האָבען זיי פון די גאַנצע תבואה ניט געטאָרט עסען, כל זמן די תרומה איז ניט געווען אָפּגעטיילט. נאָך דער אויסטייטשונג פון די בעלי התלמוד (סנהדרין פ"ג), איז דאָס אַזאַ האַרבע עבירה פאר א „פרעמדען"

צו עסען תרומה, אז דערפאר האָט געקומט טויטשטראָף. אַנדערש איז מיט דעם מעשר, וואָס האָט געהערט צו דעם לוי: יעדערער האָט דערפון געמעגט עסען. ווען דער מעשר איז ניט אָפּגעגעבען געוואָרען, ווערט נאָר דורך דעם דער לוי געקריוודעט. קיינער קאָן אבער דורך דעם ניט קומען צו אַן עבירה, ווען ער עסט פון די תבואה. מיט דערמיט ערקלערט זיך דאָס, פאַר וואָס אלע זיינען געווען אָפּגעהיט אין תרומה, און דער מעשר איז ביי זיי געווען וואָכעדיג. אַז צווישען דעם מעשר געפינט זיך א געוויסער טייל, וואָס דאָס איז שוין תרומה, דהיינו דער „מעשר המעשר“, אויף דעם האָט דער פּראָסטער עולם ניט פאַרקלערט, און דאָס, הייסט עס, האָט יוחנן מתקן געווען. מען דאַרף זיך די זאַך אַלזאָ פאַרשטעלען אזוי: אז די בעאמטע פלעגען ערגעץ וואו געפינען תבואה, פלעגען זיי אָפּשיידען דערפון מעשר. פון דעם מעשר פלעגען זיי אָפּטיילען איין־צעהנטעל און דאָס פלעגען זיי צונעהמען, אלס תרומה. די איבעריגע ניין־צעהנטעל פון דעם מעשר פלעגען זיי איבערלאָזען ביי דעם אייגענטימער, און זאָל ער דער־מיט טאָן, וואָס ער וויל.

## זייט 343, צייכען (4).

אין דער תורה גופא ווערט גערעדט וועגען עטליכערליי מינים פון מעשר. אין איין אָרט (במדבר י״ח) ווערט גערעדט וועגען א מעשר, וואָס געהערט צו די לוים. אָט דער מעשר ווערט אָנגערופען אין תלמוד „דער ערסטער מעשר“ (מעשר ראשון). אין אַן אַנדער אָרט (דברים י״ד) רעדט זיך גאָר וועגען אַ מעשר, וואָס דער אייגענטימער דאַרף פאר זיך אליין פאַרניצען אויף עסען און טרינקען אין דער שטאָדט, וואו דער בית המקדש געפינט זיך (ער איז ניט מחויב די תבואה גופא אהינצו צו ברענגען, ער קאָן דאָס אויסביימען אויף געלט און אָט דאָס אויסלייז־געלט אויסגעבען דאָרטען אויף עסען און טרינקען). דאָס ווערט ביי זיי אָנגערופען „דער צווייטער מעשר“ (מעשר שני). אויסערדעם הייסט נאָך די תורה (דברים י״ד) אלע דריי יאָהר איבערלאָזען מעשר פאַר נויטבע־דערפטיגע, אָדער אָרימע לייט (מעשר עני). ווי די בעלי התלמוד האָבען אויס־געטייטשט, איז דאָס ניט נאָך א צוגעקומענער מעשר פאַר׳ן דריטען יאָהר, מעהר ניט אין דעם דריטען יאָהר ווערט דער „מעשר שני“ פאַרביטען מיט „מעשר עני“, אַזוי אַז יעדער יאָהר קומט אויס צו געבען נאָר צווייערליי מעשר.

## זייט 351, צייכען (5).

נאָכ׳ן טעקסט פון „מגילת תענית“ אין נייבויער׳ס אויסגאבע (אָקספאָרד 1895), איז דאָס געווען דער איין און צוואַנציגסטער טאָג אין כסלו.

## זייט 351, צייכען (6).

פאר א פליכט־קרבן (קרבן חובה) פון דער זייט פון א יחיד האָבען זיי גערעכענט אַזאַ מין קרבן, וואָס יענער איז מחויב צו ברענגען, ניט ווייל ער האָט עס אליין צוגעזאָגט. צ. ב. ווען איינער האָט געזינדיגט בשוגג אָדער ער איז אויסגעהיילט געוואָרען פון א קראנקהייט, צוליעב וועלכער ער איז גע־ווען אומריין, איז ער דאַן מחויב געווען צו ברענגען א קרבן. וויבאלד זיי האָ־בען געהאלטען, אז די כותים זיינען ניט קיין אידען און זיי זיינען דעריבער ניט מחויב צו ברענגען אין בעשטימטע פאַלען קרבנות, האָבען זיי פון זיי

אזעלכע קרבנות ניט אָנגענומען. אָבער ווען איימיצער האָט פרייוויליג געוואָלט ברענגען א קרבן, ער האָט זיך אפילו געמעגט פאַרפליכטען דערצו דורך א נדר, אַזוינע קרבנות פלעגען זיי אָננעהמען פון אלעמען, אפילו פון גויים.

זייט 353, צייכען (7).

זעה אָנמערקונג (3) צו קאַפּיטעל 2.

זייט 355, צייכען (8).

אין וואָס אייגענטליך עס בעשטעהט די שטראָף פון „כרת", מיט וועלכער די תורה סטראַשעט פאַר פאַרשיידענע זינד, דאָס איז פון דער תורה־גופא ניט קלאָר. נאָך די ערקלערונגען פון די בעלי התלמוד, הייסט עס, אז דער זינדיגער שטאַרבט פאר דער צייט אָדער ער שטאַרבט אָהן קינדער. נאָך אלע ערקלערונגען יעדענפאלס האנדעלט עס זיך וועגען א שטראָף פון הימעל, ניט וועגען אַ וועלכער עס איז בעשטראָפונג דורך מענשליכע הענט.

זייט 359, צייכען (9).

טרוקענע תבואות און פרוכט זיינען נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה (ויקרא, קאפּ. י"א) ניט מקבל טומאה, ד. ה. זיי ווערען ניט אומריין, ווען עס פאַלט אויף זיי אַרויף אַן אומריינער קערפּער, סיידען זיי זיינען פריהער בענעצט געוואָרען. ווי די בעלי התלמוד האָבען דאָס אויסגעטייטשט, ווערען די תבואות און פרוכט דאַן נאַר פעהיג אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט, ווען די בענעצונג איז געקומען דורך דער האַנט פון א מענשען און דאָס איז געטאָן געוואָרען אבזיכטליך. וויבאלד יהושע בן פרחיה האָט אויף די ווייץ געהאט א חשד, אז זיי זיינען פעהיג געוואָרען אָנצונעהמען זיך מיט אומריינקייט, האָט ער זיי שוין געהאלטען פאר אומריין, ווייל קיינער האָט דאָך ניט אויפגעפּאסט, אַז קיין אומריינער קערפּער זאָל אויף זיי ניט אַרויפפאַלען.

זייט 361, צייכען (10).

דער ציץ — דאָס איז געווען א גאָלדען בלעך, וואָס דער כהן גדול פלעגט בשעת'ן גאָטעסדינסט טראָגען אויפ'ן שטערן. אויפ'ן ציץ איז געווען אויסגעקריצט גאָטס נאָמען, און דעריבער האָבען זיי געמוזט פאַר איהם אויפשטעהן. זיין מיין איז דאַ געווען, אז ווי נאַר די פּרושים וועלען דערזעהען דעם ציץ, וועלען זיי מוזען זיין אויפריכטיג און אַרויסזאָגען אַלץ, וואָס זיי האָבען אויפ'ן האַרצען.

זייט 362, צייכען (11).

אַ כהן האָט ניט געטאָרט חתונה האָבען מיט א געפאַנגענער. ווען דער קלאנג וואָלט געווען אמת, וואָלט עס געווען א פּסול אין ינאי'ס משפחה, און ער וואָלט ניט געטאָרט זיין קיין כהן גדול.

## קאפּיטעל 16.

זייט 369, צייכען (1).

דאָס הייסט ניט, אז זיי האָבען דעם האַר געמאכט פעראַנטוואָרטליך פאַר

דאָס, וואָס זיין קנעכט האָט געטאָן. אין דעם פּרט האָבען די פּרושים געהאַלטען דוקא פאַרקעהרט. (ז. אַנמערקונג אונטער צייכען 6 צו זייט 321). דאָ האַנדעלט זיך גאָר וועגען אַן אנדער ענין. ביי זיי איז געווען אַ פּרינציפּ, אַז בית דין טאָר ניט אויסהערען קיין עדות, ווען דער, וועמעס אינטערעס עס ווערט אָנגע־ריהרט, געפינט זיך ניט דערביי. נאָכ'ן געזעץ פון דער תורה דאַרף אַן אָקס, וואָס האָט גע'הרג'עט אַ מענשען, פאַרשטיינט ווערען (שמות, קאפּ. כ"א). ממילא פלעגט דאָך שוין אויסקומען אויסצוהערען אמאָל עדות וועגען אַן אָקס, און זיי האָבען פאַרלאַנגט ,אז דער אייגענטימער פון דעם אָקס זאָל זיך דערביי גע־פינען, ווייל דאָס ריהרט דאָך אָן זיין אינטערעס. אָט אין דעם פּרט איז ביי זיי דער קנעכט געווען געגליכען צו אַן אָקס. ווען דער קנעכט זאָל פאַר'משפּט ווערען, ריהרט עס דאָך אָן דעם אינטערעס פון זיין האַר, דעריבער האָבען זיי פאַרלאַנגט, אז דער האַר מוז זיך געפינען דערביי, בשעת מען הערט אויס די עדות וועגען זיין קנעכט (ז. פּירוש רש"י אויף סנהדרין י"ט).

זייט 375, צייכען (2).

ווען ער האָט אבער איימיצען געזאָגט, אז מען דאַרף גאָר קיין תפלין ניט לעגען, דערפאַר איז ער גראָד ניט פערא‌נטוואָרטליך, ווייל די עצם מצוה פון תפלין איז — נאָך זייער מיינונג נאָך — אַ זאַך, וואָס שטעהט בפירוש גע־שריבען אין דער תורה. אויב איימיצער האָט זיך אין אַזאַ זאַך געלאָזט פאַר־פיהרען, איז דאָס זיין אייגענע שולד. אָבער וויפיעל פּרשיות עס זאָלען זיין אין די תפלין, דאָס שטעהט ניט געשריבען אין דער תורה, אַזוי אַז דאָ מוז מען שוין אָנקומען צו די געלערנטע. דעריבער אויב דער מורה הוראה האָט אין אַזאַ זאַך איימיצען פאַרפיהרט, איז יענער ניט שולדיג, און די שולד פאַלט נאָר אויף דעם מורה הוראה.

וועגען „כרת" קאָן יעדענפאַלס ביי דעם ענין פון תפלין קיין רייד ניט זיין.

זייט 375, צייכען (3).

ווייל די אידען זיינען שוין דאַן ניט געווען זעלבסטשטענדיג, און זייער בית דין האָט איבערהויפּט ניט געהאט די מאַכט צו פאַר'משפּט'ען וועמען צום טויט.

זייט 378, צייכען (4).

אין דער משנה (מכות ה', עמוד א') ווערט עס אַזוי אילוסטרירט: ווען די נייע עדות זאָגען צו די פריהערדיגע „ווי אַזוי האָט איהר געקאָנט זעהען, אַז אין יענעם און יענעם טאָג, אין אַזאַ און אַזאַ אָרט האָט דער בעשולדיגטער גע'הרג'עט דעם און דעם מאַן? אין דעמזעלביגען מאָמענט האָט זיך דאָך דער בעשולדיגטער געפונען מיט אונז גאָר אין אַן אַנדער אָרט" אָדער „אין דעמ־זעלביגען מאָמענט האָבען מיר דאָך דעם כלומר'שט גע'הרג'עטען געזעהען א לע־בעדיגען" — אַזאַ אָפּלייקענונג איז ניט גענוג אויף צו פאַר'משפּט'ען די פריי־הערדיגע עדות (ווייל דאָס, וואָס די נייע עדות האָבען געזעהען, האָט ניט קיין שייכות צו דער פּ ע ר ז אָ ן פון די פריהערדיגע עדות). ווי דען זשע? ווען די נייע עדות זאָגען צו די פריהערדיגע „ווי אַזוי האָט איהר געקאָנט זע־הען אָט דאָס, וואָס איהר זאָגט? אין דעמזעלביגען מאָמענט האָט א י ה ר זיך

דאָך מיט אונז געפונען גאָר אין אַן אַנדער אָרט", — אָט דאָן ווערען זיי יע פּאַר'משפּט (ווייל דאָס, וואָס די נייע עדות האָבען געזעהען, האָט צו טאָן מיט דער פּערזאָן פון די פריהערדיגע עדות).

זייט 380, צייכען (5).

בנין אב — איינער פון די מעטאָדס, נאָך וועלכע די תורה ווערט גע־דרשנ'ט. דער מעטאָד בעשטעהט אין דעם, וואָס אַן ערקלערונג, וועלכע געפינט זיך אין דער תורה ביי איין ענין, ווערט אויסגענוצט אויך פאַר אנדערע ענינים.

זייט 382, צייכען (6).

דער מעטאָד פון „גזירה שוה" בעשטעהט אין דעם, וואָס ווען דאָסזעלביגע וואָרט קומט פאַר אין דער תורה ביי צוויי גאַנץ פאַרשיידענע ענינים, לערנט מען אָפּ פון איין ענין אויפ'ן צווייטען, צ. ב. ווען הלל האָט געוואָלט אויפ־ווייזען, אז דער קרבן פּסח איז דוחה שבת, האָט ער זיך געשטיצט אויף דערויף, וואָס סיי ביים קרבן תמיד, סיי ביים קרבן פּסח געפינען מיר אין דער תורה דאָסזעלביגע וואָרט „במועדו" (אין זיין צייט): פונדאַנען איז געדרונגען, אַז פונקט ווי דער קרבן תמיד איז דוחה שבת, אַזוי איז אויך דער קרבן פּסח דוחה שבת (פּסחים ס"ו).

זייט 391, צייכען (7).

ווען די מעטאַלענע כלים האָבען זיך אָנגענומען מיט אומריינקייט פון אַ מענשליכען טויטען קערפּער, האָט מען זיי געדאַרפט ניט נאָר אויסברענען, נאָר אויך טובל זיין, בעשפּריצען מיט ריניגונגס־וואַסער און האַלטען אָפּגעזונדערט זיבען טעג. אין דער תורה ווערט דערמאָהנט נאָר וועגען אויסברענען די מעטאַלענע כלים און בעשפּריצען זיי מיט ריניגונגס־וואַסער.

זייט 392, צייכען (8).

ווען אומריינע מעטאַלענע כלים זיינען צובראָכען געוואָרען, האָט זיך אָפּ־געטאָן פון זיי זייער אומריינקייט, און די טיילען ווערען גערעכענט פאַר ריין. כדי מען זאָל זיך אָבער מיט אַ כיוון ניט בענוצען מיט אַזאַ מיטעל אויף אויס־צודרעהען זיך פון די זיבען טעג אומריינקייט (ווי די קיניגין שלמינון האָט דאָ געוואָלט), האָבען זיי גוזר געווען, אז ווען פון די טיילען ווערט ווידער גע־מאַכט אַ גאַנצע כלי, קעהרט זי זיך אום צום פריהערדיגען צושטאַנד פון אומ־ריינקייט. ווערליג ווי די גמרא (שבת ט"ז) ערקלערט, איז אין דעם טאַקי נאָר בעשטאַנען שמעון בן שטח'ס גזירה אין בעצוג צו מעטאַלענע כלים.

זייט 392, צייכען (9).

ד. ה. וואָס ער אליין איז מחויב אויסצוצאָהלען איהר אין פאַל, אויב זיי וועלען זיך גט'ען, אָדער זיינע יורשים זיינען מחויב אויסצוצאָהלען, אין פאַל, אויב זי וועט בלייבען פון איהם אַן אלמנה.

זייט 396, צייכען (10).

נידוי — דאָס איז אַ מין באַיקאָט, וואָס זיי פלעגען אַרויפלעגען אויף איי־נעם (געוועהנליך נאָר אויף אַ געוויסע צייט), ווי אַ שטראָף. עס זיינען געווען

פאַרשיידענע מדרגות פון "נידוי". גאָר די העכסטע מדרגה האָט געהייסען „אַרויס־געהמען אין חרם".

## קאַפּיטעל 16.

### זייט 400, צייכען (1).

פון דעם תלמוד'ישען טעקסט איז ניט קלאָר, צי דער מאַן האָט זיך גע־פונען איינעוועניג מיט די בעלאַגערטע אָדער פון דרויסען מיט די בעלאַגערער. דער פּראָפעסאָר נעהמט אָן, אַזוי ווי גרעץ, אַז ער איז געווען צווישען די בע־לאַגערער. אויף אַזאַן אופן איז אַ ביסעל ניט קלאָר, צו וואָס אייגענטליך האָט ער זיך געדאַרפט בענוצען מיט גריכיש? נאָך דער ערקלערונג פון רש"י, האָט זיך דער מאַן געפונען אינעווייניג, ד. ה. ער איז געווען אַ פעררעטער צווישען די בעלאַגערטע און האָט געוואָלט געבען אַן עצה דעם פיינד. אויף אַזאַן אופן איז פאַרשטענדליך, פאַר וואָס ער האָט געמוזט בענוצען זיך מיט אַ פרעמדער שפּראַך אָדער ריידען אויפ'ן וואונק, ווי רש"י פאַרטייטשט עס.

### זייט 415, צייכען (2).

ווען מען וואָלט געמעגט „פאַנגען" אום יום טוב, וואָלט ניט געווען קיין אונטערשייד צווישען אַ נעסט, וואָס געפינט זיך אין גאָרטען אָדער אַרום הויז, און צווישען אַזאַ, וואָס געפינט זיך אויפ'ן פרייען פעלד. אבער וויבאלד מען טאָר ניט פאַנגען אום יום טוב, איז וועגען אַרויסנעהמען די יונגע פון אַ נעסט, וואָס געפינט זיך אויפ'ן פרייען פעלד, האָט שוין קיין רייד ניט געקאָנט זיין: דאָס וואָלט געהייסען „פאַנגען", און דאָס „בעשטימען" פון ערב יום טוב וואָלט דער־צו ניט געהאָלפען. אין אַזאַ פאַל אבער, וואו דאָס נעסט געפינט זיך אין יע־נעמס רשות און די יונגע זיינען נאָך ניט גענוג גרויס, אַז זיי זאָלען קענען אַוועקגעהן ווייט, ווערען זיי בעטראַכט, אַזוי ווי זיי וואָלטען שוין פון פריהער אָן געווען געפאַנגען. דעריבער איז דאָ דער איסור פון פאַנגען ניטאָ. דאָס „בעשטימען" פון ערב יום טוב איז נויטיג, כדי אַראָפּצונעהמען דעם איסור פון „מוקצה", ווארום געוועהנליך געהט מען דאָך ניט יום טוב זוכען אין די נעסטען; דעריבער ווערען זיי גערעכענט פאַר „מוקצה", אויב זיי זיינען ניט בעשטימט געוואָרען פון ערב יום טוב.

### זייט 415, צייכען (3).

ווען אַ כהנ'ס אַ טאָכטער האָט גענומען אַ מאַן ניט קיין כהן, האָט זי פאַר־לאָרען דאָס רעכט צו עסען תרומה. איז ביי איהר געשטאָרבען דער מאַן, דאַן האָט זיך געווענדט אָן דעם, צי עס איז געבליבען אַ קינד אָדער ניט. אויב יע, טאָר זי קיין תרומה ניט עסען. אויב ניט, דאַן קעהרט זי זיך אין דעם פּרט אום צו איהר מיידעלשען צושטאַנד, און זי מעג איבעראַניים עסען תרומה. דאָ האָ־בען מיר אַ פאַל, וואו צוליעב דעם קינד פאַרלירט די מוטער דאָס רעכט צו עסען תרומה. אין אַזאַ פאַל איז ביי זיי אַ קינד אין מוטערלייב גערעכענט געווען אַלץ איינס, ווי אַ געבאָרענס קינד, ד. ה. אויב זי איז געבליבען אַ שוואַנגערע, טאָר זי שוין אויך ניט עסען קיין תרומה. אַ פאַרקעהרטער פאַל איז, ווען ניט קיין כהנ'ס אַ טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ כהן און האָט דורך דעם גע־

קראָגען דאָס רעכט צו עסען תרומה. אויב ביי איהר איז דער מאַן געשטאָר־
בען, דאַן ווענדט זיך ווידער אָן דעם, צי עס איז געבליבען א קינד אָדער ניט:
אויב יע, מעג זי אויך ווייטער עסען תרומה. אויב ניט, טאָר זי מעהר קיין
תרומה ניט עסען. דאָ האָבען מיר אלזאָ א פאַל, וואו די מוטער געניסט דעם
זכות פון איהר קינד אויף צו מעגען עסען תרומה. אָט אין אַזאַ פאַל ווערט
אַ קינד אין מוטערלייב ניט גערעכענט, ווי א געבאָרענס קינד, ד. ה. אויב זי איז
נאָר געבליבען שוואנגער, און קיין פריהערדיגע קינדער זיינען ניטאָ, טאָר זי
דערווייל קיין הרומה ניט עסען, כל זמן דאָס קינד איז נאָך ניט געבאָרען
געוואָרען. אין דער ערסטער העלפט פון דער משנה, וואו עס רעדט זיך וועגען
דער פרוים קנעכט, איז דאָ צוויי זאכען ניט קלאָר: 1) צי רעדט זיך דאָ וועגען
א שוואַנגערער פרוי, וואָס האָט ניט קיין פריהערדיגע קינדער, אָדער וועגען אַזאַ,
וואָס האָט יע? 2) צי רעדט זיך דאָ וועגען אַזעלכע קנעכט, וואָס זי האָט אי־
בערגעלאָזען אין איהר אייגענעם רשות (נכסי מלוג), אָדער וועגען אַזעלכע, וואָס
זי האָט איבערגעגעבען לחלוטין דעם מאַן און האָט דערפאר געקראָגען א פאר־
גרעסערטע כתובה (נכסי צאן ברזל). אויב דאָ האַנדעלט זיך וועגען א שוואַנ־
גערער פרוי, וואָס האָט ניט קיין פריהערדיגע קינדער, איז דאָ א קשיה, פאר
וואָס עפּעס רעדט זיך דאָ נאָר וועגען איהרע קנעכט און ניט וועגען איהר גופא.
אין אַזאַ פאל טאָר זי דאָך אליין אויך דערווייליע קיין תרומה ניט עסען. ווי
רש"י ערקלערט, רעדט זיך דאָ וועגען א פרוי, וואָס האָט אויך פריהערדיגע
קינדער, אזוי אַז זי אליין מעג געווים עסען תרומה. אויף אַזאַן אופן קאָן שוין
וועגען די קנעכט, וואָס זיינען פאַרבליבען אין איהר אייגענעם רשות, קיין פראַ־
גע ניט זיין, ווארום ביי זיי איז געווען אָנגענומען א כלל, אז ווער עס מעג
אַליין עסען תרומה, יענעמס קנעכט מעגען אויך עסען. וויבאלד אזוי, קאָן זיך
דאָ האנדלען נאָר וועגען קנעכט, וואָס זי האָט אָפּגעגעבען דעם מאַן לחלוטין.
נאָך דעם מאנס טויט געהען אזעלכע איבער בירושה צו די קינדער, און דאָס קינד
אין מוטערלייב האָט אויך אין דער ירושה א חלק. דאָס הייסט, אז איימיצער
פון די קנעכט — און מען קאָן ניט בעשטימען וועלכער — געהערט צו א יורש,
וועמעס זכות אנטקעגען תרומה עס איז נאָך דערווייליע ניט גילטיג. דעריבער
טאָרען אלע קנעכט קיין תרומה ניט עסען. דאָ בלייבט אָבער ווידער א קשיה:
פאַרוואָס עפּעס רעדט זיך אין דער משנה נאָר וועגען דער פרוים קנעכט? ווי איז,
ווען דער געשטאָרבענער כהן האָט אליין געהאט קנעכט, ניט וואָס די פרוי האָט
איהם אַריינגעבראכט? איז דאָך מיט זיי אויך דיזעלביגע מעשה? נאָך תוספות
קומט אויס, אז דאָס געהט טאַקי אויך אויף ז י י נ ע קנעכט.

## זייט 416, צייכען (4).

אַ מקוה איז כשר נאָר דאַן, ווען א בעשטימטע מאָס וואסער איז לכתחלה
אָנגעגאַנגען אהינצו אליין, ניט עס איז אָנגעגאָסען געוואָרען מיט'ן האַנט. אַז
עס איז שוין אָנגעגאנגען פאר פול די מאָס, מאַכט ניט אויס, אַז דערנאָכדעם
איז צוגעגאָסען געוואָרען אויך מיט'ן האנט.

## קאפיטעל 17.

### זייט 425, צייכען (1).

לשכת הגזית האָט זיך גערופען יענער זאַל אין דער עזרה, וואו דער גרויסער סנהדרין האָט געהאַט זיינע זיצונגען. צי ער האָט זיך אזוי גערופען, ווייל זיינע ווענט זיינען געווען פון ארומגעהאַקטע שטיינער, אָדער דער נאָמען האָט עפּעס אן אנדער בעדייטונג — וועגען דעם זיינען דאָ פארשיידענע מיינונגען.

### זייט 431, צייכען (2).

א פאַרקנאַסטע (ארוסה) האָט ביי זיי געהייסען אַזאַ, וואָס דער מאַן האָט איהר מקדש געווען, אָבער ער האָט איהר נאָך ניט אריינגענומען צו זיך אין הויז אריין. די חופּה — דאָס איז דער סימבאָל פון אריינגעהמען די פרוי צו זיך אין הויז. אָט אויף דעם סמך האָבען זיי גע'דרשנ'ט, אז די ווערטער „אין דיין הויז" שליסען אויס א פרוי, וואָס איז נאָך ניט געשטאַנען אונטער דער חופּה.

### זייט 439, צייכען (3).

אזוי פארטייטשען א י י נ י ג ע מפרשים די ווערטער „ודלא מוסיף יסיף". אנדערע פארטייטשען דאָס אנדערש. זעה אבות דרבי נתן, פרק י"ב.

### זייט 440, צייכען (4).

ז. אנמערקונג (3) צו קאַפּיטעל 7.

### זייט 443, צייכען (5).

אזוי פארטייטשט דער פּערפאַסער די ווערטער „אל תאמר דבר שאי אפשר לשמוע שסופו להשמע". די מפרשים פאַרטייטשען דאָס אויף פארשיידענע אופנים.

## קאַפּיטעל 18.

### זייט 450, צייכען (1).

אָט איז אן אילוסטראַציע צו „דבר הלמד מעניינו". אין דער תורה שטעהט (שמות, קאפּ. ט"ז): „יעדערער זאָל בלייבען אויף זיין אָרט, קיינער זאָל פון זיין אָרט ניט ארויסגעהן דעם זיבעטען טאָג". בוכשטאבליך פארטייטשט, וואָלט עס געהייסען, אז שבת'דיגען טאָג דארף יעדערער זיין צוגעשמידט צו זיין אָרט. עס פאַרשטעהט זיך אָבער פון זיך אליין, אַז די תורה האָט אזוינס ניט געקאָנט מיינען, און זיי האָבען דאָס אויסגעטייטשט אין דעם זין, אז שבת טאָר מען ניט געהן ווייטער ווי צוויי טויזענט איילען הינטער'ן שטאָדט (תחום שבת).

### זייט 461, צייכען (2).

מען דארף ניט פארגעסען, אז דאָ רעדט זיך נאָר וועגען מדרש הלכה. מדרש אגדה — דאָס איז שוין גאָר א בעזונדער ענין.

### זייט 467, צייכען (3).

נאָך דער ערקלערונג פון בית הלל, האָט די אומרייניקייט אזא ווירקונג נאָר

דאָן, ווען דער פּערטעל קב ענטהאַלט אין זיך די גרעסטע העלפט ביינער פון איין מענשענס קערפּער אָדער דעם גרעסטען טייל פון איין מענשענס סקעלעט.

### זייט 471, צייכען (4).

נאָך דערדאָזיגער גזירה, ווערען דעם מענשענס הענט שטענדיג גערעכענט פאַר אומריין (אפילו ווען ער האָט זיך ניט אָנגעריהרט אָן אַן אומרייגער זאַך). און ביי יעדער געלעגענהייט, ווען עס פאָדערט זיך ריינקייט, מוזען די הענט עקסטרא געוואַשען ווערען.

### זייט 471, צייכען (5).

זעה אנמערקונג (9) צו קאפּיטעל 14.

### זייט 473, צייכען (6).

אחוץ דער מחלוקת וועגען דעם אָנלעהנען זיך, איז נאָך צווישען בית שמאי און בית הלל געווען א מחלוקת וועגען דעם, וואָס פאַר א סאָרטען קרבנות פון יחידים מען מעג מקריב זיין אום יום טוב. בית שמאי האָט געזאָגט, אַז נאָר אַ פריד־אָפּפער (קרבן שלמים), פון וועלכען דער אייגענטימער עסט דאָס פלייש, מעג מען מקריב זיין פאַר א יחיד אום יום טוב (ווייל אויף דעם איז חל דער היתר פון „אוכל נפש"), אָבער ניט א קרבן עולה, וואָס ווערט אין גאַנצען פאַרברענט אויפ'ן מזבח. בית הלל האָט געהאַלטען, אַז אויך א קרבן עולה מעג מען מקריב זיין פאַר א יחיד אום יום טוב.

## קאפּיטעל 19.

### זייט 482, צייכען (1).

ביי זיי איז געווען א מחלוקת וועגען דעם, צי מען קאָן אויף אזאן אופן יוצא זיין די מצוה פון סוכה. די בית הלל האָבען געזאָגט: יע, די בית שמאי האָבען געזאָגט: ניין.

### זייט 484, צייכען (2).

אונטער מחלקות ביי הלכות מיינט מען דאָ די מיינונגס־פאַרשיידענהייט ביי די עצם הלכות, ניט נעהמענדיג אין בעטראַכט די בעגרינדונג. אונטער מחלקות ביי אויסטייטשונגען מיינט מען דאָ די פאַרשיידענע דרש'ען, מיט וועל־כע די און יענע בעגרינדען זייער מיינונג. אין די מעהרסטע פאַלען ווערען זייערע מחלקות גאָר ניט ערקלערט מיט פאַרשיידענע דרש'ען.

### זייט 484, צייכען (3).

נאָכ'ן אינהאַלט נאָך, ווערט דער ש"ס איינגעטיילט אין פאָלגענדע זעקס אָפּטיילונגען, אדער סדרים: 1) ז ר ע י ם (פלאַנצונגען). דאָ ווערען בעהאַנדעלט דערהויפּט אזעלכע ענינים, וואָס האָבען א שייכות צו תבואות און ערד־אַרבעט, צ.ב. שמיטה, מעשר און דאָסגלייכען. 2) מועד (די אייגענטליכע בעדייטונג פון דעם וואָרט איז א ב ע ש ט י מ ט ע צ י י ט. אָפּטמאָל בעדייט עס גאָר א פ א ר ז א מ ל ו נ ג) — בעהאַנדעלט דערהויפּט די דינים פון שבת און יום טוב. 3) נשים (פרויען) — בעהאַנדעלט דערהויפּט אזעלכע ענינים, וואָס האָבען א נעהענטערע שייכות צו פרויען, צ.ב. וועגען חתונה האָבען, גט'ען

זיך און דאסגלייכען. 4) נזיקין (בעשעדיגונגען) — בעהאנדעלט פארשיידענע פראגען פון ציוויל־רעכט און קרימינאל־רעכט, איבערהויפט אלצדינג, וואס קומט פאר פאר'ן געריכט אדער האט א שייכות צו איהם. 5) קדשים (הייליגקייטען) — בעהאנדעלט דערהויפט די דינים פון קרבנות. 6) טהרות (ריינקייטען) — בעהאנדעלט דערהויפט די דינים פון ריינקייט און אומריינקייט.

די איינטיילונג איז גאר ניט שטרענג אויסגעהאלטען: אין איטליכער אפטיילונג טרעפען מיר אן גאנץ אפט אזעלכע ענינים, וואס האבען צו דעם הויפט־אינהאלט פון דערדאזיגער אפטיילונג א גאנץ קנאפע שייכות. פאראן אפילו גאנצע מסכתות, וואס האבען גאר א קנאפע שייכות צו דער אפטיילונג, אין וועלכער זיי זיינען איינגעשלאסען. צ.ב. נדרים און נזיר געהערען צום סדר נשים.

## זייט 493, צייכען (4).

ווען איימיצער וואוינט ווייט פון דעם ארט, וואו עס געפינט זיך דער טעמפעל, און עס איז איהם דעריבער שווער צו ברענגען אהינצו דעם מעשר שני אין דער געשטאלט פון פראדוקטען, דאן הייסט איהם די תורה אויס־בייטען די פראדוקטען אויף געלט און ברענגען דאס געלט אנשטאט די פרא־דוקטען (ז. אנמערקונג 4 צו קאפ. 14). וויבאלד דער בית המקדש איז חרב געווארען, האבען זיי שוין ניט געהאט, וואוהין צו ברענגען דעם מעשר שני ניט אין דער געשטאלט פון פראדוקטען, ניט אין דער געשטאלט פון געלט. פונדעסטוועגען האבען זיי באלד נאכ'ן חורבן די מצוה פון מעשר שני ניט אפגעשאפט. זיי האבען אנגענומען, אז זיי זיינען נאך אלץ מחויב צו אפשיידען אויך מעשר שני. אי, עס איז נימא אזאן ארט, וואוהין דאס זאל געבראכט ווערען אויף צו פארניצען עס דארטען, דארף מען דאס ערגעץ בעהאלטען און גאר ניט פארניצען. די אנהענגער פון בית שמאי האבען נאך געוואלט, אז מען זאל אויסבייטען די פראדוקטען אויף געלט (ווארום וויבאלד עס איז ניטא דער בית המקדש, הייסט עס, אז אלע וואוינען ווייט פון דעם ארט, וואוהין דער מעשר שני דארף געבראכט ווערען), און דאס געלט ערשט בעהאלטען. די בית הלל האבען געהאלטען, אז וויבאלד אויף ניט אויסגעבען, איז פארשפארט אויס־צובייטען: מען קאן דאך די פראדוקטען גופא בעהאלטען און ניט ניצען.

## זייט 493, צייכען (5).

זיי האבען געגלויבט, אז אליהו הנביא וועט ווען עס איז פארענטפערן אלע ספקות. דעריבער איז אומעטום, וואו זיי קענען זיך ווענען א געוויסער פראגע ניט געבען קיין עצה, דריקען זיי זיך אויס „זאל דאס בלייבען, ביז אליהו וועט קומען" (יהא מונח עד שיבא אליהו).

## זייט 495, צייכען (6).

בית שמאי זאגט, אז וויבאלד דאס שטיקעל פון דעם אומריינעם טייג האט איינגעזייערט דעם איבעריגען טייג, דארף עס גערעכענט ווערען פאר גענוג גרויס אויף צו אומריין מאכען דעם גאנצען טייג. בית הלל זאגט, אז דער טייג ווערט ניט אומריין, סיידען דאס אומריינע שטיקעל איז געווען ווי אן איי די גרויס.

### זייט 496, צייכען (7).

ווי אַזוי עס קאָן איימיצען אויסקומען צו נעהמען אויף זיך א נ ד ר, כדי צו שיצען זיין אייגענטום, — דאָס ווערט פּגורגעשטעלט דאָרטען אונגעפעהר אויף אַזאַן אופן: עס קומט צו איינעם א רוביר אָדער א שטייער־מאָהנער און וויל ביי איהם אוועקנעהמען די תבואה. זאָגט ער צו דעם אייגענטימער, אז די תבואה איז גאָר ניט זיינע, נאָר זי געהערט, צ. ב. דער קעניגליכער פאַמיליע, מיט וועמען יענער וועט מורא האָבען אָנצוהויבען זיך. און כדי יענער זאָל איהם גלויבען, זאָגט ער, צ. ב., אַזוי: אויב די תבואה איז מיינע, זאָל איך ניט טאָרען זעהען מיינע קינדער. אַזוי ווי די תבואה איז דאָך טאַקי אין דער אמת'ען זיינע, הייסט עס אייגענטליך, אז ער האָט אויף זיך גענומען אַ נדר, ער זאָל ניט זעהען זיינע קינדער. דער נדר איז אבער גאָר נישט מיט גאָר נישט, ווי באלד ער איז געווען געצוואונגען דערצו. דאָך איז ביי זיי געווען א פראגע, ווי איז, ווען דער נדר איז געווען אויסגעדריקט אין דער האַרבערער פאָרם פון א שבועה? צ. ב. ווען ער האָט געזאָגט: אויב די תבואה איז מיינע, שווער איך, איך זאָל ניט טאָרען זעהען מיינע קינדער.

### זייט 500, צייכען (8).

ווייל זיי האָבען דאָס געהאלטען פאר גע'גזל'טעם געלט, פון וועלכען מען טאָר קיין שום נוצען ניט האָבען.

### זייט 500, צייכען (9).

אין דער משנה גופא רעדט זיך נאָר וועגען איין מאָל אכצעהן גזירות. אָבער נאָך דער ווערסיע פון דער גמרא אין ירושלמי „שמונה עשר דבר גזרו ובשמונה עשר רבו ובשמונה עשר נחלקו" (ירושלמי: שבת, פרק א', הלכה ד'. ז. דאָרטען דעם פירוש „קרבן העדה"), קומט אויס, אז זיי האָבען דאָרטען פערהאנדעלט וועגען פיער און פופציג גזירות: אכצעהן זיינען אָנגענומען געוואָרען איינשטימיג, אכצעהן זיינען אָנגענומען געוואָרען מיט א מעהרהייט פון שטימען און וועגען אכצעהן איז נאָך ביז זיי די פראגע געבליבען אָפען. נאָך דער ווערסיע פון דער גמרא אין תלמוד בבלי: „י"ח גזרו ובי"ח נחלקו", קאָן מען מיינען, אז דאָ האנדעלט זיך וועגען צוויי מאָל אכצעהן גזירות. רש"י וויל האָבען, אז דאָ האנדעלט זיך נאָר וועגען איין מאָל אכצעהן גזירות, ד. ה., אַז אָט דיזעלביגע אכצעהן גזירות, וועגען וועלכע בית שמאי און בית הלל זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאנגען, זיינען סוף כל סוף אָנגענומען געוואָרען, ווייל בית שמאי האָט געהאט די מעהרהייט.

## קאפיטעל 20.

### זייט 507, צייכען (1).

ווען איימיצער איז שבת פאַרגאַנגען חוץ לתחום, ד. ה. ווייטער ווי צוויי טויזענט איילען הינטער'ן שטאָדט, טאָר ער ניט נאָר ניט געהן ווייטער, נאָר ער טאָר זיך אויך ניט אומקעהרען צוריק אין שטאָדט אַריין. ער מוז ביז מוצאי שבת בלייבען דאָ, וואו ער איז, און ער מעג זיך דאָרטען בעוועגען נאָר

אויף א שטח פון פיער איילען. האָט ער זיך, ניט קוקענדיג אויף דעם איסור, דאָך אומגעקעהרט צוריק, דאַן הייסט עס ניט, אַז דאָס איז שוין אַן אָפּגעטאָ־ נענע עבירה און וויבאלד ער איז שוין אין שטאָדט, מעג ער זיך דאָרטען בע־ וועגען מיט אלעמען גלייך. ניין, וויבאַלד ער קומט פון חוץ לתחום, איז אפילו אין שטאָדט גופא איז ער נאָך אלץ מחויב אָפּצושטעלען זיך דאָ, וואו ער איז, און ער מעג זיך דאָרטען בעוועגען פאָר אויף א שטח פון פיער איילען. די אויפפאסער, וואָס האָבען געדאַרפט דערהיטען דעם מולד, האָבען צוליעב דעם גע־ מעגט מחלל שבת זיין, ד. ה. זיי האָבען געמעגט געהן חוץ לתחום אויפפאַסען און, אַז זיי האָבען דאָרטען דעם מולד דערהיט, האָבען זיי זיך געמעגט אומ־ קעהרען צוריק אין א בעשטימטען אָרט, וגאו זיי האָבען וועגען דעם עדות גע־ זאָגט. פ אַ ר רבן גמליאל'ן האָט מען, ווייזט אויס, געהאלטען, אז דאָס רעכט צו מחלל שבת זיין האָבען די אויפפאַסער נאָר אַזוי לאנג, כל זמן זיי האָבען נאָך ניט ערפילט זייער שליחות. ווי נאָר זיי האָבען אָבער דאָס זייעריגע אָפּ־ געטאָן און האָבען אָפּגעזאָגט עדות, פאַרלירען זיי שוין דאָס רעכט צו מחלל שבת זיין, און דעריבער, ווי מענשען, וואָס קומען פון חוץ לתחום, דאַרפען זיי בלייבען אויף דעם אָרט, וואוהין זיי זיינען געקומען. רבן גמליאל האָט גע'־ פסקנ'ט, אַז אפילו נאָך דעם, ווי זיי האָבען ערפילט זייער שליחות, האָבען זיי נאָך אלץ דיזעלביגע פריווילעגיע, ווי איינער, וואָס האָט היינטער'ן שטאָדט קונה שביתה געווען (ד. ה. ער האָט פון ערב שבת בעשטימט, אַז ער זאָל אויף יענעם אָרט שבת האלטען. אַזוינער האָט דאָס רעכט צו בעוועגען זיך דאָרטען ארום אויף א שטח פון 2000 איילען אין יעדער ריכטונג.)

## זייט 507, צייכען (2).

צ. ב. זיי קענען פאָדערן, זי זאָל אויף זיך נעהמען אַ נדר, אַז אויב זי האָט שוין פריהער געקראָגען איהר כתובה, זאָל זי ניט טאָרען עסען און טרינקען. ווי די משנה דערצעהלט, פלעגט מען פריהער דער פרוי פשוט הייסען שווערען, אַז זי האָט נאָך ניט געקראָגען די כתובה, דערנאָך האָט מען עפּעס אויפגעהערט צו געבען א שבועה. האָט רבן גמליאל מתקן געווען, אז דער נדר זאָל דינען אנ־ שטאט א שבועה, און מיט דערמיט זאָל זי קענען אויפמאָהנען די כתובה.

## זייט 508, צייכען (3).

וועגען דער בעדייטונג פון „ביכורים“ ז. אנמערקונג (3) צו קאפּיטעל 8.

דער פּערפאסער ציט'ירט דאָ די משנה ניט אין דעם נוסח, ווי זי ווערט געבראַכט אין גיטין מ"ז, נאָר אין דעם נוסח, ווי זי ווערט געבראכט אין משניות. אָט נאָך דעם נוסח איז שווער צו פאַרשטעהן, וואָס אייגענטליך זיי האָבען דאָ אויפגעטאָן פאר א נייס? סיידען זיי האָבען אפשר געהאלטען, אַז בכלל איז א איד פּטור פון ברענגען ביכורים, אויב ער האָט דאָס פעלד גע־ קראָגען פון א גוי, און דעריבער האָבען זיי מתקן געווען, אז אין אַזאַ פאַל, וואו דאָס פעלד האָט שוין אמאָל געהערט צו א אידען, זאָל ער יע דאַרפען ברענ־ גען ביכורים. אבער אפילו ווען מיר זאָלען אָננעהמען, אז זיי האָבען טאַקי אַזוי געהאלטען — און דאָס איז ניט גאָר וואַהרשיינליך—, איז נאָך אלץ ניט פאַרשטענדליך, וואו איז דאָ דער „תקון העולם“? דאָס מיינט דאָך, אַז זיי זיי־

נען דאָ אויסען געוועןּ ניט אַזוי די עצם מצוה פון ביכורים, ווי עפּעס א זייטיגען צוועק פון געזעלשאַפטליכען נוצען. אין וואָס בעשטעהט דאָ דער נוצען? דער תוספות יום טוב זוכט צו פאַרענטפערן דאָס, אבער זיין ערקלערונג איז ניט מעהר, ווי א ווייטלויפיגער פלפול. אין גיטין מ"ז ווערט דיזעלביגע משנה געבראכט אין א גאנץ אנדער נוסח, נאָך וועלכען עס איז אלצדינג פאַרשטענדליך. דער נוסח איז דאָרטען אַזוי: „המוכר את שדהו לנכרי לוקח ומביא ממנו בכורים מפני תקון העולם", ד. ה. ווען איימיצער האָט פאַרקויפט זיין פעלד צו א גוי, איז ער, דער געוועזענער אידישער אייגענטימער, מחויב צו קויפען ביי דעם גוי פרוכט פון זיין געוועזענעם פעלד און ברענגען ביכורים. זיי האָבען, הייסט עס, געמאכט, אז ווען א איד פאַרקויפט זיין פעלד צו א גוי, ווערט דעם דורך דאָס פעלד ניט בעפרייט פון ביכורים און מעשר: די פליכט צו בעזאָרגען עס בלייבט אויף דעם געוועזענעם אידישען אייגענטימער, פאר וועמען דאָס איז נאַטירליך פאַרבונדען מיט היבשע שוועריגקייטען. דער פועל יוצא דערפון איז, אז א אידען זאָל זיך ניט לוינען צו פאַרקויפען זיין פעלד צו א גוי, און דאָס לאנד זאָל בלייבען אין אידישע הענט. אָט דאָס איז דער „תקון העולם".

### זייט 508, צייכען (4).

די זאַנגען, וואָס זיינען ביים שניטער ארונטערגעפאלען אויף דער ערד, טאָר מען ניט אויפקלייבען: דאָס הייסט „לקט", און עס דאַרף בלייבען פאר אָרימע לייט. ווען מען האָט ביים אַרונטערנעהמען די תבואות פאַרגעסען אין פעלד א גארב, טאָר מען זיך נאָך איהם ניט אומקעהרען: דאָס הייסט „שכחה", און עס דארף בלייבען פאר אָרימע לייט. וועגען „פאה" ז. אנמערקונג (3) צו קאַפּיטעל 8.

### זייט 508, צייכען (5).

דער אויסדרוק „מען שטיצט אונטער זייערע הענט" (מחזיקין ידיהם) קאָן מיינען, אז ווען א גוי בעאַרבעט אין דעם יאָהר פון שמיטה זיין פעלד, מעג איהם א איד זיין בעהילפיג אין דער ארבעט (ז. פירוש ר"שי אויף גיטין ס"א), די גמרא טייטשט עס אבער אויס אַזוי, אז דאָס מיינט נאָר: מען מעג איהם זאָגען א גוט וואָרט, ווינשען ערפאָלג ביי דער אַרבעט.

### זייט 509, צייכען (6).

דאָס האָט געדאַרפט געשעהען יעדער דריטעס יאָהר (ניט רעכענענדיג דאָס יאָהר פון שמיטה) שפּעטסטענס ערב פסח.

### זייט 509, צייכען (7).

דער קרבן, וואָס אן אויפגעשטאַנענע פון קינפּעט האָט געדאַרפט ברענגען (וועניגסטענס א פּאָר טויבען), האָט אייגענטליך צו פסח קיין שייכות ניט. אַזוי ווי עס איז אבער פאר די פרויען פון דער פראָווינץ ניט אַזאַ לייכטע זאַך גענ־ווען צו געהן קיין ירושלים, פלעגען זיי דאָס געוועהנליך אָפּלעגען אויף פסח צייט, ווען די מאנסביל פלעגען געהן עולה לרגל זיין.

### זייט 512, צייכען (8).

אַ פרוי, וואָס האָט עפּעס געבאָרען, האָט זיך ניט געטאָרט צוריהרען צו

קיין הייליגע שפייז (תרומה אָדער דאָס פלייש פון א קרבן), כל זמן זי האָט ניט געבראַכט איהר קרבן. דאָס, וואָס ער רעדט דאָ וועגען ג ע ו ו י ס ע געבורטען, איז מחמת דעם, ווייל ביי צווייפעלהאפטע געבורטען (דהיינו: ווען זי האָט מפּיל געווען אין גאַר די ערסטע חדשים, ווען מען קאָן ניט דערקענען, צי דאָס איז א אינגעל, צי א מיידעל, צי גאָר עפּעס אנדערס) האָבען זיי נאָך פריהער געהאט פאַרגרינגערט דעם עסק.

## זייט 513, צייכען (9).

עס איז געווען אויך א צווייטער ר׳ שמעון בן גמליאל, נאָכ׳ן חורבן.

## זייט 515, צייכען (10).

ביי זיי איז געווען א פראגע, ווי איז דער דין, ווען מען האָט שוין דעם קרבן ארויפגעלעגט אויפ׳ן מזבח און מען האָט זיך דערנאָכדעם אַרומגעזעהען, אַז די בהמה האָט אין זיך עפּעס א בראַק, צוליעב וועלכען זי איז פּסול פאַר א קרבן: צי דאַרף מען דעם קרבן ארונטערנעהמען צוריק, אָדער, וויבאלד ער געפינט זיך שוין אויפ׳ן מזבח, איז פארפאלען: דאַרף מען איהם מקריב זיין כאָטש מיט א בראַק. אָט אנטקעגען דעם דערצעהלט עס ר׳ חנינא, ווי אזוי זיין פאָטער פלעגט זיך נוהג זיין אין אַזאַ פאַל.

## זייט 518, צייכען (11).

אויף צו נעהמען פּסק-געלט פאַר א דין תורה האָט מען שפּעטער אויסגע-פונען דעמזעלביגען היתר, ווי אויף צו נעהמען שכר לימוד (וואָרום אויך פאר׳ן לערנען טאָר מען על פּי דין ניט נעהמען קיין שום געצאָהלט): פאַר דער עצם זאַך טאָר מען טאַקי ניט נעהמען קיין געצאָהלט, אבער מען מעג נעהמען פאַר די צוריבענע צייט (שכר בטלה), ווייל מען האָט דאַך אין דער צייט גע-קאָנט טאָן אן אנדער זאַך און פאַרדינען דערביי.

## זייט 519, צייכען (12).

נאָך ד ע ר ערקלערונג קומט אויס, אז דער ג ע ו ו ע ה נ ל י כ ע ר בית דין פון דריי דיינים, וואָס איז געווען אין יעדער שטאָדט, האָט אויך אין יענער צייט געהאט ניט מעהר, ווי א ריין מאָראַלישען אווטאָריטעט, פּונקט ווי דער אידישער בית דין אין היינטיגע צייטען. מען איז געגאַנגען צו די דיינים, ווייל ביידע צדדים האָבען מסכים געווען צו פאַרלאָזען זיך אויף זיי און פאָל-גען זייער פּסק דין. זיי האָבען אבער קיינעם ניט געקאָנט צווינגען. די אייב-ציגע, וואָס האָבען יע געהאט א צווינגענדע קראַפט, זיינען, נאָך דער ערקלע-רונג, געווען די „דייני גזירות“.

## זייט 520, צייכען (13).

דאָס זיין געבונדען דורך א נדר קאָן דאָ געמאָלט זיין אויף צוויי ערליי אופנים: 1) דער ערסטער האָט אויף זיך גענומען א נדר, אַז ער זאָל דעם צווייטען גאָרנישט ניט לאָזען געניסען פון זיינס; אָדער ב) דער צווייטער האָט אויף זיך גענומען א נדר, אז ער זאָל פון דעם ערסטענס גאָרנישט געניסען.

וועדליג ווי די גמרא פאַרשטעהט די משנה, האנדעלט עס זיך דאָ נ י ט

בלויז וועגען דער געפעליגקייט פון אויסלעגען פאר יענעם דאס געלט (רעכע־נענדיג, אז יענער זאל אומקעהרען); דאס מיינט טאקי בעצאהלען פאר יענעם א חוב און ניט פארלאנגען צוריק. אויף דעם סמך ברענגט די גמרא די פראגע אין צוזאמענהאנג מיט יענער פראגע, וואס חנן האט בעריהרט. ביי זיי קומט אויס אזוי: אויב מיר זאלען זאגען, אז דער ערסטער, וואס האט דא ניט גע־בעטענערהויט בעצאהלט דעם צווייטענס א חוב, קאן דאס געלט מאהנען, דאן איז, וויבאלד ער מאהנט ניט, הייסט עס דאך, אז ער שענקט דירעקט דעם צוויי־טען א געוויסע סומע, און דאס איז געגען דעם נדר. אויב אבער מען זאל זאגען (אזוי ווי חנן האט גע׳פסקנ׳ט), אז על פי דין טאקי קאן ער גאר דאס אויסגעלעגטע געלט פון יענעם ניט פאדערן, דאן, הייסט עס, האט ער דאך איהם גארנישט געשענקט. אי, וואס? ער האט איהם בעפרייט פון דעם חוב? דאס הייסט שוין ניט, אז ער האט איהם דירעקט געטאן א געפעליגקייט. וויבאלד ער האט דאס געלט געגעבען ניט איהם, נאר א זייטיגען מענשען, הייסט עס נאר, ער האט געטאן אזא זאך, פון וואס יענעם איז  א י נ ד י ר ע ק ט  ארויס־געקומען א טובה, און דאס מאכט ניט אויס: פונקט ווי ער מעג צ. ב. פאר־טרייבען פון שטאדט א לייב, כאטש דערפון וועט אויך יענעם ארויסקומען א טובה.

זייט 523, צייכען (14).

ז. פריהער, זייט 452.

## קאפיטעל 21.

זייט 529, צייכען (1).

אין די אנגעוויזענע ערטער רעדט זיך אייגענטליך נאר וועגען עדות, אבער דאס געהט שוין ממילא אויך אויף די ריכטער, ווייל ביי זיי איז געוועזען א כלל, אז ווער עס טאר ניט געשטעלט ווערען פאר אן עדות ביי א געוויסען פראצעס, טאר זיך אין דעמדאזיגען פראצעס ניט בעטייליגען אויך אלס ריכטער (ז. פריהער, זייט 370).

זייט 529, צייכען (2).

ז. אנמערקונג (1) צו קאפיטעל 17.

זייט 530, צייכען (3).

דאר פארשילטונגס־וואסער (מים המאררים) — דאס איז געווען א מין הימלישע פראבע: איז די פרוי געווען שולדיג, האט זי פון דעם וואסער גע־זאלט שטארבען; האט איהר דאס וואסער ניט געשאדט, איז א סימן, אז זי איז אומשולדיג.

זייט 530, צייכען (4).

ווען מען האט ערגעץ וואו אין פעלד געפונען א גע׳הרג׳עטען און מען האט דעם מערדער ניט געקאנט אויסזוכען, האט מען פון יענעם ארט געדארפט אויסמעסטען, וועלכע פון די ארומיגע שטעדט איז די נעהענטסטע. די איינ־וואוינער פון דער נעהענטסטער שטאדט האבען געדארפט אויסקויפען די זינד מיט א בעזונדער סארט קרבן — עגלה ערופה.

### זייט 530, צייכן (5).

ז. פריהער, זייט 374.

### זייט 530, צייכן (6).

די ערסטע מלחמות, וואָס די אידען האָבען געפיהרט געגען די בעוואוסטע זיבען פעלקער, האָבען זיי בעטראַכט פאר א חוב, ווייל די תורה האָט בפירוש געהייסען אויסראָטען יענע פעלקער און אָפּנעהמען ביי זיי דאָס לאַנד. אין געגענזאַץ צו יענע האָבען זיי אלע איבעריגע מלחמות אָנגערופען פאקולטאַטי-ווע מלחמות (מלחמות רשות).

### זייט 531, צייכן (7).

אַזוי האָבען זיי זיך גוהג געווען ביי פּראָצעסען, וואו עס האָט זיך גע-האַנדעלט וועגען טויטשטראָף. אין אנדערע פאַלען פלעגען זיי, פאַרקעהרט, אָנ-הויבען פון דעם גרעסערען.

### זייט 531, צייכן (8).

ווי אַזוי עס קאָן זיך ביי א פּראָצעס אינדירעקט האנדלען וועגען טויט-שטראָף, דאָס קאָן מען זיך פאָרשטעלען אונגעפעהר אויף אַזאַ אופן. איינער האָט ארויסגעלאָזען אויף דעם צווייטען א פאלשען קלאַגע, אז יענער האָט גע-טאָן א געוויסע עבירה, פאר וועלכער — ווען דאָס זאָל זיין אמת — עס קומט טויטשטראָף. דער ערסטער ווערט געשטעלט צום געריכט פאר פאַלשע רכילות. ווען ער זאָל געפונען ווערען שולדיג, קומט איהם א געוויסע שטראָף, אבער יע-דענפאלס ניט אזא האַרבע. וועגען טויטשטראָף קאָן דאָ, ביי ד ע ם פּראָצעס גופא, קיין רייד ניט זיין. ווי איז אבער, ווען דער אָנגעקלאָגטער, פערטיידי-גענדיג זיך, זאָל צושטעלען עדות און בעווייזען, אז דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז גאָרניט קיין פאַלשע רכילות, נאָר טאַקי אן אמת? דאן ווערט זיך שוין פון ד ע ם פּראָצעס ענטוויקלען א צווייטער פּראָצעס — געגען י ע נ ע ר פער-זאָן —, וואו עס האַנדעלט זיך שוין וועגען טויטשטראָף. וויבאלד עס איז דאָ אַזאַ מעגליכקייט, דארף שוין אויך דער ערסטער פּראָצעס פאָרקומען פאר א בית דין פון דריי און צוואַנציג דיינים.

### זייט 532, צייכן (9).

נאָכ'ן נוסח פון דעם תלמוד בבלי, זיינען דאָרטען געווען צוויי בית-דינ'ס צו דריי און צוואַנציג מיטגלידער יעדערער; נאָכ'ן ירושלמי און נאָך דער תוספתא — צו דריי מיטגלידער יעדערער.

### זייט 535, צייכן (10).

„רגלים" ווערען אָנגערופען די ימים טובים: פּסח, שבועות און סוכות, אין וועלכע מען האָט געדאַרפט עולה לרגל זיין. אַזוי ווי דאָס יאָהר האָט זיך אָנגעהויבען פון ניסן, האָט זיך פסח גערעכענט פאר דעם ערסטען רגל, שבועות — פאַר'ן צווייטען און סוכות — פאַר'ן דריטען. דאָס איז פאַר זיי אין א גע-וויסען פּרט געווען וויכטיג, וועדליג ווי די גמרא ערקלערט דאָרטען.

נאָך דער רעגירונגס-צייט פון דעם קיניג פלעגען זיי אָנמערקען די דאַטעס אין דאָקומענטען (אין דעם אַזוי-פיעל-און-אַזוי-פיעל-טען יאָהר, זינט דער און

דער קיניגט). פון ניסן פלעגט זיך מוזען אָנהויבען א ניי יאָהר. דאָס הייסט, ווען דער קיניג איז אַרויף אויפ'ן טראָן אין מיטען יאָהר, אפילו אין אָדר, פלעגט זיך נאָר ביז ניסן רעכענען דאָס ערסטע יאָהר פון זיין רעגירונג. פון ניסן פלעגט זיך שוין אָנהויבען צו רעכענען דאָס צווייטע יאָהר, פון דעם פאָל־גענדען ניסן — דאָס דריטע יאָהר און אַז. וו.

## זייט 535, צייכען (11).

תקופות ווערען דאָ אָנגערופען די פיר צייטען פון יאָר: פריהלינג (תקופת ניסן), זומער (תקופת תמוז), הערבסט (תקופת תשרי) און ווינטער (תקופת טבת). דער אָנהויב פון יעדער תקופה ווערט בעשטימט דורך געוויסע אסטראָ־נאָמישע צייכענס. אבער אפילו אָהן קיין אסטראָנאָמיע קאָן מען בעמערקען, ווען אַן ערך די אָדער יענע תקופה האָט זיך אָנגעהויבען. ביים אָנהויב פון תקופת ניסן, דאָסגלייכען ביים אָנהויב פון תקופת תשרי, איז די לענג פון דעם טאָג און דער נאכט גלייך. ביים אָנהויב פון תקופת תמוז האָט דער טאָג שוין דערגרייכט די גרעסטע לענג זיינע, נאָך וועלכער ער הויבט אָן צו ווערען קירצער. ביים אָנהויב פון תקופת טבת איז פאַרקעהרט. ווען מיר זאָלען אָנ־נעהמען, אז אין א וועלכען עס איז יאָהר האָט זיך די תקופת ניסן אָנגעהוי־בען צ. ב. ראש חדש ניסן, וועט זי זיך — אויב מען זאָל ניט מאכען קיין עיבור — איבער א יאָהר שוין אָנהויבען דעם 12־טען און איבער צוויי יאָהר דעם 23־טען אין ניסן (וואָרום דיזעלביגע שטעלונג פון דער זון אנטקעגען דער ערד וועט זיך איבער'חזר'ען ערסט אין 365 טעג אַרום, דאַן ווען פון איין ראש חדש ניסן ביז דעם אַנדער ראש חדש ניסן, אויב ניט קיין עיבור, איז נאָר 354 טעג). עס וועט אלזאָ אויסקומען, אַז שפעט אין ניסן וועט נאָך אלץ דער טאָג זיין קלענער פאר דער נאַכט. אָט דאָס וועט הייסען, אז די תקופת טבת האָט זיך אריינגעצויגען ווייט אין ניסן.

## זייט 536, צייכען (12).

ז. אנמערקונג (1) צו קאפיטעל 8.

## זייט 538, צייכען (13).

אַ חלק ווערט אָנגערופען ביי זיי 1/1080 פון א שעה. דאָס מאכט 3⅓ סע־קונדעס.

## זייט 540, צייכען (14).

אַ טייל פון די דינים וועגען ריינקייט און אומריינקייט זיינען נאָכ'ן חורבן בטל געוואָרען, א טייל זיינען אויף שטענדיג געבליבען אין קראפט.

## זייט 541, צייכען (15).

ד. ה. אויב דער ווינט האָט די זאנגען צולעגט אָדער דאָס פיה האָט זיי צוטראָטען, איז מען פטור פון פאה.

## זייט 544, צייכען (16).

די אלערליי ריניגונגס־וואַסערן האָבען ענטהאלטען אין זיך אַש פון פארשיידענע פאַרברענטע קיה.

### זייט 544, צייכען (17).

**אשם תלוי** — דאָס איז א קרבן, וואָס פלעגט געבראַכט ווערען פון ספק וועגען, אויף צו פאַרגעבען א זינד, וואָס מען האָט ניט ווילענדיג א פ ש ר בעגאַנגען. נאָך דער ערקלערונג פון די בעלי התלמוד, דאַרף דער קרבן געבראַכט ווערען נאָר אין געוויסע פאַלען, וואו מען האָט אויף זיך א בעשטימטען חשד. אויף יהודה בן בבא ווערט אבער דערציילט, אז ער פלעגט ברענגען דעם קרבן גלאט אין דער וועלט אַריין, טאָמער אפשר האָט ער עפּעס געזינדיגט. דאָ קאָן דאָך שוין קיין רייד גאָר ניט זיין וועגען אזא מין חשד אָדער אַן אנדערען, ווייבאלד ער האָט איבערהויפּט קיין בעשטימטען חשד אויף זיך ניט געהאַט.

### זייט 547, צייכען (18).

אין דער משנה פון סנהדרין כ״ז ווערען געבראַכט צוויי נוסחאות פון דערזעלביגער הלכה: אַן עלטערער נוסח (משנה ראשונה) און א שפּעטערדיגער נוסח. אָט דעם עלטערען נוסח ציטירט דער פערפאַסער.

### זייט 547, צייכען (19).

אין וואָס עס איז בעשטאַנען די אומעהרליכקייט פון די, וואָס פלעגען לאָזען פליהען טויבען (מפריחי יונים), דאָס ווערט אין דער גמרא ערקלערט אויף צווייערליי אופנים: נאָך איין ערקלערונג, איז דאָס געווען א מין געוועט: וועמעס טויב עס וועט די ערסטע דערפליהען צו א בעשטימטען ציל, יענער גע־ווינט. נאָך אַן אַנדער ערקלערונג, פלעגען זיי אַרויסלאָזען געלערנטע טויבען, וועלכע פלעגען פאַרנאַרען צו זיי אין די טויבענשלעג פרעמדע טויבען.

### זייט 547, צייכען (20).

וועגען די פּיה־פּיטערער איז אויך ניט גאַנץ קלאָר, צי דאָס געהט אויף אַלע פּיטערער בכלל און דער גרונד איז, ווייל זיי פלעגען זיך ערלויבען צו פּי־טערן אויף פרעמדע פעלדער, אָדער דאָס געהט נאָר אויף די, וועלכע האָבען, ניט קוקענדיג אויף דער גזירה, געהאָדעוועט קליין פיה אין ארץ ישראל.

### זייט 548, צייכען (21).

אין די אַנגעוויזענע ערטער רעדט זיך אייגענטליך נאָר וועגען אַ פרוי, וואָס קומט מאָהנען איהר כתובה. עס ווערט אבער אָנגענומען, אז דאָס געהט אי־בערהויפּט אויף יעטוועדער פאָדערונג, וואָס שטיצט זיך אויף אַ שריפטליכען דאָקומענט.

### זייט 549, צייכען (22).

ד. ה. ווען די ריכטער האָבען מיט זייערע אויגען געזעהען, ווי איינער האָט אָפּגעטאָן א פערברעכען, טאָרען זיי איהם אליין ניט משפּט׳ען, נאָר זיי דאַרפען איהם פאַרקלאָגען פאר אנדערע ריכטער. ר׳ עקיבא האָט דעם פּרינציפּ נאָך דערפיהרט אַזוי ווייט, אז דער, וואָס האָט נאָר ג ע ק א נ ט זיין אַן עדות אין דעם פּראָצעס, טאָר שוין דעם אָנגעקלאָגטען ניט משפּט׳ען, ד. ה. דער, וואָס האָט אליין דאָס פערברעכען געזעהען, טאָר דאָ ניט זיין קיין ריכטער, אפילו ווען עס זיינען דאָ אנדערע עדות, אָהן איהם.

### זייט 550, צייכן (23).

**ז. אנמערקונג** (4) צו קאַפּיטעל 15.

### זייט 550, צייכן (24).

**צ. ב.** ווען איינער האָט אַ צווייטען פאַרקויפט אַ פעלד און אַ דריטער האָט זיך גע'חתמ'עט אויף'ן קאָנטראַקט פאַר אַן עדות, קאָן אָט דערדאָזיגער דריטער ניט קומען דערנאָכדעם מיט טענות, אַז דאָס פעלד איז געווען זיינס: וויבאַלד ער האָט זיך גע'חתמ'עט פאַר אַן עדות, בעת אַן אַנדערער האָט דאָס פעלד פאַר־קויפט, האָט ער מיט דעם גופא אנערקענט, אַז ער איז דאָ אַ זייטיגער מענש און ער האָט ניט צו דעם פעלד קיין שום שייכות.

### זייט 550, צייכן (25).

ווען מען משפט צו, אַז איינער זאָל פאַר אַ היזק בעצאָהלען, פּונקט וויפיעל דער היזק טרעפט אָן, ווערט עס ניט בעטראַכט, ווי אַ שטראָף. דאָס איז אַלץ איינס, ווי אַ חוב. ווען מען משפט אָבער צו מעהר, וויפיעל דער היזק טרעפט אָן, דאַן איז דאָס איבעריגע אַ שטראָף־געלט. אַ גנב צ. ב. האָט געדאַרפט בעצאָהלען פון צוויי מאָל ביז פינף מאָל אַזוי פיעל, וויפיעל עס האָט אָנגעטראָפען די גע'גנב'עטע זאַך. האָט אָבער איינער אליין אויף זיך אויסגע־זאָגט, אַז ער האָט גע'גנב'עט, האָט ער נאָר געדאַרפט בעצאָהלען, וויפיעל די גניבה האָט אָנגעטראָפען.

### זייט 551, צייכן (26).

פאַלשע עדות ווערען ערקלערט אלס אזעלכע נאָר דאַן, ווען אנדערע עדות האָבען זיי אָפּגעלייקענט. אַז ניט, זיינען זיי גאָר ניט קיין פאַלשע עדות. וואָס זשע בעדייט עס „זיי האָבען אליין אויף זיך אויסגעזאָגט"? ערקלערט עס רש"י אויף אַזאַן אופן. זיי זיינען טאַקי אָפּגעלייקענט געוואָרען דורך אנדערע עדות און זיינען אויף דעם סמך ערקלערט געוואָרען פאַר פאַלשע עדות. נאָר איידער מען האָט נאָך צייט געהאַט צו בעשטראָפען זיי, זיינען זיי אנטלאָפען אין אַן אנדער שטאָדט, וואו קיינער האָט ניט געוואוסט פון דער גאַנצער מעשה. דאָר־טען האָבען זיי זיך אליין געמעלדעט צו בית דין און האָבען דערצעהלט, אַז זיי זיינען אין יענער און יענער שטאָדט פון בית דין ערקלערט געוואָרען פאַר פאַלשע עדות.

### זייט 551, צייכן (27).

שומרים ווערען דאָ אָנגערופען אַלע, וואָס זיינען מחויב צו היטען אַ פרעמ־דע זאַך. די פירערליי שומרים זיינען: דער, וואָס האָט זיך אומזיסט אָנגע־נומען צו היטען אַ פרעמדע זאַך (שומר חנם); דער, וואָס האָט זיך אָנגענומען צו היטען אַ זאַך פאַר געצאָהלט (שומר שכר); דער, וואָס האָט גענומען אַ פרעמדע זאַך אויף צו ניצען און צאָהלט דערפאַר ניצגעלט (שוכר); דער, וואָס האָט געליהען אַ זאַך אויף צו ניצען אומזיסט (שואל). ווען מיט דער זאַך האָט עפּעס פּאַסירט, איז דעם שומר'ס פעראַנטוואָרטונג אונטער פאַרשיידענע אומשטענדען ניט גלייך. צווייפעלט דער אייגענטימער פון דער זאַך, צי עס האָט טאַקי אין דער אמת'ן פּאַסירט אַזוי, ווי דער שומר דערצעהלט, דאַן קאָן ער איהם געבען אַ שבועה.

זייט 551, צייכען (28).

צ. ב. ווען שותפים טיילען זיך פאַנאַנדער, קאָן איינער דעם אַנדערען געבען אַ שבועה, אז ער האָט ניט פאַרנומען מעהר, וויפיעל עס האָט געקומט אויף זיין חלק, כאָטש אפילו דער, וואָס פאָדערט די שבועה, זאָגט גאָר אליין ניט בעשטימט, אַז דער אנדערער האָט יע וואָס פארנומען.

זייט 551, צייכען (29).

ז. פריהער, זייט 90.

זייט 552, צייכען (30).

ז. אנמערקונג (21) צו דעמזעלביגען קאַפּיטעל.

זייט 553, צייכען (31).

ז. פריהער, זייט 488.

זייט 553, צייכען (32).

אין דער גמרא (בבא בתרא קס"ח) ווערט אויף צווייערליי אופנים ער־קלערט, וואָס איז אַזוינס „שטר בירורין"? נאָך איין ערקלערונג איז דאָס א פּראָטאָקאָל, וואו עס זיינען פאַרשריבען די טענות פון ביידע צדדים. נאָך אַן אנדער ערקלערונג איז דאָס א שריפטליכע פאַרפליכטונג פון ביידע צדדים צו פאַרלאָזען זיך אויף די און די, אַז זיי זאָלען זיין די ריכטער.

זייט 553, צייכען (33).

אין דעם אייגענטליכען זין פון דעם וואָרט בעדייט די חזקה דאָס רעכט פון דעם ביזאהעריגען בעזיצער: אין א צווייפעלהאפטען פאַל ווערט א זאַך אי־בערגעלאָזען ביי דעם, אין וועמעס בעזיץ זי האָט זיך ביזאהער געפונען; דאָס ווערט אָנגערופען שטעלען אויף דער חזקה. אין דעם איבערגעלעגטען זין פון דעם וואָרט בעדייט די חזקה אָט וואָס: ווען מיר ווייסען ניט, צי דער קאָנקרעט־טער פאַל, מיט וועלכען מיר האָבען צו טאָן, איז א געוועהנליכער פאַל, וואָס טרעפט זיך דאָס רוב, אָדער אן אויסנאַהמספאל, וואָס טרעפט זיך נאָר זעלטען, נעהמען מיר אָן, אַז מסתמא איז דאָס א געוועהנליכער פאַל; דאָס הייסט אויך שטעלען אויף דער חזקה. דער פערפאסער בענוצט דאָ דאָס וואָרט „חזקה" אין ביידע בעדייטונגען.

זייט 555, צייכען (34).

די מאָטיווירונג געהט דאָ נאָר אויפ'ן צווייטען פאַל: צוויי גט'ען און איין כתובה. דעם פאל דארף מען זיך פאָרשטעלען אויף אַזאַ אופן. אַ גע'גט'עט פאָר האָט זיך ווידער געגומען, און זיי האָבען זיך ווידער גע'גט. די פרוי האָט די צוויי גט'ען. זי האָט אבער נאָר איין כתובה, פון דער ערסטער חתונה. פון דער צווייטער חתונה האָט זי קיין כתובה ניט. אין א געוועהנליכען פאַל איז דער גט אליין גענוג אויף אויפצומאָהנען די כתובה. דאָ אבער, וויבאלד עס האנדעלט זיך וועגען א צווייטער חתונה מיט דעמזעלביגען מאַן, איז שוין דער גט אליין ניט גענוג, ווייל עס ווערט אָנגענומען, אז מסתמא האָט איהר דער מאַן ביי דער צווייטער חתונה קיין נייע כתובה גאָר ניט געגעבען. וואָס בעלאַנגט צו דעם ערסטען פאַל: צוויי כתובות און איין גט, מיינט עס, אַז זיי האָבען

חתונה געהאט און גע'גט זיך נאר איין מאל, מעהר ניט דער מאן האט גלאט ארויסגעגעבען דער פרוי צוויי כתובות. דא איז שוין די מאטיווירונג אן אנדערע. ביי זיי איז געווען א כלל: ווען איימיצער האט אויף דערזעלבי־גער זאך ארויסגעגעבען צוויי דאק־מענטען, איינעם נאך דעם אנדערען, איז גילטיג נאר איינער פון זיי — דער לעצטער.

## זייט 555, צייכען (35).

צ. ב. ווען איימיצער קומט צו די יורשים פון א געשטארבענעם און דער־צעהלט זיי א מעשה: „איך בין אייער פאטער געווען שולדיג אזא און אזא סומע; א העלפט פון דעם חוב האב איך איהם בעצאהלט און א העלפט בין איך געבליבען שולדיג", קענען די יורשים (וואס זיי האבען גאר פון דער גאנצער מעשה ניט געוואוסט) ניט פארלאנגען פון יענעם א שבועה, אז ער האט טאקי די העלפט בעצאהלט (שבועות מ"ב); פונקט ווי מען קאן פון איינעם, וואס ברענגט אפ צוריק א געפונענעם בייטעל מיט געלט, ניט פארלאנגען א שבועה, אז ער האט אפגעבראכט אין גאנצען, וויפיעל עס איז געווען. די עהנליכקייט צווישען דיביידע פאלען איז דא טאקי א פאלשטענדיגע: סיי דער געפינער, סיי דער בעל חוב אין דעם פאל וואלטען געקאנט מאכען אין גאנצען א שוויג, און קיינער וואלט ביי זיי ניט געמאהנט. אמאל ווענדען זיי אבער אן דער פרינ־ציפ אויך אויף אזא פאל, וואו די עהנליכקייט איז ניט אזא פאלשטענדיגע. (שבועות, אנהויב פון פרק ו').

## זייט 555, צייכען (36).

דער מיין פון דעם „הפה שאסר הוא הפה שהתיר" איז אט וואס: דאס, וואס א מענש קאן ניט זיין קיין עדות פאר זיך אליין, איז גערעדט געווארען נאר דאן, ווען דער חשד, פון וועלכען ער וויל זיך ריין מאכען, קומט פון דער זייט. דא אבער, וואו דער גאנצער חשד נעהמט זיך נאר פון זיינע אייגענע רייד, קאן ער מיט זיינע אייגענע רייד אויך ארונטערנעהמען פון זיך דעם חשד. צ. ב. ווען מען ווייס, אז די און די פרוי איז געוועזען פארהייראט, און זי קומט און דער־צעהלט א מעשה, אז זי האט זיך גע'גט מיט איהר מאן, איז זי ניט בעגלויבט אויפ'ןווארט: זי מוז ווייזען דעם גט. ווען עס קומט אבער פון ערגעץ וואו א פרוי, וואס קיינער האט גאר ניט געוואוסט, אז זי איז געווען ווען פאר־הייראט, און זי דערצעהלט אליין, אז זי האט געהאט א מאן און זי האט זיך מיט איהם גע'גט, דאן איז זי בעגלויבט אויפ'ן ווארט (כתובות כ"ב). די לא־גיק איז דא: ווען זי וואלט געוואלט אפנארען, וואלט זי דאך דאס בעסער אין גאנצען פארשוויגען.

## זייט 556, צייכען (37).

„מאחר", „מיגו", „מתוך" — די אלע פארבינדונגס־ווערטער האבען אונ־געפעהר דיזעלביגע בעדייטונג — „וויבאלד". דער גאנג פון דער ארגומענטאציע איז אונגעפעהר אזא: וויבאלד יענער האט דאך געהאט א בעסערען וועג, ווי אזוי אויסצודרעהען זיך, טא לאמיר איהם גלויבען, ווען ער טענ'עט אזוי און אזוי.

זייט 556, צייכען (38).

ביי בעוועגליכע גיטער, וואָס געהען איבער געוועהנליך פון האַנט צו האַנט אָהן א שריפטליכען דאָקומענט, פאָדערט זיך ניט קיין לענגערע צייט, אויף צו האָבען אויף דעם א חזקה: יעדערער, וואָס האלט אַזאַ זאַך, איז בעגלויבט, אַז ער האָט עס געקראָגען אויף א געזעצליכען וועג, כל זמן עס איז ניטאָ קיין געגען־בעוויוז. אנדערש איז ביי אַזעלכע זאכען, ווי הייזער, פעלדער און קנעכט, וואָס זייער פאַרקויף ווערט געוועהנליך שריפטליך בעשטעטיגט. דאָ ווענדט זיך אָן דעם, ווי לאנג דער איצטיגער פראַקטישער בעזיצער האלט עס אין זיינע הענט. אויב נאָר א קורצע צייט, קאָן דער פריהערדיגער אייגענטימער פאָדערן פון איהם א בעוויוז, אז ער האָט עס פאַרנומען געזעצליך. אז ניט, קאָן ער דאָס ביי איהם אָפּנעהמען צוריק. ערשט נאָך א לענגערער צייט (דריי יאָהר) קריגט שוין דער פאַקטישער בעזיצער א חזקה און ער איז מעהר ניט מחויב צו בעווייזען זיין רעכט. אַ חזקה קאָן מען האָבען ניט נאָר אויף דעם פאָלשטענדיגען בעזיץ, נאָר אויך אויף א בעשטימטער בענוצונג. צ. ב. ווען איינער האָט אויסגעהאקט אין זיין הויז א פענסטער צו זיין שכנ'ס הויף און יענער האָט אין א משך פון יאָהרען געשוויגען, קריגט ער (אונטער געוויסע בעדינגונגען) אויף דעם א חזקה, אזוי אז דערנאָכדעם קאָן שוין דער שכן ניט הייסען איהם פאַרשלאָגען זיין פענסטער. ניט אויף יעדער בענוצונג קאָן מען אבער האָבען א חזקה.

זייט 556, צייכען (39).

דער, וואָס האָט אויף א זאך א חזקה, איז ניט מחויב צו בעווייזען זיין רעכט, ער איז אבער מחויב זיין רעכט צו ערקלערען. צ. ב. ווען איינער האָט אָפּגעהאלטען א הויז דריי יאָהר צייט, און דערנאָכדעם ערשט קומט צו איהם דער פריהערדיגער אייגענטימער מיט טענות, ווענדט זיך אָן דעם, וואָס דער פאַקטישער בעזיצער ענטפערט אויף יענעמס טענות. זאָגט ער צו איהם: „דו האָסט מיר דאָס הויז פאַרקויפט" אָדער „דו האָסט מיר דאָס הויז געשענקט", איז ער אָהן א דאָקומענט בעגלויבט, ווייבאלד ער האָט א חזקה. ווען ער ענטפערט איהם אבער צ. ב. אַזוי: „איך ווייס ניט פון קיינע גליקען, איך האַלט שוין דאָס הויז איבער דריי יאָהר, און קיינער האָט מיר די גאנצע צייט א וואָרט ניט געזאָגט", איז ווייבאלד ער ווייס אליין ניט, מיט וואָס פאר א רעכט ער האָט לכתחלה דאָס הויז פארנומען, איז זיין חזקה גאָרנישט.

זייט 557, צייכען (40).

צ. ב. ווען מען ווייס, אז איינער האָט לכתחלה א פעלד איבערגענומען פון אַן אַנדערען אין ארענדע, איז כאָטש אפילו עס איז אריבער וויפיעל יאָהרען און קיינער האָט ביי איהם קיין ארענדע ניט געמאָהנט, קאָן זיך דער געוועזענער ארענדאטאָר ניט בערופען אויף דער חזקה, ווען ער זאָגט, אַז דאָס איז געוואָרען זיין אייגענטום: ער מוז דאָס בעווייזען.

## קאַפּיטעל 22.

זייט 563, צייכען (1).

פילאָן דער איד — דאָס איז דער ליטעראַרישער נאָמען פון דעם

בעוואוסטען אלעקסאנדרי'ער אידישען פילאָזאָף פילאָן, וואָס האָט געשריבען זיינע ווערק אויף גריכיש.

זייט 564, צייכען (2).

צ.ב. ר' עקיבא'ס דרש אויף בר־כוכבא'ן (ז. פריהער, זייט 96).

זייט 571, צייכען (3).

צ. ב. דער בעגריף פון דער אונבעגרענעצטער געטליכער פערנונפט ווערט ביי איהם אויסגעדריקט מיט די ווערטער „אייביגע ליכטיגקייט".

זייט 573, צייכען (4).

די נבואות אין דעם ספר עזרא ד' ווערען פאָרגעשטעלט אויף אַזאַן אופן. עזרא זעהט אין חלום פאַרשיידענע ערשיינונגען. ער ווייס, אַז דאָס זיינען נבואות, נאָר זייער בעדייטונג איז איהם אליין נאָך ניט קלאָר. ער דערצעהלט זיינע חלומות דעם מלאך, און יענער ערקלערט איהם ערסט די בעדייטונג. אין קאַפּיטעל 11 (די 5־טע נבואה) ווערט דערצעהלט, אַז ער האָט געזעהען אין חלום אַן אָדלער מיט 3 קעפּ און מיט 12 פליגלען, וועלכע ווערען אָפּגעהאַקט איינער נאָך דעם אנדערען. דעם לעצטען קלאַפּ דערלאנגט דעם אָדלער א לייב. דער מלאך ערקלערט איהם א י ן א ל ג ע מ י י נ ע ש ט ר י כ ע ן דעם מיין: דער אָדלער — דאָס איז א גרויסע אימפּעריע, וואָס בעהערשט די וועלט, די 12 פליגלען — דאָס זיינען 12 מלכים, און אז. וו. עס איז קלאָר, אַז דאָס געהט אויף דער רוימישער אימפּעריע (כאָטש אפילו זי ווערט אין דער ערקלערונג ניט אָנגערופען מיט'ן נאָמען בפירוש). אָבער, ווער זיינען דאָס די 12 מלכים און וואָס ווערט געמיינט מיט נאָך איניגע דעטאַלען פון דער נבואה, — דאָס בלייבט ניט אויפגעקלערט.

זייט 573, צייכען (5).

דאָס איז דער חנוך (מתושלח'ס פאָטער, דער זיבעטער דור פון אדם הראשון), וועגען וועמען עס ווערט דערצעהלט אין חומש (בראשית, קאפּ. ה'), אַז ער איז „אומגעגאנגען מיט גאָט, און ער איז ניט געוואָרען, ווייל גאָט האָט איהם צוגענומען". די לעגענדע האָט עס אויסגעטייטשט אין דעם זין, אַז ער איז לעבעדיגערהייט ארויפגענומען געוואָרען אויפ'ן הימעל, פּונקט ווי שפּעטער אליהו הנביא. אָט אין זיין נאָמען ווערט אין דעם ספר חנוך אַלצדינג דער־צעהלט.

זייט 573, צייכען (6).

דאָס זיינען די „נפילים", וואָס ווערען דערמאָהנט אין חומש (בראשית, קאפּ. ו').

זייט 574, צייכען (7).

אין דעם ספר חנוך פיגורירען די אלע פּאַסירונגען ניט ווי זאַכען פון דער פאַרגאַנגענהייט, נאָר ווי נבואות אויף דער צוקונפט, ווייל דאָרטען ווערט עס פאָרגעשטעלט אזוי, אַז חנוך דערצעהלט זיין זוהן מתושלח'ן דאָס, וואָס עס האָט פּאַסירט פאר זיין צייט, און דאָס, וואָס דער מלאך האָט איהם געוויזען בנבואה אויף ווייטער. אָנהויבענדיג פון דער צייט, ווען ער, חנוך, איז אלס דער

זיבעטער אין דער ערסטער וואָך געבאָרען געוואָרען, דערצעהלט ער כסדר, וואָס עס ווערט אין די אלע קומענדיגע וואָכען פּאַסירען. אין זיין פאַרויס־זאגונג אויף דער זיבעטער וואָך זיינען דאָ איניגע ווערטער, וואָס, מען נעהמט אָן, אַז דאָס געהט אויף דעם שרייבער פון דעם ספר חנוך.

זייט 576, צייכען (8).

עס ווערט אָנגערופען „בראשית זוטא“, ווייל אין איהם ווערט איבערגע־געבען אין א געוויסער בעלייכטונג דער אינהאַלט פון דעם ספר בראשית. דער נאָמען „ספר היובלים“ נעהמט זיך דערפון, ווייל זיין כראָנאָלאָגיע איז געבויט אויף די יובל־פעריאָדען. אנשטאט אויסצודריקען א גרעסערע צאָהל יאָהרען אין הונדערטער, צעהנדליגער און איינציגע, דריקט ער זי אויס אין 49־יאָהריגע פעריאָדען (יובלים), 7־יאָהריגע פעריאָדען (יאהרוואכען) און איינציגע. צ. ב. ער זאָגט אין קאפּ. 5, פערז 22, אַז נח האָט פאַרטיג געמאַכט דעם קאַסטען אין דעם פינפטען יאָהר פון דער פינפטער יאהרוואך פון דעם 26־טען יובל (ד. ה. אין דעם יאָהר 1258, זינט די וועלט איז בעשאַפען געוואָרען).

זייט 578, צייכען (9).

וואָס ער מיינט מיט דעם „פארדארבען די שבתים“, דאָס איז ניט גאַנץ קלאָר. ער האָט ניט געקאָנט מיינען, אַז זיי האַלטען שבת ניט אין דעם ריכ־טיגען טאָג, ווייל דורך זייער חשבון נאָכ׳ן מולד מיט׳ן עיבור קומט דאָך ניט צו קיין איבעריגער טאָג אין וואָך, און די וואָכען זיינען אלע מאָל גלייך. אפשר האָט ער געמיינט, וואָס זיי זיינען צוליעב דעם מולד אָפטמאָל מחלל שבת (ז. אנמערקונג 1 צו קאפּ. 20). אָדער אפשר האָט ער געמיינט דאָס, וואָס נאָך זייער חשבון פאַלט יום כפור אויס אָפטמאָל שבת? נאָך זיין חשבון, דאַרף מען שטענדיג רעכענען אין יאָהר 364 טעג. דאָס איז פונקט 52 וואָכען. אויף אזאַ אופן וואָלט יעדער יום טוב אלע יאָהר אויסגעפאַלען אין דעמזעלביגען טאָג אין וואָך.

זייט 580, צייכען (10).

דער פּערפּאַסער נעהמט אָן, אַז אונטער „מינים“ ווערען אין תלמוד גע־מיינט שטענדיג די קריסטען. אין דער רבנ׳ישער ליטעראַטור ווערט אונטער דעם וואָרט „מין“ געוועהנליך פאַרשטאַנען סתם אזוינער, וואָס איז אין דעם אָדער יענעם פּרט אָפּגעפאַלען פון דעם אידישען גלויבען.

זייט 581, צייכען (11).

דאָ האַנדעלט זיך צוערסט וועגען דעם, וועלכע טיילען פון די הייליגע שריפטען מען מעג און מען דאַרף ראַטעווען פון א פייער אום שבת. אין שבת קט"ז ברענגט די גמרא א מאמר, אז די „גליונים“ און „ספרי מינים“ (אין אונזערע גמרות שטעהט „ספרי צדוקים“. דאָס איז אָבער נאָר איבערגעמאַכט געוואָרען צוליעב דעם צענזאר. אין דער אמת׳ען דאַרף דאָ זיין „ספרי מינים“) דאַרף מען ניט ראַטעווען פון א פייער. פרעגט זיך, וואָס איז אזוינס „גליונים“? עס איז דאָ א מיינונג — און אונזער פערפאסער האַלט אויך פון דער מיינונג, וואהרשיינליך — אז „גליונים“ ווערען דאָ אָנגערופען די עוואנגעליעס (ז. די ערקלערונג אויפ׳ן וואָרט „גליון“ אין „ערוך השלם“). אויב אזוי, איז נאָר

אונפארשטענדליך, צוליעב וואָס אייגענטליך זיי האָבען דאָס געפונען פאר נוי־טיג צו זאָגען? ווען וואָלט עס גאָר געקאָנט איינפאלען, מען זאָל מעגען מחלל שבת זיין, כדי צו ראַטעווען טריפ׳ע ביכער פון פייער? און די גמרא טייטשט טאַקי דאָס וואָרט „גליונים" גאנץ אנדערש: „גליונים" — דאָס זיינען גלאַטע שטיקלאך פּאַרמעט פון א ספר תורה (צי פון די ברעגען אדער אפילו פון מיטען, נאָר וואו עס איז אָפּגעקראָכען די שריפט). אַי, וואָס פאר א שייכות איז דאָ צווישען גלאַטע שטיקלאַך פּאַרמעט און „ספרי מינים"? טייטשט עס די גמרא אזוי: פּונקט ווי מען טאָר ניט מחלל שבת זיין צוליעב גלאַטע שטיקלאך פּארמעט, אָט אזוי טאָר מען אויך צוליעב די „ספרי מינים" ניט מחלל שבת זיין. דערנאָך ווערט אין דער גמרא געשטעלט די פראַגע, וואָס מען דאַרף טאָן מיט די „ספרי מינים", ווען עס מאַכט זיך אין מיטען וואָך? ר׳ יוסי זאָגט, אַז מען דאַרף אויסשניידען די היילִיגע נעמען און דאָס איבעריגע פאַרברענען. ר׳ טרפן זאָגט, אַז מען דאַרף זיי פאַרברענען מיט די היילִיגע נעמען צוזאַמען, ווייל זיי מאַכען אָן א בייז לעבען צווישען די אידען און גאָט. דאָ איז אויך ניט גאַנץ קלאָר נאָך, וואָס ווערט געמיינט אונטער „ספרי מינים"? נאָך ר״שי׳ס ערקלערונג, מיינט עס גאָר ניט די שריפטען, וועלכע די „מינים" האָבען אליין פערפאַסט (אַז מען טאָר צוליעב זיי ניט מחלל שבת זיין, וועגען דעם באַטירליך איז פאַרשפּאָרט גאָר צו ריידען). נאָך זיין ערקלערונג, מיינט עס קאָפּיעס פון תנ״ך, מיט וועלכע די „מינים" האָבען זיך בענוצט. ר׳ טרפנ׳ס שלום־וואָרט, אז זיי מאַכען אָן א בייז לעבען צווישען די אידען און גאָט, פּאַסט זיך אָבער בעסער אויף זייערע אייגענע שריפטען, איידער אויף קאָפּיעס פון תנ״ך, וואָס האָבען זיך געפונען אין זייערע הענט.

## זייט 581, צייכען (12).

וויל זיי ווערען ניט גערעכענט פאַר היילִיגע ספרים, און די גזירה איז דוקא געווען נאָר אויף היילִיגע.

## זייט 589, צייכען (13).

דער נאָמען „שרה" שטאַמט, נאָך זיין מיינונג, פון דעמזעלביגען וואָרצעל, ווי „שר" (אַ האַר, אַ הערשער). „שרה" בעדייט אַלזאָ א הערשערין, און אזוי ווי די גערעכטיגקייט איז די וויכטיגסטע, אָדער די הערשערין, צווישען אלע גוטע מדות, הייסט עס, אַז דער נאָמען „שרה" איז דער סימבאָל פון גערעכ־טיגקייט. מיט אַן עהנליכען, נאָך מעהר פאַרשפּיצטען פּלפּול ווייזט ער אויף, אַז דער נאָמען אברהם איז דער סימבאָל פון טיפען פאַרשטאַנד.

## זייט 590, צייכען (14).

וועגען דער ווערטליכער בעדייטונג פון די אויסדרוקען „דורשי חמורות" און „כמין חומר" זיינען די מיינונגען פון די מפרשים פאַרשיידען. נאָכ׳ן „ערוך", איז דאָ א „ה" פארביטען געוואָרען אויף א „ח", און עס דאַרף זיין „דורשי המורות" און „במין הומר" (דאָרטען ווערט אָנגעוויזען אויף אייניגע עלטערע אויפלאַגען פון ש״ס, וואו עס שטעהט טאַקי אזוי מיט א „ה"); אויב אַזוי, שטאַמט עס פון א פּרס׳יש וואָרט, וואָס בעדייט אונגעפעהר „אַנאַלאָגיע", זיי האָבען דידאָזיגע דרשנים און דרש׳ען אָנגערופען אזוי, ווייל די ערקלערונג

איז ביי זיי דאָס רוב געבויט אויף א געוויסער אנאלאָגיע. צ. ב. אין סוטה ט"ו ווערט ערקלערט „כמין חומר", פאר וואָס עפּעס דאָס שפּייז־אָפּפער פון א סוטה דאַרף געמאַכט ווערן פון גערסטען־מעהל: ווייל זי האָט זיך אויפגע־פיהרט מעשה בהמה, טאָ זאָל זי ברענגען פאר א קרבן די שפּייז פון א בהמה.

## קאפּיטעל 23.

### זייט 594, צייכען (1).

פון אן איבעריגען אָדער א כלומרשט איבעריגען וואָרט אין דער תורה לערנען זיי דאָס רוב אָפּ פארשיידענע זאַכען. אן אנדערס מאָל אָבער, ווען דער דרש, וואָס איז געבויט אויף אן איבעריגען וואָרט, געפעלט זיי ניט, פּטר'ן זיי איהם אָפּ מיט דער ערקלערונג „דברה תורה בלשון בני אדם", ד. ה. מיט דעם איבעריגען וואָרט האָט דאָ די תורה גאָרנישט געמיינט: זי בענוצט עס, ווייל די מענשען זיינען אזוי געוועהנט אויסצודריקען זיך. אזוי, צ. ב. ווערען ערקלערט די מיינונגען פון ר' אליעזר בן עזריה און פון ר' שמעון אין בבא מציעא ל"א.

### זייט 597, צייכען (2).

דער נאָמען „מעשה מרכבה" (רייטוואָגען־ווערק) נעהמט זיך דערפון, ווייל די לעבעדיגע בעשעפעניסען (חיות הקדש), איבער וועלכע, נאָך יחזקאל'ס בעשרייבונג, עס געפינט זיך גאָטס טראָן, האָבען אונטער זיך רעדער, אזוי אַז דאָס גאַנצע סיסטעם שטעלט מיט זיך פאָר אין געוויסער הינזיכט א רייטוואָגען.

### זייט 601, צייכען (3).

ווייל די בעשרייבונג פון דעם אין דער תורה הויבט זיך אָן פון „בראשית".

### זייט 606, צייכען (4).

אָט דעם געדאַנק ענטוויקעלט פילאן אין זיין ווערק וועגען דעם דור הפלגה („וועגען דער שפּראַכען־צומישענגים"). אזוי ווי נאָך זיין מהות נאָך, איז גאָט נאָר דער קוואַל פון גוטס, קאָן ער אונמיטעלבאַר נאָר ברענגען גוטס אויף דער וועלט. געפינט אמאָל גאָט פאר נויטיג צו ברענגען שלעכטס אויף דער וועלט, כדי צו בעשטראָפען די זינדיגע און ברענגען די מענשען צום פאַרשטאַנד, קאָן ער אזוינס ניט דורכפיהרען אונמיטעלבאַר, ווייל דאָס וואָלט געווען געגען דער געטליכער מהות. דעריבער שאַפט ער אן אנדער ווירקענדע קראַפט אדער א מלאך אויף דורכצופיהרען אזא ווירקונג.

### זייט 606, צייכען (5).

„מלאך הפנים" — דאָס מיינט א מלאך, וואָס ערשיינט אָפט פאַר גאָטס גע־זיכט, וואָס שטעהט אין זעהר נאָהענטע בעציהונגען צו גאָט.

### זייט 617, צייכען (6).

אין דער גמרא שטעהט: „המלאך הממונה על ה ר ו ח ו ת שמו דומה" (דער מלאך, וואָס איז דער אויפזעהער איבער די „רוחות" — זיין נאָמען איז דומה). „רוחות" האָט צוויי בעדייטונגען: „ווינטען" און „גייסטער". דער

פערפאַסער נעהמט אָן, אַז דאָ ווערען געמיינט „ווינטען“; דעריבער רעכענט ער דעם מלאך דומה צווישען די מלאכים, וואָס זיינען די אויפזעהער איבער געוויסע ערשיינונגען פון דער נאַטור. נאָך ר"שי'ס ערקלערונג, מיינט מען דאָ „גייס־טער“, און דאָס זיינען די נשמות פון די געשטאָרבענע, וועלכע געהען איבער אין דעם רשות פון דעם מלאך דומה.

### זייט 618, צייכען (7).

זיבעציג איז ביי זיי די אָנגענומענע צאָהל: זיי האָבען גערעכענט, אַז אויף דער וועלט איז פאַראַן פונקט זיבעציג פעלקער מיט זיבעציג שפראַכען.

### זייט 619, צייכען (8).

אַט דעריבער ווערען די שפרעכערייען אָנגערופען לחשים: „לחש“, ווי א צייטוואָרט, בעדייט ריידען שטילערהייט.

### זייט 621, צייכען (9).

אלס א מוסטער פון „ניחוש“ ווערט אָנגעוויזען די מעשה מיט אליעזר'ן, אברהמ'ס קנעכט. אַז אברהם האָט איהם געשיקט אויסזוכען א כלה פאר יצחק'ן, האָט ער ביי זיך אפריהער בעשלאָסען, אַז אָט די מיידעל, וואָס וועט איהם אָנ־באָטען וואַסער ניט נאָר פאר איהם אליין, נאָר אויך אויף אָנצוטרינקען זיינע קאמעלען, יענע איז יצחק'ס בעשערטע.

### זייט 623, צייכען (10).

דער גלויבען איין דעם, אַז באַלד נאָכ'ן טויט ווערט די נשמה גע'משפט, איז, ווי עס ווייזט אויס, ניט פון שטענדיג אָן ביי אַלעמען געווען אָנגענומען. ווי די זאַך ווערט געשילדערט אין דעם ספר עזרא ד' (קאפ. 7), ווערען די נשמות באַלד נאָכ'ן טויט גאָר ניט געשטעלט צום געריכט. זיי ווערען נאָר אויפ־געננומען אלע און געהאַלטען, וואַרטענדיג אויפ'ן לעצטען יום דין. מעהר ניט, די פרומע נשמות ווערען די גאַנצע צייט געהאַלטען בכבוד, און זיי קוויקען זיך שוין מיט דעם בעוואוסטזיין פון דער פארשטעהענדער גליקזעליגקייט, דאן ווען די זינדיגע נשמות וואלגערן זיך ערגעץ אין אל די שווארץ יאָהרען, און זיי ווערען געפלאָגט פון פארצווייפלונג, וויסענדיג, וואָס פאר א סוף זיי שטעהט פאָר.

### זייט 625, צייכען (11).

ז. בעמערקונג אונטער צייכען (4) צו קאפיטעל 9.

### זייט 632, צייכען (12).

רבלה — דאָס איז דער אָרט, וואו דער קיניג פון בבל האָט זיך אויפגע־האַלטען, בעת ער האָט פאַרטריבען די אידען אין גלות (מלכים ב', קאפ. כ"ה. ירמיה, קאפ. ל"ט). אין א מדרש איז פאַראַן, אַז רבלה — דאָס איז די שטאָדט אַנטיאָכיא (ילקוט שמעוני: מלכים ב', רמז רנ"א). אין דעם אָנגעוויזענעם אָרט אין ירושלמי איז דאָ א לעגענדע, אַז די פארטריבענע צעהן שבטים פון ישראל האָבען זיך צוטיילט אין דריי בעזונדערע פאַרטיעס: איינע איז אוועק אויף יענער זייט סמבטיון, אויף איינער האָט זיך אראָפּגעלאָזען א וואָלקען און

האָט זי פאַרדעקט, און נאָך איינע איז אריין אין די ווענט פון דער שטאָדט אנטיאָכיאָ. אָט דאָס זיינען מסתמא די איינגעזונקענע אין רבלה, וועגען וועלכע דאָ רעדט זיך.

זייט 632, צייכען (13).

ד. ה. דאָס איז ניט געווען דער פּערזענליכער נאָמען פון דעם בעטרעפענדען העלד, ווי געוועהנליך ווערט אָנגענומען.

זייט 636, צייכען (14).

אונטער דעם משיח־פּעריאָד (ימות המשיח) דאַרף מען פארשטעהן די צייט, זינט משיח וועט קומען ביז די איצטיגע וועלט וועט זיך ענדיגען און גאָט וועט בעשאַפען א נייע וועלט. פאר דער לענג פון דעם משיח־פּעריאָד ווערען אנ־גענעבען פארשיידענע צאהלען, פון 40 יאָהר ביז 7000 יאָהר. צי תחיית המתים דאַרף זיין באלד, ווי משיח וועט קומען, אָדער ערסט צום סוף פון דעם משיח־פּעריאָד, וועגען דעם, ווייזט אויס, איז ביי זיי אויך ניט געווען קיין אלגעמיין אנגענומענע מיינונג.

## קאפּיטעל 24.

זייט 646, צייכען (1).

אַזוי איז דער טייטש פון דעם מאמר „הקורא לחברו רשע יורד עמו לחייו“, אויב מען זאָל אָננעהמען, אז דער „יורד עמו לחייו“ געהט אויף דעם בעליי־דיגער. ר“שי, פאַרקעהרט, נעהמט אָן, אַז דער „יורד עמו לחייו“ געהט אויף דעם בעליידיגטען, און דאָס מיינט, אז יענער מעג דערפאַר דעם בעליידיגער דערגעהן די יאָהרען, ד. ה. ער מעג זיך מיט איהם אָפּרעכענען, ווי ווייט ער קאָן.

זייט 649, צייכען (2).

דער מיין דערפון איז: ווער עס שטרענגט זיך אָן כאָטש פיעל וועניג צו לער־נען תורה אדער טאָן מצוות, יענעם העלפט מען פון הימעל צו דערגרייכען א פולע. אין עוואנגעליום ווערט עס אויסגעדריקט אביסעל אנדערם: ווער עס האָט, יענעם ווערט צוגעגעבען נאָך מעהר; ווער עס האָט ניט, ביי יענעם ווערט אָפּגענומען אויך דאָס, וואָס ער האָט.

זייט 651, צייכען (3).

ז. פריהער זייט 46.

זייט 655, צייכען (4).

אין דעם אָנגעוויזענעם אָרט, ווי אויך אין פיעלע אנ־דערע ערטער אין אונזערע גמרות, שטעהט „צדוקים“ אנשטאט „מינים“. נאָר מען ווייס, אַז דאָס האָט דער צענזאָר אזוי איבערגעמאכט, און מען דאַרף דאָס לייענען „מינים“.

אין דער ברכה „מכניע זדים“ אין שמונה עשרה ווערט געבעטען, אַז גאָט זאָל זיך אָפּרעכענען מיט די רשעים און די שלעכטסקייט זאָל אויסגעוואָרצעלט ווערען. אין אונזערע איצטיגע סידורים הויבט זיך אָן די ברכה מיט די ווער־

טער „ו ל מ ל ש י נ י ם  אל תהי תקוה“ (און די  פ אַ ל ש ע  ב ע ש ו ל־ד י ג ע ר  זאָלען ניט האָבען קיין האָפענונג). אין דעם פאַרציטיטיגען נוסח האָט זיך די ברכה אָנגעהויבען מיט דעם וואָרט „ולמינים“ אנשטאט „ולמלשינים“.

## זייט 656, צייכען (5).

אנטקעגען היילען זיך ביי א געצענדינער (אין דעם פאַל, ווען עס איז ניטאָ קיין אידישער רופא) איז ביי זיי אָנגענומען געווען אזא כלל: אויב עס איז א ספק, צי דער קראַנקער וועט אָהן א רפואה בלייבען לעבען אָדער ער וועט שטאַרבען, דאַן טאָר מען זיך ביי א געצענדינער ניט היילען; ווען מען ווייס אָבער, אַז אָהן א רפואה וועט דער קראַנקער געוויס שטאַרבען, דאַן זאָל ער זיך ביי איהם יע היילען. דער גרונד איז ביי זיי געווען דאָ דער אומצוטרוי צום געצענדינער: ביי זיי איז רעכט געווען צו גלויבען, אַז אנשטאַט צו היילען דעם אידישען קראנקען, וועט ער איהם גאָר בכיוון פאַר׳סמ׳ען. דעריבער איז ביי זיי אויסגעקומען, אַז ווענדען זיך צו א געצענדינער אין דעם ערסטען פאַל הייסט ספעקולירען מיט א מענשענס לעבען; אפשר וועט ער איהם העלפען און אפשר וועט ער איהם בכיוון אומברענגען. אין דעם צווייטען פאַל אָבער, וואו עס איז אייגענטליך ניטאָ שוין וואָס אָנצואווערען, און עס קומט אוים צו רי־זיקירען נאָר מיט דער גאנץ קורצער צייט (חיי שעה, ווי זיי רופען דאָס אָן), וואָס דעם קראנקען איז נאָך געבליבען צו לעבען, דאַרף מען דאָס פרואווען: אפשר וועט ער איהם דאָך העלפען. אנטקעגען היילען זיך ביי א „מין“ האָבען זיי צווישען דעם ערסטען און צווייטען פאַל ניט געמאַכט קיין שום אונטערשייד, ווייל דאָ איז ביי זיי דער מאָטיוו געווען א גאַנץ אנדערער: זיי האָבען מורא געהאט, אז היילענדיג אַ אידען וועט דער קריסט אויף איהם דורך דעם קריגען אַן איינפלוס און וועט איהם צוציהען צום קריסטענטום, און מיט דערמיט רי־זיקירען טאָר מען ניט, אפילו ווען עס געהט אום לעבען.

## זייט 657, צייכען (6).

קיין קריסטליכע טענדענץ האָבען זיי אין דעם נוסח „יברכוך טובים“ ניט געקאָנט זעהען. דאָ שפּיגעלט זיך אָפּ גיכער דער פרס׳ישער גלויבען אין צוויי געטער: דער גאָט פון גוטס, ו ו ע מ ע ן  ד י  ג ו ט ע  פ א ר ע ה ר ע ן, און דער גאָט פון שלעכטס, וועמען עס דאַרפען פארעהרען די שלעכטע.

## זייט 658, צייכען (7).

נאָך דער אידישער דאגמאטיק, פיהרט גאָט די וועלט ניט מיט רחמנות אליין: ער פאראייניגט רחמנות (מדת הרחמים) מיט גערעכטיגקייט (מדת הדין).

## זייט 660, צייכען (8).

אין א ווערטליכער איבערזעצונג וואָלט עס געהייסען „די, וואָס פארברע־נען עפענטליך זייער געקעכץ“. דער אויסדרוק ווערט ניט זעלטען בענוצט אין תלמוד אין דעם זין פון קאָמפּראָמעטירען זיך, אָפּטאָן א מיאוס׳ע זאַך.

## זייט 662, צייכען (9).

אין חומש (בראשית, קאפּ. ט׳) שטעהט, אז גאָט האָט נח׳ן און זייני

קינדער פאַרזאָגט צוויי זאַכען: ניט עסען קיין בלוט און ניט פאַרגיסען קיין מענשליכס בלוט. אין תלמוד (סנהדרין נ"ו) לערנען זיי אָפּ מיט פאַרשיידענע דרש'ען, אַז עס איז פאַראַן זיבען מצוות, וועלכע די גויים זיינען אויך מחויב אָפּצוהיטען און אַז זיי היטען זיי ניט אָפּ, קומט זיי דערפאַר א שטראָף. אָט דאָס זיינען די זיבען מצוות: ניט דינען קיין אָפּגעטער, ניט לעסטערן גאָטס נאָמען, ניט פאַרגיסען קיין מענשליכס בלוט, ניט גזל'ענען, ניט עסען קיין פלייש, וואָס איז אויסגעשניטען געוואָרען פון א בהמה לעבעדיגערהייט, איינ־אָרדענען ביי זיך געריכטהייזער און אָפּהיטען די ריינקייט פון די געשלעכט־ליכע בעציהונגען.

## זייט 662, צייכען (10).

א גר תושב רעכענט זיך ניט פאַר א איד, נאָר פונדעסטוועגען דאַרף מען זיך צו איהם אין געוויסע פּרטים בעציהען אנדערס, ווי צו א גוי. וואָס איז אַזוינס א גר תושב, וועגען דעם זיינען אין דער גמרא פאַראַן פאַרשיידענע מיינונגען. נאָך איין מיינונג, ווערט א גוי א גר תושב, ווען ער ערקלערט פאַר דריי עדות, אַז ער נעהמט אויף זיך, ער זאָל ניט דינען קיין אָפּגעטער. נאָך אן אנדער מיינונג, ווערט אָנגערופען גר תושב א גוי, וואָס היט אָפּ די זיבען מצוות (ז. די פאָריגע אנמערקונג). א דריטע מיינונג איז: א גר תושב ווערט אָנגערופען א גוי, וואָס האָט זיך אונטערגענומען אָפּצוהיטען אַלע מצוות פון דער תורה, מיט איינצעלנע אויסנאַהמען.

# קאַפּיטעל 25.

## זייט 666, צייכען (1).

אין סנהדרין מ"א איז דער נוסח „גלתה סנהדרין וישבה בחנות" אין שבת ט"ו שטעהט „חנויות" אנשטאָט „חנות". עס איז ניט גאַנץ זיכער, אַז „חנות" מיינט דאָ א ביידעל אָדער א באַראַק, וואָס דאָס איז די געוועהנליכע בעדייטונג פון דעם וואָרט. מעגליך, עס איז געווען אַזא טייל שטאָדט אין ירושלים, וואָס האָט געהייסען „חנות" אדער „חנויות" (ז. די ערקלערונג אויף דעם וואָרט „חנות" אין „ערוך השלם", אויך פּירוש ר"שי אין סנהדרין מ"א).

## זייט 669, צייכען (2).

עס ווערט דאָרטען דערצעהלט, אַז ר' יוחנן בן זכאי פלעגט קיינמאָל די תפילין ניט אויסטאָן.

# אינהאַלט־פערצייכנים

פון דער ערסטער סעריע.

זייט



## קאפּיטעל 4: דער משיח-געדאַנק און זיין ענטוויקלונג ביז צו דער לעצטער צייט פון גלות בבל — — — 92—109



## קאפּיטעל 5: דער גלות-פּעריאָד פון אָנפאַנג ביז צו זייער אומקעהרען זיך פון גלות — — — — — — — — 110—127

זייט

זייט

זייט